ד״ר ישראל צינבערג

# די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן

פערטער באַנד

ווילנע — 1933
פאַרלאַג „טאָמאָר"

מיין געטרייען פריינד און חבר —
מיין פרוי — אַ מתנה
פון מחבר

# ערשטער קאַפּיטל

די רענעסאַנס־תּקופה און דער יידישער קיבוץ. — דאָס איטאַליענישע יידנטום און זיין איינגאַרטיקער שטייגער. — די מיסטישע שטרעמונגען; מנחם ריקאַנאַטי און זיין וועלט־באַנעם. — די השפּעה פון הומאַניזם אויף דעם יידישן קיבוץ אין איטאַליע. משה ריעטי און זיין פּאָעמע „מקדש מעט". זיין נטיה צו קבלה. — די פילאָזאָפיע פון דער רענעסאַנס־תּקופה אונטער דער השפּעה פון אַפּלטונס וועלט־אַנשויונג. — יהודה אַבּרבּנאל און זיין טראַגיש לעבן. אַבּרבּנאלס פּאָעמע „Dialoghi di amore". — די ליבע אַלס יסוד פון דער וועלט; די „האַרמאָניע פון אַלע ספערן". — צוויי אַרטן ליבע; די שלימות פון באַשעפער און די שלימות פון זיין שאַפונג. דער „קרייזלויף פון ליבע". — שיינקייט אַלס מוטער פון ליבע. — די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט אַלס פאַרבינדונגס־רינג צווישן דער וועלט און איר באַשעפער.

ווי איינגאַרטיק וווּנדערבאַר איז דער גורל פון דעם פאָלק — דעם נע־ונדניק! אין דעם איינענעם יאָר, ווען מוטיקע שיפלייט, פאַרזאָרגט מיט די קונציקסטע כּלי־מכשירים, וואָס דער אַראַביש־יידישער ערפינדונגס־גייסט האָט געשאַפן, האָבן זיך געלאָזט אין די אומבאַקאַנטע וייטן אַ נייע וועלט צו אַנטדעקן, — איז חרוב געוואָרן דער חשובסטער און באַדייטנדיקסטער צענטער פאַר יידישער קולטור — דער יידישער קיבוץ אין שפּאַניע. פאַר מערב־אייראָפּע — דאָס באַגינען פון אַ נייער ליכטיקער תּקופה, פאַרן יידישן קיבוץ — דער אָנזאָג פון טרויעריקן בין־השמשות, פון קולטורעלער ירידה. די תּקופה פון רענעסאַנס און אויפלעבונג פאַר דער אייראָפּעיש־קריסטלעכער וועלט איז פאַרצייכנט אין דער יידישער געשיכטע אַלס צייט פון גייסטיקער שקיעה, ווען עס צאַנקען נאָך די לעצטע שטראַלן פון וועלטלעכער קולטור, נאָר באַלד לעשן זיי זיך אויס, און דאַן ווערט אָנפאַלן די נאַכט פון פינסטערניש און קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט. בעת דאָרט, אין דער קריסטלעכער אייראָפּע, פאַנגט אָן דער פרייער פאָרשער־געדאַנק זיך צו באַפרייען פון די מיטלאַלטערלעכע קייטן, ווערט דער יידישער געדאַנק, געיאָגט פון גיפטיקער שנאה, פאַרשפּאַרט אין די ענגע און טונקעלע גאַסן פון געטאָ און פאַרבלאָנדזשעט אַלץ מער

אין דעם געדיכטן נעפל פון מיסטיק און אין דעם געפלאָנטער פון טרוקע־נער סכאָלאַסטיק און פּרוכטלאָזן פּילפּול.

בלויז אונטער דעם בלויען הימל פון דער געבענטשטער איטאַליע, אונ־טער די ליכטיקע שטראַלן פון דער רענעסאַנס־תקופה, האָט דער בערך קליינצאָליקער יידישער קיבוץ אַ צייט־לאַנג געוואַכט איבער דער קולטו־רעלער ירושה פון די פריערדיקע דורות, און ביז דער מיט פונעם 17טן יאָרהונדערט טריי געהיט די ליכטיקע פונקען פון יידיש־וועלטלעכער קולטור. צייטנווייז איז אַפילו געלונגען, די דאָזיקע פונקען זאָלן העל אויפלייכטן און אויף אַ קורצער ווײַלע די טונקעלע נאַכט־שאָטנס צו פאַריאָגן.

דער עקשנותדיקער אידעען־קאַמף, וואָס האָט זיך דורות־לאַנג געצויגן אין שפּאַניע און אין דער פּראָוואַנס, האָט כמעט קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען ביים יידישן קיבוץ אין איטאַליע. דער שטרענג דורכגעפיר־טער ראַציאָנאַליזם פון אַ יעקב אַנאַטאָלי און זיינע נאָכפאָלגער האָט דאָרט ניט געפונען קיין גינסטיקן באָדן. צו שטאַרק האָט זיך ביים איטאַל־יענישן יידנטום געלאָזט פילן די גייסטיקע השפּה פון פּאַלעסטינע און בבל מיט זייער מיסטישער מסורה און לעגענדן־וועלט. מיר האָבן שוין געזען [1], ווי אַזוי דער באַדייטנדסטער פאַרטרעטער פונם פילאָזאָפישן געדאַנק ביי די איטאַליענישע יידן פון יענער צייט, הלל אויס וועראָנע, האָט בשום אופן ניט געקאָנט מסכים זיין, אַז די איינציקע מאָס פאַר שאַצן דאָס מענטשלעכע גליק איז דעם מענטשנס שלימות אין חקירה־זאַכן און זיין געניטקייט אין פילאָזאָפישע אידעען און סברות. דער איינ־זייטיקער ראַציאָנאַליזם האָט ווייניק באַפרידיקט די נשמה פונם בעל „תגמולי הנפש"; צו ליב און נאָענט איז איר געווען די פאָלקס־מסורה מיט איר רעליגיעז־מיסטישן פּאַטאָס און דבקות. זיין אידעיִשער קעגנער, דער שפּאַניער זרחיה חן, האָט, אמת, געהאַט גרויס ערפאָלג אין רוים, און זיינע ראַדיקאַל־פרייע געדאַנקען האָבן געהאַט אַ סך אָנהענגער; דער ערפאָלג איז אָבער געווען אַ גאַנץ אויבנאויפיקער, אָן אַ פעסטן באָדן. דער אינטערעס איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס זרחיהס לערע איז דאָרט געווען אַ נ י י ע זאַך, קיין טיפן רושם האָט זי אָבער ניט געמאַכט. מיר האָבן געזען, ווי זרחיה חן האָט זיך געווענדט מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל צו זיין קעגנער הלל אויס וועראָנע: „לאָז צו רו די פילאָזאָפיע, דו קער זיך בעסער אום צו דער אַלטער מסורה; לייען דעם „ספר יצירה",

[1] דריטער טייל, קאַפּיטל פיר.

פאַרטיף זיך אין דעם „שיעור קומה" און אין דעם „ספר הרזים"[1]. און אז אַט די דאָזיקע ספרים זיינען טאַקע געווען זייער אָנגענומען און חשוב ביי די איטאַליענישע יידן, זאָגט עדות דער באַקאַנטער קלונימוס בר קלונימוס, וואָס האָט געלעבט אין רוים מיט דרייסיק יאָר שפּעטער נאָך זרחיה שאַלתיאל חן. מיר לייענען אין זיין „אבן בוחן", אַז מענטשן זיינען גרייט דאָס לעצטע צו פאַרזעצן אַבי מען זאָל מיינען, אַז ער איז בקי אין מעשה בראשית און איז באַהאַוונט אין אַזוינע ספרים ווי „שעור קומה" און „ספר יצירה"[2]. און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַפילו אַזאַ הייסער אָנהענגער פון מיימוני, ווי קלונימוסעס פריינד, דער באַקאַנטער דיכטער עמנואל רומי, האָט אויך פיל זיך אָפּגעגעבן מיט קבלה־ספרים, האָט פלייסיק שטודירט דעם „ספר יצירה" און דעם „ספר הבהיר", און האָט אַפילו פאַרפאַסט אין די יונגע יאָרן אַ ספּעציעל ווערק וועגן דעם מיסטיש־סימבאָלישן באַטייט פונם העברעיִשן אלף־בית[3]. דער זוהר גופא, וואָס איז צום ערשטן נתגלה געוואָרן אין שפּאַניע, האָט זיך פאַרשפּרייט אין איטאַליע פריער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער און טאַקע דאָרט האָט דער זוהר געפונען זיין ערשטן מפרש און באַגייסטערטן אָנהענגער — עמנואלס אַ בן־דור, מנחם ריקאַנאַטי.

אַ פייערדיקער מיסטיקער, האָט ריקאַנאַטי כל ימיו פאַרבראַכט איבער אַזעלכע קבלה־ספרים ווי „ספר יצירה", „הבהיר", „היכלות" וכדומה; איינער פון די באַליבטסטע פאַרפאַסער איז ביי אים געווען דער מקובל עזריאל[4], נאָר העכער פון אַלץ איז ביי אים געווען דער „ספר הזוהר המופלא". אין זיין מיסטישן פירוש אויף תורה (פירוש על התורה על דרך האמת)[5] גיט ראַקאַנאַטי גאַנץ געטריי איבער די גרונט־אידעען פונם

---

1 אונזער ווערק, באַנד II, 265.

2 „אבן בוחן", עמ' 41: „יתן ערבון ויד ישית שהוא יודע שעורו של יוצר בראשית, ספר שעור קומה וספר יצירה נקל אצלו כספר בן סירא" (מיר ציטירן לויט דער אויסגאַבע פון 1865).

3 דאָס ווערק גופא איז מיט דער צייט פאַרלאָרן געגאַנגען, בלויז דער שיר, וואָס האָט געדינט אַלס פאָררעדע צו דעם דאָזיקן חיבור, ברענגט עמנואל אין זיינע „מחברות" (מאַקאַמע XI).

4 ריקאַנאַטי דערמאָנט גאַנץ אָפּט אין זיינע ווערק: „ואמר ר' עזריאל ז"ל, ואמר החכם ר' עזריאל".

5 דאָס ווערק איז פאַרבליבן ניט אין גאַנצן פאַרענדיקט. עס פעלט דער פירוש אויף דער לעצטער פרשה, און דער ערשטער אַרויסגעבער מאַכט צום סוף פאָלגנדיקע באַמערקונג: „ע"כ מצאנו מזה הספר, ושמענו שהרב ז"ל נתבקש בישיבה של מעלה קודם השלימו הספר ולא השלים לפרש „וזאת הברכה". אַגב איז דאָס דאָזיקע ווערק דאָס ערשטע קבלה־ספר, וואָס ס'איז אַרויס מתחת מכבש הדפוס.

„זוהר". דער גייסט פונם „זוהר" גטוועלטיקט אויך איבער ריקאַנאַטיס באַקאַנט ווערק „טעמי המצות". „אַלץ וואָס עקסיסטירט דאָ אין עולם התחתון — לערנט ריקאַנאַטי — איז ענג פאַרבונדן מיט די אייבערשטע וועלטן, און טאַקע אדאַנק דעם, וואָס מיר זעען דאָ אויף דער וועלט, באַגרייפן מיר דעם סוד פון דעם, וואָס קומט פאָר דאָרט אין דעם עולם העליון... אַלץ, וואָס מיר זעען אין די באַשעפענישן דאָ אויף דער ערד — דאָס איז אַן אָפּבילד פון די וווּנדערבאַרע צען ספירות; די געשטאַלט פונם ערדישן מענטשן איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער הימלשער געשטאַלט, דער מענטש דאָ אין דער נידער איז דאָס טאָפּלבילד פון די צען ספירות אין די ווייטע הייכן. אַלע דערשיינונגען דאַרפן מיר זיך פאָרשטעלן אַלס שטאַפּלען פון איין לייטער אויס כולו טוב, וואָס שטייגט אַלץ העכער און העכער ביז דער העכסטער מדרגה פון פולשטענדיקער שלימות — צו גאָט יתברך בכבודו ובעצמו [1]. דער אַלטער תלמודישער זאַץ, אַז „הקב"ה ואורייתא חד הוא", באַקומט ביי ריקאַנאַטין אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע געשטאַלט: גאָט, די תורה און דער וועלטאַל — דאָס זיינען בלויז פאַרשיידענע אַנטפּלעקונגען פון איין און דעם זעלבן אורקוואַל — דעם באַשעפער [2]. מען דאַרף ליב האָבן יעדן מענטשן, ווייל יעדער טראָגט דאָך אויף זיך דאָס בילד פון דער הימלשער געשטאַלט; יעדער מעניש איז אַן אָרגאַנישער טייל פון דער גרויסער דרייאייניקייט, און יעדע מצווה, יעדע גוטע זאַך, וואָס ווערט דורך דעם מענטשן פאַרווירקלעכט, איז ענג פאַרבונדן מיט דער אוניווערסאַלער האַרמאָניע, מיט דער הימלשער מרכבה [3]. אין יעדער מצווה, פאַרזיכערט ריקאַנאַטי, איז פאַרבאָרגן אַ באַזונדערער סוד. אָבער ניט נאָר דעם מענטשנס מ ע ש י ם זיינען וויכטיקע בווּשטיינער אין דעם גרויסן וועלטאַל־בנין, נייערט אויך דעם מענטשנס מ ח ש ב ה און ג ע פ י ל, וואָס ווערט פאַרקערפּערט אינם וו אָ ר ט פון דער תפילה. ווי אַלע אַנדערע מקובלים, אַזוי שטרייכט אויך ריקאַנאַטי אָפּט אונטער די גרויסע חשיבות פון האַרציקער תפילה; ער ברענגט אויך דאָס באַ־

---

[1] „כל הדברים התחתונים תלויים בדברים עליונים... ומעולם התחתון נבין סוד הנהגת העולם העליון... וכל מה שנמצא בכל הנבראים הוא ענין דוגמא עשר ספירות בלי מה, וכשבא אדם התחתון נעשה בדמות הצורה העליונה... וכשנברא צורת האדם למטה נמצא עשר ספירות למעלה... יש לנו לעלות כל הדברים האלו הטובים מעלה על מעלה ומדרגה על מדרגה עד שיגיעו הדברים האלו אל השם יתברך השלם בלי חסרון"..

[2] „הקב"ה יתברך אינו צד אחד בלתי התורה ואין התורה חוץ ממנו ואינו דבר. חוץ מן התורה, על כן אמרו חכמי הקבלה כי הקב"ה יתברך הוא התורה".

[3] דאָרטן: „לפי שהאדם נעשה בצורה העליונה זהו המצוה לאהוב את אוהביו... איש איש למלאכתו אשר המה עושים וכל מצוה ומצוה תלויה בחלק אחד מן המרכבה";

קאַנטע אָרט אויס דעם „ספר המרכבה" [1], בכדי צו דערווייזן, ווי באַ־וויליקט און באַליבט ס'איז ביי גאָט כביכול די תּפילה, וואָס טוט זיך דערהויבן אויס דעם מענטשנס האַרצן [2].

אָט די מיסטישע שטרעמונגען ביים איטאַליענישן יידנטום האָבן געהאַט די זכיה צו ווערן אַ חשובער קולטורעלער פאַקטאָר פאַר דער גלאַנץ־תּקופה פון דעם רענעסאַנס. זיי האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער אויסנוועלט, און דאָרט, אין דער קריסטלעכער הומאַניסטישער סביבה פון יענער צייט, האָבן זיי אָנגענומען גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען.

ריקאַנאַטי איז געווען אַ בן־דור פון דאַנטע און עמנואל רומי, ווען אין איטאַליע האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטראַלן פון דער ליכטיקער רענעסאַנס־תּקופה. עס האָבן זיך אָקאָרשט באַוויזן די ערשטע שפּראָ־צונגען פון הומאַניזם, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַפרייען די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט פון דעם שווערן יאָך פון קירכלעכער אַפּוטרופּסות. בכדי גובר צו זיין די מיטלאַלטערלעכע אַסקעטיש־סכאָלאַס־טישע וועלט־אָנשויונג, האָט די הומאַניסטישע באַוועגונג מיט איר גאַנצן יוגנטלעכן ברען און מסירת־נפשדיקער התלהבות זיך געלאָזט אויספאָרשן די אַלטע אַנטיקע וועלט פון די אַמאָליקע גריכן און רוימער. אין דער אַלטער פאַרקריסטלעכער קולטור האָט די נייע באַוועגונג דערזען דאָס שאַרפסטע געווער קעגן די פאַרגליווערטע טעאָלאָגישע פאָרמען פון דעם מיטלאַלטערלעכן לעבנשטייגער. די מענער פון די אַמאָליקע, פאַרקריסט־לעכע דורות, דער סדר פונם אַנטיקן לעבן, האָבן געגאָלטן אַלס העכסטער מוסטער פון אידעאַלער שלימות; דאָס האָט פיל מיטגעהאָלפן, וואָס ס'איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער אינטערעס צו ריין־רעליגיעזע פראַגן און צו מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק. דאָס אמת מעכטיקע און דערהויבענע, דער אידעאַל פון גרויסקייט און שיינקייט האָט פאַרשטויסן דעם מיטלאַלטערלעך־קריסטלעכן אידעאַל פון הייליקייט און עבירות־ריינקייט. דער אייראָפּעער, דער מיטגליד פון דער קריסטלעכער אייראָ־פּעישער געזעלשאַפט, האָט צום ערשטן דערפילט אין זיך זיין אייגענעם „איך", באַגריפן, אַז ער איז אַ זעלבשטענדיקע פּערזענלעכקייט. דאָס איז געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג פון געוואַלטיקער וויכטיקייט. ביז צו דער רענעסאַנס־תּקופה איז דאָס זעלבסטגעפיל, דער רעספּעקט צו דער אייגענער פּערזענלעכקייט, געווען באַקאַנט בלויז די אַראַבער און די צווישן זיי וווינענדיקע יידן, אָבער ניט אין דער קריסטלעכער אייראָפּע.

---

1 אונזער ווערק, באַנד II, 85.

2 „טעמי המצות", 36—37.

אינם ערשטן באַנד פון אונזער ווערק איז אונז אָפּט אויסגעקומען אָנ־
צומערקן, אין וואָסער גוואַלדיק איבערגעטריבענע אויסדרוקן די יידישע
זינגער פון אַנדאַלוזיע און פּראָוואַנס האָבן אויסגעלויבט די מאַכט און
שיינקייט פון זייער ליד און דעם גלאַנץ פון זייער רום. דאָס אַלץ איז
אָבער כּלל ניט קיין פּשוטע באַרימעריי, קיין באַנאַלער געפילדער פון
קליינלעכער גאווה, — דאָס לאָזט זיך הערן דאָס שטאָלצע באַוווּסטזיין
פון דעם „איך", דאָס איז דער נצחונדיקער אויסגעשריי פון באַרווישנדיקער
גייסטיקער עשירות, וואָס שפּראָצט אויס דער גלענצנד באַגאַבטער שטאַר־
קער פּערזענלעכקייט. און טאַקע דאָס זעלבע חזרט זיך אויך איבער אין
דער קריסטלעכער איטאַליע, אָבער בלויז ערשט אין דער רענעסאַנס־תּקופה,
וואָרעם אינם מיטלאַלטער האָט דער קריסטלעכער אייראָפּעער ניט גע־
ווּסט פון אַ זעלבשטענדיקער מאָראַלישער פּערזענלעכקייט, וואָס שאַפט
און ווירקט אויף אייגענער אַחריות און חשבון. פאַרגעטערנדיק דעם
מענטשן אין דער פּערזאָן פון קריסטוסן, האָט דער קריסטלעכער אייראָ־
פּעער אין מיטלאַלטער פאַרלאָרן זיין אייגענעם „איך", זיין בולט גע־
שטעמפּלטע פּערזענלעכקייט. אויסגעלייזט ווערן, דערגרייכן דאָס אייביקע
גליק, דערנענטערן זיך צו זיין אידעאַל, זיין גאָט, קאָן דער מענטש ניט
אויף זיין אייגענעם חשבון, נאָר אויסשליסלעך דורך דער קירך און
דורך איר פאַרטרעטער — דעם גלח. דער מענטש אַליין איז גאָרניט,
די קירך און איר אייבער־פּריסטער — דער פּויפּסט, איז אַלץ. בלויז ער
קאָן „בינדן און לויז מאַכן"; אַלע איבעריקע זיינען זיינע קנעכט, ניט
בלויז מיטן גוף, נאָר טאַקע דער עיקר מיט דער נשמה. ערשט אין דער
רענעסאַנס־תּקופה האָט דער קריסטלעכער אייראָפּעער ווידער זיין פּרצוף
באַקומען, ערשט זי האָט אין אים דערוועקט דאָס געפיל פון זעלבסט־
באַוווּסטזיין, דעם רעספּעקט צו זיין מענטשלעכער **פּערזענלעכקייט**.
אָט דאָס וואַקסן פון דעם פּערזענלעכן זעלבסטבאַוווּסטזיין, דאָס אויפ־
געוואַכטע „איך"־געפיל, האָט געפונען דעם שטאַרקסטן אויסדרוק אין
דעם קורצן, נאָר באַרווישנדיקן וואָרט: רום. דער גאָונישער דאַנטע גלוסט
מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה צו דערווערבן דעם לאָרבער־קראַנץ פונם
אָנערקענטן דיכטער. ער באַנוגנט זיך ניט מיטן אייגענעם באַוווּסטזיין,
אַז ער איז דער איינציקער און אויסדערווייילטער — ער וויל אויך, אַז
אַלע זאָלן וויסן דעם וויסן. און דאָס גאַנצע לאַנד זאָל עפנטלעך אָנער־
קענען, אַז ס'איז צו אים קיין גלייכן ניטאָ. ביי דעם באַרימטן דיכטער
פּעטראַרקאַ נעמט אָן דער דאָזיקער דורשט נאָך רום ממש קראַנקהאַפטע
פאָרמען. עס ווערט ביי אים אַ שטיק חולאת, און ער גופא איז זיך אין
דעם מודה אויף דער עלטער אין זיינע בריוו, און ער האָט דערויף חרטה

ווי אויף אַ שווערער זינד. ער שלאָגט זיך אָבער אומזיסט על־חטא: אין זיין קראַנקהאַפטן לעבצן נאָך רום איז שולדיק ניט זיין אייגנליבע און נישטיקע גאווה — דאָס איז דער אייגנאַרטיקער שטריך פון דעם גאַנצן דור, אין וועלכן דער דיכטער האָט געלעבט, מיט זיין שטאָלצן דעוויז: די פערזענלעכקייט איז וויכטיקער פון אַלץ. אויפגעוואַכט האָט אין דער אייראָפּעיִשער געזעלשאַפט די מענטשלעכע פערזענלעכקייט, און אַלץ העכער האָבן זיך אין איר געלאָזט הערן די קלאַנגען פון דער זאַפטיקער ערד; אַלץ בולטער איז געוואַקסן דאָס באַוווּסטזיין, אַז דאָס ערדישע איז ניט דאָס זינדיקע; און צוזאַמען מיטן הימלשן און מיט אַלץ, וואָס ס'האָט אַ שייכות צו עולם־הבא, זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דעם פאָדער־גרונט אויך די תביעות פון דעם ערדישן און עולם־הזהדיק־מענטשלעכן. אינם איטאַליענישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן זיך באַוויזן הויך־באַגאַבטע פערזענלעכקייטן מיט אַ ריין קאָסמאָפּאָליטישער וועלט־אָנשויונג[1] אַ גאַנץ נייער, פאַר דער דעמאָלטיקער אייראָפּע נאָך אַזאַ אומבאַקאַנט־פרעמדער, דעוויז איז אויפגעשטעלט געוואָרן, וועלכן דער הומאַניסט גאַלעאָטאָ מאַריציוס האָט גאַנץ בולט אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקע ווער־טער: „ווער עס פירט אַן אָנשטענדיק לעבן און זיינע מעשים שטימען צוזאַמען מיטן מאָראַלישן געפיל, וואָס רוט אין זיין האַרצן — פאַר דעם איז גרייט אַן אָרט אין גן־עדן, קיין נפקא־מינה ניט, צו וועלכער אומה ער געהערט".

עס איז דערפאַר לייכט באַגרייפלעך, וואָס די נייע הומאַניסטישע שטרעבונגען האָבן געפונען אַזאַ שאַרפן אָפּקלאַנג אין דער יידישער סביבה. מיר האָבן שוין אין דריטן טייל פון אונזער ווערק אָנגעוויזן אויף דער בערך גינסטיקער מאַטעריעלער און אויך בירגערלעכער לאַגע, אין וועלכער ס'האָבן זיך געפונען די יידן אין איטאַליע. דאָרט האָט זיך באַדייטנד ווייניקער ווי אין אַנדערע לענדער געפילט דער קאַסטן־אונ־טערשייד און די שליטה פון דעם אַדלשטאַנד. דאָס אינטענסיווע פּאָלי־טישע לעבן אין די שטעט און רעפּובליקן, דער שטענדיקער פּאַרטייען־קאַמף און אָפטע איבערקערענישן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישן סדר — האָבן צעשטערט די מחיצות, וואָס טיילן אַזוי אָפט אָפּ די פאַרשיידענע שטאַנדן און קלאַסן, און געשאַפן די גינסטיקע באַדינגונגען פאַר יעדער ענערגישער און באַגאַבטער פערזענ־לעכקייט, זי זאָל קאָנען אומגעשטערט אַנטפּלעקן איר אונטערנעמונגס־

1 באַריכות וועגן דעם זע בורכהאַרדטס באַקאַנט ווערק „די קולטור אין איטאַליע אין דער רענעסאַנס־תקופה".

גייסט. די שררות און רעגירער אין איטאַליע פונם 14טן און 15טן י״ה זיינען על־פּי רוב געווען אויפגעקומענע מענטשן פון גאַנץ קנאַפּן יחוס. מאַכט און כּבוד האָבן זיי באַקומען ניט בּירושה, נאָר דערוואָרבן אַדאַנק זייער אייגענער ענערגיע און פעיִקייטן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן גאַנץ ווייניק געקוקט אויף יחוס אָבות, נייערט אויף יחוס עצמו. מען האָט זיך גערעכנט ניט אַזוי מיטן שטאַנד און קלאַס, צו וועלכן דער יחיד געהערט, נאָר קודם־כּל מיט דער פּערזענלעכקייט גופא, מיט אירע פעיִקייטן און פאַרדינסטן. בּיי אַזעלכע באַדינגונגען איז קיין חידוש ניט, וואָס אַפילו יידן האָבן אין איטאַליע גענאָסן פיל גרעסערע פרייהייטן ווי אין אַנדערע קריסטלעכע לענדער אין מיטלאַלטער. אין די איטאַליענישע אוניווערסיטעטן האָט די יידישע יוגנט געלערנט צוזאַמען מיט דער קריסטלעכער, און זיך באַשעפטיקט מיט נאַטורוויסנשאַפט, אַסטראָנאָמיע און מעדיצין. די קריסטלעכע געלערנטע פלעגן אָפט פירן אַ פריינדלעכן בריוו־אויסטויש מיט זייערע יידישע קאָלעגן [1]. אַפילו די שטרענגע פּסקים און פאַרבאָטן, וואָס די פויפּסטן אין מיטלאַלטער האָבן אַרויסגעגעבן קעגן די יידן, זיינען גראָד אין איטאַליע געבליבן על־פּי רוב אויפן פּאַפּיר און ניט דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. אין דער רענעסאַנס־תּקופה זיינען נאָך דערצו אויפן פויפּסט־שטול גופא ניט זעלטן געזעסן פריידענקערישע מענער, וואָס האָבן זיך פריינדלעך פאַרהאַלטן צו יידן. און אַז דער קאַטוילישער־פרומער פערדינאַנד האָט אַרויסגעטריבן די יידן אויס שפּאַניע, האָבן אַ סך פון די פאַרטריבענע געפונען שוץ אין דער וועלט־שטאָט רוים, ווו ס'האָט דעמאָלט פאַרנומען דעם פויפּסט־שטול אַלכּסנדר דער זעקסטער. באַלד דערנאָך, בעת אין רוים האָט אַלס פויפּסט רעגירט דער הויך־געבילדעטער לעאָ דער דרייצנטער (דזשיאָוואַני מעדיטשי), האָבן דאָרט די יידן געלעבט אַזוי פריי און גליקלעך, אַז אייניקע פרומע פאָרשטייער פון דער קהילה האָבן זיך אָנגעפרעגט בּיי די יידן אין ירושלים: אפשר האָבן זיך שוין אינם הייליקן לאַנד באַוויזן די צייכנס, וואָס זאָגן אָן דעם באַלדיקן בּיאת הגואל און עס פאַנגען זיך שוין אָן משיחס צייטן...

---

[1] אין פאָגעלשטיין און ריגערס „געש. דער יודען אין ראָם״ (II, 65) ווערט אָנגעוויזן

Die erworbene Bildung zeigen sie (die italienischen Juden) in zahlreichen Schöpfungen auf allen literarischen Gebieten. In der italienischer Muttersprache dichten und denken, in der hebräischer fühlen und beten sie. Hochsinnige Fürsten und Edle fördern ihre Studien und gewähren ihnen Schutz. Christliche Gelehrte stehen im Wechselverkehr mit jüdischen Meistern. Chtistiliche Humanität unterstützt das jüdische Streben. Das ist das Bild des jüdischen literarischen Rom bis in der Mitte des XVI Jahrhunderts.

ס'איז דערפאר גאנץ באַגרייפלעך, וואָס דאָס קולטורעלע איטאַלי־יעניש יידנטום האָט מיטן גאַנצן הארצן באַגריסט די נייע גייסטיקע באַוועגונג און געוועזן איר איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. דאָך מוז דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן אַ זייער כאַראַקטעריסטישער פּרט. מיר האָבן געזען, ווי אַזוי אַדאַנק דער קרובישער אַראַבישער קולטור אין שפּאַניע האָט דאָרט אויפגעלעבט די העברעישע ליטעראַטור. אונטער דער השפּעה פון די יידיש־שפּאַנישע דיכטער איז ביים באַגינען פון דער רענעסאַנס תּקופה אויך אין איטאַליע אויסגעוואַקסן אַזאַ באַדייטנדיקער דיכטער ווי עמנואל רומי, דאַנטעס בן־דור. בעת אָבער דאַנטע איז געווען דער גאַונישער אָנזאָגער פון אַ נייער גלענצנדער תּקופה אין דער נאַציאָנאַל־איטאַליענישער פּאָעזיע, האָט דאָס איטאַליענישע יידנטום נאָך עמנואל רומי קיין איינציקן באַדייטנדיקן דיכטער ניט געגעבן. די גאָלדענע תּקופה פון דעם איטאַליענישן רענעסאַנס האָט אויף דער יידישער דיכטונג כּמעט קיין שום השפּעה ניט געהאַט. די סיבה דערפון איז גאַנץ באַגרייפלעך. די אַנטיקע היידנישע וועלט פון די אַלטע רוימער און גריכן, וואָס האָט אַזוי אַנטציקט די הומאַניסטן פון דער רענעסאַנס־תּקופה — איז געווען ווילד־פרעמד דעם יידנטום. די גוואַלטיקע מאַכט און שיינקייט פון דער אַנטיקער געטער־וועלט האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין דער יידישער סביבה, זי האָט דאָרט געקאָנט אַרויסרופן גאַנץ ווייניק באַגייסטערונג. די הייסע רענעסאַנס־שטראַלן האָבן צוזאַמענגעשמאָלצן די היידנישע אַנטיקע וועלט מיט דער קריסטלעך־מיטלאַלטערלעכער; די געטער און האַלב־געטער פונם אַלטן גריכנלאַנד און רוים האָבן זיך ענג פאַרברידערט מיט די קאַטוילישע הייליקע. אָבער הן די היידניש־אַנטיקע, הן די קריסט־לעך־מיטלאַלטערלעכע וועלט, ביידע זיינען זיי געבליבן פרעמד דעם יידנטום, פרעמד זיין שאַפונגס־גייסט, ער זאָל אוים זיי קאָנען שאַפן אייגענע קונסט־באַגריפן, אומשמעלצן אין פילפאַרביקע סימבאָלן און בילדער.

די רייך־אויפגעבליטע גלאַנץ־תּקופה פון מאָלעריי און קונסט אין איטאַליע האָט אמת אַרויסגערופן אַן ענטוזיאַסטישע באַגייסטערונג אין די רייכע און אינטעליגענטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער קונסט־היסטאָריקער דזשאָרזשיאָ וואַזאַרי (Giorgio Vasari) באַשרייבט אין זיין באַקאַנט ווערק „Le Vite de piu excellenti pittori, scul-tori e architeti“, וואָס פאַר אַ גרויס באַגייסטערונג ס'האָט אַרויסגערופן ביי דער יידישער באַפעלקערונג מיקעל אַנדזשעלאָס באַרימטע מאַרמאָר־פיגור „משה רבנו“. „יעדן שבת — דערציילט וואַזאַרי — פלעגן יידישע מענער און פרויען מחנותווייז עולה־רגל זיין צו דער סקולפּטור און מיט

איבערראַשנדיקער התלהבות און גרויסער יראת־הכבוד באַוווּנדערן מיקעל אַנדזשעלאָס מייסטערווערק". אָבער אַליין זיך דערהויבן צו קונסט־שאַפן, צו ווערן מייסטער איבער שטיין און פאַרבן, דאָס איז דאָס איטאַליענישע יידנטום ניט געווען אימשטאַנד. אין גאַנצן משך פון דער רענעסאַנס־תקופה האָט זיך אין איטאַליע ניט באַוויזן קיין איין באַדייטנדיקער יידישער סקולפּטאָר אָדער מאָלער [1].

בלויז אויף דעם קונסט־געביט, וואָס איז שוין פון קדמונישע יאָרן געווען באַליבט ביי יידן, — אויפן געביט פון מוזיק, האָבן די איטאַליענישע יידן אַ באַדייטנדיקע ראָלע געשפּילט. עס איז כדאי צו דערמאָנען דעם אין זיין צייט באַרימטן מוזיקער און פליוט־שפּילער, דזשיאָוואַן מאַריא, דעם ליבלינג ביים פּויפּסט לעוו דעם צענטן, וועלכער האָט דעם יידישן קינסטלער מיט אַ פּאַלאַץ און מיט אַ גראַפן־טיטל באַשאָנקען. ניט ווייניקער קונה־שם געווען האָט זיך אַ צווייטער יידישער מוזיקער זשאַקאָנאָ סאַנסעקאָנדאָ, פון וועלכן דער באַרימטער ראַפאַעל האָט געמאָלט דעם גאָט אַפּאָלאָן אויפן פּאַרנאַס. און די דאָזיקע מוזיקער זיינען ניט געווען די איינציקע. דער פאָרשער דזשיאָוואַן פּאַאָלאָ רעכנט אויס אין זיין לעקסיקאָן פאַר באַרימטע קינסטלער אין איטאַליע פון זיין יאָרהונדערט (Trattato del arte della pittura, 1584) צווישן די באַרימטע מוזיקער זייער פיל יידן.

אַ גאַנץ אַנדער בילד באַקומען מיר, בעת מיר גייען איבער פונם טענער־ און מעלאָדיע־געביט צום געביט פונם שעפערישן וואָרט. חוץ אומבאַהאָלפענע שווערוואָגיקע נאָכמאַכונגען [2] און מער אָדער ווייניקער געלונגענע ריין רעטאָרישע פּרוּוון, האָט דאָס איטאַליענישע יידנטום ניט געגעבן אינם משך פון דער גאַנצער רענעסאַנס־תקופה (פון מיטן פערצנטן ביזן מיטן זעכצנטן י"ה). זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט דאָס באַדייטנדסטע פּאָעטישע ווערק פאַר דער דאָזיקער תקופה „מקדש מעט" פון משה די גאַייו (בן יצחק) איש ריעטי [3].

---

[1] דער מאָלער און ביבל־אילוסטראַטאָר משה קאַסטעלאַצאָ, וואָס האָט געלעבט אין ווענעדיג אין XV—XVI י"ה, האָט זיך, אמת, אין זיין צייט קונה־שם געווען, זיין טאַלאַנט איז אָבער ווייניק אָריגינעל און ניט פון באַדייטנדיקער גרייס (זע וועגן אים: בורקהאַרדטס ציטירט ווערק, ב' ו, 371 (1908); ד. קויפמאַן: די הגדה פון סאַראַיעוואָ, 302—303). בלויז אין דער מיניאַטור־קונסט האָט דאָס איטאַליענישע יידנטום געגעבן אַ פּאָר טאַלאַנטפולע מאָלער (ד. קויפמאַן, ציטירט ווערק, 290).

[2] ווי, צום ביישפּיל, זרח בּרפת, וואָס האָט אין 1364 איבערגעמאַכט בדרך שיר דעם ספר איוב (פראַגמענטן פון ברפתס שטייפע און שווערוואָגיקע סטראָפן זיינען פאַרעפנטלעכט אין „ליטעראַטורבלאַט דעם אָריענטס", 1841, 313—314).

[3] געבאָרן אין ריעטי, אין 1388, געשטאָרבן נאָך 1460.

משה ריעטי איז געווען אַ „מושלם", אַן „אַלזייטיקער מענטש", (l'uomo uuiversale), ווי עס פלעגט דעמאָלט אין איטאַליע הייסן. אַן אויסגעצייכנטער תלמודיסט [1], איז ער אויך געווען בקי אין אַלע געביטן פון דעמאָלטיקע וויסנשאַפטן; ער האָט שטודירט נאַטורוויסנשאַפט, פילאָזאָפיע און ספּעציעל מעדיצין, וואָס האָט אים טאַקע געגעבן מיטלען צום לעבן. ביז 1422 איז ער געווען באַשעפטיקט אַלס פּראַקטישער אַרצט אין זיין געבורטסשטאָט, דערנאָך איז ער אַריבערגעפאָרן קיין רוים, ווו ער איז געוואָרן רב, און פאַרנומען אין דער זעלבער צייט די שטעלע פון אַ לייב־מעדיקער ביים פּויפּסט פּיוס דעם צווייטן. ריעטי האָט זיך אויך אין די יינגערע יאָרן פיל אָפּגעגעבן מיט דיכטונג־קונסט. דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע" האָט אויף אים געמאַכט אַזאַ גוואַלטיקן רושם, אַז ער האָט פעסט באַשלאָסן צו שאַפן לויט דעם גרויסן מוסטער אַ העברעיִשע פּאָעמע [2]. צוגעטראָטן צו דעם דאָזיקן ווערק איז ריעטי ערשט אין 1416, געאַרבעט איבער דעם אַ לאַנגן משך פון יאָרן און עס דאָך נישט פאַרענדיקט [3].

דאָס ניט פאַרענדיקטע ווערק באַשטייט אויס צוויי טיילן. דער ערשטער טייל „אולם" (פאָדערגעביי) איז איינגעטיילט אין פינף געזאַנגען. אין די דאָזיקע געזאַנגען איז דאָ מכל המינים: עס ווערן אויסגערעכנט און באַשריבן דער באַטייט פון די דרייצן דאָגמען (עיקרים) פון דעם יידישן גלויבן, באַלד דערנאָך אַ באַשרייבונג פון אַלע וויסנשאַפט־געביטן און אַלכעמיע אויך בתוכם [4]. דאַן ווערט איבערגעגעבן דער אינהאַלט פון אַריסטוס „ספר המאמרות" און דאָס טאַקע מיט אבן־רשדס פּירושים און דעם רלב"גס הערות אאַז"וו. דער צווייטער טייל „היכל"

---

1 די תלמודישע ליטעראַטור האָט ער שטודירט ביי זיין פאָטער, מאַעסטראָ גאַייו (יצחק).

2 ריעטי שרייבט וועגן דעם אין זיין פּאָעמע:

כי ראיתי לאומה הנוצרית
ספר כל נושאיו דמיוניות
ואכרתה למליצתו ברית.

3 אין דער התחלה האָט ריעטי זיך פאַרמאָסטן אויף אַ פּאָעמע אין דריי טיילן (לויטן מוסטער פון דאַנטעס ווערק). דעם דריטן טייל „דביר" האָט אָבער דער דיכטער נים באַוויזן אָנצושרייבן, און אויך דער צווייטער טייל איז געבליבן ניט פאַרענדיקט. צום ערשטן איז ריעטיס פּאָעמע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1851 דורך יעקב גאָלדענטאַל.

4 „מקדש מעט", 20, עמ' א':

גם לה סעיף חכמת הצריפה
לדעת איך יצא מלא כסף
כסף וזהב בתכונה יפה.

באשטייט אוים אכט געזאנגען. דורך דעם „היכל הקודש", ווו עס געפינען זיך די נשמות פון די הייליקע אבות, נביאים, תנאים און קדושים, וואס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם [1] — דערלאנגט זיך דער דיכטער אין דעם „מעון השואלים" — אין דעם חדר פון די מתפללים, און דארט גיסט אויך דער דיכטער גופא אוים זיין געבעט פאר גאט [2]. פון דארטן טרעט דער דיכטער אריין אין דער „געטלעכער שטאט" (עיר האלהים), וואס איז דער סימבאל פון די כתבי הקודש. פון דער „עיר האלהים" גייט דער דיכטער גלייך אריבער אויפן אייבערדעק פון די „אניות הנפש" (די שיפן פאר נשמות) — דאס איז א רמז אויף דער משנה און גמרא. אין די ווייטעדריקע געזאנגען, ווו עס ווערן אויסגערעכנט די בעלי התלמוד און די גאונים און פוסקים פון די שפעטערדיקע דורות, זיינען פאראן פיל פרטים, וואס האבן א געוויסן אינטערעס פארן ליטעראטור־פארשער [3].

עס איז ממש נשתומם צו ווערן, ווי אזוי א מענטש מיט אזא בצימצומדיקן טאלענט, ווי משה ריעטי, האט עס געקאנט געקרוינט ווערן מיטן אחריותדיקן ערן־טיטל „יידישער דאנטע". דאס האט עס נאך אין 16טן י"ה אליהו יענאצאנו אזוי ווייניק געשמאק באוויזן, און ערקלערט ריעטין פארן „קאפ פונם פאלק ישראל", וואס איז „געגליכן צום געט־לעכן דאנטע" [4]. און אויף אים קוקנדיק האבן שוין א סך אנדערע גע־רעדט מיט התפעלות וועגן „דאנטע העברי" — דעם יידישן דאנטע [5]. אמת, ריעטי האט זיך טאקע געשטעלט א שווערע אויפגאבע — שאפן א מאנומענטאל ווערק, וואס זאל אפשפיגלען אין זיך די יידישע קולטור

---

[1] דארטן, 40, עמ' ב':
הנשרפים מראיהם כשרפים
הנשחטים רוחצים בחלב
והנתלים כן עיניהם יפים.

[2] דאס דאזיקע געבעט איז געווען באזונדערם באליבט ביי די איטאליענישע יידן זיי האבן עס אריינגענומען אין זייער מחזור; אויך איז עס מערערע מאל איבערזעצט געווארן אין איטאליעניש (זע פאגעלשטיין און ריגער, ציט' ווערק, 71; שטיינשניידער אין „מאנאטשריפט", ב' 43, 92—93).

[3] באזונדערם וויכטיק זיינען די דערקלערונגען, וואס ריעטי גיט צו אייניקע ספראפעס.

[4] זע „לעטערבאדע", X, 104:
הוא רישא בישורון שר חמשים...
חכם הרזים הוא האיש דאנטי...

[5] זע רעגיו אין „בכורי העתים", IX, 14—15; פר. דעליטש: „צור געשיכטע ד. יוד. פאעזיע", 54; גאלדענטאל אין דער פארערדע צו „מקדש מעט"; ם. זידעץ אין ליטעראטורבלאט ד. אריענטם", 1843, 36, אאז"וו.

מיט איר גאַנצער אידעען־וועלט אין דער זעלבער מאָס, ווי דאַנטעס אומ־שטאַרבלעכע „געטלעכע קאָמעדיע" טוט דאָס בנוגע דעם קריסטלעכן מיטל־אַלטער. אַזאַ ריזיקע אויפגאַבע איז אָבער געווען איבער ריעטיס שוואַכע כוחות. טונקל און מטושטש איז דאָס שפּיגל־בילד, וואָס ריעטי האָט באַשאַפן, ניט באַלויכטן מיט די שטראַלן פון אמתער פּאָעזיע, ניט באַהויכט מיטן לעבנס־אָטעם פון שאַפונגס־פּאַטאָס און באַגייסטערונג. ריעטי איז בלי־ספק געווען אַ גאַנץ געניטער פערזן־מייסטער; ער האָט דאָס פאַרדינסט, וואָס ער האָט זיך איינגאַנצן באַפרייט פון די שווערע און קאָמפּליצירטע אַראַבישע מעטריק־פאָרמען, און קונציק אויסגענוצט און איינגעבירגערט אין דער העברעישער דיכטונג־קונסט דעם אייגנאַר־טיקן „דריי־פערז־געזעץ" (terza rima), מיט וועלכן דאַנטע האָט זיך באַנוצט אין זיין „קאָמעדיע". ריעטין האָט אָבער דערביי געפעלט דאָס וויכטיקסטע און נייטיקסטע — אַן אמתע באַגייסטערונג, אַ בילדער־רייכע פאַנטאַזיע און פּאָעטישער רוח־הקודש (אינטויציע בלע"ז).

וואָס ס'איז שייך דעם ערשטן טייל „מקדש מעט" — איז דאָרט פאַראַן ניט מער פּאָעזיע ווי אין די אַלע געגראַמטע לערן־ און האַנט־ביכער, וואָס זיינען געווען אַזוי אין דער מאָדע אין מיטלאַלטער. אין דעם צווייטן טייל געפינען זיך שוין אַפילו יאָ „טערצינען", וואָס ס'פילט זיך אין זיי די התלהבות פונם טיף־גלויביקן גאָטספאָרכטיקן הארץ; נאָר אויך דאָרט פעלט דער פלאַם פון אמתער פּאָעזיע [1].

ריעטיס ווערק, וואָס זאָגט עדות, ווי שוואַך די דיכטונג־קונסט איז געווען פאַרטראָטן ביי די איטאַליענישע יידן אין דער רענעסאַנס־תקופה, באַווייזט אָבער דערפאַר גאַנץ בולט, וואָס פאַר אַ בכבודיקן אָרט דאָס איטאַליענישע יידנטום האָט פאַרנומען אויפן געביט פון וויסנשאַפטן. ריעטי איז אַ גאַנץ שוואַכער דיכטער, אָבער טאַקע זיין פּאָעמע דערמאָנט אונז גאַנץ אָפט, ווי באַהאַוונט ער איז געווען אין אַלע צווייגן פון דער־מאָלטיקן וויסן. קודם־כל איז ריעטי געווען אַ זייער געניטער אַרצט. מיר האָבן שוין אין דריטן טייל פון אונזער ווערק אָנגעוויזן, וואָס פאַר אַ חשובן פּלאַץ די יידישע מעדיקער האָבן פאַרנומען אין איטאַליע אין 13טן י"ה; נאָך מער איז געוואַקסן זייער באַטייט אין דער רענעסאַנס־תקופה. די יידישע דאָקטוירים האָבן געשמט איבער גאַנץ איטאַליע, און

---

1 נאָך ווינציקער איז דער פּאָעטישער באַטייט פון ריעטיס צווייטער פּאָעמע „„אגרת יער לבנון", וווּ דער פאַרפאַסער באַשרייבט אין געריימטע פערזן די כלים, וואָס האָבן זיך געפונען אין בית־המקדש (זע פּאָגעלשטיין און ריגערס ציטירט ווערק, 70). יהודה די־מאָדענאַ דערמאָנט אין זיין „חיי יהודה" (ז' 44) ריעטיס אַ טעאַטער־שטיק אסתר". דאָס ווערק איז אָבער פאַרלאָרן געגאַנגען.

דאָס רוב לייב־מעדיקער ביי די פּויפּסטן און פירשטן זיינען געווען יידן [1]. די דאָזיקע יידישע דאָקטוירים זיינען על־פּי רוב געווען מענטשן מיט אַלזייטיקער פילאָזאָפישער בילדונג. משה ריעטי גופא האָט געשריבן פּירושים אויף חשובע ווערק פון אַראַבישע דענקער, ער פלעגט מיט גרויס ערפאָלג אַרויסטרעטן אויף טעאָלאָגישע וויכּוחים, און האָט אויך פאַרפאַסט אין איטאַליעניש אַ פּאָלעמיש ווערק, ווו ער פירט אַ פילאָזאָפיש־רעליגיעזן וויכּוח מיט אַ קריסטלעכן גייסטלעכן, וועלכער האָט געמאַכט אַ רושם מיט זיינע יידן־פיינדלעכע דרשות אין רוים [2].

אין דעם דאָזיקן ווערק טרעט ריעטי אַרויס אַלס הייסער אָנהענגער און פאַרערער פון אַריסטוס אידעען־וועלט. „איך גיי אין די וועגן פון זיין שיטה" (ואתהלכה בדרכי שטתו) איז ער אַליין מודה אין זיין „מקדש מעט". נאָר העכער פון אַלע חכמות איז ביי ריעטין די חכמת הקבלה. „און פאַר די חכמי הדור — שטרייכט ער אונטער אין זיין פּאָעמע — האָט זיך אַנטפּלעקט די העכסטע פערטע וועלט — די קבלה־וועלט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „עולם הספירות". מיט גרויס התפעלות רעדט ער וועגן דעם מקובל ריקאַנאַטי, „וועלכער האָט אונטער זיין מאַנטל אַ סך טיפע סודות באַהאַלטן"; דערפאַר האָט אָבער ריעטי די טויערן פונם גן־עדן מיט רוגז פאַרשפּאַרט פאַר דעם געלערנטן מוסטאָן די ערערע בלויז דערפאַר, וואָס יענער האָט זיך דערלויבט אָפּצושפּאָטן פון די חכמי הקבלה [3]. אין די עלטערע יאָרן האָט דער פרומער ריעטי אַפילו חרטה געקראָגן, וואָס ער האָט אַמאָל „געפּטרט צייט" און זיך פאַרנומען מיט נאַטור־וויסנשאַפטן און מיט דיכטונג־קונסט [4].

ניט איין ריעטי איז אָבער געווען אַזאַ הייסער בעל־מקובל. דער גרויסער אינטערעס צו מיסטיק — דאָס איז אַן אייגנאַרטיקער שטריך פון אַ גאַנצער עפּאָכע; מיט די מיסטישע שטרעמונגען, וואָס האָבן זיך געלאָזט מערקן צו יענער צייט אין געוויסע יידישע קרייזן, מוז מען זיך

---

[1] זע פאָגעלשטיין און ריגערס ציטירט ווערק 111—112; ל. פירסט: „ביטרעגע צור געשיכטע דער יודישען ערצטע אין איטאַליען" („יאַרבוך פ. געשיכטע ד. יודען", II, 325—370).

[2] לויט ריגערס השערה (ציט. ווערק, 73) איז דער דאָזיקער גייסטלעכער — דזשיאַנאָצאָ מאַנעטי, דער סעקרעטאַר פון די פּויפּסטן ניקאָלאַי דעם פינפטן און קאַליקסט דעם דריטן.

[3] „מקדש מעט", 106, עמ' א: „וכן ר' מוסטין על אשר דבר סרה על חכמי הקבלה ופער פה לבלי חוק".

[4] דער בעל „אגרת המודות" זאָגט עדות: „כי אחרי שנסה בחכמות כלם, נתחרט במה שעסק בחיצוניות וממה שכתב מהם בחבורו הנקרא „מקדש מעט" וקראו בטול זמן".

רעכענען ווי מיט אַ קולטור־פאַקטאָר פון אַ גאַנץ ברייטן פאַרנעם, ווייל זיי האָבן געפונען אַ געהעריקן אָפּקלאַנג אויך אין דער אויסנוועלט און געהאַט אַ געוויסע השפעה אויף די באַדייטנדסטע גייסטער פון דער רע־נעסאַנס־תקופה. דער גרויסער דראַנג צו באַפרייען זיך פון די מיטלאַל־טערלעך־ טעאָלאָגישע קייטן, אַרויסרייסן זיך אויס דעם שפּינוועבס פון טרוקענער סכאָלאַסטיק און דאָגמאַטיק — האָט געבראַכט דערצו, וואָס אַ סך הומאַניסטן האָבן זיך פאַרהאַלטן זייער קאַלט, אָפּטמאָל אפילו מיט שנאה, צו דעם גרעסטן אויטאָריטעט אין דער סכאָלאַסטישער געלערנטער־וועלט — צום אַלטן אַריסטו. דווקא דאָס, וואָס ס׳האָט אַזוי שטאַרק אויס־גענומען ביי די מיטלאַלטערלעכע טעאָלאָגן און געלערנטע — די רויִקע אָפּגעשלאָסנקייט און שטרענגע דאָגמאַטיק פון אַריסטוס שיטה — האָט אַמווייניקסטן געקאָנט באַפרידיקן די אומרויִק־זוכנדיקע גייסטער פון דעם רענעסאַנס, וועלכע האָבן געחלומט וועגן אַ נייעם לעבנסשטייגער און מיט אַלע כוחות געשטרעבט זיך אַרויסצורייסן פון דער שטיקנדיקער אַטמאָס־פער פון פאַרשטאַרטע, אָפּגעלעבטע דאָגמען. זיי האָבן דערזען אין אַריס־טוס סיסטעם [1] אַ קאָנסערוואַטיווע קראַפט, וואָס פאַרצאַמט זיי דעם וועג צו אַ נייער אידעען־וועלט, און טאַקע דאָס געפיל האָט עס דורכגעדרונגען דעם געלערנטן פעטער ראַמוס, בעת ער האָט אויף די טויערן פון אַ פראַנ־צויזישער קירך מיט גרויסע אותיות אויפגעשריבן: „אַלץ, וואָס אַריסטו לערנט, איז שוא ושקר!״ זייער קאָמפּליצירט און פאַרשיידנאַרטיק זיינען די סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן אין מיטל־אייראָפּע די רעפאָרמאַציע־באַוועגונג און אין איטאַליע — די הומאַניסטישע שטרעמונגען. אין איין קנויל האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן סאָציאַל־פּאָליטישע מיט אינטעלעקטועל־גייסטיקע מאָמענטן. די מענטשלעכע פערזענלעכקייט, וואָס האָט אָקאָרשט אויפגעוואַכט צום זעלבשטענדיקן און באַוווסטזיניקן לעבן, האָט גע־שטרעבט צו אַנטפּלעקן אַלע אירע גייסטיקע כוחות, און זי האָט שוין מער ניט געקאָנט באַפרידיקן די אַלע אַזוי קונציק פאַרפּלאָנטערטע פּילפּוליסטישע סילאָגיזמען פון דער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, וואָס האָבן זיך כלומרשט געשטיצט אויף אַריסטוס הנחות און סברות. איר איז געווען מער צום האַרצן די התלהבותדיקע פאַרחלומטע לערע פון אַפּלטון און די נעאָפּלאַטאָניקער, וואָס האָט שימערירט מיט די העלסטע פאַרבן פון פּאָעטישער באַגייסטערונג... אָט טאַקע מהאי טעמא איז דער איבערגאַנג פון דער קריסטלעך־מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק צו דער רע־

---

1 אין דער פאָרם, וואָס דאָס דאָזיקע סיסטעם האָט אָנגענומען ביי די קריסטלעכע סכאָלאַסטיקער אינם מיטלאַלטער.

נעסאַנס־פילאָזאָפיע געווען קודם־כל פאַרבונדן מיט דער מרידה קעגן דער אויסשליסלעכער שליטה פון אריסטוס אויטאָריטעט, און מיט דער וואַקסנדיקער השפעה פון נעאָפּלאַטאָנישע און מיסטישע אָנשויונגען. אָט דער דאָזיקער איבערגאַנג פון אריסטוס שיטה צו דער פּלאַטאָנישער האָט זיך שוין גאַנץ בולט באַוויזן אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י"ה, באַזונדערס אין די ווערק פונם באַדייטנדסטן דענקער פון יענער צייט — ניקאָלאַי אויס קוזאַנאָ (Nicolaus Cusanus), נאָך שאַרפער האָט זיך דער דאָזיקער פּראָצעס געלאָזט מערקן אין דער צווייטער העלפט פון דעם דאָזיקן י"ה. דער באַרימטער מעצענאַט קאָזימאָ מעדיטשי האָט אַנטדעקט און פאַרעפנטלעכט אַפלטונס וויכטיקסטע ווערק, וואָס זיינען אין מיטל־אַלטער אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. אין מעדיטשיס הויף האָט זיך אויפגעהאַלטן דער אַכציק־יאָריקער גריכישער געלערנטער געמיסט פּלעטאָן, וואָס פלעגט אין באַגייסטערטע, מיט יונגטלעכער התלהבות געהאַלטענע פאָרלעזונגען און דרשות אין אַ נביאיש־מיסטישן סטיל אַנטפּלעקן די „טיפע סודות" און „אייביקע אמתן", וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין די שריפטן פונם „געטלעכן" פּלאַטאָן. שפּעטער, בעת דער רעגירונג פון קאָזימאָס אייניקל, לערענצאָ, האָט מען אין פלאָרענץ געגרינדעט אַ פּלאַטאָנישע אַקאַדעמיע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פיל אָנגעזעענע הומאַניסטן, און בראש איז געשטאַנען דער באַרימטער פּלאַטאָן־פאָרשער, מאַרטשיליאָ פיטשינאָ, וואָס האָט איבערגעזעצט אַפלטונס ווערק אויף לאַטיין. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער אַקאַדעמיע פלעגן זיך אָפט צונויפקומען אויף ספּעציעלע זיצונגען, ווו עס פלעגן געפירט ווערן פילאָזאָפישע שמועסן, און די פאַרשיידנסטע פראַגן זיינען באַלייכט געוואָרן אויס דעם ריין נעאָפּלאַטאָנישן שטאַנדפּונקט. ביי די דאָזיקע הומאַניסטן האָט געגאָלטן אַלס פעסטע אָנגענומענער כלל, אַז ווער ס'איז ניט גרינדלעך באַקאַנט מיט אַפלטונס וועלט־אָנשויונג, דער קאָן ניט זיין קיין ריכטיקדענקענדיקער קריסט און בירגער. דער מענטש פונם מיטלאַלטער האָט געקוקט אויף דער וועלט ווי אויף אַ טרויעריקן עמק הבכא, ווי אויף אַ נעסט פון זינד און שמוץ; די מיטגלידער פון דער פּלאַטאָנישער אַקאַדעמיע אָבער, וואָס האָבן אין דעם וועלטאַל געזען אַן אויסשטראַלונג פון גאָטס אומענדלעכן ליכט, זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם געדאַנק, אַז די ערדישע וועלט האָט גאָט אויס ליבע געשאַפן; זי איז דערפאַר ניט קיין וועלט פון „זינד", נייערט אַן אָפּשפּיגלונג פונם העכסטן פאַרבילד — דעם באַשעפער און באַוועגער.

אָט די דאָזיקע פילאָזאָפישע שטימונגען פון די איטאַליענישע הומאַניסטן האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין די יידישע אינטעליגענטע

קרייזן, און נאָך מער געשטאַרקט דאָרט די מיסטישע שטרעמונגען און דעם אינטערעס צו קבלה, ווו די נעאָפּלאַטאָנישע גרונט־אידעען זיינען אויסגענוצט געוואָרן אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן אופן. דאָס איז אָבער ניט געווען קיין התבטלות, אַ בלויז פּאַסיווע איבערנעמונג פון פרעמדע אידעען, נייערט דאָס, וואָס אחד־העם רופט אָן „חיקוי של התחרות" — אַ קעגנזייטיקע קולטורעלע השפעה פון צוויי קאָלעקטיוון, וואָס האָבן געלעבט אין נאָענטסטער שכנות.

מען דאַרף אָבער דערביי אויך נעמען אין באַטראַכט די שטאַרקע השפעה, וואָס ס'האָבן געהאַט אויף דעם איטאַליענישן קיבוץ די גירושי ספרד. די איטאַליענישע האָפנשטעט זיינען געווען די ערשטע ערי־מקלט, ווו פיל פון די אומגליקלעכע פּאַרטריבענע האָבן געפונען שוץ און רו נאָך אַלע מאַטערנישן, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין אויף זייער שרעקלעך שווערן וועג. און טאַקע אָט די דאָזיקע הויך־געבילדעטע אימיגראַנטן האָבן עס ניט ווייניק גורם געווען, וואָס דאָס איטאַליענישע יידנטום און מיטאַמאָל נתעלה געוואָרן: בעת ס'האָט אין מיטלאַלטער אַלס קליינצאָליקער קיבוץ געשפּילט בלויז אַ צווייטגראַדיקע ראָלע, טרעט עס אַרוים אינם 16טן י"ה אויפן פאָדערגרונט און פאַרנעמט דעם בכּבודיקסטן פּלאַץ אין דער יידישער קולטור־געשיכטע פון יענער תקופה.

די שרעקלעכע צרות, וואָס די פּאַרטריבענע נע־ונדניקעס זיינען עס אויסגעשטאַנען אין זייערע וואַגלעניש, האָבן פיל מיטגעהאָלפן, וואָס צווישן די גירושי ספרד האָבן זיך זייער געשטאַרקט די מיסטישע שטרע־מונגען. מיר האָבן שוין אינם דריטן באַנד אָנגעוויזן, ווי אַזוי די מיס־טישע משיח־האָפענונגען זיינען געוואָרן דער הויפּט־מאָטיוו פון יצחק אברבנאַלס שאַפן. אַלע האָבן געגלויבט, אַז זיי לעבן איבער די „חבלי משיח", און זיינען זיכער געווען, אַז באַלד־באַלד הייבן זיך אָן „משיחס צייטן" [1]. יהודה בן יעקב חיוט, וואָס איז צוזאַמען מיט אברבנאַלן גע־גאַנגען אין גלות, און האָט פאַר די קומענדיקע דורות געלאָזט אַ האַרצ־רייסנדיקע באַשרייבונג [2] פון די צרות און ליידן, וואָס די פּאַרטריבענע

---

1 עס האָט זיך אַפילו באַלד באַוויזן אַ פאַנטאַסטישער מקובל, אשר לעמעלען, וואָס האָט געוואָנדערט פון שטאָט צו שטאָט און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער איז משיח בן אפרים און באַלד נאָך אים וועט זיך באַווייזן משיח בן דוד אין זיין גאַנצער פּראַכט, און אַ סך האָבן טאַקע געגלויבט, אַז זיי הערן שוין דעם שופר של משיח. דער באַקאַנטער היסטאָריאָגראַף דוד גאַנז דערציילט, ווי זיין זיידע, וואָס איז געווען רב אין אשר לעמעלענס צייטן, האָט געהייסן צעוואַרפן דעם פּסחדיקן אויוון, אין וועלכן מען פלעגט מצות באַקן, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז פּסח וועט ער שוין פּראַווען אין ארץ־ישראל.

2 אין דער פאָררעדע צו „מערכת האלהות".

האָבן געהאַט אויסצושטיין — ער איז געווען גאַנץ זיכער, אַז נאָר אַדאַנק דעם שוץ פון די הייליקע קבלה־ספרים, אין וועלכע ער איז געווען פאַרטאָן יומם ולילה, האָט ער געהאַט די זכיה ניצול צו ווערן פון די אַלע פורעניות און אָנשיקענישן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין וועג. אין מאַנטואַ, ווו ער האָט פאַרבראַכט דעם רעשט פון זיינע יאָרן, פלעגט ער האַלטן דרשות וועגן חכמת הנסתר און האָט פאַרפאַסט אַ ברייטן פירוש אויפן באַקאַנטן קבלה־ספר „מערכת האלהות" אויס דעם 14טן י"ה.

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס איינע פון די אָריגינעלסטע, אין נעאָפּלאַטאָנישע פאַרבן שימערירנדיקע בלומען אויס דער רענעסאַנס־תקופה איז אויסגעוואַקסן אויפן יידישן מיט מיסטיק רייך באַפרוכפּערטן באָדן. דאָס איז יהודה בן יצחק אַבּרבּנאַלס [1] „וויכּוחים וועגן ליבּע" (Dialoghi di amore)[2].

טראַגיש איז געווען דאָס לעבּן פון דעם דאָזיקן הויך־באַגאַבּטן מענטשן, וואָרעם זיין מזל איז געווען ענג פאַרבּונדן מיטן גרויסן אומגליק, וואָס ס'האָט זיינע ברידער אין שפּאַניע געטראָפן. רייך באַגאַבּט, פילאָזאָפיש געבּילדעט, זייער אָנגענומען אַלס טאַלענטפולער אַרצט און אַסטראָנאָם, האָט ער אין זיינע יונגע יאָרן [3] געמוזט צוזאַמען מיט זיין פאָטער, יצחק אַבּרבּנאַל, אַנטלויפן פון ליסאַבּאָן פאַר דעם גרימצאָרן פון דעם דעספּאָטישן קיניג יאָהאַן דעם צווייטן, וועלכער האָט קאָנפיסקירט זייער גאַנץ פאַרמעגן. צוזאַמען מיט זיין פאָטער האָט זיך יהודה אַבּרבּנאַל באַזעצט אין קאַסטיליע. בעת ס'איז אַרויס די גזירה אין 1492, האָט יהודה אַבּרבּנאַל באַשלאָסן גיין צוזאַמען מיט אַלע פאַרטריבענע אין גלות. די רעגירונג האָט אָבּער קיין חשק ניט געהאַט אַרויסצולאָזן פונם לאַנד אַזאַ גענייטן אַרצט, און בכדי אים צו צווינגען, ער זאָל אָננעמען דעם קאַטוילישן גלויבּן, האָט זי באַשלאָסן אַוועקצורויבּן ביי אים זיין קליינינקן זון און אים מיט געוואַלד אָפּשמדן. יהודה אַבּרבּנאַל איז אָבּער וועגן דעם באַצייטנס געוואָר געוואָרן, האָט ער שטילערהייט בגניבה איבּערגעשיקט זיין קינד איבּער דער פּאָרטוגעזישער גרענעץ. ער גופא האָט

---

1 אין דער קריסטלעכער וועלט באַקאַנט אַלס: Leo Hebreo, Leo Hebraeus, Leon Medigo.

2 אייניקע פאָרשער ווילן דערווייזן, אַז דאָס ווערק האָט אַבּרבּנאַל אין דער התחלה געשריבּן אין העבּרעיש, און ערשט סוף ימיו האָט ער אונטער דער השפּעה פון זיינע איטאַליענישע פריינד איבּערגעאַרבּעט די „דיאַלאָגן" אין איטאַליעניש („זע מאָנאַטסשריפט", 1928, 436). אַ סמך געפינט די דאָזיקע השערה אין דער ערקלערונג פון אַבּרבּנאַלס אַ בן־דור, וועלכע מיר וועלן וייטער ברענגען.

8 יהודה אַבּרבּנאַל איז געבּוירן בערך 1460.

מורא געהאַט צוריקקומען אין דעם לאַנד, ווו ס'האָט נאָך געקיניגט זיין שונא יאָהאַן דער צווייטער, און איז צוזאַמען מיט זיין פאָטער אוועק קיין איטאַליע. דאָרט איז ער אָבער געוווּיר געוואָרן, אַז דער פּאָרטוגעזי־שער מלך האָט זיין קינד פאַרהאַלטן פאַר אַ משכּון, אַלס יצחק אַבּרבּנאַלס אייניקל, און יאָהאַנס נאָכפאָלגער, דער ווילדער פרומאַק עמנואל, האָט אין 1495 דעם קליינעם אַבּרבּנאַל צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידישע קליינע קינדער באַפוילן מיט גוואַלד אָפּשמדן, בכדי צו ראַטעווען פונם גיהנום זייערע נאָך ניט זינדיקע נשמות[1].

טיף איז געווען די וווּנד, אַפילו די צייט האָט זי ניט געקאָנט פאַרהיילן, און מיט זיבן יאָר שפּעטער גיסט יהודה אַבּרבּנאַל אויס זיין גרויסן צער אין זיין רירנדער פּאָעמע „תּלונה על הזמן". „שוין צוועלף יאָר פאַרביי — רופט ער אויס — איך האָב מיין קינד ניט געזען, איך קאָן קיין רו, קיין טרייסט ניט געפינען. ניט פאַר מיר שיינט דאָס ליכט פון דער זון — מיינע אויגן זיינען אין פינסטערער נאַכט איינגעהילט! ניט פאַר מיר בליט די ליליע אין גאָרטן — פאַרוועלקט זיינען מיינע בלומען. זיין אַנדענק האָט מיין שלאָף אוועקגערויבט, אויף דער טרויער־ווערבע האָב איך מיין האַרפע אויפגעהאַנגען, מיין ליד אין יאָמער פאַרוואַנדלט". און אין האַרציקע סטראָפעס בעט ער זיין קינד זיין טרויערנדיקן פאָטער ניט פאַרגעסן, ניט בלייבן מויב צו דער מוטערס געוויין, און צוריקקערן אונטערן דאַך פון די עלטערן[2].

אין דעם זעלבן יאָר (1502), וואָס אַבּרבּנאַל האָט אין זיין פּאָעמע זיין ביטער מזל באַוויינט, איז ער אויך צוגעטראָטן צו זיין מייסטערווערק,

---

1 די אַלע פּרטים דערציילט יהודה אברבנאל גופא אין זיין פּאָעמע „תלונה על הזמן":

בעת גורשו בני גלות ספרד — יצו מלך להציב מארבי
לבל אצא ואעבור בין גזרים — ולקחת בני יונק חלבי
להכניסו בדתו בעבורו — וגלה אזני איש טוב אהובי,
שלחתיו עם מניקתו באישון — חצות ליל כאלו הוא גנובי
לפורטוגאל. .
ובראותו בני כי בא לארצו — ובית אבי באיטלייא בחשבי
עצרהו לבל ישוב וצוה — לבל יהיה לנחבי משיבי.
במותו אחריו מלך כסיל קם — והוא אדוק בדתו איש גבובי
וְאָנַס כל עדת יעקב והעביר — עלי דת פל בני עמי נדיבי...
ולוקח מחמד נפשי והומר — שמו הטוב כפי צור נקובי...

2 די פּאָעמע האָט אברבנאל פאַרפאַסט אין 1502. צום ערשטן איז זי געווען פאַרעפנטלעכט אין „אוצר נחמד", II, 75 — 70, דערנאָך איבערגעדרוקט אין דער פאָר־רעדע צו „ויכוח על האהבה".

די „Dialoghi di amore"[1] — דעם באַגייסטערטן שיר־השירים פון התלהבותדיקער ליבע. אַט דער האַלב־פּאָרטוגעזישער, האַלב־שפּאַנישער ייִד האָט אין משך פון די צען יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין די איטאַליע־נישע שטעט, אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דעם גייסט פון דעם איטאַל־יעענישן רענעסאַנס, אַז ער איז געוואָרן איינער פון אירע חשובע פאָנען־טרעגער; ער, דער פרעמדער גר, דער ספרדישער ייִד, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ריין־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען באַהאַנדלט אין דער איטאַליענישער פאָלקס־שפּראַך[2], און ערשט באַדייטנד שפּעטער, אינם 17טן י"ה, האָט אַן אומבאַקאַנטער אָבער זייער געניטער איבערזעצער די „וויכוחים וועגן ליבע" איבערגעזעצט אויף העברעיִש, און אויף אַזאַ אופן דעם דענקער יהודה אַבּרבּנאַל איינגעבירגערט אין דער העברעיִשער לי־טעראַטור[3]. יצחק אַבּרבּנאַל שטרייכט אונטער אין איינעם פון זיינע בריוו, אַז זיין עלטערער זון יהודה „איז בלתי־ספק דער באַדייטנדסטער דענקער אין איטאַליע פון היינטיקן דור"[4]; און יהודה אַבּרבּנאַל גופא ערקלערט מיט שטאָלץ אין זיין פריער דערמאָנטער פּאָעמע: „מיין שאַרפער גע־דאַנק שטייגט איבער אַלע געלערנטע פון אדום; אין זייערע שולן פון וויסן בין איך אַריינגעדרונגען—און קיינער האָט ניט געקאָנט צו מיר זיך גלייכן"[5]. און מען מוז מודה זיין, אַבּרבּנאַל האָט טאַקע זיין באַטייט

---

1 דער פּראָפעסאָר גופא ווייזט אָן דאָס יאָר ווען ער האָט זיין ווערק געשריבן. אין דעם דריטן וויכוח לייענען מיר (מיר ציטירן לויט דער העברעיִשער איבערזעצונג): „הרי אנו עומדים בשנת מאתים וששים ושנים מהאלף הששי" (1502).

2 דאָס ווערק איז געשריבן אין פאָרם פון דיאַלאָגן (צווייגעשפּרעך) צווישן פילון און סאָפיע. אין העברעיִשער איבערזעצונג הייסן זיי: חושק און נעמה.

3 גרעץ רעכנט, אַז אַבּרבּנאַלס ווערק האָט איבערגעזעצט יהודה די מאָדענאַ. די דאָזיקע השערה האָט אָבער קיין שום יסוד ניט, ווייל אריה מאָדענאָ רעכנט אויס אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אַלע זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, דער „ויכוח על האהבה" ווערט אָבער דאָרט ניט דערמאָנט. ניט באַגרינדעט איז אויך ש. זקש השערה („המגיד", XV, 335), אַז דער איבערזעצער איז געווען יוסף ברוך מו"ס אורבינה, וועלכער האָט געלעבט אין 17־טן י"ה. מיר רעכענען, אַז די Dialoghi di amore האָט איבערגעזעצט יוסף דעלמע־דיגאָ (יש"ר מקנדיא), ווייל יענער שרייבט וועגן דעם בפירוש אין זיין בריוו צום קאַ־ראַאים זרח בן נתן: „יהודה אברבנל... חבר ספר בלאַטין שבחו אין לספר קראו ספר פילון וסופיה.. והעתקתי ספר זה כלו בלשון הקודש יחד עם קצת ספרי ר' ידידיה האלכסנדרי שחבר ספרים רבים בלשון יון, ואחרתי לחבר אלו הידידים והיו לאחדים ואדפיסם להיות לחכמת בית ישראל לאותות ולמופתים, ונגנבו ממני ועד הנה לא ראיתי" („מלא חפנים", 21). די העברעיִשע איבערזעצונג האָט צום ערשטן פאַרעפנט־לעכט די חברה „מקיצי נרדמים" אין ליק אין 1871.

4 „אוצר נחמד", II, 58: „כי הוא בלי ספק מבחר הפילוסופים שבאיטליה בדור הזה.

5 ועמקו מחשבותי בה וחכמי — אדום היו בעיני כחגבי
והלכתי בבתי־מדרשיהם — ואין מי יערך אתי קרבי...

ניט פיל איבערגעטריבן. דער פּראָפעסאָר פון די „וויכּוחים וועגן ליבע" איז טאַקע געווען אַ מאַן פון אַלזייטיקן וויסן. ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין דער גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע און שטאַרק געניט אין אַריסטוס מיטלאַלטערלעכע מפרשים. נאָר דער געבאָרענער פּאָעטישער חוש און די אָרטאָדאָקסישע טראַדיציעס, וואָס יהודה אַבּרבּנאַל האָט אַרויסגעטראָגן פון זיין פּאָטערס הויז, — זיי האָבן עס פיל מיטגעווירקט, וואָס אים האָט ניט געקאָנט באַפרידיקן דער ראַציאָנאַליזם פון דער אַריסטאָטיש־מיימוניס־טישער שיטה. אים האָט מער געצויגן צו דער מיסטישער אידעען־וועלט פון דער מיטלאַלטערלעכער קבלה מיט איר שטאַרקער נטיה צו נעאָפּלאַ־טאָניזם [1]. און די דאָזיקע סימפּאַטיעס האָבן זיך ביי אַבּרבּנאַלן נאָך באַדייטנד געשטאַרקט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין איטאַליע און זיך איינגעלעבט אין דער הומאַניסטישער אַטמאָספער, ווו עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געשפּירט די השפעה פון אַפּלטון און די נעאָפּלאַטאָניקער. דער באַשעפער פון „Phädon" און „Symposion" הייסט ביי אַבּרבּנאַלן דער „געטלעכער" אַפּלטון [2], און בעת אַבּרבּנאַל באַהאַנדלט די פילאָזאָפישע הויפּט־פּראָבלעמען, ווי צום ביישפּיל, די פראַגע: צי איז די חכמה דער מהות פון דער גאָטהייט אָדער בלויז איר אויסשטראַלונג (עמאַנאַציע) — שטעלט ער זיך אַנטשיידן אויף אַפּלטונס שטאַנדפּונקט און וואַרפט אָפּ אַריסטוס גרונט־פּרינציפּ [3]. אַבּרבּנאַל האַלט דערביי, אַגב, פאַר נייטיק זיך סומך זיין אויף דער אַלטער לעגענדע, אַז בעת אַפּלטון האָט געלעבט אין מצרים, האָבן אים די דאָרטיקע חכמי ישראל באַקענט מיט תורת משה און בכלל מיט דער יידישער אידעען־וועלט, און דערפאַר טאַקע איז זיין שיטה ריכטיקער ווי די אַריסטאָטישע [4].

„שנאה, קריג און מענטשלעכע שלעכטסקייט האָבן פיל מער נפשות אומגעבראַכט ווי אַלע מיני קרענק און אָנשיקעניש פון דער נאַטור צו־זאַמען", שרייבט אַבּרבּנאַל, וואָס ער גופא האָט געהאַט אַזוי פיל אויס־צושטיין פון מענטשלעכער שנאה און ווילדן פאַנאַטיזם. און דאָך איז

---

1 וועגן דער השפּעה, וואָס אויף אים האָט געהאַט דער יידישער נעאָפּלאַטאָני־קער, שלמה גבירול מיט זיין „מקור חיים", ווייזט אַבּרבּנאַל גופא אָן („ויכּוח על האהבה" דף 58, עמ׳ א׳).

2 „ויכּוח על האהבה", 22 עמ׳ א׳.

3 דאָרטן, 86, עמ׳ א: „הוא (אריסטו) מניח היות החכמה והאל דבר אחד בעצמו, ואפלטון אמר שהחכמה נמשכת מהאל... ואינם דבר אחד בעצמו כּדעת אריסטו".

4 דאָרטן, 85, עמ׳ ב׳: „אפלטון לפי שלמד מן הזקנים במצרים הספיק לעיין יותר... בהיות אפלטון תלמיד של זקנינו בדברים האלקיים למד יותר..." דאָרטן, 71, עמ׳ א׳: „שאפלטון שתה ממעייני התורה הקדושה".

דער פּראָפעסער פון די „וויכּוחים" פעסט איבערצייגט, און ער שטעלט עס טאַקע אַרויס אַלס זיין ערשטן „אני מאמין", אַז די ליבע איז דער יסוד פון דער וועלט, און עס עקסיסטירט גאָרניט אויסער איר. פון די דוממים, די קאַלטע געשטיינער, ביז די העכסטע הימלישע ספערן — אומעטום געוועלטיקט די ליבע; אַלץ שטרעבט צו האַרמאָנישער פאַר־בינדונג. דער גאַנצער וועלטאַל איז שוואַנגער מיט ליבע, און וואָס העכער די שטאַפּל, אַלץ דערהויבענער איז די מדרגה פון דער ליבע. אַפילו דער כאַאָס גופא, דער תוהו־ובוהו פון מעשה בראשית, איז דורכגעדרונגען מיט געשלעכטלעכער ליבע, מיט דער ליבע, וואָס שאַפט און פאַרבינדט, וואָס געפינט זיך אין שטענדיקער האַסטיקער באַוועגונג אין איר אומ־דערזעטלעכן גלוסטן נאָך באַהעפטונג. אַלץ איז דורכגעדרונגען מיטן דראַנג נאָך שטענדיקן שאַפן, אַלץ אָטעמט מיט דער אומשטילבאַרער גיריקייט נאָך שטענדיקן פאָרמען־וועקסל, נאָך נייע געבורטן. און אַלץ שטרעבט צו איין איינציקן ציל — דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון האַרמאָניע, צונויפגיסן זיך מיטן אורקוואַל פון האַרמאָנישער גאַנצקייט און אַבסאָ־לוטער איינציקייט — מיטן באַשעפער [1]. אַלע באַשעפענישן זיינען דורכ־געדרונגען מיט ליבע איינע צו די אַנדערע: די העכסטע צו די נידעריקע און די נידעריקערע צו די העכערע, ווייל זיי אַלע זיינען דאָך טיילן פון איין אָרגאַנישער גאַנצקייט [2]. אין שיינער פּאָעטישער פאָרם נוצט אַבּרבּנאַל אויס פּיטאַגאָרס זאָץ וועגן דער „האַרמאָניע צווישן די הימלישע ספערן". פּונקט ווי אין דער מוזיק ווערט געשאַפן אַן איינהייטלעכע האַר־מאָניע דורך די פאַרשיידנאַרטיקסטע איינצלנע אַקאָרדן און טענער, אַזוי ווערט אויך אויס די גוואַלטיקע באַוועגונגען פון די פּלאַנעטן און דעם אומאויפהערלעכן אומבייטן פון פאָרמען און געשטאַלטן געבאָרן דאָס אומפאַרגלייכלעכע, דאָס האַרמאָניש־גאַנצע אוניווערסאַלע ליבע־גע־זאַנג. און אַלץ איז אַזוי ענג צונויפגעפלאָכטן צוזאַמען, איינס איז אַזוי שטאַרק אָפּהענגיק פונם צווייטן, אַז ווי נאָר דאָס מינדסטע רינגעלע פאַלט אַרויס אויס דער דאָזיקער אומענדלעכער קייט — איז דאָס שוין

---

[1] דאָרטן, 67, עמ' א': „תכלית כל אהבות העולם הוא בשביל הפועל האחרון מההתאחדות עם בוראו". זע אויך דאָרטן, 55, עמ' א'; 43, עמ' א'.

[2] דאָרטן, 20, עמ' ב'. אַבּרבּנאַל שטעלט זיך דאָ אָגב אָפּ באריכות (בל. 17—20) אויף דעם אינם אַלטערטום און מיטלאַלטער אַזוי באַליבטן פאַרגלייך צווישן דעם בוי פונם מענטשלעכן קערפּער און דעם צוזאַמענלאַגערן פון די פּלאַנעטן. ער פלייסט זיך צו דערווייזן, אַז דער מענטשלעכער קערפּער איז אין דער בחינה פון אַ מיקראָקאָסם, ד"ה אַ זעיר אַנפּין, אַ מיניאַטור־בילד פון דעם גרויסן וועלטאַל, און יעדער טייל פון דעם דאָזיקן מיקראָקאָסם האָט זיך זיין שפּיגלבילד אין דעם מאַקראָקאָסם — אין דעם געוואַלטיקן געביי פון דעם וועלטאַל.

גענוג, עס זאָל צעשטערט ווערן די גאַנצע הארמאָנישע גאַנצקייט [1]. אָט די דאָזיקע ליבע, וואָס דרינגט דורך דעם גאַנצן וועלטאַל, איז ניט אויסן בלויז די הנאה און באַפרידיקונג פון יעדן חלק פאַר זיך — זי שטרעבט צו אַלגעמיינער הארמאָנישער אחדות, וואָרעם אָן דער דאָזיקער הארמאָניע ווערן אויך גלייך צעשטערט די אַלע חלקים באַזונדער. און אָט פון אַזאַ אַלוועלטלעכן פאַרנעם — שטרייכט אַברבנאַל אונטער, — איז די באַוווּסטזיניקע ליבע פון די אויסדערוויילטע מענטשן, וואָס האָבן דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון שלימות [2]. אָט דערפאַר טאַקע שטרעבן ניט נאָר די נידעריקערע מדרגות צו די מער העכערע, בכדי צו דערגרייכן די געוווּנטשענע הארמאָנישע שלימות, נאָר אויך די העכערע צו די מער נידעריקערע און ווייניקער פאַרפולקומטע. „וואָרעם, ווייזט אָן דער בעל ה„וויכּוחים", קיין אמתע שלימות קאָן גאָרניט געמאָלט זיין דאָרט, ווו לעבן איר געפינט זיך אויך דאָס נידעריקערע און פגימותדיקע" [8].

ארויסגייענדיק פון אָט דעם טיפן געדאַנק, קומט אַברבנאַל צום פאָלגנדיקן פועל־יוצא: עס זיינען, זאָגט ער, פאַראַן צוויי ארטן ליבע: איין ארט ליבע איז פון ריין־פאַסיוון כאַראַקטער, איר מוטער איז דאָס געפיל פון ניט־באַפרידיקטקייט, דאָס באַוווּסטזיין פון ניט דערגרייכטער שלימות. דאָס איז די ליבע, וואָס לעכצט נאָך באַשענקונג און באַפרוכ־פערונג. עס עקסיסטירט אָבער אויך אַ ליבע פון אַ גאַנץ אַנדערן מין — די אַקטיוו שאַפנדיקע, וואָס באַשענקט און איז משפיע; זי שטרעבט אַלץ אַרום צו באַגליקן און אָנזעטיקן מיט איר גוואַלטיקן רייכטום, וואָס שפּראָצט און שטראָמט אויס איר ווי אויס אַ מעכטיקן קוואַל [4]. די העכסטע אַנטפּלעקונג פון אַזאַ שיינער וווּנדערבאַרער ליבע, מיט איר חשק צו באַשענקען אָן אַ שום פאַרגיטיקונג און באַצאָלונג, און מיט דעם גוואַלטיקן דראַנג צו דערהויבן אַלץ אַרום צו דעם העכסטן שטאַפּל פון שלימות — דאָס איז די ליבע פון גאָט צו דער וועלט [5]. קיין שום אמתע

---

1 דאָרטן, 21, עמ' א.

2 דאָרטן, 21, עמ' ב': „כי הם אוהבים לא בשביל ההטבה הפרטית והמיוחדת לאחד מהם אלא בשביל הכללית לכל המציאות כי בלתה יפסד הכל, ומזה המין היא אהבת האנשים המעולים".

8 דאָרטן, 36, עמ' ב': „כי הסרון התחתון יורה חסרון אל העליון, כי גרעון העלול מורה גריעות העילה, וא"כ כשהעילה אוהבת העלול שלו והעליון את התחתון הנה מתאוה שלמות התחתון וליחד אותו עמו כדי שינצל מהחסרון והגריעות לפי שבזה ינצל הוא עצמו מחסרון והעדר שלמות".

4 דאָרטן, 36, עמ' א'.

5 דאָרטן, 50, עמ' א'; 90, עמ' ב'.

שלימות קאָן גאָרניט געמאָלט זיין, זי זאָל ניט שטרעבן ווירקן אויף אַלץ ארום זיך, און ניט וועלן משפיע זיין אויף אַנדערע פון איר שלימות. „דער פרוכט־טראָגנדיקער בוים איז שענער און פולקומער פון דעם פּרוכטלאָזן, און דער לעבעדיקער קוואַל, וואָס באַפרוכפערט און געפינט זיך אין שטענדיקער באַוועגונג, איז ניט אין פאַרגלייך שענער פון דעם שטייענדיקן, ווען אַפילו קרישטאָל־ריינעם וואַסער״[1]. ווייל גאָט איז דאָך בתּכלית השלימות, מוז ער זיין עצם נאָך משפיע זיין אויף אַלץ ארום, באַשטראַלן און באַלייכטן מיט זיין פולקומענעם גלאַנץ. אָט טאַקע דער־פאַר ווערט אַלץ דורך אים באַשאַפן און רעגירט, דערפאַר איז אַזוי גרויס זיין ליבע צו אַלץ, וואָס ער האָט באַשאַפן, און שטאַרק איז זיין ווילן, אַלע באַשעפענישן זאָלן דערגרייכן זיין מדרגה פון שלימות[2].

ווייל די עקסיסטירנדיקע וועלט איז דער פועל־יוצא פון דער געט־לעכער ליבע, איז די שלימות פון דער גאָטהייט ענג פאַרבונדן מיט דער שלימות פון זיינע באַשאַפונגען, וואָס זייער העכסטער ציל איז דאָך צוריקקערן צום באַשעפער און זיך באַהעפטן מיט אים (כי כמו שהמציאות של העולם הוא תלוי בהשפעת האלקית בו, כך הפעולות של השלימות שלו תלוים בהחזרה האמיתית של העולם באלקות עצמו שהושפע ממנו בראשונה). גאָט איז די ערשטע סיבה און אויך דאָס לעצטע ציל; ווי איין איינציקער שטראַל פון דער ליכטיקער זון שפיגלט זיך אָפּ אין דער גאַנ־צער עשירות פון די רעגנבויגן־פאַרבן, אַזוי אַנטפּלעקט זיך די איינציקע און ערשטע סיבה אין דער פילפאַכקייט פון זיינע באַשעפענישן, וואָס שטרעבן אַלע צוריקקערן צו דער איינציקייט, וואָס האָט זיי געבאָרן[3]. און אַבּרבּנאַל שילדערט אין שיינע פאַרבנבילדער דעם פאַרכּישופטן

---

[1] דאָרטן, 94, עמ׳ ב׳.

[2] דאָרטן, 53, עמ׳ א׳: „וזה השלמות של ההצטרפות ההיא הוא תכלית אהבת האל לעולמו ולכל אחד מחלקיו, ובשבילו השלמות העליון האלקי הוא בתכלית השלמות. וזהו תכלית האהבה האלקית והנכסף מאתו ובשבילו הוא ממציא את הכל ומקיים הכל ומנהיג הכל ומניע הכל...״

[3] ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער טעאָרעטיקער פון דער דייטשער ראָמאַנטישער באַוועגונג און גוטער קענער פונם נעאָפּלאַטאָניזם, פרידריך שלעגעל, חזרט איבער כּמעט וואָרט ביי וואָרט דעם דאָזיקן אברבנאלס געדאַנק. „די גאָטהייט, זאָגט שלעגעל, איז פון אייביקייט אָן די אומענדלעכע אייניקייט, זי דאַרף אָבער אויך זיין די אַבּסאָלוטע פולקומהייט. אָט אין דעם ליגט דער סוד פון וועלט־באַשאַפן: אויס די טיפענישן פון דער אַבּסאָלוטער איינציקייט ווערט געבאָרן דאָס בענקען נאָך אינהאַלט און איבער־פולקייט, ווייל נאָר דאָס קאָן געבן די אַנטפּלעקונג פונם אומענדלעכן, דער געשיכטע פון דער גאָטהייט כּביכול, די העכסטע מדרגה פון שלימות״.

[3] דאָרטן, 60.

„עיגול פון ליבע", ווי אַזוי דער גאַנצער וועלטאַל־קאָסמאָס איז כביכול אויף צוויי העלפטן צעשפּאָלטן, וואָס שטרעבן אומאויפהערלעך זיך ווי־דער צוזאַמען באַהעפטן: די נידעריקע מדרגות שטרעבן אין דער הויך צום סימבאָל פון שלימות, און דאָס דערהויבענע און פולקומע שטרעבט דערהויבן צו זיך דאָס נידעריקע און פאַרגרעבטע, באַשטראַלן עס און באַשענקען מיט אייגענער שיינקייט און שלימות[1]. און אין דער סאַמע מיט פון אָט דעם קאָסמישן ריזיקן עיגול געפינט זיך דער מענטש, וואָס זיין נשמה איז „אַ קלייגער פונק פון דעם אומענדלעכן געטלעכן ליכט" (ניצוץ קטן מהזוהר האלקי הבלתי בעל תכלית). זי, די נשמה, מיט איר וווּנדערבאַרער גאָב גאָט צו דערקענען, איז דער פאַרבינדונגס־רינג, וואָס פאַראייניקט דעם עולם העליון פון גייסטיקער שלימות מיטן מאַטעריעלן עולם התחתון.

דאָ האַלט אַבּרבּנאַל פאַר נייטיק זיך ענגער אָפּצושטעלן אויף דעם פונקט, וואָס פאַרנעמט אַזאַ וויכטיקן אָרט אין דער אריסטו־מיימונישער עטיק. געוויסע דענקער — ווייזט אָן אַבּרבּנאַל — באַהויפּטן, אַז דאָס העכסטע מענטשן־גליק באַשטייט אין גאָט דערקענען, אַנדערע ווידער געפינען, אַז דאָס העכסטע גליק באַשטייט אין דער ליבע צו גאָט. עס איז קיין ספק ניט, פירט אַבּרבּנאַל אויס, אַז דער שכל איז דער וועג־ווייזער פאַר די מענטשלעכע געפילן; ער, דער פאַרשטאַנד, פירט עס דעם מענטשנס גייסטיקע כוחות צום באַשטימטן ציל — באַגרייפן און משיג זיין גאָטס גרויסקייט. אָן דעם קאָן קיין אמתע ליבע גאָרניט געמאָלט זיין. דער שכל איז אָבער ניט דער איינציקער „מלך בכיפה". וואָס שטאַרקער עס וואַקסט די ליבע, אַלץ מער דערנענטערט זיך דער מענטש צו דער העכ־סטער גייסטיקער מדרגה, ווען דער ניכטערער פאַרשטאַנד בלייבט הינ־טערשטעליק, און דער פריערדיקער וועגווייזער ווערט שוין באַוועלטיקט און געפירט דורך אַן אַנדערער, שטאַרקערער קראַפט. דער מענטש דער־גרייכט די מדרגה פון אַזאַ אומבאַשרייבלעכער גליקלעכער פרייד, וואָס ניט דער שכל איז זי אימשטאַנד צו געבן און אפילו ניט די ליבע: דורך דעם פּאַטאָס פון התפשטות הגשמיות, דורך דער העכסטער אָנשטרענגונג פונם ווילן, אַנטשטייט פּלוצלונג די אומדערוואַרטע אַנטפּלעקונג, די קרישטאָל־קלאָרע זעונג, און דעם מענטשנס נשמה דערפילט איר דבקות, איר באַהעפטן זיך מיט דער גאָטהייט, איר איינס זיין מיט גאָט[2].

---

1 דאָרטן, 92—93.

2 דאָרטן, 10, עמ' א'.

דער שכל, זאָגט ווייטער אַבּרבנאל, העלפט אוודאי פיל די ליבע צו גאָט דערוועקן; ווי נאָר די ליבע איז שוין וואַך, בלייבט זי אָבער מער ניט אונטער דעם ניכטערן שכלס שליטה; אדרבה, זי גופא רעגירט שוין איבער אים. ניט דער פּראַקטישער אַלץ באַרעכנדיקער און קאַלט צעגלידערנדיקער שכל פירט עס אָן מיטן מענטשן, בעת יענער איז זיך מוסר־נפש מיט גרויס התלהבות פאַר זיין היים־געליבטן גאָט. וואָס קען זיין דערהויבענער פון דער דאָזיקער ברענענדיקער ליבע און וואָס קאָן זיין שענער פון דעם דאָזיקן קרבן! דער פּראַקטיש ניכטערער שכל, וואָס טראַכט קודם־כל וועגן תכלית און נוצן, איז גאָר ניט קאַפּאַבּל משיג צו זיין די געוואַלטיקע מתיקות און דאָס באַגליקנדיקע פרייד־געפיל פון אָט די ליידן און צער, וואָס ווערן אָנגענומען אויס ברענענדיקער גרויסער ליבע [1].

דאָ באַרירן מיר דעם וויכטיקסטן קערן־פּונקט פון אַבּרבנאלס פילאָזאָפישן וועלט־באַנעם. די ליבע — דערקלערט דער דאָזיקער טרייער זון פון דער רענעסאַנס־תקופה — איז דער יסוד פון דער וועלט (האהבה היא עקרית בכל העולם), די מוטער פון אַלעם גוטן. און דאָך איז די ליבע נאָך ניט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. עס איז פאַראַן נאָך העכערס, און דאָס העכסטע — דאָס איז שיינקייט, אַקטיווע שיינקייט, וואָס אַנטפּלעקט זיך אינם פּראַצעס פון ווערן און באַשאַפן. אמתע שיינקייט קאָן אָבער ניט געמאָלט זיין דאָרט, ווו עס פעלט גייסט און רוחניות. דאָס ריין־קערפּערלעכע קאָן זיין בלויז נוצלעך, קאָן דערגרייכן די מדרגה פון גוטן, עס איז אָבער נאָך ניט די בחינה פון שיינקייט. דער אמתער חן פון שיינקייט שימערירט בלויז אין דער מלוכה פון גייסט [2].

בעת ער דערקלערט דעם יסוד פון תפארת, דעם מהות פון שיינקייט, וואָס פאַרנעמט דעם צענטראַל־פּונקט אין די „דיאַלאָגן״, באַנוצט זיך אַבּרבנאל מיט דעם ביי די נעאָפּלאַטאָניקער און אויך בעלי־קבלה אַזוי באַליבטן געדאַנק וועגן דער דרייאייניקייט פון דעם געטלעכן מהות. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן [3], ווי אַזוי דער „ספר יצירה״, דער „זוהר״ און

---

[1] דאָרטן, 11, עמ׳ ב׳: „ואיזה אהבה היא יותר נאותה מאהבת האל, ואיזו היא יותר עזה ומשולחת ממנה? שהרי אינה מסודרת מן השכל המנהיג ומקיים את האדם, כי רבים הם שאינם מחשיבים את עצמם בעבור אהבת האל ומבקשים למות, וכמה הם שבעבור עוצם אהבת האל אינם אוהבים את עצמם... שהשכל לא יסכים בזה אלא כל הישרותיו הם לקיים החיים הנאותים... שהאהבה עם היותה כל כך עזה וחזקה בכאב אנוש לא יוחיל הרצון ולא יחמוד לצאת ממנה״...

[2] דאָרטן, 53, עמ׳ א׳: „וא״כ בדברים הטובים שיש להם רוחניות והם מוחשי החושים הרוחנים נמצא בהם חן ויופי; אמנם בדברים הטובים החמרים מאוד ובמוחשי החושים החמרים לא נמצא בהם חן של יופי ולכן גם שהם אינם טובים יפים״.

[3] דריטער באַנד, ביילאַגע נומ׳ 9.

פילע מיטלאַלטערלעכע יידישע דענקער שטרייכן אונטער, אז אין גאָטס וויסן גיסן זיך צוזאַמען אין איין גאַנצקייט באַוווּסטזיין און זיין, וואָרעם ער כביכול איז אין איין און דער זעלבער צייט דאָס וויסן, דער וויסנדער און דאָס וואָס ווערט דערוווּסט און דערפאַרשט. אָט דער דאָזיקער גע־דאַנק באַקומט ביי אַברבנאַלן אַ נייעם לבוש. ער שטעלט דעם טראָפּ ניט אויפן וויסן, נייערט אויף דער ליבע. גאָט, זאָגט אַברבנאַל, איז ניט נאָר דער וואָס ליבט, נאָר אויך דער, וואָס ווערט געליבט. ער ליבט מיט זיין אייביקער ליבע זיין אייגענע געטלעכע שיינקייט. „אין גאָט איז די שיינקייט פריער פון דער ליבע... די מוטער פון ליבע איז די שיינקייט" (אב האהבה הוא היפה... כי באל היופי הוא קודם האהבה). „דער ער־שטער פינטל, דער אָנהייב פון אַלץ — איז די געטלעכע שיינקייט" (הנקודה שהיתה ההתחלה — היופי האלקי) [1]; שיינקייט איז העכער פון אַלץ, זי איז דער אורקוואַל פון אַלץ, חזרט מערערע מאָל איבער דער בעל ה„וויכּוחים". און אָט די געליבטע געטלעכע שיינקייט, די ליבנדע גאָט־הייט און די ליבע גופא — זיינען איינס [2]. מיר מיט אונזער שכל, איז אַברבנאַל מוסיף, קאָנען דאָס ניט משיג זיין, ווייל אונזער שכל, וואָס איז באַגרענעצט מיט די באַגריפן פון צייט און אָרט, מוז פונאַנדערטיילן דעם געדאַנק, דעם דענקענדן און דאָס, וואָס ווערט געדאַכט. אויס דעם גלאַנץ פון דער געליבטער געטלעכער שיינקייט ווערט אויסגעשטראַלט דער שכל הכולל, דער אוניווערסאַלער שכל, דער פאָטער פון אַלע געשטאַלטן, דער מקור פון אַלע פאָרמען און דערשיינונגען. אויס אים, דעם געטלעכן שאַפנדן שכל, ווערט אויסגעשטראַלט די אורמאַטעריע, די מוטער פון דער וועלט; און אויס דעם ליבע־פאַרבונד פון די ביידע גרונט־יסודות ווערט געבאָרן אַלץ, וואָס עקסיסטירט [3].

ווי ביי דעם רוב מיסטיקער טראָגט אויך ביי אַברבנאַלן זיין וועלט־באַנעם אַ געוויסע עראָטישע פאַרבונג. אין דעם סעקסועלן גופא זעט אַברבנאַל עפּעס געטלעכס און הייליקס, אַן אָנטפּלעקונג פון מיסטישע איבערלעבונגען. דאָס געשלעכטלעכע לעבן, דער זיווג צווישן מאַן און ווייב, דאָס איז די ערדישע אָפּשפּיגלונג פון דער הימלשער מיסטעריע —

---

1 דאָרטן, 60, עמ׳ א. עס באַמערקט זיך דאָ בלי־ספק די השפעה פון פּלאַטאָס באַרימטן דיאַלאָג „Symposion".

2 דאָרטן, 60.

3 דאָרטן: „מהזוהר היופי האלקי הנאהב נמשך השכל הכולל עם כל הדוגמות שהוא אב אל המציאות וצורה ובעל ואהוב אל ההיולי, ומן השכל האלקי הבהיר והחכם האוהב נמשך ההיולי אם העולם אוהבת ואשת השכל הראשון ומן האהבה האלקית, המוחרת שנולדה משניהם נמשך המציאות הנעים".

די הייליקע געטלעכע באהעפטונג צווישן דער העכסטער שיינקייט מיט דער העכסטער חכמה [1].

נאָר גאָט כביכול, דער מקור פון שיינקייט, בלויז ער קאָן משיג זיין די מדרגה פון זיין שיינקייט. צו שוואַך, צו אומבאהאָלפן איז אונזער שפּראַך מיט אירע מאַטעריעלע בילדער און סימבאָלן, זי זאָל זיין אימשטאַנד צו געבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער דאָזיקער געטלעכער שיינקייט. מיר קאָנען וועגן אירריידן בלויז אין משלים און רמזים, און דאָס שענסטע און טיפסטע אויף דעם געביט, שטרייכט אַבּרבנאל אונטער, דעם וווּנדערבאַרסטן משל וועגן דער געטלעכער ליבע און געטלעכער שיינקייט, האָט פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט שלמה המלך אין זיין געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען — אין דעם שיר־השירים, ווו דער טיפסטער געטלעכער סוד, די רזי דרזין, ווערן איבערגעגעבן אין סימבאָלן פון מענטשלעכע ליידנשאַפטן און באַגערן [2].

ווייל די געטלעכע שיינקייט איז דאָך די העכסטע מאָס מיט וועלכער עס ווערט געשאַצט און געמאָסטן יעדע מדרגה פון שיינקייט [3], איז די אמתע שלימות פון שיינקייט אָן דעם מינדסטן שמץ פון גשמיות. און די שיינקייט, וואָס שוועבט איבער מאַטעריעלע קערפּערם און איבער די ערדישע באַשעפענישן פון אונזער וועלט — דאָס איז בלויז אַ בלאַסער שאָטן, אַ שוואַכע אָפּשפּיגלונג פון דער אמתער גייסטיקער שיינקייט. און בלויז דער, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ טיף פילנדער, גייסטיק רייכער נשמה — קאָן עס ערשט באַגרייפן די אויסטערלישע שיינקייט פון דער וועלט־נשמה. ווי אַ בלינדער איז ניט אימשטאַנד געהעריק אָפּשאַצן דעם ווערט פון פאַרבן־פּראַכט, אַזוי, — שטרייכט אַבּרבנאל אונטער — קאָן אַ מענטש מיט אַ פאַרגראָבטער, ניט געלייטערטער נשמה ניט משיג זיין די פּראַכט פון אמת גייסטיקער שיינקייט, וואָס באַשיינט ווי זונענשטראַלן דעם גאַנצן חלל פון דער וועלט [4]. און וואָס דערהויבענער און באַגייס־

---

1 דאָרטן, 87, עמ' א': „זיוג האיש והאשה הוא דמות אל זיוג הקדוש האלקי מהיפה העליון והיופי והחכמה העליונה". זע אויך דאָרטן, 61, עמ' א.

2 אַבּרבנאל זעט אין „שיר השירים" אַן אַלעגאָריע וועגן דעם הייליקן פאַרבונד צווישן דער געטלעכער שיינקייט און דער געטלעכער חכמה (דאָרטן, 86—87, 95). עס איז אָגב כדאי אונטערצושטרייכן פאָלגנדיקן מאָמענט, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער תקופה: פּונקט ווי די מיימוניסטן האָבן זיך געפליסט צו אַלעגאָריזירן פילע ערטער אין דער ביבל, אַזוי האָט אַבּרבנאל געזען אויך אין דער גאַנצער גריכיש־רוימישער מיטאָלאָגיע בלויז משלים און אַלעגאָריעס (דאָרטן, 21—33, 68, 74 אאַז"וו).

3 „יופי הבורא הוא המדה לכל יופי".

4 דאָרטן, 77.

טערטער ס'איז דער מענטש — אַלץ מער ווערט זיין נשמה דורכגעדרונגען פון געטלעכער שיינקייט. דעם מענטשנס געלייטערטע נשמה איז דער ברענפונקט, וואָס זאַמלט אין זיך צונויף אַלע פונקען פון שיינקייט, וועלכע זיינען צעזייט איבער די ברייטע ווייטן פון דער וועלט מיט איר גאַנצער עשירות פון באַשעפענישן און ערשיינונגען. דער מענטש מיט זיין ליבע און בענקשאַפט נאָך שיינקייט איז דער רינג, וואָס פאַראייניקט די וועלט מיט איר באַשעפער [1]. און אָט אין דער פאַרבינדונגס־ראָלע, אין דעם באַוווּסטזיין, אַז ער איז דער נייטיקער רינג — איז פאַרבאָרגן דאָס גרעסטע גליק און תענוג־געפיל פונם מענטשן.

בעת אינם קריסטלעכן מיטלאַלטער האָט דער דערשראָקענער און פאַראומערטער מענטש געקוקט אויף דער וועלט ווי אויף אַ מאָל פון טרויער און צער — זעען מיר ווי אַבּרבנאַל, אויפגעוואַקסן אויף די אידעען־שטרעמונגען פון די מיטלאַלטערלעך אַראַביש־יידישע דענקער און פון די הומאַניסטן פון זיין דור, רעדט מיט גדלות און זעלבסטבאַוווּסטזיין אין אַ רייכער בילדערישער שפּראַך וועגן דעם אומגעהייער גרויסן באַטייט פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, און וועגן דער אוניווערסאַלער ראָלע, וואָס זי שפּילט אין דעם אומענדלעכן קאָסמאָס. אַבּרבנאַל איז פעסט איבערצייגט, אַז אויף יעדער מענטשלעכער נשמה רוען די שטראַלן פון דער געטלעכער אומענדלעכער שיינקייט, און יעדער מענטש, אַבי ער שטרעבט נאָר מיט ליבע צו גאָט, טראָגט אין זיין באַגרענעצטן מהות די גאָטהייט מיט איר גאַנצער פּראַכט, וואָרעם גאָט — דער העכסטער שטאַפּל פון יושר, גערעכטיקייט, ליבע און לייטזעליקייט [2] — איז ניט נאָר אונזער באַשעפער, נייערט אויך אונזער טרייער ראַטגעבער און וועגפירער [3]. הלוים מייסטער־פערז: „דרשתי קרבתך, בכל לבי קראתיך, ובצאתי לקראתך — לקראתי מצאתיך" — געפינט ביי אַבּרבנאַלן זיין ווייטערן, פילאָזאָפיש־מיסטישן פּירוש. גרויס, אומענדלעך גרויס ווערט דעם מענטשנס נשמה בעת זי שטרעבט אויף די פליגלען פון ליבע איר גאָט אַנטקעגן. וואָרעם וואָס דערהויבענער ס'איז די ליבע, אַלץ ווונדערבאַרער און פּראַכטפולער איז די געטלעכע שיינקייט, וואָס שיינט איר אַנטקעגן; און אין באַגליקטער אַנטציקונג גיסט זי זיך צונויף, די צאַפּלענדיק־ליבנ־

1 דאָרטן, 63, עמ' א'.

2 דאָרטן, 6, עמ' ב': „איזהו רחמנות וחנינה גדולה יותר מהאלקית? ואיזהו צדק יותר שלם מהנהגתו יתברך? ומה הוא הטוב יותר גדול והאמת היותר קיים והחכמה היותר עמוקה והתבונה היותר ישרה מאותם שאנו מכירים בו יתברך?"

3 דאָרטן.

דיקע מענטשלעכע נשמה, מיט גאַט צוזאַמען, שמעלצט זיך צונויף מיט זיין שיינקייט[1].

די איטאַליענישע „דיאַלאָגן” פונם יידישן דענקער האָבן געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם. אין משך פון פופצן יאָר (1535—1550) האָט אַבּרבּנאַלס ווערק אויסגעהאַלטן פינף אויסגאַבּן.

„ווען דעם יידן לעאָנס „דיאַלאָגן” — ווייזט אָן אַ באַדייטנדיקער איטאַליענישער שריפטשטעלער פון יענער צייט[2] — וואָלטן געווען געשריבּן אין אַזאַ שיינעם איטאַליענישן סטיל, ווי שיין ער האָט זיי פאַרפאַסט אין זיין שפּראַך (in lingua sua)[3], דאַן וואָלטן מיר זיך ניט געהאַט וואָס מתקנא צו זיין ניט אין די רוימער און ניט אין די גריכן”. צוויי פּראָנצויזישע שריפטשטעלער, דעניס סילוועסטר און דיו־פּאַרק, האָבּן די „דיאַלאָגן” איבּערזעצט אויף פראַנצויזיש און זיי געווידמעט דער פראַנצויזישער מלכּה קאַטערינע מעדיטשי (1551); באַלד דערנאָך איז אַבּרבּנאַלס ווערק איבּערזעצט געוואָרן אויף לאַטיין, און דער יידישער היסטאָריאָגראַף גדליה אבּן יחיא האָט עס איבּערזעצט אויף שפּאַניש[4] און עס געווידמעט דעם שפּאַנישן קיניג, דעם גרויזאַמען און האַרט־פאַרביטערטן פיליפּ דעם צווייטן. דאָס ראָמאַנטישע בּוך וועגן „ליבּע” איז דערלאַנגט געוואָרן אַלס מתּנה איינעם פון די גיפטיקסטע מענטשנפיינד...

און וואָס פאַר אַ שם אַבּרבּנאַלס „ליבּע־דיאַלאָגן” האָבּן זיך דערוואָרבּן אין שפּאַניע, דערויף זאָגט עדות דער גאונישער באַשעפער פונם „דאָן־קיכאָט”, סערוואַנטעס. „באַרירסטו — אַזוי עצהט אינם „פּראָלאָג” דעם פּאַרפאַסער זיין פריינד — די ליבּע־פּראָבּלעם, ווענד זיך דאַן צו לעאָ העבּרעאָ, ער וועט דיך בּאַלערנען אין אַ גאַנץ פולער מאָס”.

---

1 דאָרטן, 95.

2 דער איטאַליענער טאָלאָמעאָ קלודיאָ אין אַ בּריוו פון 1547.

3 אונטער דעם אויסדרוק in lingua sua דאַרף מען אפשר פאַרשטיין די העבּרעישע שפּראַך. זע ז׳ 24, הערה 2.

4 אין דער נייער צייט (1905) איז ערשינען אַ נייע שפּאַנישע אויסגאַבּע פון אַבּרבּנאלס „דיאַלאָגן”.

# צווייטער קאַפּיטל

די יידישע מיסטיק און די איטאַליענישע הומאַניסטן. — פּיקו מיראַנדולאַ; אליהו דעל־מעדיגאָ און זיין „בחינת הדת". — יוחנן אַלעמאַנו און זיין לערע וועגן דעם „געטלעכן שיגעון". — רייכלין* און ווידמאַנשטאַדט, ברוך אוים בענוועגטאָ און יעקב מאַנטינאָ. — די העברעיִשע שפּראַך און די אַנטיקע וועלט. — כשה אבן חביב און זיין „דרכי נועם". — מיסר לעאָן און זיין „נופת צופים"; די לאַטיינישע קלאַסיקער און די ביבל־ערקלערונג. — אברהם די באַלמעס און זיין „מקנה אברהם". — אליהו לעוויטאַ אַלס שפּראַך־פאָרשער; זיינע קריסטלעכע פריינט און תלמידים. — די ערשטע יידישע דרוקערייען. — לעוויטאַ אַלס קאָרעקטאָר. — מיסיאָנערישע טענדענצן; סעבאַסטיאַן מינסטער און פּוילוס פּאַגיוס אַלס אַרויסגעבער פון מיסיאָנערישע ווערק. — באָנעט די לאַטעס. — יוסף אבן יחיא און זיין „תורה אור".

מיר האָבן שוין אין פריִקן קאַפּיטל אָנגעוויזן, וואָס פאַר א גרויסן רושם אַברבנאלס „דיאַלאָגן" האָבן געמאַכט. די אידעען, וואָס ווערן דאָרט פילאָזאָפיש באַלויכטן, זיינען געווען אַזוי צום הארצן די הומאַניסטן פון יענער צייט, אַז עס איז ניט קיין חידוש, וואָס אַברבנאלס ווערק איז געווען איינס פון די באַליבטסטע ווערק פון יענער תקופה. אַברבנאלס פילאָזאָפיש־מיסטישע געדאַנקען וועגן דעם אַקטיוון און פּאַסיוון עלעמענט, וועגן דער דרייאייניקייט פון דעם שאַפנדיקן „פאָטער", עמפּפאַנגנדער „מוטער" און דער פרוכט פון זייער ליבע, געפינען זיך אין אַזאַ גרויס קרבותשאַפט מיט קריסטלעך־רעליגיעזע אָנשויונגען, אַז עס איז אַפילו געשאַפן געוואָרן א לעגענדע, אַז דער פאַרפאַסער פון די „דיאַלאָגן" האָט סוף ימיו אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. זייער ווייניק האָט מען נאָך דעמאָלט געוווּסט וועגן דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון די נעאָפּלאַטאָנישע אידעען, און מען האָט נאָך קיין שום באַגריף ניט געהאַט, אַז הן די יידישע מיסטיק, הן דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער לבוש פון דער קריסטלעכער אמונה — ביידע האָבן זיי אין געוויסער מאָס געשעפּט פון איין קוואַל, ווייל זיי האָבן ביידע צוזאַמען זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון איין און דער זעלבער אידעען־וועלט, וואָס איר מקור זיינען געווען די נעאָפּלאַטאָניקער. די הומאַניסטן, וואָס זיינען געווען באַקאַנט און באַפריינ־

דעם מיט פילע יידישע געלערנטע, האָבן באַלד איינגעזען, אַז געוויסע נעאָפּלאַטאָנישע אידעען, וואָס זיינען זיי אַזוי צום האַרצן, האָבן די יידישע מיסטיקער, בפרט די באַשעפער פונם „זוהר", אויפגעבויט אין אַ גאַנצן סיסטעמאַטישן בנין. די הומאַניסטן הייבן דערפאַר אָן זיך אינ־טערעסירן מיט דער יידישער מיסטיק, און באַקומען שטאַרק חשק צו באַ־קענען זיך מיט די קבלה־ספרים. די יידישע געלערנטע זיינען בכלל געווען זייער אָנגענומען אין איטאַליע, איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס ביי די הומאַניסטן־נעאָפּלאַטאָניקער איז געווען זייער פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז ספּעציעל אין די יידישע אַלטע מאַנוסקריפּטן זיינען באַהאַלטן גאַנצע אוצרות פון טיפן וויסן. אַלס פועל־יוצא דערפון זעען מיר טאַקע ווי אין סוף פונם 15טן יאָרהונדערט ווערט אין די קריסטלעכע הומאַניסטישע קרייזן גאַנץ גרויס דער אינטערעס צו חכמת ישראל, בפרט צו קבלה. פילע הומאַניסטן בעטן זייערע באַקאַנטע יידישע געלערנטע, זיי זאָלן זיי באַ־קאָנען בעל־פּה אָדער דורך איבערזעצונגען מיט די גרונט־אידעען, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין די יידישע ספרים.

דאָ מוזן מיר זיך קודם־כל אָפּשטעלן אויף דער השפּעה, וואָס יידישע געלערנטע האָבן געהאַט אויפן באַרימטן פּיקו די מיראַנדולאַ, וועמעס יוגנטלעכע כוחות ס'האָט אַזוי אומברחמנותדיק אויפגעצערט דער אומשטילבאַרער דורשט נאָך אמת און וויסן, און שוין צו 31 יאָר האָט ער זיין פריצייטיקן קבר געפונען. דער דאָזיקער וווּנדערלעכער מאַן איז ניט געווען קיין באַדייטנדיקער אָריגינעלער דענקער, ער איז אָבער געווען איינער פון די יחידי סגולה, פון די מערקווערדיקע נאַטורן, וואָס ווייסן ניט פון רו און באַפרידיקונג: מיט צאַפּלדיקע, בענקענדיקע הערצער זוכן זיי אומדערמידלעך אין זייער שטורמישן דראַנג צו אַנטפּלעקן און דער־פאָרשן די פאַרבאָרגענע סודות, וואָס הילן איין דאָס מענטשלעכע לעבן און דאָס קאָסמישע זיין...

פּיקו דע מיראַנדולאַ קאָן בשום אופן ניט מסכים זיין מיט די, וואָס אינטערעסירן זיך בלויז מיט דער אַנטיקער גריכיש־רוימישער וועלט, און ווילן פון אַנדערע קולטורעלע פאַקטאָרן ניט וויסן. ער איז געווען פעסט איבערצייגט אין דעם גרויסן ווערט פון אַנדערע קולטורן אויס פאַרשיי־דענע תקופות און פעלקער, און פלעגט שטענדיק אונטערשטרייכן, אַז אַפילו אין די מיטלאַלטערלעכע האַלב־פאַרגעסע כתב־ידן קאָן מען גע־פינען אַן ענטפער אויף זייער וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פון דער אַנטיקער וועלט אַפילו ניט געשטעלט געוואָרן. אָט אויס די דאָזיקע פאַר־געלטע און פאַרגעסענע בלעטער, פאַרזיכערט פּיקו די מיראַנדולאַ, לאָזן זיך הערן קלאָר און דייטלעך פאָלגנדיקע ווערטער: אייביק וועלן מיר לעבן,

ניט אָבער אין די מוחות פון די טרוקענע פילאָלאָגן, נאָר אין די הערצער פון אמתע חכמים, וואָס פילפולן זיך ניט מכוח יעדער קליינקייט פון מיטאָלאָגישע אגדות, נייערט גיבן זיך אָפּ מיט די טיפע פּראָבלעמען וועגן גאָט און דעם מענטשן. ווער עס האָט אָפענע אויגן, דער קאָן זען און באַגרייפן, אַז אַפילו די פעלקער, וואָס מען שטעמפּלט זיי מיטן פאַראַכטלעכן נאָמען „באַרבאַרן", זיינען געווען רייך אין גייסט, ניט נאָר אויף די ליפּן, נאָר טאַקע אין הארצן [1].

באַזונדערס שטאַרק האָט פּיקו דע מיראַנדולאַ אינטערעסירט די יידישע מיטלאַלטערלעכע ליטעראַטור, וואָס איז געשריבן אויף אַזאַ שווער צוגענגלעכער שפּראַך. מיט גרויס ענערגיע האָט ער זיך געפּלייסט אַריינדרינגען מיט דער הילף פון זיינע יידישע געלערנטע פריינד אין די אוצרות, וואָס זיינען אָנגעזאַמלט אין די צאָלרייכע יידישע חקירה־ און קבלה־ספרים. ספּעציעל פון זיינטוועגן האָט יהודה אַברבנאַל פאַרפאַסט אין לאַטיין זיין חיבור וועגן דער האַרמאָניע פון די הימלשע ספערן (de coeli harmonia) [2], און מיט דער יידיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע האָט דעם וויסנדורשטיקן איטאַליענישן הומאַניסט באַקאַנט דער באַוווּסטער יידישער געלערנטער אליהו דעלמעדיגאָ [3]. זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער תקופה איז די חשובע ראָלע, וואָס דער דאָזיקער יידישער אַרצט און געלערנטער אויס קאַנדיע האָט געשפּילט אין די קריסטלעכע קרייזן פון איטאַליע. נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן האָט דעלמעדיגאָ געשמט אַלס עילוי און גרויסער בקי אין ים התלמוד [4]; צו 20 יאָר האָט מען אים איינגעלאַדן קיין פּאַדואַ צו פאַרנעמען די שטעלע פון אַ ראש־ישיבה. באַלד אָבער איז ער אויך אין די אָרטיקע קריסטלעכע געלערנטע קרייזן באַקאַנט געוואָרן אַלס גרינטלעכער קענער אויפן געביט פון פילאָזאָפיע. זיין שם אַלס פילאָזאָפישער געלערנטער איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער פּאַדוער

---

1 בורקהאַרט, „די קולטור דער רענעסאַנס", I, 217 (צענטע אויפלאַגע).

2 זע אַ. גייגער אין „אוצר נחמד", ב׳ 224—5. שטיינשניידער לייקנט אַפילו אָפּ די דאָזיקע ידיעה (העבר. ביבל, XX, 111). אייניקע פאָרשער ווילן אַפילו דערוויזן, אַז פּיקוס באַקאַנטער „לעאָ העברעוס" האָט קיין שום שייכות צו דעם פאַרפאַסער פון די „דיאַלאָגן". זע אָבער קעגן דעם: היינץ פּפלוימס אַרטיקל אין „מאָנאַטשריפט", 1928, 344—50.

3 געבאָרן אויף דעם אינזל קאַנדיאַ, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו ווענעדיג, אין 1460 (לויט דוקס השערה—אין 1450), געשטאָרבן אין! 1497.

4 דער גרעסטער תלמודיסט פון יענער צייט, יוסף קולון, דערמאָנט אליהו דעלמעדיגאָן מיט פאָלגנדיקע שבחים: „מצרף לחכמה, כוח לתבונה וידיו ולבו לאל אמונה, כל אמרתו צרופה, מנופה בשלש עשרה נפה ותיק ווידיד נפשי" (שו"ת, נומ׳ 54).

אוניווערסיטעט האָט זיך געווענדט צו אים ער זאָל זיין דער בורר און פשרה־מאַכער אין דעם שאַרפן פילאָזאָפישן וויכוח, וואָס האָט דעמאָלט צעטיילט אויף צוויי פיינדלעכע צדדים די אָרטיקע פראָפעסאָרן און סטודענטן [1]. צו 23 יאָר האָט דעלמעדיגאָ פאַרנומען די קאַטעדרע פון פילאָזאָפיע אין פּאַדוער אוניווערסיטעט. אויך פלעגט ער האַלטן פאָרטראָגן אין פלאָרענציע, װענעדיק, פערודזשיאַ און אַנדערע איטאַליענישע שטעט, בכדי צו באַקאַנען זיינע קריסטלעכע צוהערער מיט די פילאָזאָפישע שיטות פון אריסטון, אבן־רשדן און מיימוני [2].

צו יענער צייט האָט זיך מיט אים באַקאַנט פּיקו די מיראַנדולאַ, און באַלד זיינען זיי געוואָרן נאָענטע פריינד. אויפן וווּנטש פון זיין איטאַליענישן חבר האָט דעלמעדיגאָ איבערגעזעצט פון העברעיִש אויף לאַטיין פילע פילאָזאָפישע ווערק (דאָס רוב אבן רשדס פירושים) און אויך פאַרפאַסט אויף לאַטיין צוויי זעלבשטענדיקע ווערק, ווו ער פלייסט זיך פעסטצושטעלן די גרענעצן, וואָס טיילן אָפּ די אמונה פון פילאָזאָפיע. די זעלבע טעמע באַהאַנדלט אויך דעלמעדיגאָ אין זיין באַקאַנט העברעיִש ווערק „בחינת הדת”, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אויף דעם וווּנטש פון זיין יידישן תלמיד שאול כהן אשכנזי [4]. אָט דאָס דאָזיקע ווערק זאָגט אַמבעסטן עדות, אַז זיין פאַרפאַסער איז טאַקע אַ טאַלאַנטפולער פּאָפּולאַריזאַטאָר, אַ מאַן פון ברייטן פילאָזאָפישן וויסן, אָבער ניט קיין אָריגינעלער דענקער.

אין „בחינת הדת'' ווערט אויף דאָס ניי געשטעלט די אַלטע פראַגע, וואָס איז שוין אַזוי פיל מאָל דעבאַטירט געוואָרן אין דער יידישער מיטל־אַלטערלעכער ליטעראַטור: צי מעג אַ גאָטספאָרכטיקער ייד זיך פאַרנעמען מיט פילאָזאָפיע אָן חשש, אַז ער קאָן דורך דעם קומען צו אפּיקורסות? היינט צי זיינען בכלל פילאָזאָפישע ידיעות נייטיק בכדי ריכטיקער צו פאַרשטיין די געבאָטן אין דער תורה? אויף דער לעצטער פראַגע ענטפערט דעלמעדיגאָ מיט אַ גאַנץ אָנטשיידענעם ניין. דער יידישער דת, זאָגט דעלמעדיגאָ, איז ניט קיין פילאָזאָפיש סיסטעם, וואָס מוז ערשט קודם

---

1 זע „מצרף לחכמה”, 2־טער קאַפּ.

2 זע דעם באַקאַנטן בריוו פון דעלמעדיגאָס תלמיד, שאול כהן, צו יצחק אברבנאל, דף י' עמ' א': „כמה"ר אליהו דלמדיגו זצ"ל איש נבון וחכם שלם בחקירה עיונית, מאנשי מקומי היה בישיבות הגוים בפדואה ופלורינציא מלמד בראש הומיות המפורסם שמה אצל חכמיהם... ורוב בניו תלמידיו מאצילי הארץ”. זע אויך קונפורטו „קורא הדורות”.

3 זע פּערלעס, „ביטרעגע,” 197—8; מער באַריכות וועגן דעלמעדיגאָס לאַטייִנישע אַרבעטן זע שטיינשניידער, העבר. ביבל. XXI, 60—71.

4 פאַרענדיקט אין יאַנואַר 1491, צום ערשטן געדרוקט אין 1629.

באַגרינדעט ווערן דורך לאָגישע באַווייזן, נייערט ער לערנט און באַפעלט מקיים זיין מצוות און דערפילן בפועל אַזעלכע געבאָטן, וואָס פירן צו אַ ריין מאָראַליש לעבן. דעלמעדיגאָ רעדט דערפאַר מיט גרוים פאַרדרוס וועגן די „מתפלספים", וואָס טענהן, אַז דער עיקר איז בלויז דאָס וויסן און באַגרייפן און ניט די מעשים, דער ג ע ד אַ נ ק און ניט דאָס ט אָ ן, און פאַרהאַלטן זיך דערפאַר מיט ביטול צו קיום המצוות[1]. „דאָס זיינען כופרים ומחריבי התורה — רופט אויס מיט כעס דעלמעדיגאָ — און טאַקע זיי זיינען עס גורם, וואָס דער פשוטער המון, וועלכער קאָן ניט מבחין זיין צווישן כלומרשטע געלערנטע און אמתע תלמידי חכמים, דערווייטערט זיך פון וועלכן ס'איז וויסן"[2].

מיט דעם אייגענעם רוגז רעדט דעלמעדיגאָ אויך וועגן די פשרנים און שלום־מאַכערס, וואָס ווילן ניט באַמערקן די שאַרפע גרענעצן, וואָס צאַמען אָפּ דעם דת פון דער פילאָזאָפיע, און בכדי שלום מאַכן צווישן זיי ביידע, פאַרקרימען זיי גאַנץ אָפט דעם פשט פון דער תורה. זיי ווילן, זאָגט דעלמעדיגאָ מיט ביטול, ווערן פאַרמיטלער צווישן תורנים און פילאָזאָפן, זיי גופא זיינען אָבער ניט קיין תורנים און ניט קיין פילאָזאָפן; זיי מיינען, אַז זיי מאַכן די חכמה באַליבט דורך זייערע פשרות אין די אויגן פונם פאָלק, פאַקטיש אָבער דיסקרעדיטירן זיי זי בלויז[3].

אמת, זאָגט ווייטער דעלמעדיגאָ, פילאָזאָפישע סברות זיינען געוואונטשן בעת זיי דערלייכטערן משיג צו זיין די יסודי הדת, וואָרעם די תורת משה איז טאַקע ה ע כ ע ר פונם שכל, זי איז אָבער ניט סותר דעם שכל. „די געטלעכע תורה פאָדערט כלל ניט פון אונז מיר זאָלן גלויבן אין דעם, וואָס געפינט זיך אין ווידערשפרוך מיט די געזעצן פון דער לאָגיק. דער מענטשלעכער שכל שטאַמט דאָך אויך פון דעם באַשעפער, עס קאָן דערפאַר ניט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ זינד בעת מיר אָנערקענען בלויז דאָס, וואָס געפינט זיך ניט אין סתירה מיטן שכל"[4]. און מיר זעען טאַקע, איז מוסיף דער בעל „בחינת הדת", ווי אונזער תורה, וואָס פירט דעם מענטשן אויפן דרך האמת, באַנוגנט זיך ניט דערמיט, וואָס זי

---

[1] „בחינת הדת" 72: „ואלה האנשים הרעים הנמצאים באומתינו והחושבים להתפלסף אשר לא יחפצו לעשות מצות תורתנו וקצם ילעינו בנו ויאמרו שתספיק הכונה, הם בכלל הכופרים ומחריבי התורה".

[2] דאָרטן, 73

[3] דאָרטן, 6 : „וישבו כאמצעים בין התורניים והבלתי תורניים ואינם לא תורניים ולא פילוסופים ואעפ"כ אולי שהם חשבו בזה לקרב החכמה אצל בני אדם המה היו בעוכריה". זע אויך דאָרטן, 52.

[4] דאָרטן, 14.

גיט אונז בלויז עטישע געזעצן און כללים ווי אזוי זיך נוהג זיין אין לעבן, נייערט זי באקענט אונז אויך מיט די טיפע אמתן, וואס נעמען ארום דעם גאנצן חלל פון דער וועלט [1]. ארייננדרינגען אין די טיפענישן פון די דאָזיקע אמתן אויפן דרך פון חקירה זיינען אימשטאנד בלויז יחידי סגולה, וואס זייער פילאָזאָפיש געשולטער שכל וויים ווי געהעריק אויסצונוצן די איבערצייגנדיקע קראפט פון לאָגישע ראיות און סברות. אָבער, שטרייכט דעלמעדיגאָ אונטער, אפילו די דאָזיקע פילאָזאָפיש־דענקענדיקע יחידי סגולה גלויבן פעסט אין די עיקרים פון דער תורה, ניט נאָר דערפאר, וואס זייער אמת ווערט דערוויזן דורך פילאָזאָפישער חקירה, נייערט קודם־כל ווייל זיי זיינען באשטעטיקט דורך דער מסורה און דורך די הייליקע נביאים. „אין דעם פּרט — איז מוסיף דער בעל „בחינת הדת״ — איז קיין חילוק ניט צווישן דעם פילאָזאָפיש־דענקענדיקן און דעם פשוטן מאמין פון דעם המון. ביידע גלייך גלויבן זיי אָן א שום פיקפוק אין דעם וואָרט פון דער תורה״ [2].

דאָרט אָבער, ווו די געבאָטן פון דער תורה געפינען זיך ניט אין הסכם מיט ריין־פילאָזאָפישע סברות, זאָגט ווייטער דעלמעדיגאָ, האלט איך ניט פאר נייטיק צו מאכן א פשרה צווישן דעם פשט פון דער תורה און דער פילאָזאָפיע, נאָר איך באנוגן מיך דערמיט, וואס איך פארלאָז מיך איינגאנצן אויף דעם אמת פון אונזער מסורה און פון אונזער הייליקער נבואה (אבל נשענתי בנבואה ובקבלת אמת) [3]. מיר, אלס אמת גלויביקע, דארפן דאָך סיי ווי גלויבן אין די וואונדער פון דער תורה, איז דאָך גלייכער זיך האלטן טריי אין דעם פשט פונם פסוק, איידער ווי אים אויסטייטשן בדרך רמז, ווי דאָס טוען אונזערע מתפלספים [4].

עס איז גאנץ לייכט איינצוזען, אז די דאָזיקע דעלמעדיגאָס טענות זיינען כלל ניט נייע, ווי מען זאָגט אין העברעיִש — „כבר דשו בו רבים״. דאָרט ווו דעלמעדיגאָ פאלט אָן אויף די מתפלספים און די פשרנים, און ווו ער שטרייכט אונטער די מחיצה, וואס טיילט אָפּ דעם דת פון דער פילאָזאָפיע,—חזרט ער בלויז איבער (און דערצו נאָך גאנץ אָפּט אין א וויניקער איבערצייגנדיקן אופן) די טענות פון אבן כספי, חסדאי קרשקש,

---

1 דאָרטן, 65.

2 „ומ״מ האיש החכם יַאֲמֵת השרשים האלה לא מצד העיון לבד אבל מצד הסכמת התורה בם, ובזה ישותף החכם וההמוני מענין הדת, ר״ל ששניהם יאמינו הדבר מצד התורה, אולם החכם יצרף העיון למה שגזרה התורה והבלתי יודע לא יצרף לזה״ (דאָרטן, 56)

3 דאָרטן, 18.

4 דאָרטן, 49.

יוסף בן שם־טוב און אַנדערע; די געדאַנקען, וואָס דער בעל „בחינת הדת" זאָגט אַרויס בנוגע צו דער תלמודישער אגדה (דאַרטן, 56), זיינען שוין גרינטלעך אַנטוויקלט אין הלל אויס וועראָנעס „תגמולי הנפש"[1].

בלויז בנוגע איין פראַגע זאָגט דעלמעדיגאָ אַרויס אָריגינעלע און גאַנץ זעלבשטענדיקע געדאַנקען — דאָס איז וועגן דעם באַטייט פון דער „חכמת הנסתר", די תורה פון קבלה. ער ווייזט אָן אויף פילע סתירות און אַנטקעגנגעזעצטע מיינונגען ביי די מקובלים און דאָס, שטרייכט ער אונטער, איז דער בעסטער באַווייז, אַז די דאָזיקע לערע שטיצט זיך ניט אויף אמתער קבלה, וואָס גייט איבער פון דור צו דור [2]. ער האָט אויך דעם מוט קלאָר און באַשטימט אַרויסזאָגן דעם אפיקורסישן געדאַנק, אַז ניט שמעון בן יוחאי האָט דעם „זוהר" געשריבן, און אַלס ראיה ווייזט ער אָן, אַז אינם „זוהר" ווערן ציטירט פילע חכמים, וואָס האָבן געלעבט באַדייטנד שפּעטער פון דעם תנאי שמעון בן יוחאי[3].

„עס איז ביי מיר קיין שום ספק—איז דערביי מוסיף דעלמעדיגאָ— אַז צווישן אונזער פאָלק וועלן זיך געפינען אַזוינע, וואָס וועלן מכוח דעם מאַכן אַ גרויס געפילדער און וועלן מיך ערקלערן פאַר אַ כופר און אַפּיקורס, וואָס לייקנט אין גאָטס וואָרט. איך בין אָבער פעסט איבער־צייגט, אַז דווקא זיי האָבן אַ טעות און זיינען גאַנץ ווייט פון אמת" [4].

אָבער ניט נאָר „צווישן אונזער פאָלק" האָבן זיך געפונען פילע, וואָס זיינען געווען שטאַרק ניט צופרידן מיט דעלמעדיגאָס קאַמף קעגן קבלה. דאָס איז שטאַרק ניט געפעלן אויך דעלמעדיגאָס תלמיד און פריינד — גראַף מיראַנדולאַ. יענער איז דאָך געווען אַ הייסער פאַרערער פון יידישער מיסטיק, זייענדיק פעסט איבערצייגט, אַז דאָרט זיינען באַ־האַלטן גאַנצע אוצרות פון טיפע סודות. זיין ברענענדיקער ווונטש איז

---

1 זע אונזער געשיכטע, באַנד צוויי, ז' 258—264. דעלמעדיגאָ האָט פיל גע־נומען ניט נאָר ביי יידישע שריפטשטעלער, נייערט אויך ביי קריסטלעכע; א. גייגער האָט אין זיי אַרטיקל (מאָנאַטשריפט, 1882, 555—562; 1883, 28—46) דערוויזן באותות ובמופתים, אַז אַ באַדייטנדיקער טייל פון דעם „בחינת הדת" איז אַ פשוטער אויסצוג פון אבן רשדס ווערק „Façlul maqal", וואָס טראָגט אין העברעישער איבערזעצונג דעם נאָמען „ספר הבדל הנאמר במה שבין התורה והחכמה והדבקות".

2 דאָרטן, 45, עמ' א.

3 דאָרטן, 42—43: „אשר יאמרו אלה המתייחסים בקבלה שהמה דברי ר"ש בן יוחאי בספר הנקרא ספר הזהר — אינו אמת, וזה יראה מפנים רבים: ראשון שלו חברו ר"ש היו מזכירין ממנו איזו ברייתא או איזה אגדה בתלמוד כאשר עשו מספרי ומשאר חבורים תלמודיים וזה לא ימצא. ויטענו עוד ששמות האנשים ההמה אשר הוזכרו בספר ההוא היו אחר רשב"י שנים רבות". זע אויך דאָרטן, 68—69.

4 דאָרטן, 70.

געווען אריינצודרינגען אין די דאָזיקע אוצרות; ער האָט זיך אָבער אי־בערצייגט, אַז ניט דעלמעדיגאָ קאָן דערביי זיין דער וועגפירער און וועכ־טער, וואָס זאָל פאַר אים עפענען די פאַרבאָרגענע טויערן פון דעם פאַנ־טאַסטיש ווונדערבארן היכל. און אים איז געלונגען צו געפינען דעם גע־ווונטשטן וועגפירער אין דער פּערזאָן פון דעם התלהבותדיקן בעל־מקובל יוחנן אַלעמאַנו [1].

יוחנן אַלעמאַנו איז אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט. ער שטאַמט פון די „גולי צרפת" — פון די אויס פראַנקרייך פאַרטריבענע יידן [2]. אויפגעצויגן האָט ער זיך, ווי עס שיינט, אין דייטשלאַנד און גע־פירט דערנאָך אַ נע־ונד לעבן. ער האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין דער אייראָפּעיִשער טערקיי. פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז ער איבערגעפאָרן קיין איטאַליע, וווּ ער האָט אַ שטיק צייט געלעבט ביים באַקאַנטן נדבן און מעצענאַט יחיאל אויס פּיזאַ, מיט וועלכן יצחק אַברבנאל איז געווען אין פריינדלעכן בריוו־פאַרקער [3]. צו דער צייט האָט זיך אַלעמאַנו באַ־קאַנט מיט פּיקו דע מיראַנדולאַ, אויף וועלכן ער האָט געמאַכט אַ גוואַלטיקן איינדרוק. אַ מאַן פון אַלזייטיקן וויסן, אַ גוטער קענער פון גריכיש־אַראַ־בישער פילאָזאָפיע, איז אַלעמאַנו געווען דערביי אַ התלהבותדיקער מיס־טיקער און הייסער אָנהענגער פון קבלה. דערפאַר טאַקע האָט גרעץ, אַלס פאַרביסענער שונא פון קבלה, געפּסקנט, אַז אַלעמאַנוס ווערק זיינען לע־בערלעך און נישטיק (גייסטלאָזע, קאָנפוזיאָנספולע שריפטן); דער מער אָביעקטיווער שטיינשניידער אָבער, בעת ער רעדט וועגן אַלעמאַנו, האָלט פאַר נייטיק אָנצווייזן, אַז „זיינע אייגענטימליכע שטעלונג צור מיסטיק אונד אַראַבישע פילאָזאָפיע, זיינע אונגעמיינע בעלעזענהייט, זיינע פּער־זענליכע שטעלונג מאַכן אים צו איינער אינטערעסאַנטען ערשיינונג דער רענעסאַנס" [4]. שוין אַלס זקן מופלג האָט אַלעמאַנו נאָך אַלץ מיט גרויס התלהבות געלייענט זיינע פאָרטראָגן וועגן חכמת הנסתר פאַר אַ גרויסער צאָל צוהערער, און איינער פון די באַגייסטערטסטע צווישן זיי איז געווען פּיקו דע מיראַנדולאַ.

---

[1] לויט פערלעס השערה איז אַלעמאַנו און ווידמאַנשטאַדטס רבי דאַטילוס איין און די זעלבע פּערזאָן.

[2] אַלעמאַנו איז געבאָרן אין 1435 און געשטאָרבן אַלס זקן מופלג אין 1527.

[3] אַן אינטערעסאַנטער בריוו פון אַברבנאלן צו יחיאל אויס פּיזאַ איז פאַר־עפנטלעכט אין „אוצר נחמד", II, 65—70.

[4] „העבר. האַנדשריפטען און ביבל. צו בערלין", II, 5; העבר. ביבל., XXI, 130—132.

אַלעמאַנוס הויפּטווערק „חשק שלמה“ [1] איז געבליבן אין מאַנו־סקריפּט, בלויז דער ערשטער טייל איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטערן נאָמען „שער החשק“ [2] דאָס דאָזיקע ווערק, אין וועלכן אַלעמאַנו באַקאַנט מיט זיין מיסטיש־פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויונג, איז געשריבן אַלס פּירוש צו „שיר השירים“. אַלעמאַנו איז פעסט איבערצייגט, אַז שלמה המלך איז דער גרעסטער דענקער, וואָס האָט ווען עקסיסטירט ביי אַלע אומות העולם. ער שטעלט אים העכער ניט נאָר פאַר אַפּלאַטונען מיט אַריסטון, נייערט אין געוויסע פּרטים אַפילו פון משה רבנו [3]. שלמה המלך, פאַר־זיכערט אַלעמאַנו, באַזיצט די וווּנדערבאַרע חכמה, וואָס די טיפקייט פון זיינע ווערטער איז יעדער באַזונדער משיג לויט זיין מדרגה און פאַר־שטאַנד. און די העכסטע מדרגה פון חכמה דערגרייכט שלמה המלך אין זיין „שיר השירים“.

דאָ איז כדאי אונטערצושטרייכן פאָלגנדן אינטערעסאַנטן פּרט. זייער פיל געדאַנקען, וואָס אַלעמאַנו זאָגט אַרויס אין זיין ווערק, געפינען מיר אויך אין אַבּרבנאַלס „דיאַלאָגן“; און ווייל אַלעמאַנוס ווערק איז געשריבן פריער פאַר די „דיאַלאָגן“ מיט אַ יאָר פופצן, מוז מען קומען צום באַשלוס, אַז אַלעמאַנו האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף יהודה אַבּרבנאַל.

אַלעמאַנו פאַרזיכערט, אַז שלמה המלך האָט דער ערשטער אַריינ־געדרונגען אין דעם מיסטישן סוד פון דעם געטלעכן מהות, וואָס איז אויסער גרענעץ און סוף און עס קאָנען אים ניט אַרומנעמען ניט די הימלישע געוועלבן ניט די אומענדלעכע ווייטן פון די מיליאָסן שטערן און פּלאַנעטן. גאָט איז איבעראַל, און דאָך ווערט אַ באַשטימטער, ענג באַגרענעצטער פּונקט — דער פון שלמה המלך אויפגעבויטער בית־המקדש — דער בית הבחירה, דער אויסדערוויילטער אָרט, ווו גאָטס

---

[1] דאָס דאָזיקע ווערק האָט אַלעמאַנו געשריבן ווען ער איז אַלט געווען פופציק יאָר (זע „העבר. ביבל.“, V, 28). וועגן אַלעמאַנוס אַ צווייט ווערק זע: ג. שלומס נאָטיץ אין „קרית ספר“ V, 273—277.

[2] געדרוקט אין ליוואָרנאָ אין 1690 מיט אַ סך הערות פון דעם אַרויסגעבער, יעקב משה חיים ברוך, איבערגעדרוקט אין האַלבערשטאַדט אין 1862.

[3] „שער החשק“, 14: „בזה היה הכם המלך שלמה ע״ה ממרע״ה“. בעת ער ווייזט אָן, אַז שלמה המלך איז געווען בקי אין אַלע חכמות, פאַררופט זיך אַלעמאַנו גאַנץ אָפט אויף פרעמדע מקורים, צווישן זיי אויף אַפּאָלאָני דעם טיאַנערס אַ ווערק, וועלכע ער רופט אָן „מלאכת מושכלת“. דאָס דאָזיקע ווערק, ווייזט אָן אַלעמאַנו, האָט פון לאַטייניש איבערזעצט אויף העברעיִש אַ פאַרפאַסער פונם 14טן י״ה של־ה בן נתן אורניירי.

כבוד און גלאַנץ טוט רוען. אין גאָט קומט קיין מאָל קיין שינוי ניט פאָר, און דאָך פאַרנעמט גאָט, ווי שלמה המלך ווייזט אָן (מלכים, א׳ ה׳), „כל תפלה וכל תחנה״, צו זיין כסא הכבוד דערגרייכן יעדעס געבעט און יעדעס הילפגעשריי אויס אַלע עקן פון דער וועלט[1].

בעת יהודה אַברבנאל באַטראַכט די ליבע פאַרן יסוד פון דער וועלט, ערקלערט אַלעמאַנו אַלס גרונט־יסוד דעם „חשק״ — דעם שטורמישן פאַרלאַנג. אין דעם גאָט דערקענען, פאַרזיכערט אַלעמאַנו, אויפן וועג פון אמתן יראת־שמים, שפּילט דער קאַלטער שכל (השכל העיוני) בלויז אַ אונטערטעניקע ראָלע. בלאָס און צעשוווּמען איז זיין ליכט. אָבער בלענדנדיק העל ווי די שטראַלן פון דער ליכטיקער זון איז דאָס נביאישע התלהבות, די מיסטישע אינטויִציע און די מדרגה פון התפשטות הגשמיות, וואָס דער מענטש דערגרייכט ניט מיט דער הילף פון קאַלטן שיקול הדעת און לאָגישע סברות, נאָר מיט דעם ברען פון שטורמישן פאַרלאַנג, מיט מתיקות פון צאַפּלדיקן עקסטאַז, וואָס דערגרייכט ביז צום געטלעכן שיגעון[2]. און אָט אין דעם טאָקע באַשטייט דער סוד פונעם נביאס (הושע, ט׳ 7) ווערטער „אויל הנביא, איש הרוח״[8].

די אינטימע, אין התלהבותדיקער אַנטציקונג געבאָרענע איבערלע־בונגען פון דער נשמה, פאַרזיכערט אַלעמאַנו, זיינען ניט אין פאַרגלייך שטאַרקער פון אַלץ, וואָס מיר נעמען אויף מיט אונזערע געוויינלעכע חושים[4]. אין דעם מאָמענט פון אַנטפּלעקונג, וואָס ווערט דערגרייכט דורך התלהבותדיקן עקסטאַז, דערזעען מיר די וועלט אין אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט ווי ווען מיר באַטראַכטן זי מיט אונזער ניכטערן קאַלטן שכל. עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונזערע דערלויכטענע אויגן אַזאַ מין האַרמאָ־נישע גאַנצקייט און געזעצמעסיקייט, וואָס לויט דעם פּשוטן שכל זעט

---

1 „שער החשק״, 25 (1690).

2 עס איז שווער צו זאָגן, צי איז אַלעמאַנו באַקאַנט געווען מיט אַפּלטונס „פעדראָ״, ווו עס ווערט אַלס העכסטע פון די פיר מדרגות געטלעכן שיגעון ערקלערט דער רעליגיעז־נביאישער עקסטאַז. אויך איז ניט פעסטגעשטעלט, צי איז אַלעמאַנו באַקאַנט געווען מיטן באַגריף פון „געטלעכער באַטרונקענקייט״, וואָס חזרט זיך אַזוי אָפט איבער אין די ווערק פונעם יידישן נעאָפּלאַטאָניקער פילו אויס אלכסנדריה.

8 „שער החשק״, 33 עמ׳ א׳: „ואמר שהחשק הוא שגעון אלהי, ואמר שהפילוסופיא והשלמות האמיתי לא יושג כי אם בהיות נפש האדם שטופה בשטף החשק והשגעון האלהי באמרו אויל הנביא משוגע איש הרוח״.

4 דאָרטן, 46 עמ׳ ב׳: „ההרגש אשר תרגיש הנפש בלי אמצעות החושים הרגשה פנימית רוחנית חזקה מאוד מהדברים המתרגשים במציאות... כי הרגשתם היתה רוחנית חזקת הכוח מאוד מאוד יותר מההרגשה החמרית״.

עס גאָר אויס ווילד און משונה. און דווקא אין אָט די מינוטן פון „שיגעון״ באַגרייפן מיר דעם אמתן מהות פון זיין און ווערן, וואָס בלייבט פאַרהוילן און פאַרבאָרגן פאַרן לאָגיש דענקענדיקן שכל און וויסנשאַפטלעכן פאָר־שער־גערעדאַנק. די ראַציאָנאַליסטישע, מיטן שכל הישר באַגריפענע וועלט איז בלויז אַ שוואַכע אָפּשפּיגלונג פון דער אַנדערער, איינציק ווירקלעכער וועלט, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דעם אויגנבליק פון פּלוצלונגער דער־לויכטונג, בעת דער מענטש דערגרייכט די בחינה פון געטלעכן שיגעון.

עס שטייט געשריבן: ואהבת את ד׳ אלהיך בכל לבבך, בכל נפשך ובכל מאדך — אָט דאָס איז טאַקע דער איינציקער וועג, וואָס פירט דעם מענטשן צום אמתן גליק, וואָרעם נאָר דורך דער דאָזיקער ליבע קאָנען מיר קומען צום ליידנשאַפטלעכן עקסטאַז, צום געטלעכן שיגעון [1].

און אָט אין דעם טאַקע, זאָגט אַלעמאַנו, זעען מיר דעם חילוק צווישן נעים זמירות ישראל, דוד המלך, און זיין זון שלמה. אין ספר תהילים ווערט באַזונגען די ליבע צו גאָט; אויסטערליש שיין און ריין איז די דאָזיקע ליבע, נאָר ניט זי פירט צום העכסטן ציל — דער מענטש זאָל זיך באַהעפטן מיט גאָט. אין דער התחלה איז אויך שלמה המלך געגאַנגען אין דעם וועג, וואָס ס׳האָט אים געוויזן זיין פאָטער. ער האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז דאָס איז בלויז די פאָרשטופע, די ערשטע שטאַפּל, וואָס פירט צו דער העכסטער מדרגה פון מיסטישער שיינקייט — צו דער התלהבותדיקער אַנטפּלעקונג פון געטלעכן שיגעון. און אָט דעם דאָזיקן טיפן סוד האָט ער אונז אַנטפּלעקט אין זיין „שיר השירים״ [2].

לויט אַלעמאַנוס וועלטבאַנעם איז אַלץ, וואָס קומט פאָר אין די עולמות העליונים: דאָס געלויף פון די גלגלים און די האַסטיקע באַוועגונג פון די פּלאַנעטן — אַלץ איז בלויז אַ אַנטפּלעקונג פון דעם התלהבותדיקן דראַנג זיך צונויפגיסן מיטן מקור פון שלימות, מיט דער גאָטהייט [3]. וואָס גרעסער ס׳איז די מחיצה, וואָס מער דערווייטערט פון דער העכ־סטער מדרגה פון שלימות — פון דער גאָטהייט — אַלץ מער גשמיות, אַלץ פאַרגרעבטער זיינען די פאָרמען. אָבער אַפילו אין די נידעריקסטע מדרגות, אויך דער מגושמסטער חומר איז פול מיט שטורמישן דראַנג

[1] „ובזה אפשר לבני האדם לבוא אל תכלית ההצלחה כי זו היא האהבה המביאה אל החשק והשגעון האלהו הנזכר״.

[2] דאָרטן, 33—34 : „ואם שהיה לשלמה זאת האהבה התמימה אשר אין בה מום ולא עלה עליה עול וְאָוֶן, הנה על ידה לא עלה אל המעלה העליונה להדבק בנפרד כי לא יתכן להגיע אל הדבוק ההוא כי אם על ידי החשק והשגעון האלהי והשטיפה הנזכרת... והוא הסוד כלו אשר גלה לנו בשירו שיר השירים״.

[3] דאָרטן, 38, עמ׳ ב׳.

[1] דערהויבן זיך פון שטאפל צו שטאפל ביז אין די ווייטע הימלשע הייכן און ווילסטו ויסן פון וואנען שטאמט דער דאָזיקער שטורמישער דראנג? ווו איז דער מקור פון דער דאָזיקער ווונדערבארער קראפט, וואָס דער־הויבט און באגייסטערט דאָס קליינלעך־נידעריקע און לאָזט טריפן די געט־לעכע דערהויבענע שיינקייט פון די הימלשע ספערן אויף אַלץ, וואָס לעבט און שפראָצט אין די ערדישע טאָלן? דאָס איז דער „חשק", דער שטורמיש־לײדנשאפטלעכער פארלאנג, דער התלהבותדיקער עקסטאז (דאָרטן, 39).

דער שטורמישער פארלאנג—אָט דאָס איז די באוועגנדיקע קראפט, וואָס ברענגט אַלץ צו דער שענסטער הארמאָניע און צו דער העכסטער מדרגה פון שלימות[2]. מיט אים איז איבערפולט אַלץ, וואָס עקסיסטירט, הן דאָס דערהויבן הימלשע אזוי אויך דאָס ערדישע און מאטעריעלע, וואָרעם אין דער זעלבער מאָס, ווי דאָס נידעריקע בענקט און שטרעבט צום העכערן און פולקומערן, אזוי שטרעבט אויך דאָס דערהויבענע צום ערדיש־נידעריקן, דורכגעדרונגען פונם פארלאנג באשיינען דאָס נידעריקע מיט זיין ליכט און אין דעם אנטפלעקן די גרייס פון זיין שלימות[3]

„אין דער זעלבער מאָס, ווי מיר שטרעבן צו גאָט און צו זיין העכסטער שלימות — אזוי איז אויך גרויס דאָס געטלעכע שטרעבן צו אונז בכדי אונז צו באשענקען מיט זיין שלימות"[4].

אָט די צוויי שטורמישע פארלאנגען, דער חשק אויפצונעמען און באשאַנקען צו ווערן פון איין זייט, און דער ברענענדיקער ווונטש משפיע צו זיין פון דער צווייטער — זיי זיינען עס די צוויי גרונט־זיילן אויף וועלכע עס שטיצט זיך דאָס גאנצע געטלעכע געביי — דער אומענדלעכער וועלטאַל[5].

דער שטורמישער פארלאנג, דער התלהבותדיקער עקסטאז — אָט דאָס איז דער געטלעכער אָטעם, וואָס דרינגט־דורך דעם גאנצן חלל פון דער וועלט, פאראייניקט אַלץ פון איין עק ביז צום אנדערן, בינדט צוזאַ־

---

1 „כח וגבורה נתן לזה החמר לעלות מעט מעט ומדרגה אחר מדרגה עד מעלה לשמים שיאו ומעלתו עד לשחקים".

2 דאָרטן, 38, עמ' ב': „הלא תמצא כי ההשק יענה את הכל והוא המוציא והמביא כל דבר לאשורו ולתכליתו ושלמותו".

3 דאָרטן, 39, עמ' א': „כי כמו שהתחתון חושק בעליון שישפיע עליו טובו כן העליון חושק להשפיע על התחתון... חשק השפל בעליון אל שיתדמה בו והעליון יחשוק השפל אל שישפיע עליו ויראה בו שלמותו".

4 דאָרטן, 34, עמ' ב'.

5 „הם שני העמודים אשר הבית בית ד' נכון עליהם" (דאָרטן, 39, עמ' ב').

מען די גאָטהייט מיט דעם שאול תחתיה, און צווינגט די וואָס גראַבלען אין די נידעריקסטע גיהנום־אָפּגרונטן צו שטרעבן אין די הימלישע היכלות [1].

און דער צענטראַלער פּינטל אין דעם גאַנצן אומענדלעכן וועלטאַל איז דער מענטש. דעם דאָזיקן גרונט־געדאַנק דערקלערט אָבער אַלעמאַנו ניט אויף ריין־פּילאָזאָפישן אופן און אויך ניט רעליגיעז־פּסיכאָלאָגיש, נאָר מיט דער הילף פון צירופי אותיות און כל המיני נוטריקון. ניט אומזיסט פאַררופט ער זיך גאַנץ אָפט אויף אברהם אבולפיה [2] און יוסף גיקאַטילאַ [3]. ווי אבולפיה אַזוי רעדט אויך אַלעמאַנו וועגן זיבן וועגן פון חכמה און וועגן זיבן מדרגות פון שלימות. דער „שכל הנקנה", די „מושכלות", וואָס דער מענטש דערווערבט דורך פילאָזאָפישער חקירה — דאָס איז ערשט בלויז די צווייטע מדרגה פון שלימות; אַ באַדייטנד העכערע מדרגה — די פערטע — איז, לויט אַלעמאַנוס באַגריף, דאָס אינעווייניקסטע געפיל, וואָס אַנטפּלעקט זיך אינם באַגייסטערטן וואָרט פון דער האַרציקער תפילה [4]. און די ווייטערע, די פינפטע מדרגה, די ווערט ערשט דערגרייכט דורך צירופי אותיות, „ווי עס דערקלערט אונז דער „ספר יצירה" און פילע שפּעטערע בעלי־קבלה מיט אברהם אבולפיה בראש". די אותיות, פאַרזיכערט אַלעמאַנו, זיינען ניט קיין טויטע צייכנס, נאָר לעבעדיקע סימבאָלן, אין וועלכע עס איז פאַרבאָרגן אַ גוואַלטיקע סודותדיקע קראַפט. דורך צירופי אותיות פון די געטלעכע שמות קאָן מען אַריינדרינגען אין די הייליקע סודות פון דער תורה, וואָס קיין שום פילאָזאָף איז ניט אימשטאַנד זיי משיג צו זיין; דורך מצרף זיין די אותיות פון זיין הייליקן נאָמען האָט דאָך גאָט בכבודו ובעצמו די וועלט באַשאַפן [5]. און דאָך — ווי גרויס און טיף עס זיינען די דאָזיקע סודות, איז פאַראַן נאָך אַ העכערע מדרגה פון שלימות: ווען די אותיות און די ווערטער ווערן פאַרקערפּערט אין מעשים, הילן זיך איין אינם לבוש פון מצוות. שוין ריקאַנאַטי, שטרייכט אַלעמאַנו אונטער, האָט אָנגעוויזן, אַז דער מענטש איז מיט זיינע מצוות און מעשים טובים גורם, אַז די „שפע" פון דער הימלישער „מרכבה" זאָל זיך טאָן פאַרשפּרייטן איבער דער ערדישער וועלט. דורך

---

1 דאָרטן, 39, עמ' א: „סובב סובב הולך הרוח האלהי ממנו ואליו... החשק סבב ביתאל והנלגל והמצפה אשר יצרף ד' בשאול מטה להעלות בית ד'".

2 דאָרטן, 35, עמ' ב.

3 דאָרטן, 37, עמ' ב.

4 דאָרטן, 34, עמ' ב.

5 דאָרטן, 36, עמ' ב.

די מצוות פון דער תורה פאַרבינדט דער מענטש דעם „עולם הגשמי" מיטן „עולם הרוחני"; און פונקט ווי די גלגלים און די פּלאַנעטן טוען מיט זייערע האַרמאָנישע באַוועגונגען אָנטפּלעקן דעם אוניווערסאַלן געדאַנק פון דער חכמה העליונה, אַזוי זיינען די מצוות פון דער תורה, בעת זיי פּאַרקערפּערן זיך אין דעם מענטשנס טאָן — די התגלות פון דעם מענטשנס גאָט־באַגריפן, און ווערן דערמיט דער סימבאָל פון זיין אומשטאַרבלעכן גייסט [1].

אָט דער דאָזיקער פאַנאַטישער מקובל און באַגייסטערטער פרעדיקער פון „געטלעכן שיגעון" האָט עס אריינגעפירט דעם גראַף פּיקו מיראַנדולאַ אין לפני ולפנים פון די סודות הקבלה. אויף אַלעמאַנוס פאָרשלאָג האָט זיין קריסטלעכער תלמיד איבערגעזעצט אויף לאַטיין ריקאַנאַטיס פּירוש אויף תורה „חכמת הנפש" פון אלעזר אוים וואָרמס (אין לאַטייניש איבערזעצונג הייסט דאָס דאָזיקע ווערק „Scientia animae") און שם־טובס פאַלקיראַס „ספר המעלות". אין 1486 האָט מיראַנדולאַ פאַרעפנטלעכט זיין באַוווּסט ווערק „Conclusiones philosophicae, cabalisticae et theologicae", וווּ עס ווערן באַהאַנדלט די גרונט־פּראָבלעמען וועגן גאָט, וועלט און מענטש. אין דעם דאָזיקן ווערק פלייסט זיך מיראַנדולאַ צו דערווייזן, אַז די קבלה שטימט אין פילע פראַגן איין מיט דער קריסטלעכער לערע.

ניט אָבער בלויז דערפאַר האָט מיראַנדולאַ זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט דער חכמת הקבלה. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָט אויף מיראַנדולאַן געמאַכט, וואָס אין די ספרי הקבלה ווערט אַזוי שאַרף אונטערגעשטראָכן די אוניווערסאַלע ראָלע, וועלכע די מענטשלעכע פערזענלעכקייט שפּילט אין דעם גאַנצן קאָסמאָס; און עס איז קיין שום ספק ניט, אַז אָט דער דאָזיקער גרונט־געדאַנק פון דער יידישער מיסטיק האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף מיראַנדולאַס באַרימטע, אלס איינע פון די שענסטע דענקמעלער אויס דער רענעסאַנס־תקופה אָנערקענטע רעדע וועגן דעם „ווערט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט".

און מיראַנדולאַ איז ניט געווען דער איינציקער קריסטלעכער געלערנטער, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער יידישער מיסטיק. טאַקע מיראַנדולאַ גופא האָט באַקענט מיט דער חכמת הנסתר דעם באַרימטן דייטשן הומאַניסט רייכלין, וואָס האָט דערנאָך אין זיין ווערק „De arte cabalistica" אויך ווי מיראַנדולאַ געפלייסט זיך צו דערווייזן, אַז די קבלה שטימט פולשטענדיק איין מיט די יסודות פון דער קריסטלע־

---

[1] דאָרט, 45, עמ' א.

כער אמונה. דער פּויפּסט גופא, סיקסט דער פערטער, האָט אפילו באַפוילן איבערצוזעצן פון העברעיִש אויף לאַטיין אייניקע קבלה־ספרים, ווייל דאָס קאָן, לויט זיין מיינונג, ברענגען פיל נוצן דער קריסטלעכער קירך. צווישן יוחנן אַלעמאַנוס צוהערער איז אויך געווען דער דייטשער געלערנטער יאָהאַן אַלברעכטווידמאַנשטאַדט, וואָס האָט פאַרבראַכט אייניקע יאָר אין איטאַליע. אַלעמאַנו איז שוין אָבער דעמאָלט געווען זייער אַלט, האָבן דערפאַר ווידמאַנשטאַדט צוזאַמען מיטן קאַרדינאַל עגידיאָ דע־וויטערבאָ זיך געווענדט צום פילאָזאָפיש־געבילדעטן מקובל ברוך אויס בענעווענטאָ ער זאָל זיי באַקענען מיט די יידישע קבלה־ספרים [1]. דער אייגענער ווידמאַנשטאַדט איז אויך געווען באַפריינדעט מיט דעם באַוווּסטן יידישן וויסנשאַפטלעכן איבערזעצער יעקב בן שמעון מאַנטינאָ, וועלכער האָט געשפּילט אַזאַ ניט שיינע ראָלע אַלס אומברחמנותדיקער קטיגור אין דעם טראַגישן גורל פון דעם גייסטרייכן און פאַנטאַזיעפולן מיסטיקער שלמה מולכו. ווייניק סימפּאַטיש אַלס מענטש און כלל־טוער, האָט דאָך מאַנטינאָ באַדייטנדיקע פאַרדינסטן אויפן געביט פון וויסן. אין די יונגע יאָרן פּראַקטישער אַרצט אין באָלאָניע, דערנאָך לייב־מעדיקער ביים פּויפּסט פּוילוס דעם דריטן, פּראָפעסאָר אויפן מעדיציינישן פאַקולטעט אין רוים און מיטגליד פון דעם בית־דין אין דער רוימישער קהילה, דערצו נאָך געווען זייער פאַרנומען מיט מעדיצינישער פּראַקטיק, און דאָך האָט מאַנטינאָ געפונען פרייע צייט אָפּצוגעבן זיך אויך מיט ריין־וויסנשאַפטלעכע פראַגן. אויפן ווונטש פון זיינע קריסטלעכע פריינד (דער ביסקופּ אויס וועראָנע דזשיאַנמאַטעאָ זשיבערטי און אַנדערע) האָט מאַנטינאָ איבערגעזעצט פון העברעיִש אויף לאַטיין פילע פּירושים פון אבן־רשד אויף אַפּלטונס און אַריסטוס ווערק, דעם רמב"מס „שמונה פּרקים" און האָט אָנטיילגענומען אין דעם פאַרעפנטלעכן דעם „מורה נבוכים" אויף לאַטיין" [2].

---

1 אין איינער פון ווידמאַנשטאַדטס מאַנוסקריפּטן געפינט זיך פאָלגנדע צושריפט: audivi Baruch Beneventanum optimum cabalistam, qui primus libros Zoharis per Aegidium Viterbiensem Cardinalem in christianos vulgari (זע פערלעס צייט. וו. 180). וועגן בענעווענטאָס ברייטע פילאָלאָגישע ידיעות זע: פּוילוס עמיליוסעס בריוו אין דער פאָררעדע צו דער אויגסבורגער אויסגאַבע פון חומש־איבערזעצונג אויף יידיש־דייטש. (זע „מאָנאַטשריפט", 1876, 363—365).

2 דער בעל „שלשלת הקבלה" האָט אַ טעות, בעת ער רעדט וועגן מאַנטינאָ אַלס דעם א י ב ע ר ז ע צ ע ר פון „מורה נבוכים" אויף לאַטיין (העתיק מורה נבוכים לשפת לאטינו). מער באַריכות וועגן מאַנטינו זע: פּאָגעלשטיין אונד ריגער, צייט. וו. 94—97; שטיינשניידער אין „העבר. איבערזעצונגען" און אין „העבר. ביבל." 44, 86; גרעץ, געשיכטע, ב' IX; „רעווי. ד. עט. זשוו.", VII, 283 א"וו.

שטאַרק קונה־שם געווען אין דער קריסטלעכער וועלט האָט זיך אויך דערמאָלט מאַנטינאָס אַ בן־דור אברהם די באַלמעס. טעטיק אַלס חשובער פּראַקטישער אַרצט, האָט די באַלמעס זיך אויך פיל אָפּגעגעבן מיט חכמת ישראל, און אין פּאַדוער אוניווערסיטעט פלעגט ער האַלטן פאָרטראַגן פאַר אַ גרויסער קריסטלעכער אַודיטאָריע [1]. אויפן ווונטש פון דעם קאַרדינאַל דאָמיניקאָ גרימאַני, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן רייכלינען אין זיין קאַמף קעגן די דאָמיניקאַנער און דעם משומד פּפעפערקאָרן, האָט די באַלמעס איבערגעזעצט פון העבּרעיִש אויף לאַטיין פילע ווערק פון אבן רשד. אבן באַדזשאַ א"א.

קונה־שם געווען האָט זיך אָבער די באַלמעס ניט אַלס איבערזעצער, נאָר אַלס פאַרפאַסער פון אַ חשוב ווערק „מקנה אברהם" (1523) אויפן געביט פון העבּרעיִשן שפּראַכוויסן — אַ געביט, וואָס האָט אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט די קריסטלעכע הומאַניסטיש־געשטימטע געלערנטע פון יענער צייט. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז פּיקו די מיראַנדולאַ איז אויך אַזוי פיל געווען באַהאַוונט אין דער העבּרעיִשער שפּראַך, אַז ער איז געווען אימשטאַנד איבערזעצן דירעקט פון העבּרעיִש אויף לאַטיין. און מיראַנדאָלאַ איז אין דער הינזיכט כּלל ניט געווען קיין אויסנאַם. דער גרויסער אינטערעס, וואָס ס'האָט אין דער רענעסאַנס־תּקופה אַרויסגערופן די אַנטיקע וועלט און די קלאַסישע שריפטשטעלער פון דער גריכישער און לאַטיינישער ליטעראַטור, האָט אויך גורם געווען, וואָס די הומאַניסטן האָבן געשענקט זייער אויפמערקזאַמקייט אויך דעם צווייטן וויכטיקן קוואַל פון דער אַנטיקער קולטור — דער אַלטער ביבל־שפּראַך. אמת, דאָס איז ניט געווען די איינציקע סיבה. אין דעם גרויסן אינטערעס צו דער ביבל־שפּראַך האָבן אָנטייל גענומען פאַרשיידנאַרטיקע מאָטיוון. נאָך אין דער ערשטער העלפט פונם 15טן י"ה האָט דער באַוווּסטער פלאָרענטינישער געלערנטער און פּאָליטישער טוער דזשיאַנאָצאָ מאַנעטי אָנגעוויזן, אַז בכדי צו זיין אימשטאַנד מיט ערפאָלג צו פירן אַ פּאָלעמיק מיט די יידישע געלערנטע אויפן געביט פון דאָגמאַטיק און רעליגיעזע פּראָבלעמען, מוז מען זיין גוט באַהאַוונט אין דער העבּרעיִשער שפּראַך און אין חכמת ישראל. און טאַקע דעם זעלבן מאַנעטי האָט דער פּויפּסט ניקאָלאַי דער פינפטער באַאויפטראָגט, ער זאָל אויפסניי איבערזעצן פונם אָריגינאַל אויף לאַטיין די גאַנצע ביבל. פילע הומאַניסטן האָבן אָבער אַרויסגעשטעלט מער עולמישע מאָטיוון: זיי זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז די העבּרעיִשע שפּראַך איז דער שליסל צו גאַנצע

1 צווישן אברהם די באַלמעסעס תּלמידים, וואָס פלעגן ביי אים לערנען די העבּרעיִשע שפּראַך, איז אויך געווען דער באַוווּסטער נאָוועליסט פראַנטשעסקאָ מאַריאַ מאָלצאַ.

אוצרות פון פאַרשיידנאַרטיקן וויסן. „נאָך לאַנג פאַר רייכלינען — ווייזט אָן אַזאַ חשובער קענער פון דער רענעסאַנס־תּקופה ווי בורכהאַרדט, — האָבן די הומאַניסטן געהאַלטן פאַר זייער וויכטיק שטודירן די העברעיִשע שפּראַך". און טאַקע רייכלין גופא, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט קבלה און דער העברעיִשער ליטעראַטור אונטער דער השפעה פון מיראַנ־דולאַ, האָט גרינטלעך געלערנט די ביבל־שפּראַך אונטער דער לייטונג פון דעם באַוווּסטן יידישן געלערנטן עובדיה בן יעקב ספורנו[1]. רייכלין איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין דער פּראָגראַם פון די אוניווערסיטע־טישע לימודים איינגעפירט אויך די העברעיִשע שפּראַך, און אַלס פּראָ־פעסאָר פון גריכישער און העברעיִשער שפּראַך אין טיבינגער אוניווער־סיטעט האָט ער געשאַפן אַ גאַנצע שול פון קריסטלעכע העברעיִסטן. אין זיין ווערק „De verbo mirifico" (וועגן דעם וווּנדער־וואָרט) זינגט רייכלין שירים ותשבחות דער „געטלעכער" העברעיִשער שפּראַך. אַ יידי־שער תּלמיד־חכם ברכיה און אַ קריסטלעכער געלערנטער מיטן נאָמען קאַפּניאָן פירן דאָרט אַ וויכוח מיט אַ גריכישן פילאָזאָף, און אַלע קומען זיי צום סוף צום אויספיר, אַז ניט נאָר די העברעיִשע שפּראַך און חכמת ישראל זיינען די העכסטע מדרגה פון וויסן, נאָר אַפילו אין דעם העברעיִשן אלף־בית, אין יעדן אות און תּג באַזונדער, זיינען באַהאַלטן טיפע וווּנדערלעכע סודות. פאַר די קריסטלעכע געלערנטע קרייזן, וואָס האָבן זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט העברעיִש, האָט רייכלין פאַרפאַסט זיין לערנבוך (1506) „Rudimenta hebraica" — די ערשטע העברעיִשע גראַמאַטיק פאַרפאַסט דורך אַ קריסט. רייכלין גופא איז געווען זיכער, אַז מיט דעם דאָזיקן ווערק האָט ער פאַר זיך געשאַפן „אַ דענקמאָל שטאַרקער פון שטאָל" (exegi monumentum aere perennius); אין דער אמתן אָבער איז דאָס דאָזיקע לערנבוך גאַנץ ווייט פון שלימות. מען געפינט דאָרט בלויז די עלעמענטאַרסטע כּללים פון דיקדוק, און אַ זייער ניט פולשטענדיקן רייסטער פון העברעיִשע ווערטער. אַזאַ ווערק האָט געקאָנט אין אַ זייער בצימצומדיקער מאָס שטילן דעם דורשט פון די הומאַניסטישע קרייזן נאָך העברעיִשן וויסן. דעמאָלט זיינען געקומען צוהילף די העברעיִשע געלערנטע.

טאַקע אונטער דער השפעה פון די הומאַניסטישע אידעען האָט זיך ביי די איטאַליענישע יידן גופא געשטאַרקט דער אינטערעס צום יידישן שפּראַכוויסן. עס באַמערקט זיך אַ שטרעמונג, וואָס דערמאָנט אין געוויסן זין יענע פריע תּקופה פון דער יידיש־שפּאַנישער קולטור, בעת די

1 וועגן עובדיה ספורנו, זע ווייטער קאַפּיטל פיר.

יידישע געלערנטע האָבן אונטער דער השפעה פון די גרויסע אַראַבישע פילאָזאָפן זיך גענומען מיט אַזאַ ברען און אומדערמידלעכן פלייס אויס־צופאָרשן די ביבל־שפּראַך. וואָס מער די הומאַניסטן האָבן זיך פאַרטיפט אין דער אַנטיקער וועלט פונם קלאַסישן אַלטערטום, אַלץ מער זיינען זיי נתפּעל געוואָרן פון דער פילפאַרביקער פּראַכט און שיינקייט פון דער היידנישער קולטור. די דענקמעלער פונם גריכישן און לאַטיינישן אַל־טערטום זיינען ביי זיי אין די אויגן געוואָרן דער מקור פון אַלע חכמות און מענטשלעכן וויסן. די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע שריפטשטעלער זיינען ביי דעם דעמאָלטיקן אינטעליגענטן לייענער־פּובליקום געווען די אַנטיקע דיכטער, היסטאָריאָגראַפן און רעדנער. מען האָט ניט געקאַרגט קיין צייט און קיין מי, שוין ניט ריידנדיק וועגן גרויסע הוצאות, אַבי וואָס פולשטענדיקער אויפצולעבן און אויסצופאָרשן דאָס גריכיש־רוימישע אַלטערטום... עס איז דערפאַר כּלל קיין חידוש ניט, וואָס גראַד דאָס 15טע י״ה איז אַזוי רייך מיט איבעראַשנדיקע אַנטדעקונגען אויפן גע־ביט פון אַנטיקער ליטעראַטור. גייסטלעכע און וועלטלעכע שררות האָבן געהאַט ביי זיך גאַנצע שטאַטן פון סופרים און קאָפּיסטן, וואָס פלעגן פאַר זיי איבערשרייבן און איבערזעצן אַלטע מאַנוסקריפּטן. דער גוואַל־טיקער אינטערעס צו דער אַלטער גריכיש־רוימישער ליטעראַטור איז דער־גאַנגען אין 15טן י״ה אויף אַזוי וויים, אַז די איטאַליענישע אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן איר אייגענע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. אַלץ מער האָט אין די הומאַניסטישע קרייזן גובר געווען דער געדאַנק, אַז לאַטיין דאַרף זיין און בלייבן אַלס איינציקע פון אַלעמען אָנערקענטע ליטעראַטור־שפּראַך. מען האָט אפילו באַדויערט, וואָס דער גרויסער דאַנטע האָט זיין אומשטאַרבלעך ווערק געשריבן אויף דער פּשוטער פאָלקס־שפּראַך. אַלס העכסטער מוסטער און אידעאַל פאַר ליטעראַרישער פּראָזע האָט געגאָלטן דער אַלטער ציצעראָ. פילע הומאַניסטן האָבן עס גערעכנט פאַר אַ ערן־פראַגע ניט צו געברויכן קיין שום אויסדרוק, וועל־כער געפינט זיך ניט אָט ביי דעם „אומדערגרייכבאַרן מוסטער״ פון דער קלאַסישער לאַטיינישער פּראָזע. דער העכסטער שטאָלץ און אידעאַל איז געווען פאַר די הומאַניסטן שאַפן אַ ניי־לאַטיינישע פּאָעזיע, אויסנוצן די שפּראַך פון ציצעראָ און פלאַווט פאַר פּאָעטישן שאַפן און רעדנער־קונסט. אונטער דער השפעה פון דעם דאָזיקן גרויסן רעדנער פון אַלטן רוים האָט די רעטאָריק פאַרנומען אַ גאַנץ חשובן פּלאַץ ביי די הומאַ־ניסטן, און דער גרעסטער גדלות איז באַשטאַנען ביי אַ הומאַניסט אין דעם, ער זאָל זיין אימשטאַנד האַלטן פאַר אַ פאַרזאַמלונג ביי אַ פּאַסנדער געלעגנהייט אַ לאַטיינישע לויב־רעדע, וואָס זאָל זיין געבויט לויט אַלע

כּללים פון דער אַנטיקער רעדנער־קונסט. צו יענער צייט האָט אויך דער געלערנטער לאָרענצאָ וואַללאַ זיינע פילאָלאָגישע ווערק געשריבן, ווו ער פלייסט זיך וויסנשאַפטלעך צו דערקלערן אַלע אייגנאַרטיקייטן און שיינ־קייטן פון דער לאַטייניש שפּראַך און אירע וואָרט־אוצרות [1].

דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויך אויף די אָרטיקע יידישע אינטעליגענטע קרייזן. משה בן שם־טוב אבן חביב, אַ געבאָרע־נער אויס ליסאַבאָן, נאָר שוין פון די יונגע יאָרן אַ תּושב אין דרום־איטאַליע [2], האָט אין 1486 פאַרענדיקט זיין לערנבוך „דרכי נועם“, וווּ ער באַהאַנדלט די פאָרמען פון יידישער דיכט־קונסט, אויסנוצנדיק דערביי די כּללים פון אַריסטוס „פּאָעטיקאַ“. אבן חביב פלייסט זיך צו דערווייזן, אַז דער גראַם און דער משקל זיינען אין דער יידישער דיכט־קונסט שוין געווען אָנגענומען אין די קדמונישע, ביבלישע צייטן [3]. אבן חביב האָט אויך פאַרפאַסט אַ העברעיִשע גראַמאַטיק „פּרח שושן“, זי איז אָבער געבליבן אין מאַנוסקריפּט [4].

פיל טיפישער פאַר די דעמאָלטיקע שטרעמונגען איז אַ צווייטער שפּראַך־פאָרשער, יהודה בן יחיאל, וועלכער איז מער באַקאַנט אונטערן נאָמען מיסר ליאון.

וועגן מיסר ליאונס לעבן איז זייער ווייניק באַקאַנט. מיר וויסן בלויז, אַז זיין פאָטער איז געווען אַן אַרצט, און ער גופא האָט אויך גרינטלעך שטודירט מעדיצין [5]. ער האָט געלעבט אַ לענגערע צייט אין מאַנטוא אַלס רב פון דער דאָרטיקער קהילה. מחמת אַ שאַרפער מחלוקת

1 וואַללאַס הויפּטווערק איז „De lingae latinae elegantia“.

2 אבן חביב ווייזט אָליין אָן: „ומתגורר בבוטונטו מחוז פולייא מדושנה“.

3 זע „דרכי נועם“, 13, עמ׳ א׳ (מיר ציטירן לויט דער ווענעציאַנער אויס־גאַבע פון 1546): „ומעיד אני עלי שמים וארץ כי בהיותי במלכות וואַלינציה בקהלת מורויטרי הגידו לי כל העם אשר בשער והזקנים, כי שם מצבת קבורת שר צבא אמציה מלך יהודה, וכשמעי חשתי ולא התמהמהתי לראות מצבתו מצבת אבן בראש ההר, ואחר העמל והטורח קראתי הכתיבה והיה חקוק עליה שיר זה לשונו: שאו קינה — בקול מרה — לשר גדול — לקחו יה. ולא יכולנו לקרות עוד כי היתה נמחקת, אבל היה מסיים השיר השני... לאמציה. אז האמנתי כי הדרך הזה במשקל השירים היה מימי היות אבותינו על אדמתם“. אין דער נייערער צייט האָט איין פאָר־שער אַרויסגעזאָגט אַ ווייניק באַגרינדעטע השערה, אַז דער שטיין, וואָס אבן חביב באַ־שרייבט, איז געווען די מצבה פון דעם באַרימטן דיכטער שלמה גבירול („השלח“, I, 228).

4 בלויז די ראשי פּרקים פון דעם ווערק זיינען פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיטן „דרכי נועם“ אונטערן נאָמען „מרפא לשון“.

5 זיין זון, דוד, דערציילט, אַז מיסר ליאון האָט פאַרפאַסט אין לאַטיין אַ מע־דיציניש ווערק.

וואָס ס'האָט אויסגעבראָכן צווישן אים און דעם באַרימטן גאון פון יענער צייט, יוסף קולון, האָבן ביידע בעלי־מחלוקת געמוזט אויפן באַפעל פונם דאָרטיקן הערצאָג פאַרלאָזן (1745) מאַנטוע. מיסר ליאון האָט דערנאָך געלעבט אין פאַדוע, אַנקאָנא און נעאַפּאָל, ווו ער איז געשטאָרבן נאָך 1490 [1].

מיסר ליאון איז איינע פון די אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן, וואָס בעת זיי שטייען אויף דער שוועל פון אַ נייער תקופה, און געפינען זיך אונטער דער השפעה פון צוויי קולטורן, לאָזן זיי זיך ניט בלינד פירן פון די נייע שטרעמונגען, נאָר פּרוּוון סינטעטיש פאַראייניקן דאָס אַלטע מיט דעם נייעם און געבן דעם אַלטן ווערטפולן תוכן נייע, מער צייט־מעסיקע פאָרמען. מיסר ליאון איז געווען אַ טיכטיקער קענער פון דער אַראַביש־גריכישער פילאָזאָפיע [2], האָט געשריבן פירושים אויף אבן־רשדס ווערק [3], פאַרפאַסט אַ לערנבוך וועגן לאָגיק „מכלל יופי", ווו ער טרעט אַרויס אין דער הקדמה גאַנץ שאַרף הן קעגן די „מתפלספים", הן קעגן די „נאַראָנים", די מיסטיקער, וואָס „זיי איז אַמליבסטן אַלץ, וואָס ס'איז אַממייסטן ווילד און אומגעלומפּערט" [4]. אין דער זעלבער צייט פילט זיך שוין אין מיסר ליאונס ווערק דער אָטעם פון דער רענעסאַנס־תקופה. ער שטודירט מיט גרוים התמדה די ווערק פון ציצעראָ [5], קווינטיליאַן [6] און זייערע מפרשים, און פלעגט ביי פייערלעכע אָנגעלעגנהייטן אַרויסטרעטן מיט געהויבענע לויב־ און עפּיטאַפּן, וואָס זיינען געווען געבויט לויט די שטרענגסטע כללים פון דער אַנטיקער רעטאָריק און רעדנער־קונסט. מיסר ליאון איז אָבער געווען ניט נאָר אַ קינד פון דעם יונגן רענעסאַנס, נייערט אויך פונם אַלטן פאָלק ישראל. אַ פיינער

[1] אין יעקב פּראָוואַנסאַלים בריוו צו מיסר ליאונס זון, וואָס איז געשריבן אין 1490, ווערט נאָך וועגן מיסר ליאון גערעדט ווי וועגן אַ לעבעדיקן.

[2] אמת, בלויז אויס די העברעיִשע און לאַטיינישע קוועלן; וואָרעם ס'איז אַ גרויסער ספק צי מיסר ליאון האָט געקאָנט אַראַביש.

[3] מער באַריכות וועגן די דאָזיקע ניט פּאַרעפנטלעכע מיסר ליאונס ווערק, זע שטיינשניידער, „העבר. איבערז." ז' 77—86.

[4] „וכל אשר היה הדבר במדרגת ההמנע והבטול יותר יערב להם לסכלותם ואמרו: הנה מה טוב ומה נעים". מער באַריכות זע ביילאַגע, נומ' 1.

[5] ציצעראָ — באַרימטער רוימישער רעדנער, שריפטשטעלער און פּאָליטישער טוער, האָט געלעבט אין לעצטן י"ה פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג.

[6] באַדייטנדער רוימישער שריפטשטעלער און קריטיקער, האָט געלעבט אין ערשטן י"ה פון דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג.

סטילסיט און פאַרשער פון דער העברעיִשער שפּראַך [1], האָט ער ניט געקאָנט מסכּים זיין מיט דער ביי די הומאַניסטן אַזוי אָנגענומענער מיינונג, אַז דער אַלטער ציצעראָ איז דער העכסטער מוסטער פון גאונישער רעדנער־קונסט און פולקומסטן פּראָזע־סטיל. ער האָט געוואָלט דערווייזן, אַז אויף דעם געביט פון שיינעם סטיל און פּאַטעטישער רעדנער־קונסט דאַרפן אָנערקענט ווערן אַלס די גרעסטע מייסטער די נביאים און די ביבלישע געשיכטע־שרייבער. צו דעם צוועק האָט ער פאַרפאַסט זיין באַוווּסט ווערק „נופת צופים" [2].

דער דאָזיקער רב פון מאַנטוּאַ איז געווען דער ערשטער יידישער פאָרשער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו באַטראַכטן די ביבל ניט בלויז אַלס „כּתבי הקודש", אַלס געטלעך און הייליק ווערק, נאָר אויך אַלס איינס פון די מערקווערדיקסטע ליטעראַרישע דענקמעלער, אַלס זאַמלבוך פון העכסטע קונסט־דערגרייכונגען. מיסר ליאון גייט אַרויס פון קווינטיליאַנס שטאַנדפּונקט, אַז דער אמתער מושלם צווישן די גרויסע רעדנער מוז דערביי אויך זיין אַ ריינע מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, און אחוץ אַ געשליפענע צונג דאַרף דער פון גאָט געבענטשטער רעדנער אויך זיין באַשאָנקען מיט העכסטע גייסטיקע מעלות. דערפאַר טאַקע, פּירט אויס מיסר ליאון, זיינען די גרעסטע רעדנערס געווען די בעסטע און דערהויבנסטע פאַרשטייער פון אונזער אומה — די נביאים [3].

ווי דאָס רוב געלערנטע פונם מיטלאַלטער איז אויך מיסר ליאון געווען פעסט איבערצייגט, אַז אַלע חכמות און וויסנשאַפטלעכע ידיעות שטאַמען פון יידן. בימי הנביאים, זאָגט מיסר ליאון, בעת דער געטלעכער גייסט האָט גערוט איבער דעם באַרג ציון, זיינען מיר, יידן, געווען די טרעגער פון דעם אַלזייטיקן מענטשלעכן וויסן, און אונזער הייליקע תורה איז געווען דער מקור פון אַלע חכמות. מיר זיינען קולטורעל געשטאַנען העכער פון אַלע אַנדערע פעלקער, און ניט אומזיסט פלעגט מען דעמאָלט

---

1 ער האָט נעהאַלטן פאָרלעזונגען וועגן העברעיִשער שפּראַך פאַר אַ קרייז יונגעלייט און האָט צו דעם צוועק פאַרפאַסט אין 1454 אַ ספּעציעל לערנבוך. זע וועגן דעם ביילאַגע נומ' 1.

2 פאַרפאַסט נאָך 1454, ווייל עס ווערט דאָרט אַ פּאָר מאָל דערמאָנט זיין ווערק „לבנת הספּיר", וואָס ער האָט פאַרענדיקט אין דעם דאָזיקן יאָר. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דער זייער זעלטענער מאַנטואַנער אויסגאַבע (פאַר 1480), נאָר ווייל די בלעטער זיינען דאָרט ניט נומערירט, וועלן מיר ווייטער ציטירן לויט דער צווייטער אויסגאַבע, וואָס יעלינעק האָט פאַרעפנטלעכט אין 1863.

3 „נופת צופים", 11: „ולזה מופלגי החלצה הוי בחירי האומה וסגולתה כמעט נשלמו בהם המעלות כולם, רצוני לומר הנביאים אשר אין ערוך עליהם, וכל זה יחזק דברי קוינטיליאַנו". זע אויך: דאָרטן, 3, 184 א"וו.

אויף אונז זאָגן: „עם חכם ונבון הוא העם הזה״. זייט דעם אָבער, ווי ס'איז מחמת אונזערע גרויסע זינד אַנטשוויגן געוואָרן דאָס וואָרט פון די נביאים, און אויסגעטריקנט זיינען געוואָרן די קוואַלן פון אונזער חכמה, זיינען מיר שוין ניט אימשטאַנד אַריינצודרינגען אין די טיפענישן פון די כתבי הקודש. די לאַגע האָט זיך אויף אַזוי ווייט געביטן, אַז מיר זעען איצט גאַנץ אָפט פאָלגנדיקע דערשיינונג: ערשט נאָכדעם, ווי מיר באַקאָנען זיך אויס פ ר ע מ ד ע קוואַלן מיט פאַרשיידענע צווייגן פון וויסן — עפענען זיך ביי אונז די אויגן, און עס אַנטפּלעקן זיך דעמאָלט פאַר אונז אין דער ביבל גאַנצע אוצרות פון חכמה און שיינקייט, וואָס זיינען ביז איצט געבליבן פאַר אונז פאַרהוילן. דאָס זעלבע, איז מוסיף מיסר ליאון, איז טאַקע פאָרגעקומען מיט מיר גופא: ערשט נאָכדעם, ווי איך האָב מיך אויס פרעמדע מקורים [1] באַקאַנט מיט דעם מהות און דעם גרויסן באַטייט פון רעטאָריק — האָב איך אויף דער ביבל אָנגעהויבן קוקן מיט גאַנץ אַנדערע אויגן, און באַמערקט אין איר אַזוינס, וועגן וואָס איך האָב פריער גאָר קיין השגה ניט געהאַט. איך האָב ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען ווי צו שעצן די גרויסע רעטאָרישע קונסט און אומפאַרגלייכלעכע סטיליסטישע שיינקייטן אין דער ביבל, וואָס אַקעגן זיי זיינען די סטיליסטישע שיינקייטן פון אַנדערע ליטעראַטורן און פעלקער, ווי קליינע גרעזעלעך קעגן די צעדערן פון לבנון. און מיסר ליאון דערציילט ווייטער מיט התפעלות, ווי אַזוי ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באַקאַנט מיט דעם ווערק פון קווינטיליאַן און ציצעראָ, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די יידישע נביאים זיינען אויך געווען גאונישע רעדנער און ערשטקלאַסיקע מייסטער פון פאַטעטישן סטיל [2]. און מיסר ליאון רעדט מיט רוגז וועגן די „פלומרשטע חכמים פון אונזער פאָלק״, וואָס טענהן, אַז מיר האָבן ניט וואָס צו זוכן חכמה אויס פרעמדע מקורים. זיי מיינען, אַז זיי זיינען עס דערמיט מקיים דעם פסוק „יגדיל תורה ויאדיר״ — זיי האָבן אָבער אַ טעות: זיי דערנידעריקן בלויז מיט זייערע רייד אונזער תורה, וואָרעם זיי לייגן שטיינער אויפן וועג, וואָס פירט צום גרינטלעכן אויספאָרשן אירע אומשאַצבאַרע אוצרות [3].

---

1 פון די „פרעמדע מקורים״ ציטירט מיסר ליאון אַמייסטן קווינטיליאַנען ציצעראָ, וועלכן ער רופט ניט שטענדיק ביים פאַמיליענאָמען, נאָר אונטער דעם אייגננאָמען טוליאַ (Tullius), און אויך ציצעראָס אַ מפרש וויטאָרינאָ. גאַנץ אָפט פאַררופט זיך אויך מיסר ליאון אויף אַ „קורצן לערנבוך״ (קיצור ההלצה), וואָס אַריסטו זאָל האָבן געשריבן ספעציעל פאַר אַלכּסנדר מוקדון (דאָרט, 65, 88, 99).

2 דאָרטן, 184, 192, א״וו.

3 דאָרטן, 49.





# ספר נפת צופים

הדור חפץ שפתי דעת על פה נרפים אתם נרפים
הטיבו נגן הדבר שיר כי בא סגייר נפת צופים
חבר ספר ואדי שפר כשמו כן הוא נפת צופים

אמר העבד הקטן האוהב הנאמן יהודה
יכונה הנקרא מסיר ליאון במ"ש הרס
בהיות אלי ישראל כאור החמה כאור שבעת הימים
בסדר אלהי עליו והלכו בשבת עיר על תלה והאחרון על
משפטי וחכמי השרים וכסיליהם יראים מגשת אלינו
לרע מעשות המעשלה את ברושים שמחו להם ארזי
לבנון מבין עבותים היתה צמרתם כעב העפיפה בגנות
המזמה והנעמות שרותיה אל הר הקדש ושרים אל
ארבותיהם את הלבה מיוסדה בית נבת השירי חן לה בין
העצירים אשר שתה ופרחיה את מזבחות יי לכבוד
ולהתפארת כל ממלכות התבונה בעדן גן אלהים היו
מטעי ידידי שם ורביעתה בכוח טוב בזאת התהלה אשר
שם משה מבין שרותיה יהודי בתוך אבע ואש
התהלכו אשר רעותה לא עקרו אז רוינו בשם יי
ונהיינו בחכמה ודעת במסלה עלינו עד מרומים

ערשטע זייט פון דער מאַנטואַנער אויסגאַבע „נופת צופים" (פאַר 1480)

מיסר ליאון פלייסט זיך צו באַקענען זיינע לייענער מיט די גרונט־ידיעות פון רעטאָריק, מיט די אייגנאַרטיקע געזעצן און כּללים פון ריטם און צוזאַמענקלאַנג, וואָס מיט זיי צייכנט זיך אויס יעדער פּאַטעטישער סטיל. אין פּאָפּולערער פאָרם פּרוּווט ער ערקלערן אויף וואָס פאַר אַ אופן עס געלינגט דעם מענטשן מיט הילף פון סימבאָלן, צייכנס און פאַרגלייכונ־גען איבערצוגעבן דעם צווייטן די אומגעהייער רייכע פאַרשיידנאַרטיקייט און פילפאַרביקייט פון מענטשלעכע אַפעקטן און שטימונגען. און דאָס אַליץ ווערט אין „נופת צופים" באַלויכטן און אילוסטרירט אויסשליסלעך מיט ציטאַטן אויס דער ביבל. ניט בלויז באַגייסטערטע זעונגען פון אונ־זערע נביאים, נאָר אפילו די רייד פון גאָט אַליין ווערן פון מיסר ליאון געבראַכט אַלס מוסטער פון דערהויבענעם שיינעם סטיל. בעת די פריער־דיקע מפרשים, בפרט די בעלי־קבלה, האָבן אין יעדן איבעריקן אות, אין יעדן איבערגעהזרטן וואָרט אָדער אויסדרוק, וואָס קומט פאָר אין דער תורה, געזען טיפע רמזים און גוואַלטיקע סודות — קומט דער בעל „נופת צופים" און ערקלערט דאָס אַליץ אַלס פּשוטע סטיל־באַפּוצונגען און ווייזט אָן, אַז דאָס מוז אַזוי זיין לויט די כּללים פון רעטאָריק, און דאָס פאָדערן די געזעצן פון פּאַטעטישער רעדנער־קונסט [1].

מיסר ליאון שטרייכט דערביי אונטער, אַז טאַקע די באַקאַנטשאַפט מיט די געזעצן פון שיינעם סטיל און פּאָעטישע קונסט־פאָרמען און דאָס געהעריקע באַנוצן זיך מיט די כּללים פון רעטאָריק קאָן דינען אַלס גוטער הילפסמיטל אין דער עקזעגעטיק, ד"ה ביים ערקלערן דעם ביבל־טעקסט; און ער ברענגט דערביי אַלס ביישפּיל פילע אויסדריקן און גאַנצע באַ־שרייבונגען אויס דער ביבל [2], וואָס ווייזן דערפאַר אויס טונקל און אומ־פאַרשטענדלעך, ווייל מען באַטראַכט זיי ניט פונם שטאַנדפּונקט פון רע־טאָרישער קונסט, און מען פאַרגעסט, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט פּראָ־דוקטן פון שיינעם פּאַטעטישן סטיל און פּאָעטישן קונסט־שאַפן, ווו עס געוועלטיקן באַזונדערע געזעצן.

און ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטיקע שטימונגען ביים איטאַליענישן יידנטום, וואָס מיסר ליאונס „נופת צופים" איז געווען איינס פון די ערשטע העברעיִשע ביכער, וואָס ס'איז אַרויס „מתחת מכבש הדפוס". דער געבילדעטער אַרצט אַברהם כּונת, וואָס האָט געגרינדעט אין דער צווייטער העלפט פון די זיבעציקער יאָרן אַ העברעיִשע דרוק אין

1 דאָרטן, 193.

2 דאָרטן, 26, 90, 170—171 אאַז"וו.

מאנטוא [1], איז געווען אזוי אַנטציקט פון מיסר ליאונס „רעטאָריק", אַז ער האָט געהאַלטן פאַר זיין ערשטע אויפגאַבע זי וואָס גיכער באַקאַנט מאַכן די ברייטערע קרייזן [2].

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז מיסר ליאון האָט אין 1454 פאַרפאַסט פאַר זיינע תּלמידים אַ לערנבוך פאַר העברעיִשער גראַמאַטיק. דאָס דאָזיקע ווערק איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין יידישע קרייזן [3] צום סוף אָבער פונם 15טן יאָרהונדערט, וואָס מער ס'האָט זיך געשטאַרקט דער אינטערעס צו דער העברעיִשער שפּראַך אויך אין די קריסטלעכע געלערנטע קרייזן, האָט זיך ביי די יידישע געלערנטע דערוועקט דער ווונטש קומען צו הילף זייערע קריסטלעכע קאָלעגן און שאַפן פאַר זיי הילפסביכער, וואָס זאָלן דערלייכטערן דאָס באַקענען זיך מיט דער ביבל־שפּראַך. אַט צו דעם צוועק האָט עם מיסר ליאונס תּלמיד, אברהם די־בעלמעס, פאַרפאַסט זיין אויבן דערמאָנטע גראַמאַטיש ווערק „מקנה אברהם". דער פאַרפאַסער ווייזט טאַקע דערביי אליין אָן, אַז ער שרייבט זיין ווערק ניט בלויז פאַר יידן, נאָר אויך פאַר „אַנדערע פעלקער" [4]; און דערפאַר איז דאָס ווערק דערשינען (ווענעדיק, 1523) צוזאַמען מיט אַ לאַטייניש איבערזעצונג, און דער העברעיִשער טעקסט איז געווען געדרוקט מיט נקודות, בכדי די „גויִם" זאָלן ניט נכשל ווערן ביים לייענען.

די־באַלמעס ווערק איז פאַר יענער צייט בלי־ספק אַ וויכטיקע דער־שיינונג. דער בעל „מקנה אברהם" פּרוּווט פילאָזאָפיש באַגרינדן דעם בוי פון דער העברעיִשער שפּראַך, גיט אַ היסטאָריש־קריטישן איבערבליק וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער העברעיִשער גראַמאַטיק און וואַרפט דערביי אָפּ פילע אָנשווינגען פון די פריערדיקע מדקדקים [5], וואָס ער

1 זע צונץ, „צור געשיכטע אונד ליטעראַטור", 249.

2 זע זיין צושריפט אין סוף „נופת צופים": „ירדתי וראיתי ספר מגיד אמרי שפר... על כן אחזתיו אף חבקתיו והבאתיו אל חדרי משכיתי ושלחתי ידי בקלמוסי וכתבתיו לזכות בו את הרבים".

3 מיסר ליאון שרייבט אין זיינעם אַ בריוו פון 1474: „וחברתי כללי הדקדוק זה לי עשרים שנה אשר מתקו מדבש לאוכלי מצדם והתפשטו באיים רחוקים" (זע קאָבאַקס „ישורון", VII, 32).

4 „אם אמצא איש מבני ישראל או מן הערלים אשר ידבנו לבו לדרוש ולתור החכמה אשר בו אצפה... כי בספרנו זה ידעו כל עמי הארץ כי בנו דבר שוכן... ובלשננו נגבר".

5 באַזונדערס אָפּט טרעט ער אַרויס קעגן דעם רד"ק (ר' דוד קמחי). אין „מקנה אברהם" באַגעגענען מיר אָפּט אַזוינע אויסדרוקן: „אלה הם... אשר חשבו רבים מן המדקדקים ולא נראו בעיני דבריהם... ולזה נשתבש רבי דוד קמחי והחביב עמו".

האַלט פאַר אומבאַגרינדעטע. די־באַלמעס איז אַגב דער ערשטער צווישן די יידישע פילאָלאָגן, וואָס טיילט אויס דעם סינטאַקסיס אַלס גאַנץ זעלב־שטענדיקן טייל אין דער גראַמאַטיק [1].

כאַראַקטעריסטיש איז פאַר אונזער פּראָפעסער, ווי אַזוי ער פּרוווט וויסנשאַפטלעך באַגרינדן הן די אָנגענומענע מיינונג, אַז לשון־קודש איז די אויסדערוויילטע שפּראַך, הן די לערע פון די מקובלים, אַז אין די ביבלישע ווערטער און אין די „צירופי אותיות" שטעקט אַ פאַרבאָרגענע קראַפט. ער שטיצט זיך דערבײַ אויף דער שיינער ביבלישער אַגדה, וואָס דערציילט, אַז גאָט האָט געבראַכט פאַר אדם־הראשון אַלע באַשעפעניש פון דער ערד און אַלע פייגל פון די הימלען, ער זאָל זיי נעמען געבן „און ווי אַזוי דער מענטש וועט אָנרופן יעדער באַשעפעניש, דאָס וועט זיין זיין ריכטיקער נאָמען". עס איז קיין ספק ניט, שטרייכט אונטער די־באַלמעס, אַז יעדע באַצייכענונג, וואָס אָדם־הראשון האָט געגעבן אויף לשון־קודש [2], און דער באַשעפער בכבודו ובעצמו האָט דערויף זיין הסכמה געגעבן — האָט פולשטענדיק אויסגעדריקט דעם אמתן מהות פון יעדער באַטרעפנדיקער באַשעפעניש. „אָט טאַקע דערפאַר, איז מעורר דער בעל „מקנה אברהם", רופן מיר די העברעישע שפּראַך לשון־קודש, ד"ה די אויסגעטיילטע און אויסדערוויילטע, וואָס שאַפט און באַשטימט"; אויף איר האָט דער מענטש צום ערשטן געשאַפן זיינע באַגריפן און גע־דאַנקען, און אירע באַצייכענונגען און נעמען דריקן דערפאַר בולטער אויס דעם אמתן מהות פון די זאַכן, ווי בײַ אַלע אַנדערע לשונות [3].

דער „מקנה אברהם" איז געשריבן מיט גרויס בקיאות, אָבער מיט אַ האַרטער שווערוואָגיקער שפּראַך, און דאָס ווערק האָט דערפאַר ניט באַזונדערס אויסגענומען ביים עולם, בפרט אין די קרייזן, וואָס האָבן זיך אַממייסטן געגוויטיקט אין די־באַלמעס ווערק — ביי די קריסטלעכע העברעיִסטן [4]. דערפאַר אָבער איז דער אמתער רבי און מורה־דרך פאַר די קריסטלעכע הומאַניסטן אויפן געביט פון העברעיִשן וויסן געוואָרן

[1] זע דעם זיבעטן שער אין „מקנה אברהם" (שער ההרכבה והשמוש).

[2] די־באַלמעס פרוווט אויך ברענגען „וויסנשאַפטלעכע" ראיות, אַז די אומגאַנג־שפּראַך פון די ערשטע מענטשלעכע דורות איז געווען העברעיִש און ניט קיין אַנדער לשון.

[3] „מקנה אברהם", ערשטער שער: „לכן נאמין כי זהו הלשון שבו הסכים הבורא עם האדם, ולכן יקרא לשון הקודש רוצה לומר: הקדש הידוע שהוא היוצר הנבדל ומקודש על כל קדושים ולכן לו לבדו יאות יותר יחס הקדש סתם מכל קדוש".

[4] וועגן דער אומצופרידנקייט פון די קריסטלעכע העברעיִסטן מיט די־באַלמעס ווערק, זע בײַ פערלעס: „בייטרעגע" אאז"וו, 37—39.

די־באַלמעס א יינגערער בן־דור אליהו בר׳ אָשר הלוי אַשכנזי, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען אליהו בחור און אויך אליהו לעוויטאַ.

וועגן אליהו הלוים יונגע יאָרן האָבן מיר גאַנץ קנאַפּע ידיעות; מיר ווייסן בלויז, אַז ער איז געבאָרן אין דעם דאָרף איפּשהיים, ניט ווייט פון נירנבערג. וועגן זיין געבורטס־יאָר איז פאַראַן א שטיקל פּלוגתא. דאָס רוב ביאָגראַפן ווייזן אָן דאָס יאָר 1472, שטיצנדיק זיך דערביי אויף דער הקדמה צו דער צווייטער אויסגאַבע פון „בחור“, וועלכע איז דערשינען אין 1542, ווו אליהו הלוי זאָגט וועגן זיך: „והרי אני כבן שבעים שנה“. מיר ספקן אָבער אין דער דאָזיקער דאַטע און רעכענען, אַז ר׳ אליהו איז געבאָרן אין 1468. אויפן לעצטן בלאַט פון דעם רעליגיעזן ווערק „שערי דורא“, וואָס ס׳איז דערשינען אין 1548, ווייזט אליהו הלוי, וועלכער איז געווען קאָרעקטאָר פון דער דאָזיקער אויסגאַבע, בפירוש אָן, אַז ער איז שוין אַלט א כ צ י ק י אָ ר[1]. משמעות, אַז ער איז געבאָרן אין 1468. ער איז געווען ביי זיינע עלטערן דער יינגסטער פון ניין זין. ווען, און ביי וואָסערע אומשטענדן אליהו הלוי איז אָנגעקומען קיין איטאַליע, ווייס מען ניט אויף קלאָר. העכסט וואָרשיינלעך האָבן אים אהין געבראַכט די זעלבע סיבות, וואָס האָבן געצוווּנגען אַזוי פיל דייטשע יידן זיך לאָזן קיין דרום־איטאַליע — די שטענדיקע רדיפות אויף יידן אין די דייטשע מדינות. עס איז קלאָר, אַז אין דייטשלאַנד האָט אליהו הלוי קיינע גרויסע פילאָלאָגישע ידיעות ניט דערוואָרבן. די דייטשע יידן זיינען בכלל זייער ווייניק באַהאַוונט געווען אין חכמת הדיקדוק, און ביי די ספרדישע און איטאַליענישע יידן פון יענער צייט האָבן די אַשכנזים ניט אומזיסט געגאָלטן אַלס „עלגי שפה“ און „כבדי פה“[2]; עס איז דערפאַר קיין ספק

[1] דאָרט איז אָפּגעדוקט פאָלגנדיקער שיר פון אליה לעוויטאַ:

ספר נעים שערי דורא על שם יצחק רב מדורא
בו איסור כל דברי מאכל אין כמוהו דינים הורה.
בו נצמד הלכות נדה, עם רוב דיעות למודי תורה
נדפס לפרט ג׳ משב״ט, כן מספר קטן של היצירה
המשורר הוא אליהו בחור. זקן פ׳ לגבורה.

זע וועגן דעם אויך: „ציון“ 1841, 199; „ליטער.־בל. ד. אָריענטס“, 1843, 14; דאָרטן, 1847, 58.

[2] יצחק אברבנאל דריקט אויס אין זיין באַוווּסטן בריוו צו שאול כהן האַשכנזי זיין פאַרוווּנדערונג, וואָס יענער, אַלס אויסנאַם צווישן אַלע אַנדערע „אשכנזים“, שרייבט אַזוי שיין העברעיש: „לשון חכמים דבר דבור על אופניו מהר דבר צחות לשון בל יכון בארץ אשכנז, הצור אשר ממנו חוצבת ולא בפי רבניה אם שלמים וכן רבים המה תחת לשונם עמל ואון ולעג לשון ואין בינה“ (תשובות וכו׳, 11 עמ׳ א׳)

אין דעם אייגענעם זין שרייבט אויך דער איטאַליענער יהושע שונצינאָ: „וכל האשכנזים בטבעם הם עלגי שפה כבדי פה וכבדי לשון ואין כח בהם לבטא בשפתים ולא לכתוב בקולמוס העומק השוכן תוך לבם, ולא יבינם אלא מי ששמע אותם“ (זע „קורא הדורות“, ווענעציאַנער אויסגאַבע, 29, עמ׳ א׳).

ניט, אז דאס, וואס אליהו האשכנזי איז דער גרויסער „מדקדק" געוואָרן, האט מען עס צו פאַרדאַנקען דער איטאַליענישער שול. שוין צום סוף פונם 15טן י"ה באַגעגענען מיר אליהו הלוי אין ווענעדיק און אין 1504 געפינט ער זיך שוין אין דעם אַלטן קולטור־צענטער פאַדוא פאַרטיפט אין זיינע פילאָלאָגישע לימודים [1] און אַרומגערינגלט מיט תלמידים. זיין ערשטע פילאָלאָגישע אַרבעט איז געווען אַ פירוש צו יוסף קמחים גראַמאַטיק „מהלך שבילי הדעת", וואס אַדאַנק אליהו בחורס הוספות און ערקלע־רונגען, איז זי געוואָרן זייער אָנגענומען אין די קריסטלעכע קרייזן: זי האט אויסגעהאַלטן פילע אויסגאַבן [2]. און דער באַקאַנטער העברעיִסט סעבאַסטיאַן מינסטער, וואס האט אליין מודה געווען וויפיל ער האט צו דאַנקען אליהו לעוויטאַ [3], האט אַרויסגעגעבן דעם „מהלך שבילי הדעת" מיט אַ לאַטיינישער איבערזעצונג (באַזעל, 1531, 1536).

אין 1509, בעת פאַדוא איז אַריין אין די הענט פון די פיינדלעכע חיילות, האט אליהו הלוי פאַרלאָרן זיין גאַנץ פאַרמעגן, און ליידיק און בלויז איז ער אַוועק קיין ווענעדיק. אין איינעקע יאָר אַרום (אין 1514) באַזעצט ער זיך אין רוים, וווּ ער באַפריינדעט זיך מיט דעם געלערנטן און זייער חשובן קאַטוילישן גייסטלעכן עדזשידיאָ וויטערבאָ. אָט די דאָזיקע לאַנגיאָריקע פריינדשאַפט האט געשפּילט אַ העכסט וויכטיקע ראָלע אין אליהו לעוויטאַס וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט [4]. עדזשידיאָ האט

1 אליה בחור ווייזט אַליין אָן, אַז ער האט זיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן מיט תלמוד. זע די צווייטע הקדמה צו „תשבי": „ואף שבעונותי כבר עברו רוב שנותי ולא ראיתי בטובה בהויות דאביי ורבא ולהכמים מעט שמשתי".

2 די ערשטע אויסגאַבע פון קמחים גראַמאַטיק מיט אליהו הלוים הוספות איז דערשינען אין פיזאַרו אין 1508. אליה הלוים אייגנהענטיקער מאַנוסקריפּט מיט זיינע הוספות צו קמחים גראַמאַטיק געפינט זיך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי (זע ביי־געלייגטע פאָטאָגראַפיע).

3 זע פערלעם ציט. וו. 32, 39.

4 אליה הלוי גופא באַשרייבט באריכות זיינע פריינדלעכע באַציִונגען צום קאַרדינאַל עדזשידיאָ אין דער דריטער הקדמה צו זיין „מסורת המסרת". ער שטרייכט דערביי אונטער, אַז ער גופא האט פיל געגאַשט ביי זיין געלערנטן תלמיד: „ובכן המתקנו סיד יחד, ורוחי עליו אצלתי, וגם אני ממנו אצלתי, דברים טובים ונעימים, אשר עם האמת מסכימים" (דאָרטן 8–9). מיר ציטירן לויט דער ערשטער ווענעציאַנער אויסגאַבע). אין דער דריטער הקדמה צו זיין „תשבי" ווייזט אליה הלוי אָן, אַז זיינע ידיעות אין דער גריכישער שפּראַך האט ער אויסשליסלעך צו פאַרדאַנקען עדזשידיאָן: „גם יתמהמו על לשון יון שהבאתי בהרבה מקומות בידעם שאיני מכיר הלשון ההוא, אבל לא ידעו שמָן הקרדינאל אשר עמדתי עמו שלשה עשרה שנה קבלתי כל אלה" (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע פון 1541);

זיך אין דער התחלה באַקאַנט מיט לעוויטאַן בכדי יענער זאָל אים אַריינ־פירן אין חכמת הנסתר און אים דערלייכטערן די באַקאַנטשאַפט מיט די העברעיִשע קבלה־ספרים. ס׳איז אַפילו עד־היום אויפגעהיט געוואָרן אליהו הלוים אייגנהענטיקע אָפשריפט פון אלעזר הרוקחס קבלה־ספרים „סודי רָזַיא״, „ס׳ חכמת הנפש״ און אַ פירוש אויף „ספר יצירה״, וועלכע דער יידישער געלערנטער האָט אין 1515 קאָפּירט ספּעציעל פאַר זיין תּלמיד און באַשיצער עדזשידיאָ [1]. דער עקשנותדיקער קאַמף צווישן רייכלינען מיט דעם משומד פפעפערקאָרן און די דאָמיניקאַנער, וואָס האָט געמאַכט דעמאָלט אַזאַ גוואַלטיקן רושם, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אינטערעס אין די געלערנטע קרייזן צו דער העברעיִשער שפּראַך און איר ליטעראַטור. דעם וויסן־באַגיריקן עדזשידיאָ איז דערפאַר געווען באַזונדערס געוואונטשן, זיין יידישער פריינד זאָל זיך מיט לייב און לעבן אָפּגעבן מיט העברעיִשער פילאָלאָגיע און קודם־כל אָנשרייבן אַ האַנטבוך פאַר דער העברעיִשער שפּראַך [2]. בכדי געבן אליהו הלוי די מאַטעריעלע מעגלעכקייט זיך אָפּגעבן מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט האָט וויטערבאָ אים באַזעצט ביי זיך (1517) און אים פאַרזאָרגט מיט אַלע הצטרכותן [3]. נאָך איין מניעה, וואָס וואָלט געקאָנט שטערן לעוויטאַס וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, האָט וויטערבאָ געזאָרגט באַצייטנס צו באַזייטיקן: ער האָט ביים פּויפּסט געפּועלט אַ דערלויבעניש צו גרינדן אין רוים אַ העברעיִשע דרוק מיט דער ספּעציעלער אויפגאַבע לעוויטאַס ווערק צו פאַרעפנטלעכן. און אליהו הלוי אשכּנזי זיצט „באָהלה של תורה״ און שרייבט אַ ווערק נאָך אַ ווערק. שוין אין 1517 איז אין רוים דערשינען לעוויטאַס באַרימטע גראַמאַטיק „בחור״ און גלייך נאָך איר האָט אליהו הלוי פאַרעפנטלעכט זיין „לוח בדקדוק הפעלים״ און זיין לערנבוך וועגן פרעמדע און קאָמפּליצירטע ווערטער אין דער העברעיִשער שפּראַך „ספר ההרכבה״ [4].

---

1 זע „אגרות שד״ל״ ב׳ VI, ז׳ 1020—1.

2 זע די פאָררעדע צו דער ערשטער אויסגאַבע „בחור״.

3 פאָררעדע צום „תשבי״, 1538, 9.

4 די צווייטע אויסגאַבע פון דעם „ספר ההרכבה״ מיט פאַרשיידענע הוספות האָט פאַרעפנטלעכט אליה הלוי גופא אין 1546, ווי ער ווייזט אָן ביים שלום אין פאָלגנדיקן שיר:

„אמר המחבר הנזכר—אשר בכתבו נכר.
ספר ההרכבה חברתי—וברומי אותו גמרתי
עתה שנית בו עברתי—הטבתי אשר דברתי
ובכן מידי הוא נמסר
בבית דניאל בומבירגו השר
ונדפס על ידי קורניליוו אדילקינד מכונת
אשר על המלאכה ממונה.

אליהו הלוי האָט דערנאָך אַ משך פון יאָרן געאַרבעט איבער צוויי גרויסע פילאָלאָגישע ווערק: איבער אַ ביבל־קאָנקאָרדאַנציע „ספר הזכרונות" און איבער אַ ווערטערבוך „מתורגמן" פון אַלע אַראַמישע ווערטער, וואָס קומען פאָר אין דעם תּלמוד. שרעקלעכע קריגס־מהומות האָבן אָבער מיטאַמאָל איבערגעריסן זײַנע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן: דעם קיסר קאַרלס חיילות האָבן זיך אַרײַנגעריסן קיין רוים (1527), און בײַ די רויבערײַען, וואָס זײַנען דאָרט פאָרגעקומען, האָט אליהו הלוי פאַרלאָרן ניט נאָר זײַן גאַנץ פאַרמעגן, נייערט אויך אַ טייל פון זײַנע שוין פאַרטיקע מאַנוסקריפּטן [1]. אליהו הלוי האָט פאַרבראַכט שווערע צוויי נע־ונד־יאָר. אין דעם זעלבן יאָר באַגעגענען מיר אים אין פּיזאַראָ, ווו ער פאַרעפנטלעכט בײַם געוויסן דרוקער שונצינאָ זײַן פילאָלאָגיש ווערק „פּרקי אליהו" [2], פון דאָרט וואַנדערט ער איבער אַנדערע שטעט, ביז ער באַזעצט זיך אין 1529 אין ווענעדיק. דאָרט שטיצט אים די ערשטע צײַט זײַן טרייער פרײַנד עדזשידיאָ, וואָס זאָרגט דערפאַר, אַז דער ייִדישער געלערנטער זאָל האָבן די מעגלעכקייט זיך אָפּגעבן זײַן וויסנשאַפטלעכער אַרבעט [3]. זאָרגפאָליקע שטיצע האָט אויך אליהו הלוי געפונען אין ווענעדיק בײַם פראַנצויזישן געזאַנדטן זאָרזש די סעלוו, וועלכער האָט בײַ אים געלערנט העברעיִש [4]. אין 1538 האָט אליהו הלוי פאַרעפנטלעכט אין

1 זע „מסורת המסורת", 1538, 10, און אויך די הקדמה צום „ספר הזכרונות".

2 בן יעקב האָט אַ טעות, בעת ער ווײַזט אָן, אַז שונצינאָ האָט געדרוקט דעם „פּרקי אליהו" אין יאָר 1520. אינם שלום פון דער צווייטער, ווענעציאַנער, אויסגאַבע (1546) איז אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקע הערה: „ובכן נדפסו שנית אלו הפרקים, אשר חבר אל הו אביר המדקדקים בקצת דברים טובים הוסיף עליהם, אשר לא נודעו לו בימים ההם כאשר נתנם להדפיס בעיר פיזר, לאיש שונצינו בשנת פז"ר (1527).

3 וועגן דעם ווערט באַריכות דערציילט אין אליהו הלוים אינטערעסאַנטער צושריפט, וואָס געפינט זיך אין זײַן האַנטשריפטלעכן „מתורגמן": „אמר אליהו בר' אשר הלוי האשכנזי המחבר: אחרי שהשלמתי וכו', והנה התחלתי בחבור זה הספר ברומן רבתי בשנת חמשת אלפים ומאתים ושמונים ושש לבריאת עולם ויהי בשנת השנית להתחלתו שהוא רפ"ז לפר"ק נלכדה העיר והיתה לשלל ולבזה ולוקחו ממני כל ספרי וכבר היה נעשה יותר מהחצי הספר הזה ולא נשארו לי ממנו כי אם קצת קונטרסים ודפין אשר מצאתי רמוסים ומבוסים בקרב חוצות ולקחתים ושמתי בכלי והולכתים עמי גולה מעיר לעיר וממלכה אל עם אחר עד שבאתי הנה לעיר המהוללה וויניסייה בשנת פר"ט לפרט. ויהי דבר החשמן אלי לאמר: מדוע לא כלית את מלאכתך בחבור הספר אשר אמרתי לך? וספרתי לו את כל הקורות אותי, ויאמר לי: ויהי מה, השב נא ידך ותהי כבראשונה, וגדור פרצות הספר הזה ואני אתן את שכרך וכן עתני ואפת ויגעתי ומצאתי והשלמתי היום ד' בער"ח שבט שנת רצ"א לפרט קטן פה וויניסיא" (זע „מאַגאַזין פ יודשע געשיכטע", II, 68)

4 זע בריל, יאַרבוך, IV, 181, און אליהו הלוים דאַנק־בריוו צו די סעלוו אין דער הקדמה צו „ספר הזכרונות".

ווענדיק זיין בארימט ווערק „מסורת המסורת", ווו ער זאָגט אַרויס דעם פאַר יענער צייט זייער פרייען געדאַנק, אַז די נקודות און די טעמים אין דעם ביבלישן טעקסט זיינען ניט קיין „הלכה מסיני"; זיי זיינען געווען נאָך אינגאַנצן אומבאַקאַנט ניט בלויז אין עזראס צייטן, נאָר אפילו בימי התלמוד; דאָס איז ערשט אַ שפּעטערדיקער אויפטו פון די בעלי המסורה, וואָס האָבן געלעבט אין טבריה נאָך חתימת התלמוד [1]

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט אין די אָרטאָ־דאָקסישע יידישע קרייזן, זיי האָבן דערזען אין אליהו הלוים אויספירן אמתע אפּיקורסות. דערפאַר אָבער האָט לעוויטאַס ווייסנשאַפטלעכע פאָרשונג געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם אין דער קריסטלעכער געלערנטער וועלט. דאָס ווערק איז גלייך איבערגעדרוקט געוואָרן אין באַזעל מיט מינסטערס לאַטייניישער איבערזעצונג פון אַלע דריי לעוויטאַס פאָררעדעס. מיט „מסורת המסורת" האָבן זיך באַנוצט אַלע שפּעטערדיקע קריסטלעכע העברעיִסטן: בוקסדאָרף, די־ראָסי און פיל אַנד. אין 1772 האָט כריסטיאַן מאיער פאַרעפנטלעכט אַ דייטשע איבערזעצונג פון דעם ווערק און אין דער נייערער צייט (1867) האָט כריסט. דויד גינזבורג פאַרעפנטלעכט אַן ענגלישע איבערזעצונג מיט לעוויטאַס ביאָגראַפיע.

אין ווענדיק האָט לעוויטאַ אויך פאַרענדיקט זיין קאָנקאָרדאַנציע „ספר הזכרונות", איבער וועלכער ער האָט געאַרבעט העכער צוואַנציק יאָר [2]. זיינע שפּעטערדיקע פילאָלאָגישע ווערק האָט לעוויטאַ פאַרעפנט־לעכט אין איסנאַ: „מתורגמן" (1541), אַ יידיש־העברעיִש ווערטערביכל

---

1 דריטע פאָררעדע צו מסורת המסורת, 1538, 11—15: „והא לך דעתי בענין הזה: אחשוב שהנקודות והטעמים לא היו קודם עזרא ולא בזמן עזרא ולא אחר עזרא עד אחר חתימת התלמוד. ויש לי להוכיח בראיות ברורות ונכוחות (22)... לכן אומר אני כי ברור לי שהנקוד לא היה ולא נברא בימי חכמי התלמוד עד זמן בעלי המסורת והם אנשי טבריא ומהם קבלנו כל הנקוד" (23—24) (זע אויך אליהו הלוים „טוב טעם", די הקדמה און אויך קאַפּ' 2, ז' 9).

2 זע די הקדמה צו „מסורת המסורת", 1558, 27. דאָס ווערק האָט געזאָלט דורך דער השתדלות פון די־סעלוו געדרוקט ווערן אין פאַריז, נאָר אויס אומבאַקאַנטע מניעות איז דאָס ווערק ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן און ס'איז עד־היום ניט געדרוקט. געדרוקט זיינען בלויז: לעוויטאַס דאַנק־בריוו צו די־סעלוו און דער אַריינפיר („מאָנאַטס־שריפט", XII, 96—108), די געגראַמטע הקדמה („לעטערבאָדע", VII, 146—147, אין 1875 האָט ב. גאָלדבערג געזאָלט פאַרעפנטלעכן די גאַנצע קאָנקאָרדאַנציע, עס איז אָבער אַרויס בלויז דער ערשטער קונטרס (ביז „אגמא").

„שמות דברים'' (1542) [1] און „תשבי'' (אַ אויסטייטשונג און באַשרייבונג פֿון 712 ווערטער, וואָס קומען פֿאָר אין תּלמוד און מדרשים) [2].

די לעצטע צוויי דערמאָנטע ווערק האָבן שוין אַ שייכות ניט בלויז צו דער העברעיִשער שפּראַך־פֿאָרשונג, נאָר אויך צו אַלט־יידיש. וועגן די פֿאַרדינסטן פֿון אליהו הלוי אויף דעם דאָזיקן געביט וועט אונז אָבער אויסקומען ריידן באַריכות אין דעם זעקסטן באַנד פֿון אונזער ווערק, ווו עס וועט באַהאַנדלט ווערן די אַלט־יידישע ליטעראַטור. דאָרט וועלן מיר זיך באַקאָנען מיט אליהו הלוין פֿון אַ גאַנץ אַנדערן שניט: ניט מיט דעם טרוקענעם פֿילאָלאָג, נאָר מיט דעם „קורצווייליקן'' ראָמאַנען־שרייבער, דעם באַשעפֿער פֿונם בבא־בוך און אַנדערע ריטער־ראָמאַנען. דאָ אָבער וועלן מיר דערווייל געבן אַן אָפּשאַצונג בלויז פֿון אליהו דעם „מדקדק'', דעם פֿאַרשטייער פֿון „מסורת המסורת''. לעוויטאַ איז ניט געווען קיין זעלבשטענדיקער פֿאָרשער, וואָס מיט זיין נאָמען פֿאַנגט זיך אָן אַ ניי קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פֿון זיין וויסנשאַפֿטס־געביט; מען קאָן אים יעדנפֿאַלס ניט פֿאַרגלייכן מיט די ערשטקלאַסיקע יידישע פֿילאָלאָגן פֿונם 11טן י''ה, וואָס האָבן געלייגט די גרונטשטיינער פֿון יידישער שפּראַך־פֿאָרשונג.

אליהו הלוי איז געווען בלויז אַ זייער פֿלייסיקער און טיכטיקער פֿאַכמאַן, וואָס איז געווען רייך באַשאָנקען מיט אַ מאַלאַנט פֿון אַן אויסגעצייכנטן פּאָפּולאַריזאַטאָר. דערצו איז ער געווען אַ מעורב בין הבריות, און אויך לויט זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן איז ער געווען אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו דער וויכטיקער, אין געוויסער הינזיכט היסטאָרישער ראָלע, וואָס ער האָט דערפֿילט: באַקענען מיט דער יידישער שפּראַך־וויסנשאַפֿט און מיט די אייגנאַרטן פֿון דער העברעיִשער שפּראַך די קריסטלעכע געבילדעטע וועלט, ביי וועלכער די הומאַניסטישע שטרעמונגען האָבן דערוועקט אַ גרויס אינטערעס צו דער שפּראַך פֿון דער ביבל. אליהו הלוי האָט

1 דאָס דאָזיקע קליינע ווערטערביכל איז אַ גרויסער יקר המציאות און מיר האָבן עס ניט געזען. ידיעות וועגן דעם גיבן: פּערלעס, ציט. ווערק, 131—8; מ. ווינער, שטאַפּלען, 83—86

2 דאָס רוב עקזעמפּלאַרן פֿונם „תשבי", וואָס איז אַרויס אינאיינעם מיט אַ לאַטיינישער איבערזעצונג (1541), זיינען אויפֿגעהיט געוואָרן מיט אייניקע אויסגעריסענע בלעטער. דאָס האָט גורם געווען דאָס וואָרט „ישו", וואָס ווערט אויך אויסגעטייטשט אינם „תשבי". לעוויטאַס פּירוש צו דעם דאָזיקן וואָרט איז ניט געפֿעלן געוואָרן די שפּעטערדיקע קריסטלעכע צענזאָרן. אין דעם עקזעמפּלאַר פֿון דער איסנער אויסגאַבע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך באַנוצט, איז אַרויסגעריסן דער גאַנצער בויגן, ווו דאָס חשודע וואָרט איז אָפּגעדרוקט; אין דעם עקזעמפּלאַר פֿון דער באַזעלער אויסגאַבע, וואָס מיר האָבן געזען, זיינען בלויז אויסגעריסן די עמודים, ווו עס געפֿינט דער העברעיִשער און לאַטיינישער טעקסט פֿונם וואָרט „ישו".

ניט געזוכט קיין נייע וועגן, ניט געפרווווט ווי די־באַלמעס קריטיקירן די אַלטע — אדרבה, ער פאָלגט געטריי די בני קמחי, און איינע פון זיינע לעצטע אַרבעטן איז געווען אַ נייע אויסגאַבע פון דוד קמחים גראַמאַטיק „מכלול׳׳ מיט הוספות און דערקלערונגען („נימוקים׳׳). און ווייל לעוויטאַ איז געווען אַזוי גוט צוגעפּאַסט צו די אויפגאַבן פון זיין צייט, האָט ער אַזוי שטאַרק אויסגענומען ביי זיין דור, און איז געווען אַזוי באַליבט אין די הומאַניסטישע קרייזן [1]. און מיט פולן רעכט זאָגט וועגן זיך אליהו הלוי, וואָס איז בטבע געווען אַן עניו און זייער ווייט פון באַרימעריי: „איך קאָן אָפן דערקלערן, אַז ס׳איז שווער צו געפינען אַן אַנדער מחבר, וואָס זאָל ווי איך האָבן די זכיה, אַז זיינע ווערק זאָלן נאָך ביי זיין לעבן אַזוי אָפט געדרוקט ווערן און זיין אַזוי שטאַרק אָנגענומען ביים לייענער־פּובליקום... מיין נאָמען איז ווייט באַקאַנט הן צווישן יידן הן צווישן קריסטן, און אַלע גאַרן זיי זיין מיינע תּלמידים׳׳ [2]. נאָר טאַקע דערביי האָט אליהו הלוי פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן: „איך שווער ביי מיין באַשעפער, אַז דאָס אַלץ האָב איך צו פאַרדאַנקען מיינעם אַ קריסטלעכן תּלמיד, דאָס האָט ער מיר אָנגעצייכנט דעם דאָזיקן וועג׳׳ [3].

לעוויטאַס שם האָט זיך פאַרשפּרייט ווייט איבער דער איטאַליענישער גרענעץ; מען האָט אים אַפילו פאָרגעלייגט אַ קאַטעדרע אינם פּאַריזער אוניווערסיטעט [4], ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיך באַזעצן אין פראַנקרייך, ווו ס׳איז זינט דעם גירוש פון 1395 קיין יידישער ישוב ניט געווען. ער האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט פון אַלע אַנדערע איינלאַדונגען צו

---

[1] אין אליהו לעוויטאַס אויבנדערמאָנטן אייגנהענטיקן מאַנוסקריפּט געפינט זיך זיינע אַן אינטערעסאַנטע נאָטיץ וועגן האָנאָראַר, וואָס ער פלעגט באַקומען פון זיינע קריסטלעכע תּלמידים פאַר זיינע העברעישע שעהן: „יום ג׳ ו׳ נוביורי ש״ד (1544) התחלתי ללמוד בבית דון פרנציסקו גוי אחד ששמו סי׳ יואן מַריאה פעם אחת ביום לחשבון א׳ ליט׳ לחודש ואם ילמוד אחר עמהם באותה שעה ירבו שכרו״.

[2] צווייטע הקדמה צו „מסורת המסורת״: „ובזה את עצמי אשבח והיושר אדבר, כי לא היה מחבר שזכה אלהים אותו לראה לפני מותו ספריו נזכרים ונעשים וכמה פעמים נדפסים כמו שזכה אותי בעוד בחיים חיותי ויהי שמי נקרא בפי כל התלמידים גוים כיהודים אשר לתורתנו חמדו וממני למדו״.

[3] דאָרטן: „והנני נשבע ביוצרי, כי גוי אחד נוצרי לזה העירני, ועד הלום הביאני״.

[4] אונטער דער השפּעה פון דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג האָט אויך די קאַטוילישע קירך אויפגעהערט שטרענג דורכצופירן דעם פאַרבאָט איבערצוזעצן די ביבל אויף דער אומגאַנג־שפּראַך; אויך דאָרט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אינטערעס צום אָריגינאַל פונם ביבל־טעקסט. אין צען יאָר אַרום נאָך דעם דערשיינען פון דער לוטערישער ביבל־איבערזעצונג, איז אַרויס פון דרוק די פראַנצויזישע איבערזעצונג פון פּיער אָליוועטאַ.

האַלטן פאַרלעזונגען אין אַ קריסטלעכער הויכשול [1]. דערפאַר אָבער האָט אליהו הלוי גערן זיך אָפּגערופן אויף די איינלאַדונגען מצד די קריסטלעכע איינגנטימער פון העברעיִשע דרוקערייען, צו פאַרנעמען די שטעלע פון הויפט־קאָרעקטאָר און מעטראַמפּאַזש, ווייל לעוויטאַ מיט זיין פיינעם חוש האָט אין דער דאָזיקער באַשעפטיקונג געזען אַ גאַנץ וויכטיקע קול־טורעלע אויפגאַבע. בכדי דאָס קלאָר צו מאַכן, איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף דער באַדייטנדיקער קולטורעלער ראָלע, וואָס ס'האָבן געשפּילט די איטאַליעניש־יידישע דרוקערייען אין דער רענעסאַנס־תּקופה.

פון אַלע יידישע קיבוצים זיינען די איטאַליענישע יידן געווען די ערשטע, וואָס האָבן געפּרוּווט אויסנוצן פאַר דער העברעיִשער ליטעראַטור גוטנבערגס גאונישער המצאה. אין דרייצן יאָר אַרום נאָכדעם ווי מ'האָט אין שטראַסבורג געשטעלט דעם ערשטן דרוק־וואַרשטאַט מיט באַוועגלעכן שריפט (1460), האָט מען אין איטאַליע צוויי יידישע דרוקערייען געגרינ־דעט, איינע אין רעדזשיאָ און די אַנדערע אין פּיעווע די סאַקאָ. און דאָס לויבליד, וואָס ס'איז אָפּגעדרוקט צום סוף פונעם ערשטן געדרוקטן יידישן ספר (ר' יעקב בן אָשרס „ארבעה טורים'') גיט אַ קלאָרן באַגריף, מיט וואָס פאַר אַ התפּעלות און פייערדיקן ענטוזיאַזם די איטאַליענישע יידן זיינען צוגעטראָטן צו דער „מלאכת הקודש'' פון דרוקן ביכער:

„איך בין די קונסט, וואָס איז די קרוין פון אַלע קונסטן. אַליין אַ פאַרבאָרגענע — און אין מיר זיינען אַלע סודות באַהאַלטן; אָן פּענעס — און מיין שריפט איז פאַר אַלעמען דייטלעך, אָן סופרים טו איך ביכער באַשאַפן. אין איין אויגנבליק ווער איך אין טינט איינגעטונקט. אָן ווי־רעס — און דאָך איז גלייך געפאַרמט מיין שריפט. עס נעמט אַ וווּנדער אויף דבורה הנביאה, וואָס זי האָט דעם „שבט סופרים'' באַזונגען; ווען זי זאָל מיך געווען זען, וואָלט זי מיך אַלס קרוין איבער איר קאָפּ געטראָגן. דאָס איז לזכּרון געשריבן אין יאָר חמשת אלפים רל''ה לויט יידישער רעכענונג'' [2].

---

[1] זע די דריטע הקדמה צום „תשבי'': „כי כמה פעמים נקרא נקראתי משרים רבים ונכבדים גם מקרדינאַלי גם מהגמונים גם מעיר פריז אשר בצרפת בצות המלך יר''ה, ולא השתי אוזן.

[2] אני חכמה לכל חכמה עטרת
אני נסתר לכל סוד מסגרת.
בלי קולמוס ורישומי נכרת
באין סופר חוברתי במחברת
בבת אחת דיו עלי עוברת,
בלי שירטוט כתיבה מיושרת.

תמיה על דבורה הגברת
בשבט סופרים היא משוררת
לו אותי ראתה במחתרת
עלי ראשה הושמתי לכותרת.
למספר ב''י חמשת אלפים רל''ה
למזכרת.

און אָט דאָס ערשטע העבּרעישע ווערק, וואָס ס'איז „אָן פּענעס געשריבן", איז געדרוקט מיט אַזאַ פּראַכט און שיינקייט, אַז עס וואָלט אפילו בּיי היינטיקע צייטן געקאָנט דינען אַלס מוסטער. צו דער זעלבער צייט (בּערך אין יאָר 1475) האָט דער אויבּנדערמאָנטער געבּילדעטער אַרצט אַברהם כּוּנת געגרינדעט אַ דרוק אין מאַנטואַ, און צום סוף פֿון אייניקע זיינע אויסגאַבּן ערקלערט ער מיט שטאָלץ: „איך בּין דער, וואָס שרייבּט מיט פֿילע פּענעס און דאָך ניט דורך מעשׂה נסים. איך האָבּ מיך פֿיל בּאַמיט בּכדי פֿאַרשפּרייטן וויסן צווישן יידן, און האָבּ זיך פֿאַרפֿול־קומט אין דער דרוק־קונסט, צו זעצן אין גלייכע שורות איין שפּאַלט נאָך דעם אַנדערן"[1]. ניט אָבּער בּלויז די דרוקערס האָבּן געקוקט אויף זיך ווי אויף וויכטיקע קולטור־טרעגער: אין פֿילע אַלטע אויסגאַבּן פֿון די ערשטע דרוקן זיינען צום סוף אָפּגעדרוקט ערקלערונגען פֿון די זעצערס און קאָרעקטאָרן, ווו זיי שטרייכן אונטער, אַז זייער מלאָכה, די „מלאכת הדפוס", איז די אמתע „מלאכת הקודש", און זיי האָבּן דורך דעם די זכיה „להרביץ ספרים בּישׂראל ולזכּות את הרבּים"[2].

אין אָנהייבּ פֿון די אַכציקער יאָרן[3] איז צוגעטראָטן צו איר פֿרוכט־בּאַרער קולטור־אַרבּעט די פֿאַמיליע שאָנצינאָ, וואָס פֿאַרנעמט דעם כּבֿודיקסטן אָרט אין דער געשיכטע פֿון יידישער בּוכדרוקעריי. זי האָט געגרינדעט יידישע דרוקערייען אין פֿאַרשיידענע איטאַליענישע שטעט (אין שאָנצינו, בּרעשיאַ, קאַזאַל־מאַדזשאָרא א"א), דערנאָך אויך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סאַלאָניקי[4]. „איך דערקלערט מיט גדלות דער

---

[1] זע צום סוף פֿון „יוסיפון", מאַנטואַנער אויסגאַבּע: „הכּותב בּכמה קולמוסים בּלא מעשׂה נסים, אשר יגע ומצא להרביץ תורה בּישׂראל והשׂיג זאת המלאכה לכתוב כּהלכה מערכה ערוכה לקראת מערכה".

[2] טיפּיש איז למשל די צושריפֿט אין סוף פֿון „בּית מדות", קאָנסטאַנטינאָפּאָ־לער אויסגאַבּע, 1512: „ותשלם כּל המלאכה מלאכת שמים, יפה צרופה מזוקקת שבעתים, על יד הפּועלים ר' שמואל היקומין ור' אשטרוק דטולון העושים את מלאכת הקדש מלאכת הדפוס. והם בּעצמם נשׂא לבּם ונדבה רוחם להפריץ ולהרבּיץ ספרים בּישׂראל לזכּות את הרבּים ובממונם והונם נכנסו בּעובי קורת המצוה הגדולה הזאת. ירצה לפני אל פּעלם וצדקתם תעמוד להם ולבניהם מן העולם ועד העולם".

[3] אין די 70ער יאָרן פֿונם 15טן י"ה האָט זיך אויך געגרינדעט אַ יידישע דרוקעריי אין נעאַפּאָל, וואָס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿיל זייער חשובֿע העבּרעישע ווערק, צווישן זיי אויך דעם רמבּ"מס „מורה נבוכים". אויף די שער־בּלעטער איז אָבּער ניט אָנגעוויזן ניט די דאַטע ניט דאָס אָרט פֿון דרוקעריי. דערפֿאַר האָט כוואָלסאָן על־פּי טעות אָנגעוויזן, אַז די דאָזיקע דרוקעריי האָט זיך געפֿונען אין רוים (זע „צייטשריפֿט פֿ. העבּר. בּיבּל.", VII, 26).

[4] מער בּאַריכות וועגן די שונצינאָ־דרוקערייען אין דער טערקיי זע „צייטשריפֿט פֿ. העבּר. בּיבּל.", IX, 21—25.

באַדייטנדיקסטער פאָרטרעטער פון דער דאָזיקער דרוקער־פאַמיליע גרשון (דזשעראָנימאָ) שונצינאָ, האָט פאַרעפנטלעכט אַ גוואַלטיקע צאָל ביכער, וואָס באַקענען מיט אונזער הייליקער תורה, דערצו נאָך 23 מסכתות מיט רש״י און תוספות, וואָס ווערן אַזוי גערן באַנוצט אין די ישיבות״ 1. „כי מציון תצא תורה ודבר ד׳ משונצינו״ — דער דאָזיקער שפּרוך איז געוואָרן דער באַליבסטער דעוויז פון דער שונצינאָ־דרוק־פירמע.

צוזאַמען מיטן דרוקעריי־אונטערנעמער האָט אין די ערשטע יידישע דרוקערייען געשפּילט אַ זייער חשובע ראָלע אויך דער קאָרעקטאָר, וואָס אויף אים איז פּאַקטיש חל געווען די זייער שווערע און פאַראַנטוואָרט־לעכע אויפגאַבע פון טעקסט־קריטיק און אויסבעסערונג. אין דעם רוב אויסגאַבן פון די עלטסטע דרוקערייען קלאָגן זיך די קאָרעקטאָרן אין זייערע ספּעציעלע צושריפטן אויפן גרויסן מאַנגל אין מאַנוסקריפּטן. עס פלעגט אָפט אויסקומען מאַכן אַ ווייטע רייזע בכדי צו באַקומען אַ נייטיקן כתב־יד, און ניט זעלטן פלעגט טרעפן, אַז דער מיט אַזוינע שוועריקייטן דערהאַלטענער מאַנוסקריפּט איז געווען אַזוי פאַרגרייזט, אַז ס׳איז כמעט ניט מעגלעך געווען זיך מיט אים צו באַנוצן 2. דער אָקאָרשט דערמאָנטער גרשון שונצינאָ איז אַרומגעפאָרן איבער פראַנקרייך און איבער אַנדערע לענדער, און דאָרט צונויפגעקויפט זעלטענע מאַנוסקריפּטן, וועלכע ער האָט דערנאָך פאַרעפנטלעכט דורך זיין דרוקעריי 3. עס פלעגט גאַנץ אָפט טרעפן, אַז דער פאַרלעגער, בעת ער איז צוגעטראָטן צום דרוקן אַן אַלט ווערק, האָט ער געהאַט פאַר זיך בלויז איין־איינציקע האַנטשריפטלעכע אָפּשריפט פון דעם דאָזיקן ווערק, און די אָפּשריפט איז נאָך דערצו גע־ווען מיט בלויזן; האָט דער פאַרלעגער קיין ברירה ניט געהאַט און בשעת דעם דרוקן געמוזט איבערלאָזן ליידיקע ערטער, בכדי דער לייענער זאָל דערנאָך האָבן די מעגלעכקייט אויסצופילן די פעלנדיקע שורות ביי דער פּאַסנדער געלעגנהייט. עס פלעגט אויך פּאַסירן, אַז בשעת דעם דרוקן איז דעם פאַרלעגער געלונגען צו באַקומען אַ בעסערע אָפּשריפט פון דעם באַטרעפנדיקן ווערק, פלעגט ער דאַן די דורכגעלאָזענע בלויזן אָפּדרוקן צום סוף פונם ספר, אָדער זיי אַריינשטעלן אין וועלכן ס׳איז פּאַסנדן

---

1 „והדפסתי ספרים עד אין קץ בתורתנו הקדושה זולתי עשרים ושלש מסכתות הנהוגות בישיבות עם פי׳ רש״י ותוספות״ (מיר ציטירן לויט כוואָלסאָנס באַקאַנטער אַר־בעט וועגן די ערשטע יידישע דרוקערייען).

2 זע כוואָלסאָנס ציטירטע אַרבעט.

3 זע שונצינאָס פאָררעדע צו זיין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע פון דעם רד״קס „מכלול״.

אָרט 1. ווען עס זיינען אָבער געווען אונטער דער האַנט פון איין און דעם זעלבן ווערק עטלעכע מאַנוסקריפּטן, און אין פאַרשיידענע נוסחאות, דעמאָלט האָט שוין דער מגיה (קאָרעקטאָר) געמוזט לויט זיין סברא און פאַרשטאַנד אויסקלייבן דעם ריכטיקן טעקסט; און די מגיהים פלעגן טאַקע ניט זעלטן דערויף מעורר זיין דעם לייענער: „תקנתי והוספתי מדעתי"— איך האָב דאָ אויסגעבעסערט און מוסיף געווען לויט מיין פאַרשטאַנד. און דערביי מיט שטאָלץ מוסיף זיין ווי אַזוי אים איז דאָך נאָך גרויס מי געלונגען „ריין מאַכן דעם מאַנוסקריפּט פון די פילע גרייזן".

זייער אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט אַ לאַנגע צושריפט פון איינעם אַ קאָרעקטאָר אויס יענער צייט, ווו ער באַקלאָגט זיך דערויף, וואָס עס קומט אָפט אויס צו דרוקן פון שטאַרק פאַרגרייזטע מאַנוסקריפּטן און אַגב באַשרייבט ער, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער פלעגט אויסבעסערן דעם טעקסט:

„זאָגט יעקב ב"ר חיים אַדוניהו לינעל: נאָכדעם ווי איך האָב פאַרענדיקט די הגהה פון דעם „ספר טהרות", האַלט איך פאַר נייטיק זיך צו פאַרענט־פערן, ווייל מען איז דאָך נאָך ווייניק געוויינט צו אַזעלכע זאַכן, און די כתב־ידן זיינען אַזוי פאַרגרייזט; דערצו נאָך זיינען זיי זייער זעלטן, און ס'איז זיי אַזוי שווער צו באַקומען. זאָל יעדן לערנער זיין באַקאַנט, אַז נאָר איין גאָט ווייס וויפיל מי און טירחה איך האָב געפּטרט ביז איך האָב צו ענדע געבראַכט די הגהה פון דעם דאָזיקן ספר, וואָרעם איך האָב גע־האַט ביי דער האַנט בלויז איין עקזעמפּלאַר פון „כלים" ביז „נגעים", און דער עקזעמפּלאַר איז געווען פול מיט גרייזן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס מען האָט מיר אים געגעבן מיט דער פאַרזיכערונג, אַז דער טעקסט איז דורכגעזען און אויסגעבעסערט... בפרט אין דער תוספתא איז ממש קיין איין גאַנץ אָרט ניט געווען ריין פון גרייזן... און איך האָב לפי עניות דעתי אַלץ דורכגעזען, באַטראַכט און באַקלערט פון אַלע זייטן, ביז יעדע שטעלע איז געוואָרן קלאָר און פאַרשטענדלעך. דאָרט, ווו עס זיינען לויט מיין מיינונג נאָך געווען בלויזן, האָב איך מוסיף געווען לויט מיין סברא, און דאָרט, ווו עס איז ניט מעגלעך געווען, ווי אַ שטייגער אין דער תוספתא צו „כלים"... האָבן איך געלאָזט דעם בלויז ניט פאַרפולט. אין אייניקע ערטער, ווו דער טעקסט האָט מיר אויסגעוויזן פאַרגרייזט און אומפאַרשטענדלעך, האָב איך אויסגעבעסערט לויט מיין פאַרשטאַנד" [2].

---

1 זע כוואָלסאָנס ציטירטע אַרבעט, 12.

2 משניות, „סדר טהרות", ווענעציאַנער אויסגאַבע, 1546, דף 163, עמ' ב': „אמר יעקב ב"ר חיים אדוניה לינל, אחר השלימי הגהת סדר טהרות אמרתי להתנצל

מיר זעען דא גאנץ בולט, ווי אזוי די בעלי הגהה (קארעקטארן בלע״ז) האבן פאקטיש אויך געשפילט די ראלע פון רעדאקטארן, גענומען אויף זיך די אחריותדיקע ארבעט פון אויסבעסערן און קריטיש באלייכטן דעם טעקסט — אן ארבעט, וואס ס'זיינען דערצו נייטיק אחוץ גרויסע וויסנשאפטלעכע ידיעות, אויך א קריטישער חוש, א פיינער טאקט און א באזונדער פארזיכטיקייט. עס איז דערפאר כלל קיין חידוש ניט, וואס אונזערע קארעקטארן פלעגן גאנץ אפט פאלש אויסטייטשן שווער פארשטענדלעכע און דורך די איבערשרייבערס פארגרייזטע ערטער; פון די מגיהימס אויסבעסערן פלעגט אויף אזא אופן דער טעקסט נאך מער פארגרייזט און פארפלאנטערט ווערן, ווי עס קלאגט זיך שוין טאקע דערויף אליהו לעוויטא [1]. דערצו פלעגט צוקומען נאך א צרה. די מגיהים באנוגענען זיך ניט מיט דער ראלע פון רעדאקטארן — זיי ווערן אויך צענזארן. צייטנווייז פלעגן זיי אויס יראת־שמים און ריין־רעליגיעזע מאטיוון באוווסטזיניק און טענדענציעז ענדערן און איבערמאכן דעם טעקסט. אינטערעסאנטע פרטים וועגן דעם דערציילט כוואלסאן אין זיין אויבן ציטירטן ארטיקל. מיימוני, למשל, ווייזט אן אין זיין „משנה תורה", אז אפילו אין משיחס צייטן וועלן אויך ניט געענדערט ווערן די סדרי בראשית, ד״ה די געזעצן פון דער נאטור, און ער שטרייכט אונטער, אז דאס, וואס ס'שטייט ביי ישעיהו הנביא: „וגר זאב עם כבש, ונמר עם גדי ירבץ" און אז „אריה כבקר יאכל תבן" — איז דאס בלויז „משל וחידה". דער גאטספארכטיקער קארעקטאר האט דעם דאזיקן „אפיקורסישן" זאץ ארויסגעווארפן, און דערפאר ארייןגעשטעלט אין מיימונים טעקסט זיינעם א פאלעמישן וויכוח פון גאנצע 23 שורות — קעגן דעם רמב״ם גופא. און דערביי ווערט מיט קיין אות ניט אנגעוויזן, אז דער גאנצער וויכוח געהערט ניט צו מיימונים טעקסט, נאר דעם שפעטערדיקן בעל־פלוגתא, דעם פרומען מגיה [2].

---

בהיות כי הנושא בלתי מורגל וספרי ההעתקה מוטעים ובלוני נמצאים כי אם בטורח גדול. יודע לכל אוריין כי השם יודע כמה טורח ומשא נשאתי עד הגיעי לתשלום ההגהה מהספר הזה בהיות כי לא היה לי כי אם טופס א׳ מכלים עד נגעים והיה מוטעה בתכלית, אף על פי שנמסר בידי בחזקת בדוק ונמצא בו ט׳ צבורים של חמץ וי״ח של שאור ובתוספתא בכל מקום ומקום לא היה בית אשר אין שם מת ואפי׳ במקום הבדוק היה מוטעה... ואנן לפי עניות דעתינו שקלינן וטרינן ביה טובא בכל דוכתא עד דאתברר לן דנהיר וצהיר ובקצת דוכתי דנר׳ לי דהוה חסיר הוספתי מדעתי מה שלא יכולתי כמו בתוספתא בכלים... הנחתי המקום פנוי... גם בקצת מקומות עשיתי איזה הגהה לעצמה מה שנר׳ לי שהיה קשה בעיני".

1 אין זיין פארערדע צו „מסורת המסורת", 1538, 18.

2 כוואלסאן, ציט. ארבעט, 15—16.

בײַ אַזאַ זייער קנאַפּן אַחריות־געפיל מצד די קאָרעקטאָרן ווערט ערשט רעכט קלאָר און באַגרײַפלעך, וואָס פאַר אַ קולטורעלן באַטייט ס׳האָט געהאַט דער פאַקט, אַז בראש פון אייניקע יידישע דרוקערייען איז געשטאַנען אַזאַ וויסנרייכער און טאַקטפולער פאַכמאַן ווי אליהו הלוי. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער דערבײַ פאָלגנדיקער פּרט: אַלס מגיה איז אליהו הלוי געווען על־פּי רוב באַשעפטיקט אין אַזעלכע יידישע דרוקעריען, וואָס האָבן געהערט צו קריסטלעכע אונטערנעמער. מען מוז דערבײַ געדענקען, אַז די ערשטע יידישע דרוקערייען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דרום־אייראָפּע, אין איטאַליע און אין שפּאַניע, האָבן עקסיסטירט בלויז ביז די 90ער יאָרן פונם 15טן י״ה. דער גרויסער גירוש אויס שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, דאַן די פראַנצויזיש־איטאַליענישע מלחמה פון יענער צײַט האָבן גורם געווען, וואָס דאָס רוב יידישע דרוקערייען זיינען חרוב געוואָרן. אינם משך פון 1494—1506 איז די שונצינאָ־דרוקערײַ געווען די איינציקע יידישע דרוקערײַ ניט בלויז אין אייראָפּע, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. אין דעם ערשטן פערטל פונם 16טן י״ה, בײַ דעם וואַקסנדיקן אינטערעס צו דער העברעיִשער ליטעראַטור, הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון יידישער בוכדרוקערײַ. קריסטלעכע אונטערנעמער, ס׳רוב סוחרים אויס ווענעדיק, גרינדן גרויסע און רייכע יידישע דרוקערייען [1]. „אין אַ לאַנגן משך פון יאָרן — שרייבט ד. כוואָלסאָן — האָבן רייכע און חשובע ווענעציאַנער סוחרים אויסגעגעבן גרויסע סומעס געלט בכדי צוציען די בעסטע מגיהים און דערהויבן זייערע פּראַכטפולע דרוקערייען צו אַזאַ מדרגה, אַז זייערע וווּנדערשיינע אויסגאַבן ברענגען נאָך עד־היום אין אַנטציקונג די קונסטשעצער מיטן פיינסטן געשמאַק״.

די קריסטלעכע אונטערנעמער האָבן דערבײַ געטראַכט ניט בלויז וועגן גוטע פאַרדינסטן. זיי האָבן געקוקט אויף זייערע דרוקערייען ניט נאָר ווי אויף אַ גוט געשעפט, נייערט אויך ווי אויף „מלאכת הקודש״. זיי זיינען געווען ניט בלויז סוחרים, נאָר אויך הומאַניסטן. אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט פאָלגנדיקע ערקלערונג פון דעם מגיה יהודה בן יצחק אַשכּנזי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער דרוקערײַ פון דעם רייכן ווענעציאַנער מאַרקאָ אַנטאָניאָ דזשוסטיניאַני:

---

1 דער יידישער געלערנטער שמואל דוד לוצאַטאָ ווייזט אָן („אגרות שד״ל״ 1129—1130), אַז די יידישע דרוקערייען אין ווענעדיק זיינען דערפאַר געווען אין קריסטלעכע הענט, ווייל די ווענעציאַנער געזעצן האָבן פאַרבאָטן יידן זאָלן זיך פאַרנעמען מיט בוך־דרוקערײַ.

„מיין איידעלער פּאַטראָן, וואָס איז אַזאַ גרויסער ליבהאָבער פון אונזער פאָלק און אונזער הייליקער שפּראַך, און שעצט זייער די לומדים, וועלכע זיצן באהלה של תורה און באַפעסטיקן אירע זיילן און גרונט־שטיינער — האָט מיך באַאויפטראָגט איך זאָל ניט קאַרגן קיין הוצאות און זען דרוקן וואָס מער נוצלעכע ביכער... ניט בכדי נתעשר צו ווערן און וואָס מער גרעסערע רווחים באַקומען, האָט מיין פּאַטראָן מיך באַשטימט פאַר דעם פירער פון זיין בוכדרוקעריי, נייערט אויסן פאַרלאַנג צו טאָן פון גאָטס נאָמען וועגן און קומען צו הילף די, וואָס זיינען גיריק נאָך גאָטס וואָרט און זיינען אָבער ניט אימשטאַנד צו קויפן די נייטיקע ספרים, ווייל זיי זיינען צו טייער... דער העכסטער ציל פון מיין האַר איז געווען לזכות את הרבים...”[1].

דער ערשטער קריסטלעכער סוחר, וואָס האָט געעפנט אַ יידישע דרוקעריי, איז געווען דער רייכער סוחר אויס ווענעדיק דניאל באָמבערג[2]. אין דער דאָזיקער דרוקעריי, וואָס האָט געשמט אַלס איינע פון די שענסטע און רייכסטע אין יענער צייט, האָט באָמבערג אריינגעלייגט אַ קאָלאָסאַל גרויס פאַרמעגן. בכדי צו האָבן אַ באַגריף וועגן דער גרייס און פאַרנעם פון דער דאָזיקער יידישער דרוקעריי איז גענוג אָנצוווייזן, אַז די פּראַכטפולע באָמבערגישע ביבל־אויסגאַבע (מקראות גדולות — Biblioteka Rabbinica) מיט די פירושים רש״י, אבן עזרא, רד״ק און רלב״ג איז געווען פאַרענדיקט אין 1517 אין משך פון איניקע חדשים[3]. באָמבערג האָט איינגעלאַדן אין זיין געשעפט די בעסטע מגיהים, און ווי נאָר אליהו הלוי האָט זיך באַזעצט אין ווענעציע (1529) האָט באָמבערג

1 זע „סדר טהרות”, ווענעציאַנער אויסגאַבע, 1546, דף 163, עמ׳ ב׳: „בהתעדן מאוד מאוד גבירי הנעלה בלשון הקדש לדבקה בו ולאהבה עם סגולה לומדי התורה וחבה יתירה נודעת לו לבני ברית השוקדים על דלתותיה להקים עמודיה ומכונותיה, פקד עלי לבלתי השגיח לפזר מעות נתנו להוצאות... להשתדל להדפים כל מיני הספרים רבי התועלת... יען וביען גבירי הנזכר לא שמני אדון לביתו ומושל בפעולתו זאת לכונה בעצם ובראשונה להתעשר ולהביא ריוח לבית נכותו, כי אם להתעסק לכבוד השם ורוממותו ותועלת הוגים בתורתו אשר חם עליהם עין חמלתו ומחמת יוקר הספרים נזורו אחור מקניתו... וכפי תשוקת השר גבירי הנזכר רק לזכות הרבים עושה עקר כונתו...”

2 באַריכות וועגן דער באָמבערגישער דרוקעריי זע: א. פריימאַן אין „צייטשריפט פ. העב. ביבל”, X, 32—36, 38—40, 79—88; א. בערלינער אין „יאַרבוך ד. יוד. ליטער. א. געזעלשאַפט”, III.

3 אין דער באָמבערגישער דרוקעריי איז אויך מיט דער דערלויבעניש פון דעם פויפּסט לעוו דער צענטער צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער גאַנצער תלמוד בבלי און ירושלמי (1521—1522).

אים גלייך צוגעצויגן צו זיין דרוקעריי אלס הויפּט־קאָרעקטאָר, און די דאָזיקע שטעלע האָט לעוויטא פארנומען ביז 1538, ווען באָמבערג, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין א קריטישער פינאַנסיעלער לאַגע, האָט געמוזט צייטווייליק צומאַכן זיין דרוקעריי. באַלד נאָכדעם (אין 1540) האָט אים אַן אנדער קריסט, דער געלערנטער העברעיִסט פּאולוס באַגיוש (פּאַגיוס) איינגעלאַדן אלס פּארוואַלטער פון דער יידישער דרוקעריי, וואָס ער האָט געגרינדעט איז איזנא (אין ווירטעמבערג). אליהו הלוי, וואָס האָט זייער הויך געשעצט די גרויסע ידיעות פון דעם געלערנטן פּאַגיוס [1], האָט גערן אָנגענומען די דאָזיקע שטעלע, און ערשט אין 1544 האָט אליהו הלוי, פילנדיק זיך זייער שוואַך פון עלטער, באַשלאָסן צוריקקערן זיך אין זיין ליבלינג־שטאָט ווענעדיק און דאָרט „וואַרטן אויפן באַלדיקן טויט צוזאַמען מיט דער אַלטיטשקער פרוי" [2]. נאָר אויך די לעצטע, אין ווענעדיק פאַרבראַכטע יאָרן, איז דער אַלטער אליהו הלוי ליטעראַריש געווען שטאַרק באַשעפטיקט, און דערביי אויך אָנטייל גענומען אין דער הגהה פון באָמבערגס לעצטע אויסגאַבן.

ווען דעם גרויסן רושם, וואָס אליהו הלוי האָט געמאַכט אויף זיין דור, זאָגט עדות די אויפשריפט אויף זיין מצבה, ווי עס ווערט אויסגע־נוצט דער ביבלישער זאַץ, וועלכער דערציילט, אַז אליהו הנביא איז מיט שטורעם געשטיגן גלייך אין די הימלען [3]. דאָך האָבן פילע רבנים זיך מתרעם געווען אויף אליהו בחור דערפאַר, וואָס ער האָט פאַר קריסטלעכע געלערנטע אויפגעדעקט די סודות פון דער תורה, און האָט א לענגערע

---

[1] זע אין זיין הקדמה צום „תשבי": „ובאמת ראוי הוא (פּאַגיוס) שבני עמו יקראו עליו כמו שאנו קוראין על רבנו משה בן מיימון: ממשה עד משה לא קם כמשה, כך יאמרו עליו: מפאולוש עד פאולוש לא קם כפאולוש".

[2] זע זיין פאָררעדע צום „מתורגמן". פול מיט האַרציקער תמימות זייגען ד' שלום־פערזן:

אנא, אלי, לי ולאשתי החסד גם האמת מן  
שהיא לא תהיה אלמנה, ואני לא אהיה אלמן!  
יחד נמות, ובגן עדנות תוך חיקה אישן עד לזמן  
יבוא הקץ ואזי נקיץ ולחיי עד יחד נזדמן.

[3] הלא אבן מקיר תזעק — ותהמה לכל עובר — עלי זאת הקבורה,  
עלי רבן אשר נלקח — ועלה בשמים אֶל יה בסערה;  
הלא הוא זה אשר. האיר בדקדוק אפילתו ושם אותו לאורה.

אָט אויף דער דאָזיקער אויפשריפט ווערט עס אָנגעוויזן אין דער הקדמה צו „כסאות לבית דוד" (1646): „עד שלא יאמרו עוד המושלים שבהעלות ד' את אליהו המדקדק הגדול בסערה השמימה נטל חלקו מהדקדוק וחלק כל ישראל עמו".

ציים זיך אויפגעהאלטן ביים קארדינאל אין שטוב [1]. „יא, אמת, — פארענטפערט זיך דערויף אליהו הלוי — איך האב פארבראכט צען יאר ביים קארדינאל אין שטוב... איך האב געלערנט מיט קריסטן... זייט אבער ווייסן, אז ניט קוקנדיק אויף דעם אלעם בין איך דאך א גאטספארכטיקער ייד געבליבן, און איך פיל אויף זיך קיין שום זינד. דער איסור גילט דאך בלויז ביי סודות הקבלה, וואס זיי טאר מען ניט מגלה זיין פאר פרעמדע, בלויז פאר יחידי סגולה. איך האב אבער געלערנט סיי מיט יידן סיי מיט קריסטן בלויז דיקדוק, די כללים פון העברעישער גראמאטיק[2]. און ער פאררופט זיך דערביי אויף פריערדיקע דורות און אויף פילע רבנים פון זיין צייט, וואס אויך זיי „לערנען מיט קריסטן" [3].

„איך דארפט אויך ווייסן, — ווייזט דערביי אן אליהו הלוי, — אז דערפון, וואס איך לערן מיט קריסטן, קומט ארויס א גרויסע טובה; איך שווער אייך בהן שלי, אז די קריסטלעכע געלערנטע, וואס איך אדער אנדערע האבן זיי באקאנט מיט די יידישע לימודים, זיינען זיי אלע אנשטענדיקע און ארנטלעכע לייט און ווי ווייט ס'איז נאר מעגלעך, טוען זיי טובות יידן".

אמת, אליהו הלויס נאענטסטער פריינד, דער קארדינאל עדזשידיא, איז טאקע געווען אן אוהב ישראל, און ער האט אפילו געמאכט א פרוווו ניט דערלאזן ס'זאל פארעפנטלעכט ווערן דעם פויפסטס באפעל (בולע) וועגן איינפירן אן אינקוויזיציע-געריכט קעגן די מאראנען. דאך מוז אנגע־מערקט ווערן, אז אין די הומאניסטיש-טעאלאגישע קרייזן, מיט וועלכע אליהו הלוי איז געווען פריינדלעך פארבונדן, האט זיך געשפירט א גע־ווויסע פיינדלעכע שטימונג צום יידנטום, און די דאזיקע שטימונג האט אפילו ניט זעלטן געפונען איר אויסדרוק אין פאמפלעטישע שריפטן.

---

1 וועגן דעם דערציילט אליהו לעוויטא גופא אין דער הקדמה צו זיין „מסורת המסורת": „ועל זה גדלה עלי הצעקה ולא נחשב לי לצדקה וקצת הרבנים איגם מסבירים לי פנים ואומרים לנפשי אוי, על שלמדתי תורה לגוי".

2 די דאזיקע ערקלערונג איז ניט אינגאנצן ריכטיק. פאקטיש האט לעוויטא אייניקע זיינע קריסטלעכע תלמידים באקאנט ניט בלויז מיט דער העברעישער גראמאטיק, נאר אויך מיט יידישער קבלה. עדזשידיא, למשל, האט צו פארדאנקען זיינע ידיעות אין יידישער מיסטיק אויסשליסלעך אליהו בחור. לעוויטא גופא האט גאנץ ווייניק גע־האלטן פון קבלה און ערקלערט אלס „נארישקייטן" דעם גלויבן אין לילית און אין די מלאכי חבלה. „מ'ר איז נמאס צו שרייבן וועגן דעם, ווארעם איך גלויב ניט אין די אלע נארישע מעשיות" (וקצתי לכותבם כי אינני מאמין בהם).

3 איינער פון די דאזיקע רבנים איז געווען דער רב פון רוים, מיכאל בן שבתי (Zematus judeus), וואס אויך ער האט באקענט מיט די סודות פון דער קבלה עדזשידיאן און ווידמאנשטאדט (זע פאגעלשטיין און ריגער, ציט. ווערק, II, 92; פערלעס, ציט. וו. 186).

באזונדערס אקטיוו זיינען אין דער הינזיכט געווען די דייטשע הומאניסטן. איינער פון לעוויטאס הייסע חסידים און פארערער, סעבאסטיאן מינסטער, וואס האט איבערגעזעצט לעוויטאס אייניקע ווערק אויף לאטיין, האט אין באזעל אין 1539 פארעפנטלעכט אויף העברעיש און לאטיין א פאמפלעטיש ווערק [1] וועגן ביאת המשיח אין פארם פון א וויכוח צווישן א קריסט און א „יידן א חצוף" (יהודי החצוף). כמעט אין דער זעלבער צייט האט לעוויטאס א צווייטער תלמיד און פריינד, דער שוין פריער דערמאנטער פוילוש פאגיוס, פארעפנטלעכט (איזנא, 1542) צוזאמען מיט זיין אייגענער לאטיינישער איבערזעצונג א שארפן פאמפלעט קעגן דער יידישער אמונה, „ספר אמנה", פון א משומד א מיסיאנער [2]. און מיט צוויי יאר שפעטער גיט ער ארויס מיט א מיסיאנערישער כוונה א יידישע חומש־איבערזעצונג מיט א ברייטער הקדמה, וואס איז פול מיט זילזולים אויף יידן און יידישקייט [3]. ניט אומזיסט האלט טאקע אליהו הלוי פאר נייטיק אנצווייזן אין דער פארערדע צו זיין „ספר הזכרונות", אז אזא קאנקארדאנציע איז חוץ אלעמען אויך זייער וויכטיק פאר די, „וואס מוזן פירן וויכוחים מיט די קעגנער פון אונזער אמונה" [4].

אויך די איטאליענישע געלערנטע פון יענער צייט פלעגן ניט זעלטן ארויסטרעטן מיט פאלעמישע וויכוחים. באקענענדיק זיך, אונטער דער השפעה פון די הומאניסטישע קרייזן, מיט דער העברעישער ליטעראטור, האבן די קריסטלעכע טעאלאגן מיט גרויס פארוואונדערונג דערזען, אז

---

[1] דאס דאזיקע ווערק איז א גרויסער יקר המציאות. מיר האבן זיך באנוצט מיט דעם עקזעמפלאר, וואס געפינט זיך אין לענינגראדער אזיאטישן מוזיי. מער באריכות זע ביילאגע נומ' 2.

[2] זע ביילאגע נומ' 3. שטיינשניידער ווייזט אן (Rev. d. Et. juives, V, 59), אז נאך מיט עטלעכע יאר פריער האט סעבאסטיאן מינסטער פארעפנטלעכט א באדייטנדיקן טייל פון דעם דאזיקן פאמפלעט אינם „Lex Dei vora". ווער ס'איז געווען דער פארפאסער פונם „ספר אמנה" האט, ווי עס שיינט, פאגיוס גופא אויך ניט געוווסט, ווייל צום סוף פונם בוך איז אפגעדרוקט זיין פאלגנדיקע ערקלערונג: „אני המעתיק הקטן והצעיר מחלה לפני כל הקורא בספר זה, שאם ימצא בו דבר טעות שידינני לכף זכות כי כאשר מצאתי העתקתי". וועגן דער השערה, אז דער מחבר פונם „ספר אמנה" איז געווען פאול באנפוא (Paul Bonnefoy), א משומד, וואס האט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פונם 15טן י"ה — זע ביי שטיינשניידערן אין Revue d. Etudes juives, IV, 78.

[3] זע מ. וויינרייך, „שטאפלען", 100—102.

[4] „שיהיה הספר הזה טוב לספר נצחון ויועיל מאוד להתווכח עם המתנגדים אלינו באמונה, וזו בשני אופנים: האחד שהם רגילים להתווכח עמנו ומביאים ראיה מן הפסוקים... ומי שירגיל את עצמו בספר הזה ידע ויבין לעשות כן גם הוא. והאופן השני ידוע הוא כי רוב הוויכוח אשר בינינו ובינם הוא בענין המשיח אם כבר בא או עתיד לבוא ועל אריכות הגלות ועל הגאולה וכו'..."

ויכוח הנוצרי המאמין במשיח
המדבר עם יהודה הסצת והמורר ;

הנוצרי מדבר

הלא האיש הזה אשר בא לק
לקראתי הוא יהודי באמת
פניו ותוארו מגלים את מוצאם ; אך
אדבר אתו בלשון הקדש ובכן אוכל
לדעת אם הוא יהודי או לא ; אם
יהודי הוא יענה אותי יהודית ואם
לא יהודי יחריש כי לא יבין מה שמ
שמדבר אני) שלום לך יהודי ;

היהודי

ושלום לך ; מאין הכרתני כי יהודי
אנכי באשר כן בלשון עברי אתה
דברת אלי ; הלא גם אתה יהודי
ומעמנו היית ; הנוצרי
אני יהודי ואין מעמך הייתי ולא
הכרתיך אלא שמרשה פניך ידעתי ב
א ב כי

אַ זייטל פון דעם פּאָלעמישן ווערק „הויכּוח השנים"

אין דער יידישער מיסטיק פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט אַזעלכע געדאַנקען, וואָס געפינען זיך אין געוויסער קרובהשאַפט מיט קריסטלעך־רעליגיעזע אָנשווּנגען. דאָס האָט אין זיי געשטאַרקט דעם מיסיאָנערישן ברען. זיי פלעגן האַלטן לאַנגע וויכּוחים מיט יידישע געלערנטע, בכדי זיי דערווייזן באותות ומופתים, אַז די „חכמת הנסתר" איז דאָך מסכּים מיט דער קריסטלעכער לערע. אַ זייער טיפּיש בילד פון אַזעלכע וויכּוחים גיט אונז דער איטאַליענישער געלערנטער קאַרל באָווילוס (Carolus Bovilus) אין דער פאָררעדע צו זיין ווערק „Dialogi de trinitate" (1515), ווו ער באַשרייבט זיין פּאָלעמיק מיט דעם פּויפּסטלעכן לייב־מעדיק באָנעט די לאַטעס (יעקב בן עמנואל) [1], וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיין צוגעטראַכטן אַסטראָנאָמישן אינסטרומענט, וואָס גיט די מעגלעכקייט אין יעדן מאָמענט באַשטימען די לאַגע פון וועלכן ס'איז פּלאַנעט אָדער שטערן [2].

אינטערעסאַנט איז דערביי פאָלגנדיקער פּרט: טאַקע אין דער זעלבער צייט, ווען מ'האָט געפירט אָט די אייגנאַרטיקע טעאָלאָגישע וויכּוחים, און מינסטער און פאַגיוס האָבן זייערע מיסיאָנערישע ווערק געדרוקט, איז דערשינען יוסף בן דוד יחיאס „תּורה אור" [3], ווו דער פאַרפאַסער פלייסט זיך אויפצודעקן דעם „מאור שבּתּורה" און די אויסדערווײלטקייט פון דעם יידישן פאָלק. יוסף אבן יחיא שטאַמט פון אַ זייער חשובער פאַמיליע, וואָס האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין פּאָרטוגאַל און אין שפּאַניע. נאָך אין דעם 11טן י"ה איז אין ליסאַבאָן איינער פון די „בני יחיא" — דון יחיא בן יעיש, געווען זייער אָנגענומען הן ביי דער יידישער הן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, און דער פּאָרטוגאַלישער מלך אַלפאָנס דער פינפטער האָט אים באַשאָנקען מיט אַ ערנטיטל פאַר זיין העלדישקייט [4]. דעם בעל „תּורה אורס" זיידע, יוסף בן

---

1 באָנעט איז געווען שטאַרק אָנגענומען ביים פּויפּסט לעוו דעם צענטן. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער וויכּוח צווישן רייכלינען און די דאָמיניקאַנער, האָט רייכלין קודם־כּל זיך געווענדט צו באָנעטן מיט דער בקשה, ער זאָל אים פאַרטיידיקן פאַרן פּויפּסט; און טאַקע באָנעטן האָט מען עס צו פאַרדאַנקען, וואָס דער עקשנותדיקער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט מיט רייכלינס נצחון (זע גוטמאַן, „מאָנאַטשריפט", 1899, 258—23; פאָגעלשטיין א. ריגער, ציט. וו., 81—83).

2 זיין ערפינדונג האָט באָנעט באַשריבן אינם ווערק "De annuli astronomici," (רוים, 1493), וואָס יעקב פאַבער (Jacobus Faber Stapulensis) האָט עס אָפּגעדרוקט אין 1500 (גוטמאַן, „מאָנאַטשריפט", 1899, 260).

8 פאַרענדיקט סוף 1537, געדרוקט אין באָלאָניאַ אין 1538.

4 זיין גאַנצן שלשלת היוחסין גיט יוסף בן דוד אין דער פאָררעדע צו זיין „תּורה אור". זע אויך די הקדמה צו זיין זונס באַקאַנט ווערק „שלשלת הקבלה".

דוד, אַ חשובֿער כּלל־טוער אין ליסאַבאָן, איז אַלס 70־יאָריקער זקן אַנטלאָפֿן אין 1494 פֿון פּאָרטוגאַל אויס פּחד פֿאַר דער צוואַנג־שמד־גזירה, וואָס ס׳האָט אַרויסגעגעבן דער פּאָרטוגאַלישער מלך יאָהאַן דער צווייטער. נאָך לאַנגע מאַטערנישן האָט ער זיך דערלאַנגט קיין קאַסטיליע, און דאָרט, אין דער ממשלה פֿון דעם קאַטויליש־פֿרומען פֿערדינאַנד, האָט מען אים גלייך תּופֿס געווען און צום שייטערהויפֿן פֿאַרמשפּט. אַדאַנק דער שוץ פֿון דעם הערצאָג אַלוואַרעס אויס בראַגאַנצע איז ער באַפֿרייט געוואָרן און באַקומען די דערלויבעניש צו פֿאַרלאָזן קאַסטיליע. ער האָט זיך געלאָזט קיין איטאַליע, נאָר דאָ איז אים אויך ניט באַשערט געווען קיין רו צו געפֿינען: בעת ער האָט געזאָלט אַריינפֿאָרן קיין פּיזאַ, האָט אים מיט דער גאַנצער פֿאַמיליע געפֿאַנגען גענומען דאָס פֿראַנצויזישע חיל, וואָס ס׳האָט גראָד דעמאָלט די שטאָט באַלאַגערט. פֿאַר גרויס אויסלייז־געלט האָט מען אים פֿרייגעלאָזן און ער האָט זיך באַזעצט אין פֿעראַראַ. זיינע צרות און מאַטערנישן האָבן זיך אָבער נאָך אַלץ ניט פֿאַרענדיקט. מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט אַגיטירט צווישן די מאַראַנען זיי זאָלן צום יידישן גלויבן צוריקקערן; האָט מען אים דערפֿאַר אין געפֿענגעניש איינגעזעצט און דאָרט שטאַרק געפּייניקט. אויך דאָ איז דעם אַלטן מאַן געלונגען מיט דער הילף פֿון גאָלדענע מטבעות באַפֿרייט צו ווערן; אַן אויסגעמאַטערטער און געפּייניקטער איז ער באַלד געשטאָרבן [1].

דער בעל „תּורה אור״ גופֿא האָט זיך שוין ביי דער מוטער אין בויך געפֿונען אין טויטלעכער געפֿאַר, און איז געראַטעוועט געוואָרן אויף דעם וווּנדערבאַרסטן אופֿן. אין 1494 איז זיין מוטער, וואָס איז דעמאָלט געווען שוואַנגער מיט אים, אין מענלעכע קליידער אַנטלאָפֿן אויס ליסאַבאָן צוזאַמען מיט איר מאַן און שווער. אין פּיזאַ, בעת זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט פֿונם פֿראַנצויזישן מיליטער, איז די יונגע שוואַנגערע פֿרוי, בכדי זיך צו ראַטעווען פֿון די אויסגעלאַסענע סאָלדאַטן, אַראָפּגעשפּרונגען פֿון אַ הויכן טורעם, נאָר על־פּי נס געבליבן לעבן און אומבאַשעדיקט. זי האָט זיך געלאָזט קיין פֿלאָרענץ, און אין אַ פּאָר מאָנאַט אַרום דעם צוקונפֿטיקן פֿאַרפֿאַסער געבאָרן. „נאָך איידער — דערציילט דער בעל „תּורה אור״ — איך האָב די ליכטיקע וועלט דערזען, האָט שוין גאָט מיט מיר גרויסע וווּנדער געטאָן״ [2]. די אַלע טראַגישע איבער־

[1] גרעצס מעלדונג, אַז יוסף בן דוד האָט ניט אויסגעהאַלטן די עינויים קשים און אין געפֿענגעניש געשטאָרבן, איז ניט ריכטיק. זע די הקדמה צו „תּורה אור״.

[2] די אַלע מאַטערנישן און שרעקן פֿון דער שוואַנגערער פֿרוי האָבן אָבער זייער שעדלעך געווירקט אויף איר קינד. יוסף בן דוד איז כּל ימיו געווען שוואַך און קרענקלעך און געשטאָרבן צו 45 יאָר (אין 1539).

# ספר אמנה

יקר טוב ונעים אשר חבר אחד איש
ישראלי חכם ונבון לפני כמה שנים להורות ולהוכיח כי
בראיות גמורות וברורות שאמונת המשיחיים שיש
להם בהולדת מאב ובן ורוח הקודש ובדברים אחרים
שלימה ונכונה ובלי ספק היא מושבת על יסוד התורה
והנביאי והכתובים לפיכך קרא שמו ספר אמנה להאיר
כי עיני העורים ולהוליך בדרך ישרה התועים נעתק
מלשון עברי אל לשון רומיי על ידי פאוילוש
באגויש ונדפס באירופא הבירה בשנת שב
לפק מבריאת עולם תהלה ושבח
וכבוד לשם עליון
השוכן בשמי
מרום

[illegible]

אם לא תאמינו כי לא תאמנו



דער שער־בלאַט פון „ספר אמנה".

לעבונגען האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם וועלט־באַנעם פון דעם בעל „תורה אור". פרום און גאָטספאָרכטיק טרעט ער אַנטשיידן אַרויס קעגן דעם רמב"ם דערפאַר, וואָס יענער „האָט זיך געלאָזט פאַו־פירן פון די פילאָזאָפן מיט זייערע חקירות" (נתפתה אחרי חקירות החוקרים) און געקומען צו אַזאַ „גרונטפאַלשער" מסקנא, אַז אויף השארת הנפש קאָן האָפן בלויז דער פילאָזאָפיש געבילדעטער, ווייל נאָר דורך פילאָזאָפישער חקירה, דורך שאַרפן און אויסבילדן דעם שכל מיט אַב־סטראַקטע באַגריפן, שאַפט דער מענטש אַ פאַרבאַנד צווישן זיך און דער געטלעכער השגחה. הייסט עס, שטרייכט אבן יחיא אונטער, אַז לויט דעם רמב"מס דעה ווערן מיט השארת הנפש געבענטשט בלויז יחידי סגולה, דער גרויסער רוב אָבער פונם קיבוץ (כל שאר ההמון), שוין ניט ריידנדיק וועגן פרויען און קינדער — זיי אַלע ווערן אויסגעמעקט פונם ספר הזכרון, ווי פרום זיי זאָלן ניט זיין, און ווי טריי זיי זאָלן ניט דערפילן די געטלעכע געבאָטן [1]. אבן יחיא זעט אין דעם דאָזיקן געדאַנק די גרעסטע אַפיקורסות און כפירה. ער גלויבט באמונה שלימה אין דעם מאמר פון די חז"ל, אַז „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא". ער איז פעסט איבערצייגט, אַז „דער גרונט־עיקר פון דער געטלעכער תורה איז דער גלויבן אין שכר לעתיד לבוא" [2], און אַז ביאַת המשיח און תחיית המתים דאָס איז די אַנטפּלעקונג פון דער געטלעכער גערעכטיקייט „בכדי צו פאַרגיטיקן דעם פאָלק ישראל פאַר אַלע די שרעקלעכע ליידן, צרות און רדיפות, וואָס זיינע אומגליקלעכע קינדער זיינען אויסגעשטאַ־נען אין גלות פון זיין נאָמען וועגן" [3].

זייער כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקער פּרט: אבן יחיא, בעת ער פּאָלעמיזירט מיט דעם רמב"ם, שטעלט ער אים אַנטקעגן דעם בעל „הכוזרי", יהודה הלוי. מיר האָבן שוין אין ערשטן באַנד פון אונזער ווערק (קאַפּ. 5) אָנגעוויזן, אַז יהודה הלוי באַנוגנט זיך ניט דערמיט, וואָס ער שטרייכט אונטער דעם ריין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער יידישער אמונה, ער באַמיט זיך אויך צו ערקלערן, אַז דער יידישער דת קאָן אַנט־פּלעקן זיין גרויסע מאָראַלישע השפּעה און באַווייזן אין פולער מאָס זיין ערציונגס־קראַפט הויפּטזעכלעך אויף די קינדער פונם יידישן פאָלק, ווייל נאָר ביי זיי זיינען די עטישע יסודות פון תורת משה איבערגעגאַנגען

---

1 „תורה אור", דף 5, עמ׳ א׳ (מיר ציטירן לויט דער אויסגאַבע פון 1538).

2 דאָרטן, 4, עמ׳ א׳: „עיקר שרשי התורה אלהית האמונה באושר אחרון".

3 דאָרטן, קאַפּ׳ 41. זע אויך דאָרטן, קאַפּ׳ 78: „ביאת המשיח ותחיית המתים שרצה המקום לזכות את כל ישראל אשר מתו בגלות נאנחים ונאנקים ואשר היו בו מעונים ומרודים מפני כבוד שמו".

פון דור צו דור און געווירקט אומאויפהערלעך אויף אַ גאַנץ לאַנגער קייט פון געשלעכטער, דערצויגן זייער מאָראַליש געפיל אין אַ ריין עטישער סביבה. אַט אַדאַנק דער רעליגיעז־עטישער סביבה, דער געהייליקטער מסורה, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור אין משך פון טויזנטער יאָרן, זיינען די יידן געוואָרן דאָס „אויסדערוויילטע" פאָלק, דאָס פאָלק פון „אתּה בחרתּנו". הלוי שטרייכט דערפאַר אונטער, אַז ווען אַפילו ווער פון די אומות העולם „באַהעפט זיך צו אונז" (הנלוה אלינו), וועט ער דאָך „ניט גלייך זיין צו אונז" (אך לא יהיה שוה עמנו). אַט דער דאָזיקער געדאַנק וועגן דער אויסדערוויילטקייט פונם יידישן פאָלק באַקומט ביי אבן יחיאן אַן אמת קאָסמישן פאַרנעם. „ישראל הם מין בפני עצמו" — דאָס יידישע פאָלק, ערקלערט אבן יחיא, איז אַ גאַנץ זעלבשטענדיקע קאַטעגאָריע אין דעם וועלטבאַשאַפן [1]. „זיבן מדרגות פון באַשעפענישן האָט גאָט באַשאַפן, לערנט דער „תּורה אור": די מדרגה פון מלאָכים, פון גלגלים, פון דעם פאָלק ישראל, פון מענטשן, פון חיות, פון צומחים (געוויקסן) און פון דוממים (מינעראַלן)" [2]. „דאָס פאָלק ישראל איז די קרוין פון דער מענטשהייט" (הסגולה מבני אדם). דעם רמבמ"ס לערע וועגן השארת הנפש, זאָגט דער בעל „תּורה אור", איז ריכטיק בלויז צו אַנדערע אומות, ווייל זייערע נשמות געפינען זיך אונטער דער שליטה פון דעם ערד־גייסט, דעם „שכל הפועל"; דאָס פאָלק ישראל אָבער געפינט זיך אין דירעקטער פאַרבינדונג מיטן באַשעפער בכבודו ובעצמו [3], און יעדע יידישע נשמה באַזונדער איז לויט איר מהות אומשטאַרבלעך, וואָרעם „זי איז דאָך געקומען דירעקט פון אונטערן כּסא הכּבוד" [4]. ניט דער שכל הפועל און ניט קיין אַנדערער פון די גלגלים איז דאָס פאַרבילד פון דעם פאָלק ישראל, נייערט די געטלעכע תּורה גופא (כי צורת המין הישראלי היא התורה) [5].

אבן יחיא איז דערפאַר, אינם פולן קעגנזאַץ צו די מיסיאָנעריש געשטימטע הומאַניסטן, גאַנץ ווייט פון פּראָזעליטיזם. ער איז זייער ווייניק באַגייסטערט פונם געדאַנק, ברענגען אַנדערש־גלויביקע אונטער די פליגל פון דער יידישער אמונה, ווייל די נשמה פון אַ פרעמדן, וואָס האָט זיך מגייר געווען און אַנגענומען דעם יידישן גלויבן, קאָן דאָך ניט

---

1 דאָרטן, קאַפּ׳ 11.

2 דאָרטן, קאַפּ׳ 37.

3 דאָרטן, קאַפּ׳ 16, 17, 42.

4 דאָרטן, קאַפּ׳ 62.

5 דאָרטן, קאַפּ׳ 33.

אזוי לייכט ענדערן איר מהות און גלייך באַקומען דעם שטעמפּל פון דער עטישער ריינקייט און געטלעכער געלייטערטקייט, מיט וועלכער ס'איז באַשאָנקען די יידישע נשמה אַדאַנק דער אומגעהייער רייכער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער, גייסטיק־קולטורעלער ירושה [1].

דער „תורה אור“ איז ערשט בלויז דער ערשטער טייל פון אבן יחיאס פאַרטראַכטן ריזן־ווערק. די ווייטערע צוויי טייל זיינען: „דרך חיים“ — וועגן תורה שבשמים, און „נר מצוה“ — וועגן די סודות, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין די מצוות פון תורת משה [2]. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען אין איטאַליע, ווי מיר וועלן ווייטער זען, האָט זיך געשטאַרקט די רעאַקציע און מען האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רודפן די יידישע ספרים, זיינען די מאַנוסקריפּטן פון אבן יחיאסביידע ווערק אויפן באַפעל פונם צענזאָר פאַרברענט געוואָרן פאַר זייער „שעדלעכער“ מיינונגען [3]. ביי אבן יחיאס לעבן אָבער האָבן נאָך די יידן אין איטאַליע געהאַט די מעגלעכקייט פריי אַרויסזאָגן זייערע געדאַנקען; און דער אמתער גייסט פון הומאַניזם אַנטפּלעקט זיך אין דעם, וואָס בשעת די רעליגיעזע וויכּוחים האָט אויך דער יידישער צד געקאָנט אומגעשטערט אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען און אומבאַשטראָפט אַרויסטרעטן מיט זיין קריטיק קעגן די דאָגמען פון דער קאַטוילישער קירך. אין דער הינזיכט זיינען זייער אינטערעסאַנט די רעליגיעזע וויכּוחים, וואָס ס'האָט געפירט אליהו הלוים אַן עלטערער בן־דור, אברהם בן מרדכי פאַריצול (פאַריסאָל). וועגן דעם אין קומענדיקן קאַפּיטל.

---

1 דאָרטן. קאַפּ' 62.

2 זע פאָררעדע צום „תורה אור“. וועגן אבן יחיאס פירושים צו ביבלישע ביכער זע כּרמולי, „־ברי הימים לבני יחיא“, 31—32.

3 וועגן דעם דערציילט זיין זון אין זיין „שלשלת הקבלה“. ערשט נאָר ניט לאַנג האָט בצלאל ראָטע געפונען אַ באַדייטנדיקן טייל פון אבן יחיאס „דרך חיים“ אין דער אייגנהענטיקער אָפּשריפט פונם בעל „שלשלת הקבלה“ (זע „קרית ספר“, III, 1927, 236—240).

# דריטער קאַפּיטל

דער פאַרשטאַרקטער אינטערעס צו קאָסמאָגראַפיע און די באַשרייבונגען פון די ניי־אַנטדעקטע לענדער. — אַברהם פאַריצול און זיין „אגרת ארחות עולם". — יוסף הכהן און זיין באַשרייבונג דאָס „שפּאַנישע אינדיע". — דער אויפבלי פון געשיכטע־באַשרייבונג אַלס פועל־יוצא פון דעם גרויסן גירוש אויס שפּאַניע. — אַברהם זכותא אַלס אַסטראָנאָם און געשיכטע־שרייבער. — די פאַמיליע אבן ווערגאַ און זייער „שבט יהודה". — שמואל אוסקע און זיין פּאָעמע. — יוסף הכהן אַלס כלל־טוער און געשיכטע־שריי־בער; זיין „דברי הימים" און „עמק הבכא". — אליהו קאַפּסאַלי און זיין „דבי אליהו"; קאַפּסאַלי אַלס סטיליסט און געלערנטער. — גדליה אבן יחיא און זיין „שלשלת הקבלה". — אבן יחיאס ווערק אַלס וויכטיקער מקור פאַרן יידישן פאָלקלאָר. — דער אינטערעס צו אַרכעאָלאָגיע; אברהם מְשַער־אריה און זיין „שלטי הגבורים".

אַברהם בן מרדכי פאַריצול, אַ געבירטיקער אויס אַוויניאָן (געבאָרן אין 1451), האָט זיך אַלס צוואַנציקיאָריקער יונגערמאַן געלאָזט קיין מאַנטוא, וווּ ער האָט זיך באַפריינדעט מיט מיסר ליאָון. אין אַ פּאָר יאָר אַרום באַזעצט ער זיך אין פערארַאַ; האָבנדיק אַ שיין קול, ווערט ער חזן אין דער ..אָרטיקער קהילה[1]. אין דער זעלבער צייט ווערט דער יונגער חזן אַדאַנק זיין אַלזייטיקער בילדונג אַ גרויסער חשוב אינם רייכן הער־צאָגלעכן הויף פון ערקאַלע ד'עסטע. דער וויסנבאַגיריקער און פריידענ־קענדיקער הערצאָג האָט ליב געהאַט צו פירן שמועסן מיט דעם וויסנ־רייכן פאַריצול, און מיט גרויס פאַרגעניגן זיך צוגעהערט צו די רעליגיעזע וויכּוחים, וואָס יענער פלעגט אין זיין אָנוועזנהייט פירן מיט די מאָנאַכן פון די קאַטוילישע אָרדנס. „אויפן ווונטש פונם האַר, דעם הערצאָג ער־קאַלע, זיין פרוי און זיינע ברידער, דערציילט פאַריצול, פלעגט מיר אָפט אויסקומען צו פירן אין זייער אָנוועזנהייט רעליגיעזע וויכּוחים מיט צוויי קריסטלעכע געלערנטע: מיט דעם דאָמיניקאַנישן מאָנאַך לודוויק אויס וואַלענסיאַ און מיטן מינאָריט מאַלעפינטאָ (האח מאלפינטא מכת

[1] זע „אגרות שד"ל", 434.

הקטנים)". דער הערצאָג האָט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט די וויכוחים, אַז ער האָט פאַריצולן פאַרגעלייגט יענער זאָל באַריכות באַשרייבן זיין וויכוח אין אַ העברעיִש ווערק, און מאַכן אויך פון דעם אַן אויסצוג אויף איטאַליעניש, בכדי דער צד שכנגד זאָל קאָנען אָפּענטפערן. דער ניט־פאַרעפנטלעכטער מאַנוסקריפּט פון פאַריצולס פּאָלעמיש ווערק איז אויפגעהיט געוואָרן אין צוויי נוסחאות, אונטער צוויי פאַרשיידענע נעמען „מגן אברהם" און „וכוח הדת". אויף וויפיל מען קאָן זיך משער זיין אויס די פאַרעפנטלעכטע ראשי פרקים פון די 74 קאַפּיטלעך, אויס וועלכע דאָס ווערק באַשטייט [1] און אויך לויט די מיטטיילונגען פון די, וואָס האָבן זיך באַקענט מיטן מאַנוסקריפּט גופא [2], איז פאַריצולס „מגן אברהם" גאַנץ ווייניק אָריגינעל. דער רוב פאַריצולס טענות און ענטפערן זיינען גענומען ביי די אַנדערע יידישע פּאָלעמיקער פון יענער צייט, ספּעציעל ביי ר' שמעון בר צמח דוראַן.

דערפאַר אָבער טרעט פאַריצול אַרויס אַלס אמתער מחדש אין זיינעם אַ צווייט ווערק, וואָס טאַקע דורך אים האָט ער זיך קונה־שם געווען. פאַריצול האָט בייגעזען די איבערראַשנדיקע אַנטדעקונגען, וואָס זיינען אין זיין דור אויף די ווייטע ימען געמאַכט געוואָרן. דער גאַונישער קאָלומבוס האָט אַ נייע וועלט אַנטפּלעקט; מוטיקע ים־רייזנדע האָבן אַרומגעבויגן די דרומדיקע אומבאַקאַנטע ברעגן פון אַפריקע און דורכגעלייגט אַ נייעם וועג קיין אינדיע. און דער געבילדעטער פאַריציל איז טאַקע געוועזן דער ערשטער צווישן יידישע געלערנטע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם גרויסן ווערט פון קאָסמאָגראַפיע. „איידער פטרן די צייט, שריבט פאַריצול, אויף לייענען ליבע־ און ריטעראָמאַנען און אַלע אַנדערע ניט געשטויגענע מעשיות, רעכן איך, אַז ס'וואָלט פיל נוצלעכער געווען צו באַקאָנען זיך מיט דער זייער אינטערעסאַנטער וויסנשאַפט, וואָס טראָגט ביי אַנדערע פעלקער דעם נאָמען קאָסמאָגראַפיע. איך שטעל מיר דערפאַר די אויפגאַבע געבן מעגלעכסט גענויע ידיעות וועגן די אייגנאַרטיקייטן פון פאַרשיידענע קלימאַטן, וועגן דער געשיכטע פון מענטשלעכע ישובים; כ'וועל באַשרייבן אַלערליי טייכן, בערג און וועלדער, פאַרשיידנע לענדער און די ווייטע אינזלען, די אָקאָרשט אַנטדעקטע נייע וועלט און די וווּנדער פון דער אַלטער וועלט" [3]. צו דעם צוועק האָט פאַריצול אָנגעשריבן אין 1524 זיין „אגרת ארחות

---

1 שטיינשניידער, קאַטאַלאָג פון בערלינער מאַנוסקריפּטן, 1878, 109—110.

2 זע קירכהיים אין „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס", VI, 7.

3 זע די הקדמה צו „אגרת ארחות עולם".

עולם", וואָס ס'איז פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן [1] און טאָמאַס הייד האָט עס איבערזעצט אין לאַטיין (1691) אונטערן נאָמען „Tractatus Itinera Mundi". פּאַריצול האָט זיך באַנוצט ביי זיין ווערק הן מיט על־טערע קוועלן הן מיט די נייע אַרבעטן פון אַמעריגאָ, בערגאַמאָס און אַנדערע; דאָס אינטערעסאַנטסטע איז אָבער פּאַריצולס אויפטו, וואָס ער האָט געפּרוּווט אויסנוצן די ביבל גופא אַלס זייער וויכטיקע קוועלע פאַר קאָסמאָגראַפיע. דאָרט, ווו ניט נאָר מקובלים, נייערט אפילו פילאָזאָפיש־געשטימטע ראַציאָנאַליסטן האָבן געזען טיפע אַלעגאָריעס און גרויסע אַנטפּלעקונגען — האָט פּאַריצולס ניכטערער און קלאָרער שכל [2] געזען בלויז דאָס ערדישע און קאָנקרעטע. אפילו דעם גן־עדן, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין בראשית, זוכט פּאַריצול ניט אין די הימלען נאָר אויף דער ערד [3], און ער שטרייכט מערערע מאָל אונטער, אַז די תורה פלייסט זיך ביי יעדן געאָגראַפישן פּונקט, וואָס זי דערמאָנט, אָנצוצייכענען זיינע פעסט באַשטימטע גרענעצן [4].

„איך ווייס גאַנץ זיכער, איז פּאַריצול מוסיף מיט ביטול, אַז די עמי־הארצים און מגושמדיקע קנאָבל־פרעסער וועלן דאָס באַין אופן ניט קאָנען פאַרשטיין" [5].

פּאַריצול האָט דער ערשטער אין דער העברעיִשער ליטעראַטור באַשריבן דעם נייעם וועג קיין אינדיע, וועלכן די פּאָרטוגעזער האָבן דורכגעלייגט, און באַקענט מיט די אינזלען פון דער ניי־אַנטדעקטער וועלט. אָט מיט דער נייער אָקאָרשט אַנטדעקטער וועלט און מיט די גרויסע אַנטדעקונגען פון יענער צייט באַקענט אויך דעם יידישן לייענער פּאַריצולס אַ יינגערער בן־דור, דער טאַלאַנטפולער יוסף בן יהושע הכהן.

גלייך ווי פּאַריצול האָט אויך יוסף הכהן געהאַלטן פאַר נייטיק אָנווייזן דעם יידישן לייענער אויף דער וויכטיקייט פון קאָסמאָגראַפיע און געאָגראַפיע. אין יאָר 1555 איבערזעצט ער אויף העברעיִש יאָהאַן

---

1 מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דער אָקספאָרדער אויסגאַבע פון 1691.

2 פּאַריצול גופא זאָגט וועגן זיך: „מקטני אמונה בהבלים אני" — איך גלויב נים אין קיין נאַרישקייטן.

3 דאָרטן, קאַפּ' 30.

4 דאָרטן, קאַפּ' 10: „ונאמר כי התורה הקדושה ממש נתנה גבול לכל תחומים באמת".

5 פּאַריצול האָט אויך איבערזעצט פון לאַטייניש אויף העברעיִש אייניקע ווערק פון אַריסטון און פּאָרפיריוס און אויך אָנגעשריבן אַ פּירוש אויף תורה („פרחי שושנים"), איוב און קהלת.

בעמס געאָגראַפיש ווערק [1] אונטערן נאָמען „מציב גבולות עמים". צו דעם דאָזיקן ווערק האָט יוסף הכהן צוגעגעבן אַ ספּעציעל קאַפּיטל, ווו ער באַשרייבט, שטיצנדיק זיך אויף דער ביבל און אַנדערע יידישע קוועלן, דעם צושטאַנד פון דער ערד פאַר און נאָך דעם מבול [2]. „ווער עס וויל זיך באַקענען מיט אַלע לענדער אויף דער וועלט — ערקלערט יוסף הכהן — זאָל ער מיין בוך לייענען!" יוסף הכהן האָט אויך געוואָלט באַקענען דעם יידישן לייענער מיט דער נייער וועלט, וואָס קאָלומבוס און זיינע נאָכפאָלגער האָבן אַנטדעקט, און צו דעם צוועק האָט ער באַשלאָסן איבערזעצן דאָס קאַפּיטאַלע ווערק פון דעם שפּאַניער פראַנציסק לאָפּעס די גאָמאַרא „La Histoire generale de las Indias". די איבערזעצונג האָט יוסף הכהן פאַרענדיקט אַלס צוויי באַזונדערע ווערק: דאָס ערשטע, „ספר האינדיא החדשה", באַהאַנדלט דאָס שפּאַנישע אינדיע ד"ה אַמעריקע בכלל און פּערו בפרט. „נאַט זעט! אָט איז אַ בוך געשריבן, — ערקלערט יוסף הכהן אין דער פאָררעדע, — עס וועט אייך מיט אינדיע באַקענען, און מיט די אינזלען די ווייטע" [3]. דאָס צווייטע בוך טראָגט ביי יוסף הכהן דעם נאָמען „ספר פירנאַנדו קורטיש". „הערט אויפמערקזאַם צו, — רופט אויס דער פאַרפאַסער, — איך וועל אייך וועגן קורטישן דערציילן — וועגן זיינע מעשים, ליידן און מאַטערנישן! דאָס איז דער מאַן, וואָס האָט מיט מעקסיקע דעם קאַמף געפירט און זי מיט זיין גרויס חכמה באַצוווּנגען!" [4].

דאָס דאָזיקע ווערק איז געבליבן אין מאַנוסקריפּט [5]. ניט פאַרעפנטלעכט איז אויך פאַרבליבן יוסף הכהנס אַן אַנדער געאָגראַפיש ווערק, וואָס ס'האָט זיך אין מאַנוסקריפּט געפונען אין באַראָן גינצבורגס ביבליאָ-

---

1 Joan Boemus, Omnium gentium mores, leges et ritus; Augsb., 1520.

2 „אמר יוסף בן יהושע... את הספר הזה אשר חבר יואני אאובאנו בואימו האשכנזי אנה אלהים לידי וייטב בעיני ואתנה את לבי להעתיקו ללשוננו הקדושה להודיע את בני עמנו דברים לא שמעה אזנם עד היום, למען ידעו דבר מכל מעשה אלהים אשר עשה בהיותם בין העמים... וגם אני הוספתי עליו להשלים המלאכה הפרק הראשון כלו ככתוב בתורת משה עבד ד' ועוד דברים אחדים כפי רז"ל ומפי סופרים אחרים".

3 „ראו ספר אשר חבר לספר דבר הודו ואיים הרחוקים".

4 עמדו ואגידה דבר קורטיש — מקריו תלאותיו וקורותיו
האיש אשר נלחם במיגשיקו — וילכדנה עם מזמותיו.

5 מיר האָבן זיך באַנוצט מיט די מיטטיילונגען פון שטיינשניידער אין זיין קאַטאַלאָג פון די בערלינער מאַנוסקריפּטן און מיט דער אַרבעט פון איס. לעב אין Rev. d. Et. Juiv, XVI, 29—31.

טעק[1]. יוסף הכהנס צוויי איינציקע ווערק, וואָס האָבן געהאַט דאָס מזל געדרוקט צו ווערן און טאַקע אַדאַנק זיי איז זייער פאַרפאַסער שטאַרק מפורסם געוואָרן — פירן אונז אַריין אין אַן אַנדער געביט, וואָס האָט אין יענער תקופה באַזונדערס צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע אינטעליגענטע קרייזן — דאָס געביט פון געשיכטע־באַשרייבונגען.

דער מאַוויימדיקער חורבן פונם גרעסטן יידישן קיבוץ אין שפּאַניע, דאָס אויפוואַקסן פון נייע יידישע קולטור־צענטרען אין דער אייראָפּעיִשער טערקיי, אין צפון־אַפריקע און אינם אַלטן לאַנד פון די אָבות — אין פּאַלעסטינע, דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם אין דער יידי־שער וועלט. אין די אָקאָרשט דורכגעלעבטע גרויסע ליידן און צרות האָבן די פרומע און גאָטספאָרכטיקע נשמות געזען באַשיינפערלעך די אמתע „חבלי משיח". די מיט נאַציאָנאַלן אומעט איבערפולטע הערצער האָבן געזאָרגט וואָס גיכער צונויפזאַמלען „אינם לאָגל די נאַציאָנאַלע טרערן", פאַרצייכענען די אַלע טראַגישע געשעענישן און כראָניקעס און ספרי יוחסין. די קומענדיקע דורות לזכּרון, האָט מען געהאַלטן פאַר נייטיק איבערדערציילן און פאַרשרייבן די אַלע צרות און רדיפות, וואָס די אָבות האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דור צו דור, און אַלס שלום־אַקאָרד פלעגן די דאָזיקע כראָניקעס זיך פאַרענדיקן מיט אַ האַרצרייסנדיקער באַ־שרייבונג פון דער גוואַלטיקער קאַטאַסטראָפע, וואָס ס'איז געשען מיט דעם שפּאַניש־פּאָרטוגעזישן יידנטום.

דער ערשטער פון די דאָזיקע היסטאָריאָגראַפן און כראָניקער איז געווען טאַקע איינער פון די גולי ספרד, דער באַוווסטער פאַרפאַסער פונם „יוחסין", אברהם בן שמואל זאַקוטי (זכות). אַ געבאָרענער אין דער שפּאַנישער שטאָט סאַלאַמאַנקאַ (אין 1450), האָט אברהם זאַקוטי נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן זיך קונה־שם געווען אַלס אויסגעצייכנטער אַסטראָ־נאָם און מאַטעמאַטיקער, און צו צוואַנציק יאָר איז ער אין זיין געבורט־שטאָט געווען באַשטימט פאַר פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע און היסטאָ־ריאָגראַפיע. אין 1473 האָט זאַקוטי אויפן פאָרשלאָג פון אָנגעזעענע קריסטלעכע געלערנטע פאַרפאַסט זיינע באַרימטע אַסטראָנאָמישע טאַ־בעלן[2], וואָס זיינען באַלד פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויף לאַטיין און אין דער שפּאַנישער שפּראַך, דער העברעיִשער טעקסט איז אָבער געבליבן אין

1 שניאור זאַקס פאַרצייכנט אין זיין קאַטאַלאָג (נומ' 257) דאָס דאָזיקע ווערק אונטער פאָלגנדיקן נאָמען: „גלילות הארץ והעולם החדש מר' יוסף הכהן בעל „עמק הבכא".

2 Almanach perpetuum sine Ephemerides et tabulae septem planetarum.

מאנוסקריפט [1]. נאכן גרויסן גירוש פון 1492 האט זאקוטי מיט פילע אנדערע פארטריבענע זיך געלאזט קיין פארטוגאל, ווו ער האט באלד פארנומען ביים קיניגלעכן הויף א בכבודיקע שטעלע אלס אסטראלאג און ארכיוור־היסטאריקער. קאלומבוס און דער בארימטער ים־רייזנדער וואסקא־די־גאמא האבן זייער חשוב געהאלטן דעם יידישן געלערנטן. קאלומבוס האט זיך שטארק באנוצט מיט זאקוטים אסטראנאמישע טאבעלן, בעת ער האט אויסגעארבעט די ריכטונג פון זיין העלדישן וועג איבער די אומבאקאנטע ווייטן פונם ים אוקינוס, און אין דער ביבליאטעק פונם גאונישן וועלט־אנטדעקער האט מען געפונען אויפגעהיט די לאטיינישע אויסגאבע פון זאקוטים טאבעלן. אויך וואסקא־די־גאמא, איידער ער האט זיך געלאזט אין זיין בארימטער ים־רייזע (1497), האט ער זיך בעראטן מיטן יידישן געלערנטן און פריינדלעך זיך געזעגנט מיט אים [2].

אין דעם זעלבן יאר האט אבער א נייער אומגליק די גולי ספרד געטראפן: מען האט זיי אויך אויס פארטוגאל פארטריבן און אברהם זאקוטי האט געמוזט אויפסניי אפריכטן גלות. זאקוטי האט אויף זיין וואגל־וועג זייער פיל געהאט אויסצושטיין; צוויי מאל האט מען אים געפאנגען גענומען, און נאך גרויסע מאטערנישן איז אים געלונגען צו דערשלאגן זיך קיין טונים. אבער אויך דא איז אים ניט באשערט געווען אויף לאנג רו צו געפינען. באלד איז טונים אריינגעפאלן אין די הענט פון די שפאניער; זאקוטי האט ווידער געמוזט אנטלויפן, ער האט זיך דערלאנגט קיין טערקיי, און דארט איז ער אין 1515 געשטארבן.

אין די יארן, וואס זאקוטי האט פארבראכט אין טונים, האט ער געשריבן און פארענדיקט (1504) זיין היסטאריש ווערק „ספר יוחסין", מיט וועלכן ער האט זיך אזוי שטארק קונה־שם געווען. דער פארפאסער גופא ווייזט אן אין דער פאררעדע, אז די גרויסע צרות, וואס ער האט געהאט אויסצושטיין, האבן אים געעלטערט פאר דער צייט און געבראכן זיינע גייסטיקע כוחות [3]. דאס פילט זיך טאקע גאנץ בולט אין דעם גאנצן ארכיטעקטאנישן געבוי פון זיין ווערק. אינם „ספר יוחסין" האט זאקוטי בדעה געהאט צו געבן אין כראנאלאגישן סדר א סיסטעמאטישע געשיכטע־באשרייבונג זינט די עלטסטע דורות ביז דעם 14טן י"ה. אין

1 דער ספרדי דניאל בן פרחיה הכהן האט אפגעדרוקט די שפאנישע איבערזעצונג מיט העברעישע אותיות אלס הוספה צום מאטעמאטישן ווערק „שארית יוסף" (סאלאניקי, 1568).

2 זע קייזערלינג, „געשיכטע דער יודען אין פארטוגאל", 121—123.

3 „כי בעונותי מרוב השמדות והשביה וצירך המזונות אין בי כח ולא חכמה ודעת ולא עמד טעמי בי וריחי נמר."

דער אמתן אָבער איז זאַקוטים ווערק בלויז אַ זאַמלונג פון פאַרשיידענע היסטאָרישע ידיעות און באַשרייבונגען, אַרויסגענומען על־פּי רוב פון די עלטערע ליטעראַטור־געשיכטלעכע יידישע ווערק. פיל אָרט ווערט דאָרט אָפּגעגעבן דעם סדר הדורות פון די תּנאים, אמוראים און שפּעטערדיקע גדולי התּורה, באַנוצנדיק דערביי דער עיקר דעם ראב״דס „סדר הקבלה״. גאָר אָן אַ שום סדר ווערן אין דער מיט געבראַכט באַשרייבונגען פון געוויסע געשעענישן אוים דער אַלגעמיינער אָדער ספּעציעל יידישער געשיכטע איניקע פון זיי, ווי, למשל, די באַשרייבונג פון די באַרימטע ישיבות אין סורא און פּומבדיתא, אָדער די בלעטער, וואָס באַקענען מיט דעם סדר, ווי אַזוי מען פלעגט אויסקלייבן דעם ריש־גלותא — האָבן אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס. פון באַדייטנדיקן ווערט זיינען אויך די ידיעות, וואָס ווערן דאָרט געבראַכט וועגן דעם באַשעפער פונם „זוהר״ [1].

דעם „ספר היוחסין״ האָט זאַקוטי ביים לעבן ניט פאַרעפנטלעכט. ערשט אין פופציק יאָר אַרום נאָך זאַקוטים טויט האָט דער אַרצט שמואל שולאַם אוים קאַיִראָ אָפּגעדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זאַקוטים ווערק, אָבער מיט אַ סך קירצונגען און שינויים. ערשט אין דער נייערער צייט (אין 1857) האָט פיליפּאָווסקי פאַרעפנטלעכט דעם פולשטענדיקן טעקסט פון דעם „ספר היוחסין״, לויט זאַקוטים אייגנהענטיקן מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין אָקספאָרדער ביבליאָטעק [2].

די זעלבע חסרונות — מאַנגל אין כראָנאָלאָגישן סדר און סיסטעמאַטישער גאַנצקייט, ווייזן זיך אַרויס אין אַ נאָך גרעסערער מאָס אין דעם ניט ווייניקער פּאָפּולערן „שבט יהודה״.

וועגן דעם פאַרפאַסער פונם „שבט יהודה״ — שלמה אבן ווערגאַ [3], איז אונז זייער ווייניק באַקאַנט. אַ געבאָרענער אין קאַסטיליע, פלעגט איה, ווי עס שיינט, גאַנץ אָפט אויסקומען זיך באַטייליקן אין רעליגיעזע וויכּוחים, וואָס זיינען דעמאָלט אַזוי געווען אין דער מאָדע. ער אַליין דערציילט, אַז אין 1481 איז ער אַלס באַפולמעכטיקטער פון די שפּאַנישע קהילות אַרומגעפאָרן צנויפנעמען געלט אויף „פדיון שבוים״, אויסצו־

1 זע „יוחסין״, פיליפּאָווסקים אויסגאַבע, 88—89, 95—96.

2 טעקסט־אויסבעסערונגען זע: Is. Leeb, Rev. d. et. Juives, XVI, 223—235.

3 שלמה אבן ווערגאַ איז, אמת, ניט דער איין־איינציקער פאַרפאַסער פונם „שבט יהודה״: זיין זון יוסף, וואָס איז געווען אַ דיין אין אַדריאַנאָפּאָל אינדערמיט פונם XVI י״ה און האָט פאַרפאַסט אַ חיבור אויף תלמוד „שארית יוסף״, האָט צו זיין פאָטערס ווערק מוסיף געווען איניקע דאָקומענטן און באַשרייבונגען פון וויכטיקע געשעענישן אוים זיין צייט.

קויפן די געפאַנגענע פון גראַנאַדע [1]. נאָכן גרויסן גירוש פון 1492 האָט אבן ווערגאַ זיך געלאָזט צוזאַמען מיט פילע אַנדערע פון די פאַרטריבענע קיין פּאָרטוגאַל. אין 1497, נאָכדעם ווי אויך אין פּאָרטוגאַל איז אַרויס די שווערע גזירה אויף יידן, איז אבן ווערגאַ, ווי עס שיינט, אַ מאַראַן געוואָרן; און ער האָט דערנאָך, וווינענדיק אין דער אומגעגנט פון ליסאַבאָן, צוגעזען דעם בלוטיקן פּאָגראָם, וואָס דער ליסאַבאָנער פעבל האָט אין יאָר 1506 געמאַכט אויף די אַנוסים. אַ יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי פּאָרטוגאַל האָט געעפנט אירע גרענעצן פאַר די אַנוסים, איז אבן ווערגאַ אַוועק קיין איטאַליע, וווּ ער האָט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן. דאָרט האָט ער אויך פאַרענדיקט זיין כראָניק „שבט יהודה״ [2].

וואָלט אבן ווערגאַ געלעבט אין די צייטן פון אַלחריזין און זאַבאַראַן, וואָלט ער מיט גרויס געשיקטקייט געווען געשריבן לוסטיקע פּאַראָדיעס, בייסנדיקע סאַטירעס און שאַרף צוגעשפּיצטע עפּיגראַמעס. איז ער אָבער אין אַן עת־צרה געבאָרן, געלעבט אינם דור פונם שרעקלעכן חורבן און אַליין געטרונקען פונם ביטערן גלות־בעכער — איז אויף זיינע ליפּן דער געלעכטער אָפּגעשטאָרבן, און אַנשטאָט לוסטיקע לידער צו זינגען און פריילעכע מעשיות דערציילן, איז ער געוואָרן דער היסטאָריקער פונם „עמק הבכא״, דער כראָניקער פון צער און נויט. און דאָך האָט דער כראָניקער ניט אינגאַנצן דערשטיקט אין אים דעם דיכטער. אין זיין „שבט יהודה״, אין דעם לאַנגן פון ווייטאָג און טרויער, זיינען אַזוי קונציק צונויפגעפלאָכטן „דיכטונג אונד וואַרהייט...״

דער מחבר גופא ווייזט אָן אינם אַריינפיר צו זיין ווערק, אַז איינינקע ידיעות וועגן „שמדות וגזרות״ אויף יידן אין פאַרשיידענע לענדער האָט ער געפונען אין די כתבים פון זיין זיידן יהודה אבן ווערגאַ, וואָס איז געשטאָרבן אַלס קדוש אין ליסאַבאָן [3]. די ידיעות וועגן אַנדערע גירושים און גזירות, ווייזט אָן דער בעל „שבט יהודה״, האָט ער געשעפּט אויס היסטאָרישע כראָניקעס, הן יידישע, הן קריסטלעכע [4]. נאָר אפילו ריין

---

1 „שבט יהודה״, 108 (ווינערס אויסגאַבע).

2 אבן ווערגאָ ווייזט אָן (דאָרטן, 89), אַז ער האָט פאַרפאַסט נאָך אַ ווערק „שבט עברתו״, עס איז אָבער ניט אויפגעהיט געוואָרן.

3 דאָרטן 94.

4 פ. בער האָט אין זיין גרינטלעכער אַרבעט „אונטערזוכונגען איבער קוועלען אונד קאָמפּאָזיציאָן דעם שבט יהודה״ דערוויזן, אַז שלמה אבן ווערגאָ האָט זיך באַנוצט אויסשליסלעך מיט יידישע קוועלן און די „לאַטיינישע כראָניקעס״, אויף וועלכע דער פאַרפאַסער פאַררופט זיך גאַנץ אָפט, זיינען „לא היה ולא נברא״. בער ווייזט אויך אָן ווי פליסיק אבן ווערגא האָט זיך באַנוצט מיט דעם „יוסיפון״ און יצחק אברבנאלס ווערק (דאָרט 52—56).

היסטאָרישער מאַטעריאַל ווערט ביי אבן ווערגאָ באַפּוצט און באַצירט מיט לעגענדעס און פּאָעטישע מעשיות. און פילע פון די דאָזיקע מעשיות גיט ער איבער מיט דער באַמערקונג: „שמעתי מפי שליח", „מפי מקובל" אָדער „מפי איש חסיד וחכם".

„איך האָב געהערט — דערציילט אַ שטייגער אבן ווערגאָ (נומ' 61), — אַז אין שפּאַניע האָט מען אַמאָל געפונען אַ דערהרגעט קריסטלעך יינגל, האָט מען געמאַכט אויף יידן אַ בילבול, אַז דאָס האָבן זיי אים געשאָכטן צוליב רעליגיעזע צוועקן. אין דער דאָזיקער שטאָט האָט געוווינט אַ גרויסער מקובל, דן שלמה הלוי, האָט ער דעם הרוג אונטערן צונג אַרונטערגעלייגט אַ קוויטל, אויף וועלכן דער שם־המפורש איז געווען געשריבן. דאָס יינגל האָט גלייך די אויגן געעפנט און אָנגעוויזן אויף די אמתע רוצחים, וואָס זיי האָבן עס טאַקע געמאַכט דעם בילבול אויף די יידן" [1].

און דאָך האָבן אַלע באַשרייבונגען, וואָס ווערן געבראַכט אינם „שבט יהודה", אַפילו די, וואָס זייער היסטאָרישער ווערט איז אין גרויסן ספק — אַ באַדייטנדיקן קולטורעלן אינטערעס. דער פּראָפעסאָר, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט די שרעקן פון דער אינקוויזיציע און די גרויסע ליידן פונם ביטערן גירוש, גיט איבער די טראַגישסטע, האַרצרייסנדיקע געשעענישן אין אַ גאַנץ רויִקן, ריין עפּישן טאָן; און דווקא די גלאַסענע רויִקייט פון דעם דערציילער גיט אַמבולטסטן איבער דעם אימהדיקן טויט־שרעק פון יענער פינסטערער תקופה. עס איז געווען גענוג, אַז עפּעס אַ מנוול, אַ האַלב־משוגענער אָדער נידערטרעכטיקער פאַרברעכער זאָל אויסטראַכטן אַ בילבול — און שוין איז אַ גאַנצע קהילה יידן געווען אין דער גרעסטער געפאַר, און הונדערטער מענטשן זיינען אומגעקומען אויף די שייטערהויפנס, אָדער ווי די שאָף אויסגעשאָכטן געוואָרן...

„צו וואָס — פרעגט פאַרחידושט דער מלך אַלפאָנס ביי די יידישע פאָרשטייער — לערנט איר עם אייערע קינדער מוזיק און געזאַנג, בעת איר פאַרברענגט דאָך אַלע אייערע יאָרן אין טרויער און קלאָג?" [2].

און בעת דער דאָזיקער מלך פלייסט זיך צו דערווייזן, וואָס פאַר אַ זינדיק פאָלק די יידן זיינען, און רעכנט אויס די חסרונות, וואָס ער געפינט אין זיי — ענטפערן אים דערויף די יידישע פרנסים: „פון אַלע

---

1 די זעלבע מעשה ווערט אויך געבראַכט אין דעם „מעשה־בוך", נאָר דאָרט האָט דעם נס מיטן שם המפורש באַוויזן דער באַרימטער מקובל יהודה חסיד. דער דאָזיקער מאָטיוו איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די אָריענטאַלישע פעלקער און מיר באַגעגענען אים שוין ביי אפולעוסן אין זיין „גילדענעם אייזל".

2 דאָרטן, 26.

אונזערע קרענק, וואָס דו האָסט אָקאָרשט אויסגערעכנט, האָסטו דאָך פאַרגעסן אין אונזער גרעסטער און שווערסטער קרענק: וואָס מיר האָבן ניט קיין איינציקן באַשיצער, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר אונז, ער זאָל פאַר אונז אַ גוט וואָרט ריידן אַן גיפטיקער שנאה און קנאה".

ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ פאָלגן אין „שבט יהודה" איין סצענע נאָך דער אַנדערער, און וויפיל טיפער צער און טרויער איז אין יעדער פון זיי. אָט שטייען די יידישע „שלוחים" פאַרן פּויפּסט, און קעגן זיי אַ גיפ־טיקער קטיגור, אַ משומד, וואָס מסרט פאַרן פּויפּסט די יידן און טראַכט אויף זיי אויס די שרעקלעכסטע בילבולים. די יידן הערן דעם משומדס מסירות און דעם פּויפּסטס בייזע רייד און וויינען מיט ביטערע טרערן. „ניט איבער מיינע בייזע רייד דאַרפט איר וויינען, — זאָגט דער פּויפּסט, — נייערט איבער אייערע שלעכטע מעשים!" „וויינען — ענט־פערן די „שלוחים" — דאָס איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס איז אונז גע־בליבן; וואָרעם טרערן איז די איינציקע טרייסט ביי אַזוינע אומגליקלעכע ווי מיר. אָט זע — און זיי ווייזן אָן אויפן מסור דעם משומד — ער איז דאָך פון אונזער בלוט און פלייש, און אויך ער רודפט אונז און האָט ניט קיין רחמנות. מיר זיינען געגליכן צו אַ פויגל, וואָס ווילדע חיות האָבן אים אָנגעיאָגט, טרעטן אים מיט די פיס, רייסן מיט די נעגל און בייסן מיט די ציין"[1]. „נעמט אָן אונזער גלויבן — רופט אויס דער משומד — וועט איר פון אונטערדריקטע ווערן אונטערדריקער!" „דו ביסט זיכער — ענטפערן אים די יידן, — אַז דורך דעם, וואָס דו האָסט דעם נייעם גלויבן אָנגענומען, איז פאַר דיר אָנגעגרייט דער גן־עדן. ווילן מיר בעסער אין גיהנום אַריין, אַבי ניט זיצן מיט דיר צוזאַמען אין גן־עדן".

אייניקע באַשרייבונגען מאַכן מיט זייער טראַגישן פּאַטאָס אַ גוואַלטיקן רושם. אָט דערציילט דער בעל „שבט יהודה" דעם שרעקלעכן גורל, וואָס ס'האָט געטראָפן אַ גרופּע פון די אויס שפּאַניע פאַרטריבענע. דער קאַפּיטאַן פונם שיף אויף וועלכן די דאָזיקע אומגליקלעכע נע־ונדניקעס האָבן זיך געפונען, האָט זיי אינמיטן ים אַראָפּגעזעצט אויף אַ וויסטן אינזל, און איז אַוועק ווייטער מיט זיין שיף. דאָס רוב פון די פאַרטריבענע זיינען באַלד פון הונגער געשטאָרבן, די לעבן געבליבענע האָבן צונויפ־געזאַמלט די לעצטע כוחות און זיך געלאָזט אין דער מיט פונם אינזל, האָפנדיק, אַז זיי וועלן אפשר זיך צו אַ וועלכן ס'איז ישוב דערשלאָגן. צווישן זיי איז געווען אַ פאַמיליע פון מאַן און ווייב און צוויי קינדער דער פרוי זיינען געבעך אויפן וועג די כוחות אויסגעגאַנגען און זי איז

1 דאָרטן, 82.

א טויטע אנידערגעפאלן. זיינען דער פאטער מיט די צוויי קינדער געגאנ־
גען ווייטער, נאר פארשמאכטע זיינען זיי אויפן וועג געפאלן אין חלשות.
ווען דער פאטער איז צו זיך געקומען, האט ער דערזען, אז ביידע זיינע
זין זיינען שוין געשטארבן. אויסער זיך פון צער, איז דער אומגליקלעכער
אויפגעשפרונגען און אויסגעשריען: רבון העולמים — דו האר פון אלע
וועלטן! דו האסט אלץ געטאן, איך זאל פארלאזן דעם גלויבן פון מיינע
אבות! טא זיי וויסן, אז צו ווידער דעם ווילן פון אלע הימלישע באוווי־
נער — א ייד בין איך און א ייד וועל איך בלייבן, ניט קוקנדיק אויף
אלע צרות, וואס וועסט אויף מיר אנשיקן! און ער האט צונויפגעזאמלט
זאמד און ערד און גראזן, מיט זיי זיינע קנדער צוגעדעקט, און האט זיך
ווייטער געלאזט א ישוב זוכן...[1].

זייער כאראקטעריסטיש פארן בעל „שבט יהודה" איז די הייסע
בענקשאפט, מיט וועלכער ער פארהאלט זיך צו זיין פאטערלאנד, ניט
קוקנדיק דערויף, וואס זי איז דאך צו אים געווען די גרויזאמסטע שטיפ־
מוטער. בעת ער באשרייבט דעם יידישן גירוש אוים פראנקרייך, דער־
ציילט ער מיט רירנדיקע ווערטער, ווי אזוי די ארויסגעטריבענע, ווי נאר
מען האט זיי פארגעלייגט צוריקקומען קיין פראנקרייך, האבן זיי גלייך
באשלאסן אנצונעמען דעם פארשלאג, ניט קוקנדיק דערויף, וואס זיי
האבן שטארק מורא געהאט, אז עס וועלן זיך דארט אויף זיי באלד
אנהייבן נייע רדיפות. „לאמיר — האבן זיי געזאגט — זיך צוריק אומ־
קערן אין דעם לאנד, וווּ מיר זיינען געבארן, דאס איז דאך אונזער
מוטער!"[2]

פונם ריין ליטעראַרישן שטאנדפונקט איז אבער דאס כאראקטעריס־
טישסטע אינם „שבט יהודה" ניט די באשרייבונגען פון די רדיפות און
גירושים, נאר די רעליגיעזע וויכוחים, וואס פארנעמען כמעט די העלפט
פונם גאנצן ספר. פון די אלע וויכוחים, וואס ווערן אינם „שבט יהודה"
באשריבן האט בלויז איין איינציקער, דער וויכוח אין טארטאזא, א היס־
טארישן יסוד; נאר אפילו אין דער באשרייבונג פון דעם דאזיקן
וויכוח זיינען זייער וויכטיקע פרטים פון באדייטנדיקן געשיכטלעכן ווערט
צונויפגעוועבט מיט פאנטאסטישע לעגענדעס; אלע איבעריקע וויכוחים
זיינען אבער — „לא היה ולא נברא", און טראגן א ריין לעגענדארן כאַ־

---

[1] דארטן, 9: „קם על רגליו ואמר: רבון העולמים! הרבה אתה עושה שאעזוב דתי. תדע נאמנה שעל כרחם של יושבי שמים יהודי אני ויהודי אהיה, ולא יועיל כל מה שהבאת ותביא עלי! ואסף מן העפר ומן העשבים וכסה את הנערים והלך לבקש ישוב".

[2] דארטן, 46.

ראַקטער. און דאָך, ניט קוקנדיק דערויף, שטעקט אין אבן ווערגאַס „דיכטונג״ זייער פיל „וואַרהייט״. אָט די גאַנץ לאַנגע וויכּוחים אין „שבט יהודה״, וואָס ווערן געפירט צווישן מלכים און פּויפּסטן מיט קריסטלעכע און יידישע געלערנטע, גיבן אַזוי בולט, אַזוי פאַרבנרייך איבער דעם דעמאָלטיקן לעבנסשטייגער, די שטימונגען און דעם גייסט פון יענער תקופה. און ניט אומזיסט האָבן פילע פאַרשער שוין פון לאַנג אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן באַטייט, וואָס דער „שבט יהודה״ האָט פאַרן יידישן פאָלקלאָר [1]. אין אבן ווערגאַס וויכּוחים איז אַלץ טיפּיש און אינטערעסאַנט: די אַלעגאָרישע פּירושים, וואָס אבן ווערגאַ מאַכט אויף אייניקע פּסוקים פון דער ביבל [2], זיין קוק אויף פאַרשיידענע נאַטור־ערשיינונגען [3], די פּאָלעמישע איינפאַלן, די משלים און מעשיות, מיט וועלכע עס באַנוצן זיך די דיספּוטאַנטן [4]. און איבער אַלץ שוועבט דעם פאַרפאַסערס איראָנישער שמייכל, זיין האַלב־פאַרבאָרגענער סאַרקאַזם...

אָפט מאַכט זיך דער פאַרפאַסער כּלא־ידע, און לייגט אַריין די קריסטלעכע דיספּוטאַנטן אין מויל אַריין אַזוינע רייד, וואָס אין זיי ליגט פאַרבאָרגן די גרעסטע כּפירה אין די וויכטיקסטע יסודות פון דער קריסטלעכער לערע. דער קלוגער מלך אַלפאָנזאָ, למשל, רופט אויס פאַרחידושט: „צי האָט מען עס דען ווען אַמאָל געהערט, אַז אַ מלך זאָל ברענגען פאַר אַ קרבן זיין געליבטן זון, בכדי מכפּר צו זיין פאַר די זינד פון זיינע ווידערשפּעניקע קנעכט?״ [5] און דער פּויפּסט, בעת ער איבערצייגט זיך, אַז דער בילבול, וואָס מען האָט געמאַכט אויף יידן, איז פאַלש און די יידן זיינען אומשולדיק — זאָגט צו זיינע מקורבים: „ביי מיר איז איצט צו גלויבן, אַז דאָס, וואָס מען דערציילט, אַז די יידן האָבן עס קריסטוסן געהרגעט, איז אויך בלויז אַ שקר־בילבול״ [6]. „יעדעס מאָל, — ערקלערט דער קריסטלעכער געלערנטער טאָמאַס, — ווען מיר פאַלן אַריין אין ספקות, ווענדן מיר זיך צו די יידן, די טרייע שומרים פונם ביבלישן

---

1 זע די אינטערעסאַנטע אַרבעט פון לעב: Le folk-lore juif dans la chronique d'Ibn verga (Rev. d. et. Juifs, XXIV).

2 זע, למשל, „שבט יהודה״, 64.

3 דאָרטן, 9—58.

4 זע, למשל, די וויציקע מעשה מיטן חזן, וואָס ס'דערציילט דער ייד בשעתן וויכּוח, בכדי חוזק צו מאַכן פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן, וואָס פלייסן זיך צו דערווייזן אויס ביבלישע פּסוקים, אַז די נביאים האָבן שוין פון לאַנג נביאות געזאָגט אויף קריסטוסן און דער קריסטלעכער קירך (דאָרטן, 61).

5 דאָרטן, 24.

6 דאָרטן, 126.

וואָרט, און זיי קלערן אונז אויף"[1]. דער פריער דערמאָנטער מלך אלפאָנזאָ דערלויבט זיך אַרויסצוזאָגן אַזאַ אַפּיקורסישן געדאַנק, אַז „הדתות אינם מתקיימות כי אם עם הדמיון'' — נאָר אַדאַנק דער איינ־בילדונג האָבן די רעליגיעס אַ קיום. „דער ייד — ערקלערט ווייטער דער מלך אלפאָנזאָ — בילדעט זיך איין, אַז ס'איז דאָ נאָר איין אמתע אמונה אויף דער וועלט, און דאָס איז דער יידישער גלויבן, און ווער עס גלויבט אין אַן אַנדער דת, איז ביי אים געגליכן צו אַ בהמה; דער קריסט ווידער פון זיין זייט בילדעט זיך אויך איין, אַז דער ייד איז בלויז אַ בהמה בצורת מענטש, און זיין נשמה וועט פאַרוואָגלט ווערן אינם „מדור התחתון'' (אין דער נידעריקסטער אָפּטיילונג) פונם גיהנום. און פרעגט דער מושלעמי — וועט ער אייך גלייך ערקלערן, אַז הן פאַרן יידן הן פאַרן קריסט איז אָנגעגרייט דער גיהנום''...[2]

וועלכער גלויבן איז דער איינציק ריכטיקער? — פרעגט דער אַלטער מלך דן פעדראָ ביים יידישן חכם אפרים בן שאַנגו, און פאָדערט ביי אים אַ קלאָרן ענטפער[3]. בעט דער יידישער חכם דריי טעג צייט און דערנאָך וועט ער אים געבן אַ תשובה. און אין דריי טעג אַרום ענטפערט דער ייד דער מלך מיט דעם זעלבן משל, וואָס נתן החכם סאַלאַדינען ביי לעסינגען[4]. נאָר דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן רינגען, נאָר וועגן טייערע שטיינער. „ניט איך — פאַרענדיקט דער יידישער חכם — בין אימשטאַנד אָפּצושאַצן דעם ווערט פון די דאָזיקע בריליאַנטן. ווענד זיך צו אים, צו אונזער באַשעפער, דעם ווונדערבאַרן יוועליר, וואָס האָט זיינע קינדער באַשאָנ־קען מיט די דאָזיקע טייערע שטיינער, זאָל ער באַשטימען, וועלכער איז דער חשובסטער"[5].

„פאַרוואָס ווערן עס די יידן שטענדיק געיאָגט און געפּלאָגט?''[6] — פרעגט דער מלך אלפאָנזאָ דעם חכם טאָמאָס. די דאָזיקע פראַגע שטעלט אָבער ניט נאָר דער מלך אלפאָנזאָ, נייערט שלמה אבן ווערגאַ גופא, און זי איז פּאַקטיש דער לייט־מאָטיוו, דער לעבנס־נערוו פונם גאַנצן „שבט

---

1 דאָרטן, 117.

2 דאָרטן, 16.

3 דאָרטן, 54.

4 דעם עלטסטן נוסח פון דעם דאָזיקן משל האָבן מיר געפונען ביים מקובל אברהם אבולפיה. זע ביילאַגע נומ' 4.

5 דאָרטן, 54: „הנה עשו ויעקב אחים היו ונתן לכל אחת אבן אחת ואדוננו שואל איזה יותר טובה. ישלח מלכנו ציר לאבינו שבשמים כי הוא הלאפידאריו הגדול והוא יאמר הבדל האבנים".

6 דאָרטן, 16—17.

יהודה". עס איז קיין שום ספק ניט, אז טאקע דער חשק פילזייטיק צו באלייכטן די דאזיקע אנגעווייטאגטע פראגע איז געווען איינע פון די הויפט־סיבות, וואס האבן דעם בעל „שבט יהודה" געבראכט צום באַ־שלוס זיין בראניק צו באשאפן.

„היהדות הוא מן החולאים אשר אין להם רפואה" — דאס יידנטום איז איינע פון די קרענק, וואס ס'איז צו זיי קיין תרופה נימא! די דאזיקע טרויעריקע ווערטער, וואס דער חכם ווירשוריש ענטפערט דעם מלך, רייסן זיך ארויס מיט א טיפן זיפץ פונם פארפאסערס פארביטערט הארץ גופא. דער בעל „שבט יהודה" איז פעסט איבערצייגט, אז דאס יידישע פאלק איז דאס „אויסדערוויילטע" פאלק, אז דאס יידנטום איז דער פאר־בינדונגס־רינג, „וואס פאראייניקט דעם הימל מיט דער ערד"; און דאך ווערט דער „אתה בחרתניק" אזוי געהאסט און געיאגט, און אזוי שרעק־לעך שווער איז זיין לעבנס־וועג...

„פארוואס איז אזוי גרויס דער צארן? — פרעגט דער בעל „שבט יהודה", — פארוואס ווערן עס יידן געשטראפט מער פון אלע פעלקער?" אבן ווערגא געדענקט דעם זאץ פון משלי, אז „את אשר יאהב ד' יוכיח" — וועמען גאט האט ליב, דעם שטראפט ער. ער האט אויך ניט פארגעסן אין די שטרענגע רייד פונם נביא: „אזוי זאגט גאט צו די בני ישראל: בלויז אייך האב איך אויסדערוויילט פון אלע געשלעכטער פון דער ערד, וועל איך דערפאר פון אייך פאדערן געצאלט פאר אלע אייערע זינד!" [1] און דאך קאן זיך דער פארפאסער דערמיט ניט באפרידיקן. ער פרוווט באלייכטן די דאזיקע הארבע פראגע ניט נאר פונם ריין־רעליגיעזן שטאנד־פונקט; ער וויל זוכן אויך אויפדעקן אירע סאציאלע און פסיכאלאגישע יסודות. טיפיש איז אין דער הינזיכט, מיט וואס פאר א אויפמערקזאמקייט דער פארפאסער קערט זיך יעדעס מאל אום צו דער פראגע וועגן עלילת־דם. מיט פיינער איראניע שטרייכט דער פארפאסער אונטער, ווי שטארק פאר־חידושט דער מוסלמענער איז, וואס די קריסטן קאנען עס נאר גלויבן אין אזוינע ווילדע אויסגעטראכטע מעשיות [2]. דער פארפאסער פארשטייט אבער זייער גוט, אז מיט לאגישע באווייזן קאן מען דעם עלילת־דם ניט בייקומען, ווייל אים שפייזט ניט בלויז אומוויסן און פינסטערער אבער־גלויבן, נאר קודם־כל ג י פ ט י ק ע ר ה א ס. און דער בעל „שבט יהודה"

---

[1] עמוס, 3, 1—2.

[2] אגב שטרייכט דער פארפאסער מערערע מאל אונטער (דארט 27, 40, 49), אז מען דארף ניט לייגן קיין שום ווערט אויף דעם, וואס די באשולדיקטע אנערקענען זייער שולד אונטער שרעקליכע עינויים. די אומגליקלעכע זיינען זיך בשעת פייניקן מודה אויך אין דעם, וואס זיי האבן קיין מאל ניט געזינדיקט.

האָט דעם מוט מודה צו זיין, אַז אין דער דאָזיקער שנאה זיינען אין געוויסער מאָס אויך די יידן גופא שולדיק. „פאַרוואָס איז ביי די אומות העולם אַזוי גרויס די שנאה צו יידן?" די דאָזיקע פראַגע איז דער צענ־טראַל־פּונקט ניט נאָר פונם לאַנגן און אין קולטור־היסטאָרישער הינזיכט זייער אינטערעסאַנטן וויכוח נומ' 7, נייערט פונם גאַנצן „שבט יהודה". דער פאַרפאַסער ווייס זייער גוט, וואָס פאַר אַ גרויסן חלק ס'האָבן אין דער דאָזיקער שנאה די פאַנאַטישע קאַטוילישע גייסטלעכע מיט זייער גיפטיקן פּרעדיקן, אַז מען דאַרף רודפן יידן, ווייל זיי האָבן „געקרייציקט קריסטוסן". אבן ווערגאַ ווייזט אָבער אויך אָן אויף פילע אַנדערע סיבות, און קודם־כּל אויף פאָלגנדיקע דריי: 1) די אויפגעבלאָזענע גדלות ביי יידן. ווייל זיי זיינען שטענדיק געיאָגט און דערנידעריקט, ווי נאָר זיי קומען צו זיך און הייבן אָן צו באַגליקן — תּיכּף הייבן זיי אָן זיך וואַרפן אין די אויגן, ווילן אַלעמען איבעראַשן מיט זייער גלאַנץ און רייכקייט. דאָס דערוועקט נאַטירלעך גרויס קנאה ביים המון. אין אַמאָלי־קע יאָרן אָבער — דערציילט דער פאַרפאַסער, — האָבן די יידן זיך גע־האַלטן מיט גרויס עניוות, ווייל זיי האָבן געדענקט, אַז זיי זיינען גרים, פרעמדע אין לאַנד. זייער הלבשה איז געווען אָרעם און איינפאַך, האָבן זיי זיך דערפאַר ניט געוואָרפן אין די אויגן און ניט געוועקט צו זיך קיין קנאה און שנאה; האָט מען טאַקע דערפאַר דעמאָלט אויך פון עלילת־דם ניט געוווּסט. 2) די צווייטע סיבה, דאָס זיינען די גרויסע רייכטימער, וואָס געוויסע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן אָנגעזאַמלט. דורך הלוואות און גרויסע פּראָצענטן האָבן זיי אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט כּמעט דריי פערטל פון אַלע ערדגיטער אין לאַנד. 3) די דריטע סיבה איז דאָס אָפּגעזונדערטקייט פון די יידן און זייערע מנהגים, מיטן עסן און טרינקען.

אבן ווערגאַ פאַרדעקט ניט די חסרונות, וואָס ער זעט ביי יידן; ער ווייזט אָן ווי שטאַרק אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז להוט נאָך געלט, און ער באַמערקט דערביי מיט גרימצאָרן, אַז „די דאָזיקע יידן פאַרגעסן לחלוטין אין זייער אמונה, ווי נאָר עס שמעקט מיט אַ פאַר־דינסטל" (אין ליהודים דת בדבר שיש בו תועלת) אויז טאַקע דערביי רעדט דער בעל „שבט יהודה" מיט גרויס התפּעלות וועגן דעם יידישן קיבוץ, וואָס איז זיך מיט אַזאַ באַגייסטערונג מוסר־נפש אויף קידוש־השם; און אבן ווערגאַ שטרייכט אונטער, ווי שטאַרק ס'איז דער גייסטיקער פאַרבאַנד צווישן אַברהם אָבינו און דעם דור פונם גרויסן גירוש, וואָס זיינע קינדער גייען שטאָלץ אויף די שייטערהויפנס און זיינען זיך מוסר־נפש פון גאָטס נאָמען וועגן.

„די יידן — לייענען מיר אין „שבט יהודה״ — זיינען ווי אַ ברענענ־דיק ליכט: בעת עס ווערט אין אייגענעם פלאַם פאַרניכטעט, באַלייכט עס פאַר די אַנדערע דעם וועג״ [1].

זאָלן זיין די ליידן, וואָס יידן האָבן אויסצושטיין, זיינען אַ געצאָלט פאַר זייערע זינד קעגן גאָט און קעגן מענטשן — די ליידן זיינען אָבער אַזוי אומדערטרעגלעך און דויערן אַזוי שרעקלעך לאַנג. „ווען־זשע וועט שוין נעמען אַ סוף צו די צרות?״ — פרעגט מיט ווייטאָג דער בעל „שבט יהודה״. און דער יינגערער אָבן ווערגאַ, יוסף בן שלמה, פאַרענדיקט די כראָניק פון זיין פאָטער מיט פאָלגנדיקן הארציקן געבעט: „דו גאָט דו הייליקער! דו זעסט, ווי אונז פאַרצערט דאָס פייער פון אומאויפהערלעכע צרות און ליידן! אויסוואָרצלען ווילן אונזערע שונאים דעם לעצטן רעשט פון יעקבן, שטאָק־פינסטער אַרום אונז, אויסגעלאָשן איז דער לעצטער פונק, ביז צו דער לעצטער גרענעץ שוין דערגאַנגען. עס גייען אויס די לעצטע כוחות, ביים לעצטן צאַפּל די נשמה... דו גאָט אין הימל! דו האָסט אויף אונז געשיקט אַ גירוש נאָך אַ גירוש, מיר האָבן אַלץ געזאָגט: דאָס איז אַ שטראָף פאַר אונזער זינד — אָט באַלד וועט אונז גאָט באַ־וויליקן און אויפלייכטן וועט אונזער טאָג! און זע — נייע צרות זיינען איבער אונז געקומען! אויף באַגינען האָבן מיר געהאָפט — און מיר טאַפּן אין דער פינסטער! ווילדע חיות רינגלען אונז אַרום; וועלף און לעמפּערטן יאָגן אונטער אונז... גאָט דו אַלמעכטיקער! זע, ווי אַלץ אַרום איז אויפגעשטאַנען קעגן אונז: אַפילו די שטערן אין הימל פירן מיט אונז מלחמה, די ערד וואַקלט אונטער אונזערע טריט; ניטאָ קיין שטיין אין וואַנט, וואָס זאָל איבער אונז ניט פאַלן, יעדער שפּענדל פון אַ בוים, יעדער גרעזעלע און זעמדל אויפן וועג, אַפילו קינדער אין די וויגן, וואָס קאָנען נאָך „טאַטע״, „מאַמע״ ניט ברענגען אויף די ליפּן — אויך זיי זיינען צווישן אונזערע שונאים... דו, אל רחום וחנון! ווי קאָנסטו צוזען דיין פאָלק אין אַזעלכע ליידן? טו בליקן פון דיין הייליקן רו אויף אונזער גרויסן בראָך — גיך טו פאַרשפּרייטן איבער אונז דעם מאַנטל פון דיין גענאָד. העלף אונז פון דיין נאָמען וועגן דערזען דעם טאָג פון גאולה! דערפיל וואָס גיכער, וואָס האָסט דיין נביא פאַרקינדיקט!..״

אַ גאַנץ באַזונדער אָרט פאַרנעמט צווישן די יידישע געשיכטלעכע כראָניקעס פון 16טן י״ה דאָס ווערק פונם פּאָרטוגעזישן מאַראַן אוסקע „אַ טרייסט צו ישראלס ליידן״ (Consolaçam tribulaçoens de Israel).

---

1 דאָרטן, 117: „הנה היהודים כמו האבוקה הדולקת ששורפת ומכלה את עצמה ומאירה לאחרים״.

דאָס דאָזיקע ווערק אונטערשיידט זיך ניט נאָר מיט זיין שפּראַך (ס׳איז געשריבן אויף פּאָרטוגעזיש), נייערט אויך מיט זיין פאָרם. ס׳איז פּאָעטיש ניט קיין כראָניק, נאָר אַ פּאָעמע, רייך מיט פּאָעטישע בילדער, געשריבן אין הויך פּאַטעטישן סטיל[1]. וועגן דעם לעבן פון דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער פּערזענלעכקייט האָבן מיר גאַנץ קנאַפּע ידיעות. עס איז בלויז באַקאַנט, אַז ער האָט צוזאַמען מיט פילע אַנדערע מאַראַנען געפונען שוץ אין פערראַ, וווּ עס האָט רעגירט דער אויפגעקלערטער מירשט עסטאַ. ענדע פופציקער יאָרן פונם 16טן י״ה איז אוסקע אַוועק קיין צפת, וווּ ער איז באַלד געוואָרן אַ מיטגליד פונם דאָרטיקן מקובלים־קרייז. אַ מענטש מיט הויכער בילדונג און מיט אַ פּאָעטיש פילנדיקער נשמה, האָט אוסקע געוואָלט קומען צו הילף זיינע ברידער, „שטאַרקן די הערצער פון די געפאַלענע — ווי ער זאָגט אַליין אין דער הקדמה צו זיין ווערק — בכדי זיי זאָלן מוטיק קאָנען אויסשטיין אַלע נסיונות צוליב דער אמונה פון זייערע אָבות״. צו דעם צוועק האָט ער זיין פּאָעמע געשריבן, וווּ ער שילדערט אין פּאָעטישע בילדער די ליידן פון זיין פאָלק און פּרוּווט אויפדעקן די סיבות פון די שטענדיקע רדיפות און גזירות. די פּאָעמע איז איינגעטיילט אין דריי געשפּרעכן, וואָס ווערן געפירט צווישן דריי פּאַסטעכער: יאַקאָבאָ (יעקב), נומעאָ (נחום) און ציקאַרעי (זכריה). דער ערשטער פּאַסטעך איז דער סימבאָל פונם יידישן פאָלק און מיט זיין מויל רעדט דער פאַרפאַסער גופא. יעקב באַקלאָגט די צרות, וואָס ס׳האָבן נעבעך געהאַט אויסצושטיין די „יידישע שאָף״ צווישן די פעלקער, וואָס זיינען ווי אמתע וועלף, אין לאַנגן משך פון פילע דורות, זינט די ציטן פון רוים ביז די דייטשן און שפּאַניער אינם מיטלאַלטער. יעקבס צוויי חברים פּרוּוון אים טרייסטן; זיי ווייזן אָן, אַז די ליידן, וואָס דאָס יידישע פאָלק שטייט אויס, איז דאָך די טעסט, וואָס רייניקט און לייטערט אים; ער איז דער אומשולדיקער קרבן, וואָס ליידט פאַר אַנדערע; קומען וועט אָבער די גאולה, און גרויס און אָן גרענעץ וועט זיין די פרייד, דערפילט וועט ווערן, וואָס די נביאים האָבן פאַרשפּראָכן. אין די ערשטע צוויי

---

1 מיר האָבן זיך באַנוצט ניט מיטן אָריגינאַל (ווייל זיין שפּראַך איז אונז ניט פאַרשטענדלעך), נאָר בלויז מיט די פראַגמענטן אין דער דייטשער איבערזעצונג, וואָס שטיינשניידער („פעסטשריפט צ. צענצן שטיפטונגס־פעסט דעס אַקאַדעמ. פעריינס פיר ייד. געש. אונד ליטער.״, 38—77), גריף און קייזערלינג האָבן בשעתם פאַרעפנטלעכט. שטיינשניידער האָט אַפילו מודיע געווען (דאָרטן 77, 33), אַז ביי אים איז פאַרטיק צום דרוק אַ פולשטענדיקע דייטשע איבערזעצונג פון אוסקעס פּאָעמע מיט אַ היסטאָריש־קריטישן אַריינפיר און פילע באַמערקונגען. די איבערזעצונג האָט ער אָבער, ווי עס שיינט, ניט פאַרעפנטלעכט.

שמועסן ווערט דערציילט וועגן דעם ליידנס־וועג פון די יידן אין דער ביבל־תקופה ביז חורבן בית שני, אין דריטן שמועס — די שרעקלעכע רדיפות, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין אינם מיטלאַלטער ביז גירוש שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. אַלס קוועלן פאַר זיין היסטאָרישן איבערבליק באַנוצט אוסקע: יוסף פלאַוויוסעס ווערק, די אַפּאָקריפישע ביכער חשמונאים א׳ און חשמונאים ב׳, דאַן אויך לאַטיינישע, פראַנצויזישע און שפּאַנישע היסטאָריאָגראַפן, באַזונדערס דעם שפּאַניער אַלפאָנזאָ די־ספּינאַ, דעם פאַרפאַסער פון „Fortalitium fidei" (די פעסטונג פאַר אמונה). און די דאָזיקע טרוקענע, אויס פאַרשיידענע קוועלן צונויפגעקליבענע באַריכטן און ידיעות, ווערן ביי אונזער דיכטער מגולגל אין פאַטעטישע בילדער, באַהעפט און צונויפגעשמאָלצן דורך דעם דיכטערס טראַגישן פּאַטאָס, אָנגעזאַפּט מיט צער און צאָרן. „וווּהין זאָל איך מיך ווענדן, — רופט אויס דער פאַסטעך יעקב, וואָס טרויערט וועגן זיינע צעזייטע און צעשפּרייטע טשערעדעס, — ווי קאָן איך געפינען היילונג פאַר מיינע ווונדן, זאַלב פאַר מיינע ליידן און טרייסט פאַר מיין פאַרמאַטערטער נשמה? אוי, אייראָפּע, אייראָפּע! דו — מיין גיהנום אויף דער וועלט! מיט וואָסערע ווערטער קאָן איך דיך באַגריסן, אַז אַלע דיינע נצחונות האָסטו באַשיינט מיט מיינע אומגעקומענע און טויט דערשלאָגענע? ווי קאָן איך דיך לויבן, דיך — מיט לאַסטער איבערפולטע, קריגעריש איטאַליע? דו האָסט דאָך ווי אַ הונגעריקע לייבין מיינע שאָף פאַרצוקט! פאַרפלוכטע טעפּעס פון פראַנקרייך — מיינע לעמעלעך האָבן זיך געפיטערט מיט אייערע פאַרגיפטעטע געוויקסן! דו שטאָלצע, דו ווילד־בערגיק דייטשלאַנד! מיינע קינדער האָסטו געטאָן שליידערן פון די הויכע שפּיצן פון די פאַרברוגזטע אַלפּן! און דו צבועקיש־פאַלשע און הויכע שפּיצן פון די פאַרברוגזטע אופּן! און דו, צבועקיש־פאַלשע און טרעטן מיינע בעסטע טשערעדעס!..."

און אוסקע, דער מאַראַן, וואָס איז מיט מסירת־נפש אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציעס שאַרפע נעגל, רעדט מיט ברענענדיקן האַס וועגן אָט דער שרעקלעכער אין בלוט און אומשולדיקן־שלעכער אַכזריות איינגעטונקטער אינסטיטוציע. „פון רוים שטאַמט דאָס דאָזיקע אומגעהייער מיט זיין טייוולאָנישן פּרצוף און אימהדיקע בליקן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק אויף גאַנץ אייראָפּע. אויס אייזן און שטיין איז עס געפאָרמט, אָנגעזאַפּט מיט סם און שלאַנגען־גיפט און באַדעקט מיטן פּאַנצער פון שמאַרקסטן שטאָל. מיט זיינע טויזנטער בליי־שווערע פליגל האָט ער די ערד באַדעקט... צו דעם דראַכן־שלאַנג פון די אַפריקאַנישע מדבריות איז דאָס אומגעהייער געגליכן!.. טייכן שוועבל און פייער טוען אויס

זיין מויל פליסן, מיט מענטשן־קרבנות טוט ער זיך נערן. מיט זיין שוואַרצן שאָטן פאַרשפּרייט ער פינסטערניש אין אַלע עקן, וווּהין נאָר זיין פוס טוט טרעטן. ווי העל די זון זאָל ניט שיינען — דאָס אומגעהייער מאַכט אַפּילת מצרים; וווּהין עס טוט זיך ווענדן — אַלץ ווערט טויט און וויסט. פאַרדאַרט ווערן אַלע גראָזן, פאַרטריקנט ווערן אַלע בליטן אויף די ביימער און דאָס פּרוכטבאַרסטע לאַנד ווערט פאַרוואַנדלט אין וויסטן פאַר־טריקנטן מדבר!..

אוסקעס פּאָעמע, וואָס ס'איז דערשינען אין פעראַראַ אין 1552, האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפעה אויף דעם שוין פריער דערמאָנטן טאַלענטפולן געשיכטע־שריבער יוסף הכהן.

ביאָגראַפישע פּרטים גיט וועגן זיך יוסף הכהן גופא אין זיינע ווערק [1]. ער שטאַמט פון אַ ספרדישער פאַמיליע, וואָס האָט געלעבט אין דער שפּאַנישער שטאָט גועטע. נאָכן גירוש, האָט יוסף הכהנס פאָטער, יהושע בן מאיר, זיך באַזעצט אין אַוויניאָן, ווו יוסף האָט אין 1496 צום ערשטן די וועלט דערבליקט. אין פינף יאָר אַרום האָט די גאַנצע משפחה זיך באַזעצט אין גענואַ, ווו דער קליינער יוסף האָט באַקומען די בעסטע ערציונג. אַלס הויפּטפאַך האָט יוסף הכהן שטודירט מעדיצין און מיט דער צייט האָט ער זיך, אַלס פּראַקטישער אַרצט, אַזוי קונה־שם געווען, אַז מען האָט אים איינגעלאַדן אַלס לייב־אַרצט צום באַרימטן דאָזש אַנדרעאַ דאָריאָ. בעת מען האָט די יידן אין 1516 פאַרטריבן פון גענואַ, האָט יוסף הכהן זיך פאַרנומען מיט מעדיצינישער פּראַקטיק. ער האָט זיך אָבער אויך פיל אָפּגעגעבן מיט קהלשע זאַכן. גראָד אין יענער צייט האָט אַנדרעאַ דאָריאָ צוזאַמען מיט קאַרל דעם פינפטן געפירט מלחמה מיט טערקיי און די גענועזישע קריגס־שיפן פלעגן אָפט מאַכן רויבערישע אָנפאַלן אויף די ברעגן פון גריכנלאַנד און אַפריקע און נעמען געפאַנגען פילע אָרטיקע איינוווינער, צווישן זיי איז אויך געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן. יוסף הכהן האָט דאַן צושיקט אַ סך בריוו בכל תפוצות ישראל, געבעטן ביי די קהילות, וואָס גיכער מקיים זיין די מצווה פון „פדיון שבויים", צונויפ־נעמען די נייטיקע סומעס, בכדי אויסצולייזן די געפאַנגענע אויף די קריגס־שיפן [2]. אין 1538, בעת מען האָט אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון דער שטעטעלע נאָווי, האָט יוסף הכהן ווידער זיך באַזעצט אין גענואַ, און אין 1550, אַז ס'איז אין גענואַ אויפסניי אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל

---

1 „עמק הבכא", פּאָרעדע, דאָרטן (93, 94, 102, 103, 106—7, 109). זע אויך: איזיד. לעב אין Rev. d. Etudes Juifs, XVI, 41—44.

2 מער באַריכות וועגן דעם זע: איז. לעב אין ציטירטן אַרטיקל 46—49.

אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון דער שטאָט, האָבן יוסף הכהן, אַלס געניטן אַרצט, איינגעלאַדן צו זיך די איינוווינער פונם שטעטל וואָלטאַדזשיאָ. ער איז אויך דאָרט קיין תושב ניט געבליבן: אין 1567 איז אַרויס אַ באַפעל, מען זאָל אַרויסטרייבן אַלע יידן פון דער גאַנצער גענועזער מדינה. די איינוווינער פון וואָלטאַדזשיאָ האָבן געפּועלט ביי דער מאַכט, דער גירוש זאָל ניט חל זיין אויף דעם אַלטן פאַרדינסטפולן אַרצט; יוסף הכהן האָט אָבער ניט געוואָלט זיין קיין אויסנאַם און ווינען אויס חסד: ער האָט ווידער דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט גענומען און באַזעצט זיך אין קאָסטעלעטאָ, ווו ער איז זייער פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג [1]. ערשט אין 1571 האָט זיך יוסף הכהן ווידער באַזעצט אין גענואַ, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן (ער איז געשטאָרבן אין 1575).

די גרויסע מעדיציניש פּראַקטיק האָט ביי יוסף הכהן דאָך ניט אָפּגעשוואַכט דעם שטאַרקן אינטערעס צו געשיכטע און ליטעראַטור. נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך פיל אָפּגעגעבן מיט פּאָעזיע און עס זיינען אַפילו אויפגעהיט געוואָרן אַ סך לידער, וואָס דער 18—20־יאָריקער יוסף האָט פאַרפאַסט [2]. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז איין ליד, ווו דער יונגער דיכטער, אַלס קינד פון דער רענעסאַנס־תקופה, באַזינגט דריי־און־דרייסיק כּללים פון פרויען־שיינקייט. חוץ זיינע פריער דערמאָנ־טע איבערזעצונגען „ספר האינדיאַ החדשה‟ און „ספר פירנאַנדו קורטיש‟ האָט יוסף הכהן נאָך געשריבן אַ ספּעציעלע אַרבעט וועגן ביבלישע נעמען (ספר פּלס השמות, כל השמות הנמצאים בתנ״ך בסדר א״ב), און וועגן העברעיִשן סטיל [3]. אָבער קונה־שם געווען האָט ער זיך מיט זיינע היס־טאָרישע ווערק, און אַדאַנק זיי איז זיין נאָמען פאַרבליבן אין דער גע־שיכטע פון דער העברעיִשער ליטעראַטור.

בעת יוסף הכהן האָט געוווינט אין וואָלטאַדזשיאָ, האָט ער אין האַרבסט 1553 [4] פאַרענדיקט זיין ווערק „דברי הימים למלכי צרפת

---

1 ז. „עמק הבכא‟, 131.

2 „שירים שחברתי אני יוסף הכהן בבחרותי‟. די דאָזיקע לידער־זאַמלונג און יוסף הכהנס פילע אַנדערע כּתב־ידן געפינען זיך אין דער ביבליאָטעק פון „אַליאַנס איזראַעליט‟ און זיינען באַשריבן אין לעבס פריער ציטירטער אַרבעט. אַ צווייטער מאַנוסקריפּט פון יוסף הכהנס שירים געפינט זיך אין באַראָן גינצבורגס קאָלעקציע (נומ׳ 212: „שירים וחרוזים ותארי שבחים מר׳ יוסף הכהן‟).

3 זע איז. לעבס אַרבעט, 31.

4 אין סוף פון זיין ווערק ווייזט יוסף הכהן אָן: „השלמתיו בסוף חודש חשון שנת וחש עתידות למו‟.

ואוטאָמאַן״ [1]. „עס איז אַלעמען באַקאַנט, — ערקלערט מיט שטאָלץ יוסף הכהן אין דער פאָררעדע צו זיין געשיכטע, — אַז זינט יוסיפון הכהן (יוסף פלאַווי), וואָס האָט באַשריבן די געשיכטע פון דער מלחמה צווישן רוים און ירושלים, האָבן זיך ביי יידן מער קיין געשיכטע־שרייבער ניט באַוויזן, ביז איך, יוסף הכהן, דער געשיכטע־פאָרשער, בין געקומען און פאַרשריבן פאַר אונזערע ברידער לזכרון, וואָס ס'איז געשען אין פאָריקע צייטן״ [2]. און מען מוז מודה זיין, אַז יוסף הכהן האָט מיט אַ גע־וויסן רעכט זיך גליייכגעשטעלט דעם באַרימטן בן־דור פון טיטוס און יוחנן בן זכאי. זינט דעם בעל „מלחמות היהודים״ האָבן יידן טאַקע ניט פאַרמאָגט אַזאַ גלענצנדן געשיכטע־שרייבער, ווי דער בעל „דברי הימים״. אַ מאַן מיט פּאָליטישער בילדונג, אַ טאַלענטפולער און גייסטרייכער דערציילער, איז יוסף הכהן געווען אויך באַשאָנקען מיט אַן אמתן היסטאָ־רישן חוש, און אַדאַנק דעם, זיינען זיינע באַשרייבונגען און אויספירן אין געוויסער מאָס אָביעקטיוו און באַגרינדעט. אַ בקי אין לאַטיין און אין אייראָפּעישע שפּראַכן, האָט יוסף הכהן געהאַט די מעגלעכקייט אויס־צונוצן די פאַרשיידנסטע קוועלן און קריטיש באַלייכטן דעם גאַנצן היס־טאָרישן מאַטעריאַל, וועלכן ער נוצט אויס אין זיין געשיכטע. יוסף הכהן הייבט אָן זיין היסטאָרישן איבערבליק זינט דעם חורבן פון מלכות רומא, און שטעלט זיך דער עיקר אָפּ אויף דער תקופה פון די קרייץ־צוגן און די שפּעטערדיקע דורות. ער גופא האָט צוגעזען דעם עקשנותדיקן היסטאָרישן קאַמף, וואָס די קריסטלעכע פעלקער האָבן געפירט מיט דער שטאַרקער מלוכה פון די אָטאָמאַנער, וועלכע האָבן אויפן חורבן פון דעם ביזאַנץ־קיניגרייך מאַכטמעדם פאָן באַפעסטיקט, און מיט קריגערישער קראַפט נצחונדיק דעם ווייטערן וועג דורכגעלייגט צום האַרצן פון אייראָפּע. אין דעם געשיכטלעכן גאַנג פון דער לעצטער תקופה האָט יוסף הכהן געזען דעם היסטאָרישן קאַמף פון צוויי ריזיקע קרעפטן — פון אַזיע מיט אייראָפּע, פונם איסלאַם מיטן קריסטנטום [3]. און צווישן דיביידע ראַנג־

[1] דער פולשטענדיקער נאָמען פונם ווערק: „ספר דברי הימים למלכי צרפת ומלכי בית אוטומאן התוגר״. די ערשטע אויסגאַבע איז ערשינען אין סאַביאָנעטאַ אין 1554. דאָס ווערק איז איבערזעצט אויף לאַטיין, פראַנצויזיש און ענגליש.

[2] „כה אמר יוסף בן יהושע... יודע כל שער עמי כי לא קם סופר עוד בישראל כיוסיפון הכהן אשר כתב את מלחמת ארץ יהודה וירושלים, חדלו כותבי זכרונות בישראל חדלו, עד שקמתי אני יוסף שקמתי כותב זכרונות בישראל״. (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע).

[3] די שטאַרקסטע מלוכה, וואָס שטייט בראש פון דער קריסטלעכער וועלט, האָט יוסף הכהן געזען אין פראַנקרייך.

לענדיקע וועלטן איז אײַנגעקלאַמערט די דריטע וועלט — דאָס בית ישראל, דאָס „געיאָגטע שעפעלע", דער טרייער טרעגער פון גאָטס וואָרט, דער אָנזאָגער פון דער ליכטיקער גאולה...

אויף אַזאַ אופן פלעכט זיך בײַ אונזער פאַרפאַסער צוזאַמען די אַלגעמיינע געשיכטע מיט דער ייִדישער, מיט דער טרויעריקער באַשרייַבונג פונם ייִדישן „גלות", פון ייִדישע לײַדן און צרות. די אימהדיקע רדיפות און רציחות, וואָס ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין די בלוטיקע טעג פון די מסעי הצלב, רופן אַרויס בײַ אונזער געשיכטע־שרײַבער שטורמישע ווייגעשרייען פון צער און צאָרן. די באַשרײַבונג פון די שרעקלעכע מעשים, וואָס זײַנען געשען אין די ייִדישע קהילות פון דער ריין־פּראָווינץ בשעת דעם ערשטן קרייץ־צוג, פאַרענדיקט יוסף הכהן מיט פּאַלגנדיקע נקמה־דורשטיקע שורות: „זאָגט יוסף הכהן: איצט וועל איך דערציילן, וואָס ס'האָט געטראָפן מיט די באַנדעס צלם־טרעגער, וואָס האָבן זיך געלאָזט קיין ירושלים, די אַלע צרות, וואָס זיי האָבן געהאַט אויפן וועג אויסצושטיין — בכדי ייִדן זאָלן וויסן, אַז אונזער גאָט איז דער גאָט פון נקמה. שווער האָט ער זיי געטאָן שטראָפן און זיך אין זיי נוקם געווען פאַר זײַן פאָלק ישראל. טו איך דערפאַר זײַן נאָמען לויבן און פרייזן איבער אַלע פעלקער!"[1]

אין 1558 האָט יוסף הכהן זיך צום ערשטן באַקאַנט מיט שמואל אוסקעס „Consolaçom". די שיינע פּאָעמע פון דעם „פּאָרטוגעזער" (אַזוי הייסט אוסקע בײַ יוסף הכהן), האָט אויף אים געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם. ער האָט גלייך באַשלאָסן באַשרײַבן לויט אוסקעס מיסטער אין אַ ספּעציעל ווערק די אַלע צרות און גירושים, וואָס ייִדן זײַנען אויסגעשטאַנען זייט די קרייץ־צוגן ביז צו זײַן צײַט. אין צוויי יאָר אַרום, אינם זומער 1560[2], איז שוין געווען פאַרענדיקט אין דער ערשטער רעדאַקציע זײַן „עמק הבכא" (טאָל פון יאָמער). שפּעטער האָט ער צוגעגעבן אַלץ ווייטערדיקע הוספות און אויף אַזאַ אופן האָט ער דערפירט זײַן כראָניק ביז 1575[3].

---

1 „דברי הימים", דף 45, עמ' ב': „למען ידעו בני ישראל כי אל נקמות ד' אל נקמות הופיע עליהם לרעה ולא לטובה וינקם את נקמת עמו ישראל. לכן אודך בגויים ולשמך „אזמר".

2 אינם מאַנוסקריפּט, מיט וועלכן לעב האָט זיך באַנוצט, געפינט זיך דעם פאַרפאַסערס פאָלגנדיקע צושריפט: „ותהי השלמתו ביום הראשון לחודש אלול ש"כ".

3 זע „עמק הבכא" אין לעטעריס אויסגאַבע, 126—135. עפּעס אַן אומבאַקאַנטער שפּעטערדיקער „מגיה" (קאָרעקטאָר) האָט יוסף הכהנס כראָניק דערפירט ביז 1605. דער „עמק הבכא" איז איבערזעצט אין דייטש דורך ווינער (1858) און אויף פראַנצויזיש דורך זשיולען סע (La valee Pleurs, 1881).

דעם ווערק האָט יוסף הכּהן פאָראויסגעשיקט בתור הקדמה אַ ליד, ווו ער ווענדט זיך צום לייענער: „עמק הבכא" הייסט מיין ווערק, און דער נאָמען פּאַסט צום אינהאַלט... ווו קאָן מען אַזאַ אכזר געפינען, ער מעג זיין פון וואָסער ס'איז אומה — ער זאָל לייענען מיין ספר און ניט זיפצן דערביי, ניט וויינען מיט ביטערע טרערן. יעדער ייד דאַרף אים לייענען אין דער טרויעריקער נאַכט, ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן. זאָל ער וויינען און קלאָגן איבער דעם ביטערן גורל פון זיין פאָלק ישראל, זאָל ער זיינע אויגן, צוויי קוואַלן פול טרערן, אין דער הויך אויפהייבן און פרעגן: ביז וואַנען וועט דער פייניקער פייניקן? דערוואַך־זשע, מיין גאָט, מיין גואל, מיין טרייסט! גיך לייז אויס דיין פאָלק פון שאַנד און נויט, גיך שיק אים דעם גואל פון בן־ישים שטאַם!"

אין איין פּרט איז יוסף הכּהנס ווונטש מקויים געוואָרן: אין פילע איטאַליענישע קהילות איז געווען דער מנהג צו לייענען דעם „עמק הבכא" אום תשעה־באב צוזאַמען מיט די קינות.

אין דעם דאָזיקן ווערק זעען מיר האַרמאָניש פאַרבונדן דעם אויפמערקזאַמען פאָרשער און שאַרפזיניקן באַאָבאַכטער צוזאַמען מיטן התלהבותדיקן, טעמפּעראַמענטפולן פּאַטריאָט, וואָס באַוויינט דעם ביטערן מזל פון זיין אומגליקלעך פאָלק. יוסף הכּהן האָט אין זיין „עמק הבכא" זיך באַנוצט ניט נאָר מיט יידישע קוועלן [1], נאָר אויך מיט דייטשע, פראַנצויזישע און לאַטייניש געשיכטלעכע כראָניקעס, מיט סעבאַסטיאַן מינסטערס „Cosmographia", און מיט פילע אַנדערע קוועלן און דאָקומענטן, פון וועלכע ער ברענגט ציטאַטן זייער אינטערעסאַנטע און וויכטיקע באַקאַנטע ידיעות. אינטערעסאַנט איז, למשל, יוסף הכּהנס מעלדונג, אַז נאָכן גרויסן נצחון, וואָס די אַראַבער האָבן אָפּגעהאַלטן איבער די פּערסער אין 690, זיינען פילע אַנטלאָפן אויס פּרס און האָבן זיך באַזעצט אינם לאַנד פון די רוסן, אויך אין דייטשלאַנד און אין שוועדן, ווו זיי האָבן געטראָפן אַ סך אַלטגעזעסענע יידן [2].

יוסף הכּהן איז זייער פאָרזיכטיק בעת ער גיט איבער פאַרשיידענע פּרטים, וואָס קאָנען ניט קאָנטראָלירט ווערן און מען קאָן חושד זיין, אַז

---

[1] אוסקעס פאָעמע (דאָרטן, 62, 64, 67 אאַז"וו); די כראָניקעס פון אליעזר בן נתן און אפרים בן יעקב אויס באָנאַ (דאָרטן, 24, 29, 31), קלונימוס בן קלונימוסעס „אבן בוחן" (דאָרטן, 44, 48) און פילע אַנדערע.

[2] דאָרטן, 9: „וינוסו יהודים רבים מארץ פרס כמפני חרב, ויתהלכו מגוי אל גוי וממלכה אל עם אחר, ויבואו ארצה רוסיא וארץ אַשכנז ושויציאה, ומצאו שם יהודים רבים". אינטערעסאַנט זיינען אויך די פּרטים, וואָס יוסף הכּהן דערציילט וועגן דער הוסיטן־באַוועגונג.

זיי זיינען ניט פריי פון לעגענדארע עלעמענטן 1; ער האלט אבער זייער זעלטן אויס דעם געלאסן־רויקן טאן פונם קאלטן היסטאריאגראף, בעת ער גיט איבער די שרעקלעכע רדיפות, וואס האבן פארוואנדלט דאס לעבן פון די יידן אינם מיטלאלטער אין דעם אמתן „עמק הבכא". די באשרייבונג, וואסערע צרות און רציחות די יידן זיינען בשעת די קרייץ־צוגן אויסגעשטאנען, ווערן ביי יוסף הכהן גאנץ אפט איבערגעריסן אינדערמיט מיט פאטעטישע וויינגעשרייען און צארנדיקע אויסרופן: „העל אלה תתאפק ה׳!" — „דו זעסט דאס אלץ צו, גאט, און שווייגסט? ווער־זשע אויסער דיר וועט אונז קומען צו הילף?" „דו גאט, דו באשעפער פון אלץ, וואס לעבט און אטעמט! זיי זיך נוקם פארן בלוט פון די אומשולדיק־אומגעקומענע קדושים, און אונטער דיין שטול לאז רוען זייערע ריינע נשמות!" „איבער אזא גרויסן אומגליק מוז איך וויינען און פארגיסן טייכן טרערן. קלאגט אויך איר, טעכטער פונם פאלק ישראל! טראגט ניט מער קיין זייד און קיין העלע געוואנטן, צירט אייך ניט מער אין פרעכטיקע קליידער, ווייל פאר אונזער זינד איז צעטראטן די פראכט פון אונזער פאלק. אומעטום, אויף אלע וועגן און שטעגן, ווערט ישראל געיאגט, מען רינגלט אים ארום און לאזט אים ניט קיין רו — געפאלן איז ישראל, שרעקלעך איז זיין נויט!"[2]

דער באשרייבונג פונם בלוט־בילבול אין בלוא [3] גייען פארויס פאלגנדיקע שורות: „זאגט יוסף הכהן: ווי מיין מוטער, וואס זי האט מיך געבוירן! וועגן א גרויסן אומגליק אין פראנקרייך, וועגן א שרעקלעכן בראך אין בלוא מוז איך דערציילן, ווו דער רויבער האט אומגעשטערט זיין בלוטיק ווערק אויסגעפירט!"[4] „זאגט יוסף הכהן — לייענען מיר אין א צווייטן ארט — דער גירוש פון פראנקרייך און דער שרעקלעכער גירוש פון שפאניע — זיי האבן עס אין מיר דערוועקט דעם באשלוס דאס דאזיקע ווערק צו שרייבן. זאלן די קינדער פון ישראל וויסן, וואס אונזערע שונאים האבן מיט אונז געטאן אין זייערע לענדער, אין זייערע שלעסער און פאלאצן! ווארעם קומען וועט דער טאג..."[5] אין דעם דאזיקן פון יוסף הכהן ניט פארענדיקטן זאץ פילט זיך די ווארנענדיקע שטים פון נאך ניט געשטילטער נקמה און צארן — לי נקם ושלם!

---

1 זע צ"ב זייט 100, ווו עס ווערט דערציילט וועגן שלמה מולכוס טראגישן טויט.

2 דארטן, 23, 46, 75, 76, 85 אאז"וו.

3 זע אונזער ווערק, באנד II, 32, 37.

4 „עמק הבכא", 37; „דברי הימים", 57.

5 „עמק הבכא", 87.

ניט אָבער בלויז וועגן געוועזענע שרעקן און אַמאָליקע צרות קומט אוים צו שרייבן דעם בעל „עמק־הבכא". דער פּראָפעסער גופא האָט ביי זיין לעבן צוגעזען, ווי עס שטאַרקט זיך די רעאַקציע אין אי־טאַליע, און אַליין בייגעוועזן די פּינסטערע מעשים פון דעם גיפטיקן שונא ישראל, דעם פּויפּסט פּאַוועל דער פערטער און זיינע מיטהעלפּער; און יוסף הכהן פאַרשרייבט אין זיין ספר הזכרונות די אַלע טרויעריקע גע־שעענישן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פון מיטן 16טן י"ה און זיינען געווען די וואָרנענדיקע אָנזאָגער, אַז די שיינע רענעסאַנס־תקופה גייט אונטער און ברייט פאַרשפּרייטן זיך די שוואַרצע שאָטנס פון דער נאַכט... דערמיט פאַרענדיקט זיך די טרויעריקע כראָניק פון אונזער טאַלאַנטפולן געשיכטע־שרייבער.

אין פילע פּרטים איז ענלעך צו יוסף הכהן אַלס שריפטשטעלער זיין בן־דור אליהו בן אלקנה קאַפּסאַלי. א געבאָרענער אויף דעם אינזל קאַנדיאַ, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער ממשלה פון וועֿ־נעדיק, האָט אליהו בן אלקנה אין עלטער פון 19 יאָר זיך געלאָזט (1508) קיין פּאַדואַ, ווו ער האָט שטודירט די תלמודישע לימודים ביי דעם באַרימטן רבֿ פון יענער צייט ר' מאיר קאַצענעלענבויגן (מהר"ם מפּאַדואַ). אַז ער איז אין יאָר 1524 צוריקגעקומען אין זיין געבורטשטאָט, האָט מען אים דאָרט באַשטימט פאַר דעם ראש־הקהילה און באַלד דער־נאָך אַלס רבֿ הכולל. אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און שאַרפן פרייען געדאַנק, האָט זיך קאַפּסאַלי פאַרהאַלטן גאַנץ קריטיש ניט נאָר צו אָנערקענטע אויטאָריטעטן נייערט אויך צו פעסטע אָנגענומענע מנהגים און זיינע החלטות און פּסקים פלעגן אים ניט זעלטן ברענגען אין סכסוכים מיט די דעמאָלטיקע רבנים און גדולי הדור [1]. ניט אָבער אַלס מרא דאתרי און אַלס פּוסק האָט ער זיך קונה־שם געווען, נאָר אַלס טאַלענט־פולער געשיכטע־שרייבער, אַלס פּראָפעסער פון אַ גלענצנד געשריבענער געשיכטע פון דער טערקישער מלוכה „דבי אליהו", וואָס איז אַ ווערט־פולע קוועלע הן פאַר אַלגעמיינע, הן פאַר ספּעציעל יידישער געשיכטע.

זייער אינטערעסאַנט זיינען די זייטיקע סיבות, וואָס האָבן קאַפּ־סאַלין געבראַכט צום באַשלוס גלייך צוטרעטן צו זיין היסטאָריש ווערק. ער אַליין דערציילט וועגן דעם באַריכות, און בעת מען לייענט קאַפּסאַלים דערציילונג קומט ניט ווילנדיק אויפן זכרון באָקאַטשיאָס באַשרייבונג, אונטער וועלכע אומשטענדן זיין „דעקאַמעראָן" איז באַשאַפן געוואָרן.

[1] וועגן זיין סיכסוך מיטן רב יהודה דעלמעדיגאָ, זע שו"ת ר' משה אלשקר, 179

באַלד נאָכדעם ווי קאַפּסאַלי האָט צוריקגעקערט קיין קאַנדיאַ, האָט דאָרט די פּעסט אויסגעבראָכן און אַ גוואַלטיקן חורבן אָנגעמאַכט. און טאַקע ווי באַקאַטשיאָ בשעתו, גיט אויך קאַפּסאַלי אַ מייסטערהאַפט בילד פון דעם שרעקלעכן גאַסט און זיינע אימהדיקע מעשים [1]. אָט אין די פינסטערע טעג פון טויט און שרעק · האָט עס קאַפּסאַלי אָנגעפאַנגען זיין ווערק צו שרייבן.

„פאַרשטאַרט פון שרעק, — דערציילט קאַפּסאַלי אין שלוסוואָרט — שטענדיק דעם שרעקלעכן גאַסט פאַר די אויגן, וואָס האָט אומברחמנותדיק זיין שניט־אַרבעט געטאָן, הן אונטער דעם מאַנטל פון דער נאַכט, הן ביי דעם העלן ליכט פון דער זון, איז קיינער פון אונז ניט געווען אימשטאַנד באַשעפטיקן דעם געדאַנק מיט אַ וועלכן ס'איז ערנסטן ענין. אַרומגערינגלט פון טויזנטער פרישע קרבנות, האָט יעדער פון אונז געוואַרט, אַז באַלד פאַלט אויך אויף אים דער גורל און עס לויערט שוין אויף אים דער טויט. דעמאָלט האָב איך עס באַשלאָסן דאָס דאָזיקע ווערק צו שרייבן און לייענען עס אינם קרייז פון באַקאַנטע, זייער אומעט, זייער טויט־שרעק צו פאַרטרייבן. אָט דאָס האָב איך באַצוועקט אין יענע שרעקלעכע טעג פון גרויזאַמען דין, חוץ די אַנדערע צילן וועגן וועלכע איך האָב אין מיין הקדמה געשריבן" [2].

און אין דער הקדמה שטרייכט קאַפּסאַלי אונטער ווי באַלערנד די פעלקער־געשיכטע איז, ווי פיל מוסר מען קאָן זיך אויס איר ארויסנעמען. אינם גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע, שטרייכט קאַפּסאַלי אונטער, אַנטפּלעקט זיך אַמבאַלטסטן די וווּנדערבאַרע חכמה פונם באַשעפער, וואָס אין זיין האַנט איז דער גורל פון אַלע פעלקער, ער איז דער דיין און שופט, וואָס זעט צו אַלע מענטשלעכע מעשים, און טוט משפּטן יעדער פאָלק לויט זיין פאַרדינסט. קאַפּסאַלי האָט צוגעזען די וווּנדערגרויסע נצחונות פון די אָטאָמאַנישע חיילות אונטער די סולטאַנען סעלים און סולייםאַן דער פּראַכטפולער, און ווי פילע אַנדערע ייִדישע שריפטשטעלער פון יענעם דור [3] האָט ער אין דעם געזען די אַנטפּלעקונג פון גאָטס ווילן, און באַטראַכט דעם „תוגר", די אָטאָמאַנישע גרויסמאַכט, אַלס גאָטס שטראָף־רוט, וואָס איז אויסגעשטרעקט איבער דעם אין בלוט און זינד איינגעטונקענעם אייראָפּע. „לייענט אויפמערקזאַם מיין

1 „ליקוטים שונים", 18—21.

2 דאָרטן, 28.

8 באַריכות וועגן דעם אין ווייטערדיקן טייל פון אונזער ווערק.

בוך — רופט אוים מיט התפעלות קאפסאלי — נעמט איין אכט, וואָס דאָרט ווערט דערציילט — דעמאָלט וועט איר זען און באַגרייפן, אַז גאָט מיט זיין גרויס חכמה האָט דערגרויסט דאָס דאָזיקע טערקישע פאָלק, גע־שטאַרקט און געמערט זיין מאַכט, פון ווייטע לענדער אים געבראַכט און באַגליקט אים און געבענטשט. דער תוגר — דאָס איז די שטראָף־רוט פון זיין צאָרן, דורך אים טוט גאָט משפטן און באַצאָלן די אַלע פיל־שפּראַכיקע אומות און מדינות, וואָס איבערפולט איז די מאָס פון זייער זינד"[1].

עס איז אויסער ספק, אַז דער גאַנצער נייטיקער געשיכטלעכער מאַטעריאַל איז ביי קאַפּסאַלין שוין געווען אָנגעגרייט פון פריער און נאָר אויף אַזאַ אופן איז צו דערקלערן, וואָס ער האָט באַוויזן זיין גאַנץ ווערק פאַרענדיקט אין משך פון דריי און אַ האַלבן מאָנאַט[2].

בעת קאפּסאַלי דערציילט די געשיכטע פון די אָטאָמאַנען (ביז 1523), גיט ער אַגב איבער זייער ווערטפולע ידיעות בנוגע דער געשיכטע פון די יידן אין טערקיי פאַרן משך פון 1453—1523. אינם צווייטן ספר פון זיין ווערק גיט דער פאַרפאַסער אַן איבערבליק וועגן דעם יידישן קיבוץ אין שפּאַניע, און באַשרייבט דעם גרויסן גירוש אויס שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די קאַפּיטלען, ווו קאַפּ־סאַלי באַשרייבט די ראָלע, וואָס די יידישע הויף־יידן האָבן געשפּילט אין די אַלע אינטריגעס, וואָס זיינען געפירט געוואָרן, בכדי פערדינאַנד און איזאַבעלאַ זאָלן באַשטייגן דעם שפּאַנישן טראָן[3].

קאַפּסאַלים ווערק האָט אויך אַ באַדייטנדיקן ליטעראַרישן ווערט. דער דאָזיקער אין איטאַליע אויפגעצויגענער רב איז געווען באַשאָנקען מיט אַן אמת ליטעראַרישן טאַלאַנט; זיין שפּראַך איז קלאָר און בילדע־ריש, אָן ריטאָרישע מליצות, וואָס זיינען געווען אַזוי באַליבט און אָנגע־נומען אין יענע צייטן. און עס איז אמת צו באַדויערן, וואָס די דאָזיקע אינטערעסאַנטע און טאַלענטפולע ווערק איז נאָך עד־היום ניט געדרוקט בשלימות, און ס'איז באַקאַנט דעם לייענער־פּובליקום בלויז אין ליקוטים

---

1 דאָרטן, 36: „עברו עברו בשערי הספר הלז, פנו דרך ד׳, הביטו אל ספוריו, פקדו נא וראו כי השי"ת בחכמתו ובתבונתו הגדיל והאדיר הגוי הזה התוגרמי פרץ והרביץ בארץ ושלח ד׳ והביאו מארץ מרחקים ויברך ברוך אותו. והתוגר שבט אפו ומטה הוא ביד זעמו למען יפרע על ידו מן האומות והלשונות והמדינות העדינות שנתמעלה סאתם ואֵל דעות ד׳ ולו נתכנו עלילות".

2 לויט דער מעלדונג פונם פאַרפאַסער נופא: „התחלתי הספר הלז בי"ד סיון הרפ"ג והשלמתיו היום כ"ה אלול הרפ"ג ותודות והלל לד׳".

3 זע דאָרטן, 48—66.

(פראַגמענטן), וואָס משה לאַטעס האָט צוריק מיט אַ יאָר 60 פאַר־עפנטלעכט [1].

אויך בלויז אין פראַגמענטן איז פאַרעפנטלעכט (1924) [2] קאַפּסאַלים צווייט היסטאָריש ווערק — די געשיכטע פון זיין מעטראָפּאָליע, פון דער ווענעציאַנער רעפּובליק (דברי הימים למלכות וניציה). דער פאַר־פאַסער באַנוגנט זיך אָבער ניט בלויז מיט איין ווענעדיק — ער גיט אויך אגב ידיעות וועגן אַנדערע שטעט אין איטאַליע. אין אַ באַזונדער קאַפּיטל באַשרייבט ער אויך די רדיפות און בילבולים, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין דייטשלאַנד.

„איך בין מודיע פאָרויס, — ערקלערט קאַפּסאַלי אין „דבי אליהו“ — אַז איך וועל איבערדערציילן בלויז ווירקלעכע געשעענישן, וועגן אויסגעטראַכטע מעשיות וועל איך גאָרניט דערמאָנען, וואָרעם דער אמת איז טייערער פון אַלץ [3]. און קאַפּסאַלי האָט דאָס מאָקע מקיים גע־ווען. ווי פילע אין זיין צייט, איז אויך דער בעל „דבי אליהו“ געווען מיסטיש געשטימט, די קבלה איז ביי אים געווען די „וווּנדערבאַרע חכמה“ (חכמה נפלאה) און דער זוהר — „דאָס געטלעכע און דאָס הייליקע בוך“ [4]. און דאָך, אַדאַנק זיין אמת היסטאָרישן חוש, איז קאַפּסאַלי אין זיינע געשיכטלעכע ווערק ניכטער און קלאָר, אָן אַ שמץ פון מיסטיק און פאַנטאַסטיק. בלויז צום סוף פונם „דבי אליהו“, אין אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג, אונטער אַ באַזונדער קעפּל „כח ה׳“, טרעט שוין אַרויס אויפן פאָדערגרונט ניט קאַפּסאַלי דער היסטאָריקער, נייערט דער ירא־שמים און מקובל. דאָרט רעדט ער באַריכות וועגן שכר ועונש און וועגן „דעות חכמי הקבלה בסוד העיבור“ [5].

פון אַ גאַנץ אַנדערן אַרט און שטייגער איז דאָס היסטרישע ווערק פון קאַפּסאַלים אַ יינגערן בן־דור — גדליהו אבן יחיא, דער באַקאַנטער „שלשלת הקבלה“.

---

1 „לקוטים שונים“, פּאַדוא, 1869. דער אַרויסגעבער האָט זיך באַנוצט מיטן מאַנוסקריפּט, וואָס ס׳געפינט זיך אין דער ווענעציאַנער ביבליאָטעק.

2 דורך נ. פּאָרגעס אין „רעווי ד׳עטיד זשוויף“, ב׳ 79, 28—60. אין כתב־יד איז אויך פאַרבליבן אַ זאַמלונג פון קאַפּסאַלים שו״ת און בריוו, ווו עס געפינען זיך אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן רבנים פון זיין צייט. איינער פון די דאָזיקע בריוו איז פאַרעפנטלעכט אין „לקוטים שונים“, 13—18, און ביי גרעצן (ב׳ VIII, 443).

3 „לקוטים שונים“, 37.

4 „ספר הזוהר הגדול והנורא, ספר הזוהר המופלג“.

5 „לקוטים שונים“, 29: „הספר החמישי יש בו מהברת „כח ד׳“ ושם עוררתי קושית צדיק ורע לו רשע וטוב לו, והזכרתי כל דעות חז״ל האמורים בגמרא א׳ הנה וא׳ הנה בנדון הלז ואח״כ הזכרתי דעות חכמי הקבלה בסוד העיבור“.

גדליהו אבן יחיא איז געבוירן אין 1515 אין דער איטאַליענישער שטאָט אימולאַ, ווּ ס'האָט זיך פריער מיט עטלעכע יאָר באַזעצט זיין פאָטער, דער אונז שוין באַקאַנטער בעל „תורה אור", יוסף בן דוד. גדליה בן יוסף האָט זיינע לערן־יאָרן פאַרבראַכט אין פעראַרער ישיבה; אין 1549 האָט ער זיך באַזעצט אין ראַוויגאָ, פון דאָרט איז ער אריבער־געפאָרן קיין קאָדיניאָל, דערנאָך פאַרבראַכט דריי יאָר אין סאַלאָניקי, און אין 1568 האָט ער זיך צוריקגעקערט אין זיין געבורטשטאָט. ער האָט אָבער ניט לאַנג דאָרט פאַרבראַכט, ווייל אויפן באַפעל פונם פויפסט פיוס דער פינפטער, האָט מען פון דאָרט אַלע יידן אַרויסגעטריבן. גדליה האָט זינט דעמאָלט געפירט אַ וואַנדער־לעבן; געפאָרן איבער איטאַליע פון איין שטאָט אין דער אַנדערער און געהאַלטן דאָרט פּרעדיקן אויף רעליגיעז־וויסנשאַפטלעכע טעמעס. געשטאָרבן איז ער אין אַלעקסאַנדריע אין יאָר 1587. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס גדליה אבן יחיא האָט געפירט אַ נע־ונד־לעבן, האָט ער זיך דאָך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישער טעטי־קייט; ער גופא רעכנט אויס [1] 21 פון אים געשריבענע ווערק, נאָר קונה־שם האָט ער זיך געוועזן מיט איין איינציקן — מיט דעם „שלשלת הקבלה", וואָס ער האָט געשריבן אויף דער עלטער [2] און עס געווידמעט זיין עלטערן זון יוסף.

די נייערע פאָרשער פאַרהאַלטן זיך בכלל מיט גרויס ביטול צום „שלשלת הקבלה", און ערקלערן, אַז אין דעם דאָזיקן ווערק „זיינען צו־נויפגעפלאָכטן אמת מיט שקר, אָנערקענטע פאַקטן מיט אומגלויבלעכע לעגענדעס" [3]. זיי חזרן דאָ פאַקטיש איבער די בייזע ווערטער פונם גע־לערנטן יש"ר מקאַנדיאַ, וועלכער האָט געפסקנט בשעתו, אַז „מען דאַרף גדליה אבן יחיאן קאַטעווען מיט אייזערנע ריטער, ווייל ער האָט זיין ווערק אָנגעפילט מיט שקרים און באָבע־מעשיות" [4]. אַזאַ שטרענגן פּסק האָט אָבער דער בעל „שלשלת הקבלה" געוויס ניט פאַרדינט. דער פרו־מער מחבר ערקלערט אין זיין הקדמה, אַז ער האָט זיך געשטעלט פאַר

---

1 צום סוף ערשטן טייל „שלשלת הקבלה". ווייל ער ווייזט דאָרט אָן, אין וואָ־כער שטאָט יעדעס ווערק איז געשריבן געוואָרן, באַקומט מען דערביי אַ קלאָר בילד וועגן די וואַנדערונגען, וואָס דער מחבר דער נע־ונדניק האָט דורכגעמאַכט.

2 גדליה אבן יחיא האָט צוגעטראָטן צו זיין „שלשלת הקבלה" אין ראַווענע אין 1580.

3 זע גרעץ, באַנד 8; דובנאָוו „Всеобщая история евр.", III, 58.

4 „מצרף לחכמה", דף 7 עמ' א': „והוא צריך לשלשלאות של ברזל שקלקל חבורו בכזביו עד שהאמת שבתוכו אינה נכרת". (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויס־גאַבע פון 1629).

א ציל צו „שטאַרקן די הערצער", בכדי ס'זאָל אין זיי פעסט זיין דער גלויבן, אַז גרויס איז דער חסד פון אונזער גאָט, דעם באַשיצער און היטער פון בית ישראל: „ווען איין מלך לאָזט אויף אונז אויס אַ גזירה און פאַרטרייבט אונז פון זיין לאַנד, געפינען מיר גענאָד אין די אויגן פון אַ צווייטן מלך און מיר געפינען ביי אים שוץ און שטיצע". ער שטעלט זיך די אויפגאַבע „אויפצוּוועקן די ברענענדיקע תשוקה צום בורא עולם", אונטערהאַלטן „דעם פלאַם פון מסירת־נפש לשם שמים, דער מענטש זאָל גרייט זיין זיך מקריב זיין, ליידן די שרעקלעכסטע יסורים און גיין אין פינסטערן גלות פון גאָטס הייליקן נאָמען וועגן" [1]. דער פּראָפעסער איז, אמת, גלייך דערביי מוסיף, אַז ער נעמט זיך פאָר צו דערציילן בלויז וועגן אמתע און באַשטעטיקטע געשעענישן. „זיי וויסן, מיין זון — שרייבט ער אין דער הקדמה, — אַז איך וועל ווי ווייט מעגלעך זיך פלייסן צו פאַרשרייבן אין מיין ספר בלויז פעסטבאַשטעטיקטע פאַקטן און מעשים, און איך שווער דיר, אַז איך וועל ניט דערמאָנען קיין איין נאָמען הן פון יידישע חכמים הן פון די אומות העולם, אויך ניט איין לעגענדע אָדער מעשה, וואָס איך זאָל וועגן דעם ניט האָבן געלייענט אין אַ געדרוקטן ספר צי אין אַ כתב־יד, אָדער געהערט בעל־פה פון אַ בכבודיקן און באַגלויבטן מענטשן [2]. אויב דו וועסט אָבער באַמערקן, אַז עס זיינען אין מיין ספר ערטערווייז דורכגעלאָזט וויכטיקע ענינים, דאַרפסטו דאָך געדענקען וואָסערע שווערע צייטן מיר לעבן איצט איבער, ווען דער מאַנגל אין ספרים איז אַזוי גרויס, זינט מען האָט הויפנווייז פאַרברענט דעם קוואַל פון אונזער וויסן — דעם תלמוד [3], און צוזאַמען מיט אים אויך אַנדערע ספרים". גדליה אבן יחיא האָט ווירקלעך פלייסיק אויסגענוצט אַלע אים צוגענגלעכע יידישע קוועלן, געדרוקטע און ניט געדרוקטע [4], און אויך פילע לאַטיינישע כראָניקן און היסטאָרישע אַרבעטן פון קריסט־

---

1 „להלהיב תשוקת הקורא לקדש שם שמים בכל לבבו ובכל מאודו כאשר עשו שלמים וכן רבים שיסופר ענינם איך מסרו עצמם על קדושת ד' וסבלו יסורים וגליות ובכל זאת לא חטאו ולא נתנו תפלה לאלהים".

2 „הנני נשבע אליך בחיי ראשי שלא אכתוב זכרון שום חכם מישראל או מאומות או שום הגדה ומעשה אם לא ראיתיו בכתב יד או בדפוס אם לא שקבלתיו בעל פה מאנשי אמת שהיה פרקם נאה".

3 וועגן די רדיפות אויפן תלמוד אין איטאַליע, זע אין די וויטערדיקע קאַפּיטלען.

4 דער בעל „שלשלת הקבלה" פאַררופט זיך גאַנץ אָפט: „וראיתי בקונטרוס ישן", „ויגעתי בספרים, בקבלות שבעל פה והקונטרסים הכתובי יד". איינעם פון די דאָזיקע „קונטרסים", מיט וועלכע גדליה אבן יחיא האָט זיך באַנוצט, האָט ד. קויפמאַן פאַרעפנטלעכט אין Revue d. et. juifes, IV, 208—225.

לעבע פאַרשערס [1]. מען מוז מודה זיין, אַז דער בעל „שלשלת הקבלה" פאַרלאָזט זיך ניט בלינד אויף זיינע קוועלן; ער באַווייזט, למשל, אויף אַזוי פיל אַ קריטישן חוש, אַז ער איז מסופק צי איז טאַקע אמת די באַקאַנטע לעגענדע וועגן די „עשרה הרוגי מלכות". גדליה אבן יחיא האָט געהערט וועגן אַ לעגענדע, אַז אינם אַלטן רוימישן געזעצבוך זאָל געבראַכט ווערן אַ דין פונם באַרימטן גר, דעם „אב בית דין" פונם סנהדרין אין ירושלים — אבטליון. האָט דער בעל „שלשלת הקבלה" געזוכט און געניש־טערט אין די אַלטע רוימישע כראָניקן און טאַקע געקומען צום אויספיר, אַז די דאָזיקע לעגענדע איז ניט מער ווי אַ באָבע־מעשה. דאָך דאַרף מען דערביי ניט פאַרגעסן, אַז גדליה אבן יחיא האָט זיך כּלל ניט געשטעלט די אויפגאַבע צו געבן אַ שטרענג היסטאָריש ווערק. זיין כוונה איז דאָך, ווי ער גופא שטרייכט אונטער, צו געבן די „שלשלת הקבלה" פון משה רבנו אָן „ביז היינטיקן טאָג" [2]. עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס דער בעל „שלשלת הקבלה" האָט געהאַלטן פאַר נייטיק איינצושליסן אין דער „קייט פון טראַדיציעס" די אַלע דורך דער מסורה געהייליקטע לעגענדעס און אגדות, וועלכע די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט אַרומגעשפּונען אַרום אירע געליבטע העלדן. און דער פאַרפאַסער לייגט אויך פאָר זיין זון יענער „זאָל זיך פאַרהאַלטן מיט פולן צוטרוי צו דער מינדלעכער מסורה פון די חכמים פונם היינטיקן דור" [3]. אין „שלשלת הקבלה" ווערן טאַקע דערפאַר געבראַכט ניט נאָר אגדות אוים די אַלטע מדרשים, נייערט אויך אַ סך לעגענדעס דירעקט אוים דעם פאָלקס־מויל, אין וועלכע עס פילט זיך נאָך דער לעבעדיקער אָטעם פון פאָלקס־שאַפן. און טאַקע אַדאַנק דעם האָט גדליה אבן יחיאס ווערק אַ גרויסן אינטערעס פאַרן יידישן פאָלקלאָר. דאָס האָט דער „שלשלת הקבלה" אויפגעהיט פאַר אונז גאַנצע אוצרות פון שיינע לעגענדן וועגן די העלדן פון יידישן גייסט: וועגן שלמה גבירול און ר' עמרם, וועגן ר' יהודה הלוי און אברהם אבן עזרא, וועגן דעם רמב"ם און רש"י, וועגן דעם רבנו תם און ר' שמואל חסיד, וועגן ר' אמנון דעם בעל „נתנה תוקף" און ר' יחיאל אוים פאַריז...

גדליהו אבן יחיא באַנוגנט זיך אָבער ניט דערמיט, וואָס ער גיט איבער די „שלשלת הקבלה". בכדי „צו דערקענען די גרויסקייט פון גאָט

[1] מיר באַגעגענען אין „שלשלת הקבלה" גאַנץ אָפט די אָנווייזונגען: „ראיתי בדברי הימים שלהם", אָדער: „כפי שמצאתי בקראָניקי שלהם". דער באַגלויביקסטער פון די אַלע כראָניקער איז, לויט גדליה אבן יחיאס מיינונג, פרא יאַקאָמאָ פלימו דבערגאַמאָ, און דערפאַר באַנוצט ער זיך מיט זיין ווערק אָפטער ווי מיט אַלע אַנדערע.

[2] „וכוונתי בו להודיע שלשלת הקבלה מתורת משה ממרע"ה עד היום".

[3] יש לך להעשית כמוני ולהאמין אל הקבלה על פה מחכמי הדור".

און זיינע מעשים", האלט אבן יחיא פאַר נייטיק צו באַרירן פילע וויכ־טיקע פראַגן וועגן די ספירות און די גלגלים, וועגן סוד העיבור און דעם מהות פון די מלאכי חבלה, וועגן די מלאכים און דעם מענטשנס נשמה, וועגן שדים, כישוף און דיבוקים. וועגן דעם אַלץ ווערט גערעדט אין דעם צווייטן טייל „שלשלת הקבלה", ווו עס ווערן אויך געבראַכט ידיעות וועגן מטבעות, וואָגן און מאָסן; עס ווערט געגעבן אַ היסטאָרישער איבערבליק מכּוח די פעלקער צווישן וועלכע די יידן האָבן געלעבט, און באַשריבן די צרות און רדיפות, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין [1]. פון באַדייטנ־דיקן היסטאָרישן ווערט זיינען באַזונדערס די פּרטים וועגן די גזירות, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אבן יחיאס צייט: דאָס פאַרברענען דעם תּלמוד אין איטאַליע און די באַגרענעץ־געזעצן, וואָס פּוילוס דער פערטער האָט קעגן יידן אַרויסגעגעבן. דער דאָזיקער צווייטער טייל פון „שלשלת הקבלה" איז אויך אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס עס ווערט אין אים גאַנץ בולט אָפּגעשפּיגלט יענע צייט מיט אירע גלויבונגען און אָבער־גלויבן. אַ פייערדיקער פאַרערער פונם „זוהר הקדוש", באַשרייבט אבן יחיא טריי נאָכן זוהר דעם מהות פונם מענטשנס נשמה און די אַלע גלגולים, וואָס זי האָט אויסצושטיין נאָכן מענטשנס טויט. ער גלויבט באמונה שלמה אין כּישוף, אין שדים, מלאכי חבלה און דיבוקים; און דער־ציילט טאַקע דערביי באַריכות, ווי אַזוי אים אַליין איז אויסגעקומען צו פירן אַ שמועס מיט אַ „דיבוק", וואָס איז אַריין אין אַ יונגער פרוי. דאָס כאַראַקטעריסטישסטע איז אָבער דערביי אָט וואָס: בעת אונזער פאַר־פאַסער הייבט אָן צו דערציילן וועגן כּישוף און אַלע מיני מחבלים און ניט־גוטע, עדותט ער זיך אַמייסטנס מיט קריסטלעכע אויטאָרי־טעטן: „וחכמי זולתינו אומרים, און די פרעמדע חכמים זאָגן, שזה הרוח נכנס בגוף ההוא — הוא שד ולא בריה אחרת"; „די אומות דערציילן — איז ווייטער מודיע אבן יחיא, — אַז די אַלע ניט־גוטע זיינען באַשאַפן גע־וואָרן אויף אַזאַ מין אופן: כי ביום שנבראו המלאכים — אין דעם טאָג, ווען די מלאָכים זיינען באַשאַפן געוואָרן, נברא בתוכם מלאך ב' שהיה נקרא לוציפּירו" אאז"וו.

דער באַוווּסטער געלערנטער יעקב בורקהאַרט ברענגט אין זיין „קולטור דער רענעסאַנס אין איטאַליען" פילע אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן „דעם אָבערגלויבן ביי די הומאַניסטן". אַפילו די ראַדיקאַלסטע צווישן זיי, אַפילו די, „וואָס האָבן געקעמפט פאַר אָפּשאַפן דעם אַדל־

---

[1] אַלס קוועלן נוצט דערביי אבן יחיא אויס דעם „שבט יהודה" און יוסף הכּהנס ווערק.

שטאַנד און פאַר מענטשן־גלייכהייט", אויך זיי האָבן געגלויבט ניט נאָר אין די מלאכי חבלה און כישוף־געשפינס, וואָס דאָס מיטלאַלטער האָט געשאַפן — נאָר אויך אין די ניסים און וווּנדער פון דער אַנטיקער וועלט: אין די אַלע מיני ים־סאַטירן, אין טריטאָנען מיט בערד און הערנער און מיט עקן פון אַ פיש אאַז"וו. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אונזער גוטמוטיקער בעל „שלשלת הקבלה" דערציילט, שמיצנדיק זיך דערביי אויף קריסטלעכע קוועלן, וועגן כל המיני ווילדע באַשעפענישן, „וואָס הייסן ביי די אומות העולם מאָנסטרי": וועגן אַ טאָפּלבאַשעפעניש מיט אַ קערפּער פון אַ פערד און אַ צאַפּעגעם קאָפּ, אָדער מיט אַ קערפּער פון אַ לייב און אַ קאָפּ פון אַ מענטשן; וועגן מענטשן מיט דריי שורות ציין און מיט איין פוס, וועגן סאַטירן מיט פערדישע קאַפּיטעס, וועגן גילגולים, וואָס אַ גאַנץ זומער לויפן זיי אַרום אין געשטאַלט פון אַ וואָלף און אַז ס'קומט ווינטער נעמען זיי ווידער אָן די געשטאַלט פון אַ מענטשן. די אַלע ידיעות האָט אבן יחיא, ווי מיר זעען, גענאַשט פון די קריסטלעכע, אַפילו פון „הומאַניסטישע" קוועלן. דאַרף דערפאַר אויך ניט חידושן, וואָס אויך אין יידישע קרייזן, אַפילו אין די געבילדעטע, האָט מען געגלויבט אין כישוף און ניט־גוטע. דעם סולטאַן סוליימאַן דעם צווייטנס לייב־אַרצט, אברהם אבן מיגוש, דער פאַרפאַסער פון אַן אינטערעסאַנט ווערק „כבוד אלהים", האָט אָנגעשריבן אַ ספּעציעלע אַרבעט „עמק השדים", ווו עס ווערן געשילדערט די שדים מיט זייער גאַנץ התנהגות און לעבנס־שטייגער [1]. אַ ספּעציעלע אַרבעט וועגן רוחות און ניט־גוטע האָט אויך געשריבן דער באַקאַנטער מנחם כהן פּורטו [2]. און ווען אין אָנהייב פונם 17טן י"ה (אין 1608) האָט זיך אין איטאַליע געפונען אַ רב אַ פריידענקער, וואָס האָט אָפן דערקלערט, אַז ער גלויבט ניט אין שדים און רוחות, האָט זיך גלייך אַרײַנגעמישט די אינקוויזיציע בכבודה ובעצמה און געסטראַשעט דעם רב מיט דער שווערסטער שטראָף, אויב ער וועט זיך ניט אָפּזאָגן פון אַזאַ „אפיקורסות" [3].

נאָך איין פּרט איז כדאי אָנצומערקן אינם „שלשלת הקבלה". דער דאָזיקער פּרט איז אָבער כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פאַרן „שלשלת הקבלה" אַליין, נאָר פאַר די אַלע היסטאָרישע כראָניקעס, מיט וועלכע מיר האָבן באַקאַנט דעם לייענער אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל. ווי שטאַרק די דאָזיקע ווערק זאָלן זיך ניט אונטערשיידן איינס פון אַנדערן לויט

1 „כבוד אלהים", דף 67, עמ' א.

2 מנחה בלולה, דף 201, עמ' א.

3 ד. קויפמאַן, „מנחת קנאות", 50.

זייער סטיל און כאַראַקטער, זיי אַלע פאַראייניקט איין און דער זעלבער שטריך: עס שוועבן איבער זיי ווי שוואַרצע שאָטנס די זכרונות וועגן די שרעק־געשעענישן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די פאַרטריבענע אויס שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. און אונטער דער השפּעה פון די דאָזיקע זכרונות ווערט אַלץ שטאַרקער די האָפענונג אויף באַלדיקער גאולה, וואָס דער ליכטיקער משיח וועט ברענגען. דער געבילדעטער אַרצט באַנעט די לאַטעס זאָגט אָן די בשורה, אַז דער גואל וועט קומען אין יאָר 1505 [1]. דער בעל „היוחסין", דער קונציקער מאַטעמאַטיקער, פלייסט זיך אין איינעם פון זיינע אַסטראָנאָמישע ווערק אויסצורעכענען דאָס יאָר, ווען משיח וועט בלי־ספק קומען. ער האָט אויסגערעכנט, אַז דאָס וועט געשען אין יאָר 1530 [2]. ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט, דער געלערנטער אברהם זכותא, און גדליה אבן יחיא דערווייזט אין זיין „שלשלת הקבלה" מיט גרויס חריפות אין וואָס נעמלעך זכותאס טעות איז באַשטאַנען, און איצט איז שוין אַלץ קלאָר און דייטלעך: דער „קץ" וועט קומען אין יאָר 1598...

נאָך איין שטריך איז צו באַמערקן אין די אַלע היסטאָרישע כראָניקעס: זייערע פאַרפאַסער גריבלען זיך מיט גרויס ליבשאַפט אין דער ביבלישער אַרכעאָלאָגיע, ווערן ניט מיד צו באַשרייבן די פּראַכט און די שיינקייט פון דעם נאַציאָנאַלן הייליקטום — דעם בית־המקדש אין ירושלים. אינם „שלשלת הקבלה" פאַרנעמט די באַשרייבונג פונם בנין בית־המקדש עטלעכע זייטן. שלמה אבן ווערגאַ ברענגט אין זיין „שבט יהודה" אַן איבערזעצונג אויס אַ לאַטיינישער באַשרייבונג די וווּנדער־פּראַכט פונם בית־המקדש [3], און גדליה אבן יחיאס אַ בן־דור, דער הויף־אַרצט פון די מאַנטואַנער פירשטן גאָנזאַגאָ און פאַרפאַסער פון פילע לאַטיינישע מעדיצינישע ווערק [4], אברהם בן דוד שער־אריה (פּאָרטלעאָנע) — האָט געשריבן אַ ספּעציעל גרויס ווערק „שלטי הגבורים", וווּ עס ווערט מיט אַלע פּרטים באַשריבן דאָס געבוי פון דעם בית־המקדש, זיינע אַלע כלים און דער סדר פון די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס פלעגן דאָרט פאָרקומען.

1 זע פאָגעלשטיין און ריגער, ציט. ווערק, II, 415.

2 עזריה מן האדומים, „אמרי בינה", קאַפּ׳ 43.

3 „שבט יהודה", 95—108: „ראיתי להביא הנה דבר משמח והוא תפארת המקדש ובנינו כמו שמצאתיו כתוב לוירשוריש הגדול כאשר שאל ממנו המלך אלפונצו החסיד, והעתקתי אותו מלשון לאטין אל לשוננו הקודש".

4 אין איינעם פון זיינע מעדיצינישע ווערק, אין „Dialogi tres des aura", ווייזט אברהם בן דוד אָן, אַז די יידן האָבן די ערשטע אָנגעהויבן באַנוצן גאָלד אַלס אַ הייל־מיטל.

אינם „חתימת הספר" [1], ווי דער פּראָפעסער גיט איבער פילע אויטאָביאָגראַפישע פּרטים, ווערט אויך דערציילט ביי וואָסערע אומ־שטענדן ער האָט באַשלאָסן צוטרעטן צו זיין העברעיש ווערק. שטאַרק פאַרנומען מיט מעדיצינישער פּראַקטיק און מעדיצינישע אַרבעטן און פאָרשונגען, איז ער געקומען צו „ביטול תורה", אינגאַנצן אַוועקגע־וואָרפן די יידישע לימודים. אויף דעם עלטער [2], אין יאָר 1605, איז ער שטאַרק פאַרשלאַפט געוואָרן: די לינקע העלפט קערפּער איז ביי אים געליימט געוואָרן. האָט ער אין דעם געזען אַן עונש פאַרן „עלבון של תורה", — וואָס ער האָט די תורה פאַרשעמט; איז ער אַ בעל־תשובה געוואָרן און קראַנקערהייט זיך מיט גרויס התמדה גענומען צו לימוד התורה און אַלס קרבן בכדי מכפּר זיין פאַר זיין „זינד", האָט ער אין משך פון צוויי יאָר פאַרענדיקט זיין „שלטי הגבורים" — איינס פון די ווערטפולסטע ווערק אויפן געביט פון יידישער אַרכעאָלאָגיע [3].

אברהם פּאָרטעלעאָנאָ ווייזט אָן, אַז ביים שרייבן זיין ווערק האָט ער זיך באַנוצט מיט צען שפּראַכן, הן מיט די אַלטע, לאַטיין און גריכיש, הן מיט די נייע — פראַנצויזיש, איטאַליעניש א"אַ. אַ בקי אין דער אַנטיקער ליטעראַטור, שטרייכט דער פּראָפעסער אונטער, אַז די חכמי התלמוד האָבן זיך פיל באַנוצט מיט גריכישע ווערטער און אויסדרוקן. ער האַלט דערפאַר פאַר נייטיק צו געבן אין אָנהייב פונם ספר אייניקע כללים וועגן דער גריכישער שפּראַך און סטיל. אין פּאָרטעלעאָנעס ווערק וואַרפט זיך אין די אויגן נאָך פאָלגנדיקער פּרט. אַלס אַמתער מאַנטואַנער, אַלס מקורב ביים פירשט גאָנזאַגאָס הויף, וווּהין, ווי מיר וועלן ווייטער זען, עס האָבן זיך געצויגן פון אַלע עקן איטאַליע יידישע אַרטיסטן און מוזיקער — איז אויך פּאָרטעלעאָנע געווען אַ הייסער ליבהאָבער און גוטער קענער פון מוזיק. בעת ער דאַרף אין זיין ווערק באַשרייבן, ווי אַזוי די לויים האָבן געדינט אין בית־המקדש, באַקענט ער קודם־כל אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל מיט דער טעאָריע פון חכמת המוזיק [4]. דערנאָך פלייסט ער זיך צו דערווייזן, אַז אין דער ביבלישער תקופה איז די קונסט פון מוזיק ביי יידן געשטאַנען אויף אַ באַדייטנד העכערער מדרגה ווי

---

1 דאָס ווערק באַשטייט אויס 90 קאַפּיטלען, און נאָך זיי קומען אַלס ביילאַגע דריי „מגינים" וועגן יידישן רעליגיעזן קולט.

2 אברהם פּאָרטעלעאָנע איז געבאָרן אין יאָר 1542.

3 געדרוקט אין מאַנטואַ אין יאָר 1612.

4 דאָרטן, קאַפּ' 4. דער פּראָפעסער באַנוצט זיך דערביי מיט פילע אַלטע גריכישע און לאַטיינישע קוועלן און אויך מיט נייערע. פּאָרטעלעאָנעס ווערק האָט מען אין אַ צייט אַרום איבערגעזעצט אויף לאַטיין.

אַפילו ביי די גריכן. ער רעכנט אויס 34 מוזיקאַלישע אינסטרומענטן מיט וועלכע די לויים פלעגן זיך באַנוצן אין זייער אָרקעסטער. בעת ער רופט אָן יעדן אינסטרומענט ביי זיין העברעיִשן נאָמען, ערקלערט ער גלייך זיין באַטייט אויף גריכיש, לאַטיין אָדער איטאַליעניש [1].

אָבער אויך דעם דאָזיקן מאַן מיט פּילזייטיקער בילדונג האָט, ווי פילע אַנדערע אין יענער צייט, געפעלט דער היסטאָריש־קריטישער חוש און דורך דעם איז ער געקומען צייטנווייז צו אַזוינע השערות, וואָס שמעקן מיט בטלנות. למשל, אויפן יסוד פון אַ פּסוק אין ספר איוב, ווו עס ווערט באַנוצט דער אויסדרוק „און עס וועט זיין ספר איינגעקריצט ווערן" קומט פּאָרטעלעאָנע צום פעסטן באַשלוס, אַז דער דרוק־וואַרשטאַט איז ביי יידן שוין געווען באַקאַנט נאָך אין איובס צייטן [2].

---

1 דאָרטן, I, קאַפּ' 5—11, II, 108—109.

2 דאָרטן, 183—4: „ואני לא אוכל להתאפק מלדבר תועה על כל החכמים שבדורנו אין נקי שהאמינו היות מלאכת הדפוס דבר חדש, דבר לא היה לעולמים אלא קרוב לק' שנה שעברו כאשר דברו, והם לא ידעו ולא הבינו שמלאכת הדפוס היתה גלויה לנו למאות ולאלפים של שנים... כי הנה איוב... אמר בפירוש: מי יתן בספר ויחקו". אַגב גיט דער פאַרפאַסער אונטערעסאַנטע ידיעות וועגן דעם מאַטעריאַל פון וואָס מען פלעגט אין זיין צייט גיסן די שריפט־אותיות (דאָרטן, 8, 183) און שרייבט אויס רע־צעפּטן, ווי אַזוי צו מאַכן גוטע טינט (דאָרטן, 4, 181).

# פערטער קאַפּיטל

דער פּאַרשפּעטיקטער קאַמף קעגן אַריסטאָס פילאָזאָפיע. — יחיאל אויס פּיזאַ און זיין „מנחות קנאות". — דוד מיסר לעאָנס „תהלה לדוד". — עובדיה ספורנו און זיין „אור עמים"; די ביבל אַלס זיכערסטער קוואַל פאַר וויסנשאַפטן. — די ירידה פונם פילאָזאָפישן געדאַנק. — די שטאָט מאַנטואַ אַלס קולטור־צענטער. — יידישע קינסטלער ביים הויף גאָנזאַגאָ. — „פרויען־פריינד" און „פרויען־קעגנער". — יהודה סומו און דוד מיסר לעאָן. — די משפחה פּראָוואַנסאַל (פּראָווינציאַלי) און דער פאָרשלאָג וועגן אַ יידישן אוניווערסיטעט. — יהודה מוסקאַטו אַלס הומאַניסט און רעדנער; זיין „נפוצות יהודה" און „קול יהודה". — עזריה מן האדומים אַלס גרינדער פון קריטיש־היסטאָרישער וויסנשאַפט. — דער קאַמף קעגן זיין „מאור עינים".

„איך האָב מיך געלאָזט קיין פּאַוויאַ — דערציילט אַברהם פּאַר־טעלעאָנע אין „חתימת הספר" צו זיין „שלטי הגבורים" — און דאָרט אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט (בכנסית הרופאים) שטודירט אַריסטאָס פילאָזאָפיע און די מעדיצין פון די גריכן איפּאָקראַטן, גאַלענון און די שפּעטערדיקע אַראַבישע מעדיצינער". אַריסטאָס פילאָזאָפיע האָט שוין אָבער אין יענער צייט ניט פאַרנומען מער דעם בכבודיקסטן פּלאַץ צווישן אַלע וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלינען, ווי דאָס איז געווען פריער, אין דער גלאַנץ־תקופה פון דער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק. אמת, אויך אין דער רענעסאַנס־תקופה האָט מען נאָך פלייסיק שטודירט אַריסטאָס לאָגיק. און דער גריכישער דענקער האָט נאָך אַלץ געגאָלטן אַלס איינער פון די גרעסטע אויטאָריטעטן אויפן געביט פון נאַטורוויסנשאַפטן; ער איז שוין אָבער מער ניט געווען דער אָנערקענטער מורה־דרך, דער וועגווייזער און לערער פונם לעבן — ניט ביי קריסטן ניט ביי יידן. דערפאַר האָבן אויך די אָרטאָדאָקסן, די היטער פון דער מסורה און יראת־שמים, מער ניט געהאַלטן פאַר נייטיק מלחמה צו פירן קעגן דעם „יוון", דעם גריכישן פּעריפּאַטעטיקער, און זיין אפּיקורסישער תורה. מען האָט שוין מער אין אים קיין געפאַר ניט געזען, זיין שיטה האָט שוין ביי איר אָפּגעשוואַכטער השפּעה ניט געקאָנט דערוועקן די מורא פון „חוטא ומחטיא את הרבים". איר בכבודיקן „מזרח־פּלאַץ" האָבן שוין פאַרנומען אַנדערע אידעען און

שטרעמונגען. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אין משך פונם 16טן י״ה איז פאַרפאַסט געוואָרן בלויז איין איינציק בוך, וואָס פירט נאָך מלחמה קעגן די יידישע אַריסטאָטעליקער אין דעם זעכבן קריגעריש־אויפגערעגטן טאָן, וואָס דערמאָנט אין די וויכּוחים פונם רשב״אס און ידעיה פּנינים צייטן. „מנחת קנאות״ הייסט דאָס דאָזיקע בוך, געשריבן פון יחיאל בן שמואל אויס פּיזאַ, אַן אייניקל פונם באַקאַנטן יחיאל אויס פּיזאַ, וואָס האָט געפירט אַן אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענץ מיט יצחק אַבּרבּנאל[1], און וועמעס טויט (אין 1490) ס'האָבן באַקלאָגט אין גרויסע פּאָעמעס (צו הונדערט טערצינען־סטראָפן יעדע באַזונדער) דער אַסטראָנאָם אבּא־מארי חלפון און אליעזר־עזרא די־וואָלטעראַ[2].

יחיאל בן שמואל [3] איז פריי אַ יתום געבליבן, נאָר זיין געבילדעטע מוטער [4] האָט אים געגעבן אַ זייער גוטע דערציִונג. אַן אָנערקענטער אויטאָריטעט אויפן געביט פון תּלמוד, האָט יחיאל בן שמואל גרינטלעך שטודירט די מיטלאַלטערלעכע פילאָזאָפיע, און געווען אויך בקי אין דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור פון דער רענעסאַנס־תּקופה [5]. אַמנאָענטסטן און ליבסטן זיינען אים אָבער געווען די מיסטיקער און מקובלים, ווי מנחם ריקאַנאַטי אד״גל. אַלס גרעסטער אויטאָריטעט האָט ביי אים געגאָלטן דער רמב״ן. „מיר נייטיקן זיך ניט אין די גריכן — דערקלערט דער בעל „מנחת קנאות״. — וועמעס האַרץ עס גלוסט נאָכן ליכט פון אמת — זאָל ער לייענען דעם גרויסן רמב״נס הקדמה צו זיין פּירוש התּורה. ווער עס וויל מער ניט טאַפּן אין דער פינסטער און פאַרלאַנגט עס זאָלן דערלויכטן ווערן זיינע אויגן — זאָל ער זיך צוהערן צום רמב״נס טיפע ווערטער, וואָס עפענען פאַר אונז דעם קוואַל פונם לעבן״ [6].

1 זע „אוצר נחמד״, II, ווו ס'איז געדרוקט אַברבנאלס בריוו צו יחיאל אויס פּיזאַ, און ד. קויפמאַן אין Revue d. et. juifes, XVI, 100—106.

2 פאַרעפנטלעכט אין Revue d. et. juifes, XVI, 106—110, 227—231.

3 געבאָרן בערך אין 1492. דאָס יאָר פון זיין טויט איז ערשט די לעצטע צייט פעסטגעשטעלט געוואָרן. דוד קויפמאַן האָט פאַרעפנטלעכט (אין רעוו. ד. עט. זשוויף, XXXIII, 84) אַ דאָקומענט מיט דער דאַטע 1574, מיט יחיאל בן שמואלס חתימה. אין דעם יאָר איז ער טאַקע געשטאָרבן, ווייל דער בעל „מאור עינים״ רעדט וועגן אים אינם יאָר 1575 ווי וועגן אַ געשטאָרבענעם („אמרי בינה״, קאַפּ' 3).

4 אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן יחיאלס פאַמיליע ווערן געגעבן אין דוד ראובנים מעמואַרן (זע נייבויערס „סדר החכמים וקורות הימים״, II, 166 א״וו).

5 באַזונדערס אָפט פאַררופט ער זיך אויף די ווערק פון זיין בן־דור אַגוסטינאָ אויס סעסאַ (de Sessa).

6 „מנחת קנאות״, 13, 16, 26, 73, 106: „מי שלבו נשאו לראות באור האמת יעיין בהקדמת ביאור התורה לרב הגדול הרמב״ן... ומי שירצה להסיר מסוה העורון מעל פניו ישגיח בדברי הרב הנחמני... אשר מפּיו אנו חיים״.

א טיף גלויביקע נאטור, א הייסער אנהענגער פון קבלה, איז קיין חידוש ניט, וואס יחיאל אוים פיזא האט געבראכט אין גרוים צארן דער ראציאנאליסטישער געדאנק, וואס פלעגט אפט ארויסגעזאגט ווערן אין דער מיימוניסטישער ליטעראטור, אז די תורה נייטיקט זיך אין דער שטיצע פון דער פילאזאפיע, אז זי מוז ערשט באשטעטיקט ווערן דורך די לאגישע ראיות פונם פארשער־געדאנק. ער איז פעסט איבערצייגט, אז רעליגיע און פילאזאפיע זיינען צוויי באזונדערע מלוכות, וואס קאנקורירן איינע מיט דער אנדערער (כי הם צרות זו לזו). ניט קיין צוויי שוועסטער זיינען זיי פון גלייכן יחוס: איינע איז — מן השמים, א מון גאט אנטפלעקטע, און די צווייטע — א פועל־יוצא פונם מענטשנס באגרענעצטן שכל. האט יחיאל אוים פיזא געהאלטן פאר נייטיק ערקלערן א קאמף די יידישע אריסטאטעליקער, און אלס ציל־פונקט פאר זיינע אנפאלן האט ער אויסגעוויילט דעם באקאנטן ידעיה פנינים „כתב ההתנצלות", וועגן וועלכן מיר האבן גערעדט באריכות אין דריטן באנד 1.

קודם־כל האלט ער פאר נייטיק צו פארזיכערן, אז ער איז כלל ניט קיין קעגנער פון וויסנשאפטן. אדרבה, ער האלט זיי פאר נוצלעך און וויכטיק. ער קעמפט בלויז קעגן זייער פרעטענזיע איבערנעמען צו זיך די גאנצע ממשלה און אז די תורה מן השמים נייטיקט זיך אין זייער הסכמה. אין דער אמתן אבער, בעת דער בעל „מנחת קנאות" פרווט באשטימען די גרענעצן ביז וואנען, לויט זיין מיינונג נאך, די וויסנשאפטן האבן דאס רעכט צו פארשפרייטן זייער ממשלה, זעט מען גלייך ווי מצומצם און נישטיק דער דאזיקער שטח איז. לויט יחיאל בן שמואלס באגריף איז די תורה מן השמים ניט נאר דער מורה־דרך, דער געטלעכער וועגווייזער, וואס פירט צום קוואל פון גליקזעליקייט און אומשטארבלעכקייט, נייערט אויך דער מקור און יסוד פון אלע חכמות (עיקר ושורש לכל החכמות) 2. ער איז איבערצייגט, אז די זיכערסטע ידיעות וועגן דער וועלט־באשאפונג, וועגן דעם מהות פונם וועלטאל און אנטשטייונג פונם קאסמאס — גיבן ניט די נאטורוויסנשאפטן, ניט די פילאזאפיע — נאר בלויז תורת משה. מיט קיין שום פילאזאפישע ראיות —שטרייכט דער בעל „מנחת קנאות" אונטער, — איז מען ניט אימשטאנד קלאר און ענדגילטיק צו באווייזן, אז די וועלט איז באשאפן אלס „יש מאין" — און דאס איז דאך דער יסוד פון דער יידישער אמונה 3. „מיט ריין פילאזאפישער חקירה —

1 דארטן, ז' 121—122.

2 „מנחת קנאות", 10.

3 „ווער עס גלויבט ניט אין חידוש העולם אלס יש מאין — ערקלערט דער בעל „מנחת קנאות" — אין לו חלק כלל בתורת משה וכופר בעיקר".

פאַרזיכערט יחיאל אויס פּיזאָ — איז מען ניט ביכולת צו דערווייזן ניט גאָטס אייניציקייט און זיין פולשטענדיקע רוחניות, און אויך ניט זיין מהות און דעם מהות פון די מלאכים״[1]. דאָס אַלץ באַגרייפן איז דער מענטש אימשטאַנד בלויז מיט דער הילף פון אור התורה הקדושה, ביים ליכט פון אונזער הייליקער תורה, ווו עס זינען באַהאַלטן די טיפסטע סודות אין איר יעדן אות, אין יעדער נקודה און תג[2]. און אַנטפּלעקט דער מענטש אימשטאַנד בלויז מיט דער הילף פון פילאָזאָפישע חקירות, נאָר דורך די געטלעכע 32 וועגן פון חכמת האמת, וואָס ווערט איבערגעגעבן בקבלה פון דור צו דור זינט אברהם אָבינו ביז אונזערע צייטן[3].

און גלייך דערביי, טאַקע ווי אַן אמתער מקובל, לאָזט זיך יחיאל בן שמואל אַריין אין די סודות פון „אצילות״, ווי אַזוי די געטלעכע „מידות״ (ספירות) עמאַנירן (שטראַלן אויס) אויס דער ערשטער קראַפט— דעם מקור פון יעדן זיין.

כמעט אַ דריטל פונם גאַנצן ווערק פאַרנעמט ביי יחיאל אויס פּיזא די פראַגע וועגן דעם מהות פונם מענטשנס נשמה און וועגן דער פּראָבלעם פון השארת הנפש און געטלעכער השגחה[4]. און אויך דאָ פּלייסט זיך דער בעל „מנחת קנאות״ צו דערווייזן, אַז ניט אַריסטו און זיינע מפרשים, נאָר טאַקע בלויז די תורה גיט אַן ענדגילטיקן ענטפער אויף די דאָזיקע הארבע שאלות. „די תורה לערנט אונז, שטרייכט יחיאל אויס פּיזא אונטער, — אַז ניט מיט פילאָזאָפישע חקירות און אַבסטראַקטע באַגריפן (עיון המושכלות) איז פאַרבונדן דאָס פּראָבלעם פון אייביקן לעבן; און ווי ס׳איז ניט צו פאַרגלייכן דאָס ליכט מיט דער פינסטערניש, אַזוי איז ווייט פון דער פילאָזאָפיע די רעליגיע מיט איר לערע וועגן השארת

1 דאָרטן, 36.

2 דאָרטן, 11—12, 108 אאַז״וו.

3 יחיאל באַטראַכט, אַגב, די „מידות״ בלויז אַלס געטלעכע כּלים (המדות שהם כמו הכּלים) ניט אַלס זעלבשטענדיקע הויות (דאָרטן, ז׳ 23—25). ס׳איז אינטערעסאַנט, וואָס די זעלבע אידעען זאָגט אויך אַרויס אַ צווייטער איטאַליענער, טאַקע יחיאל אויס פּיזאָס אַ בן־דור, דוד מיסר ליאון, דער זון פונם באַקאַנטן בעל „נופת צופים״. אין זיין „תהלה לדוד״ פלייסט זיך אויך דוד מיסר לעאָן צו דערווייזן, אַז „אין דער טיפער פראַגע וועגן דעם מהות פון דער גאָטהייט קאָן מען גאָרניט פאַרגלייכן די בעלי המחקר (ד״ה די פילאָזאָפן) מיט די בעלי הקבלה; וואָרעם, ערקלערט מיסר ליאון, אין די דאָזיקע פראַגן האָבן די בעלי הקבלה פיל קלאָרערע באַגריפן (יותר מבוארת) ווי די פילאָזאָפן. זיי, די בעלי הקבלה, דרינגען אַריין אין די פאַרבאָרגנסטע טיפענישן פון דעם געטלעכן פּראָבלעם, בעת די פילאָזאָפן זיינען ווי בלינדע, וואָס הערן בלויז, אָבער זעען ניט״ („תהלה לדוד״, דריטער טייל, ערשטער קאַפּיטל).

4 דאָרטן, 52—90.

הנפש און שכר ועונש" [1]. ווי ביי הלל אוים ווערן אַנע אין ביי די בעלי קבלה, אַזוי פֿאַרנעמט אויך אין יחיאל בן שמואלס וועלטבאַנעם דעם בכבודיקסטן פּלאַץ די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. אויך ער שטרייכט אונטער, אַז דער מענטש, אין דער פּערזאָן פֿון זיין שענסטן פאַרטרעטער — דעם צדיק, איז העכער פֿון די מלאכי השרת און די גלגלים, וואָרעם ער איז דער וויכטיקסטער רינג, וואָס פֿאַרבינדט דאָס ערדישע מיטן הימלישן [2]. און די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט דערפֿילט איר גרויסע אויפֿגאַבע ניט מיט דער הילף פֿון חכמות הטבע, פֿילאָזאָפֿישער חקירה און שכלדיקע חריפות, ניט דורך דעם געדאַנק, נאָר דורך מעשים, דורך אַקטיוון טאָן און דערפֿילן די געבאָטן און מצוות, וואָס יעדע פֿון זיי איז דאָך אַ פֿאַרקערפּערטער געטלעכער סימבאָל, אַ גרונטשטיין פֿאַר דערהויבענע גייסטיקע אַנטפּלעקונגען [3]. און ניט אויפֿן ראַציאָנאַליסטישן שטייגער קאָן מען דעם סוד פֿון די געטלעכע געבאָטן משיג זיין. דאָס איז אַפֿילו ניט אימשטאַנד געווען אַזאַ גאון און גוואַלטיקער דענקער ווי רבנו משה בן מיימון; און אַלע זיינע פּרוּוון אויסטייטשן על־פי דרך השכל די „טעמי המצוות" זיינען, לויט יחיאל בן שמואלס מיינונג, שוואַך און נישטיק (חלושים ונרפּים). אויפֿהייבן דעם פֿאָרהאַנג, וואָס פֿאַרדעקט די וואונדערבאַרע, אין יעדער מצווה פֿאַרבאָרגענע סודות — איז געלונגען, לויט יחיאל בן שמואלס פֿעסטער איבערצייגונג, בלויז דעם איינציקן, דעם „גוואַלטיקן ריז" (הענק הגדול) ר' שמעון בן יוחאי, דעם באַשעפֿער פֿונם זוהר הקודש [4]. און דערפֿאַר טאַקע, שטרייכט אונטער דער בעל „מנחת קנאות", איז אַזוי גרויס די אַלוועלטלעכע ראָלע פֿון דער יידישער אומה, וואָס איז די טרעגערין פֿון גאָטס וואָרט און דערפֿילט טריי אַלע געטלעכע געבאָטן און מצוות. און ווי יוסף אבן יחיא [5], אויף וועלכן ער פֿאַררופֿט זיך טאַקע, פֿאַרזיכערט אויך יחיאל בן שמואל, אַז דאָס אויסדערוויילטע יידישע פֿאָלק איז אַ באַזונדערע גאַטונג פֿונם מענטשלעכן געשלעכט (העם הקדוש הנבחר להיות צורתם מיוחדת ונבדלת משאר המין האנושי). דאָס יידישע פֿאָלק, חזרט יחיאל בן שמואל איבער יהודה הלוים ווערטער, איז „דאָס האַרץ פֿון דער מענטשהייט" (ז' 85), דאָס העכסטע ציל פֿון דער וועלטבאַשאַפֿונג (ז' 89). דירעקט

---

1 דאָרטן, 72, 81.

2 דאָרטן, 73, 84—85.

3 דאָרטן, 11, 85 א"וו.

4 דאָרטן, 109.

5 זע אויבן, ז' 79—82.

פון אונטער דעם כסא הכבוד, אויס דעם אומענדלעכן קוואַל פון ליכט, שטאַמען די יידישע נשמות, און זיי וואַנדערן איבער דער וועלט אונטער אַ ספּעציעלער געטלעכער השגחה [1], און אויסטערליש שיין וועט זיין דער שכר, און ווונדער גרויס וועט זיין די פרייד, וואָס וואַרט אויף די קינדער פון דער אויסדערוויילטער אומה, פאַר די גרויסע ליידן, וואָס זיי שטייען אויס אין גלות, און פאַר דער מסירת־נפש, מיט וועלכער זיי זיינען מקיים גאָטס מצוות און געבאָטן [2]. בלויז די יידישע אומה איז באַשאָנקען מיט דער ווונדערבאַרער מתנה — מיטן רוח הקודש פון נבואה, אָט דעם לעבעדיקן קוואַל פון געטלעכן גלויבן (דאָרטן, 40). און ווי גרויס איז דער טעות, איז דער בעל „מנחת קנאות" מוסיף, פון ידעיה בדרשי און אַנדערע מתפלספים, וואָס גלויבן, אַז מען קאָן אויפן ריין ספּעקולאַטיוו־פילאָזאָפישן אופן דערקלערן דעם מהות פון נבואה. דער וועג פון פילאָזאָפישער חקירה איז פון אונטן אַרויף, פונם פועל־יוצא צו דער סיבה; אַלע דערשיינונגען וויל זי באַגרייפן און דערקלערן בלויז דורך לאָגישע ראיות און מעכאַנישער געזעצמעסיקייט, קומט זי טאַקע דערפאַר אָפט צו גאַנץ פאַלשע החלטות און פאַלט אַריין אין געפלאָנטער פון סתירות. גאָר אַנדערש איז דער וועג פון נבואה: איר וועג — איז דער וועג פון אינטויִטיווער אַנטפּלעקונג; העל ווי דער בליץ שיינט אויף פאַר איר דער גרויסער סוד פון געטלעכן מהות, און דאָס מיט געטלעכן גלאַנץ באַשטראַלטע אויג דרינגט אַריין אין דעם תוך פון אַלע סיבות און דערשיינונגען, וואָס זיינען דאָך אַלע צוזאַמען אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם איינציקן געדאַנק — דעם קוואַל פון אַלע סיבות און אַלץ וואָס ס'איז [3].

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז דער קאַמף קעגן די יידישע אַריסטאָטעליקער איז אין יחיאל אויס פּיזאַס דור געווען אַ ביסל לאחר זמן. וואָרשיינלעך האָט טאַקע דאָס גורם געווען, וואָס דער „מנחת קנאות" איז פאַרבליבן אין מאַנוסקריפּט, און איז ערשט אין דער לעצטער צייט געדרוקט געוואָרן [4]. דערפאַר אָבער האָט גראָד אין יענער צייט געפונען

---

[1] דעם זעלבן געדאַנק חזרט אויך איבער דער פריער דערמאָנטער דוד מיסר ליאון אין זיין „תהלה לדוד" (ז' 14, 35, 85 א"אַ). „ווען אַפילו — ווייזט אָן מיסר ליאון — אַ ייד איז מחלל שבת און לאָזט זיך פאַרפירן פון אַ פרעמדער אמונה — ווערט ער דאָך ניט גלייך צו יענע, ווייל פעסט און שטאַרק איז דער יידישער דת צונויפגעפלאָכטן מיט דער יידישער נשמה און קאָן זיך אויף אייביק ניט צעשיידן" („שהאמונה הישראלית דבוקה בנפש דבוק חזק ומסובך באופן לא תוכל להפרד משם לעולם").

[2] „מנחות קנאות", 81: „כי הטובה והשמחה לישראל ראוי שתהיה להם כפלי כפלים ממה שסבלו עול הגלות וחמצות אשר אין קץ לתכליתם".

[3] דאָרטן, 117—118.

[4] דורך ד. קויפמאַן אין 1898.

אַלץ מער אָנערקענונג דער געדאַנק, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק אונטער־געשטראָכן אין „מנחת קנאות״: אַז ניט נאָר פראַגן וועגן מאָראַל, נאָר אַפילו ריין־וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען ווי, למשל, וועגן מאַטעריע, באַ־וועגונג, וועלטבאַשאַפונג אאז״וו, געפינען זייער ערקלערונג אין די ספרי הקודש אויף אַ פיל קלאָרערן און באַשטימטערן אופן ווי ביי אַריסטון און זיינע תּלמידים. און טאַקע אין איין צייט מיטן „מנחת קנאות״ איז דער־שינען אַ ווערק, וואָס האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט אָט דער דאָזיקער טעמע. דאָס איז דער „אור עמים״ פון עובדיה ספורנו, וואָס האָט אַליין אויך איבערזעצט זיין ווערק אויף לאַטיין און געשיקט עס אַלס מתּנה (אין 1548) דעם פראַנצויזישן קעניג היינריך דעם צווייטן.

עובדיה ספורנו איז געווען איינער פון דעם אַרט „אוניווערסאַל־פּילזייטיקע מענטשן (l'uomo universale), מיט וועלכע ס׳איז אַזוי רייך געווען די רענעסאַנס־תּקופה אין איטאַליע. געבאָרן אין דעם שטעטל צעזענו אין 1475, האָט ער שטודירט מעדיצין אין רוים, און באַלד זיך קונה־שם געווען אַלס באַרימטער פּראַקטישער אַרצט, און אין דער העב־רעיִשער ליטעראַטור פון יענער צייט ווערט ער דערמאָנט אַלס „אביר הרופאים״. ספורנו איז אויך געווען אַ גרויסער בקי אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, אין מאַטעמאַטיק און פילאָזאָפיע. אין באָלאָניע האָט ער געגרינדעט אַ ישיבה, און ער גופא איז טאַקע געווען אַ ראש ישיבה כּל ימיו ביזן טויט (1550). ער האָט געמאַכט אַ ביאור אויף עווקלידס מאַטע־מאַטיק (באור לספר אוקליד), נאָר קונה־שם האָט ער זיך געווען מיט זיינע פּירושים אויף כּתבי הקודש. ער האָט געמאַכט אַ פּירוש אויף גאַנץ תּורה, אויף תּהלים, שיר השירים, קהלת, איוב א״א און אויך אויף פּרקי אָבות [1]. נאָר זיין וועלט־אָנשויונג אַנטפּלעקט ער אין אַ סיסטעמאַטישן סדר בלויז אין זיין פילאָזאָפיש ווערק „אור עמים״.

דער דאָזיקער פילזייטיק געבילדעטער מאַן באַקעמפט אַמאָנט־שיידנסטן דעם פון פילע אָנגענומענעם געדאַנק, אַז די תּורה שטיצט זיך בלויז אויף גלויבן און ניט אויף וויסן [2]. אָט דערפאַר טאַקע, באַקלאָגט זיך ספורנו, די אַלע, וואָס ווילן און קאָנען זיך ניט באַנוגענען בלויז מיטן בלינדן גלויבן, זיי ווילן אויך משיג זיין מיט זייער שכל גאָטס באַפעלן און פאַרבאָטן — האָבן זיי זיך געווענדט צו דער הילף פון פילאָזאָפיע,

---

[1] דער דאָזיקער פּירוש איז געדרוקט אין מחזור רומי (אין יאָר 1540).

[2] „אור עמים״, דף 8, עמ׳ ב׳: „ובאלה יתבאר אצל כל מעיין טעות החושבים שאין בכתבי הקדש דבר מקנה ידיעה, אבל דברים יאמינם המאמין לא שידעם, אשר על זה כל פילוסוף ישחק וכל חולק ילעג למו״ (מיר ציטירן נאָך דער ערשטער אויס־גאַבע פון 1537).

דערהויפּט צו אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע, אין וועלכער זייער פילע ביי אונז, ווי, למשל, דער רמב״ם, האָבן געזען די העכסטע מדרגה פון מענטשלעכער חכמה און וויסן. און דווקא אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע, שטרייכט ספורנו אונ־טער, לייקנט אין זייער וויכטיקע מקורים, וואָס אויף זיי שטיצט זיך די הייליקע תורה. און ספורנו פליסט זיך צו דערווייזן, ווי הן די תורה הן די נביאים לערנען, אַז מען דאַרף זיך ניט באַנוגענען נאָר מיטן גלויבן אַליין, נייערט מען דאַרף אויך פאַרשן און וויסן[1]. און טאַקע די כתבי הקודש באַקאַנען אונז מיט ריין־וויסנשאַפטלעכע אמתן אין אַ פיל מער קלאָרער און איבערצייגנדיקער פאָרם, ווי די פילאָזאָפיע. ספורנו שטעלט זיך דערביי אָפּ אויף די באַקאַנטע 27 אַריסטאָטעלישע ,,הקדמות״, וואָס דאַרפן אויפן ריין־וויסנשאַפטלעכן וועג דערווייזן, אַז די סיבה ראשונה איז אייניציק און פריי פון וועלכן ס׳איז חומר; דערנאָך גייט ער איבער צו דער פּראָבלעם וועגן באַוועגונג, וועגן דעם מהות פון מאַ־טעריע, וועגן פרייען ווילן און נויטווענדיקייט, וועגן געטלעכן וויסן און השגחה, וועגן השארת הנפש און אומשטאַרבלעכקייט. ספורנו איז פעסט איבערצייגט, אַז נאָר די ביבל גיט אָן ענדגילטיקן ענטפער אויף די אַלע פראַגן, אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע אָבער פּלאָנטערט זיך אין סתירות. בלויז אויס דער ביבל, זאָגט ווייטער ספורנו, ווייסן מיר וועגן דער צענטראַלער ראָלע פונם מענטשן אין דעם וועלט־געבוי; נאָר אויס איר ווערן מיר געוואָר, אַז דער גאַנצער חלל פון דער וועלט, אַלע ספערן און גלגלים זיינען געשאַפן בלויז צוליב דעם מענטשן, וואָס טראָגט אויף זיך גאָטס בילד, און איז באַשאָנקען מיטן פרייען ווילן, בכדי ער זאָל קאָנען שטרעבן דעם באַשעפער ענלעך צו ווערן. ,,אָט פאַרוואָס דער צדיק, וואָס דערפילט גאָטס ווילן, איז ביים באַשעפער טייערער פון דער גאַנצער וועלט און אַלע הימלען!״[2] ,,נאָר די געטלעכע תורה, — ערקלערט ספורנו צום שלוס — בלויז זי דערלויבט אונזערע אויגן מיטן אמתן וויסן, וואָס שטיצט זיך אויף די זיכערסטע ראיות, און באַרויִקט אַלע אונזערע ספיקות. און ווי ווייט איז דער דאָזיקער וועג, איבער וועלכן זי פירט אונז, פון די פאַרפּלאָנטערטע שטעגן, וועלכע עס ווייזן אונז די פילאָזאָפן״[3].

---

1 דאָרטן, דף 8, עמ׳ ב׳: „וכאלה רבות בתורה ובנביאים לצוות ולורז על הידיעה והשכל ואין גם אחת מצוה להאמין, וזה באר האל יתברך באמרו לא אמרתי לזרע יעקב תהו בקשוני אני ד׳ דובר צדק מגיד משרים״.

2 דאָרטן, 53—57.

3 דאָרטן, דף 59, עמ׳ ב׳: „אמנם תורת אלהינו תודיע במופתים נכוחים למבין דעות אמתיות ולהתיר הספקות הנזכר, כוננה עלינו מסלול ודרך רב ההבדל מדרך הפילוסופים הנזכר, בו יבוא כל מעיין להכיר רצונו יתהלל, השֵׂכל וידוע נפלאות מתורתנו״.

מען מוז מודה זיין, אַז יחיאל בן שמואלס און עובדיה ספורנוס ווערק זאָגן עדות וועגן אַ געוויסער ירידה פונם פילאָזאָפישן גדאַנק אין יענער צייט. די דאָזיקע פילאָזאָפיש־געבילדעטע טעאָלאָגן זיינען זיך אַזוי מתרעם אויף דער פילאָזאָפיע, ווייל זי וויל מסיג גבול זיין און פאַרשפּרייטן איר שליטה איבער פרעמדע געביטן — און טאַקע זיי גופא האָבן געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּן באַגריף וועגן דער מחיצה, וואָס טיילט אָפּ דעם דת פון פילאָזאָפישער חקירה, און האָבן צונויפגעמישט דאָס געביט פון גלויבן מיטן געביט פון ווּיסן און פרייען פאָרשן. דאָ האָבן אין אַ געוויסער מאָס מיטגעהאָלפן די שטרעמונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געוועלטיקט אין די יידישע און אין די קריסטלעכע קרייזן אין איטאַליע. דאָרט, אין דער קריסטלעכער וועלט, — די שטאַרקע באַגייסטערונג פאַר די נעאָפּלאַטאָניִשע, אויף מיסטיש־טעאָזאָפישן שטייגער צוגעפּאַרבטע אידעען, דער גרויסער אינטערעס צו דער אַנטיקער וועלט מיט איר מיטאָלאָגיע, צו דער לאַטייניִשער רעטאָריק און גריכישער קונסט; און אין דער זעלבער צייט ווערן ביים יידישן קיבוץ אין איטאַליע אונטער דער השפּעה פונם נאָענטן מזרח, פון די אַלטע יידישע קולטור־צענטערס [1] — אַלץ שטאַרקער די מיסטיש־קבלישע שטרעמונגען. דאָס אַלץ האָט עס גורם געווען, וואָס די גייסטרייכסטע און טאַלענטפולסטע פאָרשטייער פונם איטאַליעניִשן יידנטום האָבן אַנטפּלעקט זייערע בעסטע גייסטיקע כּוחות ניט אויפן געביט פון ספּעקולאַטיוו־פילאָזאָפישער חקירה, נייערט אויף אַנדערע געביטן, וואָס זיינען זיי געווען פיל מער צום האַרצן. אין דער הינזיכט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט דער באַדייטנדיקער יידישער קולטור־צענטער אין מאַנטואַ, די רעזידענץ־שטאָט פון דער געבילדעטער הערצאָג־משפּחה גאָנזאַגאַ.

מאַנטואַ איז אין דער רענעסאַנס־תּקופה (אינם 15טן און 16טן י״ה) געווען איינע פון די וויכטיקסטע בילדונג־צענטערס אין איטאַליע. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער הערצאָגלעכער הויף פון מאַנטואַ איז ניט געווען פון די באַזונדערס רייכע, און עס פלעגט ניט זעלטן טרעפן, אַז די הויף־קאַסע איז געווען אינגאַנצן ליידיק — דאָך איז מאַנטואַ געווען דער מיטלפּונקט, וווּהין עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען די גלענצנדיקסטע פאָרשטייער פון דער איטאַליעניִשער רענעסאַנס־קולטור. דאָרט, אינם הויף פון די געבילדעטע גאָנזאַגאָס, פלעגן פאָרלייענען זייערע ווערק אַריאָסטאָ, טאָרקוואַטאָ טאַסאָ, בעמבאָ באַנדעלאָ און אַנדערע [2]. די לאַגע פון דער

[1] מ״ר באַריכות וועגן דעם אינם ווייטערדיקן טייל פון אונזער ווערק.

[2] זע בורכהאַרדט, אין פריער ציטירטן ווערק.

באַדייטנדיקער [1] אַרטיקער יידישער קהילה איז געווען אַ גאַנץ גינסטיקע. „מיר ווינטשן, — לייענען מיר אין דעם הערצאָגלעכן באַפעל פונם יאָר 1545, — אַז די יידן זאָלן אין אונזער שטאָט זיך פאַרנעמען מיט זייערע געשעפטן און מלאָכות, פריי און אומגעשטערט גלייך מיט די קריסטן״. און אַז דער דאָזיקער דעקרעט איז טאַקע דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, זאָגט עדות דער פראַנצויזישער רייזנדער פונם סוף 16טן י״ה, דע־ווילאַ־מאָן (de Villamont). אין זיינע מעמואַרן פאַרצייכנט ער מיט גרויס חידוש: „די יידן אין מאַנטואַ געניסן די גרעסטע פרייהייט און זיי קאָן מען אונטערשיידן פון די קריסטן בלויז אין דעם קליינעם געלן אָדער אָראַנזשן פאַסעקל, וואָס זיי טראָגן אויפן לינקן אַקסל פון זייער מאַנטל״ [2].

די מאַנטואַנער קהילה איז געשטאַנען אויף דער שפיץ פון דער דע־מאָלטיקער איטאַליענישער קולטור און געגומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער הומאַניסטישער באַוועגונג. די יידן אין מאַנטואַ האָבן זיך פיל אָפּגעגעבן מיט קונסט, און אין דעם ערשטן פערטל פונם 16טן י״ה האָבן די יידישע אַרטיסטן זיך דערוואָרבן אַזאַ נאָמען אויף דער איטאַליענישער בינע, אַז דער הערצאָג גאָנזאַגאַ האָט באַשטעלט ביי דער אָרטיקער קהילה זי זאָל אָרגאַניזירן אויס אירע אַרטיסטישע קרעפטן אַ טרופּע פאַר זיין הויף־טעאַטער. די קהילה האָט דערפילט דעם הערצאָגס ווונטש אויפן גלענצנ־דיקסטן אופן; די טעאַטראַלישע טרופּע, וואָס זי האָט אָרגאַניזירט, האָט עקסיסטירט אין משך פון בערך הונדערט יאָר און פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט אין דער געשיכטע פונם איטאַליענישן טעאַטער [3]. אַדאַנק דער דאָ־זיקער טרופּע אין מאַנטואַ געוואָרן דער מיטלפּונקט, וואָס האָט צו זיך צוגעצויגן יידישע מוזיקער און אַרטיסטן פון אַלע עקן און ווינקעלעך אין איטאַליע [4]. אין משך פון עטלעכע צענדליקער יאָרן איז געשטאַנען בראש

---

1 אין דער מיט פונם 16טן י״ה האָט די צאָל יידישע איינוווינער אין מאַנטואַ דערגרייכט 1844; אין יאָר 1596 האָבן דאָרט געוווינט 445 משפּחות (בערך 2200 נפשות).

2 Les Juifs de Mantoue ont une liberté trop grande, parce quils ne sont recogneus entre tous les chretiens sinvu à un petit de passements iaune ou orange quils portent ou coste gauche de lor manteau“. (מיר ציטירן לויט אַלע־סאַנדראַ ד׳אַנקאָנאַס ווערק: Origino del Teatro Jtaliano, II, 409.

3 זע ד׳אַנקאָנאַס אויבן ציטירט ווערק, 398—429, און אונזער אַרבעט אין „יעווריעיסקאַיאַ לעטאָפּיס״, IV, „Еврейский театр в эпоху ренесанса“.

4 זע אונזער אויבן ציטירטע אַרבעט און אויך: ש. בירנבוים, „יידישע מוזיק אַם האָפע פ. מאַנטואַ״.

פון דער יידישער הויף־טרופע א זייער גייסטרייכער און טאַלאַנטפולער רעזשיסער יהודה לעאָנע בן יצחק סומו[1].

יהודה סומו איז געווען א בקי אין דער רבנישער ליטעראַטור[2], און אַלס גוטער העברעיִשער סטיליסט האָט ער אָנטייל גענומען אין דעם אייגנאַרטיקן וויכוח, וואָס ס'האָבן געפירט מיט גרויס היץ די „פרויען־קעגנער" און די „פרויען־שיצער". מיר האָבן שוין אין ערשטן באַנד אָנגעוויזן, אַז ווי נאָר ס'איז דערשינען שבתי דעם „שונא הנשימס" ראָמאַן, איז גלייך ארויסגעטראָטן מיט אַן ענטפער דער „פרויען־פריינד" יצחק, און אין א צייט אַרום דער יונגער דיכטער ידעיה בדרשי. אין איטאַליע, אין דער רענעסאַנס־תקופה, האָט זיך ווידער באַנייט דער אַלטער וויכוח. אונטער דער השפעה פון דער דעמאָלטיקער איטאַליענישער שיינער ליטעראַטור האָט אויך ביי די דאָרטיקע יידן אויפגעבליט א ספעציעלע „פרויען־ליטעראַטור". עס פלעגן פאָרקומען גאַנץ אייגנאַרטיקע טורנירן, און אַלס געווער פלעגט מען זיך אינם געפעכט באַנוצן מיט טערצינען, סטאַנסן, סאָנעטן, עפיגראַמען. דער קעגנער פון פרויען, אברהם אוים סאַרטעאַנו, איז אַרויסגעטראָטן מיט א פאַמפלעט אוים פופציק טערצינען, ווו ער פלייסט זיך צו דערווייזן, אַז די פרוי פאַרדינט ניט קיין אַנדער נאָמען ווי „לילית"[3]. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן דעם פרויען־פריינד אביגדור אוים פאַנו און ער האָט אָפּגעענטפערט מיט א גרויס ליד, אויך אין טערצינען געשריבן, ווו ער באַזינגט מיט גרוים באַגייסטערונג א באַקאַנטע דאַמע אוים פיזא חנה וואַלטערו[4]. אברהם דעם „שונא הנשים" צו הילף איז דאַן אַרויסגעטראָטן דער מקובל אליהו איש יענצאַנו. דער דאָזיקער פאַרביסענער פרויען־פיינד שאַנעוועט ניט אין זיין פאַמפלעט אפילו די אמהות פונם יידישן שטאַם — שרה, רבקה, רחל און לאה, בכדי צו דערווייזן, אַז קהלת איז טאַקע געווען גערעכט מיט זיין טרויעריקן אויספיר, אַז „אשה בכל אלה לא מצאתי" — קיין איין לייטישע פרוי איז ניט צו

---

[1] אין די קריסטלעכע קוועלן הייסט ער da Sommi, אויך Leone Ebreo. אין העברעיִש פלעגט ער זיך חתמענען: יהודה בכ"מ יצחק סומו משער אריה. מער באַריכות וועגן אים זע אונזער אויבן ציטירטע אַרבעט. אין דער נייסטער צייט איז אויסגעפונען און גענוי באַשריבן („מאָנאַטשריפט", 1931, 97—117) יהודה סומוס א העברעיִשע קאָמעדיע „צחות בדיחותא דקדושין", וועגן וועלכער עס וועט זיין די רייד אין דעם זעקסטן באַנד פון אונזער געשיכטע.

[2] סומו האָט געשריבן אַ העברעיִש ווערק „אמרי נועם" (זע עזריה מן האדומים, „אמרי בינה", קאַפּ' 18), וואָס ס'איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

[3] דעם פאַמפלעט האָט נייבויער פאַרעפנטלעכט אין „לעטטערבאָדע", X, 98—101.

[4] דאָרטן, 101—103.

געפינען[1]. אנטקעגן יענצאַנוס גראָבן פּאַמפלעט איז גלייך ארויסגעטראָטן מיט אַ „שבח הנשים'' דער אונז שוין באַקאַנטער פאַרפאַסער פונם „תהלה לדוד'', דוד מיסר ליאון. אָט דער פרומער, זייער פרוכטבאַרער פאַרפאַסער[2], וואָס האָט געפסקנט, אַז דעם רלב''גס „מלחמות ד''' איז ווערט מען זאָל אים פאַר זיינע אפּיקורסישע געדאַנקען אויפן פייער פאַר־ברענען — איז געווען אַ זייער גאַלאַנטער קאַוואַלער און דאַמען־שעצער. זיין דיפּיראַמב „שבח הנשים'' איז אַזוי געפעלן געוואָרן אַן אַנגעזעענער יידישער דאַמע מיטן נאָמען שרה, אַז זי האָט געבעטן מיסר ליאון ער זאָל דער זעלבער טעמע ווידמען אַ גרעסערע אַרבעט. מיסר ליאון האָט דער־פילט די דאָזיקע בקשה אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן אופן: דאָס געווונטשענע ווערק האָט ער פאַרפאַסט אין פאָרם פון אַ פּירוש אויף דעם לעצטן קאַ־פּיטל אין „משלי'', ווו עס ווערן מיט אַזאַ באַגייסטערונג געלויבט די מעלות פון דער „אשת חיל''. דער דאָזיקער „פּירוש'' איז זייער כאַראַק־טעריסטיש פאַר דער באַטרעפנדיקער תקופה. דוד מיסר ליאון, דער פרו־מער רב[3] און הייסער מקובל, איז געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון מוזיק און פּאָעזיע[4], האָט מיט גרוים חשק שטודירט די לאַטייניש און איטאַליענישע דיכטער און אַליין אָפט געשריבן העברעיִשע און איטאַליע־נישע לידער[5]. בכדי צו דערווייזן די גרויסע מעלות, וואָס באַצירן דאָס פרויען־געשלעכט, רעכנט מיסר ליאון אויס אין זיין פּירוש אויף „אשת חיל'' די שיינע מעשים און מסירת־נפש, וואָס באַרימטע פרויען האָבן אין פאַרשיידענע ציטן באַוויזן. אַלס קוועלן באַנוצט דערביי מיסר ליאון ניט בלויז דעם תלמוד און די מדרשים, נאָר אויך די אַלטע רוימישע און

---

1 דאָרטן, 104—105.

2 דעם רייסטער פון מיסר ליאונס פילצאָליקע חיבורים זע: „לעטטערבאָדע", X, 106—111; „תהלה לדוד", דף 97, עמ' א'; „כבוד חכמים", פאָררעדע.

3 דוד מיסר ליאון האָט באַקומען סמיכה צו 18 יאָר. דער לעצטער טייל פון מיסר ליאונס שו"ת־זאַמלונג האָט זיך געפונען אין הרכבי־קאָלעקציע אין דער „אָפּע"־ביב־ליאָטעק אין לענינגראַד. מיסר ליאונס פּסק וועגן דעם מחלוקת צווישן דער פּאָרטוגע־זישער און ספרדישער קהילה אין אַוולאָן האָט פאַרעפנטלעכט ש. בערנפעלד („כבוד חכמים", 1898).

4 דוד מיסר ליאון שרייבט אַליין: „ובפרט מספר החלצה והפואישיאה האהובה אצלי מאוד".

5 אין זיין ווענדונג צו דער אויבן דערמאָנטער דאַמע שרה דערציילט מיסר ליאון: „צפו מי הצרות על ראשי לולי ד' שהיה לי, כי לחמלתו עלי השפיע מהשפע חכמתו ורוח נדבתו ויסמכני עזרני לעשות חבורים רבים... ועשיתי חקירות גדולות בין בתורה בין בפסקות בין בפילוסופיא, גם בחרוזים רבים בלשון עברי ובלשון נצרי בעתות הפנאי" (זע „לעטטערבאָדע", X, 108; „תהלה לדוד", 97; „העבר. ביבל." XII, 33).

נייע איטאליענישע ליטעראטור. פסוקים אויס „שיר השירים" און „תהלים" גייען ביי אים האנט ביי האנט מיט ציטאטן אויס אָווידי און קאטול, און מיט ראיות אויס דאנטע און בעאטריטשע, פעטראַרקע און לאורא. אַט דער העלדין פון פעטראַרקעס דיכטערישן שאפן שענקט מיכר ליאון א ספּעציעלע ארבעט, ווו ער פלייסט זיך צו דערווייזן, אז פילע האָבן א טעות ווען זיי מיינען, אַז די שיינע לאורא איז בלויז א דיכטערישע המצאה פון פעטראַרקעס פאַנטאַזיע. מיסר ליאון ברענגט ראיות, אַז די העלדין פון די וועלט־באַרימטע סאָנעטן איז א רעאַלע פּערזאָן מיטן נאָ־מען לאַבּרעטאַ, וואָס האָט געוווינט אין דער אומגעגנט פון אַוויניאָן [1].

ניט מיט ווייניקער התלהבות, ווי מיסר ליאון, איז ארויסגעטראָטן אַלס פרויען־באַשיצער אויך דער בעל „שלשלת הקבלה", גדליה אבן יחיא. ווי די מיטלאַלטערלעכע ריטער בשעתּם, אזוי פלייסט זיך אויך דער פרומער יידישער היסטאָריקער צו דערווייזן, אַז די פרוי איז באַ־שענקט מיט אַלע מעלות און באַצירט מיט אַלע מתנות פון די שיינע קונסטרייכע מוזעס. אז די פרוי איז פון פיל גרעסערן יחוס ווי דער מאַן, זעט מען שוין, לויט אבן יחיאס מיינונג, אויס דעם פאַקט, וואָס דער מאַן איז אויס שטויב באַשאַפן, די פרוי אָבער פונם מענטשנס ריפּ. זיין סניגור־ווערק פאַרענדיקט אבן יחיא מיט א „laudi delle donne" (א שבח פאַר די פרויען) און רעכנט אויס פילע באַרימטע פרויען פון אַמאָליקע צייטן, וואָס האָבן זיך קונה שם געווען אויף פאַרשיידענע געביטן [2].

אַלס פרויען־פאַרטיידיקער איז אויך אַרויסגעטראָטן דער מאַנטוּ־אַנער טעאַטער־דירעקטאָר, יהודה סומו. אַלס ענטפער אויף די פרויען־פיינדלעכע פאַמפלעטן שרייבט ער זיין „מגן נשים" (פרויען־שוץ). דאָס האָבן אים די קעגנער ניט געקענט מוחל זיין, און איינער פון די „שונאי הנשים", יעקב פאַנו, האָט אָנגעשריבן א בייזערדיקן פאַמפלעט „שלטי הגבורים", ווו ער רעכנט זיך שטאַרק אָפּ מיט יהודה סומו „דעם מאַנטוּ־אַנער" (מנטובאַנו) [3].

אָבער ניט בלויז אויפן געביט פון קונסט, נייערט אויך אויף די פאַרשיידענע געביטן פון וויסנשאַפט האָט די יידישע קהלה אין מאַנטוּאַ געהאַט אירע טאַלאַנטפולע פאַרטרעטער. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז נאָך אין פופצנטן י"ה האָט אין מאַנטוּאַ דער געבילדעטער אַרצט

1 זע: Rev. d. et. juives, X, 94—97.

2 „לעטטערבאָדע", X, 139—147.

3 „לעטטערבאָדע", X, 124—133.

אברהם פּונת געגרינדעט (אין 1476) איינע פון די ערשטע העברעישע דרוקן. דאָרט אויך האָט געשאַפן זיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק יהודה מיסר ליאון (זע אויבן קאַפּ׳ 2) און אינם זעכצנטן י״ה איז דאָרט געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פּרווו צו גרינדן אַ ספּעציעל יידישע אוניווערסיטעט. דער דאָזיקער פּרווו איז ענג פאַרבונדן מיט די נעמען פון די צוויי פאָרשטייער אויס דער געבילדעטער פאַמיליע פּראָווינציאַלי, דוד און זיין זון אברהם. דוד פּרובינצאַלי איז געווען אַ גרויסער בקי ניט נאָר אין ים־התלמוד, נייערט אויך אויף פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע געביטן. די פּירושים און פילאָלאָגישע ווערק, וואָס דוד פּראָווינציאַלי האָט געשריבן, זיינען צו אונז ניט דערגאַנגען, און בלויז וועגן איינעם פון זיי, וועגן זיין „דור הפלגה״, גיט דער באַרימטער עזריה מן האדומים אינטערעסאַנטע פּרטים [1].

מיר האָבן שוין אין איינעם פון די פריערדיקע טיילן אָנגעוויזן, אַז ניט בלויז ביי אונז יידן, נייערט אויך אין דער וויסנשאַפטלעכער קריסטלעכער וועלט האָט געגאָלטן אַלס פעסטגעשטעלטער כּלל, אַז לשון קודש איז די עלטסטע שפּראַך אין דער וועלט, און אויף איר האָבן גערעדט אַלע אומות העולם ביזן „דור הפלגה״. דוד פּראָווינציאַלי פּרווט דאָס וויסנשאַפטלעך באַשטעטיקן דורך דעם באַווייז, אַז אין אַלע שפּעטערדיקע שפּראַכן געפינען זיך זייער פילע עלעמענטן פון דער אַלטער מוטער־שפּראַך, אויף וועלכער די ביבל איז געשריבן. ער רעכנט, אַגב, אויס גאַנצע צוויי טויזנט גריכישע און לאַטיינישע ווערטער, וואָס שטאַמען לויט זיין מיינונג עטימאָלאָגיש אויס העברעיש [2].

אין פרילינג 1564 האָט דוד פּראָווינציאַלי צוזאַמען מיט זיין זון אברהם (אַן אָנגעזעענער אַרצט אין מאַנטואַ) צעשיקט צו די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון די קהילות אַ „קול קורא״ [3], ווו זיי באַקענען מיט זייער פּראָיעקט גרינדן אַ „בית ועד לחכמים״ פאַר יידישע יונגעלייט, זיי זאָלן דאָרט צוזאַמען מיט יידישע לימודים קאָנען שטודירן אויך אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, ווי מעדיצין, פילאָזאָפיע, קאָסמאָגראַפיע, ריטאָריק

---

1 „מאור עינים״, קאַפּ׳ 57.

2 אויס די ביישפּילן, וואָס ווערן געבראַכט אין „מאור עינים״, איז לייכט איינצוזען, אַז פּראָווינציאַלים באַווייזן האָבן, פון איצטיקן שטאַנדפּונקט, קיין שום וויסנשאַפטלעכן ווערט. זיי זאָגן בלויז עדות אויף וואָס פאַר אַ בערך נידעריקער מדרגה די פאַרגלייכנדיקע שפּראַך־פאָרשונג איז נאָך דעמאָלט געשטאַנען.

3 דעם „קול קורא״ האָט צום ערשטן האַלבערשטאַם פאַרעפנטלעכט אינם „הלבנון״, V, נומ׳ 27—29. און גידעמאַן האָט אים איבערגעדרוקט מיט אַ דייטשער איבערזעצונג אין „בערלינער פעסטשריפט״, 164—175.

אאז"ו. אין דער יידישער אקאדעמיע, לייענען מיר אין דעם „קול קורא", דארפן אויך שטודירט ווערן אלטע שפראכן, לאטיין און גריכיש און אויך פילאלאגיע און שרייב־קונסט [1].

נאענטע גוטע פריינד פון דער פאמיליע פראווינציאלי זיינען געווען די באדייטנדסטע פארשטייער פון דער קהילה אין מאנטוא: דער גלענצנדסטער פרעדיקער, וואס דאס איטאליענישע יידנטום פונם 16טן י"ה האט פארמאגט — יהודה אריה בן יוסף מוסקאטו [2], און דער גרעסטער יידישער געלערנטער פון דער רענעסאנס־תקופה, עזריה מן האדומים.

וועגן מוסקאטוס ביאגראפיע זיינען צו אונז דערגאנגען גאנץ ווייניק פרטים. מיר ווייסן בלויז, אז ער איז געבארן אינמיטן די דרייסי־קער יארן פונם 16טן י"ה אינם שטעטעלע אסימו, לעבן אנקאנא. מחמת די רדיפות, וואס די אנקאנער יידן האבן געהאט אויסצושטיין פונם פויפסט פוילום דעם פערטן (אין 1554—1558), האט דער יונגער מוס־קאטו געמוזט פארלאזן זיין היים און זיך באזעצט אין מאנטוא, וווּ ער האט געפונען א זייער פריינדלעכן אויפנאם ביי דער געבילדעטער פא־מיליע מינצי בערעטארו [3]. אדאנק דער דאזיקער פאמיליע האט מוסקאטו געהאט די מעגלעכקייט צו באקומען אן אלזייטיקע בילדונג אונטער דער השגחה פון אברהם פראווינציאלים עלטערן זון, דעם גרינדלעכן מאטע־מאטיקער משה פראווינציאלי [4].

יהודה מוסקאטו איז בלי־ספק איינע פון די אינטערעסאנטסטע פערזענלעכקייטן, וואס דאס איטאליענישע יידנטום פון דער רענעסאנס־תקופה האט פארמאגט. רייך האט אים די נאטור באשאנקען: אן אויס־געצייכנטער סטיליסט מיט א ניצוץ פון אן אמתן דיכטער, א גלענצנדער

---

[1] דער „קול קורא" פארענדיקט זיך מיט פאלגנדיקע פערזן:
קומו בני אל חי ושימו לב לתת פאר והוד לתורת אל
חושו, קנו חכמה, קנו בינה, הרבו חכמים גם בישראל
שלחו בניכם אל מקום תורה, יוקם מבוקשו לכל שואל
בזכות דבר מצוה גדולה זו יקץ וגם יחיש ובא גואל.

[2] וועגן דער אנטשטייונג פון דעם פאמיליען־נאמען מוסקאטו זיינען פאראן פארשיידענע השערות. אבא אפפעלבוים פרווט דערווייזן אין זיין „תולדות יהודה מוס־קאטו", אז דער דאזיקער נאמען שטאמט פונם ווארט „מזכותא", באשר יהודה בן יוסף איז פון דער מוטערס צד געווען דעם באוווסטן אברהם זכותאס אן אוראייניקל.

[3] זע מוסקאטוס בריוו אין אנפאנג „נפוצות יהודה" (ערשטע אויפגאבע).

[4] געבארן אין 1504. נאך זיין טויט (אין 1576) האט זיין תלמיד מוסקאטו גע־מאכט אויף אים א גרויסן הספד (געדרוקט אין „נפוצות יהודה", דרוש ל"ג).

פּרעדיקער, וואָס האָט מיט זיין רעדנער־קונסט אַנטציקט דעם באַרימטן דענקער דזשאָרדאַנאָ ברונאָ [1] — און טאַקע דערביי פול מיט די אַלע סתירות, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער און אויסערגעוויינלעכער תקופה: גרויסע התפעלות פאַר דער אַנטיקער וועלט מיט איר קלאַסישער קונסט — און שטאַרקע התלהבות צו מיסטישע שטרעמונגען; שטורמישער דראַנג נאָך פרייען פאָרשן און וויסן — און קינדיש־נאַיווער גלויבן אין אַלערליי באָבע־מעשיות און מלאכי חבלה; גרויסער אינטערעס צו געשיכטע און אַלטערטום — און אָן דעם מינדסטן קריטישן חוש בנוגע צום היסטאָרישן עבר. מוסקאַטו, דער רב און בעל־דרשן און חשובער ראש־ישיבה, — איז אויך געווען אַ פיינער קענער פון מוזיק [2]. ער האָט פאַרפאַסט האַרציקע תפילות און פיוטים [3], האָט מספיד געווען אין שיינע סטראָפן דעם טויט פונם באַרימטן פוסק, דעם בעל „שולחן ערוך" און „בית יוסף" — יוסף קאַרו [4], און האָט אויך געשריבן עלעגיעס נאָכן טויט פון דער יונגער הערצאָגין אוים סאַוואָיאַ, מאַרגאַריטאַ [5]. פסוקים אוים דער ביבל זיינען ביי אים אין גאַנץ נאָענטער שכנות מיט מעשיות אוים דער גריכישער מיטאָלאָגיע, און צווישן די דברי חז"ל פלעכט ער איין ציטאַטן אוים ציצעראָ, קווינטיליאַן, אָווידי, פיקאָ די מיראַנדאָלאַ, אַריסטו, הערַאַקליט און — אָפּטער פון אַלעמען, אוים דעם „געטלעכן פלאַטאָן" [6]. אַפלאַטונס לערע וועגן די גרונט־אידעען, וועגן דער נשמה פון דער וועלט, וועגן דער געטלעכער אויסשטראַלונג, דינען ביי אים, צונויפגעפלאָכטן מיט אויסדריקן און מימראָס פון יידישע מקובלים, אַלס הויפּט־טעמע פון פילע זיינע דרשות [7]. אָט די דאָזיקע אידעיִשע נאָענטקייט צווישן אַפלאַטונס לערע און די אָנשווינגען, וואָס שפּילן אַזאַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער יידישער מיסטיק, האָט

---

1 זע „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.", VII, 29.

2 זע „נפוצות יהודה", דרוש א׳. מנחם פּורטו זאָגט עדות אין זיין „מנחה בלולה": „ר׳ יודה מוסקאַטו היה אחד מן הגדולים בדורנו בחכמת המוזיקה".

3 באַזונדערס שיין איז זיין תפילה „כאיל תערוג אל אפיקי מים", וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין 1590 בשעת דער גרויסער טריקעניש, ווען אַלע האָבן געגאַרט און געבעטן אויף רעגן (די תפילה איז געדרוקט אין דער סליחות־זאַמלונג „אילת השחר", וואָס די חברה „שומרים לבוקר" האָט אַרויסגעגעבן אין מאַנטואַ, 1612, ז, 161—162).

4 זע „אוצר נחמד", III, 167.

5 אַפּפּעלבוים, ציט. ווו., 57—59.

6 „נפוצות יהודה", דף 35, 37—38, 40, 41, 60, 76, 133, 138, 200, 222 (מיר ציטירן לויט דער ערשטער ווענעציאַנער אויסגאַבע, 1589).

7 אין זיין דרשות־זאַמלונג „נפוצות יהודה".

מוסקאַטו געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך [1], ווייל ער האָט פעסט געגלויבט אין דער אַלטער לעגענדע, אַז אַפּלטון האָט בשעת זיין רייזע איבער מצרים זיך באַקאַנט מיט ירמיהו הנביא און געוואָרן זיין טרייער תּלמיד און פאַרערער [2].

ווי פילע אַנדערע, הין יידישע הין קריסטלעכע געלערנטע, איז אויך מוסקאַטו געווען פעסט איבערצייגט, אַז אַלע חכמות און וויסנשאַפטן שטאַמען פון יידן; און דערמיט פאַרענטפערט ער זיך טאַקע, וואָס ער ציטירט אַזוי אָפט די חכמי אומות העולם און שטיצט זיך אויף זייערע דעות. „דאָס אַלץ — שטרייכט ער אונטער — שטאַמט דאָך פון אונזערע קוואַלן; איך קער בלויז צוריק אונזערע אייגענע אוצרות" [3]. ביי מוס־קאַטון איז אויך קיין שום ספק ניט געווען, אַז די אויפגאַבע פון אַלע וויסנשאַפטן איז „באַדינען" די אמונה, די תּורה מן השמים. און אויך אין דעם באַווייזט זיך גאַנץ בולט די צעשפּאָלטנקייט פון דער דאָזיקער תּקופה, וואָס איז נאָך געשטאַנען ביים שיידוועג, על פּרשת דרכים... מיט גרויס באַגייסטערונג פּרעדיקט מוסקאַטו, אַז פריי דאַרף זיין דעם מענטשנס פאַרשער־גדאַנק און די וויסנשאַפטלעכע חקירה דאַרף ניט וויסן פון צוימען און פאַרבאָטן. „מיר דאַרפן, — ערקלערט ער, — זיך ניט לאָזן איבערשרעקן דורך די שטרענגע ווערטער פון קהלת: גאָט איז אין די הימלען און דו מענטש בלאָנקעסט אויף דער ערד, דערפאַר דאַרפן זיין וואָס ווייניקער דיינע רייד. ניט פאַרשלאָסן זיינען די טויערן פאַר די, וואָס קומען אין גאָטס נאָמען אין דעם געביט פון חקירה. אדרבה, יעדער משכיל איז מחוייב אַריינצודרינגען מיט זיין פאָרשער־גדאַנק ווי ווייט ער איז נאָר אימשטאַנד" [4]. און טאַקע דערביי איז דאָך מוס־קאַטו איבערצייגט, אַז פון די צוויי „גרויסע ליכטער" (המאורות) — די רע־

[1] „נפוצות יהודה", 37—38: „עטיפת אור להבהיק את העולם על פי שיטת אפלטון ותורתנו; ממה שהורגלו דעות אפלטון להתקרב מאוד לדעת חז"ל... ור' יהושע בר' נחמיה מסכים עם דעת אַפלטון". אויף דעם קרבות צווישן אפלטונס שטה און גע־וויסע דעות פון די חכמי התלמוד האָט שוין אָנגעוויזן פאַר מוסקאַטון יחיאל איים פיזאַ („מנחת קנאות", 32, 84).

[2] זע „קול יהודה", פּרק ד', סימ' 3.

[3] „נפוצות יהודה", דף 30, עמ' ב': „ואל תתמה מאשר הורגלתי לשאוב מים מבורות זולתנו, שהרי הם אצלי נוזלים מתוך בארנו. ואם כן מידני הכל ומידנו נתנו לנו, ואם לוקח אני מדבריהם... את מי עשקתי ואת מי רצצתי, לנו המים ולחמנו הם".

[4] דאָרטן, דף 20, עמ' א': „וגם כי יעמוד כנגדנו מאמר קהלת: האלקים בשמים ואתה על הארץ על כן יהיו דבריך מעטים, מכל מקום לא ננעלה דלת בפני הבאים בשם ד' בשער החקירה; אדרבה — הוא מחוייב לכל משכיל שיבדוק עד מקום שידו מגעת".

ליניע און די וויסנשאַפט, שיינט בלויז די ערשטע מיט איר אייגן ליכט; די וויסנשאַפט אָבער, זי לייכט מיט אָפּגעשפּיגלטע שטראַלן — מיט שטראַלן, וואָס זי גנניסט פון דער געטלעכער תורה [1]. דערפאַר טאַקע, פאַרזיכערט מוסקאַטו, קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין, אַז אמתע חכמה זאָל ווען ס'איז קומען אין סתירה מיט דער תורה. אין די אַלע פאַלן, ווען מען באַגעגנט יאָ ביי די וויסנשאַפטלעכע פאָרשער אַזעלכע געדאַנקען, וואָס זיינען סותר די געטלעכע תורה — זיינען אין דעם בלויז שולדיק די „מתפלספים", וואָס האָבן געפעלשט די וויסנשאַפטלעכע ידיעות, וועלכע זיי האָבן געשעפּט פון יידישע קוואַלן [2].

יעדער מוז אָבער געדענקען, חזרט מוסקאַטו איבער, אַז דאָס אמתע אייביקע גליק קאָנען מיר ניט דערגרייכן דורך די, מיט דער הילף פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד, געשאַפענע וויסנשאַפטן (לא נוכל להשיג אושר נצחי באמצעות החכמות האנושיות). „דער שכל הנקנה — דער דורך וויסנשאַפטלעכער חקירה אַנטוויקלטער פאַרשטאַנד, איז די שטאָלצע פאָן, דער העכסטער סימבאָל פון מענטשלעכן פאַרשריט אויפן געביט פון בילדונג; דאָס איז אָבער ניט די אמתע פאָן פון ליבע, וואָס נאָר זי באַשענקט אונזער נשמה מיטן אייביקן לעבן..." [3].

אַ מענטש מיט רייך־אַנטוויקלטע עמאָציעס און מיט אַ ניצוץ פון אַ דיכטער, האָט מוסקאַטו מיט גרויס התלהבות זיך אָפּגעגעבן דער אין פלאַטאָנישן לבוש איינגעהילטן „חכמת הנסתר". די גדולי הדור, די גרעסטע אויטאָריטעטן און די וועכטער פון די טיפסטע סודות — דאָס זיינען אין מוסקאַטוס אויגן די „חכמי האמת", די מקובלים, בראש מיטן באַשעפער פונם הייליקן „זוהר", דעם „געטלעכן" ר' שמעון בן יוחאי, „וועמעס ווערטער עס וועלן לעבן אין אַלע צייטן" (פי קדוש לעולם קיים האלקי רשב"י). און דער גייסט פון די יידישע מקובלים פילט זיך טאַקע גאַנץ דייטלעך אין די פּאָעטישע בילדער, אין וועלכע מוסקאַטו שילדערט די „מעשה בראשית", די אַנטשטייונג פון דעם אומענדלעכן וועלטאַל אויס דער „נקודה ראשונה" — דעם ערשטן אורקוואַל פון זיין און ווערן [4].

---

1 דאָרטן, 68, 72, 174.

2 דאָרטן, 68: „ואולם ההתנגדות הנמצא מן החכמות אל התורה האלקית אינו אלא מצד המתפלספים שגנבו החכמות וזייפום".

3 דאָרטן, 63: „כי זה השכל הנקנה הוא דגל רוממות ההשכלה האנושית, אבל אין זה באמת דגל אהבה השָׂם נפשנו בחיים".

4 דאָרטן, דרוש 4, 8 און 31.

א טאלאנטפולער רעדנער, פלייסט זיך מוסקאטו מיט ציטאטן אוים דעם זוהר אונטערצושטרייכן דעם גרויסן באטייט פונם מענטשלעכן ווארט, און רעדט מיט גרוים פאטאס וועגן דער אוניווערסאלער ראלע פון תפילה און געבעט [1]. און טאקע שטיצנדיק זיך אויף די „חכמי האמת" פלייסט זיך מוסקאטו צו דערווייזן, אז דער עיקר איז די מ ע ש ה, דאס דורך דעם מענטשנס ווילן פולבראכטער ט א ן. די מצוות, שטרייכט מוס־קאטו אונטער, זיינען טאקע בלויז סימבאלן, אבער ערשט דורך דעם, וואס די מצווה ווערט דערפילט און אפגעטאן, און פונם געבאט און באפעל ווערט זי דורך דער אנשטרענגונג פונם ווילן פארקערפערט אין מענטשלעכן טאן — ערשט דורך דעם ווערט זי נתגלה אלס לעבעדיקער רינג אין דער אומענדלעכער קייט פון זיין און ווערן, וואס אין אים אנט־פלעקט זיך דער געטלעכער סוד פון בריאת העולם [2]. מוסקאטו קומט דערפאר צום לאגישן פועל־יוצא און שטרייכט באזונדערס אונטער די אוניווערסאלע ראלע פון דער פערזענלעכקייט, וואס איז די מצוות מקיים, פארקערפערט זיי אין ממשותדיקן טאן. הלל הזקנס באקאנטן זאץ: „אם אני כאן הכל כאן!", דערקלערט מוסקאטו אויף זיין אייגנארטיקן שטייגער: „דער מענטש, די קליינע וועלט פאר זיך, איז דאך פאקטיש דער צענטראלער פונקט אינם חלל פון דער וועלט; ער איז די מאס פון אלע ווערטן; ער איז „ה כ ל", אלץ, וואס ס'איז! און טאקע דערפאר, שטרייבט מוסקאטו אונטער, שטייט אין דער תורה, אז ערשט נאכדעם ווי גאט האט דעם מענטש באשאפן — וירא אלהים כי טוב, ערשט דעמאלט האט ער דערזען ווי שיין זיין באשאפענע וועלט איז! [3]

די אידעען פון די מקובלים און דער קוק פון די הומאניסטן אויף דער אויסשליסלעכער ראלע פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט שמעלצן זיך צונויף ביי אונזער גייסטרייכן פרעדיקער אין איין הארמאניש־גאנצער זאך, און ווערן פארקערפערט אין פאלגנדיקן הארציק־ליבלעך בילד: אן אלטע תלמודישע לעגענדע דערציילט, אז ביים מלך דוד צוקאפנס איז א וווּנדערבארע פידל געהאנגען; און ווי נאר ס'איז געקומען צו חצות, האט א ווינטעלע די סטרונעס פון די פידל באריהרט, און די פראכטפולסטע טענער האבן אנגעפילט דעם חלל פון דער וועלט. די דאזיקע וווּנדערבארע

---

1 דארטן, דרוש 43 און 44. דערביי איז צייטנווייז אין מוסקאטון דער מקובל גובר דעם רעדנער, און ער פארטיפט זיך אין „צירופי אותיות" און קונציקע נוטריקון און גימטריאות (זע „נפוצות יהודה", 54, 55, 208, א"וו; „קול יהודה", IV, קאפ' 3).

2 „נפוצות יהודה", 36: „עיקר קיומן של מצות בפועל לצורך צנורות של מעלה". זע אויך: דארטן, 17, 83—84, 87 א"וו.

3 דארטן, 38—40.

פידל, — דערקלערט מוסקאַטו אין זיין ערשטן דרוש [1] — דאָס איז דוד המלכס נשמה גופא. יעדער לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס פילט און דענקט, דערקלערט ווייטער מוסקאַטו, איז אַ באַזונדערער אַקאָרד אין אָט דעם קונציק־וווּנדערבאַרן ניגון פון דער וועלט, וואָס ווערט געזונגען אַלס שבח דעם בורא עולם. יעדער מענטש איז אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט; דער אורקוואַל און תמצית פון יעדער נשמה איז אַ ניגון, אַ האַרמאָנישער אַקאָרד. ניט אין עצבות און טרויער רוט די שכינה, נאָר אין פרייד (כי השמחה במעונה), אין געזאַנג און יובל פון הימל און ערד, אינם שבח און לויב־ליד, וואָס ס'זינגט דער גאַנצער חלל פון דער וועלט. די גאַנצע געטלעכע תורה איז אויך איין איינציק האַרמאָניש ליד [2]. און דערפאַר טאַקע לעכצט אַזוי דעם מענטשנס נשמה נאָך מוזיק פון דער פריסטער יוגנט ביז אין טיפן עלטער — דאָס בענקט זי נאָך דעם הימלישן געזאַנג, נאָך דעם ניגון פון דער וועלט, מיט וועלכן זי וויל זיך צונויפגיסן ווי מיט איר אורקוואַל. דערפאַר טאַקע, דערקלערט ווייטער מוסקאַטו, ווערט יעדער מענטש באַזונדער באַטראַכט ווי אַן עולם קטן — אַ וועלט פאַר זיך: זיין נשמה איז דאָך אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט, וואָס איבער זיינע סטרונעס ציטערן אַלע הימלישע און ערדישע אַקאָרדן. יעדע נשמה לעבט איבער פאַר זיך און גיט איבער אויף איר שטייגער דעם וווּנדער־באַרן ניגון, דאָס גרויסע לויב־ און דאַנק־ליד, וואָס אַלע וועלטן זינגען דעם באַשעפער. און יעדער אַקאָרד, וואָס ציטערט אויף די סטרונעס פונם מענטשנס נשמה, געפינט אַן אָפּקלאַנג אין דער הימלישער סימפאָניע. און אָט אין דעם טאַקע, איז מוסקאַטו מוסיף [3], ליגט דער טיפער סוד פון דעם זוהרס באַקאַנטער מימרא, אַז יעדעס וואָרט, יעדע כוונה, וואָס ווערט געבאָרן אינם מענטשנס האַרץ, געפינט אַן אָפּקלאַנג אין די עולמות העליונים [4]. „אמר ליה הקב"ה למשה: לך אמור להם לישראל! האָט גאָט ברוך־הוא געזאָגט צו משהן — גיי זאָג די בני ישראל, אַז מיין נאָמען איז „אהיה אשר אהיה!" דאָס הייסט: אהיה — איך וועל זיין מיט דיר ווי דו מיט מיר! איך וועל זיין דיין שפּיגל־בילד, דיין שאָטן. אויף דיין געלעכטער וועל איך ענטפערן מיט מיין געלעכטער, אויף דיין געוויין וועל איך ענטפערן מיט געוויין און אויף דיין צאָרן וועט צאָרן

---

1 אין דעם דאָזיקן דרוש האַנדלט זיך ספּעציעל וועגן מוזיק.

2 „והתורה האלקית נקראת שירה... וזאת התורה אשר שם משה לפני בני ישראל שימה בפיהם למען תהיה השירה הזאת לעד בבני ישראל".

3 דרוש, 46.

4 דאָרטן, 212: „וכל הספר הנכבד ההוא ממולא כתרשיש ליסד אבן פנת יקרת הדעת האמתי הלז".

זיין דער ענטפער [1]. אמר הקב"ה לאדם—זאָגט גאָט ברוך־הוא צום מענטשן: מיין ליכט איז אין דיין האַנט און דיין ליכט אין מיין האַנט. צינדסטו מיין ליכט אָן—פלאַקערט גלייך אויך דיין ליכט אויף [2]. דאָס הייסט, ערקלערט ווייטער מוסקאַטו, ווי נאָר דער מענטש שטרעבט אין דער הויך, העל פלאַקערט אויף דאָס ליכט פון זיין נשמה און זיבע אָקאָרדן ציטערן איבער אירע צאַרטע סטרונעס — גלייך טוט איר אַנטקעגן העל אויפלייכטן דאָס וווּנדערבאַרע געטלעכע ליכט, וואָס טוט די גאַנצע וועלט באַשיינען מיט די שטראַלן פון „גאָטס אויגן" כביכול.

מוסקאַטו האָט געהאַלטן זיינע דרשות אויף איטאַליעניש און די העברעיִשע איבערזעצונג פון זיינע 52 דרשות, וואָס זיינען צונויפגע־זאַמלט אין „נפוצות יהודה", קאָנען נאַטירלעך געבן בלויז אַ גאַנץ קנאַפן באַגריף וועגן דער פייערדיקער רעדנער־קראַפט פון דעם דאָזיקן רייך־באַגאַבטן פּרעדיקער. דערפאַר אָבער קאָן דער „נפוצות יהודה" דינען אַלס בעסטער עדות, ווי פיל מוסקאַטו האָט אויפגעטאָן אויפן געביט פון האָמילעטיק, פון דרוש. אין די פאַרטריקנטע אַלטפרענקישע פאָרמען איז אים געלונגען אַריינצוטועמען דעם הויך פון פרישן צאַפלדיקן לעבן, אויפפרישן מיט העלע שימערירנדיקע פאַרבן און באַנייען מיטן יוגנט־עלעקסיר פון די לעבנס־לוסטיקע רענעסאַנס־אַקאָרדן. יהודה מיסר ליאון האָט בשעתו געשטרעבט דערוועקן אין זיין דור די ליבע צו שיינעם סטיל און קלאַסישער רעדנער־קונסט. פאַר דעם, וואָס מיסר ליאון האָט גע־קעמפט — דאָס האָט מוסקאַטו גלענצנד דערפילט. דער „נפוצות יהודה" איז דער שענסטער דענקמאָל, וואָס דאָס איטאַליענישע יידנטום האָט געשאַפן אויפן געביט פון האָמילעטיק, און אייניקע זיינע דרשות דער־מאָנען אין די מייסטערווערק פון דער אַנטיקער רעדנער־קונסט. אפילו די דרשות, וואָס האַנדלען וועגן ריין פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע פּראָבלע־מען: וועגן מעשה בראשית, וועגן גאָטס מידות אאַז"וו — אויך זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער קונציקער אַרכיטעקטאָניק און פיינעם גע־שליפענעם סטיל.

---

1 „כי שמי אהיה אשר אהיה. מהו אהיה אשר אהיה? כשם שאתה הווה עמי כך אני הווה עמך. וכן אמר דוד: ד' צלך על יד ימינך. מהו ד' צלך? כצלך. מה צלך? אם אתה משחק לו הוא משחק לך, ואם אתה בוכה לו הוא בוכה כנגדך, ואם אתה מראה לו פנים זעומות או מסוברות אף הוא נותן לך כך".

2 דאָרטן, 211: „אמר הקב"ה לאדם: נרך בידי ונרי בידך... אם אתה תאיר הרי, אני מאיר נרך.. כי בעורר האדם את עצמו אל הדלקת נרות כוחותיו הנפשיות... והוא הנרמז במעשה הדלקת המנורה, אז אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות העליונות, שבעה אלה עיני ד' המה משוטטים בכל הארץ".

„נפוצות יהודה'' איז אָבער ניט דאָס איינציקע ווערק, וואָס מוס־קאַטו האָט געלאָזן אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. ער האָט זיך אויך קונה־שם געווען מיט אַ צווייט ווערק, וואָס ס'איז ענג פאַרבונדן מיט יהודה הלוים „ספר הכוזרי''. מיר האָבן שוין אינם דריטן באַנד פון אונזער געשיכטע געהאַט די געלעגנהייט אָנצוווייזן, ווי אַזוי די קעמפער קעגן די ראַציאָנאַליסטישע שטרעמונגען, ניט נאָר אַזאַ קנאי ווי שם־טוב בן שם־טוב דער בעל „ספר האמונות'', נייערט אויך דער אפודי און חסדאי קרשקש האָבן אויפן „כוזרי'' אָנגעוויזן ווי אויף דעם העכסטן אויטאָריטעט און טרייען וועגווייזער. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אין דער רענעסאַנס־תקופה, ווען די אַריסטאָטעלישע שטרעמונגען זיינען פאַרדרענגט געוואָרן דורך נעאָפּלאַטאָנישע, אין וועלכע ס'האָט זיך מער אָדער ווייניקער געפילט די נטיה צו מיסטיק — האָט זיך אין די יידיש־איטאַליענישע קרייזן אַלץ אָפטער געלאָזט הערן דער לאָזונג: „צוריק צו יהודה הלוי!''

טיפּיש איז אין דער הינזיכט דאָס לויב־ליד, וואָס מאיר בן יוסף אבן יחיא האָט פאַראויסגעשיקט דער ערשטער אויסגאַבע פונם „כוזרי'', וועלכע איז ערשינען אין 1506. דאָס ליד איז געשריבן אין דעם זעלבן אייגנאַרטיקן „ווידער־קול''־מעטר, אין וועלכן מאיר בן יוספס עלטער־עלטער־זיידע, יוסף בן שלמה, האָט געשריבן זיין באַקאַנטע עלעגיע נאָכן רשב''אַס טויט [1]. „וואָס גייט איר אַלץ נאָך — פרעגט מיט ירגזון מאיר בן יוסף — די אַלע חרטומים און פאַלשע פריסטער, וואָס בלאָנדזשען איבער פינסטערע און קרומע וועגן? טרעט אָפּ פון די, וואָס האָבן אין דער מסורה פון די אָבות פאַרגעסן און אין זייער געיעג נאָך פרעמדע תורות האָבן זיי דערוואָרבן הילצערנע געצן און לעבלאָזע צלמים. טויטע אָפּגעטער טוען זיי די בעסטע ווייַרויכן שענקען און דאָס געטלעכע וואָרט ווערט בײַ זיי מיט די פיס געטראָטן. וואַרפט אַוועק דאָס שלאַנגען־געניץ פון פילאָזאָפישע סברות און שפּיציק־לאָגישע חקירות, וואָס דערשטיקן די געפילן און האַלטן געפאַנגען אַלע האַרציקע תביעות! קומט אַלע אַהער! אַלט און יונג, מענער און פרויען און גרייז־גרויע זקנים! געניסט פון דעם בשמים־וויין, וואָס מיר טראָגן אייך דאָ אַנטקעגן... אָט איז דער ספר וועגן דעם חכם דעם „כוזרי'', דערפרייען וועט דער ספר אַלע מענטשלעכע הערצער; די זיסקייט פון זיינע רייד און זיין וווּנדערבאַרע שיינקייט וועט באַפרידיקן אַלע, וואָס גלוסטן נאָך אמת און וויסן. ווי אַ לייכט וואַלקנדל טוען זיינע ליכטיקע שטראַלן די פינסטערניש פאַרטרייבן; קעגן

[1] זע אונזער ווערק, דריטער באַנד, ז' 123—124.

אים זיינען אַנדערע ווערק ווי נישטיקע גלי־וועדעמלעך קעגן דעם גלאַנץ פון די הימלישע מזלות. זיין הייליק פייער טוט די אפיקורסישע לערעם פארמיליקן אאז"ו, אאז"ו"[1]. אפילו אזא ניכטערער און שאַרפזיניקער פאָרשער, ווי עזריה מן האדומים, ערקלערט, אז „יעדער גאָטספאָרכטיקער ייד דאַרף גרינטלעך שטודירן דעם „כוזרי" און איינקריצן אין די הערצער פון זיינע קינדער און תלמידים: זייט געהיט, איר זאָלט דעם הלוי ניט פאַרלאָזן"[2].

אויך מוסקאטו איז געווען דעם גרויסן קאַסטיליערס אַ פייערדיקער חסיד. און ווייל אין יהודה אבן תיבונס שווערוואַגיקער איבערזעצונג איז דער כוזרי־טעקסט ערטערווייז געווען זייער טונקל און אומפאַרשטענדלעך, האָבן פילע הלוים פאַרערער זיך געווענדט (1573) צו מוסקאטו, ער זאָל שרייבן אַ פירוש אויפן „כוזרי" און דורך דעם מאַכן צוגענגלעך דאָס באַרימטע ווערק די ברייטערע לייענער־שיכטן[3]. מוסקאטו האָט מיט גרויס חשק זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט; ער האָט זיך דערביי באַנוצט ניט נאָר מיט פאַרשיידענע האַנטשריפטלעכע נוסחאות פון אבן תיבונס איבערזעצונג, נייערט אויך מיט דער ווייניק באַקאַנטער איבערזעצונג פון קארדינאַל. ביזן טויט איז ער אַלץ געווען באַשעפטיקט מיט זיין פירוש אויף דעם אים אזוי ליב און טייערן ווערק, און ערשט אין 1594 האָבן מוסקאטוס קינדער דעם פירוש פאַרעפנטלעכט אונטערן

---

1 מה תלכו לקראת נחשים חשים — תפנו לקוסמים על לחשים חשים!
אל תדרשו אובות באבות מעלו — דעות עמוניות פגושים גושים.
יזנו ויפנו אל אליליהם וְדִבְּ—רֵי אל ישנים וחדשים דשים...
בואו שתו ייני ולחמי לחמו - נער וזקן טף אנשים נשים...
ספר אשר בו טענות חבר וכו — זר חן ושכל על נפשים פשים
פריו וטוב טעמו ירוו כל צמֵ—אי בִין באשפר ואשישים ששים
בו יזהיר שכל ומעין התְּבוּ-נות כל אפלות באמשים משים...
חוקר ועוקר טענות פוקר ותוך — אש מחקר תאכלם כאשים אשים וכו' וכו'.

דאָס דאָזיקע לויב־ליד האָט ד. קויפמאַן איבערגעדרוקט מיט אַ דייטשער איבערזעצונג אין „צייטשר. פ. העבר. ביבל.", I, 116—117.

2 „מאור עינים", קאַפּ' 36: „הספר (הכוזרי) עם היותו מלא ברכת ד' בדעות אמתיות אשר כל יהודי נאמן בבריתו יאות לו ללמדו לעצמו ולבקש שיכתב על לוח לב כל אחד מבניו ותלמידיו עם צווי ואזהרה: השמר לך פן תעזוב את הלוי!" דעם בעל „הכוזרי" רופט די־רוסי אָן: „החכם האלהי".

3 זע די פאָררעדע צו „קול יהודה". דער פירוש אויף „כוזרי", וואָס נתנאל כספי האָט פאַרענדיקט אין 1387, האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט, און איז געבליבן אין גאַנצן אומבאַקאַנט (זע „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס", 1848, 571).

נאָמען „קול יהודה״ [1], און ער איז דערנאָך מערערע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן.

אין איין צייט מיט מוסקאַטו האָט אין מאַנטוע געלעבט דער באַדייטנדסטער פאָרשער און געלערנטער, וואָס דאָס איטאַליענישע יידנטום האָט אין דער רענעסאַנס־תקופה פאַרמאָגט — עזריה בן משה מן האדומים (די ראָסי). עזריה איז געבאָרן אין מאַנטוע בערך אין 1511 [2] אין איינער פון די עלטסטע יידישע משפחות אין איטאַליע. לויט אַן אַלטער אגדה איז די משפחה אדומים איינע פון די חשובע אַדעליקע יידישע פאַמיליעס, וואָס טיטוס האָט פאַרטריבן פון ירושלים און באַזעצט אין רוים [3]. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אדומים איז געווען קרענקלעך פון קינדווייז אָן, האָט ער באַקומען אַ זייער זאָרגעוודיקע און פילזייטיקע ערציִונג. אויסער יידישע און אַלגעמיינע לימודים האָט ער ספּעציעל שטודירט מעדיציִן און זי האָט אים טאַקע געדינט אַלס מקור פאַר פּרנסה. אמת, חיונה, האָט ער געהאַט בדוחק; אַ קרענקלעכער און אויסגעמאַטערטער, האָט ער געמוזט וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט [4], און דאָך, לעבנדיק אין דחקות, איז ער כּל ימיו געזעסן „על התורה ועל העבודה״ און זיך ניט צעשיידט מיט זיינע געליבטע ספרים. עזריה מן האדומים איז געווען אַ גוואַלטיקער בקי ניט נאָר אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, נייערט אויך אין דער אַנטיקער אייראָפּעיִשער; אַלס אמתער זון פון דער רענעסאַנס־תקופה האָט ער גרינטלעך אויסגעפאָרשט דאָס לעבן פונם אַלטן גריכנלאַנד און רוים, איז אויך גוט געווען באַקאַנט מיט דער טעאָלאָגישער ליטעראַטור פון דער מיטלאַלטערלעכער קריסטלעכער קירך, און פיל זיך אויך אָפּגעגעבן מיט געשיכטע און נאַטורוויסנשאַפטן. זיין גרויס בקיאות זעט מען ארויס פון די פילע ציטאַטן וואָס ער ברענגט אויס די ווערק פון אַפּלטון, קסענאָפאָנט, האָמער, האָראַציוס, פּלוטאַרך, העראָדאָט, פּליניוס,

1 מוסקאַטו דערמאָנט („נפוצות יהודה״, דרוש 3, „קול יהודה״, III, קאַפּ׳ 17) נאָך זיינס אַ דריט ווערק — אַ פּירוש אויף שיר השירים, עס איז אָבער ניט אויפגעהיט געוואָרן.

2 אין דעם ערשטן קאַפּיטל פון „אמרי בינה״ באַמערקט עזריה די־רוסי: „וכל שכן להיותי כבן ששים שנה״. צו דעם דאָזיקן ווערק איז ער צוגעטראָטן אין 1571.

3 „אמרי בינה״, קאַפּ׳ 60: „משפחתי מן האדומים אשר קבלנו מקדמונינו היותה אחת מן הארבע היקרות שהגלה טיטוס לרומי״.

4 אין 1543 איז די־רוסי פון מאַנטוע איבערגעפאָרן קיין פעראַראַ, דערנאָך געלעבט אין אַנקאָנאַ, באָלאָניאַ, סאַבאָניעטע. אין 1569, נאָכדעם ווי רער פּויפּסט פּיוס דער פינפטער האָט אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון זיין מדינה, האָט די־רוסי צוריקגעקערט קיין פעראַראַ. פון דאָרט איז ער, ווי עס שיינט, איבערגעפאָרן אין זיין געבורטשטאָט מאַנטוע און דאָרט טאַקע געשטאָרבן (Revue d. et. juives, XXXII, ז׳ 81, 87).

קווינטיליאַן, פּאַרנעליוס, אויגוסטין, יעווסעוויוס, יוסטיניאַן, איסידאָר, דאַנטע, פּיקו דע מיראַנדאָלאַ און פילע, פילע אַנדערע עלטערע און שפּעטערע שריפטשטעלער [1]. וווּנדערלעכע בקיאות און אויסערגעוויינלעכע אַרבעטסלוסט זיינען אין דעם דאָזיקן מערקווערדיקן געלערנטן געווען גליקלעך פאַרבונדן מיט אַזוינע מעלות, ווי אַ טיפער קלאָרער שכל, אַ גוואַלטיקער זכרון, אַן אמתער היסטאָרישער חוש און דערצו נאָך געבענטשט מיט אַ באַדייטנדיקן ליטעראַרישן טאַלאַנט. די רוסי האָט געשריבן גאַנץ געלונגענע שירים [2], איז געווען אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט, ווי ס'איז לייכט צו מערקן אויס זיין מייסטערהאַפטע שילדערונג די אימהדיקע ערדציטערניש אין פעראַראַ. און דאָך איז דער דאָזיקער רייך־באַגאַבטער געלערנטער געווען אַ „נחבא אל הכלים", און ביז צו זעכציק יאָר קיין זאַך ניט געדרוקט. עס איז ניט שווער אַרויסצוגעפינען די אמתע סיבות פון דער דאָזיקער מערקווערדיקער דערשיינונג. דער דאָזיקער פרייער פאָרשער און באַגרינדער פון וויסנשאַפטלעכער היסטאָרישער קריטיק האָט צו ווייט פאַראויסגעשפּרייזט פאַר זיין דור. ער איז געווען פון די, וואָס זייער מזל האָט געטראָגן צו קומען פ א ר דער צייט, און ערשט דאָס 19טע י"ה האָט געהעריק פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן דעם ווערט און באַטייט פון דעם דאָזיקן געלערנטן. די־רוסי גופא האָט עס ווי עס שיינט געפילט; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז צו פרי געקומען און קיין קעמפער־נאַטור איז ער ניט געווען. שוואַך און קרענקלעך, האָט ער מער פון אַלץ געגאַרט נאָך רו און פולשטענדיקער התבודדות. האָט ער דערפאַר געפונען, אַז עס וועט פאַר אים זיין פיל געזינטער, ווען ער וועט זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און אויספירן באַהאַלטן פאַר זיך און ניט ברענגען זיי אין רשות הרבים. איז ער זיך אַזוי געזעסן שטיל און באַהאַלטן אין זיין קעמערל; האָט אָבער פּלוצלונג אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע פּאַסירט און זי האָט עס געצוווּנגען דעם איינזאַמען געלערנטן פאַרלאָזן זיין באַהעלטעניש און אַרויסטרעטן פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט. אין האַרבסט 1570 האָט אין פעראַראַ, ווו די־רוסי האָט דעמאָלט געלעבט, אַ גוואַלטיקע ערדציטערניש אויסגעבראָכן. איבער 200

---

1 זע, למשל: „מאור עינים" (ווילנער אויסגאַבע, 1865), ב. I, 5, 9, 10, 78, 84, 85, 90, 106, 117, 122, 123, 150, 154, 212, 226; II, 55; „מצרף לכסף", 100, 116 אאַז"וו.

2 ווי מוסקאַטאָ, אַזוי האָט אויך עזריה מן האדומים באַוויינט אין עטלעכע עלעגיעס דעם פּריצייטיקן טויט פון דער יונגער הערצאָגין אויס סאַוואָיע (זע „מאור עינים" אין ד. קאַסעלס אויסגאַבע). אין דעם לעצטן קאַפּיטל פון זיין הויפּטווערק גיט די־רוסי אַן אינטערעסאַנטע פאָרשונג וועגן העברעיִשער דיכטקונסט.

מענטשן זיינען אין דער שרעקלעכער נאַכט אומגעקומען, און די־רוסי מיט זיין פאַמיליע האָבן בדרך נס זייער לעבן געראַטעוועט. דערזעענדיק דעם טויט פנים אל פנים, האָט עזריה מן האדומים, ווי ער גופא דערציילט וועגן דעם[1], געהאַט אַ חשבון הנפש: ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ געדעכעניש פאַר די קומענדיקע דורות, זיין נאָמען זאָל ניט פאַרגעסן ווערן און די דורך אים געזאַמלטע וויסנשאַפטלעכע אוצרות זאָלן ניט גיין לטמיון. האָט ער באַשלאָסן אַ דענקמאָל צו שאַפן שטאַרקער פון שטיין און אייזן. נאָך דער קאַטאַסטראָפע, ווען דאָס רוב הייזער אין פעראַראַ זיינען חרוב געוואָרן, האָט די־רוסי זיך באַזעצט אין איינעם פון די שכנותדיקע דערפער און דאָרט האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ קריסט־לעכען געלערנטן, וואָס איז געווען אַ בקי אין דער אַפּאָקריפישער און יידיש־העלעניסטישער ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די דורות פון די חשמונאים און תנאים[2].

דער געלערנטער האָט געפרעגט ביי עזריה די־רוסי, צי איז אויפ־געהיט געוואָרן דער העברעיִשער טעקסט פונם באַקאַנטן ווערק „דאָס שליחות פון אַריסטעוס". די־רוסי האָט געמוזט מודה זיין, אַז די יידן ווייסן בכלל ניט פון דעם דאָזיקן ווערק. און די־רוסי האָט דאַן באַשלאָסן צו באַקענען זיינע ברידער, וואָס באַזיצן ניט די קלאַסישע שפּראַכן (לאַטיין און גריכיש), ניט בלויז מיט אַריסטעוס, נאָר בכלל מיט דער יידיש־העלעניסטישער ליטעראַטור און מיט דער גאַנצער באַטרעפנדיקער תקופה. אין משך פון אָנדערטהאַלבן יאָר[3] האָט ער באַוויזן אָנצושרייבן און רעדאַקטירן זיין ריזן־ווערק „מאור עינים", וואָס באַשטייט אויס דריי טייל: 1) קול אלהים — די באַשרייבונג פון דער ערדציטערניש אין פעראַראַ, 2) הדרת זקנים — די איבערזעצונג פון אַריסטעוס „שליחות"[4] און 3) „אמרי בינה" — אַ זאַמלונג פאָרשונגען וועגן יידישער געשיכטע און אַרכעאָלאָגיע. אָט דאָס לעצטע בוך, וואָס באַשטייט אויס 60 קאַ־פּיטלען, איז דער וויכטיקסטער טייל פון די־רוסיס ווערק.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן אויף די סיבות, וואָס האָבן אין 16טן י"ה אַרויסגערופן דעם שטאַרקן אויפבלי פון דער היסטאָריאָגראַ־פישער ליטעראַטור ביי יידן. אָט דערפאַר טאַקע איז עזריה די־רוסי דער

---

1 „אמרי בינה", קאַפּ' 1.

2 זע ענדע „קול אלהים".

3 פון פרילינג 1571 ביז האַרבסט 1572.

4 וועגן אַ יידישער איבערזעצונג פון „הדרת זקנים" זע ב. וואַכשטיינס אַרטיקל אין „פילאָלאָגישע שריפטן", III, 267—274.

ערשטער צווישן די יידישע באַדייטנדיקע פאָרשער, וואָס גיט זיך אָפּ ניט מיט ריין־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, ניט מיט קריטיק פון פילאָזאָפישע שיטות און אידעען, נאָר אויסשליסלעך מיט היסטאָרישער קריטיק, מיט אויספאָרשן און באַלייכטן ריין געשיכטלעכע קוועלן. אַלס קינד פון דער רענעסאַנס־תּקופה, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן מיט אַזאַ גרויסער ליבשאַפט צו דער אַנטיקער וועלט, איז די־רוסי דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור די ווערק פון דער יודעאָ־העלעניסטישער תּקופה, באַקענט דעם יידישן לייענער מיט פילו אויס אַלכּסנדריה (ידידיה האַלכּסנדרוני) [1] און אויך מיט דער באַרימטער גריכישער ביבל־איבערזעצונג [2]. ניט אומזיסט האָט די־רוסי זיין לעבנס־ווערק אַ נאָמען געגעבן „מאור עינים": ער איז ווירקלעך געווען דער מאַן מיט די ליכטיקע אָפענע אויגן. אין יענער תּקופה, ווען די קריסטלעכע און יידישע וועלט האָט נאָך בלינד געגלויבט אין מסורת אָבות און אין דעם אויטאָריטעט פון די קדמונים, האָט ער, דער בעל „מאור עינים", געהאַט דעם מוט, אויף אַ שטרענג וויסנשאַפטלעכן אופן קריטיש אויסצו־פאָרשן אויף ווי ווייט מען קאָן זיך אין היסטאָרישע פראַגן פאַרלאָזן אויף די קדמונים, אויף די דורך דער מסורה געהייליקטע קוועלן. בכדי צוגע־וויינען דעם לייענער צום געדאַנק, אַז ער דאַרף זיך ניט בלינד פאַרלאָזן אויף די אַלטע קוועלן און ניט אַלץ, וואָס די „קדמונים" דערציילן, איז היסטאָרישער אמת, האָט די־רוסי זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דעם „יוסיפון" [3]. דאָס דאָזיקע פּאָפּולערע ווערק איז דאָך ניט געווען איינגע־הילט אינם לבוש פון הייליקייט, און קריטיקירן זיין טעקסט האָט דאָך ניט געשמעקט מיט אפּיקורסות, האָט טאַקע דער בעל „מאור עינים" מיט גרויס חריפות דערוויזן, ווי שטאַרק דאָס דאָזיקע ווערק איז מיט דער צייט פאַרגרייזט געוואָרן און ווי אומגעלומפּערט די שפּעטערדיקע אָפּשרייבערס און קאָמפּיליאַטאָרס האָבן דעם אַלטן טעקסט פאַרדרייט און פאַרענדערט. די־רוסי איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט קריטיש אויסגעפאָרשט און באַלויכטן די טונקלסטע תּקופה אין דער יידישער געשיכטע — די פּערסישע, פון כּורש ביז אַלכּסנדר מוקדון.

די חכמי התּלמוד האָבן בכלל ניט שטאַרק מקפּיד געווען אין כראָ־נאָלאָגישע דאַטן. מעשיות, וואָס זיינען געשען בימי חורבן בית ראשון

---

1 „אמרי בינה", קאַפּ׳ 3—6.

2 „הדרת זקנים"; „אמרי בינה", קאַפּ׳ 7—9.

3 „אמרי בינה", 114, 118, 224—5, 229 (מיר ציטירן נאָך דער ווילנער אויס־גאַבע 1865).

ווערן אין תּלמוד ניט זעלטן צונויפגעמישט מיט טראַגישע פּרטים אויס טיטוסעס צייטן. די גאַנצע פּערסישע תּקופה, וואָס נעמט אַרום העכער 200 יאָר, ווערט אינם תּלמוד צוזאַמענגעשרומפּן אין איין דור פון בערך עטלעכע און דרייסיק יאָר. און טאַקע נאָך אַדאַנק די־רוסי, איז די דאָזיקע פאַרגעסענע, אָבער פאַר דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פונם יידנטום אַזוי וויכטיקע תּקופה תּחית המתים אויפגעשטאַנען [1]. ער האָט מיט גרויס חריפות פאַרגליכן די יידישע קוועלן אויס דעם תּלמוד און די מדרשים מיט די ידיעות, וואָס ווערן געבראַכט אין דער יודעאָ־העלעניסטישער און קלאַסיש־רוימישער ליטעראַטור; און אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען אויפצולעבן פאַרן יידישן לייענער אָט די פאַרגעסענע דורות פון עזרא הסופרים צייטן ביז מנין שטרות, ד״ה ביז נאָכן טויט פון דעם וואונדער־באַרן מוקדונישן העלד, אַלכּסנדר. בעת די־רוסי פאַרנעמט זיך מיט דער פראַגע, ווי לאַנג ס'האָט געדויערט די תּקופה פון בית שני, דעקט ער ביסלעכווייז אויף פאַר דעם לייענער דעם קלאָרן אמת, וואָס האָט אָבער אין יענע צייטן אויסגעוויזן ווי די גרעסטע אפּיקורסות, אַז דאָס, וואָס יידן פירן זייער צייטרעכענונג פון בריאת־העולם, האָט קיין שום רעאַלן יסוד ניט, וואָרעם קיין שום בן אדם איז ניט אימשטאַנד ריכטיק, אָן אַ שום טעות אויסצורעכענען די גאַנצע קייט פון דורות זינט אדם הראשונס דור אָן. אַגב טרעט דערביי אַרויס דער בעל „מאור עינים״ מיט אַ שאַרפער קריטיק קעגן די „מחשבי קצין״, וואָס מיינען, אַז זיי זיינען אימשטאַנד מיט דער הילף פון „צירופי האותיות״ און כּלערליי גימטריאות פאָראויסזאָגן, ווען משיח וועט קומען. „דאָס איז לויטער נאַרישקייטן און בלענדעניש״, רופט ער אויס מיט כּעס [2].

אויך פילע אַנדערע זייער וויכטיקע פראַגן ווערן דורך די־רוסי קריטיש באַלויכטן מיט דער הילף פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע קוועלן, און קומט דערביי גאַנץ אָפט צו החלטות און אויספירן, וואָס שטייען אין פולער סתירה מיט דער מסורה. אמת, די־רוסי ווייסט זייער גוט, אַז דאָס שמעקט שטאַרק מיט אפּיקורסות, טוט ער דאָס דערפאַר גאַנץ פאַר־זיכטיק, פלייסט זיך איינצוהילן זיינע וויסנשאַפטלעכע אמתן אין אַ פרו־מען לבוש פון יראת שמים. ער האַלט אפילו פאַר נייטיק זיך צו אַנט־שולדיקן פאַרן לייענער, וואָס ער באַנוצט זיך מיט פרעמדע קוועלן [3].

1 „אמרי בינה", פרקים 29—41.

2 דאָרטן, II, 104: „החושבים המלות או האותיות בחשבון וגימטריאה הכל הבל ורעות רוח".

3 דאָרטן, צווייטער קאַפּיטל.

גאַנץ בהדרגה, טריט ביי טריט, פליסט ער זיך ברענגען דעם לייענער צו דער איבערצייגונג, אַז די חכמי־התלמוד, וואָס זיינען טאַקע גרויסע אויטאָריטעטן אין רעליגיעזע פראַגן און דינים, זאָגן אָבער אָרוים אויף אַנדערע געביטן אָזוינע דעות, וואָס געפינען זיך אין פולשטענדיקער סתירה מיט די וויסנשאַפטלעכע הנחות [1]. אויך דאַרף מען, שטרייכט די־רוסי אונטער, אויף פילע זייערע דרושים, אַגדות און מימראָס קוקן בלויז ווי אויף פּאָעטישע פאַרגלייכונגען און ריין ריטאָרישע באַפוצונגען, און קיינער איז ניט מחוייב נעמען זיי ערנסט און גלויבן אין זייער ווערטלעכן פשט [2].

אויסער דעם גרויסן וויסנשאַפטלעכן ווערט, האָט נאָך עזריה מן האדומים לעבנסווערק אַ גוואַלטיקן ליטעראַרישן באַטייט. נאָך דעם רמב״ם איז דער בעל „מאור עינים״ דער גרעסטער מייסטער פון וויסנ־שאַפטלעכן סטיל אין דער אַלטער העברעישער ליטעראַטור. אויפגעצויגן אויף דער קלאַסישער פּראָזע פון דער אַנטיקער רוימישער ליטעראַטור, האָט עזריה מן האדומים אַריינגעבראַכט אין דער העברעישער וויסנשאַפט־לעכער ליטעראַטור דעם לאַטיינישן קלאָרן עקזאַקטן סטיל, באַהויכט און באַלעבט מיט דעם האַרמאָנישן ריטם פון דער ביבלישער דערציילערישער פּראָזע [3].

די־רוסי, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, איז געווען זייער פאָרזיכטיק; ער האָט געפליסט זיך איינצוהילן אין אַ פרומען לבוש, זיין אפיקורסות זאָל זיך ניט אַזוי וואַרפן אין די אויגן — דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געהאָלפן. צו פריי, צו אויסערגעוויינלעך זיינען געווען די־רוסיס געדאַנקען און אָנשויונגען, זיי זאָלן ניט אַרויסרופן קיין פּראָטעסט אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. די־רוסים מזל האָט געטראָגן, אַז זיין מייס־טערווערק איז דערשינען אין דער צייט פון שקיעה, פון גייסטיקער ירידה, ווען די ליכטיקע שטראַלן פון הומאַניזם און רענעסאַנס זיינען נאָך אָקאָרשט באַדעקט געוואָרן מיט די טונקעלע וואָלקנס פון קריגערישער רעאַקציע. דער „מאור עינים״ האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלטיקן שטורעם נאָך איידער ער האָט דעם דרוק־וואַרשטאַט פאַרלאָזן [4]. אין די רבנישע קרייזן האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רעש די ידיעה, אַז עזריה די־רוסי לייקנט

1 דאָרטן, קאַפּ׳ 11.

2 „אמרי בינה״, קאַפּ׳ 15—16.

3 אויף דעם גרויסן באַטייט פון עזריה מן האדומים אַלס סטיליסט האָט ספּע־ציעל אָנגעוויזן משה גידעמאַן אין „השפה״, 1912, I, 25—26.

4 דער „מאור עינים״ האָט זיך געדרוקט אין משך 1573—5 (אין מאַנטוואַ).

אין דער יידישער צייט־רעכענונג, וואָס איז געהייליקט דורך מסורת אָבות, און האָט די העזה צו דערקלערן געוויסע ניסים על־פי דרך הטבע און באַטראַכטן אַלס פשוטע פּאָעטישע לעגענדע די מעשה, וואָס ווערט געבראַכט אין דער גמרא (גטין, דף 56, עמ׳ ב׳) וועגן דעם טויט פון טיטוס הרשע, ווי אַזוי אַ קליין פליגעלע האָט אים געענבערט דעם מוח מיט זיין אייזערנעם שנאָבל. דער קרענקלעכער און געלאַסענער די־רוסי, וואָס איז בטבע געווען אַ רודף שלום, האָט נאָך בעתן דרוקן צו פילע זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען געשריבן פירושים און דערקלערונגען, ערטערווייז אַרויסגעוואָרפן שוין אָפּגעדרוקטע שטעלן[1], וואָס האָבן זיך שוין צו שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן מיט זייערע שאַרפע אויסדרוקן און קריטישע אויספירן[2]. אַגב אורחא האָט ער בעת דעם דרוקן איינגע־שלאָסן אינם טעקסט פון זיין ווערק זיינע ענטפערן אויף די אָנפאַלן מצד די גאָטספאָרכטיקע רבנים. דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געקענט באַרויקן די געמיטער און שטילן דעם שטורעם, וואָס די־רוסיס פרייע קריטיק האָט אַרויסגערופן אין די יידישע געלערנטע קרייזן. ענדלעך האָט אויך דער רויִקער די־רוסי זיין געדולד פאַרלאָרן.

„איך האָב מיין ווערק, — דערקלערט די־רוסי — געשריבן בלויז פאַר פאַרשטאַנדיקע, וואָס גאַרן נאָך וויסן. זיי וועט מיין ווערק ברענגען גרויסע פרייד און פאַרגעניגן. נאַראָנים אָבער און צבועקעס, וואָס בייסן ווי די שלאַנגען — זאָלן זיי מיין בוך ניט אָנרירן!״[3].

אָבער אויך די טרייסט, אַז אַלע וואָס גאַרן נאָך וויסן וועט זיין ווערק דערפרייען, האָט אָפּגענאַרט דעם איינזאַמען דענקער. קעגן זיין ווערק, דעם „דענקמאָל״, וואָס ער האָט זיך געוואָלט שאַפן פאַר די קומענ־דיקע דורות — זיינען אַרויסגעטראָטן ניט בלויז „נאַראָנים און צבועים״. זיין אַלטער פריינד, דער שוין פריער דערמאָנטער געלערנטער מאַטעמאַ־טיקער, משה פראָווינציאַלי, וועלכן די־רוסי האָט באַקענט מיט זיין ווערק

---

1 זע ביילאַגע נומ׳ 5.

2 „אמרי בינה״, קאַפּ׳ 28, 42.

3 דאָרטן, קאַפּ׳ 2. זע אויך דאָס ליד, וואָס איז געדרוקט צום סוף פונם ווערק:

הלא אבטח היות כל הנבונים
שמחים בו ואת פניו מבקשים.
. . . . . . . .
ואֶפֶס עם פתאים או צבועים
והעוטים מעילי הכחשים
ברית אכרות לבלתי יגעו בו
הלא הם ישכוהו כנחשים.

נאָך איידער ס׳איז אַרוים פון דרוק, איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם ,,מאור עינים׳׳ מיט צאָרנדיקע ,,השגות׳׳, אַלץ דערפאַר, וואָס די־רוסי האָט געוואגט אַרויסצוזאָגן זיינע ספיקות בנוגע דער ריכטיקייט פון דער יידישער צייטרעכענונג, כאָטש זי איז געהייליקט דורך דער מסורה [1]. באַלד נאָך פּראָווינציאַלי איז אַרויסגעטראָטן קעגן די־רוסין יצחק פינצי אוים פּיזאַראָ [2]. די ידיעה וועגן די־רוסים אַפּיקורסיש ווערק האָט אויפגערודערט אַלע איטאַליענישע רבנים און גדולי התלמוד. נאָך איידער דער ,,מאור עינים׳׳ האָט די ליכטיקע וועלט דערזען, האָבן דעם פערטן ניסן 1574 די רבנים פון ווענעציע, בראש מיטן מהר׳׳ם מפאַדואַם זון שמואל יהודה קאַצענעלענבויגן, צעשיקט אַ כרוז [8] אין אַלע איטאַליענישע קהילות, ווי זיי זיינען מכריז ומודיע, אַז קיין גאָטספּאָרכטיקער ייד טאָר זיך ניט דערוועגן צו האַלטן ביי זיך אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דעם מארי דאתרא עזריה מן האדומימס אַפּיקורסיש ווערק ,,מאור עינים׳׳, ווי עס ווערן ,,אַרויסגעזאָגט אַזוינע געדאַנקען, וואָס אונזערע הייליקע אָבות האָבן וועגן זיי ניט געהערט און ניט געוווסט׳׳.

גלייך נאָך די ווענעציאַנער רבנים זיינען קעגן דעם ,,מאור עינים׳׳ אַרויסגעטראָטן די רבנים פון אַנדערע שטעט: רוים, פעראַראַ, פּאַדואַ, פּיזאַראָ, ווערָאנאַ, אַנקאָנאַ א׳׳אַ [4]. דער קרעמאָנער רב, אַברהם מנחם פורטו, דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן ווערק ,,מנחה בלולה׳׳, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער גופא האָט נאָך דעם ,,מאור עינים׳׳ אין די אויגן

---

[1] פּראָווינציאַלים „השגות״ האָט די־רוסי גופא פאַרעפנטלעכט אין סוף פון זיין ווערק צוזאַמען מיט זיין ענטפער.

[2] זע „מצרף לחכמה״, 1.

[3] מור ברענגען דאָ דעם טעקסט פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן כרוז: „יהיא מורא שמים עליכם! בהשמע דבר הספר שחבר והדפיס מחדש ר׳ עזריה מן האדומים וזה שמו אשר יקראו „מאור עינים״ וחלקיו: קול אלהים, והדרת זקנים ואמרי בינה, והיו קצת פרקים מהחלק השלישי הזה מכונים ימי עולם. והנה מלא כלו דרושים חדשים לא שערום אבותינו הקדושים חלקם בחיים, חסכימו גאוני עולם שבכל עיר ועיר מקהלות הקודש הקרובות אשר באיטליה הבאים על החותמות שלא יוכל מי שיהיה מכלל קהל עדה מהם ובתי החצרים וכל זולתם החרדים. על דבריהם להחזיק ברשותו החבור הנז׳ לא כלו ולא קצתו ולא להגות בו כי אם אחרי שכל יחיד ויחיד מהם ישיג רשות בכתב חתום מחכמי עירו. בחומר עובר על דברי הכמים ולשומעים ינעם ועליהם תבוא ברכת טוב״. דעם כרוז האָט פאַרעפנטלעכט ד. קויפמאַן אין זיין אַרטיקל Contribut a L'histoire des Luttes D'Asarja de Ross (Revue d. et. juives, XXXIII, 1896, 77—87) וו עס זיינען אָפּגעדרוקט אויך אייניקע אַנדערע זייער אינטערעסאַנטע דאָקומענטן בנוגע דעם קאַמף, וואָס ס׳האָט דעמאָלט אויסגעבראָכן קעגן דעם „מאור עינים״.

[4] זע קויפמאַנס פריער ציטירטע אַרבעט, 84—85.

ניט געהאַט געזען [1], האָט זיך ניט באַנוגנט דערמיט, וואָס שבת נאָכן לייענען האָט ער פאַר זיין קהילה דעם כרוז פון די ווענעציאַנער רבנים פאָרגעלייענט, ער האָט אויך געהאַלטן אַ ספּעציעלע דרשה, אין וועלכער ער האָט געוואָרנט זיין קהילה זי זאָל זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דעם אַפּיקורסישן בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מאור עינים״, אין דער אמתן אָבער פאַרפינסטערט עס די אויגן און גראָבט אונטער די יסודות פונם יידישן דת [2].

די־רוסים ווערק האָט אָבער געמאַכט אַ רעש ניט נאָר אין איטאַליע אַליין. די ידיעה וועגן דעם געפערלעכן ספר, וואָס האָט די העזה אַרויסצוטרעטן אויפן געביט פון דער הייליקער מסורה מיטן שאַרפן געווער פון וויסנשאַפטלעכער קריטיק — האָט דערגרייכט ביז צו דער ווייטער צפתער קהילה; דער באַרימטער פאַרפאַסער פונם „בית יוסף״ און „שולחן ערוך״, דער זעקס־און־אַכציק־יאָריקער זקן, יוסף קאַרו, וואָס איז שוין מיט איין פוס אין קבר געשטאַנען, האָט באַאויפטראָגט דעם דיין אלישע גאַליקע, ער זאָל צוגרייטן דעם טעקסט פונם חרם, מיט וועלכן די צפתער רבנים זאָלן אַרויסטרעטן קעגן די־רוסים ווערק [3]. יוסף קאַרו איז אָבער באַלד געשטאָרבן, און דער כרוז פון די צפתער רבנים איז אַרויס אָן זיין חתימה. דער העלד פון אַזוי פיל פאָלקס־לעגענדעס, דער פּראָגער רב מהר״ל, איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט קעגן דעם „מאור עינים״, אַז ער האָט דערקלערט: „איך בין זיכער, אַז אויסגעמעקט וועט ווערן דער זכר פונם דאָזיקן ספר ביים יידישן פאָלק און פאַררעכנט וועט עס ווערן צווישן די אַפּיקורסישע ביכער, וואָס אויף זיי איז מען דן: „אָסור לקרות בהם״ [4].

אין מאַנטואַ גופא ווו דער „מאור עינים״ האָט זיך געדרוקט און ווו ס׳האָבן אַזאַ חשובע ראָלע געשפּילט די־רוסים אַלטע גוטע פריינד

---

1 מנחם פורטו ווייזט אַליין אָן אין זיין בריוו צום מקובל מנחם פאַנו, אַז ער האָט דעם „מאור עינים״ נאָך ניט געזען; ער ווייס אָבער אויס אַ פּערזענלעכן געשפּרעך מיט עזריה די־רוסי, אַז יענער לייקנט אין דער יידישער צייט־רעכענונג: „אמת כי לא ירדתי לפלגות יתר פרטי הספר אשר על פי השמועה שמעתי היותו מתלוצץ בדברי חז״ל, כי לא ראיתיו עד הנה. אכן הדרוש משנות הבריאה, הודאת בעל דין היתה אצלי, כי כן בהיותי במנטואה תמיד לחש באזני הדבר הרע הזה״

2 זע פורטוס בריוו, וואָס האַלבערשטאַם האָט פאַרעפנטלעכט אין „תהלה למשה״, 1—3.

3 די־רוסי גופא רעדט אין זיין ווערק מיט גרויס רעספּעקט וועגן דעם גאון התורה יוסף קאַרו.

4 „באר הגולה״, 1589, 38 $_3$, 42 $_4$: „ומובטח אני כי לא ישארו לספר הזה שם ושארית בישראל, רק ידונו אותו כמשפטו, וספר זה הוא בכלל ספרים החיצונים אשר אסור לקרות בהם״.

יהודה מוסקאטו און משה פראווינציאלי, האבן די רבנים פארבאטן יהיה מי שיהיה, וויבאלד ער איז נאך ניט אלט 25 יאר, צו לייענען דעם „מאור עינים", סיידן ער וועט באקומען דעריויף א ספעציעלע דערלויבעניש.

אויף די אלע אנפאלן און חרמות איז די־רוסי ארויסגעטראטן מיט א כתב התנצלות אונטערן נאמען „מצרף לכסף". אין רויקן, געלאסענעם טאן פרווט די־רוסי צו דערווייזן די ברוגזע רבנים, אז די יידישע צייט־רעכענונג איז כלל ניט קיין הלכה למשה מסיני [1]; אין די קדמונישע צייטן איז ביי די יידן געווען אנגענומען אן אנדער צייטרעכענונג און ערשט אין דער לעצטער תקופה איז מען איבערגעגאנגען צו דער רעכענונג פון בריאת העולם. ער האט געהאפט, אז זיינע ראיות וועלן געווים אויך איבערצייגן די „חכמי צפת" און ער האט דערפאר גלייך אוועקגעשיקט אן עקזעמפלאר „מצרף לכסף" די רבנים פון צפת [2].

דער „מצרף לכסף", וואס איז געשריבן אין א קלאסישן סטיל, איז געווען די־רוסיס „שוואנען־געזאנג". די שארפע אנפאלן אויף זיין לעבנס־ווערק האבן אינגאנצן רוינירט זיינע שוואכע פיזישע כוחות און ער איז באלד נאכדעם געשטארבן (ניט שפעטער פון 1578). נאר אפילו נאך עזריה די־רוסיס טויט האט זיין „מאור עינים" נאך א לאנגע צייט זיך געפונען אונטער דער שווערער לאסט פונם שטרענגן חרם. דורך ד. קויפ־מאן א פארעפנטלעכטער דאקומענט זאגט עדות, אז פערציק יאר נאך די־רוסיס טויט (1619) האט איינער פון דער משפחה האדומים געבעטן א הכשר ביים פעראַרער רב אויף צו שטודירן דעם „מאור עינים", אין דער באקאנטער רב פון סוף 17טן י"ה, לעאן בריעלי, בעת ער ציטירט דעם „מאור עינים", האלט ער פאר נייטיק גלייך אנצווייזן, אז ער האט באקומען א ספעציעלע דערלויבעניש פון א גדול הדור צו לייענען דאס דאזיקע פארבאטענע ווערק.

און דאך האט דער בעל „מאור עינים" קיין טעות ניט געהאט, און זיין האפענונג איז טאקע מקויים געווארן. זיין לעבנס־ווערק איז טאקע א מאנומענט געבליבן, א מאנומענט, וואס האט די צייט בייגעשטאנען ווייט בעסער ווי שטיין און אייזן. דעם אלטן מהרי"לס נבואה איז ניט מקויים געווארן — און ניט אויסגעמעקט איז געווארן דאס געדעכעניש פונם „מאור עינים", ניט ביי יידן און ניט אין דער קריסטלעכער וועלט. אמת, זיין גרויסן וויסנשאפטלעכן ווערט אפצושאצן האט ערשט פארשטאנען

[1] „מצרף לכסף", 109: „מעולם לא היתה בישראל קבלה נבואית על מספר מצומצם לשנות היצירה". זע אויך „אמרי בינה", קאפ' 35 און סוף קאפ' 39.

[2] „מצרף לכסף", 116, 135.

די נייערע צייט. אָבער אפילו שוין אין יענע צייטן, ווען איבער די־רוסים ווערק איז דער רבנישער חרם געהאנגען, האָט דער „מאור עינים" גרויס רעספעקט ארויסגערופן. מען האָט טאַקע דעם בעל „מאור עינים" גע־האַלטן פאַר אַ געפערלעכן פריידענקער און דער קנאי יעקב עמדין האָט נאָך אין 18טן יאָרהונדערט ערקלערט, אַז עזריה די־רוסים ווערק דאַרף הייסן ניט „מאור עינים", נאָר „מעוור עינים". און דאָך האָט מען אים פלייסיק שטודירט און ניט ווייניקער פלייסיק ציטירט — אמת, על־פּי רוב אנאָנים, ניט אָנרופנדיק אים ביים נאָמען, בכדי ניט מפרסם מאַכן אַזאַ געפערלעך חיבור [1]. דערפאַר טאַקע האָט מען אויך ביזן סוף פונם 18טן י"ה דעם „מאור עינים" ניט איבערגעדרוקט און ערשט די בער־לינער משכילים, די בעלי „המאספים", זיינען זיינע גואלים געווען און אים אין 1794 מיט אַ נייער אויסגאַבע מזכּה געווען. פיל פריינדלעכער האָבן זיך צום „מאור עינים" פאַרהאַלטן די קריסטלעכע העבּרעיִסטן פונעם 17—18טן יאָרהונדערט. אַזוינע געלערנטע ווי בוקסטאָרף, באַרטאָלאָטשי, באָכהאַרט א"אַ פלעגן ניט נאָר דערמאָנען אין זייערע ווערק מיט גרויס יראת הכבוד דעם בעל „מאור עינים", נייערט ניט זעלטן איבערזעצן אויף לאַטיין גאַנצע קאַפּיטלען פון „אמרי בינה"

---

1 זע: צונץ, צ״ט. ווערק; מ. שטראַשון, הוספות צו „קריה נאמנה", 307—310.

# פינפטער קאַפּיטל

די שקיעה פון דער רענעסאַנס־תּקופה. — די שפּאַנישע מאַכט און די קאַטוילישע רעאַקציע אין איטאַליע. — לאָיָלאַ און קאַראַפּאַ, די יעזויִטן און און די טעאַטינער. — די אינקוויזיטאָרישע צענזאָרן און די רדיפות אויף דעם יידישן בוך. — דער תּלמוד און די מאַראַנען אויפן שייטערהויפן. — די גזירה פון דעם פּויפּסט פּוילוס דעם פערטן און די ראָלע פון די יידישע דאָקטוירים. — די צענזור איבער יידישע ביכער. — די רעאַקציע אין דער יידישער סביבה. — די פאַרשטאַרקונג פון די מיסטישע שטרעמונגען. — די ערשטע דרוק־אויסגאַבע פונם „זוהר" און פון אַנדערע קבלה־ספרים. — ישראל סרוק און מנחם די־פאַנו. — די ראָלע פון די דייטשע רבנים אין איטאַליע. — יהודה מינץ און יוסף קולון. — יעקב לאַנדוי און מאיר קאַצענעלענבויגן. — דייטש־רבנישע יראת־שמים און רענעסאַנס־ירושה. — אברהם יגל און זיין „גיא חזיון". — דאָס לעבן פונם ווענעציאַנער געטאָ אין אַריה מאָדענאַס בריוו און אויטאָביאָגראַפיע. — שמואל אַרקעוואָלטי און זיין „ערוגת הבושם". — אריה די־מאָדענאַס קינדער־יאָרן, זיין כאַראַקטער און ליטעראַרישע באַגאַבונג; מאָדענאַ אַלס פּערזענלעכקייט. — דער „שכל הישר" אַלס גרעסטער אויטאָריטעט. — מאָדענאַס קוק אויף דעם ענדציל פון דער וועלט. — אַ רב אַלס פאַרביטערטער קעגנער פון רבנות. — אריה מאָדענאַ און זשאַן מעסליע. — דער באַטייט פונם פּאַמפלעט „קול סכל". — דער „צעשטערער" און דער „בונה". — דער קאַמף פון מאָדענאַ קעגן קבלה. — זיין „בן דוד" און „ארי נוהם".

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז אינם קאַמף קעגן די־רוסיס פרייע געדאַנקען האָבן זיך באַטייליקט ניט בלויז די אָרטאָדאָקסע רבנים אין איטאַליע און די מקובלים אוים צפת, נייערט אויך מענטשן מיט אייראָפּעיִשער פילזייטיקער בילדונג, ווי משה פּראָווינציאַלי און יהודה מוסקאַטו[1]. און טאַקע אין דעם זעט מען די בולטע סימנים פון דעם גרויסן שינוי,

[1] זע מוסקאַטוס בריוו צו די־רוסי, וואָס קויפמאַן האָט אין זיין פריער דערמאָנטן אַרטיקל פאַרעפנטלעכט (דאָרטן, 81). אינם בריוו פילט זיך גאַנץ בולט מוסקאַטוס רוגז אויף די־רוסי, פאַרוואָס יענער איז מספּק אין די צאָלן און דאַטן, וואָס ווערן געבראַכט אין תּלמוד, בנוגע צו דער פראַגע, ווי לאַנג ס'האָבן געדויערט דער בית ראשון און בית שני.

וואָס ס'איז אין דער צווייטער העלפט פונם 16טן י"ה פאָרגעקומען אין דער גייסטיקער סביבה פונם איטאַליענישן יידנטום. און די דאָזיקע שטאַרקע ענדערונג אין דער שטימונג פון די יידישע אינטעליגענטע קרייזן איז ענג פאַרבונדן מיט די זייער אומגינסטיקע אויסערלעכע אומשטענדן, וואָס האָבן וואָס ווייטער אַלץ שווערער געדריקט אויף דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן אין איטאַליע. פון איין זייט האָבן פרעמדע חיילות פאַרפלייצט דאָס לאַנד, און פון דער אַנדערער, האָט די קאַטוילישע רעאַקציע אַלץ אומברחמנותדיקער באַוויזן אירע שאַרפע נעגל. די שפּאַנישע מיליטערישע מאַכט, וואָס האָט געוועלטיקט איבער נעאַפּאָל און מילאַן, און אַגב פאַרשפּרייט איר שליטה איבער גאַנץ איטאַליע, האָט דערשטיקט מיט איר שווערן אָטעם דעם גייסט פון הומאַניזם, צעטרעטן מיט אירע באַשפּאָרנטע שטיוול די צאַרטע רענעסאַנס־בלומען. און צוזאַמען מיטן שפּאַנישן דעספּאָטישן דרוק האָבן זיך איבער איטאַליע צעשפּרייט די שוואַרצע פליגל פון דער קאַטוילישער רעאַקציע. דער מלך קאַרל דער פינפטער, וואָס האָט צוזאַמען מיט דער שפּאַנישער קרוין געטראָגן אויך די קיסר־קרוין פון גאַנץ דייטשלאַנד, האָט דערקלערט דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג דעם פאַרביטערטסטן קאַמף. מיט זיין אייזערנער האַנט האָט ער געוואָלט אין בלוט דערשטיקן די פרישע שפּראָצונגען פונם פרייען, „אפּיקורסישן" געדאַנק. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט קאַרל געפונען די שטאַרקסטע שטיצע אין דער קאַטוילישער קירך. אויך זי האָט זיך מיט גרויס אימפּעט געלאָזט אויפן וועג פון „להשמיד ולאבד" — אויסראָטן און צעשטערן. אין 1540 האָבן צוויי גייסטלעכע, דער שפּאַניער לאָיאָלאַ און דער איטאַליענער קאַראַפּאַ, געגרינדעט דעם יעזויִטן־ און דעם טעאַטינער־אָרדן, וואָס זייער ציל איז געווען דעם דורך דער רעפאָרמאַציע־שטורעם ערשיטערטן קאַטוילישן טורעם ווידער אויפסניי באַפעסטיקן מיט אייזערנער דיסציפּלין און אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן אפּיקורסות און פרייען געדאַנק. אַדאַנק דעם עקשנותדיקן קנאי קאַראַפּאַ, וואָס זיין השפּעה איז אַלץ מער געוואַקסן אין די גייסטלעכע קרייזן, ווערט אין די פּויפּסטלעכע פּראָווינצן איינגעפירט אַ נייער אינסטיטוט — די אינקוויזיציע, וואָס איר אויפגאַבע איז זוכן און נישטערן איבערן לאַנד די „צרעת" פון אפּיקורסות. און טאַקע אַלץ דער אייגענער קאַראַפּאַ מיט זיין ברענענדיקן האַס צום פרייען פאָרשן האָט עס אויך דערקלערט דעם פאַרביטערטן קאַמף דעם איידלסטן און בעסטן טרעגער פון מענטשלעכער קולטור — דעם דרוק־וואַרשטאַט. דאָס האָט ער עס דער ערשטער איינגעפירט די ביכער־צענזור בכדי צו שטיקן דעם מענטשלעכן געדאַנק און איינשליסן אין קייטן דאָס פרומע וואָרט. אפילו אַזאַ אומשולדיק בוך,

ווי דאָס באַרימטע ווערק פון ראַפאַעלס פריינד קאַסטיליאָנע ,,Libro del Cortegiano" (דאָס בוך וועגן דער התנהגות פונם הויפמאַן), איז אַרויס פון דער צענזור בשן ועין: דער צענזאָר־בלייער האָט, אַ שטייגער, אויסגעמעקט דאָס וואָרט ,,פאָרטונא". ווו נאָר עס ווערט געבראַכט אַ וויץ וועגן אַ גייסטלעכן, ווערט דער גייסטלעכער גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ פשוטן בירגער אאַז"וו. דעם זעלבן מזל האָט געהאַט באָקאַטשיאָס ,,דעקאַמעראָן" און פילע אַנדערע ווערק. נאָך ביטערער איז געווען דער מזל פון העברעיִשע ספרים. ווייל דער הומאַניזם און די רעפאָרמאַציע האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו דער העברעיִשער ליטעראַטור, אָט דערפאַר אַליין האָבן שוין די קאַטוילישע צענזאָרן, די תלינים פונם געדאַנק, געהאַלטן פאַר נייטיק זיך פאַרהאַלטן מיט אַ באַזונדערער שנאה צום העברעיִשן בוך.

סך־הכל מיט איין דור צוריק האָט לויטן ווונטש פונם ראש פון דער קאַטוילישער קירך, דעם געבילדעטן פויפסט לעוו דעם צענטן, אַ קריסטלעכער פאַרלעגער צום ערשטן אָפּגעדרוקט אין צוועלף בענד דעם גאַנצן תלמוד בשלימות. און אין דרייסיק יאָר אַרום האָט מען אויפן באַפעל פון אַן אַנדער פויפסט און טאַקע דורך דער השתדלות פון קריסט־לעכע דרוקער, פאַרברענט דעם תלמוד אויפן שייטערהויפן...

אַ יידישע דרוקעריי איז אין יענע צייטן געווען אַ גאַנץ גוט גע־שעפט און אין ווענעציע האָבן דאַן צוויי רייכע קויפלייט, יוסטיניאַן און בראַגאַדיני, געעפנט צוויי גרויסע העברעיִשע דרוקערייען. זיי האָבן שטאַרק קאָנקורירט איינער מיט דעם אַנדערן און עס איז ביי די צוויי קאָנקורענטן אויסגעבראָכן אַזאַ שטאַרקער סיכסוך, אַז ס'איז דערגאַנגען צו פשוטע מסירות. איינער פון זיי האָט אונטערגעקויפט צוויי משומדים, יוסף מאָרא און חננאל די־פאָליניאָ, און זיי האָבן צוזאַמען מיט אליהו לעוויטאַס אייניקל, אויך אַ משומד, שלמה רומאַנו, געמטרט פאַר דער זיצונג פון דער אינקוויזיציע, אַז דער תלמוד און אויך אייניקע אַנדערע יידישע ספרים זיינען פול מיט פיינדלעכע אָנפאַלן אויפן קריסטנטום [1]. די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך זייער דערפרייט, נאָר לפנים האָבן זיי באַ־שטימט אַ קאָמיסיע פון קאַרדינאַלן, זיי זאָלן חוקר ודורש זיין אויף ווי ווייט די מסירה איז ריכטיק. ,,דאָס האָט מען עס — באַמערקט מיט גאַל דער געבילדעטער העברעיִסט אַנדריי מאַסיוס — בלינדע באַאויפטראָגט

1 באַריכות וועגן דעם זע די אינטערעסאַנטע בריוו פון אַנדריי מאַסיוס, וואָס פערלעס האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין ,,ביימרעגע", 221—23.

זיי זאָלן עס אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן דער קוואַליטעט פון פאַרבן"[1].
די קאַרדינאַל־קאָמיסיע האָט באַלד אַרויסגעטראָגן איר פסק־דין און אויף דעם סמך האָט מען גלייך דערלאַנגט אַ בקשה דעם פויפּסט יוליוס דעם דריטן, אַז מען דאַרף וואָס גיכער אויסראָטן די געפערלעכע און זייער שעדלעכע העברעיִשע ביכער. דער פויפּסט האָט איינגעוויליקט און דעם 12טן אויגוסט 1553 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן באַפעל. די אינ־קוויזיציע האָט גלייך צעשיקט אירע באַפולמעכטיקטע, זיי האָבן געמאַכט הויז־זוכונגען ביי די יידן אין רוים און פאַרנומען אַלע תלמוד־עקזעמ־פּלאַרן, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען. שבת, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, האָט מען אין די טויזנטער תלמוד־עקזעמפּלאַרן פאַרברענט אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ אין רוים. דאָס אייגענע האָט זיך אויך איבערגעחזרט אין באָלאָניע, פעראַרע, מאַנטוע, ווענעדיק און אין אַנדערע יידישע קולטור־צענטערס[2]. „די דאָזיקע גרויסע זינד — רופט אויס מיט צאָרן דער אויבנדערמאָנטער מאַסיוס — וועט באַדעקן מיט אייביקער שאַנד דעם פּעטרוס־שטול פונם רוימישן פויפּסט!"[3]. נאָך מיט גרעסערער שאַנד האָט זיך אָבער באַדעקט דער „פּעטרוס־שטול" נאָך דעם ווי אים האָט פאַרנומען, אונטערן נאָמען פּוילוס דער פערטער, דער ווילדער קנאי קאַ־ראַפאַ, דער „טעאַטינער" (טיאָטינו), ווי ער הייסט אין די העברעיִשע קוועלן[4].

אָט דער דאָזיקער פינסטערער פאַנאַטיקער, וואָס זיין שנאה צו יידן איז דערגאַנגען ביז צו קרענקלעכן שיגעון[5], האָט זיך שוין ניט גע־וואָלט באַנוגענען מיט שייטערהויפנס פאַר יידישע ספרים — ער האָט געגאַרט נאָך מענטשלעכע קרבנות. אין משך פון צענדליקער יאָרן זינט דעם טאָלעראַנטן פויפּסט לעוו דער צענטער, ביז דעם פויפּסט יוליוס דער דריטער, איז די פויפּסטלעכע פּראָווינץ געווען אַ מקום מקלט פאַר די

---

1 דאָרטן, 225.

2 זע יוסף הכהן, „עמק הבכא", 111; פאָגעלשטיין א. ריגער, ציט. ווערק, II, 146.

3 דאָרטן, 223, 229.

4 „עמק הבכא", 116 א"וו; אַברהם גראַציאַנאָ אין „רעווי. ד. עט. זשוויף", IV, 96—97. אין אייניקע יידישע קוועלן ווערט אַפילו אויסגערעכנט, אַז טיאָטינו מאַכט בגימטריא — הָמָן.

5 יוסף הכהן גיט איבער פאָלגנדיקן פאַקט (ציט. ווערק, 116—117): דער פויפּסט פּוילוס האָט איין מאָל געגעבן זיין ברודער־זון אַ באַפעל, יענער זאָל בסוד אין דער נאַכט־פינסטערניש אונטערצינדן די יידישע געטאָ אין רוים. נאָר אַדאַנק דעם קאַרדינאַל פאַרנעזע, וואָס האָט זיך צופעליק וועגן דעם דערוווסט, איז דער ווילדער באַפעל ניט דורכגעפירט געוואָרן.

אויס פּאָרטוגאַל אַנטלאָפענע מאַראַנען, וואָס האָבן אונטער דער שטיל־שווייגנדיקער הסכמה פון די פּויפּסטן אָפּן זיך אומגעקערט צום גלויבן פון זייערע אָבות. באַזונדערס גרויס איז געווען די צאָל פון די צום דת משה צוריקגעקערטע מאַראַנען אין דער שטאָט אַנקאָנאַ. דער פאַנאַטיקער פּוילוס דער פערטער האָט דאָס אָבער ניט געקאָנט פאַרטראָגן. ער האָט אין דעם דערזען אַ „חילול השם״, אַ פאַרשוועכונג פונם הייליקן קריסט־לעכן גלויבן, האָט ער אַרויסגעגעבן אַבאַפעל, מען זאָל די דאָזיקע „פּורצי גדר״ נעמען אין געפענגעניש און זיי איבערגעבן דעם משפּט פון דער אינקוויזיציע. פילע פון די מאַראַנען אין אַנקאָנאַ האָט אָפּגעגליקט באַ־צייטנס צו אַנטלויפן, צווישן זיי אויך דער שטאָלץ און שיינדל פון דער דעמאָלטיקער מעדיצינישער וועלט, דער באַשעפער פונם באַרימטן מע־דיצינישן קאָמפּענדיום „Centuriae״, אַמאַטוס דער לוזיטאַנער. אַ טייל פון די געפאַנגענע געכומענע האָט די אינקוויזיציע געמוזט אויפן שטרענגן באַפעל פונם אַלמעכטיקן סולטאַן סוליימאַן אַרויסלאָזן פריי, אַלס טער־קישע אונטערטאַנען, נאָר 24 מאַראַנען זיינען נעבעך אומגעקומען אויפן שייטערהויפן דעם 24טן מאַי 1556 [1].

דער פּויפּסט פּוילוס האָט זיך אָבער ניט געוואָלט באַנוגענען בלויז מיט די מאַראַנען. באַלד נאָכדעם ווי ער האָט פאַרנומען דעם פּעטרוס־שטול, האָט ער אַרויסגעגעבן זיין באַרימטן דעקרעט „Cum nimis absurdum״, מיט דעם באַשטימטן ציל צו ברענגען אַ פולשטענדיקן חורבן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן און דערנידעריקן זיי מאָראַליש ביז דער לעצטער מדרגה. חוץ אַנדערע גזירות און באַגרענעצונגען [2] ווערט לויט דעם דאָזיקן דעקרעט פאַרבאָטן יידישע דאָקטוירים זאָלן קורירן קריסטלעכע פּאַציענטן. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, וואָס פאַר אַן

[1] זע „עמק הבכא״, 117—118. „רעווי ד. עט. זשוויף״, XVI, 66—68; „שלשלת הקבלה״, שלוס, ווו עס ווערן געבראַכט די נעמען פון די אין אַנקאָנאַ אומגעקומענע קדושים.

[2] דער דעקרעט, וואָס באַשטייט אויס 18 פּונקטן, פאַרבאָט די יידן זיי זאָלן האַלטן קריסטלעכע דינער; זיי טאָרן זיך ניט פאַרנעמען מיט מסחר, אויסער האַנדל מיט אַלטע קליידער. יידן טאָרן ניט האָבן קיין אומבאַוועגלעך אייגנטום; וווינען קאָנען זיי נאָר אין אַ באַשטימטן אָפּגעזונדערטן קוואַרטאַל, און עס איז זיי ערלויבט צו האָבן ניט מער ווי איין שול. יעדער ייד איז מחויב צו טראָגן אַ געל היטל אויפן קאָפּ און יעדע יידישע פרוי אַ ספּעציעלן שלייער, בכדי מען זאָל זיי לייכט אונטערשיידן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די קריסטן טאָרן ניט פאַרברענגען די צייט און זיך משמח זיין צוזאַמען מיט יידן; אויך טאָרן זיי זיך ניט ווענדן צו אַ יידן מיטן ערן־טיטל „domini״ (זע „שלשלת הקבלה״, סוף; פאָגעלשטיין און ריגער, ציט. ווערק, II, 152–3. זע אויך ביילאַגע נומ׳ 6).

אַנגעזעענע ראָלע יידישע דאָקטוירים האָבן געשפּילט אין איטאַליע; דער דאָזיקער פאַרבאָט האָט דערפאַר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, און בכדי צו באַשיצן דעם כּבוד פון דער גאַנצער יידישער מעדיצינער־קאָאָפּעראַציע, זיינען אָפן אַרויסגעטראָטן צוויי אירע חשובע פאַרטרעטער: דוד ד׳אַסקאָלי [1] און דוד בן יצחק די־פּומים [2], דער באַוווּסטער פאַרפאַסער פונם גרויסן לעקסיקאָגראַפישן ווערק „צמח דוד״ [3] און פון פילע מעדיצינישע אַרבעטן, וואָס האָבן אים געשאַפן אַ גרויס נאָמען צווישן די געלערנטע פון זיין צייט. ניט אָבער מיט אַפּאָלאָגעטישע ווערק האָט מען געקאָנט ווירקן אויף אַזוינע קנאים ווי פּוילוס און זיינע מיטהעלפער. דוד ד׳אַסקאָלין האָט מען פאַר זיין מוטיקן אַרויסטריט פאַרשפאַרט אין געפענגעניש [4], און אין די לעצטע טעג פון דעם „טעאָטינערס״ ממשלה האָבן ווידער העל אויפגעפלאַקערט אויף די שייטערהויפנס טויזנטער העברעיִשע ספרים.

די גרויסע „שריפת התלמוד״, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַרבסט 1553, האָט געבראַכט דערצו, וואָס מען האָט געמוזט פאַרמאַכן אַלע ישיבות אין די פּויפּסטלעכע פּראָווינצן. עס האָט זיך דעמאָלט געבילדעט דערפאַר אַ נייע אַכסניה של תורה אין דער שטאָט קרעמאָנע, וואָס האָט געהערט צום מילאַנער הערצאָגטום. קרעמאָנע איז געוואָרן דער „עיר המקלט״; אַהין האָט מען אַריבערגעפירט די אַלע ספרים, וואָס ס׳איז געלונגען צו ראַטעווען פונם תּליונס הענט, דאָרט האָט מען געגרינדעט ישיבות און אויך אַ גרויסע יידישע דרוקעריי, וואָס זי האָט באַזאָרגט די איטאַליענישע יידן מיט נייטיקע ביכער. דאָס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. די דאָמיניקאַנער, די טרייע דינער פון דער קאַטוילישער רעאַקציע, זיינען דערפון געוואָר געוואָרן, האָבן זיי גלייך אויפגעהויבן אַ גרויסן טומל. ווייל דאָס מילאַנער הערצאָגטום האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער שפּאַנישער ממשלה, האָבן די דאָמיניקאַנער זיך געווענדט צו דעם שטעלפאַרטרעטער פון דער שפּאַנישער מאַכט אין מילאַן און ביי אים באַלד אַרויסבאַקומען אַ שטרענגן באַפעל גלייך צו פאַרטיליקן די געפערלעכע „אַפּיקורסישע״ ביכער ביי יידן. גאַנצע צוועלף טויזנט בענד

---

1 זע פאָגעלשטיין א. ריגער, ציט. ווערק, II, 193; ל. פּירסט, „ביִיטרעגע צ געשיכטע ד. יידישען ערצטע״ („יאַהרבוך פ. געש. ד. יודען״, II, 358).

2 מער באַריכות וועגן דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער פּערזענלעכקייט, זע ל. פּירסט, ציט. ווערק, 358—369, און די הקדמה צו „צמח דוד״.

3 אַ העברעיִש־אַראַמעיִש־איטאַליעניש־לאַטייניש ווערטערבוך, אין וועלכן די־פּומים האָט אויסגענוצט די ווערק פון דוד קמחי, נתן בן יחיאל, אליהו לעוויטאַ א״אַ.

4 פאָגעלשטיין און ריגער, ציט. ווערק, 153.

האָט מען פאַרנומען (אין 1559) ביי די יידן אין קרעמאָנע און זיי אַלע פאַרברענט אינמיטן שטאָט. צוזאַמען מיט די יידישע ביכער האָט מען שוין אַגב פאַרברענט אויך פּראָטעסטאַנטישע ווערק און די ניט לאַנג דער־שינענע איטאַליענישע ביבל־איבערזעצונג [1]. אין דעם זעלבן יאָר איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינם פּויפּסטס נאָמען דער ערשטער רייסטער פון פאַרבאָטענע ביכער (Index), צווישן וועלכע עס איז אויך געווען פאַר־צייכנט דער תּלמוד מיט אַלע זיינע מפרשים און נושאי כּלים. בכדי צו ראַטעווען די „שארית הפליטה'', און דער פאַרבאָט זאָל ניט חל זיין אויף אַלע רעליגיעזע ספרים, זיינען די איטאַליענישע יידן געפאַלן אויף פאַלגנ־דיקער אָרגינעלער המצאה: באַלד נאָך דעם „שריפת התּלמוד'' פון 1553, איז אין פעראַרע פאַרגעקומען אַ רבנים־צוזאַמענפאָר און עס איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן אַ החלטה, אַז פון היינט אָן טאָר קיין שום יידישער מאַנוסקריפּט ניט ווערן געדרוקט אָן דער הסכּמה פון דריי רבנים, וואָס דאַרפן פריער זיך גוט באַקענען מיטן אינהאַלט פונם ווערק [2]. די דרוי־קעריי, וואָס האָט זיך געעפנט אין קרעמאָנע אין 1556, האָט אַליין פאַר זיך איינגעאָרדנט אַ מין צענזור־אַנשטאַלט. יעדעס ווערק, וואָס זי האָט גע־זאָלט דרוקן, פלעגט זי פריער, נאָך אין מאַנוסקריפּט, געבן דורכצוקוקן דעם משומד וויטאָריאָ עליאַנו, שלמה רומאַנוס ברודער. מיט פיל מי און גרויסע הוצאות איז די יידן געלונגען צו ראַטעווען די שוין געדרוקטע רבנישע ספרים אונטער דעם תּנאי, אַז די אַלע ביכער וועלן דורכזען און געהעריק „ריין מאַכן'' [3] (Expurgation) ספּעציעלע צענזאָרן, וואָס פאַר זייער מי האָבן געמוזט באַצאָלן די יידן גופא [4]. בכדי די אָפּיציעלע צענ־זאָרן צו פאַרלייכטערן די אַרבעט, האָבן אייניקע חשובע רבנים, ווי, למשל, אַברהם פּראָווינציאַלי, אַליין פּאַראויס צונויפגעשטעלט אַ רייסטער פון די חשודע ערטער, וואָס דאַרפן אויסגעמעקט ווערן. עס איז אפילו גע־שאַפן געוואָרן אַ ספּעציעל האַנטבוך „Canon purificationis" (אין העברעיִש האָט עס געהייסן „ספר הזיקוק''), מיט וועלכן די צענזאָרן פלעגן זיך באַנוצן ביים „ריייניקן'' די יידישע ביכער [5]. די מחברים פון יענער צייט האָבן שוין אַליין, רעכענענדיק זיך מיט די שטרענגע צענזאָרן

---

1 זע „עמק הבכא", 120ב—122; ל. פירסט, ציט. ווערק, 340.

2 פאָגעלשטיין א. ריגער, ציט. ווערק, 148; „העבר ביבל.", V, 74.

3 אין העברעיִש איז דערצו געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער טערמין: „זיקוק".

4 זע „העבר. ביבל.", V, 73.

5 וועגן דעם דאָזיקן „ספר הזיקוק" און בכלל וועגן דער צענזור פון יידישע ביכער אין איטאַליע אינם 16טן י"ה, זע „העבר. ביבל.", V, 72—77, 96—101, 125—8; דאָרטן, VI, 68—70; „צ. פ. העבר. ביבל.", VII, 166.

פון דער אינקוויזיציע, שטאַרק „גערייניקט‟ זייערע ווערק, בכדי זיי זאָלן ניט נכשל ווערן בעת זיי וועלן אַריין אין די הענט פון די בעלי „הזיקוק‟. אינטערעסאַנט איז, צום ביישפּיל, פאָלגנדיקער פאַל: עזריה די־רוסי ציטירט גאַנץ אָפט אין זיין ווערק מיט גרויס בייגעפיל דעם באַוווּסטן העברעיִסט סעבאַסטיאַן מינסטער. דער דאָזיקער געוועזענער מאָנאַך איז אָבער „נתפּקר‟ געוואָרן און געוועזן איינער פון די הויפּטפירער אין דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג. האָט אים די קאַטוילישע קירך דערקלערט פאַר אַ כּופר בעיקר און גאָטלעסטערער, און די־רוסי האָט דערפאַר מורא געהאַט זיין נאָמען צו דערמאָנען און ער רופט אים דערפאַר אָן פאַרשטעלט: „פּלוני אלמוני‟ אָדער סתּם „חכם נוצרי‟ 1.

עס איז דערפאַר כּלל זיך ניט צו חידושן, וואָס בײַ אַזאַ שטרענגער צענזור און אין דער אַטמאָספער פון אומברחמנותדיקן קאַמף, וואָס די אינקוויזיציע האָט געפירט קעגן אַפּיקורסישע ביכער, האָבן אויך די יידישע רבנים אָנגעהויבן מיט מער חשד זיך צו פאַרהאַלטן צו יעדן בייעם געדאַנק, און אין די־רוסים פרייע קריטישע פאָרשונגען האָבן זיי דערזען די געפערלעכסטע אַפּיקורסות.

דאָ מוז מען זיך אָבער אָפּשטעלן אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן פּרט. טאַקע בײַ דער שטייגנדיקער רעאַקציע, בעת דער תּלמוד ווערט געררודפט און געברענט, טוט די קאַטוילישע קירך גופא ניט ווייניק מיטהעלפן די יידישע קבלה־ספרים זאָלן וואָס מער פאַרשפּרייט ווערן און פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דעם יידישן קולטור־לעבן. די זעלבע יידישע משומדים, וואָס האָבן אַזוי געוואַלדעוועט וועגן דער גרויסער „שעדלעכקייט‟ פונם תּלמוד, האָבן זיך געפלייסט צו איבערצייגן די קאַטוילישע גייסטלעכע, אַז דעם „זוהר‟ איז ניט פרעמד דער גרונט־געדאַנק וועגן דער געטלעכער דריי־אייניקייט און אַז אין דעם דאָזיקן ווערק הערשט בכלל אַ גאַנץ פריינדלעכע באַציִונג צום קריסטנטום. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס דעם „טעאָטינערס‟ מיטהעלפער, וועלכע האָבן מיט אַזאַ ווילדקייט געררודפט דעם תּלמוד, האָבן זיך פאַרהאַלטן זייער טאָלעראַנט צו קבלה־ספרים. און אין דער זעלבער צייט, בעת אין דעם רוב קולטור־צענטערס פון איטאַליע האָבן די דינער פון דער אינקוויזיציע געברענט דעם תּלמוד מיט זיינע מפרשים אויף די שייטערהויפנס, האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען אין דרוק איין קבלה־ספר נאָכן אַנדערן: פריער דער „ספר אמונות‟ פון שם־טוב בן שם־טוב (1555), דערנאָך דער „מראות אלהים‟

1 זע וועגן דעם בײַ פּערלעסן, בייטרעגע, 40.

(1556) דער „לוית חן" (1557), דער „מערכת האלהות" (1558) אאז"וו [1].

אין 1559, אין דעם זעלבן יאָר, ווען מען האָט אין קרעמאָנע צוועלף טויזנט יידישע ספרים אינמיטן גאַס פאַרברענט, איז מאַקע אין קרעמאָנע גופא, און צו איין און דער זעלבער צייט אויך אין מאַנטוא, דער „זוהר" צום ערשטן פונם דרוק אַרויס, און דאָס אין צוויי אויסגאַבן מיט אמאָל. פּוילוס דער „טעאַטינער" גופא און דער טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע האָבן דערויף זייער הסכּמה געגעבן, און אין דער קרעמאָנער אויסגאַבע האָט אַ שטאַרקן אָנטייל גענומען דער אייגענער וויטאָריאָ עליאַנו [2] (אליהו בחורס אַן אייניקל), וואָס אַדאַנק זיין מסירה איז עס די דאָמיניקאַנער געלונגען אַרויסצובאַקומען ביים שפּאַנישן שטעלפאַרטרעטער אַ באַפעל דעם „קריסטלעך־פיינדלעכן" תלמוד צו פאַרברענען.

דאָס דערשיינען פונם „זוהר" אין דרוק, און דאָס נאָך אין אַזאַ עת צרה, האָט אויפגערודערט די גאַנצע רבנישע וועלט אין איטאַליע. אַ טייל רבנים מיטן באַרימטן מהר"ם מפּאַדוא בראש האָבן גערעכנט, אַז עס איז כּלל ניט געוווּנטשן די „חכמת הנסתר", וואָס איז באַהאַלטן אין „זוהר", זאָל ווערן צוגענגלעך פאַר אַלעמען. עס האָבן זיך אָבער געפונען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן טאַקע דערזען אַ געפאַר גראָד אין די טענדענצן און געדאַנקען, וואָס זיינען אַזוי געפעלן געוואָרן אינם „זוהר" אַזוינע פאַרביסענע שונאים פונם תלמוד, ווי פּוילוס דער פערטער און זיינע מקורבים. עס איז אַפילו אויך עפנטלעך אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיינונג, אַז „דאָס שטודירן דעם „זוהר" קאָן ברענגען צו כּפירה" [3]. דער פאַר אָבער האָט דער געדאַנק דעם „זוהר" דורכן דרוק צו פאַרעפנטלעכן געהאַט אויך אַזוינע הייסע אָנהענגער, ווי משה פּראָווינציאַלי, דער מקובל משה באַסולאַ און יצחק די־לאַטעס, וואָס טאַקע אַדאַנק זיי איז דאָס

[1] אינטערעסאַנט איז דעם באַוווּסטן רב פון יענער צייט, מנחם פּורטוס נאַיוועס באַמערקונג אינם נאָכוואָרט צו זיין „מנחה בלולה": „וידעתי כי רבים ילעיגו יפטירו שפה עלי בפרט כי מאחרי לוקחה מאתנו הגמרא נתמלאה הארץ דעה מקובלים בעלי החכמה האלהית יושבי בסתר עליון ומסתכלים באספקלריא המאירה, ואני בעניי ובאולתי רמים וגבוהים הדברים בעיני כי על כן בחבורי הזה לא ימצאו כאלה כי אם זער שם זער שם". (מיר ציטירן לויט דער ערשטער וועראָנער אויסגאַבע פון 1544).

[2] צום סוף פון קרעמאָנער אויסגאַבע געפינט זיך פאָלגנדיקע באַמערקונג: „ותשלם מלאכת הקדש מכל מה שיגענו ומצאנו מספר „הזוהר"... היום יום ששי ח' כסלו שנת חמשת אלפים ושלש מאות ותשעה עשר לבריאת עולם, והוגה על ידי... הבחור כמ"ר וויטטורייא אליאַנו נכדו של ראש המדקדקים הר"ר אליהו המדקדק ז"ל".

[3] „העיון בזוהר יביא למינות" (די דאָזיקע מיינונג ווערט געבראַכט אין די־לאַטאַסעס הסכּמה צו דער ערשטער זוהר־אויסגאַבע אין מאַנטואַ).

גאַנצע אונטערנעמונג ניט געבליבן שטעקן אינדערמיט. אינטערעסאַנט זיינען די טענות, וואָס די־לאַטעס האָט אַרויסגעשטעלט קעגן דער מיינונג, אַז דאָס לערנען דעם זוהר קאָן ברענגען צו כפירה: „דאָס וואָס די האַנט פונם מלכות, וועלכער רעגירט איבער אונז מיט גרויס חכמה, האָט אונז (די מקובלים) ניט אָנגערירט, ערקלערט זיך דאָס בלויז דערמיט, וואָס די מאַכט האָט די גוטע כוונה צו באַזייטיקן די דערנער און האַרבע אויס־דרוקן, וואָס רופן אַרויס קריג צווישן דעם קריסט און דעם יידן. די דאָזיקע רבנים אָבער (ד״ה די זוהר־קעגנער), וואָס ווילן אַלץ עוקר מן השורש זיין — זיי זיינען עס די אמתע וועלט־אומברענגער און וועלט־צע־שטערער״ [1].

די דאָזיקע שטעכיקע ווערטער דערמאָנען ניט ווילנדיק אין אברהם אבולפיה מיט זיינע צאָרנדיקע אָנפאַלן אויף די רבנים און דעם תלמוד...

און גראָד אין יענער צייט טרעט אַריין די יידישע מיסטיק אין אַ נייער תקופה פון איר אַנטוויקלונג. אין דעם נייעם יידישן קולטור־צענטער, וואָס האָט זיך געבילדעט אין דער אָטאָמאַנישער גוואַלטיקער מלוכה [2], האָט זיך די קבלה באַרייכערט מיט נייע עלעמענטן. צפת איז געוואָרן דער צענטער פון דער נייער קאַבאַליסטישער תורה, וואָס זייערע באַגרינדער זיינען געווען די באַרימטע מקובלים ר׳ משה קורדובירה און ר׳ יצחה לוריא (אר״י). באַלד איז פון צפת אַראָפּגעקומען קיין איטאַליע אַ ספּעציעלער משולח, ישראל סרוק [3], אַן ענערגישער אַגיטאַטאָר, וואָס האָט מיט גרויס ערפאָלג פאַרשפּרייט די לערע פון די צפתער מקובלים. אין מאַנטוּאַ איז סרוקן געלונגען צו דערווערבן אַ הייסן אָנהענגער פון אר״ים שיטה אין קבלה אין דער פּערזאָן פונם רייכן און זייער אָנגעזעענעם מנחם עזריה (עמואל) די־פאַנו [4]. געבאָרן אין אַ שטאַרק רייכער און חשובער פאַמיליע [5], האָט מנחם עזריה באַקומען אַ פילזייטיקע דערציִונג, אָבער

---

[1] זע די־לאַטעסעס הסכמה צו דער מאַנטואַנער זוהר־אויסגאַבע (די־לאַטעסעס שו״ת, ווינער אויסגאַבע, 1860, ז׳ 124): „כי אלה העברים הטפשים החלושים בסברתם אומרים אמור כי להיותנו בזמן שגזרה המלכות שרפת התלמוד לכן בקעה מצאו וגדרו בה גדר. אוי לאזנים שכך שומעות... ובאשר לא נגעה בנו יד המלכות המושלת בחכמה שלא כונו אלא לכונה טובה להסיר קוצים ודברים קשים בעיני המלכות המביאים לידי קטטה בין האדמי ובין הישראלי, ואלה הרבנים באים לעקור את הכל מְבַלֵי עולם ומחריבי עולם״.

[2] וועגן דעם אינם ווייטערדיקן טייל פון אונזער געשיכטע.

[3] ישראל סרוק האָט אַליין קיין ווערק ניט איבערגעלאָזט חוץ אַ פירוש „נעים זמירות ישראל״ אויף די שבתדיקע „זמירות״.

[4] געבוירן אין 1548, געשטאָרבן אין 1620.

[5] מער באַריכות וועגן דער פאַמיליע די־פאַנו זע קויפמאַנס אַרבעט אין „רעווי ע. ע. זשוויף״, 35, 84—90.

שוין פון די יונגע יאָרן אָן האָט אים שטאַרק צו זיך געצויגן דער כּישוף פון דער „חכמת הנסתּר". ער איז געווען באַפריינדעט מיט דעם מקובּל קורדוביר׳ה, פלעגט אים אָפטע בּריוו שרייבּן [1], און נאָך קורדוביר׳הס טויט האָט די־פאַנו פאַר אַ גרויסער סומע געלט אָפּגעקויפט בּיי דער אַלמנה אַלע כּתבים, וואָס זיינען געבּליבּן פון קורדוביר׳הן. נאָכדעם ווי סרוק האָט אים באַקענט מיט יצחק לוריאס שיטה, איז ער געוואָרן דעם אר״ים אַ בּרענענ־דיקער חסיד. מיט גרויס התפּעלות האָט ער פּראָפּאַגאַנדירט דעם אר״ים אידעען אין זיינע פּילצאָליקע ווערק, וואָס ער האָט געשריבּן [2], און אויך אין זיין גרויסער ישיבה, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן שם און עס פלעגן אַהין קומען יונגעלייט ניט נאָר פון גאַנץ איטאַליע, נייערט אויך אויס דייטשלאַנד און פּוילן. אָט דער דאָזיקער ראש ישיבה און מקובּל, וואָס דער בּאַקאַנטער יש״ר מקאַנדיא קרויינט אים מיטן נאָמען „רבּן של מקובלי ארצות מערב׳י [3], האָט זיך ניט געוואָלט בּאַנוגענען דערמיט, וואָס דער זוהר איז דער אָנערקענטער קוואַל פון חכמת הנסתּר. ער האָט אין אים אויך געזען איינעם פון די וויכטיקסטע אויטאָריטעטן אויפן געבּיט פון הלכה און האָט דערפאַר אַרויסגעשטעלט דעם כּלל, אַז „דער תּלמוד בּבלי, דער ירושלמי און דער זוהר זאָגן איינס און דאָס זעלבּע" (שהבּבלי והירושלמי וספר הזוהר כּולם אמרו דבר אחד).

אפילו אַזאַ פרייער פאָרשער, ווי עזריה מן האדומים, האָט אָנער־קענט דעם גרויסן אויטאָריטעט פון די „חכמי האמת" [4], און אויך ער האָט גערעכנט, אַז דעם זוהר האָט געשריבּן דער „געטלעכער" ר׳ שמעון בּן יוחאי (האלהי ר׳ שמעון בּן יוחאי) [5]. אמת, פון דעם שאַרפן קריטישן בּליק פון די־רוסי איז ניט געווען פאַרבּאָרגן, אַז אייניקע טיילן פונם זוהר האָבּן בּשום אופן ניט געקאָנט פאַרפאַסט ווערן אין שמעון בּן יוחאיס צייטן; ער האָט אָבּער געוואַגט בּלויז אָנצווייזן, אַז די בּאַטרעפנדיקע טיילן זיינען רעדאַקטירט געוואָרן אין שפּעטערדיקע דורות [6]. און אליהו לעוויטעס

---

[1] משה קורדוביר׳הס זון, גדליה, שרייבּט אין דער הקדמה צו דער ערשטער אויסגאַבּע „אור נערב": „החכם השלם הרמ"ע מפאנו נר"י בכל בית אבי נאמן הוא אשר אהב לכתוב לו רובי תורותיו, בהם דבק מאוד לאהבה".

[2] דעם פולשטענדיקן רייסטער פון די־פאַנוס ווערק גיט י. ווידאַסלאַווסקי אין זיין „תולדות ר׳ מנחם עזריה די־פאַנו", 1904, 47—56.

[3] אין „מצרף לחכמה", דף 14, עמ׳ א.

[4] זע „מאור עינים", I, 86, II, 28 אאַז"וו.

[5] דאָרטן, I, 99, II, 186.

[6] דאָרטן, 223: „גם יתכן כי המדרש הנעלם כלו וכן הרעיא מהימנא חוברו מעיקרם ע"י אמוראים, אשר אמנה רוב דבריהם יצאו מחכמי קדם".

פריער געבראַכטע מיינונג, אַז די „נגינות והטעמים" זיינען בײַ ייִדן איינגעפירט געוואָרן פיל דורות נאָכן חורבן בית שני [1], וואַרפט די־רוסי אַפּ בלויז אויס דעם טעם, וואָס דער זוהר דערמאָנט דאָך אָפּט די נקודות און דעם טראָפּ [2]. די־רוסיס אַ בן־דור, דער איטאַליענישער רב יעקב בן יצחק לוצאַטאָ, וואָס האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין דעם קבלה־צענטער צפת, דערקלערט באַשטימט, אַז בלויז דער, וואָס דרינגט אַריין אין די מיסטישע סודות, וועלכע זיינען באַהאַלטן אינם טעקסט פון די הייליקע ספרים, קאָן הייסן „בעל תורה באמת"; און אין זיין „כפתור ופרח", וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט ענדע 1580 אין באַזעל, פליסט ער זיך צו דער־ווייזן „על דרך מדרש של רשב"י", ד"ה אויפן דרך פונם „זוהר", די אמתע „כונות האגדות", די טיפע מיסטישע רמזים, וואָס זיינען באַהאַלטן ניט נאָר אין דער תורה, נייערט אויך אין די פאַנטאַסטישע אגדות פון תלמוד בבלי, ירושלמי און מדרשים [3]. און ער איז זיך שטאַרק מתרעם אויף די, וואָס ווילן די גמרא „אָוועקשטעלן נאַקעט און בלויז", און דער־קלערן דעם תלמודישן טעקסט בלויז על דרך השכל. „אוי לאותה בושה אוי לאותה כלימה!" רופט לוצאַטאָ אויס מיט כעס [4].

אָט אַזוי, טריט בײַ טריט, שטאַרבט אָפּ אונטער דעם פּראַסטיקן אָטעם פון דער רעאַקציע דער לעבעדיקער גייסט פון הומאַניזם הן אין דער קריסטלעך־איטאַליענישער סביבה הן אין דעם ייִדישן געטאָ. אַלץ מער וואַקסט די השפּעה און שליטה פון דער לוריאַנער קבלה אויס דעם ווייטן צפת און פון דער שטרענגער פאַרמרה־שחורהדיקער רבנות אויס דעם שכנותדיקן דייטשלאַנד. מען מוז דערבײַ נעמען אין באַטראַכט, אַז נאָך אַפילו אין דער גלאַנץ־תקופה פון דעם רענעסאַנס האָבן אין די ייִדישע קהילות פון איטאַליע די באַדייטנדסטע ראָלע געשפּילט די רבנים, וואָס האָבן געשטאַמט אויס דייטשלאַנד. די סיבה דערפון דאַרף מען זוכן אין

---

1 זע אויבן, קאַפּ' 2.

2 „מאור עינים", קאַפּ' 59.

3 כאַראַקטעריסטיש איז לוצאַטוס דערקלערונג אין דער פאָררעדע צו „אײן ופרח": „והכונה שצריך להתעורר על התורה מעט מעט; בתחלת התעוררתי תאפילנו הקל תחלה דברים פשוטים דרך דרש שאין בהם זולת פשטים כהרבה דרשות שבאו בתלמוד; וכשתראה שעדיין נכספה נפשו אליה ושונה תמיד באהבתה וחפץ להיות טבני ביתה — תטעימנו דברים יותר עמוקים ברמז ותמשיל לו משלים וחידות יהיו לו אותות ורמזים אל דברים נסתרים ונעלמים והיא נקרא הגדה; וכשהוא ייתר שוקדו ורגיל אצלה אז תגלה ותראה אליו פנים בפנים ותודיענו פתרון הרמזים ותגלה לו מצפוני לבה ומשם והלאה לא תכסה ממנו דבר. וזהו הנקרא בעל תורת באמת".

4 „לפשוט הגמרא ערומה כיום הצנתיה על האדמה וללבוש לה לבוש מדומה בדמיון השכל ולב מרומה".

דעם אייגנאַרטיקן לעבנסשטייגער פון די איטאַליענישע יידן. ביי דער באַדייטנדיקער פרייהייט, וואָס יידן האָבן גענאָסן אין איטאַליע, האָט די יידישע יוגנט זיך בערך ווייניק אָפּגעגעבן מיט תלמוד און פוסקים. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די איטאַליענישע אוניווערסיטעטן זיינען געווען אָפן פאַר יידן גלייך ווי פאַר קריסטן. די יידישע יוגנט האָט מיט גרויס חשק שטודירט נאַטורוויסנשאַפטן, אַסטראָנאָמיע און באַזונדערס מעדיצין. דער פועל־יוצא דערפון איז געווען, וואָס ס׳האָבן זיך געפונען ווייניק בעלנים צו באַזוכן די ישיבות און זיך ספּעציעל אָפּגעבן מיט רבנישע לימודים. דערצו האָט נאָך דאָס לערנען אין אוניווערסיטעט גע־קאָסט באַדייטנד ביליקער ווי אין די ישיבות. וועגן דעם זאָגט עדות אַ זייער אינטערעסאַנטער דאָקומענט פון יענער צייט — אַ בריוו פון יעקב פּראָווינציאַלי צו דוד מיסר ליאון [1], געשריבן אין 1490, ווו עס ווערט אַזוי אָפנהאַרציק דערציילט, וואָס פאַר אַן ענטפער די יידישע יונגעלייט האָבן געגעבן אויף די געמאַכטע פאַרוואורפן, פאַרוואָס זיי גיבן זיך אַזוי ווייניק אָפּ מיט תלמוד און מיט דער רבנישער ליטעראַטור.

„עס איז דאָך — טענהן זיי — פיל גלייכער פאַר אונז הערן פאַר־לעזונגען ביי קריסטלעכע געלערנטע, וואָס לערנען מיט אונז פאַר אַ גאַנץ קליינעם שכר־לימוד, ווייל זיי באַקומען גרויסע שטיצע מצד דער מלוכה אָדער שטאָטפאַרוואַלטונג. אויך מאַכן זיי ניט קיין שום אונטערשייד צווישן יידן און קריסטן״ [2] עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס איטאַליע איז דעמאָלט ניט געווען קיין אַכסניה של תורה, און ווען אַ גרויסע רייכע קהילה האָט באַדאַרפט האָבן אַ רב, פלעגט זי אים זוכן אין דייטשלאַנד [3].

פון די צוויי גרעסטע רבנים, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין איטאַליע, יהודה מינץ און יוסף בן שלמה קולון, האָט דער ערשטער גע־

---

1 „דברי חכמים״, 1849, 65.

2 דאָרטן, 73: „הלא טוב לני לשמוע מפי חכמי הניצרים אשר ילמדו לנו בדמים קלים, וזה אומרים בעבור שחכמי הגוים ופקחי האומות יש להם פרס גדול מבית המלך או מתקיפי העיר אשר הם יושבים ובעבור זה הם מקילים לתלמידים ואין שואלים להם דבר ׳בין שהיו גויים או יהודים, ובעבור זה היהודים התלמידים אינם רוצים לפיזור ממון לתת לשום חכם יהודי״. אויך דער אונז שוין באַקאַנטער בעל „מנחת קנאות״, יחיאל אוים פיזאַ, האַלט פאַר נייטיק אָנצווייזן: „ולא כמו שאמרו קצת מבני עמנו בדור הזה: מה לנו לחלום כל ימינו בגרסות התלמוד ובמחלוקות האמוראים. די לנו לדעת דרך פסק ענין המצות ולא נחוש אל דעות האמוראים וסברתם („מנחת קנאות״, 88).

3 באַריכות וועגן דעם זע: גידעמאַן, צים. ח. III, קאַפּ׳ 7; ווייס, „דור דור ודורשיו״, V, קאַפּ׳ 27.

שטאַמט פון דייטשלאַנד, און דער צווייטער, וואָס איז אַפילו געווען פון די „גרושי צרפת״ — פון די אוים פראַנקרייך פאַרטריבענע, דאָך האָט ער דורך זיין פאָטער, דעם מיינצער רב ר׳ יעקב מעלינס אַ תּלמיד, גע־שעפּט תּורה פון דייטשלאַנד. און טאַקע יוסף קולון האָט מיט זיין גרויסן אויטאָריטעט פיל מיטגעווירקט, וואָס די השפּעה פון די דייטשע רבנים מיט זייערע מנהגים און וועלטבאַנעם האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט אין צפון־איטאַליע. יוסף קולון איז געווען איינער פון די גרעסטע גאוני התּלמוד אין זיין דור [1], ער האָט אָבער ניט באַקומען קיין שום אייראָ־פּעיִשע בילדונג און ער האָט דערפאַר געפירט אַ שטאַרקע מחלוקת מיט דעם איבערצייגטן קעגנער פון קבלה און אייראָפּעיִש געבילדעטן יהודה מיסר ליאון [2]. אַן עקשנותדיקן קאַמף מיט אַן אַנדער קבלה־קעגנער, מיטן פילאָזאָפיש־געבילדעטן אליהו דילמידיגו, האָט געפירט דער צווייטער גדול הדור, דער אויבנדערמאָנטער רב יהודה מינץ. יהודה בן אליעזר מינץ האָט אַפילו פאַרמאָגט מער אַלגעמיינע בילדונג ווי קולון [3], דאָך האָט אויך ער געזען לויטער אפּיקורסות אין די פרייע געדאַנקען, וואָס עס פלעגט אַפילו אַרויסזאָגן דער בעל „בחינת הדת״.

דאָס, וואָס די מנהגים פון די דייטשע רבנים זיינען באַלד אָנגע־נומען געוואָרן אין איטאַליע, האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפן אַ בן־דור פון מינץ און קולון, דער באַקאַנטער און אָנערקענטער פּוסק יעקב ברוך לאַנדוי, וואָס איז צוזאַמען מיט זיין פאָטער יהודה ליוויע אַריבערגעפאָרן פון דייטשלאַנד קיין פּאַדוא, און דערנאָך זיך באַזעצט אין נעאַפּאָל. זיין רייכער תּלמיד עזרא אברהם בן דוד עובדיה האָט פיל זיך באַשעפטיקט מיט פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן און דערפאַר ניט געקאָנט אָפּגעבן פיל צייט תּלמודישע לימודים; בכדי זיין תּלמיד זאָל דאָך זיין בקי אין אַלע דינים און הלכות, האָט יעקב לאַנדוי פאַרפאַסט זיין זאַמלבוך „אגור״, וואָס האָט אויסגעהאַלטן פילע אויסגאַבן [4]. אין דעם דאָזיקן

1 וועגן דעם באַטייט פון יוסף קולון אַלס תּלמודיסט, זע: גידעמאַן, צית. ווערק, 209, 188—190; וויים, צית. ווערק, 269 - 274.

2 דער סוף פון דער מחלוקת איז געווען, וואָס לויטן באַפעל פונם הערצאָג האָבן ביידע רבנים געמוזט פאַרלאָזן מאַנטוא.

3 נירונדי אין זיין „תּולדות גדולי״ וכו׳, 122, דערציילט, אַז ער גופא האָט געזען אין פּאַדוער אוניווערסיטעט הענגען יהודה מינצס בילד מיט אַן אויפשריפט, אַז מינץ האָט בשעתו געלייענט לעקציעס אין דעם דאָזיקן אוניווערסיטעט: „והקקו צלם דמות תבניתו במדרש החכמות ואני הצעיר ראיתיו מוצב שם במעלות הסולם עם מכתו ציון תהלתו לכבוד ולתפארת״.

4 זע די פאָררעדע צו „אגור״.

זאמלווערק פון בערך אַנדערטהאַלבן טויזנט פּסקי־דינים און מנהגים טרעט לאַנדוי אַרויס אַלס שאַרפער מחמיר און הייסער אָנהענגער פון די רבני אשכּנז [1]. לאַנדוי איז אויך געווען כּמעט דער ערשטער, וואָס האָט אַלס פוסק אַפילו אין עניני איסור והיתּר זיך גערעכנט מיטן „זוהר״ און מיט אַנדערע קבלה־ספרים, ווי מיט די גרעסטע אויטאָריטעטן [2]. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס לאַנדויס ווערק איז געווען שטאַרק אָנגענומען ניט נאָר אין איטאַליע, נייערט אויך אין דייטשלאַנד, און האָט דאָרט געגאָלטן אַלס איינער פון די באַדייטנדסטע פוסקים.

אין דער ישיבה, וואָס יהודה מינץ האָט געגרינדעט אין פּאַדוא, האָבן זיך דערצויגן פילע פון דייטשלאַנד אַנטלאָפענע יונגעלייט און טאַקע פון דער דאָזיקער ישיבה איז אַרויסגעקומען דער באַדייטנדסטער רב, וואָס איטאַליע האָט פאַרמאָגט אין 16טן י״ה, ר׳ מאיר בן יצחק קאַצענעלענבויגן, מער באַקאַנט אונטערן נאָמען מהר״ם מפּאַדוא [3].

די פון דייטשלאַנד געקומענע רבנים מיט זייער שטרענג אָרטאָ־דאָקסישן וועלטבאַנעם האָט כּלל ניט געקאָנט געפעלן דער פרייער לעבנס־שטייגער פון די יידן אין איטאַליע מיט זייער הנהגה, אין וועלכער עס האָט זיך אין דער רענעסאַנס־תּקופה געפילט די שטאַרק אַסימילירנדיקע השפּעה פון דער אויסערלעכער סביבה. וואָס מער איינצוימען מיט חומרות און סייגים האָבן זיי געוואָלט דעם צו רוישנדיקן לעבנס־שטראָם, אויס־לעשן מיט זייער מרה־שחורה און שטרענגע פאַרבאָטן די פרייד און די לוסט צום לאַכנדיקן און בלוטפולן לעבן. אין דער הינזיכט האָט זיי פיל מיטגעהאָלפן די אַלגעמיינע רעאַקציע, וואָס האָט זיך אַזוי געשטאַרקט אין איטאַליע אין דער צווייטער העלפט פונם 16טן י״ה.

און דאָך האָבן זיך אינם יידישן קיבוץ אין איטאַליע נאָך צו שטאַרק געלאָזט הערן די נאָכקלאַנגען פון דער רענעסאַנס־תּקופה. ניט אַזוי לייכט איז געווען צו דערשטיקן דעם גיריקן דראַנג צו געניסן די תּענוגים פון עולם הזה און דעם דורשט נאָך די פריידן פון לעבן. עס איז גענוג צו דער־מאָנען, אַז נאָך אין סוף פונם 16טן י״ה איז ביי די איטאַליענישע יידן

---

1 „אגור״, דף 51, עמ׳ א׳ א״ו.

2 דאָרטן, דף 5, עמ׳ א׳ (מיר ציטירן לויט דער אָפּענבאַכער אויסגאַבע, 1718).

3 ער האָט חתונה געהאַט פאַר יהודה מינצס אייניקל און נאָך מינצס טויט איז ער געוואָרן אויף זיין אָרט רב אין פּאַדוא. זיין זון שמואל האָט דער ערשטער געגעבן זיין חתימה אונטער דעם כּרוז פון די רבנים קעגן עזריה די־רוסי.

געווען פאַרשפּרייט דער ספּאָרט פון געיעג אויף חיות פון די וועלדער [1].
די דייטשע רבנים האָבן אָבער וואָס גיכער געוואָלט איינבירגערן אינם יידישן קיבוץ אין איטאַליע דעם אַסקעטישן און שטרענג־אָרטאָדאָקסישן לעבנס־שטייגער פון די דייטשע קהילות — האָט דאָס געמוזט ברענגען צו סיכסוכים און צאָרנדיקער אומצופרידנקייט. די גלענצנדסטע פּאָרטרע־טער אָט פון דער פּראָטעסט־שטימונג אין יענער צייט זיינען צוויי זייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן: יהודה אריה (לעאָן) די־מאָדענאַ און יוסף דילמידיגו.

יהודה פון יצחק די־מאָדענאַס לעבן איז באַקאַנט אין אַלע פּרטים אַדאַנק זיין זעלבסטביאָגראַפיע, וואָס ער האָט פאַרענדיקט איייניקע טעג פאַר זיין טויט [2]. די דאָזיקע ביאָגראַפיע, צוזאַמען מיטן פּאַק בריוו, וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען [3], האָבן אַ באַדייטנדיקן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס, ווייל זיי באַקענען ניט נאָר מיטן לעבן פון לעאָן מאָדענאַ און זיין פאַמיליע, נאָר אויך מיטן לעבנס־שטייגער פונם דעמאָלטיקן יידישן קיבוץ אין איטאַליע, בפרט אין דער ווענעציאַנער קהילה. ניט קוקנדיק אויף דער שוואַרצער רעאַקציע מיט אירע גזירות, האָט די רייכע יידישע באַפעלקערונג אין ווענעציע געגאָסן מיטן פולן מויל אוים דעם שוימענדיקן בעכער פונם לעבן. מען האָט דערביי נעמען אין באַטראַכט, אַז ווענעציע איז אינם 16טן י"ה געווען איינע פון די שענסטע און לעבנסלוסטיקסטע שטעט אין דער וועלט. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז דאָרט געווען אַנטוויקלט אין דער ברייטסטער מאָס. די ווענעציאַנער האָבן מער פון אַלץ ליב געהאַט די רעשיקע טויזנט־קעפּיקע פאַרזאַמלונגען, די פּאַראַד־פּראָצעסיעס און פאָרשטעלונגען מיט די שימערירנדיקע פּראַכט־פולע קליידער און באַצירונגען; זיי זיינען געווען פאַרשיכּורט מיט דעם יום־טובדיקן פילפאַרביקן גלאַנץ פונם לאַכנדיקן פריידלוסטיקן לעבן. „אין קיין שום אַנדער שטאָט — ערקלערט אַזאַ פיינער איטאַליע־שעצער ווי מ. מוראַטאָוו — זיינען קיינמאָל ניט געווען צונויפגעזאַמלט אַזוינע

---

1 אין אַברהם יגלס „גיא חזיון", 14 (געשריבן אין 1578) ווערט דערציילט: „ויהי היום והנה יחדיו היינו רוכבים צמדים ביער אחד אשר הלכנו שם לשוטט ולצוד ציד להביא, כי כן היה משפטנו ב' או ג' פעמים בשבוע" (מער באַריכות וועגן אַברהם יגל און זיין ווערק, זע ביילאַגע נומ' 7).

2 „חיי יהודה". אויסצוגן פון דעם ווערק האָבן בשעתּו פאַרעפנטלעכט ש. ד. לוצאַטאָ און א. גייגער. פולשטענדיק האָט צום ערשטן געדרוקט דעם „חיי יהודה" אַברהם כהנא אין 1912.

3 ל. בלוי, „לעאָ מאָדענאַס בריעפע א. שריפטשטיקע (כתבי הרב יהודה אריה ממודינא), 1906".

רייכטימער, אזוינע פילפארביקע פראכט־געוועבן, ווי אין ווענעציע פונם 16טן י"ה. אין יום־טובים און אין טעג פון פייערלעכע פראצעסיעס און פארשטעלונגען זיינען די פאלאצן, די קירכן, די פאדערוועגט פון די הייזער, די גאנדאלן, די מארק־פלעצער אפילו — אלץ איז געווען באהאנ־גען און באדעקט מיט סאמעט, שפאניער און מיט די זעלטנסטע דיוואנעס. בשעת די פראצעסיעס איבער דעם גרויסן ווענעציאנער קאנאל פלעגן די הונדערטער גאנדאלן זיין באצירט מיט העל־רויטן זיידשטאף. מיר האבן אבער גאר קיין השגה ניט, מיר זיינען ניט אימשטאנד זיך פארצושטעלן די דאזיקע פראכט. מיר האבן שוין אנגעווארן דעם חוש געהעריק אפצו־שאצן די אויסטערלישע שיינקייט פון פילפארביקע טייערע שטיינער, וואס באדעקן גאנצע געביידעס אדער לאזן זיך אראפ אין שימערירנדיקע קאסקאדן פון די הויכע דעקן. דאס היינטיקע לעבן באשענקט ניט אונזער אויג מיט אזעלכע פייערונגען... אט פארוואס מיר קאנען האבן בלויז גאנץ בלאסע באגריפן וועגן די באפוצונגען צו א יום־טוב אין ווענעציע, פונקט ווי א מענטש, וואס האט אין לעבן לאנג געזען בלויז קליינע וואר־סערן, קאן ניט האבן קיין באגריף וועגן דעם רחבות פונם ים"[1].

אט די דאזיקע סביבה האט געהאט א גרויסע השפעה אויך אויף דער יידישער באפעלקערונג פון ווענעציע. נאר ווען מען נעמט אין בא־טראכט די לייכטזיניקע און לעבנסלוסטיקע סביבה פון ווענעציע, איז צו דערקלערן, וואס אזא ערנסטער געלערנטער ווי אליהו בחור האט זיך גע־קאנט ערלויבן אנצושרייבן אזא פריוואלן, מיט אזוי פיל ניבול־פה איבער־געלאדענעם פאמפלעט, ווי „המבדיל"[2]. די השפעה פונם דעמאלטיקן לעבן אין ווענעציע פילט זיך אויך גאנץ שטארק אויף דעם טא־לאנטפולן זון פונם ווענעציאנער געטא — אויף דעם פריער דערמאנטן יהודה די־מאדענא. אין די קינדער־יארן, דערציילט מאדענא, האט מען אים געלערנט זינגען און טאנצן. ווען ער איז שוין געווען רב און פרעדי־קער, האט מאדענא זיך פיל אפגעגעבן מיט טעאטער און מוזיק. אליין געשריבן פאסטאראלן, רעפעטירט פיעסן פארן טעאטער, איז אויך געווען קאפעלמייסטער און דירעקטאר פון א מוזיקאלישער שול, ווו ער פלעגט געבן צוויי קאנצערטן א וואך[3]. דער שוואגער זיינער, משה, האט גע־שריבן פיעסן מיט קופלעטן, און ער גופא פלעגט טאקע די דאזיקע קופ־

[1] М. Муратов Образы Италии, I, 26.

[2] צום ערשטן פארעפנטלעכט דורך נ. שטיף אין „צייטשריפט", I, 150—158 און אין „שריפטן", I, 148—179.

[3] מער באריכות זע אונזער ארבעט אין „יעווריעיסקאיא לעטאפיס", IV, וועגן דעם יידישן טעאטער אין דער רענעסאנס־תקופה.

לעמן פאַרזיננען; און מאָדענאַס איידעם, יעקב הלוי, אַ פאַרברענטער מיסטיקער און מחבר פון אַ קבלה־ספר [1], האָט געהאַט חיונה דערפון, וואָס ער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער זינגער און לערער פון טענץ [2]. ווי ווייט מאָדענאַס פאַמיליע איז געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דעם טעאַטער, זאָגן עדות די בריוו פון מאָדענאַס פערצן־יאָריקן זון מרדכי. אינם ווינטער 1605 שרייבט ער אויס פעראַראַ זיין פעטער, דעם אויבנדערמאָנטן זינגער און פּיעסע־שרייבער משה: „איך ווייס, עס דערנענטערט זיך די צייט, ווען מען דאַרף שטעלן דיין קאָמעדיע; האָב מיך דערמאָלט אין זינען און גיב מיר, איך בעט דיך, צו וויסן, ווער פון די בחורים האָט געשפּילט די ראָלע, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר מיר". אין אַ קורצער צייט אַרום באַרירט ער ווידער אין אַ בריוו צום פעטער די זעלבע פראַגע, און ווייזט אָגב אָן, אַז ער מאַכט בקיצור „און איילט זיך צו פאַרענדיקן דעם בריוו, ווייל ער ווייס דאָך, אַז דער פעטער איז זייער שטאַרק פאַרנומען מיט זיין קאָמעדיע". כאַראַקטעריסטיש איז די שלום־פראַזע, מיט וועלכער דער דאָזיקער יונגער בן־הרב פאַרענדיקט זיין בריוו. ווייל עס איז גראָד געווען די וואָך פון „שבת שירה", פאַראַדירט ער דעם טעקסט פון דער תורה און האַטירט דעם בריוו מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „פרשה אָז ישיר משה באינטרמידיאה" (ד"ה: אין דער וואָך ווען משה (זיין פעטער) וועט זינגען אין דער אינטערמעדיע) [3]. מאָדענאַס אַ צווייטער זון, זבולן, אַ זינגער, אַ לעבמאַן און אַ געפערלעכער דועליאַנט, איז טראַגיש אומגעקומען אין אַ שווערדן־געפעכט מיט אַ קאָמפּאַניע אויסגעטרונקענע יונגען.

אויס דער התנהגות פון מאָדענאַס משפחה זעט מען גענוג בולט אַרויס, ווי שטאַרק עס האָט זיך נאָך געפילט די השפעה פון דער אַרומיקער סביבה אין דער ווענעציאַנער קהילה, און ווי ווייניק דאָס האָט האַרמאָנירט מיט די טענדענצן און אידעאַלן פון די דייטשע אָרטאָדאָקסישע רבנים. דאָס וועט מען מוזן נעמען אין באַטראַכט, בעת עס וועט דערנאָך אויסקומען צו ריידן וועגן דעם פאַרביטערטן קאַמף, וואָס לעאָן די־מאָדענאַ, אַליין אַ רב, האָט געפירט קעגן די רבנים און זייער וועלטבאַנעם.

---

1 „ארי נוהם", 1;

2 „חיי יהודה", 33.

3 בלוי, ציט. ווערק, 115. דער סוף פון מרדכי די־מאָדענאַ איז געווען אַ טראַגישער. ער איז יונגערהייט אומגעקומען ביי זיינע אַלכעמיסטישע פרוון. די זייער שעדלעכע גאַזן פון בליי און אַרזעניק האָבן אים פאַרגיפטעט און ער איז זייער יונג געגאַנגען פון דער וועלט.

אריה די־מאָדענאַ האָט צום ערשטן די וועלט דערזען דעם 23טן אַפּריל 1571 אין ווענעדיק אין אַ רייכער יחסנישער פאַמיליע [1]. קינדוויַיז האָט דער קליינער אריה באַוויזן גאונישע פעיִקייטן: צוויי און אַ האַלב יאָר אַלט, האָט ער שוין שבת אין שול פֿאַרגעלייענט אויף אַ קול די „הפטורה", צו דריי יאָר האָט ער שוין מעביר געווען די סדרה און פריי פאַרטייטשט אַ פסוק נאָך אַ פסוק [2]. אַ פינף יאָריק קינד איז ער שוין געווען פול מיט ספיקות, געטראַכט וועגן אומשטאַרבלעכקייט, געחלומט וועגן ליטעראַרישן רום און געשראָקן זיך פאַרן געדאַנק, טאָמער וועט אים ניט געלינגען אַ מפורסם צו ווערן, און אַן אומבאַקאַנטער וועט ער אַוועק פון דער וועלט [3]. מאָדענאַס פאָטער האָט געגעבן זיין „וווּנדער־קינד" אַ פיל־זייטיקע ערציִונג. די העברעיִשע שפּראַך און ליטעראַטור האָט דער יונגער מאָדענאַ געלערנט ביי שמואל אַרקעוואָלטי, דעם באַדייטנדסטן יידישן שפּראַך־פאָרשער פון יענער צייט. מאָדענאַ גופא האָט דערנאָך מערערע מאָל אָנגעוויזן, וואָס פאַר אַ גרויסע השפּעה עס האָט געהאַט אויף זיין גאַנצער ליטעראַרישער טעטיקייט די צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביי אַרקעוואָלטין. שמואל אַרקעוואָלטי איז געווען באַשאָנקען מיט אַ ניצוץ פון אַ דיכטער און מיט אַ זייער פיינעם פילאָלאָגישן חוש. וועגן דעם זאָגן עדות זיינע פיוטים [4] און זיין באַקאַנט גראַמאַטיש ווערק „ערוגת הבושם" (ווענעדיק, 1603) [5]. אמת, אַלס קינד פון זיין צייט, איז אויך

[1] מאָדענאַס משפחה שטאַמט אויס פראַנקרייך, אריה די־מאָדענאַס זיידע, מרדכי, האָט זיך קונה־שם געווען אַלס אַרצט און פילאַנטראָפּ, און דער קיסר קאַרל דער פינפ־טער האָט אים דערהויבן צום ריטער־שטאַנד און אים באַשטימט אַלס מיטגליד פונם ריטער־אָרדן „גאָלדענער פליס" (זע „חיי יהודה", 10—11);

[2] „חיי יהודה, 15: „ובן שלש שנים... הייתי פותר הפרשה ומבין".

[3] זע מאָדענאַס הקדמה צו זיין „מדבר יהודה": „אני צריך להודות כי קנאת' בהלולים כאלה, כל ימי נצטערתי מאז היותי בן חמש למקרא אמרתי מתי יבוא לידי ואקימנו. אוי לי כי אמותה הפעם, אצא והייתי רוח שקר... ויציאתי מן המקום לא תשאיר רושם נכר" (מיר ציטירן נאָך דער אויסגאַבע פון 1602).

[4] פילע פון אַרקעוואָלטיס פיוטים זיינען אַריין אין דעם מחזור פון די איטאַליע־נישע קהלות (מנהג רומניא). באַזונדערס פּאָפּולער זיינען געווען זיין „ארזי הלבנון" און דאָס ציון־ליד „ציון צבי ופאר לראש בניך". וועגן אַרקעוואָלטיס אַנדערע אַרבעטן זע: מרדכי גירונדי, „תולדות גדולי ישראל", 354—355. זיין בריוו־זאַמלונג „מעין גנים" האָט זיך געפונען אין באַראָן גינצבורגס מאַנוסקריפּטן־זאַמלונג נומ' 247.

[5] דער באַוווסטער יש"ר מקאַנדיא, בעת ער רעכנט אויס אין זיין „אגרת אחוז" די וויכטיקסטע יידישע שפּראַך־פאָרשער פון חיוגן ביז אליה לעוויטאַ, איז ער דערביי מוסיף: אָבער אַרקעוואָלטיס „ערוגת הבושם" איז בעסער פון אַלע זייערע ווערק (ואולם חבור האלוף כהר"ר שמואל הארקוולטי הנקרא „ערוגת הבושם" מכריע הוא את כלם ומהם הוא מאוד עצום).

אַרקעוואָלטי געווען גאַנץ זיכער, אַז אין די אותיות פון דער תורה זיינען באַהאַלטן מוראדיקע סודות און גוואַלטיקע כוחות [1]. אַז דער „טראָפּ" — די נקודות און די טעמים, זיינען שוין פון קדמונישע צייטן אָנגענומען ביי יידן, האָט ער געזוכט פאַר דעם בעסטן באַווייז אין דעם, וואָס דער „זוהר" אַליין זאָגט דאָך עדות „שהטעמים מסיני נתנו" [2]. דערפאַר אָבער באַקענט אַרקעוואָלטי אין זיין ווערק אין אַ זייער קלאָרער און אָריגינעלער פאָרם מיט אַלע אייגנאַרטיקייטן פון דער העברעישער שפּראַך. באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די קאַפּיטלען, ווו דער פּראָפעסאָר גייט איבער פון די עלעמענטאַרע פּאָעטישע פאָרמען (קאַפּ' 24) און מליצה־סטיל (קאַפּ' 28—29) צו דער ניי־העברעישער פּאָעטיק און גיט דערביי אָריגינעלע ביישפּילן פון העברעישער מעטריק (קאַפּ' 31—32). דער לעצטער קאַפּיטל איז אויך אַזוי פיל געפעלן געוואָרן דעם באַוווּסטן קריסטלעכן געלערנטן בוקסטאָרף דעם יינגערן, אַז ער האָט אים אויף לאַטיין איבערגעזעצט און געדרוקט אַלס הוספה צו זיין לאַטיינישער „כוזרי"־איבערזעצונג (1660). אַ גאַנץ נייע ערשיינונג אין דער העברעישער ליטעראַטור איז אויך דער דרייסיקסטער קאַפּיטל, ווו אַרקעוואָלטי רעדט וועגן סטענאָגראַפיע און וועגן שיפר־שריפט (בדרכי הדבור והמכתב המתנכר).

מאָדענאַ איז געווען דער באַליבטסטער תלמיד ביי אַרקעוואָלטין און האָט כל־ימיו געפירט מיט אים אַ פריינדלעכן בריוו־פאַרבינד. מאָדענא גופא איז מודה, אַז ער האָט זייער פיל צו פאַרדאַנקען זיין רבין, דעם בעל „ערוגת הבושם". „אים — שרייבט מאָדענאַ — האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין ליטעראַרישן סטיל און ביי אים האָב איך געלערנט די קונסט פון שירים־שרייבן" [3].

צו צוועלף יאָר האָט דער יונגער מאָדענאַ איבערגעזעצט אויף העברעיש דאָס ערשטע געזאַנג פון אַריאָסטאָס פּאָעמע „דער געוואַלדעווינדער ראָלאַנד", און אין אַ יאָר אַרום האָט ער פאַרפאַסט זיין וויכוח וועגן קאָרטן־שפּיל „סור מרע", וואָס איז דערשינען אין פילע אויסגאַבן און איבערזעצט געוואָרן אויף יידיש, לאַטיין, פראַנצויזיש און דייטש [4].

---

1 „ערוגת הבושם", דף 4, עמ' ב': „ובכלל קבלנו מהעומדים בסוד ד' שהאותיות הקדושות יש בתמונתן בשמותיהן רוחניות וחיות נעלם ואור נכבד".

2 דאַרטן, דף 91, עמ' ב': „ומבואר הוא מדברי התקונים והאודרא, שהטעמים ג"כ מסיני נתנו כיון שהם אל הנקודות כיחס הנשמה אל הרוח".

3 „חיי יהודה", 17—18: „ממנו למדתי מלאכת השיר ולשון הכתב והוא אהבני אהבה נמרצת מאז עד יום מותו".

4 „סור מרע על שבח וגנות הצחוק בדרך ויכוח שהיה בין אלדד ומידד". לויט שטיינשניידערס השערה איז אויך מאָדענאַ דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן ליד וועגן שאָך־שפּיל „מעדני מלך", וואָס מען האָט ביז דער לעצטער צייט גערעכנט, אַז אַברהם אבן עזרא איז זיין פאַרפאַסער (זע „העבר. ביבל.", XII, 60—63).

אַט דאָס דאָזיקע ווערק פונם 13יאָריקן יינגל זאָגט שוין עדות וועגן אַ באַדייטנדער ליטעראַרישער באַגאַבונג און איז אַגב אויך זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר מאָדענאַס שפּעטערדיקן שאַפונגס־וועג. אינם „סור מרע" פירן אַ וויכּוח דער הייסער אָנהענגער פון קאָרטן־שפּיל, מידד, און דער ניט ווייניקער איבערציייגטער קעגנער פון דעם דאָזיקן צייט־פאַרטרייב, אלדד. און מען זעט באַשיינפּערלעך, אַז ניט דעם קאַמף קעגן דעם שעדלעכן שפּיל איז אויסן דער יונגער פאַרפאַסער — אים אינטערעסירט קודם־כּל דאָס געוועט אַליין, דער אַזאַרט פונם וויכּוח גופא, די קונסט פון דיאַלעקטישן קאַמף און שפּיציקן געדאַנקען־געפעכט. מאָדענאַ גופא דערציילט, ווי אַזוי ער האָט שוין פון צען יאָר אָן ליב געהאַט צו פירן וויכּוחים אויף רעליגיעזע טעמעס הן מיט יידן הן מיט קריסטן. און מיט שטאָלץ איז ער דערביי מוסיף, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין איין פּאָלעמיש ווערק, ווו עס ווערט באַרירט די יידישע אמונה, הן אויף לאַטיין הן אויף איטאַליעניש, שפּאַניש און העברעיִש, ער זאָל דערמיט ניט זיין באַקאַנט [1]. דער דאָזיקער גיריקער חשק צו רעליגיעז־פּאָלעמישער ליטעראַטור נעמט זיך אָבער ביי מאָדענאַן ניט אויס דרינגענדיקן ווונטש דעם אמת צו דערגיין אָדער די אמונה פון די אָבות צו באַשיצן: אים איז פּשוט געפעלן דער פּאָלעמיק־פּראָצעס אַליין פאַר זיך, די קאַמף־אַטמאָספער, דאָס נצחונישע אויפדעקן פון לאָגישע טעותן און ניט געלונגענע ראיות ביים קעמפנדיקן קעגנער... מאָדענאַ איז געווען אַ מענטש פון אַלזייטיקער בילדונג, האָט געהאַט באַדייטנדיקע ידיעות אויפן געביט פון דער קלאַסישער ליטעראַטור, פון מאַטעמאַטיק, פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן, און דערביי שטענדיק געשטרעבט זיין וויסן וואָס מער צו פאַרברייטערן און פאַרגרעסערן [2], און דאָך איז ער אַזוי ווייניק ענלעך געווען צו די דאָזיקע „זוכער" (מבקשים), וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט אין דעם פאָריקן באַנד. ביי מאָדענאָן איז דער דורשט נאָך וויסן ניט געווען קיין פועל־יוצא פון אַ זוכנדיקער נשמה, וואָס לעכצט דעם ריכטיקן וועג צו געפינען, וועלכער פירט צום אידעאַל פון אמת און יושר; ער האָט בלויז געזוכט פאַסנדיקע גייסטיקע שפּייז פאַר זיינע באַדייטנדע פעיִקייטן. דאָס איז געווען אַן אומרויִקע, לייכט אויפרעגבאַרע, אָבער ניט קיין טיפע נאַטור; מאָדענאַ שוועבט בלויז איבער דעם אויבערפלאַך, ער באַרירט מייסטנס נאָר דעם לבוש פון דער זאַך ביי אַלע זיינע גרויסע ידיעות, גלענצנדיקע פעיִקייטן און באַדייטנדער ליטעראַרישער באַגאַבונג.

---

1 זע „ארי נוהם", קאַפּ' 3; „בחינת הקבלה", XIV.

2 טיפּיש זייגען אין דער הינזיכט מאָדענאַס פאָלגנדיקע ווערטער („ארי נוהם", 5): „מי יתן שאכול לשבח, לרומם ולקלס לאֵל שיהיה עוזר לי לדעת כל מי כל מושכל שבעולם".

בײַ אים איז דער גרעסטער פוסק, דער העכסטער אויטאָריטעט — דער פשוטער מענטשלעכער שכל הישר; ער, דער שכל הישר, איז בײַ מאָדענאַ דער איינציק אָנערקענטע מאָס, מיט וועלכער מען דאַרף שאַצן אַלע גייס־טיקע אוצרות, אַלע קולטורעלע און היסטאָרישע ווערטן. אָט אין דער לאָגישער אויסגעהאַלטנקייט, אין דעם ניט וועלן וויסן פון סתירות און פון פאַרצווייגטע און געשלענגלטע וועגן, איז געלעגן מאָדענאַס קראַפט, אָבער אויך זײַן שוואַכקייט: אויף אַ געוויסן באַגרענעצטן שטח קאָן טאַקע מאָדענאַס איינציק אָנערקענטער וועגווייזער און אָפּשאַצער — דער שכל הישר, גרויס נוצן ברענגען דערמיט, וואָס ער מאַכט אַלץ אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך און דערלאָזט ניט פאַרטונקלען דאָס פשוטע און בולטע. ער ווערט אָבער אומבאַהאָלפן און אויך שטערנד ווי נאָר ער פּרוווט איבערגיין די באַשטימטע גרענעץ, און פאַרמעסט זיך צו ווערן דער איינציקער ריכטער און איינציקער אָפּשאַצער פון אַלע קולטורעלע ווערטן, פון אַלע מענטשלעכע תביעות און פאַרלאַנגען. אמת, עס פּאַסירט אויך צייטנווייז, וואָס מאָדענאַ גופא ווערט ווידערשפּעניק און וויל ניט אָנערקענען די מאַכט פון דעם דאָזיקן איינציקן ריכטער און אָפּשאַצער; ער מוט דאָס אָבער ניט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ניט שטענדיק קאָן מען זיך אויפן שכל הישר פאַרלאָזן, נאָר אויס גאַנץ אַנדערע טעמים. מאָדענאַ מיט זײַן אומרויִקער און לײַכט אויפרעגבאַרער נאַטור האָט ניט געהאַט קיין פעסטן כאַראַקטער, זײַן ווילן איז געווען צו שוואַך און וואַקלדיק, און זײַנע מעשים און מאָראַלישע אויפפירונג זײַנען דערפאַר געווען ניט אויסגעהאַלטן און פול מיט סתירות. ער האָט, ווי מיר האָבן פריער געזען, דעביוטירט אין דער ליטעראַטור מיט אַ פּאַמפלעט קעגן קאָרטן־שפּילן און אַליין איז ער געווען כל ימיו אַ פאַרברענטער קאָרטן־שפּילער. ער גופא איז מודה [1], אַז אָט די „פאַרשאָלטענע" תאווה זײַנע האָט אים געבראַכט פיל צרות און בזיונות; אין איינעם פון זײַנע לידער דערציילט ער מיט אַ ביטער געלעכטער, ווי אַזוי ער קאָן די נעכט ניט שלאָפן איבער די חובות, וואָס ער האָט ניט מיט וואָס צו באַצאָלן [2],

---

1 „חיי יהודה", 26, 28, 29, 30, 33, 34, 39, 46, 51, 62, 63.

2 ווענן מײַנע חובות טו איך ביז האַלבע נאַכט אַלץ זאָרגן:
דער צאָל־טאָג איז געקומען — ניטאָ מער בײַ וועמען צו באָרגן.
מײַנע מאָנער וועל איך אָבער זאָגן מאָרגן:
די צווייטע העלפט פון נאַכט טוט א י ר שוין זאָרגן,
טראַכט א י ר שוין ווענן מײַנע חובות ביז אין ווײַסן מאָרגן,
און איך — איך וועל אין זיסן דרעמל פאַרגעסן אַלע זאָרגן
דעם קלוגן זאַץ געדענקענד: זאָרגט ניט ווענן דאגות פונם קינפטיקן מאָרגן.

און דאָך איז זיין ווילן צו שוואַך, ער זאָל קאָנען ביי זיך פועלן זיך אָפּ־זאָגן פון דעם „הצחוק המקולל'' — פון דער פאַרשאָלטענער שפּיל. ער האָט אפילו ניט נעהאַט דעם געהעריקן מוט אָנערקענען זיין אייגענע שולד, נעמען אויף זיך די אחריות פאַר זיין „פאַרפלוכטער'' תאווה: ער פלייסט זיך איינצוריידן, אַז אין דעם איז ניט ער גופא שולדיק — ס'איז אַ גזר מן השמים, די פּלאַנעטן און די אַסטראָלאָגישע מוראדיקע קרעפטן זיינען עס גורם ער זאָל בלייבן אַן אַזאַרט־שפּילער כל ימיו. „וואָס בין איך שולדיק און וואָס קאָן איך טאָן — קלאָגט ער זיך אין איין בריוו[1], אַז די שטערן אין די הימלען רודפן מיך אָן רחמנות''. „זיי הימלשע געליכטער — שרייבט ער אַנדערש מאָל — טוען געוועלטיקן איבער דעם גורל פון די מענטשן און קיינער איז ניט אימשטאַנד זייער שווערן גזר אָפּצוּווענדן''[2]. „די הימלשע מזלות — שרייבט ער אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע — האָבן מיך ווידער אַמאָל אָפּגענאַרט, און אין משך פון צוויי חדשים האָב איך צוויי הונדערט דוקאַטן פאַרשפּילט''[3]. אָט דער הייסער קעמפער פאַרן שכל הישר האָט געגלויבט אין „חכמת היד''[4], אין חלומות[5] און האָט פיל זיך אָפּגעגעבן מיט אַלכעמיע[6]. אַן איבערצייגטער ראַציאָנאַליסט און פאַרביסענער קעגנער פון מיסטיק און קבלה, האָט מאָדנע גופא געהאַנדלט מיט קמיעות און סגולות, פאַר־פאַסט כל המיני השבעות[7]. ער דערציילט טאַקע אַליין וועגן דעם אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע, ווו ער רעכנט אוים ניט ווייניקער פון 26 מלאכות און פרנסות, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרנומען, און זיי אַלע זיינען נימ געווען אימשטאַנד אים אַרויסראַטעווען פון דער שווערער נויט, ווייל אַלע זיינע פאַרדינסטן פלעגט איינשלינגען זיין תאווה צו קאָרטן. עס איז

---

(מן ליל מחציתי אחשוב על חובותי,
כי לפרוע אין לי, קצם בא ואחר:
אחר מחצית הליל אומר לנושים בי
חשבו נא גם אתם עד עמוד השחר!
אישן אז ארדם כי אזכור דברי פי
חכם חן אומר: אל תצר צרת מחר).

1 „כּתבי אריה די מודינה", נומ' 45.

2 „חיי יהודה", 50.

3 דאָרטן, 52.

4 דאָרטן, 35.

5 דאָרטן, 37 א"וו.

6 דאָרטן, 30, 34 א"וו.

7 מאָדענאָם השבעות זיינען צונויפגעזאַמלט אין „סוד ישרים" (1595).

כּדאַי אויסצורעכענען די אַלע מלאכות, מיט וועלכע עס האָט זיך פאַרנו־מען דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער איטאַליעניִשער רב פונם 17טן י"ה: 1) האָט געלערנט מיט ייִדישע תלמידים, 2) מיט קריסטלעכע תלמידים, 3) פלעגט לערנען בריוו שרייבן, 4) איז געווען אַ מגיד, 5) פלעגט פאַר־פאַסן דרשות פאַר אַנדערע און דערפאַר באַקומען געצאָלט, 6) איז געווען אַ חזן, 7) איז געווען סעקרעטאַר אין פאַרשיידענע חברות, 8) איז געווען רב, 9) פלעגט שרייבן פּסקים, 10) האָט זיך פאַרנומען מיט דיינות, 11) איז געווען אַ לערער אין ישיבות, 12) פלעגט שרייבן אָפיציעלע דאָ־קומענטן, 13) בריוו, 14) האָט זיך פאַרנומען מיט מוזיק, 15) פלעגט שרייבן שירים אויף חתונות און קינות פאַר מצבות, 16) פלעגט שרייבן איטאַליעניִשע סאָנעטן, 17) קאָמעדיעס, 18) פלעגט רעפּעטירן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, 19) פלעגט צונויפשטעלן דעם נוסח פון קאָנטראַקטן, 20) איז געווען אַן איבערזעצער, 21) האָט געהאַט פאַרדינסט פון אייגענע ווערק, 22) איז געווען קאָרעקטאָר, 23) פלעגט לערנען ווי צו שרייבן סגולות און קמיעות, 24) פלעגט פאַרקויפן ספרי סגולות, 25) איז געווען אַ סרסור, 26) אַ שדכן [1].

און וואָס מאָדענאַ האָט פאַרדינט, פלעגט ער גלייך פאַרשפּילן אין קאָרטן. אינטערעסאַנט איז פאָלגנדיקער פּרט. קאָרטן־שפּיל איז דעמאָלט בכלל געווען אַ מכּת מדינה, און איז שטאַרק פאַרשפּרייט געווען צווישן די איטאַליעניִשע ייִדן. דער פריער שוין דערמאָנטער אברהם יגל (זע בײַ־לאַגע נומ' 6) באַקענט אונז אין זיין „גיא חזיון" מיט אַן אינטערעסאַנטן טיפּ פון אַ פאַרברענטן קאָרטן־שפּילער, וואָס פלייסט זיך אַפילו צו דער־ווייזן, אַז קאָרטן־שפּיל איז אַ זייער טיפער ענין און אין די קאָרטן־ביל־דער זיינען באַהאַלטן אימהדיקע סודות און פילאָזאָפישע געדאַנקען פון אַ גאַנץ גרויסן פאַרנעם [2]. בכדי צו קעמפן קעגן די אַזאַרט־שפּילן, האָבן די איטאַליעניִשע רבנים דערפאַר אָנגענומען אַ באַשלוס (1638) אַרויס־טרעטן מיט אַ התראה, אַז ווער עס וועט זיך אָפּגעבן מיט קאָרטן־שפּיל און אַנדערע אַזאַרט־שפּילן, וועט מען אים אַריינוואַרפן אין חרם. מאָדענאַ איז גלייך אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג, ער האָט פאַר־פאַסט אַ גלענצנדיקע קעגנשריפט [3]. און פון דעם חרם איז גאָרניט גע־

[1] „חיי יהודה", 64—65.

[2] „גיא חזיון", 7—8: „אמר לי: דע כי כל שלימות האדם היא בקלפים ובקובייאות ואשר הכינם וסדרם היה איש אלקים נורא מאוד, חכם גדול ושלם יודע ספר ובינה וסדרם לרמוז לכל תוצאות השמים והארץ כדי שיהיו לסימנים לנגד עיניו לראות בהם גדולת קונו" אאז"וו.

[3] מאָדענאַס קעגנשריפט האָט לאַמפּראָנטי פאַרעפנטלעכט אין זיין „פחד יצחק" אונטער דעם ערך „חרם".

וואָרן. איינע פון מאָדענאַס אַרויסגעשטעלטע טענות האָט אַ געוויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז קאָרטן־שפּיל איז געווען אַ מכּת מדינה; אין איטאַליע, אין דעם געבורטסאָרט פון אַלע מינים לאָטערייען, איז די תּאווה צו אַזאַרט־שפּילן געווען זייער פאַרשפּרייט נאָך אין דער רענעסאַנס־תּקופה. מאָדענאַ ווייזט דערפאַר אָן, אַז די יידן, וואָס פירן געשעפטן מיט די שטאָטישע סוחרים, מוזן אָפט באַזוכן די שפּילהייזער און קלובן, ווייל נאָר דאָרטן קאָנען זיי טרעפן זייערע קליענטן און יענע צווינגען זיי אָפט זיך באַטייליקן אין שפּיל [1].

מאָדענאַ, דער אַזאַרט־שפּילער, וואָס אים האָט אַזוי ווייניק געגליקט כּל ימיו אין קאָרטן און האָט נאָך ווייניקער גליק געהאַט אין פאַמיליענלעבן [2], האָט געקוקט אויפן גאַנצן מענטשן־לעבן ווי אויף אַ טרויעריקן שפּיל, ווי אויף אַ גרויזאַמען שפּאַס מצד דעם וועלט־באַשעפער. דער ביים יידנטום אַזוי אָנגענומענער געדאַנק, אַז דער מענטש איז דער הויפּטצוועק און דער מיטלפונקט פונם גאַנצן וועלטאַל, באַקומט ביי מאָדענאָן אַ גאַנץ משונהדיקע צורה. „יאָ — זאָגט מאָדענאַ מיט ביטערער איראָניע — דעם מענטשן, דעם מיטלפונקט פון דער וועלט, האָט גאָט באַשאַפן פון זיין אייגן פאַרגעניגן וועגן; דער מענטש איז פאַר אים אַ שפּאַס, אַ שפּילכל, ווי אַ דרעסירטע הינטעלע אָדער מאַלפּעלע ביי די ערדישע שררות, ביי די גלגלים און הימלשע מזלות זיינען דאָך זייערע באַוועגונגען פעסט באַשטימט און גלייכמעסיק — דאָס איז אָבער לאַנגווייליק און ניט אינטערעסאַנט. די זעלבע לאַנגווייליקע רעגלמעסיקייט הערשט אויך אין דער נידער, אין דער וועלט פון חיות און געוויקסן. בלויז דער מענטש, ער איינער מיט זיין פרייער בחירה בלייבט אַן אויסנאַם. אָט שטייגט ער אין די הימלען און פאַרמעסט זיך צו ווערן ווי מלאָכים גלייך, און אָט פאַלט ער טיף אין זומפּ און גראַבלט ווי אַ וואָרעם אין ערדישן שטויב. אָט דער שטענדיקער דורכאַנאַנדער פון עליות און ירידות, אָט דאָס אומדערמידלעכע קראַמפּהאַפטע קלעטערן אין

---

[1] „כּהעסק משא ומתן שיש לרוב היהודים את העירונים הצוחקים, ופעמים רבות צריכים ללכת לישא ולתן עמהם במקומות שצוחקים שם, או בבית ועד הצחוק, או בבתי העירונים ממש והם כמעט מכריחים אותם לצחוק".

[2] פון מאָדענאַס דריי זין איז איינער געשטאָרבן צו 26 יאָר, דער צווייטער איז געהרגעט געוואָרן בשעת אַ געשלעג, און דער דריטער, אַן אויסגעלאַסענער יונג, האָט עמיגרירט קיין בראַזיליע און דאָרט ווי אין וואַסער אַריין, און דער פאָטער האָט פון אים קיין שום ידיעות ניט באַקומען. ביידע איידעמס און איין טאָכטער זיינען יונגערהייט געשטאָרבן און מאָדענאַס פרוי איז אַראָפּ פון זינען.

די הייכן — דאָס איז דאָך זייער אינטערעסאַנט צוצוזען. און פונקט ווי א ערדישער מלך מאַכט זיך א שפּאַס ניט אוים שררות און אויך ניט אוים דינער, נאָר אוים אויסדרעסירטע הינט, מאַלפּע, רייזנדיקע פייגל און פערד, וואָס קאָנען מאַכן קונצן — אַזוי מאַכט זיך גאָט זיין שפּאַס מיטן מענטשן. און דערפאַר טאָקע דינען אים אַלע באַשעפענישן, פונקט ווי אין קיניגלעכן פּאַלאַץ טוען הן די שררות הן די פשוטע דינער גערן באַדינען דעם מלכס ליבלינג — די מאַלפּע [1].

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס מאָדענאַ, בעת ער ווייזט אָן ווי אַזוי אין תּלמוד ווערט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז איינע פון די וויכטיקסטע צווישן די תּרי״ג מצוות איז מצוות פריה ורביה — רופט ער דערביי אוים מיט כּעס: „אַך, ווי שטאַרק האָבן זיי אונז מיט דעם דאָזיקן געבאָט די אויגן פאַרבלענדט, אונזערע נשמות פאַרפינ־סטערט! צעשטערט האָבן זיי אונזער גוף און אונזער מאַטעריעלן קיום, ס'גאַנצע לעבן אונזערס האָבן זיי דערמיט פאַריאָמערט און פאַרביטערט. וויפיל זינד, וויפיל רשעות טוט דער מענטש בכדי זיין ווייב און קינדער מפרנס צו זיין. א שווערן מילשטיין האָבן זיי אונז אויפן האַלז אויפגע־האַנגען בכדי מיר זאָלן דעם קאָפּ ניט קאָנען אויפהייבן... גאַנץ גרויסע בענד וואָלטן ניט געקלעקט צו באַשרייבן ווי אַזוי אַלע אונזערע צרות און פאַרברעכנס, אונזער גאַנצער דלות און נויט נעמען זיך אַלץ פון דעם דאָזיקן געבאָט״ [2].

דאָס איז אָבער ניט געווען דאָס איינציקע געבאָט, וואָס האָט אויפ־געבראַכט מאָדענאַן קעגן דעם אַלטמאָדישן רבנישן יידנטום. מען מוז דערביי געדענקען, אַז דער דאָזיקער ראַציאָנאַליסטיש געשטימטער רב האָט פון דער יוגנט אָן געהאַט גאַנץ נאָענטע באַציִונגען צו דער קריסט־לעכער ווענעציאַנער געזעלשאַפט, ווו ער איז געווען זייער חשוב און אָנגענומען [3]. זיין גלענצנדער רעדנער־טאַלאַנט פלעגט צוציען צו זיינע

---

[1] „קול סכל“, 8—9: „כמלך בונה ארמון ומעמיד בו משרתים ומשרתים להם וכלים ובהמות לשרת להם, וכלבים קטנים וקופים וחיות, וצפורים וסוסים וכיוצא לעונג שלו פרטי... ואין מכלם שיתענג בו יותר מהאדם, א״כ אין מעולה ממנו. וכשם שמשרתי מלך בשר ודם בעלי מעלה קצת לא יבזו לשרת קוף או צפור נחמד ויקר למלך, כן כוכבי רום ומנהיגיהם ישרתו האדם... כמלך ב״ו לא מתענג בעבדיו הישרים גם לא במשרתיו הפחותים כי אם בכלב קטן, קוף או צפור או סוס, פעם יעשה מעשה האדם ופעם כבהמה“.

[2] דאָרטן, 62.

[3] מאָדענאַס איניקל, יצחק בן יעקב, שרייבט אין דער פאָררעדע צו „מגן וחרב“: „נודע יותר בנוצרים מבינינו, אהוב וחביב בחכמתו ובענותנותו בעיני חשמנים, דוכסים, גלחים, שליחי מלכים ושרים מכל עם ולשון“.

פרעדיקן אויך פילע קריסטן; אים הערן פלעגן אפט קומען קאטוילישע גייסטלעכע און פילע פונם אדלשטאנד. שארפזיניק, גייסטריך, אונטער־האלטנד, איז מאדענא געווען אן אנגעלייגטער גאסט אין די אנגעזענסטע געזעלשאפטלעכע קרייזן פון וועגעדיק. צווישן זיינע תלמידים זיינען גע־ווען אויך הויפלייט און ארציבישאפן. ער פלעגט אויך שליסן ברייטע באקאנטשאפטן ביים גוינעם קארטן־טיש. מיט גדלות דערציילט ער, ווי אפט אים פלעגט אויסקומען פירן רעליגיעזע וויכוחים מיט באקאנטע קריסטן און אויך מיט משומדים און ווי לייכט אים איז אנגעקומען אפצווענדן און מאכן צו נישט אלע זייערע טענות און אנפאלן. עס איז אבער אויך קיין ספק ניט, אז די שטענדיקע טורנירן און רעליגיעזע וויכוחים האבן ווילנדיק ניט ווילנדיק אין די טיפן פון זיין הארצן אפ־געשוואכט דאס רעליגיעזע געפיל און געמאכט אים גלייכגילטיק צו די פראבלעמען, וואס שאפן מחיצות צווישן פארשיידענע אמונות, און זיינען ניט אין גאנצן צוגעפאסט צום ניכטערן „שכל הישר". און וואס שלאבעריקער עס זיינען געווארן די יסודות פון מאדענאס רעליגיעזן וועלטבאנעם, אלץ מער איז אין אים געוואקסן דער רוגז אויפן ארטאדאקטישן רבנישן יידנטום, וואס האט גראד דעמאלט, אין דער צייט פון פארשטארקטער רעאקציע אין איטאליע, געפלייסט זיך צו פארנעמען דעם גאנצן אויבנאן פונם יידישן לעבן. דער ראציאנאליסט מאדענא האט נים געקאנט גלייכ־גילטיק צוזען, ווי עס שטארקן זיך און עס פארשפרייטן זייער השפעה די מיסטישע און שטרענג ארטאדאקסיש־רבנישע שטרעמונגען. נאר ווייל מאדענא איז כלל ניט געווען קיין קעמפער־נאטור מיט א פעסטן גע־שטעלטן כאראקטער, האט זיין קאמף קעגן רבנות אנגענומען גאנץ אייגנארטיקע פארמען.

אין 1616 האבן די פארשטייער פון דער האמבורגער ספרדישער קהילה זיך געווענדט צו מאדענאן, אלס גרויסן בקי אין דער פאלעמישער ליטעראטור, מיט דער בקשה, ער זאל מיט זיין חריפות אנשרייבן אן ענדגילטיקע תשובה אויף עלף שאלות, מיט וועלכע אן ארטיקער ראציא־נאליסט־אפיקורס איז ארויסגעטראטן קעגן תורה שבכלב און מסורת אבות. לויט די נייערע פארשונגען [1] איז איצט מער קיין ספק ניט, אז דער דאזיקער אנאנימער אפיקורס, וואס האט אזוי באאומרויקט די פני פון פון דער ספרדישער קהילה אין האמבורג, איז ניט קיין אנדערער ווי דער באוווסטער אוריאל אקאסטא, וועלכער האט דעמאלט צייטווייליק געלעבט

---

[1] זע נ פארגעס אין „צייטשר. פ. העבר. ביבל.", 1911, 80—82.

אין האמבורג [1] און פון דארט פערזענלעך געשיקט קיין װענעדיק אן עקזעמפלאר פון זיין װערק, װו עס זיינען ארויסגעשטעלט די אלע דער־מאנטע עלף שאלות קעגן דעם תלמוד. מאדענא האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטן און האט באלד אפגעענטפערט דעם אפיקורס פון האמבורג מיט א גלענצנדיקער פאלעמישער שריפט „מגן וצינה״ [2]. אין זיין בריװ צו די פארשטייער פון דער האמבורגער קהילה [3] רעדט מאדענא מיט גרויס כעס װעגן דעם דאזיקן „מין וצדוקי״, װאס איז מיט אזא חוצפה „מוציא לעז״ אויף דער תורה שבעל פה. דער דאזיקער „מין״ און „צדוקי״ האט אבער געקעמפט מיטן ראציאנאליסטישן געװער; אין זיינע אנפאלן אויפן תלמוד האט ער אפעלירט צו דעם ביי מאדענאן אזוי שטארק געאכפערטן אויטאריטעט — צו דעם ניכטערן שכל הישר. דאס האט געמוזט מאכן א געװיסן רושם אויף דעם בעל „מגן וצינה״. עס דארף אונז דערפאר ניט שטארק חידושן, װאס די זעלבע טעזיסן פון דעם האמבורגער אפיקורס, קעגן װעלכע מאדענא פאלעמיזירט אזוי קונציק אין זיין „מגן וצינה״, װערן דערנאך אנערקענט אלס איבערצייגנדיקע טענות פון מאדענאן גופא. אלס אויסגעצייכנטער פאלעמיסט און געאיבטער דיאלעקטיקער, װענדט ער אפ דעם קעגנערס טענות, בעת טיף אינם הארצן איז ער מסכים מיט זיי.

דאס אייגענע חזרט זיך ביי מאדענאן איבער בעת ער קעמפט קעגן די אפיקורסישע געדאנקען פון אן אנדער „אפיקורס״ — פון דעם משומד אבנר אויס בורגאס, װעגן װעלכן עס איז געװען די רייד אין פאריקן באנד (קאפ׳ 7). מאדענא גופא דערציילט, װאס פאר א גװאלטיקן רושם עס האט אויף אים געמאכט אבנרס פאמפלעט קעגן דעם תלמוד [4]. „אזא מין װערק — שרייבט מאדענא מיט התפעלות — האט געקאנט אנשרייבן נאר א מענטש מיט גװאלטיקער בקיאות. דעם רמב״נס תלמיד, האט אבנר

1 זע דארטן, 41. אויך מאדענא װייזט אן אין זיין „מגן וצינה״, אז דער באטרעפנדיקער אפיקורס האט בלויז ציטװייליק זיך געפונען אין האמבורג: „איש כסיל שמו והיה דר א ז בהמבורג״. מיר רעכענען, אז די װערטער „זיין נאמען איז איש כסיל״ באשטעטיקט טאקע, אז דא רעדט זיך װעגן אקוסטון, װייל „איש כסיל״ מאכט בגימטריא: אריאל ד׳קוסטי, אדער אויך גבריאל ד׳קוסטו.

2 צום ערשטן פארעפנטלעכט דורך גייגערן אין 1856. גייגער האט אבער א טעות בעת ער מיינט (לעא דע מאדענא, 25—27), אז דער דאזיקער אפיקורס, מיט װעלכן מאדענא פאלעמיזירט, איז לא היה ולא נברא. מאדענא גופא האט זיין „מגן וצינה״ איבערזעצט אויף איטאליעניש (זע „העבר. ביבל.״, VI, 23—24).

3 זע בלוי, ציט. װערק, 146.

4 מאדענא דערמאנט ניט דעם נאמען פון דעם פאלעמישן װערק, דא רעדט זיך אבער בלי־ספק װעגן אבנרס „מנחת קנאות״.

געשעפט ווײן פון די בעסטע קעלערס, דער גוטער ווײן איז אָבער בײ אים מיט דער צײט קאַליע געוואָרן. איך האָב כּל ימי געהאַט פיל מגע ומשא מיט קריסטלעכע געלערנטע און שוין פון קינדווײז אָן איז מיר אויסגעקומען צו פירן רעליגיעזע וויכּוחים... איך קאָן מיט שטאָלץ זאָגן, אַז איך האָב ניט דורכגעלאָזט קײן אײן פּאָלעמיש ווערק אויף לאַטײן, איטאַליעניש, שפּאַניש און העברעיִש, וואָס קריטיקירט די יסודות פון דער קריסטלעכער און יידישער אמונה. אין קײנעם פון זײ אַלע ווערט אָבער ניט אַזוי קונציק און מיט אַזאַ בקיאות אויסגענוצט פאַר אַ באַשטימטן ציל אַלע באַטרעפנדיקע פּסוקים פון תּנ״ך און די ערקלערונגען פון דעם תּלמוד, ווי עס איז געלונגען דעם פּראָפעסער פון דעם דאָזיקן ווערק. מען זעט אויף יעדן טריט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ טיפן דענקער און אַן אויסגעצײכנטן תּלמוד־קענער [1].

מאָדענא איז דערבײ מוסיף, אַז ער האָט באַשלאָסן אָפּצוענטפערן אויף אבנרס טענות מיט אַ ספּעציעל ווערק. דעם פאַרשפּראָכענעם ענטפער האָט אָבער מאָדענא קײן מאָל ניט אָנגעשריבן און שפּעטער, בעת מאָדענא גופא האָט ערקלערט אַ קאַמף דעם תּלמוד און די רבנים, האָט ער זיך טאַקע סומך געווען אויף די טענות פון „רבי אבנר״ [2].

עס פעלן אונז לײדער די נײטיקע ידיעות, וואָס זאָלן פאַר אונז אויפדעקן אין אַלע פּרטים דעם אין פּסיכאָלאָגישער הינזיכט זײער אינטערעסאַנטן פּראָצעס, ווי אַזוי אַן אנגעזעענער רב און פּרעדיקער איז מגולגל געוואָרן אין אַ פאַרביסענעם שונא פונם תּלמוד און רבנישן יידנטום. אין זײן זעלבסט־ביאָגראַפיע פאַרשווײגט ער אינגאַנצן דעם דאָזיקן זײער וויכטיקן פּונקט, מיר וועלן שפּעטער זען אויס וואָסערע טעמים. אָט די שנאה פון אַ גײסטלעכן צו דעם זעלבן קולט, וועמעס אָפיציעלער טרעגער און פאַרשטײער ער גופא איז געווען, דערמאָנט ניט ווילנדיק אין אַן אַנדער גײסטלעכן, אויך אַ קינד פונם 17טן י״ה — דעם פראַנצויזישן גלח זשאַן מעליע (Jean Meslier), דעם פּאַרפאַסער פונם באַרימטן „Testament״ (צוואה). דער דאָזיקער שטילינקער דאָרף־גלח, וואָס האָט כּל ימיו טרײ מקיים געווען אַלץ, וואָס ס'איז אויף אים חל געווען אַלס אָפיציעלער קריסטוס־דינער און בײם לעבן ניט אַרויסגעוויזן קײן מה שהוא פון אפּיקורסות, לאָזט איבער נאָך זיך אַ געשריבענע צוואה, אין וועלכער ער גיסט אויס זײן ביטער האַרץ און אַנטפּלעקט פאַר דער וועלט זײן טיפע לעבנס־דראַמע. מיט גאַליקער שנאה, מיט ביטול און פאַראַכטונג

1 „בחינת הדת״, XIII—XIV.

2 „קול סכל״, 51.

טרעט ער אַרויס קעגן דער קירך און דעם קריסטנטום; ער, דער פּשוטער דאָרף־גלח, וואָס איז כּל ימיו געווען אַ נכנע אונטער די וועלטלעכע און גייסטלעכע שררות, רעדט דאָ אין אַזאַ שאַרפן טאָן, זאָגט אַרויס אַזוינע אַפּיקורסישע „גאָטלעסטערלעכע" געדאַנקען, וועלכע ס'האָט זיך ניט ערלויבט קיין איינציקער פון די קאַמפּסלוסטיקע אויפקלערער און פריי־דענקער אינם 18טן י"ה. דערפאַר, וואָס ער האָט ביים לעבן ניט געהאַט דעם מוט צו זיין אַ קעמפער און געמוזט אַלס גייסטלעכער עפנטלעך זינגען תּפילות און תּשבחות דעם גאָט, אין וועלכן ער האָט ניט געגלויבט, איז ער זיך אין זיין צוואה נוקם דערמיט, וואָס ער באַשפּייט מיט זיין האַס דעם באַגרינדער פון דער קריסטלעכער אמונה און באַוואַרפט אים מיט אַזוינע זידלווערטער, וואָס איר וועט זיי ניט געפינען ניט אין „תּולדות ישו", ניט אין קיין שום אַנדערן קריסטלעך־פיינדלעכן פּאַמפלעט. „איך האָב ניט געהאַט קיין מוט — שרייבט מעליע — צו ריידן אָפן ביים לעבן, זאָלן די מענטשן לייענען דעם אמת נאָך מיין טויט". און ער האָט אַליין מיט אייגענער האַנט איבערגעשריבן אין דריי עקזעמפּלאַרן זיין צוואה און איינעם פון זיי באַהאַלטן אונטער דער זעלבער קאַטעדער פון דער דאָרף־קירך, ווו ער פלעגט יעדן זונטאָג דעם גאָטעסדינסט פּראַווען.

אריה די־מאָדענאַ איז אויך קיין קעמפער־נאַטור ניט געווען. ער האָט אָבער ניט געוואָלט אַפילו נאָכן טויט אַנטפּלעקן זיין אמתן פּרצוף און פאַר די קומענדיקע דורות אָפּן אַרויסזאָגן דעם דורך אים דערוואָרבענעם אמת. בעת ער רעכנט אויס אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע די חיבורים, וואָס ער האָט געשריבן [1], איז מאָדענאַ מוסיף: „דאָס ווייניקסטנס איז מיין גרויסע נחמה, אַז דעם טויט און מיין ביטער מזל אויף להכעיס, וועט דאָך מיין נאָמען קיין מאָל ניט אויסגעמעקט ווערן ביים יידישן פאָלק" [2]. ער האָט אָבער געוואָלט פאַרבלייבן אין זכרון פון די קומענדיקע דורות אַלס גדול בישראל, ניט מיטן פאַרהאַסטן שם פון אַן אַפּיקורס און „עוכר ישראל" ווי חיווי הבלכי, אָדער אלישע בן אבויה. ער האָט דערפאַר באַשלאָסן צו פירן זיין קאַמף קעגן דעם רבנישן יידנטום ניט אָפן, אויף אייגענער אחריות, נאָר פון אונטער אַ באַהעלטעניש, פאַרשטעלטערהייט מיט אַ טונקעלער מאַסקע אויפן פּנים...

מאָדענאַ דערציילט, אַז אין 1622 איז כלומרשט צו אים געקומען אַ באַקאַנטער און אים מודיע געווען, אַז אים איז געקומען צו די הענט

---

1 „חיי יהודה", 42—45.

2 דאָרטן, 42: „כי זאת לי לנחמה רבה, כי לא ימחה שמי מישראל ומהעולם עוד כל ימי הארץ, על כרחו של מות ונגד הזמן הרע הזה".

א כתב־יד, וואָס ס׳האָט פאַרפאַסט אין אַלקאַליי צוריק מיט 120 יאָר א פאַרביסענער קעגנער פון תּלמוד. ווייל מאָדענאַ האָט זיך מיט זיין „מגן וצינה״ קונה־שם געווען אַלס אויסגעצייכנטער פּאָלעמיסט, האָט אים דערפאַר דער באַקאַנטער איבערגעגעבן דעם געפונענעם מאַנוסקריפּט מיט דער בקשה אָנשרייבן אַן ענטפער אויף אַלע אָנפאַלן פון דעם דאָזיקן אפיקורס.

„נאָכדעם ווי איך האָב מיך באַקענט מיט דעם דאָזיקן כּתב־יד — דערציילט ווייטער מאָדענאַ — בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די אָנפאַלן זיינען געמאַכט געוואָרן מיט גרויס בקיאות און מען מוז דערפאַר פיל נאָכדענקען און לאַנג זיך איבערלייגן, בכדי צו זיין אימ־שטאַנד אָפּענטפערן און מאַכן צו נישט די אַלע ווידעראַנאַנדן פון אַזאַ שטאַרקן און געאיבטן קעגנער״.

„דו ווידער — ווענדט זיך מאָדענאַ מיט אַן ערנסטן פּנים צום לייענער — באַקען זיך מיט די אַלע טענות און לייג זיך גוט איבער. ווער עס קאָן הערן — זאָל ער הערן, ווער ס׳איז זוכה — דער וועט פאַר־שטיין!״ [1]

עס איז קיין ספק ניט, אַז די גאַנצע מעשה מיטן געפונענעם כּתב־יד איז מער ניט ווי אַן אָנשטעל. שוין דער נאָמען פונם אפיקורס זאָגט עדות, אַז דאָס אַלץ איז בלויז א משל. „דער מחבר — דערציילט מאָדענאַ — הייסט אמתי בן ידעיה אבן רז. דאָס הייסט: דער אמתער, דעם גאָט־דער־קענערס זון, דער שפּראָצלינג פונם טיפן סוד. געשריבן איז דאָס ווערק „בשנת הרס״ (1500). דאָס וואָרט „הרס״ האָט אָבער א באַשטימטן טייטש — צושטערונג. דעם נאָמען פונם ווערק ווייזט מאָדענאַ ניט אָן, ער גופא קרויגט עס מיטן נאָמען „קול סכל״ (די שטים פון א נאַר), און זיין ענטפער הייסט ביי אים „שאגת אריה״ (דאָס געשריי פון א לייב). מאָדענאַס ענטפער איז אָבער אויך ניט מער ווי אַן אָנשטעל. דער גאַנצער ענטפער באַשטייט בלויז פון צוויי קליינינקע פאַרבלאָזע קאַפּיטלעך. דאָס זאָל כּלומרשט זיין בלויז די התחלה פון א גרויס ווערק, נאָר אין משך פון גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר [2] האָט מאָדענאַ ניט באַוויזן דעם המשך צו שרייבן און פאַרענדיקן דאָס אָנגעהויבענע ווערק. דעם גאַנצן מאַסקאַראַד האָט מאָדענאַ צוגעטראַכט בכדי די אויגן צו פאַרבלענדן, מען זאָל ניט קאָנען קומען צו אים מיט טענות, און אַנדערע זאָלן מיינען, אַז מאָדענאַ איז אין דער אמתן ניט מסכּים מיט די טעזיסן פון דעם אפיקורס

---

[1] „קול סכל״, 5.

[2] מאָדענאַ איז געשטאָרבן דעם 26טן אָדר (21טן מערץ) 1648.

אויס אַלקאַליי און ער האָט אַפילו בדעה צו שרייבן אַ שאַרפן ענטפער און אַפּוועגדן יענעמס אָנפאַלן. אין די דאָזיקע צוויי התחלה־קאַפּיטלעך פונם „שאגת אריה" מאַכט מאָדענאַ אַ פאַרפרומטן פנים, גלייך ער איז גאָט די נשמה שולדיק, פאַרשטעלט זיך פאַר אַ תמימותדיקן שטאָק־פרומען מאמין, וועלכער גלויבט בלינד אין אַלץ, וואָס די הייליקע מסורה הייסט און די רבנים באַפוילן. עס איז אָבער ניט שווער צו באַמערקן אונטער דער דאָזיקער גאָטספאָרכטיקער מאַסקע דעם פּיפיקן חוזק־שמייכל פון דעם מיסטיפיקאַטאָר, דעם פרייַדענקער [1].

דער „קול סכל" איז ניט נאָר דאָס מערקווערדיקסטע בוך מאָדענאַס — עס פאַרנעמט בכלל אַ באַזונדער אָרט אין דער גאַנצער אַלט־העבּרעיִשער ליטעראַטור. ווי די „צוואה" פונם קאַטוילישן גלח מעליע האָט ניט איר גלייכן אין דער גאַנצער קריסטלעכער ליטעראַטור מיט איר גיפטיקער שנאה צו דער קירך און אירע דאָגמען, אַזוי איז אויך דאָס ווערק פון דעם איטאַליענישן רב אויס דעם 17טן י"ה אַן אמתער אויסנאַם אין דער גאַנצער העבּרעיִשער ליטעראַטור. אַפילו די פאַרביסענע קעגנער פון די רבנים, די קאַראַימען, האָבן זיך זעלטן ווען דערלויבט צו ריידן מיט אַזאַ ביטערן כּעס און שנאה וועגן די מרעגער פון מסורה און תורה שבעל פּה, ווי דאָס טוט מאָדענאַ אינם נאָמען פון אמתי בן ידעיה [2].

„זעט, — שרייט אויס מיט כעס אמתי בן ידעיה — וואָס אונזערע „חכמים" האָבן געמאַכט פון תורת משה, פונם געטלעכן געזעץ! אין דער תורה שטייט בפירוש: את כל הדבר אשר אנכי מצוה אתכם אותו תשמרו לעשות, לא תוסיף עליו ולא תגרע ממנו — אַלץ וואָס איך האָב דיר געבאָטן צו טאָן דאַרפסטו טריי מקיים זיין, טאָרסט קיין זאַך ניט מינערן און גאָרניט מוסיף זיין; זיי אָבער, אונזערע לערער, אונזערע חכמים, האָבן געטאָן פּונקט דעם היפך. זיי האָבן אויף אַזוי ווייט „אַרומגעצוימט" די געבאָטן פון דער תורה מיט נייע געזעצן און כּלערליי חומרות, אַז דאָס געטלעכע געזעץ איז ממש ניט צו דערקענען. און זיי האָבן עס נאָך די העזה צו פאַררופן זיך אויף דעם אויטאָריטעט פון דער מסורה, זיי ריידן נאָך וועגן הלכה למשה מסיני, און פאָדערן פונם פאָלק עס זאָל בלינד מקיים זיין אַלץ, וואָס זיי הייסן, אַפילו ווען זיי זאָגן אויף לינקס — רעכטס און אויף רעכטס — לינקס [3]. די לעגענדע וועגן דער טויזנטיאָריקער

---

1 מער באַריכות זע וועגן דעם ביי רעגיו אין „בחינת הדת", 253—268.

2 אַז אמתי בן ידעיה איז בלויז דער ווידער־קול פון מאָדענאַן גופא, האָבן שוין לאַנג דערוויזן באותות ובמופתים י. ש. רעגיו, גייגער און לייבאָוויטש. הלוים קעגן־טענות (ציט. ווערק 91—92) זיינען ניט איבערצייגנד.

3 „קול סכל", 28—29.

קבלה־קייט פון משה רבנו ביז צו אונזערע דורות — דאָס איז דאָך לא היה ולא נברא, דאָס האָבן זיי, די רבנים, אויסגעטראַכט. ווי קאָן מען עס דאָ ריידן וועגן אַן איבערגעריסענער קבלה־קייט — טענהט אמתי בן ידעיה — בעת אין דער ביבל גופא ווערט דאָך דערציילט ווי נאָך יהושעס טויט, אין די דורות פון די שופטים און מלכי יהודה וישראל, איז די תורה אַזוי גרינטלעך פאַרגעסן געוואָרן, אַז ווען מען האָט בימי חזקיהו געפונען אין היכל אַ ספר־תורה איז דאָס געווען אַ גרויס נייס אי פאַרן מלך אי פאַר די כוהנים. דאָס אייגענע האָט זיך איבערגעחזרט אין גלות בבל; און בעת בנין בית שני האָט עזרא איבעראַנייס אַנטדעקט תורת משה [1]. איך בין חלילה ניט מסופק — איז אמתי מוסיף מיט אַ באַהאַל־טענעם שמייכל, — אַז עזרא האָט ניט געענדערט קיין איין אות אפילו אין דער תורה און אַלע זיינע דערקלערונגען און תקנות זיינען טאַקע ריכטיק און שטימען פולקום מיטן פשט פון דער תורה; אָבער דאָך האָבן מיר פאָרט מער רעכט צו זאָגן, אַז די תורה האָבן מיר אייגנטלעך באַקו־מען פון עזרא הסופר ניט פון משהן. און ווי וועלן מיר עס זיין אַזוינע נאַראָנים צו גלויבן אונזערע חכמים, וואָס האָבן געלעבט פילע דורות נאָך עזראן, אַז טאַקע פון אים זיינען עס איבערגעגאַנגען בקבלה די אַלע תלי־תלים פון מנהגים און געזעצן, וואָס זיי, די רבנים אונזערע, האָבן איינגעפירט, אפילו די תקנה, אַז יידן דאַרפן אום פרייטאָג־צונאַכט עסן קנאָבל ווי אַ סגולה צו קינדער־געבורט [2].

מיר ווייסן דאָך זייער גוט — טענהט ווייטער אמתי בן ידעיה, — אַז גראָד נאָך עזראס צייטן האָבן זיך ביי יידן געמערט פאַרשיידענע כיתות: צדוקים, פרושים, בייתוסים א"א. זיי אַלע האָבן געפירט צווישן זיך שטאַרקע מחלוקת וועגן דעם פשט פון דער תורה, יעדע כיתה האָט געמאַכט אירע תקנות און ניט געוואָלט אָנערקענען די תקנות פון די אַנדערע כיתות. דאָס אַליין באַווייזט דאָך אַמבעסטן, אַז קיין פעסטע, פון אַלעמען אָנערקענטע מסורה איז ניט געווען. וואָלט אַ שטייגער תפילין לייגן ווירקלעך געווען אַ „הלכה למשה מסיני", אַ תקנה, וואָס שטיצט זיך אויף דער געהייליקטער קבלה־קייט, ווי וואָלט מעגלעך געווען מחלוקתן וועגן דעם; ווער וואָלט זיך עס אונטערשטאַנען צו קעמפן קעגן דער דאָ־זיקער תקנה און ניט וועלן זי אָנערקענען? [3]

ערשט נאָכן חורבן בית שני האָבן אונזערע „חכמים" באַוויזן וואָס זיי קאָנען. אייגנטלעך זיינען דאָך צוזאַמען מיטן חורבן בית־המקדש און

---

1 דאָרטן, 24.
2 דאָרטן,
3 דאָרטן, 25—26.

דערמיט וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט זיין לאַנד פאַרלאָזן — בטול גע־וואָרן אַ סך מצוות און געבאָטן. אויף די לערער פונם פאָלק איז מוטל גע־ווען צופּאַסן די תורה צו די נייע צושטאַנדן אין גלות. זיי זיינען מחוייב געווען לייכטער מאַכן דעם עול פון די דקדוקי המצוות פאַר די אומגליק־לעכע פאַרטריבענע, ביי זייער שווערער לאַגע אינם לאַנד פון זייערע פיינד און אונטערדריקער, בכדי עס זאָל זיי ניט שטערן אין זייער לעבנסקאַמף. און ניט דערוועקן קיין שנאה אין דער אַרומיקער פרעמדער באַפעלקערונג. אונזערע פירער האָבן אָבער געטאָן פונקט פאַרקערט: די אַלע חומרות, וואָס די פּרושים האָבן מתקן געווען ספּעציעל פאַר שטאָק־פרומע, וואָס ווילן זיך אָפּזונדערן פון דער וועלט — האָבן זיי נאָך מוראדיק פאַרגרעסערט און אַרויפגעוואָרפן אויפן גאַנצן פאָלק. אָן אַ צאָל האָבן זיי געמערט זייערע פאַרבאָטן און באַפעלן, וואָס דריקן ווי אַ שווערע לאַסט אויף יעדן יחיד, פאַרביטערן און פאַראומערן אים דאָס לעבן און מאַכן דאָס גאַנצע פאָלק צו שפּאָט און געלעכטער. און דאָס אַלץ — מיט אַ באַשטימטן צוועק: בכדי איבער דעם פאָלק צו געוועלטיקן, דאָס פאָלק זאָל זיין אינגאַנצן אָפּהענגיק פון זיי, עס זאָל קיין איינציקן טריט ניט קאָנען טאָן אָן זיי, די ווילקענעוודיקע, די געזעצגעבער...[1]

אָט דער געדאַנק, אַז מיט זייערע תקנות און געזעצן זיינען די חכמי־התלמוד און די רבנים פון שפּעטערע דורות ניט אויסן געווען קיין הימל־זאַכן, נאָר פשוט אויסגענוצט אַלס מיטל צו פאַשטאַרקן זייער ממשלה איבער די ברייטע שיכטן פון פאָלק — דער געדאַנק דאָמינירט איבער דעם גאַנצן ווערק „קול סכל". אויף יעדן טריט באַגעגענען מיר דאָרט אַזוינע אויסדריקן ווי „להשתרר על העדה", „לוקחים שררה על ההמון", „לחרבות בדקדוקי דינים להשתרר", „לכלות ממונם של ישראל ולהדאיב חייהם" אאז"וו.

מאָדענאַ מיט זיין ענג ראַציאָנאַליסטישן וועלט־באַנעם, וואָס האָט אַלץ געמאָסטן מיט דער סקאַרבאָווער מאָס פונם ניכטערן שכל־הישר — איז ניט געווען אימשטאַנד געהעריק אָפּצושאַצן דעם באַטייט און די ראָלע פון תורה שבעל־פה — פון דער מינדלעכער מסורה און איר היסטאָ־רישן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. פאַרבלענדט דורך האַס און צאָרן, האָט ער אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פונם רבנישן יידנטום געזען בלויז דעם בייזן ווילן פון ענגהאַרציקע מענטשן, וואָס יאָגן גיריק נאָך מאַכט, און זייער גאַנץ טראַכטן איז בלויז וואָס מער יענעם „דאָס לעבן פאַר־ביטערן" (להדאיב חייהם). השנאה מקלקלת השורה — שנאה מאַכט

---

[1] דאָרטן.

בלינד. די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו ווערט ביי מאָדענאַן אַזוי צעשוווּ־
מען, אַז ער באַשולדיקט אָפּט די חכמי־התלמוד אין אַזוינע תקנות, וואָס
זיינען באַשאַפן געוואָרן ערשט אין פיל שפּעטערע דורות.

אפילו נאָך חתימת המשנה, טענהט אמתי בן ידעיה, ווען די תורה
שבעל־פּה איז אויך געוואָרן אַ געשריבענע תורה, האָבן אונזערע
„חכמים” נאָך אַלץ זיך ניט באַנוגנט, און אַלץ ווייטער געשריבן נייע
סייגים און תקנות. בכדי צו געוועלטיקן איבער דעם פאָלק, האָבן די
מנהיגים אונזערע געפלייסט זיך צו דערווייזן, אַז אויך די געזעצן פון דער
משנה נייטיקן זיך אין פירושים און ערקלערונגען. זיי האָבן באַשאַפן נייע
בערג דינים און פאַרבאָטן, דאָס גאַנצע לעבן האָבן זיי אַרומגעצוימט מיט
זייער שפּינוועבס, בכדי דאָס פאָלק זאָל זיין מיט לייב און לעבן אָפּהענגיק
פון זיי, מיט זייערע פּסקים און החלטות. אָט אַזוי איז אויפגעבויט גע־
וואָרן דער גרויסער טורעם, וואָס הייסט תלמוד בבלי. די באַשעפער פונם
תלמוד האָבן דאָך אָבער געלעבט אין אַ שטאַרק פאַרגרעבט לאַנד, מיט
אַ גאַנץ ענגן וועלט־באַנעם, האָבן זיי די רחבות פון דער וועלט, די
הימלשע ווייטן — אַלץ, אַלץ געמאָסטן מיט זייער קליינינקער מאָס און
ענג־שפּאַניקן קוק. דאַרף מען זיך דען חידושן, וואָס דער טורעם, וועלכן
זיי האָבן אויפגעבויט, איז אַזוי משונה אומגעלומפּערט, אַ אמתער תוהו
ובוהו? און זיי אַליין, די באַשעפער טאַקע, האָבן געמוזט מודה זיין, אַז בנוגע
צום תלמוד בבלי איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט דער אויסדרוק: „במחשכים
הושיבני” — ער האָט מיך באַזעצט אין דער פינסטערניש [1]. מיט באַזונ־
דערן כעס און ביטול רעדט דער פאַרפאַסער פונם „קול סכל” וועגן דעם
אַגדישן טייל פונם תלמוד. אָט די אייגנאַרטיקע וועלט פון פאַנטאַסטישע
לעגענדעס און ווּנדערלעכע מעשיות געפינט זיך דאָך אין אַ צו שטאַרקער
סתירה מיט דעם פּראַקטישן שכל הישר — קעמפט מאָדענאַ קעגן דער
דאָזיקער וועלט אָן רחמנות, און באַוואַרפט זי מיט פיילן פון שפּאָט און
פאַראַכטונג. אַנשטאָט קלאָרע געזעצן —רופט אויס אמתי בן ידעיה —
האָבן זיי אונז געגעבן גאַנצע בערג פון איבערגעשפּיצטן פּילפּול און גע־
דיכטע נעצן פון שפּינוועבס; אויפן אָרט פון אמתער חכמה, וויסן און
פילאָזאָפיע—אַגדה און מדרש, ווו עס וויבלט און עס שווּיבלט מיט אומוויסן
און נאַרישקייט, ווו עס איז פול מיט ווילדע גוזמאות, מיט ניבול־פּה, מיט
גראָבע באַגריפן וועגן גאָט און דער וועלט, און נאָר ערטערווייז באַגעגנט
מען אויך נוצלעכע עטישע סענטענצן, וואָס לערנען וועגן מידות טובות
און דרך ארץ. און דאָס אַלץ הייסט ביי זיי „הייליקע מסורה”!...

---

[1] דאָרטן, 31: „במחשכים הושיבני זה תלמוד בבלי”.

און זיי, אַט די חכמי־התלמוד, האָבן עס געדינט אַלס מוסטער פאַר די שפּעטערדיקע גדולים — פאַר די גאונים, בעלי התוספות און בעלי הלכות און פּוסקים. ווי די אמוראים האָבן פאַרטונקלט די משנה, אַזוי האָבן יענע געטאָן זייערס בנוגע צום תלמוד. אומזיסט, קלאָגט זיך אַמתי בן ידעיה, האָט דער געוואַלדיקער גאון, דער נר ישראל רבנו משה בן מיימון, גע־פּרוווט פאַרשפּרייטן ליכט אין דער שטאָק פינסטערניש, און מיט זיין „משנה תורה" ברענגען אַ סדר אין דעם אימהדיקן תוהו ובוהו, און פאַרוואַנדלען דעם „תלמוד בלבולי" (דעם תלמוד פון פּלאָנטער) אין „תלמוד ערוך" (אין תלמוד פון אָרדענונג). גלייך נאָך אים זיינען געקומען אין די שפּע־טערדיקע דורות אין די טויזנטער אַלע מיני פּוסקים און עוקרי הרים; זיי האָבן עס אָנגעפּאַנגען „אויסבעסערן" דעם רמב"ם, צוגעבן נייע גע־זעצן און די מינדסטע מנהגים דערקלערן פאַר „הלכה מסיני". נאָר אין דעם האָבן זיי געקאָנט באַווייזן זייער חריפות, ווארעם אַלע אַנדערע חכמות זיינען זיי פרעמד, פילאָזאָפיע און נאַטורוויסן זיינען העכער פון זייער פאַרשטאַנד.

„וואָס שאַדן דען אייגנטלעך די אַלע מנהגים און סייגים?" — ווען פרעגן די איינגעשפּאַרטע נאַראָנים [1]. גוואַלטיק גרויס איז דער שאָדן — רופט אויס אַמתי בן ידעיה — דאָ האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן דעם, וואָס אונזערע חכמים האָבן אַנטשטעלט דעם תוך פון דער תורה, האָבן מיט זייערע אומצאָליקע דינים פאַרפינסטערט דאָס באַוווסטזיין פונם פאָלק און קיינער פונם המון איז איצט ניט אימשטאַנד צו אונטערשיידן דעם עיקר פונם טפל, און ווען ער איז עובר אויפן נאַרישסטן מנהג, מיינט ער נעבעך, אַז זיין זינד קעגן גאָט איז פּונקט אַזוי גרויס, ווי ווען ער וואָלט כופר בעיקר געווען און אָפּגעוואָרפן פון זיך די וויכטיקסטע געזעצן פון דער תורה. זיי, די חכמים אונזערע, מיט זייערע סייגים, תקנות און דינים, האָבן עס גורם געווען, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז אַזוי דערנידע־ריקט אין די לענדער פון גלות. אויף אונזערע חכמים איז מוטל געווען צו פאַרגרינגערן אין גלות די מצוות און דינים פון דער תורה; זיי האָבן באַ־דאַרפט געדענקען די גאָלדענע ווערטער פון דער תורה. „כי קרוב אליך הדבר מאוד בפיך ובלבבך לעשותה" — גרינג איז איר עול, און לייכט איז זי מקיים צו זיין, ווארעם דאָס וויכטיקסטע איז דאָס האַרץ, ניט די דקדוקי המצוות, נאָר דאָס גאָט דערקענען, די ליבע צו גאָט און דאָס גיין אין זיינע דרכים. וואָלטן דאָס פאַרשטאַנען אונזערע חכמים, וואָלטן זיי גע־וווּסט, אַז אין גלות דאַרף מען פאַרגרינגערן, ניט שווערער מאַכן דעם עול

[1] דאָרטן, 32.

פון דער תורה, — וואָלטן מיר שוין פון לאַנג דערלעבט די ליכטיקע האָפענונג פון „אחרית הימים“, און געקומען וואָלט די צייט פון ביאַת משיח און גאולת ישראל. וואָרעם די אומות העולם, די שטאַרקסטע פעלקער פון יענער צייט [1], האָבן דעמאָלט געזוכט די ריינע אמונה, וואָלטן זיי געווען ביי אונז געפונען די תורת משה אין איר ריינער געשטאַלט און ניט באַדאַרפט זי אָננעמען אין איר געפעלשטער און פאַרדרייטער פאָרם [2] זיי וואָלטן זיך באַהעפט אָן איר און אַלע וואָלטן מיר געווען איין פאָלק, דאָס יידישע פאָלק; פעסט וואָלט געווען דודס שטול אין ירושלים, דער היכל וואָלט שימערירט אין זיין גאַנצער פראַכט און איבער אונז אַלעמען וואָלט געשיינט גאָטס גענאָד און גלאַנץ [3]. אונזערע חכמים האָבן אָבער מיט זייערע חומרות און תקנות געמאַכט אונז צו שפּאָט און צו געלעכטער, אונזער גלויבן האָבן זיי געמאַכט פאַרהאַסט אין די אויגן פון אַלע פעלקער, יענע באַהאַנדלען אונז ווי קנעכט און מיט יעדן טאָג וואַקסט אונזער שאַנד און דערנידעריקונג.

דער בעל-„קול סכל“ קאָן ניט מוחל זיין די חכמי התלמוד דערפאַר, וואָס זיי האָבן מתקן געווען, אַז אויפן גר איז חל מצוות מילה, און אָן דעם קאָן ער קיין ייד ניט ווערן. דאָס זיינען „דיני סדום“, ערקלערט ער מיט גרוים גרימצאָרן. וואָלטן זיי איינגעפירט, אַז בלויז די נייגעבאָרענע קינדער פון גרים דאַרף מען מל זיין און די גרים גופא קאָנען יוצא זיין בלויז מיט טבילה, דעמאָלט וואָלטן פילע פעלקער און מלוכות זיך באַהעפט צו אונז; זיי וואָלטן אָנגענומען אונזער גלויבן און אונזער גאולה וואָלט שוין פון לאַנג געקומען (דאָרטן, 59). „אוי, וויי צו אונז! — רופט ער אויס מיט פּאַטאָס — וויפיל צרות, וויפיל אומגליקן האָט אונזער פאָלק געהאַט אויסצושטיין אין אַלע דורות, אַלץ דערפאַר, וואָס אונזערע חכמים האָבן אויס גרוים נאַרישקייט און פאַרגרעבטקייט אויסגעטראַכט אַלץ נייע דינים, וואָס די תורה האָט ניט געבאָטן!“[4].

---

1 די צייט פון חורבן בית-המקדש.

2 ד״ה אין פאָרם פון קריסטנטום.

3 דאָרטן, 33: „כבר היה לעולמים הטוב המקווה באחרית הימים מביאת המשיח גאולת ישראל, כי האומות הראשיות ומלכיהם אשרבקשו ולא מצאו דת לאחוז בו עד שהצרכו לקחת תורת משה אך עם החלוף והזיוף, היו מתדבקים בה ומקבלים אותה עליהם בצורתה ותיקונה, והיינו לעם אחד וכלנו יהודים ומושלים בעולם וכסא דוד נכון בירושלים והמקדש על מכונו וכבוד ד׳ עלינו זורח“.

4 דאָרטן, 56: „אוי לנו! כמה צרות סבבו יסבבו בכל דור לאומתנו מאין בהם דעת ותבונה לצוות מה שלא צותה תורה“.

„אוודאי זיינען זיי גערעכט, די חכמים אונזערע, — באַמערקט מיט גיפטיקער איראָניע דער בעל „קול סכל״,— וואָס זיי רופן זיך אַלץ די „זיילן פונם גלות״ (עמודי הגולה)! זיי זיינען טאַקע דער יסוד און דער גרונטזייל פונם גלות, און אַדאַנק זיי שמאַכטן מיר אין גלות און זעען אַלץ ניט קיין סוף״ [1].

נאָכדעם ווי אין די ערשטע צוויי מאמרים פון „קול סכל״ קעמפט אמתי בן ידעיה קעגן דער תורה שבעל־פה בכלל און דעם תלמוד בפרט, גייט ער איבער אין דעם לעצטן, דריטן מאמר, צו באַזונדערע דינים און מצוות, און פליסט זיך דערביי צו דערווייזן, ווי פילע פון זיי געפינען זיך אין פולשטענדקער סתירה מיטן פשט פון דער תורה און זיינען ניט מער ווי דברי שטות און נאַרישע איינפאַלן פון „אַלטע ווייבער און קינדער״ (דברי זקנות וילדים); אַדער, איז מוסיף דער בעל „קול סכל״, מען האָט זיי מתקן געווען בכדי מיט זייער הילף איבער דעם פאָלק צו געוועלטיקן. ווילד און נאַריש געפינט אונזער פאַרפאַסער פילע תקנות בנוגע אָפהיטן שבת [2], דעם איסור פון חמץ אום פסח [3], דיני שחיטה ובדיקה [4], חופה וקידושין [5], מילכיקס און פליישיקס [6] אאַז״וו. אמתי בן ידעיה איז זיך אויך שטאַרק מתרעם אויף די תעניתים און ער געפינט, אַז אַפילו אום יום־כיפור דאַרף מען פאַסטן בלויז לויט די כוחות נאָך, און פילט מען זיך שוואַך, איז כלל ניט קיין חיוב צו פאַסטן.

און די שאַרפע קריטיק ווערט ביי אמתי בן ידעיה געפירט אין אַ שטאַרק אויפגערעגטן טאָן; אין יעדן וואָרט און אויסגעשריי שפירט זיך דער אָטעם פון גיפטיקער שנאה און קאַלטן בימול. בעת דער האַרפאַסער דערמאָנט, למשל, דעם פאַרבאָט פון יין נסך, רופט ער אויס מיט כעס: „ווי ווייט ס׳איז נאָר מעגלעך געווען האָבן זיי אַלץ אויסגעטראַכט אַזוינס, וואָס ווערט מיט קיין שום רמז ניט דערמאָנט אין גאַנץ תורה; און דאָס אַלץ בכדי אונז מאַכן וואָס מער פאַרהאַסט און פאַרמיאוסט אין די אויגן פון די אַרומיקע פעלקער!״ [7] אַפילו אַזאַ אומשולדיקע תקנה מצד די חכמי התלמוד, אַז אום פורים „מרבים בשמחה״, לאָזט דער בעל

---

1 דאָרטן, 59.

2 דאָרטן, 44—46.

3 דאָרטן, 47.

4 דאָרטן, 52—53.

5 דאָרטן, 63—64.

6 דאָרטן, 54.

7 דאָרטן, 55: „מה לעשות עוד ולא עשו להבאיש את ריחנו בעיני העמים לכלותנו כהיום הזה על אשר לא צוה ד׳ ולא עלה על לבו״.

,,קול סכל'' ניט דורך אַן שטעכיקע איראָנישע באַמערקונגען . ער האַלט אפילו פאַר מעגלעך אויסנוצן אין זיין קאַמף קעגן דעם תּלמוד די גיפטיקע פיילן, וואָס ער האָט געבאָרגט ביי אַזאַ שונא ישראל און פאַרביטערטן קעגנער פונם יידישן גלויבן, ווי דעם מומר אבנר אוים בורגאָס...

טיפיש איז אויך אמתּי בן ידעיהס פאַרהאַלטן זיך צו די יידישע תּפילות. אַלס הייסער ליבהאָבער פון מוזיק איז אריה די־מאָדענאַ זייער געווען דערפאַר, אַז דער גאָטעסדינסט אין שול זאָל צוגיין מיט גרויס פּאַראַד און מיט די שענסטע כּלי־זמר [2]. אַלס איבערצייגטער ראַציאָנאַ־ליסט און קעמפער פאַרן ניכטערן ,,שכל הישר'' איז אים אָבער פרעמד געווען דער פּאַטאָס פון די האַרציקע תּפילות, די התלהבות פונם רעלי־גיעזן געפיל און דער מיסטישער ציטער פון דער גלויביקער נשמה בעת זי איז מתפּלל אין איר בענקשאַפט צו גאָט. מאָדענאַס ווידערקול — אמתּי בן ידעיה, ערקלערט דערפאַר, אַז די תּפילות פון אַ גאַנצער וואָך זיינען צו לאַנג; ער לייגט דערפאַר פאָר זיינע אייגענע גאַנץ קורצע תּפילות, מען זאָל זיי זאָגן יעדן טאָג אַנשטאָט די פעסטגעזעצטע תּפילות פונם סידור. אָט די נייע תּפילות, ווי אויך די תּפילות, וואָס זיינען אונ־טער מאָדענאַס נאָמען געדרוקט אין דעם אין ווענעדיק פאַרעפנטלעכטן (1622) ,,תּפילות ישרים'', זיינען געשריבן אין אַ קלאָרן, ערטערווייז אפילו גאַנץ שיינעם סטיל, זיי פעלט אָבער איין קלייניקייט, און טאַקע דאָס וויכטיקסטע — די אמתע התלהבות, דער פּאַטאָס פון דער גלויביקער נשמה.

אין דעם ,,קול סכל'', וואָס איז געשריבן אין ערשטן פערטל פונם 17טן י"ה, זיינען שוין פאַקטיש אויפגעזאַמלט אַלע טענות און אָנפאַלן אויפן תּלמוד און דעם ,,שולחן ערוך''־יידנטום, וואָס מיר געפינען פיל שפּעטער אין אַזאַ ברייטער מאָס ביי די רעפאָרמיסטן און אויפקלערער פון דער ערשטער העלפט פון 19טן י"ה. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס שמואל דוד לוצאַטאָ, ווי נאָר ער האָט זיך באַקאָנט (1846) מיטן מאַנוסקריפּט פון ,,קול סכל'', האָט ער געשריבן צו ז. שטערן: ,,האָסטו געזען דעם ,,שאגת אריה'' מיטן ,,קול סכל''? עס איז אָן שום ספק, אַז אויך דער ,,קול סכל'' איז ר' יהודה אריהס אַרבעט. דער דאָזיקער רב האָט פיינט געהאַט די חכמי המשנה והתּלמוד פיל ערגער ווי די קראים, און ער איז געווען אַ באַדייטנד לינקערער רעפאָרמיסט פון גייגערן.

[1] דאָרטן, 51.

[2] זע מאָדענאַס פאָררעדע צו שלמה רוסיס קאָמפּאָזיציעס (1615). ווען מוזיק בשעת דער גאָטעסדינסט האָט מאָדענאַ אַ ספּעציעלע שו"ת געשריבן (זע ליבאָוויטשער ,,לעאָן מאָדענאַ'', 96, 117).

און דאָס מיט 220 צוריק! און אין איטאַליע!״ [1] און ווען יצחק שמואל רעדזשיאָ האָט אין עטלעכע יאָר אַרום (אין 1852) פאַרעפנטלעכט דעם ,,קול סכל״ מיטן ,,שאגת אריה״, האָט דאָס געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם [2]. עס האָבן זיך אַפילו געפונען אַזוינע, וואָס האָבן אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז ניט מאָדענאַ, נאָר רעדזשיאָ איז דער מיסטיפיקאַטאָר. עס קאָן ניט געמאָלט זיין, האָבן זיי געטענהט, אַז אַ באַרימטער רב פונם 17טן י״ה זאָל שרייבן אַזאַ אַפּיקורסיש ווערק, נייערט דאָס האָט דער משכּיל רעדזשיאָ, דער בעל ,,הדת והפילוסופיא״, דעם ,,קול סכל״ פאַרפאַסט, און בכדי די אויגן צו פאַרבלענדן, מאַכט ער דעם אָנשטעל, אַז ער האָט דאָס ווערק צווישן מאָדענאָס כתבים געפונען [3].

צום סוף פון ,,קול סכל״ ווענדט זיך דער פאַרפאַסער צום לייענער מיט פאָלגנדיקע ווערטער: ,,זאָלסט ניט מיינען, אַז מיר איז געלונגען אויפדעקן ביזן סוף דאָס נאַרישקייט פון די דאָזיקע מענטשן, וועלכע הייסן ביי אונז ,,חכמים״. אַלץ, וואָס איך האָב אויפגעדעקט, איז בלויז אַ נישטיקער טייל, טאַקע אחד מאלף ורבוי רבבות. דאָס איז ניט מער ווי דער ערשטער האַמער־קלאַפּ, דעם מענטשן פון זיין גייסטיקן דרעמל אויפצוּוועקן, אין וועלכן אונזערע אונטערדריקער האָבן אים איינגעשלעפערט. זאָל דער מענטש די אויגן עפענען און זען, ווי שטאַרק דערנידעריקט איז אונזער פאָלק, און ווער איז אין דעם שולדיק. זאָל ער זען און באַגרייפן, ווי שטאַרק מען האָט פאַרטונקלט און פאַרפינסטערט דעם גלאַנץ און דאָס שטראַלנדיקע ליכט פון אונזער געטלעכער תורה. איך האָב ניט געקאָנט פאַרשווייגן אַזאַ אימהדיק פאַרברעכן און איך האָב דאָס דאָזיקע ווערק אָנגעשריבן, כאָטש איך ווייס גאַנץ גוט, אַז ווי נאָר עס וועלן זיך וועגן אים דערוויסן די רבנים מיט די ראשי ישיבות, וועלן זיי מאַכן אַ גרויס געוואַלד; דעם פאַרפאַסער וועלן זיי ערקלערן אַלס מין, אפּיקורס, משומד און מומר, אים באַשיטן מיט קללות און חרמות און פאַרהילכן די וועלט מיט זייערע געשרייען. אָבער... ווער ווייסט: אפשר וועט מיין בוך אַריינפאַלן אין די הענט פון אַ ,,יחיד בדור״, פון אַ מענטשן מיט אַ קלאָרן,

1 ,,אגרות שד״ל״, 980.

2 דעם ,,קול סכל״ האָט מען צוויי מאָל איבערגעזעצט אויף דייטש: ד. איינהאָרן אין 1856 און ש. שטערן אין 1902 (,,דער קאַמפּף דעם ראַבבינערס געגען דען תלמוד אים 17 יאַהרהונדערט). עס איז דאָ אויך אַן ענגלישע איבערזעצונג (1871).

8 רעדזשיאָ שרייבט אין 1854: ,,נתבשרתי כי חוקרי אשכנז העלילו עלילה עלי לאמר, כי אני בדיתי מלבי כל הספר ,,קול סכל״ (,,אוצר נחמד״, I, 127). מער באַריכות וועגן די מיינונגען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָך דעם דערשיינען פונם ,,קול סכל״, זע ליבאָווימש, ציט. ווערק, קאַפּ. XI.

גלייכן פאַרשטאַנד, וואָס איז ניט אָנגעשטעקט מיט דער אַלגעמיינער קרענק פון נאַרישער עם־הארצות און משונה ווילדער גאווה. און אויף מיר וועט געלינגען צו העלפן אָט דעם פאַרשטאַנדיקן, דעם איינציקן צווישן טויזנטער, וועט מיך כּלל ניט אַרן דאָס גוואַלדעווען פון דעם המון נאַראָנים און אומפאַרשטאַנדיקע״.

פאַקטיש האָט דער „קול סכל״ ניט געקאָנט אַריינפאַלן אין די הענט פון דעם „יחיד בדור״, פון „דעם איינציקן צווישן טויזנטער״, פּשוט דערפאַר, ווייל מאָדענאַ האָט ניט געהאַט דעם מוט דאָס ווערק צו פאַרעפנטלעכן אפילו אונטער אַ פרעמדן נאָמען. כאַראַקטערלאָז און מיט אַ שלאַבערדיקן ווילן, האָט מאָדענאַ שטאַרק פּחד געהאַט פאַרן צאָרן פון דעם „המון נאַראָנים און אומפאַרשטענדלעכע״, און ניט געהאַט דעם מאָראַלישן מוט צו קעמפן פאַר דעם דערוואָרבענעם אמת. מאָדענאַ גופא דערציילט אָפנהאַרציק אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע, וואָס פאַר אַ שרעק אים איז באַפאַלן ביים בלויזן געדאַנק, אַז ער וועט מוזן געבן דין וחשבון פאַר זיינע פריי אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. אין 1616 האָט ער אויפן פאַר־שלאָג פון דעם לאָרד אינגלעז (Inglese) פאַרפאַסט אויף איטאַליענישער שפּראַך פאַרן ענגלישן מלך יעקב דעם ערשטן אַ ספּעציעל ווערק, ווו עס ווערן באַשריבן אין סיסטעמאַטישער פאָרם די יידישע מנהגים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן קולט און רעליגיעזן לעבנסשטייגער (Historia dei
.(Riti Hebraici et observanzi degli Hebrei di ques'i temp
ווייל דאָס ווערק איז באַשטימט פאַר אַ פּראָטעסטאַנט און אָן אַ כּוונה עס פאַרעפנטלעכן אין דרוק, האָט מאָדענאַ ניט געהאַלטן פאַר נייטיק זיך צו רעכענען מיט די שטרענגע כּללים פונם „ספר הזיקוק״, און מיטן אינקוויזיטאָרישן אויג פונם קאַטוילישן צענזאָר. אַ סך יאָרן שפּעטער (אין 1635) האָט מאָדענאַס באַקאַנטער, דער פראַנצויזישער געלערנטער זשאַקאָמאָ גאַפאַרעלי, זיך פאַראינטערעסירט מיט מאָדענאַס „ריטי״; ער האָט ביי אים גענומען דעם מאַנוסקריפּט און אים פאַרשפּראָכן, אַז ער וועט אים לאָזן דרוקן אין פראַנקרייך. זיין פאַרשפּרעכן האָט גאַפאַרעלי מקיים געווען און אין צוויי יאָר אַרום איז מאָדענאַס ווערק אַרויס פון דרוק [1]. ווי נאָר מאָדענאַ איז וועגן דעם געוואָר געוואָרן, איז ער געווען

---

[1] „היסטאָריאַ דעי ריטי״ האָט אויסגעהאַלטן פילע אויסגאַבן. מען האָט עס אויך איבערזעצט אויף פאַרשיידענע שפּראַכן: אויף ענגליש (1650, 1707 און 1753, אויף פראַנצויזיש (דורך דעם באַוווסטן געלערנטן ריטשאַרד סימאָן, 1671, 1681 און 1710), אויף האָלענדיש (1683) און לאַטיין (1693). אין 1863 האָט שלמה רובין מאָדענאַס ווערק איבערזעצט אויף העברעיש אונטערן נאָמען „שולחן ערוך״ מיט יעלינעקס באַמערקונגען. וועגן אַנדערע מאָדענאַס איטאַליענישע ווערק זע שטיינשניידער: „די איטאַליענישע ליטע־

אויסער זיך פאר שרעק. בעת ער האָט גענומען דורכבלעטערן די קאָפּיע פון זיין ווערק, וואָס האָט זיך ביי אים אויפגעהיט, האָט ער באַמערקט, אַז אייניקע שטעלן קאָנען אַרויסרופן די אומצופרידנקייט פון דער צענזור. „איך האָב — דערציילט מאָדענאַ — געזיפצט און געקרעכצט, איך האָב מיר מיין באָרד געריסן, און קוים וואָס די נשמה איז אין מיר געבליבן. איך האָב געטראַכט: ווי נאָר מען וועט זיך וועגן מיין ווערק דערוויסן אין רוים, קאָן עס ווערן אַן אבן נגף פאַר גאַנץ ישראל... און בפרט פאַר מיר גופא. איך האָב ניט געוווסט וווהין זיך אַהינטאָן, וואָרעם עס איז מיר ניט מעגלעך געווען צו אַנטלויפן ניט קיין פעראַראַ, ניט אין אַן אַנדער איטאַליענישער שטאָט. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט די געפאַר פיל גרעסער ווי זי איז... איך בין שיר פון זינען ניט אַראָפּ פאַר גרויס מורא און עגמת נפש” [1]. מאָדענאַ איז גלייך אַוועק צו דער אינקוויזיציע און דאָרט ערקלערט, אַז דאָס ווערק איז דערשינען אָן זיין וויסן און ניט אונטער זיין רעדאַקציע. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער שרעק איז געווען אומזיסט: גאַפאַרעלי גופא איז געווען גענוג פאָרזיכטיק און ער האָט אַרויסגעוואָרפן די אַלע שטעלן, וואָס האָבן געקאָנט דערוועקן חשד ביי די צענזאָרן. מאָדענאַ האָט זיך אָבער דערמיט אויך ניט באַנוגנט און בעת ער האָט אין צוויי יאָר אַרום איבערגעדרוקט זיין ווערק (ווענעדיק, 1639), האָט ער אַרויסגעוואָרפן נאָך פיל אַנדערע שטעלן, וואָס האָבן, לויט זיין מיינונג, געקאָנט ניט געפעלן ווערן דעם קריסטלעכן לייענער.

אין דעם דאָזיקן מערקווערדיקן מענטשן האָבן אָבער געקעמפט „צוויי נשמות”. ער האָט קיין מוט ניט געהאַט דעם „קול סכל” צו פאַרעפנטלעכן, ער קאָן אָבער ניט שווייגן, ער וויל ניט צורו לאָזן זיין פאַרהאַסטן קעגנער; און ער טראַכט וועגן אַ נייעם אָנפאַל, פון אונטער אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל, מיט אַ פיפיקן שמייכל אויף די ליפן, דער שונא זאָל ניט מערקן... באַלד נאָכדעם ווי דער „קול סכל” איז געווען פאַרענדיקט, טרעט מאָדענאַ צו צו אַ ניי ווערק, מיט וועלכן ער האָט זיך שטאַרק קונה־שם געווען און אַ סך פאַרערער דערוואָרבן. „בית יהודה” הייסט דאָס ווערק [2].

---

ראַטור דער יודען” („מאָנאַטסשריפט”, 1899, 311—316). מאָדענאַס פאַרטראַכטע איטאַליענישע ביבל־איבערזעצונג האָט ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערן, ווייל די צענזור האָט זי געאַסרט. מאָדענאַ האָט בלויז פאַרעפנטלעכט (1612) אַ העברעיש־איטאַליענישן ווערטערבוך („גלות יהודה”, (Novo Dittionario Hebraico e Italiano), ווו עס ווערן ערקלערט די האַרבע ווערטער פון דער ביבל.

1 „חיי יהודה”, 56—57.

2 דער „בית יהודה” איז געווען פאַרענדיקט אין 1625, און האָט געזאָלט אויך

אין סוף 15טן י"ה האָט איינער פון די גולי ספרד, יעקב אבן חביב, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין סאַלאָניקי, צונויפגעזאַמלט אַלע אַגדות אויס דעם תּלמוד און זיי פאַרעפנטלעכט אַלס באַזונדער בוך אונטערן נאָמען „עין יעקב", וואָס איז באַלד געוואָרן איינס פון די באַליבטסטע פאָלקסביכער [1]. דער „עין יעקב" איז אַגב אויך געוואָרן דאָס נייטיקסטע האַנטבוך ביי אַלע מגידים און פּרעדיקער, וואָס פלעגן אויסנוצן די דאָרט אויפגעזאַמלטע אַגדות צו באַפּוצן זייערע פּרעדיקן. דער „עין יעקב" איז דערפאַר געווען אויך שטאַרק באַליבט ביי אַריה די־מאָדענאַ. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז מאָדענאַ איז געווען אַ גלענצנדער פּרעדיקער. נאָך אין די יונגע יאָרן האָט מאָדענאַ שטאַרק אויסגענומען מיט זיינע פּרעדיקן, ניט בלויז צווישן יידן, נייערט אויך ביי קריסטן. ער האָט געהאַט אַ שם אַלס איינער פון די באַגאַבטסטע פּרעדיקער אין זיין צייט, און עס פלעגט ניט זעלטן טרעפן, אַז מאָדענאַ האָט אין איין און דעם זעלבן טאָג געמוזט האַלטן רעדעס אין עטלעכע שולן נאָכאַנאַנד [2]. הערן דעם טאַלאַנטפולן רעדנער פלעגן אָפט קומען אויך די חשובסטע פאָרשטייער פון דער ווענעציאַנער רעפּובליק; איינע פון זיינע פּרעדיקן האָט אַפילו באַזוכט דעם פראַנצויזישן קיניגס ברודער [3]. זיינע פּרעדיקן פלעגט ער, לויט דעם אין יענער צייט אָנגענומענעם מנהג, גאַנץ אָפט באַפּוצן מיט תּלמודישע אַגדות און משלים, און דאָ פלעגט אים שטאַרק צו נוץ קומען יעקב אבן חביבס זאַמלבוך [4]. אין 1625 האָט מאָדענאַ פאַרפאַסט אַ ספּעציעלן „מפתח" צום „עין יעקב" אונטערן נאָמען „בית לחם יהודה", אַ מין זוכצעטל, ווו עס ווערן אָנגעוויזן אַלע קוועלן פאַר יעדער אַגדה באַזונדער. און טאַקע דעמאָלט איז מאָדענאַן געקומען אויפן געדאַנק צו שאַפן אַ צווייט ווערק, „בית יהודה", ווו ער

---

דערשיינען אין דעם זעלבן יאָר, נאָר אויס פאַרשיידענע מניעות איז דאָס ווערק אַרויס פון דרוק ערשט אין 1635 (זע די פאָררעדעס צו „בית יהודה" און „בית לחם יהודה"; זע אויך „חיי יהודה", 52).

[1] מער באַריכות — אין ווייטערדיקן טייל.

[2] אריה די־מאָדענאַ האָט פאַרפאַסט פּרעדיקן אין די הונדערטער, פאַרעפנטלעכט האָט ער בלויז 22 („מדבר יהודה", 1602).

[3] „חיי יהודה", 46, 47, 58.

[4] מען מוז דערביי נעמען אין באַטראַכט, אַז מחמת די שטאַרקע רדיפות אויפן תּלמוד מצד דער אינקוויזיציע, איז אין מאָדענאַס צייטן ניט געווען צו קריגן אין גאַנץ איטאַליע קיין איין איינציקן געדרוקטן תּלמוד־עקזעמפּלאַר (זע מאָדענאַס „ריטי", I, 14, II, 2, 5).

זאָל קאָנען פאַרשטעלטערהייט דורכפּעקלען זיינע קריטישע אָנפאַלן אויפן תּלמוד און אויף תּורה שבעל פּה בכלל. אבן חביב האָט אין זיין ,,עין יעקב'' ניט אויפגענומען די אַגדות און משלים, וואָס האָבן מחמת זייער צו איבערגעטריבענע און גוזמאַדיקע פאָרמען, אָדער צו שאַרפע אויס־דריקן געקאָנט פאַלש פאַרשטאַנען ווערן פונם פּשוטן לייענער. אָט די אַלע פון אבן חביב דורכגעלאָזענע שטעלן האָט עס מאָדענאַ צונויפגע־זאַמלט מיט אַ באַשטימטער כּוונה אַרויסשטעלן די חכמי התּלמוד אין ניט קיין גינסטיקן ליכט. בכדי נאָך שטאַרקער מאַכן דעם רושם, טרעט מאָדענאַ אומיסטן אַרויס ווייטער פון די גרענעצן, וואָס אבן חביב האָט זיך גע־שטעלט, און אויסער אַגדות ברענגט ער אין ,,בית יהודה'' אויך באַ־שטימטע הלכות און דינים. ,,זאָל זיין, פאַרענטפערט זיך מאָדענאַ, זיי פּאַסטן ניט צום אָרט און געהערן ניט צום ענין, זיי קאָנען דאָך דעם לייענער נוצלעך זיין'' [1].

דעם כּלומרשטן פאַרפאַסער פונם ,,קול סכל'' רופט מאָדענאַ אין דעם ,,שאגת אריה'' — ההורס, דער צעשטערער, זיך אָבער גופא רופט מאָדענאַ אין זיין ,,בית יהודה'' — הבונה, דער בויער [2]. דאָס איז אָבער געווען אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער ,,בויער'', און דווקא אין די וויכטיקסטע פראַגן איז ער גאַנץ אָפט איין דעה מיטן ,,צעשטערער''...

בעת מאָדענאַ ברענגט דעם באַקאַנטן מאמר פון ר' יוחנן ,,שאין נביא רשאי לחדש דבר'', אַז קיין נביא האָט ניט דאָס רעכט מוסיף זיין עפּעס גאָר נייס צו תּורת משה, קומט גלייך די ערקלערונג פונם ,,בונה'': ,,תּורת ד' תּמימה, גאָטס תּורה איז האַרמאָניש גאַנץ און דאָס, וואָס איז בתּכלית השלימות, דאָס דאַרף ניט געמיינערט און ניט פאַרגרעסערט ווערן... און וויבאַלד דאָס איז פאַרבאָטן אפילו דעם נביא, טאָר דאָך אַ פּשוטער בשר ודם אוודאי ניט מאַכן קיין שום ענדערונגען אין דער תּורה'' [3]. דאָס אַליין, איז מאָדענאַ מוסיף מיט בייסנדיקער איראָניע, איז אָבער אומזיסט: וואָס העלפט דען, אַז דער כּותב התּורה אָדער דער געזעצגעבער האָבן זיך געפלייסט ביי זייערע באַפעלן צו ריידן מיט אַ קלאָרער און פאַרשטענדליכע־כער שפּראַך, בכדי זייערע געבאָטן זאָלן פּינקטלעך דערפילט ווערן —

---

1 פאָררעדע צו „בית יהודה": „ואם בכל זאת לא יראה לך באיזה אחד מהם בלתי היות בו מקום אלא לענין דינא, גם היא תורה אשר מאתו תצא וריוח יהיה לך בו".

2 אַלע אַגדות־ערקלערונגען אין „בית יהודה" פאַנגט מאָדענאַ אָן מיט די ווער־טער: „אמר הבונה — זאָגט דער בויער".

3 „בית יהודה", I, 28, עמ' א' (מיר ציטירן לויט דער ערשטער ווענעציאַנער אויסגאַבע פון 1635).

וויבאַלד עס געפינען זיך מענטשן, וואָס ווילן ניט פאַרשטיין און מקיים זיין! זיי וועלן שוין תמיד געפינען אויסוועגן, ווי אַזוי צו פאַרדרייען דעם פּשט און טאָן פּונקט דעם היפּך. אַזוי איז געווען מיט די קאַראַימען און מיט אַלע אַנדערע ,,המגלים פנים בתורה שלא כהלכה״ (וואָס טייטשן אוים די תורה אויפן ניט ריכטיקן שטייגער) [1].

דער ,,בונה״ פון ,,בית יהודה״ איז אויך איין דעה מיטן ,,הורס״ פון ,,קול סכל״ בנוגע צו די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר. ,,ווייל דאָס יידישע פאָלק — לייענען מיר אין ,,בית יהודה״ — לעבט אין גלות ביי זייער שווערע צושטאַנדן, דאַרף מען זיך באַנוגענען מיט גאַנץ קורצע תפילות״ [2]. דער בעל ,,בית יהודה״ שטייט אויך אויף דעם זעלבן שטאַנדפּונקט ווי דער בעל ,,קול סכל״ בנוגע צו תעניתים [3], און מצוות מילה ביי גרים [4]. מיט אַ כיוון רייסט מאָדענאַ איבער אין דער מיט מיט אַ ציטאַט אוים דער גמרא, בכדי צו דערווייזן, אַז אין ארץ־ישראל, ווען עס פלעגט אויסקומען שליסן אַ שטר־מכירה, האָט ניט אויסגעמאַכט צו חתמענען זיך בשעת מעשה אויך אום שבת [5]. ער פלייסט זיך צו דערווייזן, אַז פילע תקנות, וואָס די חכמים האָבן בשעתּם מתקן געווען, זיינען זיי געווען צוגעפּאַסט צו אַ געוויסן מאָמענט און באַשטימטע צושטאַנדן און מיט דער צייט וועלן דערפאַר אַ סך אַזוינע תקנות און געבאָטן בטל ווערן [6]. עס וואָלט אוודאי גוט געווען, איז מאָדענאַ מוסיף, ווען די חכמי הדורות וואָלטן זיך צוגעהערט צו די דאָזיקע ווערטער. ,,והבן מאוד״ — הער זיך אויפמערקזאַם צו, שטרייכט ער אונטער אויף אַן אַנדער שטעלע. ,,אייניקע אונזערע חכמים — ווייזט אָן דער בעל ,,בית יהודה״ — איז אָפּט אויסגעקומען צוריידן בלויז מיט רמזים און אָנצוהערענישן, בכדי עס זאָל דעם פּשוטן עולם ניט לייכט זיין צו פאַרשטיין דעם אמתן מיין (למען לא יובן בנקל להמון שומעיהם) [7] און מאָדענאַ גופא רעדט אויך אָפּט אין ,,בית יהודה״ בלויז מיט רמזים און אָנצוהערענישן, און אין זיי אַלע הערט זיך איין

---

[1] דאָרטן, II, 6 עמ׳ א׳. גאַנץ איינשטימיקע שטעלן זע: ,,קול סכל״, 21, 22, 28, 29, 52, 53, 54, 55, 64.

[2] דאָרטן, I, 5 עמ׳ א׳: ,,להיות כל ישראל כעת הולכי דרך הגלות ובסכנות המקרים המתרגשים עלינו היה נכון להתפלל תפלה קצרה״.

[3] דאָרטן, I, דף 15, עמ׳ ב.

[4] דאָרטן, דף 17, עמ׳ א׳.

[5] דאָרטן, II, 17.

[6] דאָרטן, I, דף 10, עמ׳ א׳; זע אויך דאָרטן, 19, עמ׳ א׳ (ערובין, 56).

[7] דאָרטן, I, דף 19, עמ׳ א׳.

און דער זעלבער גרונט־מאָטיוו: שנאה און רוגז צו די חכמי התלמוד. דאָ דערציילט ער מיט אַ תמעוואַטע פּנים און מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכל, אַז אין סנהדרין האָט מען אַלס מיטגלידער צוגעלאָזט בלויז אַזוינע, וואָס האָבן מיט זייער חריפות און איבערגעשפּיצטן פּילפּול געקאָנט דערווייזן אויף טאָג — נאַכט, און אויף טמא — טהור. און ווייטער מאַכט ער אַגב אורחא אַ באַמערקונג, אַז די „תלמידי חכמים" ערלויבן זיך גופא גאַנץ אָפט אַזוינס, וואָס זיי פאַרבאָטן זייער שטרענג דעם פּשוטן המון¹: ער נוצט אויס יעדע פּאַסנדע און ניט פּאַסנדע געלעגנהייט בכדי דערווייזן, אַז די תלמידי חכמים זיינען מחרחרי ריב און רודפי ממון (דאָרטן, I, 10, עמ' ב', 16, עמ' ב' אאַז"וו), אַז דעם בכבודיקן פּאָסטן פון כוהן גדול פלעגט מען קויפן פאַר געלט ². אפילו דער געדאַנק, וואָס דער בעל „קול סכל" זאָגט אַרויס, אַז דאָס לאַנד ווו דער תלמוד בבלי איז באַשאַפן געוואָרן, איז געווען אַן אומוויסנד און פאַרגרעבט ווינקל, אָדער דער רוגז אויף די חכמי התלמוד פאַר זייער תקנה, אַז אום פּורים „מרבים בשמחה" — דאָס אַלץ באַגעגענען מיר ווידער איבערגעחזרט אין די פּירושים פונם „הבונה". אין „בית יהודה" טרעט גאַנץ בולט אַרויס די באַשטימטע טענדענץ אַרויסצושטעלן די חכמי התלמוד פון דער לעכערלעכער זייט, ווייזן ווי „ניט קלוג", ווי אַבערגלויבעריש זיי זיינען געווען. דער „הבונה" שטרייכט מיט אַ כיוון אונטער די אַלע שטעלן אין תלמוד, ווו עס רעדט זיך וועגן זאַבאַבאָנעס, אַבערגלויבן, השבעות, וועגן רוחות און שדים, הכלל וועגן אַלץ, וואָס געפינט זיך אין סתירה מיטן „מענטשלעכן גע־זונטן שכל הישר" ³. די נאַיוווע תלמודישע לעגענדע, אַז בשעת מרים הנביאה איז קרעציק געוואָרן, האָט הקב"ה בכבודו ובעצמו זי אַלס כוהן באַדינט, לאָזט אויך דער ראַציאָנאַליסט מאָדענא ניט דורך אָן זיין סאַר־קאַסטישן שמייכל ⁴. ער ברענגט באַוווסטזיניק איין תלמודישע לעגענדע, וואָס יעקב אבן חביב האָט זי דווקא ניט דורכגעלאָזן און זי געפינט זיך־שוין סיי ווי אין „עין יעקב"; און דאָס אַלץ, בכדי דער „הבונה" זאָל קאָנען מאַכן פאָלגנדיקע איראָנישע באַמערקונג: „נאָט זעט, ווי גרויס ס'איז דער שכר פאַר אָפּהיטן די מצווה פון מזוזה... זי קאָן מציל זיין אַ גאַנצע

1 דאָרטן, I, 26: „לא כל דבר שעושה איש תורה ותלמיד חכם מן הדברים הנראים נוטים לתאוות העולם יאות לעשותו כל הדיוט מההמון... כזה וכזאת החכמים האלה להסיר עצמם מחטא אפי' ימים מועטים לא היו רוצים לעמוד בלי אשה, אבל לשאר העם הורו שלא הותר להם כן".

2 דאָרטן, II, 1.

3 דאָרטן, I, 35, עמ' א'; II, 3, עמ' א'; עמ' ב' אאַז"וו.

4 דאָרטן, II, 38, סוף מסכת זבחים.

שטאָט און אָפּוועגדן פון איר דעם גזר פון חורבן און פאַרוויסטונג, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן פאַר דער שווערער זינד פון עבודה זרה. אפילו אַזאַ זינדיקע שטאָט ווערט איר און דער גאַנצער אומגעגנט פאַרגעבן אַלץ אין זכות פון אָפּהיטן די מזוזה״ [1].

אין דעם זעלבן יאָר, ווען ס׳איז דערשינען דער ,,בית יהודה״, האָט צו מאָדענאַן זיך געווענדט זיינער אַ תלמיד, דוד פינצי, מיט דער בקשה, ער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם גלויבן אין גילגול הנפש, וואָס שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע ביי די מקובלים. מאָדענאַ האָט באַלד דערויף געגעבן אַן ענטפער אין זיין אַרבעט ,,בן דוד״ [2]. ,,זיי וויסן, ווענדט זיך מאָדענאַ צו זיין תלמיד, אַז ווען אַן אַנדערער וואָלט זיך צו מיר געווענדט מיט דער דאָזיקער שאלה, וואָלט איך מיך געפּלייסט אים אָפּענטפערן מיט אַלגעמיינע אומבאַשטימטע ווערטער. איך וואָלט אים ערקלערט, אַז איך פאַרלאָז מיך אין דער פראַגע אויף דער דעה פון אונ־זערע גדולים, אויף די אָנערקענטע אויטאָריטעטן. דו ווייסט דאָך, אַז די וועלט איז פאַרגלייבט אין דעם, וואָס איז שוין פון לאַנג אָנגענומען, און ווער עס האָט די העזה אַרויסזאָגן זיין אייגענע מיינונג און ניט בלינד זיך שלעפּן איבער דעם אַלטן פון אַלעמען דורכגעטראָטענעם וועג, דעם וועלן דאָך גלייך אַלע באַפאַלן און דערקלערן אָדער פאַר משוגע, אָדער פאַר אַן אפיקורס, נאָר דיך, מיין תלמיד, וואָס ביסט מיר טייער ווי אַן אייגענער זון, וועל איך ניט נאַרן, פאַר דיר וועל איך אַנטפּלעקן מיינע געדאַנקען״. און ער טוט שאַרף און שטרענג קריטיקירן די אידעע פון גילגול הנפש און דערוויזט, אַז זי שטאַמט פון דער פרעמד, פון די אומות העולם.

דער ,,בן־דוד״ איז אָבער בלויז ערשט אַ התחלה, אַ פאָרשפּיל צו דעם קאַמף, וואָס דער ראַציאָנאַליסט מאָדענאַ האָט אונטערגענומען קעגן זיין פאַרהאַסטן שונא — די קבלה.

נאָך אין ,,קול סכל״ באַמערקט אמתי בן ידעיה, אַז די קבלה רופט זיך ,,חכמת האמת״ בלשון סגי נהור, ווייל זי איז דער פולשטענדיקער היפוך פון אמת און איז טאַקע גלייך דערביי מוסיף: ,,אין אַן אַנדער אָרט האָב איך שוין גערעדט באַריכות וועגן דער דאָזיקער קבלה״ [3]. מאָדענאַ האָט ווירקלעך געשריבן אַ ספּעציעל ווערק וועגן קבלה, נאָר געשריבן

---

[1] דאָרטן, II, 32, עמ׳ א׳: „בא וראה כמה גדול כח שמירת המזוזה... שהיא כדאי לשמור ולהציל עיר גדולה ראויה להיות שוממה על עון ע״א שאין גדול ממנו ויתכפר לכל המקום בעבורה״.

[2] פאַרעפנטלעכט אין 1855 אין „טעם זקנים״ (61—64).

[3] „קול סכל״, 31—32.

האָט ער עס מיט אַ סך יאָרן שפּעטער — סוף 1638. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, מיט וואָס פאַר אַן ערפאָלג עס האָבן זיך אין סוף 16טן י״ה אין איטאַליע פאַרשפּרייט די נייע מיסטישע שטרעמונגען, וואָס האָבן אויפגעבליט אויף די ברעגעס פונם ירדן און דעם ים כנרת. מאָדענאַס קרוב און גוטער באַקאַנטער איז געווען דער „ראש פון די מקובלים אין די ארצות המערב״ — דער פריער דערמאָנטער עזריה די־פאַנו; מיטן אר״ים תּלמיד און טרייען שליח, ישראל סרוק, האָט מאָדענאַ געהאַט אָפטע וויכּוחים [1]. די ספרי קבלה, וואָס זיינען דעמאָלט אַדאַנק דעם דרוק־וואַרשטאַט געווען אַלעמען צוגענגלעך, האָבן פאַרדרייט די קעפּ דעם פּשוטן, ווייניק דערצו צוגעגרייטן לייענער־פּובליקום. איינער פון די דעמאָלטיקע גדולי הדור, דער רמ״א, וואָס איז אַליין נוטה געווען צו קבלה, איז זיך אַפילו דערויף שטאַרק מתרעם. „אויך פילע פונם המון — קלאָגט זיך דער רמ״א — האָבן זיך גענומען צו קבלה. מיט באַזונדערער התמדה ווערן געלייענט די נייסטע ספרי קבלה, וואָס דערקלערן און פּאָפּולאַריזירן די אידעען פון די בעלי הנסתּר, בפרט אין איצטיקער צייט, ווען עס זיינען געדרוקט און אַלעמען צוגענגלעך אַזוינע ווערק, ווי דער זוהר, דער ריקאַנאַטי, „שערי אורה״ א״אַ. אַלע לייענען די דאָזיקע ווערק און יעדער באַזונדער מיינט, אַז אַלץ איז דאָרט קלאָר און פאַרשטענדלעך; אין דער אמתן אָבער איז דער ריכטיקער פּשט פאַר זיי פאַרבאָרגן. אַפילו פּשוטע באַלעבאַטים, עמי־הארצים, וואָס פאַרשטייען גאָרניט — אויך זיי לייענען די דאָזיקע ספרים; זיי זיינען ניט אימשטאַנד צו פאַרשטיין אַ פּרשה חומש מיט רש״י — און נעמען זיך לערנען קבלה״ [2].

ווי אין די פריערדיקע דורות די ראַציאָנאַליסטישע אידעען פון אריסטו און מיימוני, אַזוי איז אין דער באַטרעפנדיקער תּקופה די קבלה געוואָרן אַ מאָדע־זאַך. פון דעם אָפּגעזונדערטן פאַרשער־צימער איז זי אַריבער אויפן ברייטן מאַרק־פּלאַץ. עס זיינען שוין געווען אַזוינע פאַרברענטע חסידים פון קבלה, וואָס האָבן געקוקט מיט ביטול אויף די, וואָס האָבן ניט אַריינגעדרונגען אין חכמת הנסתּר; מיט גדלות פלעגן זיי דערקלערן, אַז ווער עס האָט ניט זוכה געווען אַריינצודרינגען אין די סודות פון דער קבלה — דער וועט אייביק מוזן גראַבלען אין דער פינסטער און ווער עס גלויבט ניט אין די „ספירות״ — דער איז אַ מין און אַפּיקורס [3].

1 „ארי נוהם״, 35, 70.

2 „תורת העולה״, III, קאַפּ׳ 4.

3 „ארי נוהם״, 1—2.

דאָס אַלץ האָט נאַטירלעך געמוזט שטאַרק ניט געפעלן אַזאַ איבערציינגטן ראַציאָנאַליסט ווי אריה די־מאָדענאַ. ער האָט אָבער אַלץ ניט געוואַגט אָפן אַרויסטרעטן קעגן אַ לערע, וואָס האָט אַזוי פיל איבערצייגטע אָנהענגער און פאַרערער. ערשט אויף דער עלטער, אַלס 68־יאָריקער זקן, האָט ער פאַרפאַסט זיין באַרימט קבלה־קעגנעריש־ווערק „ארי נוהם", וווּ עס באַווייזט זיך אין זיין גאַנצן גלאַנץ מאָדענאַס פּאָלעמישער טאַלאַנט [1].

ווייל קעגן קבלה האָבן שוין אין די פריערדיקע דורות געהאַט אַרויסגעטראָטן אייניקע אָנגעזעענע אויטאָריטעטן, האָט דערפאַר מאָדענאַ דאָס מאָל ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו שפּילן אין באַהעלטעניש און האָט דעם „ארי נוהם" געשריבן אונטער זיין אייגענעם נאָמען [2].

„מענטשן — זאָגט מאָדענאַ — ריידן אַלץ וועגן „חכמת הקבלה".
ווי קאָן מען עס צונויפפּאָרן צוויי ווערטער, וווּ איינס איז דער פולסטער היפוך פונם צווייטן (שני שמות הפכים לנושא אחד)! דאָס קאָן נאָר ברענגען צום גרעסטן פּלאָנטער. יעדע חכמה און וויסנשאַפט שטיצט זיך דאָך אויף אייגענע פאָרשונגען, זי גופא קאָנטראָלירט אירע הנחות, דורך פאָרשונגען און אונטערזוכונגען דערוועבט זי אירע אמתן. די קבלה אָבער שטיצט זיך ניט אויף וויסנשאַפטלעכע ראיות, נייערט אויפן אויטאָריטעט פון דער מסורה [3]. אין דער אַזוי גערופענער „חכמת הקבלה" איז פאַקטיש ניטאָ ניט קיין חכמה, ניט קיין קבלה. זי איז ניט קיין חכמה, ווייל אירע הנחות שטיצן זיך ניט אויף קיין וויסנשאַפטלעכע יסודות און ווייסן ניט פון קיין לאָגישע געזעצן; זי איז אָבער אויך ניט קיין אמתע קבלה, ווייל זי איז זיך ניט סומך אויף מסורת אָבות, אויף אידעען און מסקנות, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור — די גאַנצע לערע פון „חכמת הנסתר" איז דאָך נאָך בערך יונג, דאָס קאָנען אירע אָנהענגער גופא ניט אָפּלייקענען. דערפאַר טאַקע זיינען זיי צווישן זיך ניט איינשטימיק און זיי גייען זיך פונאַנדער אין די וויכטיקסטע פראַגן. דאָס וואָלט, נאַטירלעך, געווען לחלוטין אוממעגלעך, ווען זיי זאָלן

---

1 מאָדענאַ האָט דעם מוט ניט געהאַט צו דרוקן ביי זיין לעבן זיין שאַרף פּאָלעמיש ווערק; איז עס אין מאַנוסקריפּט געבליבן, און ערשט אין דער נייערער צייט האָט עס י. פירסט צום ערשטן פאַרעפנטלעכט (1840). פילע עקזעמפּלאַרן פון דער אויסגאַבע האָבן די פרומע חסידים פון „הכמת האמת" פאַרברענט, און דער „ארי נוהם" איז געוואָרן אַ יקר המציאות. ערשט גאָר אין די לעצטע יאָרן (1930) איז מאָדענאַס ווערק ערשינען אין אַ נייער אויסגאַבע.

2 אויך דעם „ארי נוהם" האָט מאָדענאַ געשריבן פאַר זיינעם אַ תלמיד, יוסף חליף, אַ הייסער קבלה־אָנהענגער.

3 „ארי נוהם", 1840, 10.

זיך אין דער אמתן שטיצן אויף דער דורך דער קייט פון דורות געהייליקטער מסורה. אמת, זיי שטיצן זיך אַלץ אויף ווערק, וואָס זיינען כּלומרשט באַשאַפן געוואָרן אין קדמונישע צייטן: דער „ספר יצירה" שטאַמט פון אברהם אָבינו, דער „ספר הבהיר" — פון ר' נחוניא בן הקנה און דעם זוהר הקדוש האָט דאָך פאַרפאַסט ר' שמעון בן יוחאי. דאָס אַלץ — רופט אויס אריה די־מאָדענאַ — איז שוא ושקר, אויסגעטראַכטע באָבע־מעשיות! אמת, מאָדענאַ האָט אַ צו פיינעם ליטעראַרישן געשמאַק, ער זאָל ניט מודה זיין, אַז אין זוהר זיינען פאַראַן גלענצנדע שטעלן [1]; מיט דער הילף פון אַ היסטאָריש־קריטישן אַנאַליז פּלייסט זיך אָבער מאָדענאַ צו דערווייזן, אַז דער זוהר איז פאַרפאַסט געוואָרן ניט אין דער צייט פון די תּנאים, נאָר פיל שפּעטער, ניט פריער פונם 13טן י"ה [2]. „די אָנהענגער פון „חכמת הקבלה" — זאָגט מאָדענאַ ווייטער — זעען אין צירופי אותיות און כּל המיני נוטריקון גוואַלטיקע סודות, און גלויבן, אַז אין קמיעות און השבעות איז פאַרבאָרגן אַ וווּנדערבאַרע קראַפט. דאָס הייסט דאָך פּשוט חוזק מאַכן פונם מענטשנס פאַרשטאַנד, פונם שכל הישר. ווען איינריידן, אַז מיט צירופי אותיות און מיט איבערדרייען פאַרשיידענע נעמען קאָן מען ניסים ווייזן, וואָס זיינען איבער דעם דרך הטבע — דאָס איז אָדער שיגעון אָדער די גרעסטע נאַרישקייט!" [3] און אָט אַזוינע פאַרשוינען האָבן נאָך די העזה צו ריידן וועגן „חכמת האמת"; זיי דערוועגן זיך ערקלערן אמתע גדולי הדור, גרויסע יידישע געלערנטע פאַר אַפּיקורסים און עמי־הארצים בלויז דערפאַר, וואָס יענע ווילן ניט גלויבן אין זייער „אמתער חכמה". די „חכמת הקבלה",— זאָגט מאָדענאַ ווייטער —איז ניט נאָר ליידיק אי פון חכמה אי פון קבלה, זי איז אַן אמתער אבן נגף פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל, ווייל איר לערע וועגן די צען „ספירות" גראָבט אונטער דעם יסוד פון אונזער אמונה — גאָט־איי נ י ק י י ט; זי, די „חכמת האמת", וואָרצלט איין אין דעם פאָלק די אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע באַגריפן וועגן גאָט, און ניט אומזיסט אינטערעסירן זיך אַזוי שטאַרק מיט דער קבלה אַלע משומדים און קריסטלעכע מיסטיקער [4]. אמת, ווייזט מאָדענאַ אָן, די מקובלים זיינען אַליין

---

1 „ארי נוהם", 48.

2 דאָרטן, קאַפּ' 17—18.

3 דאָרטן, 62: „שכסילות ושגעון הוא להאמין שיוכל אדם בכח שמות לעשות דברים למעלה מן הטבע ואותות ומופתים".

4 דאָרטן, 7, 79. אַ פּאָר יאָר פאַרן טויט (אין 1645) האָט מאָדענאַ אויך פאַרפאַסט אַ ספּעציעל פּאָלעמיש ווערק קעגן דעם קריסטנטום „מגן וחרב" (איינינקע פראַגמענטן פון דעם דאָזיקן ווערק האָט אַ. גייגער פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיטן „מגן

מודה, אז עס איז פאראן א געוויסע קרובעשאפט צווישן די גרונט־געדאנקען פון די ספרי קבלה מיט אפלטונס אידעען, זיי ערקלערן דאס אבער מיט דער אלטער לעגענדע, אז אפלטון איז געווען א צייט א תלמיד ביים נביא ירמיהו, און אריסטו — ביי שמעון הצדיק. ווי קאן מען עס אבער גלויבן אין אזוינע לעכערלעכע נארישקייטן! זיי אליין מאכן זיך דאך גרוים דערמיט, וואס די קבלה איז א „חכמת הנסתר" — א פארבארגענע חכמה, און אפילו פילע יידישע גדולים האבן ניט געהאט די זכיה מען זאל פאר זיי אירע וואונדערבארע סודות אנטפלעקן; און דא האט מען פאר פרעמדע, וואס האבן אפילו געלייקנט אין דער אחדות פון דער גאטהייט— אויפגעדעקט אלע סודות, זיי האט מען געהאלטן פאר ווערדיק צו ווערן די טרעגער און פרעדיקער פון דער הייליקער חכמה [1]. דער שפיץ באשטייט אבער אין דעם — פירט אוים מאדענא, — וואס ניט זיי האבן געגאשט ביי אונז, נאר מיר ביי זיי; און געגאשט האבן מיר ביי זיי ניט אין די צייטן פון ירמיהו, נאר באדייטנד שפעטער, ערשט נאך דעם דור פון מיימוני. ערשט דערנאך, ווען אונטער דער השפעה פון אפלטונס אידעען און פון אנדערע דענקער האט זיך אנטוויקלט די מיסטישע לערע פון קבלה, ערשט דעמאלט, פארזיכערט מאדענא, איז באשאפן געווארן דער „זוהר" און מען האט אויסגעטראכט, אז ער שטאמט פון ר' שמעון בן יוחאי...

אין זיין „צוואה" שטרייכט מאדענא אונטער, אז ער איז ניט גע־ווען קיין צבועק און קיין צוויי־פנימדיקער [2]. מאדענאס ווירקלעכע גע־שטאלט, זיין אמת פנים האבן אבער ניט געזען ניט זיין דור ניט די שפעטערדיקע דורות. ניט געזען דערפאר, ווייל מאדענא גופא האט זיין ריכטיק פנים ניט באוויזן. א כאראקטערלאזער מענטש, אן א שטאר־קער מאראלישער קראפט און קעמפער־ווילן, האט ער באוווסטזיניק פאר־הוילן זיין אמת געזיכט. זיינע פרייע געדאנקען און קריטישע דערקלע־רונגען האט ער איינגעהילט אין רמזים אדער זיי פארשפארט אין מא־נוסקריפטן, וואס האבן דורות לאנג די ליכטיקע וועלט ניט דערבליקט. דאס האט, ווי עס שיינט, זייער גוט פארשטאנען מאדענא גופא, און זאגט

---

וצנה". בעת דער אפיקורסישער גלח, מעליע, פארהאלט זיך מיט גרוים ביטול און האס צום גרינדער פונם קריסטנטום, רעדט דער יידישער פריידענקער, מאדענא, מיט גרוים רעספעקט וועגן קריסטוסן אלס פערזענלעכקייט (זע אויך די זכרונות פון מאדענאס תלמיד, דעם משומד Giulio Morosinis אין בערלינער „פעסטשריפט", 340).

[1] דארטן, 44.

[2] „חיי יהודה", 69.

עס טאַקע אַליין אַרויס אין דער עפּיטאַפּיע, וואָס ער האָט פאַרפאַסט פאַר זיין אייגענער מצבה:

דאָ אויפן פעלד — אַ קרקע אויס פיר איילן,
וואָס זיינען פון גאָט אַליין באַשטימט געוואָרן
פאַר יהודה אריה, אויס מאָדענאַ געבאָרן.
דאָ ליגט ער באַגראָבן פאַרבאָרגן און פאַרהוילן [1].

---

1 ארבע אמות קרקע בחצר זה
אגב קנין סודר מימות עולם
הקנו ממעל ליהודה אריה
ממודינא בזה נסתר נעלם.

# זעקסטער קאַפּיטל

יוסף דילמידיגו; זיין וואַנדער־לעבן; זיין בריוולעכער פאַרקער מיט די קאַראַימען. — דילמידיגו אַלס פאַרשפּרייטער פון קאָפּערניקס לערע. — דילמידיגוס וועלט־באַנעם. די טראַגעדיע פון זיין נשמה. דאָס ווירקלעכע פּנים און די פרעמדע מאַסקע. — דילמידיגוס פאַרהאַלטן זיך צו מיסטיק; זיין רמזדיק־פאַרשטעלטער סטיל אין „מצרף להכמה“ און אין אַנדערע ווערק. — די אָרטאָדאָקסישע ריכטונג און אירע פאַרטרעטער: עזריה פיגו און שמואל אבוהב. — די שקיעה פון דער רענעסאַנס־שטרעמונג אין איטאַליענישן יידנטום. — משה זכותא אַלס דיכטער און מיסטיקער.

„פאַרבאָרגן און פאַרהוילן“ פאַר זיין דור האָט זיך געפּלייסט צו פאַרבלייבן אויך אריה די־מאָדענאַס יינגערער בן־דור — יוסף שלמה דילמידיגו, מער באַקאַנט אונטער די ראשי־תיבות יש״ר (יוסף שלמה רופא) מקאנדיא[1]. זיין פאָטער אליהו (דעם בעל „בחינת הדת“ אַן אוראייניקל), רב הכולל אויף דעם אינזל קאַנדיאַ, האָט געגעבן זיין זון אַ פילזייטיקע דערציִונג. שוין יינגלווייז האָט יוסף־שלמה אויסער איטאַליעניש גרינטלעך שטודירט די שפּאַנישע און אויך לאַטיינישע און גריכישע שפּראַך, און צו 15 יאָר איז ער אָנגענומען געוואָרן אין אוניווערסיטעט פון פּאַדואַ. רייך באַגאַבט פון דער נאַטור, מיט אַ געוואַלטיקער התמדה און שטאַרקן דורשט נאָך וויסן — דאָס אַלץ האָט מיטגעהאָלפן, וואָס יש״ר מקאַנדיאַ איז שוין צו 20 יאָר געווען אַ גרויסער בקי אין דעם אַלזייטיקן וויסן פון זיין צייט. אַן אָנגעזעענער פּראַקטישער אַרצט, איז דילמידיגו אויך געווען אַ באַדייטנדיקער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם; די דאָזיקע וויסנשאַפטן האָט דילמידיגו שטודירט ביים באַרימטן געלערנטן גאַלילעוס[2], וועלכער האָט אויך באַקאַנט דעם יונגן יידישן געלערנטן מיט דעם נייעם סיסטעם

---

[1] דער שלשלת היוחסין פון דילמידיגוס משפּחה ווערט געגעבן אין דעם בריוו פון משה מעץ אין „אֵלים“, 29. אין דעם דאָזיקן בריוו ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז יוסף דילמידיגו איז געבאָרן דעם 16טן יוני 1591.

[2] זע „מעין גנים“, 148, וווּ דילמידיגו רעדט וועגן גאַלילעוסן ווי וועגן זיין רבין (גאַליליאוס רבי).

פונם גרויסן קופּערניק. בעת דילמידיגו האָט שטודירט אין פּאַדוא, פלעגט ער אָפט פאָרן קיין ווענעדיק און דאָרט באַזוכן אריה די־מאָדענאַ, וועל־כער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם וועלטבאַנעם פונם יונגן וויסנבאַגיריקן סטודענט [1]. אין 1613 האָט דילמידיגו זיך אומגעקערט אין זיין היים און דאָרט מיט גרויס התמדה ווייטער געפירט זיינע לימודים און טאָג און נאַכט פאַרבראַכט איבער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע, האָט ער ניט געדאַרפט טראַכטן וועגן דאגות פּרנסה און איז אַפילו געווען אין דער לאַגע אויסצוגעבן אַ סך געלט אויף ביכער און מאַנוסקריפּטן. מיט שטאָלץ ערקלערט ער, אַז עס איז ניטאָ דאָס ווערטפולע בוך, וואָס ער באַדאַרף נייטיק צו זיין אַרבעט און עס זאָל זיך ניט געפינען אין זיין ביבליאָטעק [2]. זיצנדיק אונטער דעם דאַך פון זיין פאָטערס הויז, האָט דילמידיגו פאַרטראַכט אַ וויסנשאַפטלעך ווערק „יין לבנון" פון גרויסן ענציקלאָפּעדישן פאַרנעם. עס איז אים אָבער ניט באַשערט געווען עס צו פאַרענדיקן, ווייל ער האָט באַלד געמוזט זיין היים פאַרלאָזן. דער יונגער בן־הרב פלעגט אָפט אַרויסזאָגן זיינע פרייע געדאַנ־קען בנוגע צו רעליגיעזע פראַגן [3]; דאָס האָט אים געבראַכט אין סיכסוכים מיט דער אָרטאָדאָקסישער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט, און דער סוף איז געווען — ער האָט געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און פאַרלאָזן זיין געבורטשטאָט אין 1616. פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין געפירט אַ נע־ונד־לעבן כל ימיו. קודם־כל האָט ער זיך געלאָזט אין די וויכטיקע מוסלמענישע קולטור־צענטערס — קאַיר און קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, וווּהין עס האָבן אים געצויגן די אוצרות פון די דאָרטיקע ביבליאָ־טעקן [4]. אין קאַיר האָט ער זיך גלייך קונה־שם געווען מיט דעם ניצחון, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן אויף אַן עפנטלעכן וויכוח מיטן באַרימטן מוסלמענישן פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק אלי־בן־רחמדן [5]. דאָס האָט אים געשאַפן אַ נאָמען אין די אַראַבישע קרייזן. אין נאָענטע פאַרבינ־דונגען איז ער אויך אַריינגעטראָטן מיט די אָרטיקע קאַראַימער, ווייל אין זייער קרייז האָט ער אַלס פרעמדער געקאָנט פרייער אַרויסזאָגן זיינע גע־

1 זע מאָדענאַס הס־מה צום „אלים".

2 זע פאָררעדע צו „נובלות חכמה" און אויך „מלא חפנים", ווו דילמידיגו ווייזט אָן, אַז זיין ביבליאָטעק איז באַשטאַנען אויס 7000 בענד.

3 זע „אלים", 30, 62 (מיר ציטירן נאָך דער ערשטער אויסגאַבע).

4 אין זיין בריוו צום קאַראַים זרח („מלא חפנים", 18, 23) ווייזט דילמידיגו אָן: „הרוצה לראות כתבי יד חמודים ילך לקוסטנדינא אָב ואם בלמודים".

5 באַריכות וועגן דעם דאָזיקן אין קולטור־היסטאָרישער הינזיכט אינטערעסאַנטן אינצידענט, זע „מעין גנים", 41; „אלים", 16, 42—50.

ראנקען ווי אין די רבנישע קרייזן. באזונדערס באפריינדעט איז ער געווארן מיטן חכם פון דער קהילה, מיטן געלערנטן מאטעמאטיקער יעקב איס־קאנדאריני, וואס אויף זיין בקשה האט דילמידיגו פארפאסט א ספעציעלע ארבעט וועגן מעכאניק, ,,נפלאות השם" [1]. און קומענדיק קיין קאנסטאנ־טינאפאל האט ער זיך באקענט מיטן געבילדעטן קאראים משה מצורדי [2]. דילמידיגו האט אבער ניט געקאנט לאנג איינזיצן אויף איין ארט; עס האט אים געצויגן צו אלץ נייע לענדער. דורך דער וואלאכיי און מאל־דאוויע האט ער זיך דערלאנגט קיין פוילן און ליטע, ווו ער איז געווען באשעפטיקט אלס פראקטישער ארצט. א שטיקל צייט איז ער געווען הויף־ארצט ביים פירשט ראדזיוויל. דער זייער נידעריקער קולטורעלער מצב פון דער ארומיקער באפעלקערונג האט געמאכט א גוואלטיקן רושם אויף דעם ענציקלאפעדיש געבילדעטן אויסלענדער. אינטערעסאנט איז אין דער הינזיכט דילמידיגוס בריוו צו זיין תלמיד שמואל אשכנזי, ווו ער בא־שרייבט זיין צייט־פארברענגען אין ליטע און פוילן: ,,איך האב דא ניט קיין מינוט קיין רו. טאג און נאכט פאר איך אלץ ארום חוץ לעיר בא־זוכן מיינע פאציענטן, ווארעם די היגע פירשטן און שררות וווינען ניט אין שטאט נאר אין זייערע שלעסער און פאלאצן. די גאנצע צייט פארברענג איך אין דער קארעטע, פארנדיק איבער וועלדער און פעלדער, אליין מיט די באדינער פון די פריצים און ס'איז ניטא מיט וועמען א ווארט צו ריידן, ווארעם דא איז דאס פשוטע פאלק שרעקלעך אומוויסנד און פאר־גרעבט, טאקע ממש גלייך צו שטומע בהמות, אן אמתער עם הדומה לחמור" [3].

נאך א גרעסערן רושם האט געמאכט אויף אים דער קולטורעלער מצב פון די פויליש־ליטווישע יידן. אלץ האט ביי אים אויסגעזען אזוי פערמד און משונה אומגעלומפערט. ,,א שטאק פינסטערניש — קלאגט זיך דילמידיגו — באדעקט די ערד און דאס אומוויסן איז שרעקלעך. ניט קוקנדיק דערויף, וואס דאס גאנצע לאנד איז פארפולט מיט ישיבות און בתי־מדרשים, איז אפילו דער לימוד התלמוד זייער דערנידעריקט, ווארעם די אלע טויזנטער מענטשן, וואס יאגן זיך אין די ישיבות און קלאפן אין די טויערן פון תורה און הלכה, זיי אלע האבן אין זין בלויז גשמיות־זאכן, ריין מאטעריעלע צוועקן: פרנסה, כבוד, גאווה און אנדערע זייטיקע פניות. מען איז אויסן בלויז קאריערע, ווערן רב, דיין, ראש־

1 זע ,,מעין גנים", 4, 165; ,,מעין חתום", 23.

2 ,,מלא הפנים", 18.

3 פארגלייך צו ,,נובלות חכמה".

ישיבה, ראש הקהל. אַט די דאָזיקע צרעת האָט אַלץ דורכגעפרעסן: דאָס העכסטע און וויכטיקסטע איז געוואָרן אַ טפל, אַ נעבן־זאַך, בלויז אַלס מיטל פאַר נישטיקע צילן און קליינלעכע תּביעות... די בעסטע צייט פטרן זיי אויף ארומפאָרן איבער די ירידים [1]. פון חכמות חיצוניות האָבן זיי קיין שום באַגריף, פאַרהאַסט איז זיי יעדעס וויסן, גאָט, זאָגן זיי, האָרף ניט קיין דיקדוק, קיין מליצה, קיין מאַטעמאַטיק מיט אַסטראָנאָמיע, קיין חכמת ההגיון און קיין פילאָזאָפיע אוודאי נים. די אַלע וועלטלעכע חכמות האָבן עס די אומות העולם אויסגעטראַכט, מען דאַרף פאַר זיי אַנטלויפן, ווייל זיי קאָנען, חלילה, אַראָפּפירן פונם ריכטיקן וועג [2].

דערפאַר טאַקע האָט דילמידיגו אין דער ליטע, ווי פריער אויך אין די מזרח־לענדער, גערנער געפירט באַקאַנטשאַפט מיט די אָרטיקע קאַראַימען, ווי מיט רבנישע לומדים. „איך האָב דאָרט — דערציילט דיל־מידיגו — פיל זיך פאַרנומען מיט וועלטלעכע וויסנשאַפטן, בפרט ווען איך פלעג לערנען מיט די אָרטיקע קאַראַימען, וואָס ווי נאָר זיי האָבן זיך באַקאַנט מיט מיר, זיינען זיי געוואָרן מיינע בעסטע פריינט. זיי אינטערע־סירן זיך שטאַרק מיט חכמות חיצוניות, און טאַקע אויף ז י י ע ר בקשה האָב איך מיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק געשריבן, ניט פאַר אונזערע רבנים און תּלמידי חכמים; וואָרעם איך ווייס זייער גוט — יענע אינטע־רעסירן זיך בלויז מיטן תּלמוד און זיינע מפרשים" [3].

„און דאָס טוען זיי טאַקע זייער גלייך — איז ער מוסיף מיט אַן איראָנישן שמייכל — דאָס איז דאָך זייער שטיקל ברויט; זיי לעבן דאָך בלויז דערפון, וואָס זיי דערשלאָגן זיך צו רבנות אָדער ווערן דיינים. זייער לומדות, זייער בקיאות אין ש"ס און פוסקים איז דאָך פון די זאַכן,

---

1 עס האַנדלט זיך דאָ געוויס וועגן די צוזאַמענפאָרן פון דעם „ועד הארצות". די ראָלע און באַטייט פון דעם „ועד" פאַר דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון דעם יידישן קיבוץ אין פוילן און ליטע איז ווי עס שיינט געבליבן אינגאַנצן אומבאַקאַנט דעם פון דער ווייטער פרעמד געקומענעם דילמידיגו.

2 „מעין גנים", 3: „כי הנה החשך יכסה ארץ והן רבים עתה עם הארץ שגם כי מלא רוחב ארצך ישיבות ומדרשים הלא מצער הוא הלמוד בערך רבוי האישים וכולם כאחד רודפים אחרי המחיה והכלכלה הגשמית משאות שוא ומדוחים גם המסולתים שבהם השוקדים על דלתות ד' שערי ציון המצויינים בהלכה, הנה כל מגמתם להיות מלמדים שופטים או ראשי ישיבות זו רעה חולה נחלה מכתם להיות היקר לזולל והעיקר לטפל תכלית פעולתם נכריה עבודתם... ואחר אשר כלו הזמנים היקרים במסעות לירידים ולמשתאות בעצה נבערה ולא הבינו לא בחכמה חצונות ולא בתורה... באומרם אין חפץ לד' בחצי גבור שנונים, מדקדקים מליצים והגיונים ולא בשעורי הלמודים וחשבונות התיכנים וכו' וכו'..."

3 פאָררעדע צו „נובלות חכמה".

וואָס דעם פּראָצענט פון זיי געניסט מען אויף דער וועלט און דער קרן בלייבט אויף עולם־הבא. די וועלטלעכע חכמות קאָנען זיך צו זיי בּלל ניט גלייכן: יענע ברענגען דאָך אַזוי ווייניק איין דעם גוף און פאַר דער נשמה זיינען זיי אַוודאי שעדלעך — זיי פירן דאָך, כידוע, אַראָפּ פונם ריכטיקן וועג. דערפאַר טאָקע, וועמען ס'איז נאָר טייער זיין נשמה, דאַרף ער זיך דערוייטערן פון די דאָזיקע וועלטלעכע וויסנשאַפטן, וואָרעם זיי זיינען דערווידער דער אמת יידישער טבע. לאָז אַ ייד האָבּן אפילו הונ־דערט זין, וועט ער געוויס וועלן, אַז אַלע זאָלן זיי זיין גרויסע לומדים, וואָרעם דער אייבערשטער דאַרף ניט די אַלע פילאָזאָפישע אַקאַדעמיעס מיט זייערע דיאַלעקטישע מעטאָדן לויט די געזעצן פון לאָגיק — ביי אים איז באַליבט בלויז דער פילפול פון תלמוד, זיין בעסטער תענוג זיינען די חריפישע חלוקים און די גאַנצע וועלט האַלט זיך נאָר אויף דעם אָטעם פון די בעלי הפילפול *. גאָט ברוך־הוא דאַרף ניט קיין מליצים, קיין קונ־ציקע פּרעדיקער און שיין־רעדנערס; אים געפעלן בלויז די דרשנים, וואָס זיינען אויפגעצויגן אויף אַגדות און מדרשים, און דאָס גאַנצע פאָלק קומט אין גאָטס הויז הערן זייער מוסר, באַקאָנען זיך ווי אַזוי מען דאַרף זיין פרום, דינען גאָט און לויבן און פרייזן זיין ליבן נאָמען״[1].

די דאָזיקע ציטאַט איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דיל־מידיגום סטיל און זיין אַרט שרייבן. דער היסטאָריקער גרעץ, און נאָך אים אויך דובנאָוו, שילדערן יש״ר מקאַנדיאַ אַלס אַ מענטש, „אין וועלכן עס האָבּן זיך צונויפגעפּאָרט אַנטקעגנגעזעצטע אידעיִשע שטרעמונגען״. „די פּיל־זייטיקע ענציקלאָפּעדישע בילדונג — שרייבט דובנאָוו — האָט אים ניט געגעבן קיין קלאָרע וועלט־אָנשויונג און קיין פעסטע איבערצייגונגען.

* „שאין העולם מתקיים אלא בהבליהם״. דאָס איז אַן אומאיבערזעצבאַרער וואָרטשפּיל: „בהבליהם״ קאָן באַדייטן דער אָטעם פון די לומדים בשעת זיי פירן פילפוליסטישע וויכּוחים, אָבער אויך — נאַרישקייטן, פונם העברעיִשן וואָרט „הבל״.

1 דאָרטן. ווייל דער „נובלות חכמה״ איז אַ יקר־המציאות, ברענגען מיר די גאַנצע ציטאַט אויך אין אָריגינאַל: „ויפה עושים כי לחמם הם, שדרך רבנות או דיינות הם חיים ומתפרנסים זה מזה; ואלו דברים אדם אוכל פירותיהם בעוה״ז והקרן קימת לו לעוה״ב, מה שאין כן הלמודיות והטבעיות שמעט התועלת מהן לגויות ורב ההיזק לנשמות מהטעיות באלהיות, ושומר נפשו ירחק מאלו הלמודים, כי הם נגד הטבע של היהודים; שאם יוליד איש מאה ירצה שיהיו כלם תלמודים, שאין חפץ ד׳ בישיבות הפלוסופים ובויכוחיהם ע״פ הגיונם ודרכיהם כי אם בחלוקי התלמודים וכל שעשועיו בפלפולם שאין העולם מתקיים אלא בהבליהם וכן לא בחר ד׳ במליצים שלהם כי אם בדרשנים האמונים באגדות ובמדרשים וכל העם העומדים בבית ד׳ שומעים מוסר מפיהם וליראה את ד׳ לומדים שם יתנו צדקות ד׳ תהלתו בקהל חסידים״.

אדרבה, דאָס פילע וויסן האָט אים נאָר מבלבל געווען דעם מוח; ער האָט כּל ימיו זיך געפּלאָנטערט צווישן וויסנשאַפט און מסורה, צווישן פילאָזאָפיע און קבלה און פלעגט זיך גופא סותר זיין אויף יעדן טריט און שריט" [1].

ווער ס'האָט זיך געגעבן די מי און אויפמערקזאַם דורכשטודירט דילמידיגוס ווערק, דער ווייס ווי ווייט ניט ריכטיק ס'איז די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק. אָט דער דאָזיקער גאַליליים טאַלאַנטפולער תּלמיד איז געווען דער ערשטער יידישער געלערנטער, וועלכער האָט קלאָר פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ גוואַלטיקע איבערקערעניש עס האָבן געמאַכט די גאונישע אַנטדעקונגען פון קאָפּערניקן און קעפּלערן ניט נאָר אויפן געביט פון אַסטראָנאָמיע, נייערט אינם גאַנצן מענטשלעכן וועלט־באַנעם. מיט אַמאָל איז זיך צעפאַלן ווי אַ קאַרטנשטיבל דאָס גאַנצע קונציקע, אויפן ערשטן קוק אַזוי האַרמאָניש צוגעפּאַסטע געביי פון אריסטוס סיסטעם, מיט דער לערע וועגן די ספערן מיט די שכלדיקע גלגלים אאז"וו. לחלוטין אומגילטיק און קינדיש־נאַיוו האָבן זיך מיט אַמאָל אַרויסגעוויזן די אַלע אויפטוען פון די יידישע פעריפּאַטעטיקער בכדי שלום מאַכן צווישן די ביבל־דערציילונגען מיט די אַריסטאָטעלישע אָנשויונגען, צווישן דער פּראָבלעם פון דער נשמה־אומשטאַרבלעכקייט מיט דעם „שכל הפועל", און דעם גלויבן אין מלאָכים און שרפים פאַרבינדן מיט דער לערע וועגן די באַוווּסטזיניקע גלגלים. קינדיש־נאַיוו האָט אויך אויסגעזען דאָס טיילן אויף „הימל" און „ערד", די מעלות וועגן „הימלשע" טויערן און גרונטן, בעת דער „הימל" ווי די „ערד" זיינען פאַקטיש ביידע גלייך באַדייטנדע קליינינקע פּינטעלעך אין די אומענדלעכע ווייטן פונם וועלטאַל. אַן אויסגעצייכנטער מאַטעמאַטיקער און טיכטיקער אַסטראָנאָם, האָט דילמידיגו זיך זייער סקעפּטיש פאַרהאַלטן צו מעטאַפיזישע השערות און פילאָזאָפיש־ספּעקולאַטיווע סיסטעמען: ער האָט געגלויבט בלויז אין די רעאַלע נאַטורוויסנשאַפטן, אין די אייזערנע ראיות פון דעם עקספּערימענט, פון די דערוויזענע פאַקטן. „אָט די אַלע מעטאַפיזישע, אַזוי גערופענע געטלעכע חכמות (החכמות שיקראום אלהיות) — ערקלערט אין נאָמען פון דילמידיגון זיין תּלמיד משה מעץ — שטיצן זיך אויף זייער שלאַבעריקע יסודות. די לערע וועגן ספערן, וועגן דער בלויז אין פּאָטענץ עקסיסטירנדיקער מאַטעריע — דאָס אַלץ איז דאָך לא היה

---

1 Всеобщая история евреев (изд. 1908) III, 63; אַ פאַלש בילד, נאָר אין דיאַמעטראַל קעגנגעזעצטער ריכטונג, גיט אויך וועגן יש"ר מקאַנדיא ש. בערנשטיין אין זיין „חזון הדורות", 1928. באַריכות וועגן דעם זע אונזער אַרטיקל אין „יעווריסקאַיאַ סטאַרינאַ", XII, 172—175.

ולא נברא, אַן אויסגעטראַכטער שפּין־געוועב. און דאָך, וואָס פאַר אַ גוואַל־טיקע וויכּוחים האָט מען געפירט אַרום דעם אַלץ, וויפיל כּוחות געפּטרט, וויפיל פענעס צעבראָכן און טינט פאַרגאָסן".[1]

די אַלטע פראַגע וועגן די באַציִונגען צווישן אמונה און וויסנשאַפט ווערט ביי דילמידיגון באַלויכטן פון אַ גאַנץ נייעם שטאַנדפּונקט: ער איז אויך פעסט איבערצייגט, אַז עס קאָנען ניט געמאָלט זיין צ ו ו י י באַזונ־דערע אמתן. „איז די אמונה אַ ריכטיקע, דאַרף זי דעם אמת ניט סותר זיין", ערקלערט דילמידיגו.[2] עס איז אָבער אַ גאַנץ איבעריקע זאַך, ווייזט אָן דילמידיגו, אָט די אַלע פרווון שלום מאַכן צווישן דער אמונה מיט די פילאָזאָפישע שיטות און השערות, וואָס בייטן זיך דאָך אַזוי אָפט.[3] „אָט זעט — איז ער מוסיף — ווי גרוים ס'איז געווען דער טעות פון די יידישע געלערנטע, וואָס האָבן אַזוי פעסט זיך געהאַלטן ביי דער לערע וועגן די „ספערן" און האָבן בלינד געגלויבט אין די מסקנאָס און השערות פון אַ באַשטימטער פילאָזאָפישער סיסטעם: גראָד דאָס רוב היינטיקע געלערנטע האָבן אָפּגעוואָרפן דאָס, אין וואָס יענע האָבן אַזוי שטאַרק גע־גלויבט, און האָבן אָנערקענט דאָס, אין וואָס יענע האָבן געלייקנט".[4]

דילמידיגו שטרייכט דערפאַר באַזונדערס שאַרף אונטער „ווי גרוים ס'איז דער אונטערשייד צווישן וויסן, וואָס שטיצט זיך אויף פעסטע ראיות, און צווישן אידעען, וואָס שטיצן זיך בלויז אויפן גלויבן אָדער אויף לאָגישע קאָנסעקווענצן".[5] בלויז דאָס ערשטע איז דער ריכ־טיקער אמת, וואָס איז אויסער יעדן ספק, די איבעריקע צוויי קאָנען זיך אָבער אַרויסווייזן אַלס ניט ריכטיק און פאַלש.[6] די אמונה דאַרף זיך דערפאַר בלויז רעכענען מיט דעם פּאָזיטיוון וויסן, ניט אָבער מיט פילאָ־זאָפישע השערות, וואָס קאָנען זיך אַרויסווייזן אַלס אומבאַגריינדעט און פאַלש. און ווער עס פאַרלאָזט זיך צופיל אויפן ספּעקולאַטיוון פּילפּול און ריין־לאָגישע הנחות, דער גייט פאַקטיש אויף דעם זעלבן דרך ווי די תּמימות־דיקע אומוויסנדיקע מענטשן, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף שמיעות און

---

1 „אלים", 41 (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע פון 1639).

2 „אלים", 38: „אם האמונה אמתית לא תתנגד לאמת". זע אויך „נובלות חכמה", 6, עמ' ב': „ואיך אם כן הדת תעיז פניה נגד המופת".

3 דאָרטן, 41.

4 דאָרטן, 60.

5 דאָרטן: „ומכאן תבין ההבדל שבין הידיעה והמופתית והמחשבה והאמונה".

6 „אלא שיובדל לו בזה שהידיעה הוא קנין אמתי לעולם, והמחשבה והאמונה אפשר שיהו דמיונים כוזבים".

אַלערליי מעשיות, וועלכע ווערן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל און מיינען ס'איז לויטער אמת (דאָרטן, 40). „איך, — זאָגט ווייטער דילמידיגו — האָב אַזוי פיל געהערט אין מיין לעבן, און אין דעם אַלעם איז געווען אַזוי ווייניק אמת, אַז איך האָב פעסט באַשלאָסן גלייבן בלויז אין דעם, וואָס איך אַליין האָב פיל מאָל אויסגעפּרוּווט און האָב מיך ווירקלעך איבערצייגט, אַז ס'איז טאַקע אמת. וואָס איך האָב אָבער ניט אויסגעפאָרשט און מיינע אייגענע אויגן האָבן ניט געזען — וויל איך וועגן דעם ניט ריידן, ווייל איך קאָן ניט באַשליסן צי דאַרף איך עס אָנערקענען, אָדער גאָר אָפּלייקענען"[1].

אין די דאָזיקע ווערטער פון גאַליליים תלמיד הערט זיך שוין דייטלעך דער סקעפּטיש-קריטישער גייסט פון דער נייער צייט... יש"ר מקאַנדיאַ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט באַקאַנט דעם יידישן לייענער מיט די רייכע אוצרות פון דער נייער אידעען-וועלט, וואָס דער גאון קאָפּערניק האָט פאַר דער מענטשהייט אַנטפּלעקט. ער האָט דער ערשטער אָנגעזאָגט אין דער יידישער ליטעראַטור, אַז דער אַלטער פּטאָלאָמעיִשער וועלטבאַנעם איז צוזאַמענגעשטירצט און אַז אונזער ערד איז ניט דער אומבאַוועגלעכער צענטער, אַרום וועלכן עס דרייט זיך דער גאַנצער וועלטאַל, נייערט איינע פון די ווייניק באַדייטנדיקע צווישן די פּלאַנעטן, וואָס באַוועגן זיך אין גוואַלטיקן ראָד אַרום דער ריזיק-גרויסער זון[2]. דילמידיגו גייט דערביי נאָך ווייטער; ער שטרייכט אונטער, אַז קאָפּערניקס אַנטדעקונג באַשטעטיקט גלענצנד די דרייסטע השערה, וואָס חסדאי קרשקש האָט בשעתו אַרויסגעזאָגט: וויבאַלד די וועלט-באַשאַפונג איז אַ פּועל-יוצא פון גאָטס אומענדלעכער גוטסקייט, ווי קאָן מען עס דאַן באַהויפּטן, אַז די געטלעכע שאַפונגס-קראַפט באַגרענעצט זיך בלויז מיט אונזער וועלט? ע סאיז דאָך גיכער צו גלויבן, אַז צוזאַמען מיט אונזער וועלט עקסיסטירן אין דער אומענדלעכער רחבות פונם וועלטאַל נאָך אומצאָליקע אַנדערע וועלטן[3]. דילמידיגו חזרט אָפּט איבער קרשקשס געדאַנק וועגן אייביקן און שטענדיקן מעשה בראשית, ד"ה אַז דער שאַפונגס-אַקט איז אַן אייביקער און אומאונטערבראָכענער[4]. „די וועלט —

---

1 דאָרטן, 83: „ואני שמעתי כל כך רבות וראיתי כל כך מעטות אמתיות עד שהסכמתי שלא לאַמת ולהזכיר כי אם מה שנסיתי ובחנתי כמה פעמים, אבל מה שלא בחנתי או לא קרה לי לראותו לא אאמת ולא אכחיש בו ולא אעלה על שפתי שמו".

2 „אלים", 7, 17—18. „מעין גנים", 141, 148 א"וו.

8 זע אונזער ווערק, דריטער באַנד, ז' 269.

4 וועגן קרשקשס השפּעה אויף דילמידיגון איז דער לעצטער אַליין מודה (זע „נובלות חכמה", 106—107).

זאָגט דילמידיגו — וואָס איז אַ אויסשטראַלונג פונם געטלעכן ליכט, איז אַזוי אייביק ווי דאָס ליכט גופא"[1]. די באַשאַפענע וועלט איז אייביק ווי איר באַשעפער, ביידע זיינען זיי צוזאַמען פון אייביק אָן[2]. און ווער עס גלויבט ניט אין חידוש העולם, איז ער כּלל ניט קיין כּופר אין איינעם פון די „עיקרי התורה", ער לייקנט בלויז אין איינער פון די פילע מעשיות, וואָס ווערן דערציילט אין דער תורה, וועלכע האָבן פּאַקטיש צו דער אמונה קיין שייכות ניט[3].

אָט דער שפּינאָזיסטישער געדאַנק, אַז גאָט און די וועלט זיינען ענג צונויפגעבונדן, און איינער איז אומדענקבאַר אָן דעם אַנדערן, חזרט זיך אָפט איבער ביי דילמידיגון. „ניט אומזיסט — שטעלט דילמידיגו דאָס פינטעלע אויפן ש' — האָבן אַ טייל דענקער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז די וועלט (די נאַטור) איז די גאָטהייט גופא" (על כן חשבו קצת מהפילוסופים שהטבע הוא האל עצמו). אַרויסגייענדיק פון דעם דאָזיקן פּאַנטעיִסטישן געדאַנק, לייקנט דילמידיגו אין דער עקסיסטענץ פון מלאָכים און באַזונדערע גייסטיקע אינטעלעקטן (שכלים נבדלים). און ער פלייסט זיך דערווייזן, אַז דאָרט ווו עס רעדט זיך וועגן אַ „מלאך", מיינט מען ניט אַ באַזונדער גייסטיק באַשעפעניש, נאָר איינעם פון די קרעפטן אינם מענטשן אָדער אין דער נאַטור דורך וועלכן עס אַנטפּלעקט זיך דער געטלעכער שעפערישער ווילן[4]. „און ווי גרויס און ווי שעדלעך איז די בלינדע נאַרישקייט! — רופט אויס דילמידיגו, — פּרוּווט זאָגן איינעם פון די וואָס מיינען, אַז זיי זיינען עם די חכמי ישראל, — אַז גאָט שיקט אַ מלאך ער זאָל אַריינדרינגען אין דער טראַכט פון דער פרוי און דאָרט באַשאַפן די געשטאַלט אין דער פאָרם פונם קינד, וועט ער דאָס אָננעמען פאַר אמת און עס האַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך. אַדרבה, ער וועט ערשט אין דעם דערזען אַ נייעם באַווייז פון גאָטס שטאַרקייט און גרויסער חכמה, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס טאַקע דער אייגענער „חכם" גלויבט דאָך, אַז דער מלאך איז פון פלאַמענדיק פייער און פאַרנעמט מיט זיין גוואַלטיקער גרייס אפשר אַ דריטל פון דער גאַנצער וועלט. דאָס אַלץ וועט ער געפינען

---

1 „נובלות חכמה", 38, עמ' א': „שעל ידי האור ברא העולם שההארה ופעולתה היא הוצאת העולם לפועל... כמו שלא סר להיות האור כן לא סר מלהיות העולם".

2 דאָרטן, 106: „האל קודם לעולם בסבה ולא בזמן, ושהעולם יחד עם האל בזמן אבל לא בסבה"; און ווייטער מיט איין בלאַט: „ותמיד היה הבורא עם העולם הנברא".

3 דאָרטן, 92: „והכופר בחדוש יקרא כופר לא כמי שמכחיש א' מעיקרי התורה אלא ככופר באחד מספורי התורה, ד"מ שתמנע לא היתה פלגש לאליפז".

4 דאָרטן, 96—97, 139; „מצרף לחכמה", 29; „אלים", 41.

פאַר גאַנץ נאַטירלעך. פּרוּווט אים אָבער דערקלערן, אַז גאָט ברוך־הוא האָט עם דעם מענטשנס זאָמען באַשאַנקען מיט דער ווונדערבאַרער קראַפט, וועלכע טראָגט אין זיך דעם קיום פון דעם קינד, וואָס די מוטער וועט שפּעטער געבאָרן, און אָט די דאָזיקע קראַפט ווערט עס אָנגערופן „מלאך"—וועט ער עס אָפּוואַרפן מיט די הענט און פיס, ער וועט עס גאָרניט קענען פאַרשטיין"[1].

דילמידיגו פליִסט זיך אַגב צו דערקלערן דעם לייענער, אַז די אַלע מאָל, ווו עס ווערן דערציילט אין דער ביבל וועגן מלאָכים, איז אָדער דאָס איז גלאַט אַ ריין דיכטעריש־מעטאַפאָרישער אויסדרוק ווי צום בייִ־שפּיל ביי דער דערציילונג ווי אַזוי סנחריבס חייל איז אין איין נאַכט אומגעקומען פון דער מגפה; אין אַנדערע ערטער, ווי צום ביישפּיל, ביי דער מעשה מיט מנוחס ווייב, איז דאָס פּאַקטיש ניט מער ווי אַן איינ־בילדונג פון אַן אומוויסנדיקער פּרוי מיט אַ קרענקלעכער פאַנטאַזיע. וואָס ס'איז ווייטער שייך צו אַזעלכע מעשיות, ווי די לאַנגע באַשרייבונג אין דברי הימים, ווי אַזוי בשעת דער מגפה אין יהודה אין דוד המלכס צייטן איז דער מלאך געשטאַנען מיט דער לאַנגער אויסגעשטרעקטער שווערד — קאָן מען זיך אויף זיי כּלל ניט סומך זיין, ווייל „מיר ווייסן דאָך זייער גוט פון די נייע היסטאָריאָגראַפן, וויפל גוזמאות זיי דערציילן וועגן אַמאָליקע צייטן און ווי איין היסטאָריקער איז סותר און לייקנט אָפּ דעם צווייטן"[2].

וועגן דעם גלויבן אין שדים און מכשפים, באַמערקט ער מיט אַ איראָנישן שמייכל, אַז ער גלויבט בלויז אין דעם, וואָס ער זעט מיט די אייגענע אויגן, און ביי זיינע לאַנגע וואַנדערונגען איבער פאַרשיידענע לענדער איז אים קיין מאָל ניט אויסגעקומען באַגעגענען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל קאָנען באַשטעטיקן דעם גלויבן אין ניט־גוטע; מער ניט אין מצרים דערציילט מען, אַז די שדים האַלטן זיך אויף אין די צפונדיקע לענדער, און אין צפון זאָגט מען, אַז זיי זיינען שטאַרק פאַרשפּרייט אין מצרים[3].

אַ מענטשן מיט אַזאַ פּאָזיטיוו־ראַציאָנאַליסטין וועלט־באַנעם איז אויסגעקומען צו לעבן אין אַ תקופה, ווען די מיסטישע שטרעמונגען האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן אויבנאָן, און די מקובלים האָבן אָנגעפילט דעם גאַנצן חלל פון דער וועלט מיט כל המיני מלאכי חבלה, לחשים,

---

1 „נובלות חכמה", 96, עמ' ב'.

2 „מצרף לחכמה", 29, עמ' ב' (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע פון 1629).

3 „אלים", 83.

השבעות; זיין מזל האָט געטראָגן ער זאָל פאַרברענגען יאָרן לאַנג אין דער ליטע, ווו מען האָט זיך פאַרהאַלטן מיטן גרעסטן חשד צום וועלטלעכן וויסן, צו יעדן פונק פונם פרייען פאָרשער־געדאַנק, דערנאָך פאַרנעמען דעם פאָסטן פון רב און פרעדיקער אין דער אָרטאָדאָקסישער האַמבורגער קהילה און שפּעטער אין אַמסטערדאַם, ווו ס'איז גראָד דעמאָלט פאָרגעקומען דער לעצטער אַקט פונם שווערן טראַגישן קאַמף, אין וועלכן ס'איז אומגעקומען דער אומגליקלעכער „אפיקורס" און „מין" אוריאל אַקאָסטאַ. דילמידיגו איז אָבער, ווי אריה מאָדענאַ, קיין קעמפער־נאַטור ניט געווען. ער האָט ניט געהאַט דעם מוט צו גיין אויפן מאַרטירער־וועג פון זיין רבין גאַלילעוס און אַקאָסטאַ. ער האָט געפּרוווט באַהאַלטן זיינע געדאַנקען אונטער דער מאַסקע פון בלומרשטער פרומקייט. דער דאָזיקער מאַסקאַראַד, דאָס שטענדיקע שפּילן אין באַהעלטעניש, איז אָבער דילמידיגון ניט לייכט אָנגעקומען; ער האָט טייער באַצאָלט מיטן זאַפט פון זיינע נערוון און מיטן בלוט פון זיין האַרצן. עס איז געווען זיין לעבנס־דראַמע, די טיפע טראַגיק פון זיין נשמה, און דאָס דראַמע פון דעם דאָזיקן זייער רייך באַגאַבטן מענטשן האָט אַ גרויסן פסיכאָלאָגישן און קולטור־היסטאָרישן אינטערעס.

נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער געחלומט וועגן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט. „דאָס לעבן איז דאָך אַזוי קורץ, — שרייבט דילמידיגו — אויף יעדן מענטשן איז דערפאַר מוטל לאָזן נאָך זיך עפּעס אַן אָנדענק אויף דער וועלט, ער זאָל ניט גלייך זיין צו אַ שנעל פאַרשווינדנדיקן שאָטן און זיין נאָמען זאָל ניט פאַרגעסן ווערן באַלד ווי נאָר ער פאַרענדיקט זיין לעבנסוועג" [1].

און דילמידיגו שרייבט מיט גרויס התמדה איין ווערק נאָכן אַנדערן אויף פאַרשיידענע געביטן: וועגן כעמיע, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און אויך וועגן רעליגיעזע פראַגן. ער שרייבט אַ ספּעציעל ווערק „תעלומות חכמה" וועגן קבלה, השבעות, כישוף און דעם גלויבן אין מלאכי חבלה, און אַ גרויסע אַרבעט (גן נעול) וועגן די גרונט־יסודות פון דער אמונה [2]. דילמידיגו פאַרשטייט אָבער זייער גוט, אַז זיין וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט, דער גייסט, וואָס שפּירט זיך אין זיינע ווערק — האַרמאָנירט אַזוי ווייניק מיט די שטרעמונגען, וואָס געוועלטיקן אין דער סביבה, אין וועלכער ער לעבט. „איך האָב מורא געהאַט — קלאָגט זיך דילמידיגו אין

1 „מעין גנים", 183.

2 דעם רייסטער פון אַלע דילמידיגוס ווערק זע: „אלים", 30—31, 82; „מלא חפנים", 25—27.

אַ בריוו צו זיין תּלמיד שמואל אַשכּנזי — אַריינלייגן דעם פינגער צווישן די ציין פון מיינע שונאים; זיי וועלן גלייך מאַכן אַ גוואַלד פאַרוואָס איך באַנוץ מיך מיט פרעמדע קוועלן און וועלן גרייט זיין מיך צו פאַרברענען מיט זייערע מיילער, מיט די פלאַקערנדיקע פאַקלען פון זייערע פוקסענע וויידלען" [1].

און טאַקע דער תּלמיד זיינער, שמואל אַשכּנזי, דערציילט, אַז דילמידיגו האָט אַ סך זיינע מאַנוסקריפּטן אַליין פאַרברענט. „עס איז ביטער צו דערציילן — קלאָגט זיך אַשכּנזי — ווי אַזוי ער האָט אַ סך פון זיינע ווערטפולע ווערק, וואָס האָבן אים אַזוי פיל מי געקאָסט, געוואָרפן אין פייער. און אַזוי איז געווען זיין שטייגער: ער פלעגט שרייבן און — אויפן פייער פאַרברענען" [2]. און דילמידיגו גופא שרייבט צו אַשכּנזין, בשעת יענער האָט געוואָלט זיין רבינס „נובלות חכמה" דרוקן: ווען דו זאָלסט ניט געווען צונעמען דעם מאַנוסקריפּט אָן מיין וויסן, וואָלט איך אים געוועזן פון לאַנג אין פייער געוואָרפן און פאַרברענט [3].

און בעת דילמידיגו האָט געמוזט אַרויפלייגן אַ שלאָס אויף זיין מויל, און געפונען פאַר פאַסנדער זיינע ווערק צו פאַרברענען איידער איבערגעבן זיי דער עפנטלעכקייט — האָט ער מיט צאָרן צוגעזען, ווי דער יידישער ביכער־מאַרק ווערט פאַרפלייצט מיט כּל המיני קבלה־ספרים, פול און פיל מיט השבעות, נוטריקון און צירופי אותיות, וואָס פאַרפלאָנטערן און פאַרווילדן, לויט זיין מיינונג, די מוחות. אים ווערט פאַרהאַסט גוטענבערגס גאוניש המצאה און איז גרייט צו זען אינם דרוק־וואַרשטאַט ניט דעם באַדייטנדסטן קולטור־פאַקטאָר, נייערט דעם טרעגער פון פאַרפינסטערניש און פאַרווילדונג. „אַמאָליקע ציימן — קלאָגט זיך דילמידיגו — ווען די האַנטשריפטלעכע ביכער האָבן געקאָסט זייער טייער, פלעגט מען קויפן בלויז נוצלעכע און ווערטפולע ווערק; נאָר אויף זיי פלעגן זיך געפינען בעלנים, די נוצלאָזע און נישטיקע ביכער האָבן געמוזט גיין לאיבוד. איצט אָבער קומט אַ ליאַדע עם־הארץ, אַ ליאַדע נאַר, ער וויל די וועלט זאָל פון אים וויסן; נעמט ער זיך דרוקן ספרים, ער מיינט דורך דעם וועט ער ווערן אַ לייכטנדיקער שטערן און זיין נאָמען

---

1 אַן אָנשפּילונג אויף דער מעשה, ווי אַזוי שמשון הגבור האָט נקמה גענומען פון די פּלישתּים (שופטים, 15, 4—5).

2 „נובלות חכמה", 148 : „כי כר לי מאוד מכמה חבורים יקרים שחבר ואחר כמה יגיעות שרפם. וכך דרכו תמיד: יכתוב ויקוד יקוד".

3 „שאותם כתבים שלקחת מביתי בלי ידיעתי... ואלמלא היו מונחים אצלי ביושבי בית החרף ואת האח לפני מבוערת, הייתי משליכם אל האש אשר אל האח ושורפם".

ווערט שיינען פאַר די קומענדיקע דורות״[1]. זיין אמתע געשטאַלט האָט דילמידיגו באַוויזן בלויז אין פּערזענלעכן געשפּרעך, אָדער אין פּריוואַט־לעכן חליפת מכתבים. אין דער הינזיכט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט זיין לאַנגער בריוו, וואָס ער האָט געשיקט אין 1623 צו זיין פריינד און פאַר־ערער, דעם קאַראַים זרח בן נתן אויס טראָק[2]. אין אַ ידידי־בריוו, וואָס איז נאָך דערצו אַדרעסירט געווען ניט צו אַ רבני נאָר צו אַ קאַראַים, האָט דילמידיגו ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו שרייבן פאַרשטעלטערהייט: אָפן און פריי זאָגט ער אַרויס זיין מיינונג וועגן רעליגיעזע פראַגן, בפרט וועגן מיסטיק און קבלה און גיט אַ קריטישע אָפּשאַצונג פון דער יידישער ליטע־ראַטור. בלויז דער אַריינפיר צו דעם דאָזיקן בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ביי דילמידיגוס לעבן אין פאָרם פון דער הקדמה צו „מעין גנים״ (1629). דעם בריוו גופא האָט צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט (לויט דער קאָפּיע, וואָס האָט זיך געפונען ביים קאַראַימישן חכם אין האַליטש) א. גייגער און „מלא חפנים״ (1840)[3]. מיכאַעל האָט אומזיסט חושד געווען די קאַראַימען, אַז זיי האָבן איבערגעגעבן גייגערן אַ געפעלשטן טעקסט. אין פירקאָוויטשעס ערשטע קאָלעקציע געפינט זיך אונטערן נומ׳ 523 אַן אַלטע (נאָך אויס דעם 17טן י״ה) קאָפּיע, וועלכע פירקאָוויטש האָט געבראַכט אויס טראָק צוזאַמען מיט זרח בן נתנס כתבים. עס איז העכסט וואַרשיינלעך, אַז די דאָזיקע קאָפּיע איז אָפּגעשריבן דירעקט פונם אָריגי־נאַל. אין אָנהייב מאַנוסקריפּט גייט די צושריפט פונם אָפּשרייבער: „זה נוסח הכתב ששלח החכם האלהי כמוה״ר יוסף שלמה רופא מקנדייא אל החכם כמוה״ר זרח הקראי בכמ״ר נתן״. דער אויסדרוק „זרח הקראי״ באַווייזט באַשיינפּערלעך, אַז דער אָפּשרייבער איז ניט קיין קאַראַים נאָר אַ רבני. נאָך דעם אַלגעמיינעם אַריינפיר צום בריוו גייט ווידער דעם אָפּשרייבערס אַ באַמערקונג: „עד הנה, ביז דער דאָזיקער שטעלע איז ערשינען אין דרוק (ד״ה אין „מעין גנים״). דאָס איבעריקע האָט דער מדפיס ניט געדרוקט, וואַרשיינלעך דערפאַר, וואָס אים איז ניט געפעלן ווי דער פּראָפעסער זאָגט אַזוי אָפן אַרויס זיין מיינונג וועגן די מקובלים, וואָס שטאָלצירן מיט זייער חכמת האמת. אין מאַנוסקריפּט אָבער געפינט זיך

1 פאָררעדעס צו „נובלות חכמה״, דף 7, עמ׳ ב׳.

2 זרח בן נתן איז געבוירן אין 1555. זיינע ניט פאַרעפנטלעכטע מאַנוסקריפּטן, אַ פּירוש אויף „שיר השירים״, שירים און אַ בריוו צום באַקאַנטן מנשה בן ישראל, געפינען זיך אין לענינגראַדער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק און אין דער ביבליאָטעק פון „אָפּע״.

3 אין דעם זעלבן יאָר האָט דעם בריוו אויך פאַרעפנטלעכט פירקאָוויטש אין גאָזלאָוו (יעוופּאַטאָריע) אונטערן קעפּל „אגרת הישר״.

אַלץ, וואָס ווערט דאָ ווייטער געבראַכט"[1]. דער טעקסט פון דעם באַ־טרעפנדן מאַנוסקריפּט[2] גלייכט אין אַלע פּרטים (חוץ אומבאַדייטנדיקע סטיליסטישע שינויים) צום טעקסט, וואָס גייגער האָט פאַרעפנטלעכט.

„נאָך מיין נאַטור — שרייבט דילמידיגו — בין איך אַ געזעלשאַפט־לעבער מענטש, מיך ציט צו די ברייטע שיכטן, צו די וועגן, איבער וועלכע עס וואַנדערט די מאַסע פונם פאָלק; זי וויל איך אויפקלערן, געבן איר די נייטיקע ידיעות, חוץ די טיפע און האַרבע געדאַנקען, וואָס מען מוז האַלטן בסוד, און זיי וועל איך אַנטפּלעקן בלויז פאַר די יחידי סגולה, פאַר מיינע נאָענטע חברים און פריינט".

„ דו בעטסט ביי מיר, — שרייבט ער ווייטער, — איך זאָל דיר באַהילפיק זיין אין דיין היסן ווונטש זיך נאָענטער באַקענען מיט דעם וועלט־באַנעם פון דיינע קעגנער (אָנהענגער פון תלמוד). טאָ זיי וויסן, אז די דאָזיקע מענטשן פאַרהאַלטן זיך מיט גרוים ביטול צו נאַטור־פאָרשן און פילאָזאָפישער חקירה; פאַרהאַסט איז ביי זיי יעדער, וואָס דורשט נאָך וויסן. „אוועק, דו טמא!" שרייען זיי צו אים. אָט די דאָזיקע בלינדע, מיט האַס און רשעות פולע מענטשן, יאָגן זיך נאָך ווינט און רויך, זאַמ־לען שטרוי און שטויב; זייערע טעג פאַרברענגען זיי מיט נאַרישקייטן. די האָבן צו טאָן מיט „ספירות", די אַנדערע מיט „קליפות", זיצן איבער דעם „ספר יצירה", איבער דעם „גנת אגוז" און „שערי אורה". ווי די אַלטע ווייבער, וואָס פּלאַפּלען זיצנדיק ביי דער לבנה, אַזוי דערציילן זיי ווילדע מעשיות וועגן כלערליי סודות, וואָס שטעקן אין ענין שופר, אין יעקב אָבינוס געשפּרענקטן דיך, און נאָך וועגן אַזעלכע טיפע ענינים. זיי ריידן ניבול־פּה וועגן גאָט און די אָבות, ווי די פּלישתים זיינען זיי פאַר־גלויבט אין כישוף און שמות, גלויבן אין קמיעות און סגולות, אין אָפּ־שפּרעכן און השבעות. ס'איז פּשוט אַ שאַנד צו הערן זייערע באָבע־מעשיות וועגן דער יונגער און אַלטער לילית, וועגן דעם אשמדאי און די מאַמע פון אַלע שדים — מחלת, וועגן די כ"ב אותיות און זייער באַטיי־ליקונג אין דער וועלט־באַשאַפונג. און אָט דאָס הייסט מסורה, ירושת אָבות? איך האָב אין אַ ספּעציעל ווערק[3] זיך אָפּגערעכנט מיט אָט די געצנדינער (עובדי עבודה זרה), געמאַכט צו נישט זייער לערע וועגן

---

1 עד הנה נמצא בדפוס וכנראה כי המדפיס השמיט השאר כי לא ישרו דבריו שלא החניף למתארים... בשם מקובלים ומתפארים בחכמת חקבלה... „אבל בכ"י נמצא ככה כאשר תראה".

2 אינם מאַנוסקריפּט פעלט דאָס לעצטע בלאַט מיט די שלום־שורות פון דיל־מידיגום בריוו (דער מאַנוסקריפּט רייסט זיך איבער ביי די ווערטער: „לא אאריך בעניינם".

3 דילמידיגו מיינט דאָ בלי־ספק זיין „תעלומות חכמה".

אצילות און ספירות, מיט קלאָרע ראיות פאַר אַלעמען באַוויזן, אַז דער „פרדס רמונים״ [1] איז פול מיט דערנער און ווילדע געוויקסן, דעם ספר „הבהיר״ האָט באַשאַפן ניט ר׳ נחוניא בן הקנה, נאָר עפּעס אַן אומבאַ־קאַנטער, דער „מערכות אלהים״ איז פאַרדרייט און פאַרפּלאָנטערט, און דער באַוווּסטער משה די ליאָון איז אָרעם אין וויסן און געדאַנקען. זיי טראָגן שטענדיק גאָטס נאָמען אויף די ליפּן, נאָר ווייט איז ער פון זייערע הערצער; זיי מאַכן זיך גרויס מיט זייערע השבעות, קמיעות און לחשים, זייריידן איין, אַז זיי קאָנען מיט זייערע סגולות גרויסע וווּנדער באַווייזן— דאָס איז לויטער שווינדל און פאַרבלענדעניש; קיין מינדסטע פליג זיינען זיי ניט אימשטאַנד צו פאַרטרייבן. קליינע נישטיקע, פינסטערע מענטשע־לעך זיינען זיי — דערוווייטער זיך פון זיי, מיין פריינט! לאָז זיי ניט דיין שוועל איבערטרעטן, לאָז זיך ניט פאַרפירן דורך זייער כּלומרשטער חסידות און פרומקייט... מיין נישט וועסט געפינען ליכט אין זייערע ביכער — וואָרעם זיך בעסער ביי זיי בעת וועסט זיי אויפן פייער פאַר־ברענען. צו קויל און צו אַש פאַרברען די ווערק פונם חייט און פונם ריקאַנאַטי; בלויז טיפּשים און נאַראָנים קאָנען זוכן גאָטס וואָרט אין אַזוינע ספרים ווי דער „רזיאל״, דער „מדרש הנעלם״, דער „עבודת הקודש״ אָדער די „תיקוני זוהר״, וואָס טוען רויכערן און שאַדען ווי דער רויך פונם קוימען.

זאָלסט אָבער ניט מיינען, שרייבט דילמידיגו ווייטער, אַז איך רייד וועגן די מקובלים בלויז אויפן יסוד, וואָס אַנדערע האָבן מיר דער־ציילט. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב פלייסיק שטודירט די קבלה־מעשית און עיונית ביי די גרעסטע אויטאָריטעטן, און איך קאָן דיר שווערן, אַז איך פלעג אַפילו שטענדיק פּרוּוון זיי מלמד זכות זיין, דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן און אַלע פּרוּוון צו פאַרדעקן זייער שאַנד קאָנען האָבן די זעלבע פּעולה, ווי דער חשך די ליכטיקע זון צו פאַרדעקן אינם מיטן העלן טאָג. וואָלטן זיי כאָטש געשוויגן און געהאַלטן זיך שטיל און רויק ווי עס פּאַסט פאַר טיפּשים, וואָלט מען נאָך זיי ווי עס איז געקאָנט פאַר־טראָגן. זיי באַפאַלן אונז אָבער ווי די ערגסטע פיינט, רייצן אויף אונז אָן די ווילדע הינט און פאַרדאַרבן אונזערע וויינגערטנער. זיי שרייען, אַז מיר דינען פרעמדע געטער און וואַלגערן זיך אויף די מיסטן פון דער פילאָזאָפיע; זיי האָבן די חוצפּה צו דערקלערן, אַז ווער עס לייקנט אין די „ספירות״, דער לייקנט אין ביידע תּורות, און זיי אַליין טוען רק זוכן סודות אין דער תורה און די תּורה גופא טוען זיי פאַרגעסן. זייי מאַכן

---

1 באַריכות וועגן „פּרדס רמונים״ אינם ווייטערדיקן טייל.

זיך גרויס מיטן „זוהר", זיי קאָנען אָבער אפילו זייער שווינדל ניט צודעקן ער זאָל זיך ניט וואַרפן אַלעמען אין די אויגן: זיי פאַרזיכערן, אַז שמעון דער תּנא איז זיין פאַרפאַסער און דאָרט ווערן דאָך געבראַכט דעות פון אמוראים, וואָס האָבן געלעבט שפּעטער מיט הונדערטער יאָרן....

ניט אָבער בלויז מיט די מקובלים איז דילמידיגו אומצופרידן. „ניט נאָר זיי — רופט אויס דילמידיגו, — מיין גאַנץ פאָלק ישראל בלאָנדזשעט אויף פאַלשע וועגן, יאָגט זיך נאָך מיראַזשן און פאַנטאַסטישע חלומות און זאַמלט בלויז דערנער און ווילדע געוויקסן. עס איז דאָך אָבער אַמאָל געווען אַ צייט, אין די דורות פון די גרויסע נביאים, די טרייע וועכטער פונם פאָלק; פילע געלערנטע און חכמים זיינען דאַן געווען ביי יידן, און ווי שיין האָבן דעמאָלט געבליט די וויסנשאַפטן און קונסטן ביים יידישן פאָלק. איצט אָבער — געבראָכן איז דער גייסט, אויסגעטריקנט די קוואַלן פון וויסן, אומוויסנד און פינסטער זיינען די פירער פונם פאָלק. באַהאַלטן האָבן זיי זיך אין ענגע קעמערלעך, מיט חשד קוקן זיי אויף יעדן שטראַל פון וויסן, אַלע חכמות זיינען ביי זיי געוואָרן חכמות „חיצוניות"— פון דער „פרעמד" געבראַכטע, און פינסטער איז געוואָרן אין די יידישע געצעלטן. די היינטיקע רבנים, די וועכטער פונם פאָלק, וויסן פון חכמות און נאַטור־פאָרשונג ניט מער ווי דער אָקס מיטן אייזל. וואָס טויג זיי וויסן, וואָס דאַרפן זיי נאַטור־געזעצן! גאָטס ווערק באַגרייפן זיי ניט, זיין ווונדערבאַר שאַפן ווילן זיי ניט פאַרשטיין; טויב בלייבן זיי צום נביאס ווערטער: הייבט אויף אין דער הויך אייערע אויגן און זעט — ווער האָט דאָס אַלץ באַשאַפן!" [1].

נאָכדעם ווי דילמידיגו ווייזט אָן דעם קאַראַים זרח אויס טראָק מיט וואָסערע לימודים און אין וועלכן סדר ער דאַרף זיך פאַרנעמען, האַלט ער פאַר נייטיק אים צו וואָרענען, אַז מיט די „ספרי הגמרא" דאַרף זיך פאַרנעמען בלויז דער, וואָס יאָגט זיך נאָך כּבוד און וויל גילטן אַלס תּנא און גדול בישראל, אָדער די, וואָס האָפן דערפון זיך מפרנס צו זיין; אָבער די „בעלי המקרא", ד"ה די קאַראַימען, זיי דאַרפן עס כּלל ניט האָבן, בפרט נאָך די מדרשים מיט זייערע משלים, וואָס מען האָט זיי אַזוי נייטיק ווי מערעשקים־פליגעלעך [2].

מיט זרח בן נתנס נאָמען זיינען אויך ענג פאַרבונדן דילמידיגוס וויניקע ווערק, וואָס דער מחבר גופא האָט זיי פאַרעפנטלעכט. דער וויסנ־

---

1 דאָרטן, 9—13.

2 דאָרטן, 14: „אין צורך לספרי הגמרא, אם לא למי שירצה שיקרא תנא או אמורא, ולהתפרנס ממנה בטהרה, וזה תכלית כל בעלי התורה, ואולם לבעלי מקרא אינם מועילים, וכ"ש המדרשים והמשלים, שהם להם ככנפי הנמלים".

באגיריקער קאראַים אוים טראָק האָט זיך געווענדט דורך אַ בריוו צו דילמידיגו מיט אַ בקשה, יענער זאָל אים אויספירלעך ערקלערן צוועלף פאַר אים זייער וויכטיקע פראַגן אויף פאַרשיידענע געביטן פון וויסן: טעאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און נאַטור־פאָרשונג. אויך האָט ער ביי אים גע־בעטן ערקלערן 70 פאַראַדאָקסאַלע מאַטעמאַטישע אויפגאַבן. דילמידיגו האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן; אויף יעדן פון די צוועלף געשטעלטע פראַגן האָט ער געענטפערט מיט אַ באַזונדערער אַרבעט, און אין אַ ספּע־ציעל ווערק אונטערן נאָמען „מעין חתום" אויפגעקלערט די 70 מאַטע־מאַטישע פאַראַדאָקסן. ער האָט אָבער געפונען פאַר מעגלעך פון די 12 אַרבעטן צו פאַרעפנטלעכן בלויז די ערשטע דריי, וואָס באַהאַנדלען אַסט־ראָנאָמישע פראַגן אין דער באַלייכטונג פון קאָפּערניקס נייער סיסטעם, און אין 1629 זיינען זיי ערשינען אונטער דעם נאָמען „מעין גנים" אין אַמסטערדאַם אין מנשה בן ישראלס דרוקעריי, ווו ס'איז אין דעם זעלבן יאָר ערשינען אויך דילמידיגוס „מעין חתום".

עס איז אָבער ניט קיין פּשוטע מליצה, בעת דילמידיגו שרייבט אין זיין בריוו צו זרח בן נתן: „מיך ציט צום ברייטן שליאַך, ווו עס וואַנדערט דער גרויסער עולם, דער פּשוטער המון, בכדי איך זאָל אים קאָנען אויפ־קלערן, געבן אים נוצלעכע ידיעות". צו שטאַרק האָט זיך אין אים גע־שפּירט דער טעמפּעראַמענט פון אַן אויפקלערער און אַגיטאַטאָר, ער זאָל קאָנען אין זיך רויִק דערשטיקן דעם חשק אויפקלערן די ברייטע פאָלקס־שיכטן און פירן אַ קאַמף קעגן די אַלטפרענקישע אָנשוויזונגען און שטרע־מונגען, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר רעאַקציאָנער און שעדלעך. ער איז אָבער אויך קיין קעמפער־נאַטור ניט געווען. ווי אריה די־מאָדענא, האָט אויך דילמידיגו, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ניט געהערט צו די שטאַלצע, פעסט געשטאַלטע גייסטער, וואָס האָבן דעם נייטיקן מוט און די מאָראַלישע קראַפט, אָפן און אַנטשלאָסן צו פירן אַן עקשנותדיקן קאַמף פאַר זייערע אידעאַלן און פאַר דעם אמת, וואָס זיי טראָגן אין האַרצן. דילמידיגו שעמט זיך אָבער מודה זיין אין זיין מאָראַלישער שוואַכקייט; און בכדי פאַר זיך גופא זיך פאַרענטפערן, פלייסט ער זיך צו דערווייזן, אַז ניט נאָר ער אַליין — אַלע גרויסע מענער פון אַלע צייטן פלעגן באַהאַלטן זייערע איבערצייגונגען און אָנשוויזונגען פאַר דער ברייטער וועלט, פאַר די ווייטע קרייזן. באַהאַלטן זייערע איבערצייגונגען פלעגן די חכמי התלמוד [1], אַזאַ מוטיקער קעמפער ווי רבנו משה בן מיימון [2]. אויך דער גרויסער אַפלטון האָט מורא געהאַט אָפן אַרויסזאָגן

[1] „נובלות חכמה", 34—37.

[2] „מצרף לחכמה", 20.

דעם אמת, און ער פלעגט דערפאר ריידן מיט רמזים און משלים [1]. אויך די היינטיקע דענקער, איז מוסיף דילמידיגו, זאגן ניט דעם אמת און חנפענען די גלחים און מאכן זיך כלומרשט, אז זיי זיינען מסכים צו זייערע פאלשע דעות [2]. בכדי זיך צו פארענטפערן, ברענגט דילמידיגו א שיינע אלטע אגדה, ווי עס ווערט דערציילט, אז בעת שאול דער מלך פון ישראל האט אין עין דור ארויסגערופן שמואל הנביאס שאטן, האט יענער אפן ערקלערט שאולן: „בעת איך בין געווען אויף דער ערדישער וועלט, אויף דער וועלט פון שקר, האב איך דעם גאנצן אמת ניט געזאגט, ווייל איך האב מורא געהאט דו וועסט מיך הרגענען. איצט, ווען איך געפין מיך אין דער וועלט פון אמת, וועסטו פון מיר הערן נאר דעם ריינעם אמת״ [3].

אן אלט ווערטל זאגט אפילו: טייער איז מיר סאקראט, טייער איז מיר אפלטון, נאר דער אמת איז מיר טייערער פון אלץ. דאך, פארטייטשט דילמידיגו, דעם דאזיקן טייערן אמת גיט מען אבער איבער בלויז די יחידי סגולה (מוסרין אותה אלא לצנועין), און ניט אומזיסט מענהן די ווערטלזאגער, אז ביי נחן אין דער תיבה האט זיך צווישן די אלע באשעפענישן געפונען אויך דער שקר, ווייל אן אים קאן דאך די וועלט קיין קיום ניט האבן. „זאלסט האבן פון מיר א כלל — ערקלערט דילמידיגו דעם לייענער — זאלסט קיין מאל ניט מיינען, אז דיר וועט געלינגען צו דערוויסן אויף קלאר דעם ריכטיקן וועלטבאנעם פונם פארפאסער אויס זיינע ווערק. נאר פאר גאט אליין זיינען אנטפלעקט די פארבארגענע טיפענישן פונם מענטשנס הארץ״ [4].

דילמידיגו, וואס האט ניט געהאט דעם מוט אפן ארויסזאגן זיינע פרייע געדאנקען, האט אויך ניט געוואלט זיין אין גאנצן פארשוויגן. ער האט אבער דערביי אויסגענוצט אנדערע מיטלען ווי מאדענא. יענער, ווי מיר האבן געזען, פלעגט אדער שפילן אין באהעלטעניש, באהאלטן זיך אונטער אויסגעטראכטע נעמען, וואס לא היו ולא נבראו, אדער ער פלעגט גיין אויפן אלטן דרך פון אברהם אבן עזרא און משה נרבוני — ריידן

---

[1] „גובלות חכמה״, 111.

[2] דארטן: „ולהסביר פנים לכהני היונים ולטעותם כאשר עושים פלוסופי זמננו כורכים ומשתחוים לעומתם״.

[3] „מצרף לחכמה״, דף 20, עמ׳ ב׳: א״ל: כד הוינא נביכון הוינא בעלמא דשקר דדתילנא מינך דלמא תקטלינני, ברם אנא כאן בעלמא דקשוט לא תשמע מיני אלא מילי דקשוט״.

[4] „מצרף לחכמה״, 20: „וכלל גדול אני מוסר בידך שלא תדמה בנפשך לירד לסוף דעת המחברים מתוך ספריהם, כי השם לבדו יודע תעלומות לב״.

אויף שטום־לשון, מיט לויטער רמזים, אַנצוהערענישן און האַלבע ווער־טער. דילמידיגו אָבער האָט זיך באַנוצט מיט אַן אייגנאַרטיקן פאַר־שטעלטן סטיל און פלעגט פאַלן אויף אַזוינע המצאות, וואָס האָבן גע־שמעקט מיט אמתער יעזויִטישער צביעות. טיפּיש זיינען פאַר דילמידיגוס נוסח זיין „אלים" און „מצרף לחכמה". אין „אלים", ווו עס ווערן באַ־האַנדלט ניט נאָר אַסטראָנאָמיש־מאַטעמאַטישע פראַגן, נייערט אויך פּראָבלעמען פון פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישן כאַראַקטער, מאַכט דילמידיגו דעם אָנשטעל פון „חזיר פּיסל כשר", און באַהאַלט זיך אונטער דעם שירעם פון זיינע צוויי פאַרערער, די קאַראַיִמען זרח בן נתן און משה מעץ. ער דרוקט איבער זייער בריוו, וואָס זיי שרייבן איינער צום אַנדערן און אויך צו אים גופא; גייגער האָט אָבער בפֿירוש באַוויזן [1], אַז דילמידיגו האָט אין די דאָזיקע בריוו אַריינגעשטעלט בסוד אַ סך זיין אייגנס און אויף אַזאַ אופן, באַהאַלטנדיק זיך אונטער די נעמען פון צוויי קאַראַיִמען, שמוגלט ער דורך בתור קאָנטראַבאַנד זיינע אייגענע, פאַר יענער צייט זייער פרייע געדאַנקען. זיין אייגענע וועלט־אַנשויונג זאָגט ער גיט אַרויס אונטער זיין אייגענעם נאָמען, נאָר זי ווערט איבערגעגעבן אין מעצס בריוו צו זרח בן נתן („אלים", 27—51), ווו מעץ גיט איבער ביאָגראַפישע פּרטים וועגן זיין רבין און באַקענט אויך מיט דילמידיגוס קוק אויף קאָ־פּערניקס אַנטדעקונגען און אויף אייניקע וויכטיקע טעאָלאָגישע פּראָב־לעמען. באַזונדערס טיפּיש איז די מעשה מיטן ווונדער־קינד. אין דער צייט, וואָס דילמידיגו האָט פאַרבראַכט אַלס ארצט ביים הויף פונם פירשט ראַדזיוויל, האָט אין אַלע יידישע קהילות איבער גאַנץ פּוילן געקלונגען מיט אַ פיר־יאָריק גריידינגער יינגעלע, וואָס האָט געזאָגט נביאות און פאַר אַלעמען אין די אויגן באַוויזן די גרעסטע ווונדער. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס קינד האָט קוים געקאָנט עברי, פלעגט ער אויסווייניק זאָגן גאַנצע ציטאַטן אויס דעם תלמוד אָדער זוהר. פון אַלע שטעט פלעגן קומען מענטשן בייזען מיט אייגענע אויגן דאָס גרויסע ווונדער, און דערביי באַשענקען מיט שיינע מתנות דעם גליקלעכן פאָטער פון דעם דאָזיקן ווונדער־קינד. די גרעסטע רבנים האָבן מיט אייגנהענטיקע חתימות באַ־שטעטיקט די גרויסע ווונדער, וואָס זיי האָבן אַליין בייגעזען און דערביי אַרויסגעזאָגט די האָפענונג, אַז אפשר וועט אָט דאָס פון גאָט אויסדער־וויילטע און מיט רוח־הקודש באַגנעדיקטע ווונדער־קינד זוכה זיין אויפ־דעקן דעם „קץ". דילמידיגו האָט זיך געלאָזט קיין גריידינג, בכדי מיט אייגענע אויגן זען די אַלע ווונדער, וואָס ווערן דערציילט וועגן דעם

[1] „מלא חפנים", פאָררעדע, I, אין דייטשן טעקסט זע 50, 89, 90, 92 א"וו.

דאָזיקן קליינינקן יינגעלע. אויפן אָרט איז דילמידיגו גלייך געלונגען צו דערווייזן, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ שווינדל מצד דעם יינגלס פאָטער, וואָס האָט אויף אַזאַ אופן אויסגענאַרט אַ סך געלט מיט מתנות. דילמידיגו האָט באַשלאָסן אויסנוצן דעם דאָזיקן שווינדל אַלס אַגיטאַציע־מיטל קעגן דעם אָבערגלויבן פונם אומוויסנדיקן המון און קעגן דער שעד־לעכער ראָלע פון פאַרשיידענע בעלי־שמען און בעלי ניסים. נאָר אויך דאָ טרעט דילמידיגו ניט אַרויס אונטער זיין אייגענעם נאָמען: ער נוצט דערביי אויס איינעם פון זרח בן נתנס בריוו צו אים, וואָס זיינען פאַר־עפנטלעכט אין „אלים". דילמידיגו האָט אויך דעם דאָזיקן בריוו שטאַרק „איבערגעאַרבעט" פאַרן דרוקן. זרח בן נתן פרעגט זיך אָן ביי דילמידיגו ווי ער פאַרהאַלט זיך צום גלויבן אין שדים און אין וואונדער, וואָס מען קאָן טאָן מיט דער הילף פון קמיעות, השבעות, לחשים און מאַגישע סגולות. אגב פרעגט אויך זרח אויס טראָק אַ שאלת תם, ווי קאָן מען עס דערקלערן די נביאות, וואָס ס'זאָגט דאָס קליינע יינגעלע פון פּאָדאָליער קאַנט? צי רעדט עס אויס אים אַ מלאך אָדער דאָס איז מעשה כישוף? אין די וואונדער, וואָס דאָס יינגעלע טוט, קאָן דאָך קיינער ניט מסופק זיין, והא ראיה: אָט ליגט פאַר מיר אַ בריוו פון איינעם פון די גרעסטע רבנים, ר' חיים אויס סאַטאַנאָוו, און יענער זאָגט עדות, אַז ער און פילע אַנדערע גדולי ישראל האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן דאָס אַלץ צוגעזען. און איך שיק אייך טאַקע איבער דעם בריוו בכדי איר זאָלט זיך אַליין מיט אים באַקאַנען [1]. אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע באַקומט אָבער זרח בן נתן ניט דירעקט פון דילמידיגו, נאָר טאַקע ווידער דורך אַ שליח, דורך משה מעץ. אין זיין בריוו צו זרחן מאַכט זיך מעץ כמשיח לפי תומו און דערציילט אגב אורחא, ווי אַזוי די גרעסטע פוילישע רבנים און פילע טויזנטער מענטשן זיינען געגאַנגען זען די וואונדער, וואָס דאָס גריידינגער קינד פלעגט באַווייזן, נאָר זיין רבי דילמידיגו האָט דערוויזן, אַז דאָס איז לויטער שווינדל מצד דעם קינדס פאָטער [2].

דילמידיגו גופא רופט זיך דערויף ניט אָפּ מיט קיין איינציק וואָרט; ער טוט נאָר איין זאַך: ער דרוקט אָפּ וואָרט ביי וואָרט דעם סאַטאַנאָווער רבס בריוו, וואָס דער קאַראַים זרח אויס טראָק האָט אים כלומרשט צוגע־שיקט [3]. אין דעם דאָזיקן בריוו, וואָס דער סאַטאַנאָווער רב האָט געשיקט קיין לעמבערג, ווערט דערציילט מיט גרויס התפעלות וועגן די ניסים

1 „אלים", 15.

2 דאָרטן, 50.

3 דאָרטן, 65.

ונפלאות, וואָס דאָס וווּנדערבאַרע קינד האָט באַוויזן פאַר זיינע אייגענע אויגן. „דאָס אַלץ, וואָס איך דערציייל דאָ—פאַרענדיקט דער רב ר' חיים— איז ממש אַ טראָפּן אין ים קעגן דעם, וואָס איך האָב פון דעם דאָזיקן קינד געזען!" — „אשרי עין שראתה כל אלה!" — געבענטשט זיינען די אויגן, וואָס האָבן דאָס אַלץ געזען, רופט אויס דער רב צום סוף בריוו.

אָט דעם דאָזיקן דאָקומענט, ווי אַזוי אַ שאַרלאַטאַן אַ שווינדלער האָט געמאַכט צום נאַרן דעם פרומען גלייכגילטיקן רב, האָט דילמידיגו פאַרעפנטלעכט אָן שום פּרושים. ער פאַרשטייט זייער גוט, אַז אָט דער דאָזיקער ידידות־בריוו, וואָס איין רב שיקט דעם אַנדערן, ווירקט פיל שטאַרקער ווי דער שאַרפסטער פאַמפלעט. „מען טאָר זיך ניט פאַרלאָזן אויף אונזערע ועכטער, אויף אונזערע רבנים, נאָט זעט, ווי נאַיוו, ווי לייכטגלויביק זיי זיינען. אַ מינדסטער שווינדלער, אַ ליאַדע טויגעניכטס פירט זיי לייכט ביי דער נאָז!" אַזוי זאָגט דילמידיגו, נאָר ער זאָגט דאָס אָן ווערטער, שווייגנדיק שטום, בלויז דערמיט, וואָס ער דרוקט אָפּ דעם התפעלות־בריוו פונם פרומען רב אויס סאַטאַנאָוו.

די מעשה מיטן יינגעלע דעם בעל־נס איז אָבער געווען ניט מער ווי אַ צופעליקער עפּיזאָד; פיל וויכטיקער איז געווען פאַר דילמידיגו צו באַקעמפן און אונטערגראָבן די הויפּט־פעסטונג פון פינסטערן אָבער־גלויבן, דעם וויכטיקסטן מקור, וואָס פון אים שטאַמען, לויט דילמידיגוס מיינונג, אַלע לעגענדעס וועגן איבערנאַטירלעכן און וווּנדערבאַרן, און אַדאַנק אים מערן און ווידמען זיך די אַלע מאַגישע סגולות און לחשים, דער בלינדער גלויבן אין השבעות און קמיעות, אין אַלע מיני מחבלים און מזיקים — די קבלה מעשיית, דעם כל־בו פון מיסטיק — דעם זוהר. ווי אריה די־מאָדענאַ איז אויך דילמידיגו געווען דער פאַרביסענער שונא פון מיסטיק און קבלה, און נאָך באַדייטנד פריער איידער מאָדענאַ האָט זיין „ארי נוהם" געשריבן, האָט דילמידיגו באַשלאָסן „בלויזשטעלן" די קבלה מעשיית, און דיסקרעדיטירן דעם זוהר. אין קאַמף איז אָבער דילמידיגו ארויסגעטראָטן מיט אַ גאַנץ אייגנאַרטיק געווער אין די הענט. אליהו דילמידיגוס אַנטי־קאַבאַליסטישער „בחינת הדת", ווו עס ווערט מיט קריטיש־וויסנשאַפטלעכע ראיות געקעמפט קעגן דער מיינונג, אַז דער זוהר איז אַ קדמוניש ספר — איז נאָך אַלץ געבליבן אין כתב־יד, און אין דילמידיגוס צייטן, ווען די מיסטישע שטרעמונגען האָבן אַזוי רייך אויפגעבליט — איז ער לחלוטין פאַרגעסן געוואָרן און זעלטן ווער ס'האָט נאָך געוווּסט פון אים. יש"ר מקאַנדיא האָט באַשלאָסן אויפצולעבן אין

1 זע פריער.

זכרון פון זיין דור דאָס פארגעסענע ווערק פון זיין עלטער־זיידן און אגב אויך צוזאַמען מיטן שלוסוואָרט פון אזא פארביסענעם קעגנער פון קבלה ווי שאול אשכנזי. דילמידיגו האָט אָבער ניט געהאַט דעם מוט אָפן ארויס־ווייזן, אז ער איז אין איין דעה מיטן בעל „בחינת הדת״. ער מאַכט דער־פאַר דעם אָנשטעל, אז ער איז דער אַנטשיידענער קעגנער. ער איז כלומרשט שטאַרק באַאומרויִקט, וואָס דאָס דאַזיקע שעדלעכע בוך „איז פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט״; ער האָט דערפאַר באַשלאָסן מאַכן צו נישט אַלע זיינע טענות, נאָר, אגב, צוזאַמען מיט זיין ענטפער דרוקט ער דערוויי״ל אויך דעם „בחינת הדת״ גופא מיט שאול אשכנזיס שלום־וואָרט. און טאַקע אין דילמידיגוס קעגנשריפט [1] אַנטפּלעקט זיך אַמבולטסטן דילמידיגוס נוסח און אייגנאַרטיקע פּאָלעמישע מאַניער. ווי די אומבאַקאַנטע פאַרפאַסער פון די באַרימטע „בריוו פון שוואַרץ־מאַהניקעס״ (Epistolae obscurorum Virorum), אַזוי טרעט אויך דילמידיגו אַרויס אונטער דער מאַסקע פון אַ תמעוואַטן פרומאַק. ער ער־קלערט זיך אַלס הייסער מקובל. ער האַלט שטאַרק פון מיסטיק און אויף די אַלע אָנפאַלן פון דעם בעל „בחינת הדת״ און פון זיין תלמיד (שאול אשכנזי) וועט ער אָפּענטפערן ניט מיט פילאָזאָפישע ראיות, נאָר אַלס פשוטער מאמין [2]. דער דאַזיקער „פריינד״ פון קבלה איז אָבער געפער־לעכער פונם אָפענעם שונא. ער חזרט איבער אין זיין „מצרף לחכמה״ אַלע אָנפאַלן, וואָס דער בעל „בחינת הדת״ מאַכט אויף דער קבלה; ער ברענגט אויך די דעות פון אַנדערע קבלה־קעגנער, און דאָס אַלץ כלומרשט בכדי זיי אָלעמען אָפּענטפערן און דערווייזן, ווי אומבאַגרינדעט זייערע טענות זיינען. דער ענטפער איז אָבער אַזוי פאַרבלאָזט און נישט איבער־צייגנדיק. און פּלוצלונג, אויף איין מאָמענט, נעמט דער פאַרפאַסער אַראָפּ די מאַסקע פונם פנים, און דער לייענער דערזעט פאַר זיך אומדער־וואַרט דעם סקעפּטישן קריטיקער מיטן איראָנישן שמייכל אויף די ליפּן. און דער פאַרפאַסער מאַכט נאָך דערביי חוזק פונם נאַיִוון לייענער. „עס טרעפט גאַנץ אָפט, — דערציילט געלאַסן דילמידיגו, — אז בכדי צוליב צו טאָן אַ מעצענאַט אָדער אַ שררה, ווערן אין די ביכער געשריבן אַזעלכע זאַכן, וואָס די מחברים גופא גלויבן אין דעם ניט... אָט, למשל, איך, איצט שרייב איך קעגן די פילאָזאָפן און שטעל פעסט פאַר דער חכמת הקבלה. דאָס טו איך אָבער בלויז דערפאַר, וואָס עס האָט מיך וועגן דעם געבעטן איינער פון די חשובסטע יידישע פירשטן, וועלכער האַלט איצט

---

[1] פאַרעפנטלעכט אונטערן נאָמען „מצרף לחכמה״ אין באַזעל אין 1629.

[2] „מצרף לחכמה״, 28.

זייער שטאַרק פון די מקובלים. ווייל איך בין מיט אים זייער באַפריינדעט, טו איך אים צוליב. זאָל ער אָבער מאָרגנדיקן טאָג ווערן אַן אַנדער דעה און ליב באַקומען פילאָזאָפיע, און ער וועט מיך דאַן בעטן, איך זאָל לויבן די פילאָזאָפיע אין טאָג אַריין — וועל איך גלייך אָנגורטן מיינע לענדן, און מיט גרויס התלהבות קעמפן פאַרן פילאָזאָפישן געדאַנק"[1]. און גלייך נאָך דער דאָזיקער ציניש־חוצפהדיקער ערקלערונג, ווערט ווידער אָנגע־טאָן די מאַסקע, און ווידער שטייט פאַר אונז דער התלהבותדיקער מיס־טיקער, וואָס דערציילט מיט פאַרגלאָצטע אויגן און מיט אַ יראת־שמים־פּנים וואונדערלעכע מעשיות וועגן די אַמאָליקע מקובלים, און די גרויסע ניסים און מופתים, וואָס ס'האָט ערשט ניט לאַנג באַוויזן דער אר"י הקדוש. „צי איז ווען אַמאָל כאָטש איין פילאָזאָף געווען, וואָס מען זאָל וועגן אים דערציילן אַזעלכע מופתים?" — פרעגט דער בעל „מצרף לחכמה"[2]. און טאַקע תיכף, גאַנץ אומדערוואַרט, גייט פאָלגנדיקע באַמערקונג: „אָבער די מעשה מיטן פּוילישן יינגעלע אויס גריידינג. איז לויטער שווינדל, ווי איך האָב דאָס דערוויזן דעם זעלבן טאָג, ווען איך בין אַהין געקומען"[3]. ניט אומזיסט ציטירט טאַקע דילמידיגוס עלטערער בן־דור, אריה די־מאָדענאַ, אין זיין „ארי נוהם" די דאָזיקע שטעלע פון „מצרף לחכמה", בכדי צו באַשטעטיקן זיין מיינונג וועגן דילמידיגו, אַז יענער „פאַרשטעלט זיך כלומרשט פאַר אַ פאַרטיידיקער פון חכמת הקבלה, אין דער אמתן אָבער איז ער איר אַנטשיידענער קעגנער"[4]. און אַזוינע שטעלן קאָן מען געפינען אין „מצרף חכמה" אין גאָרניט קיין קליינער צאָל. דילמידיגו ברענגט, למשל, אַלע ראיות, וואָס דער בעל „בחינת הדת" שטעלט אַרויס בכדי צו דערווייזן, אַז דער „זוהר" איז ניט קיין קדמוניש ספר. דילמידיגו מאַכט כלומרשט דעם אָנשטעל, אַז אים באַפרידיקן ניט די דאָזיקע ראיות און ער איז מיט זיי ניט מסכים. זיין קריטיק איז אָבער

---

1 דאָרטן, 20: „וכמה חברו ספרים על אי זה נושא לבקשת מלך או שר וכתבו מה שאינם מאמינים... והנה אנכי כותב כאן נגד הפלוסופים ויצאתי לעזרת ד' להליץ בעד חכמת הקבלה, כי כן צויתי מא' האלופים שרי יהודה אשר לבבו פונה היום לדברי המקובלים, ובהיותי נצמד בעבותות אהבתו פניתי מלמודי להפיק רצון רוממותו; ואם למחר רוח אחרת תהיה אתי ויתאו לחכמת הפילוסופיאה ויבקש ממני לאמר סלסלה ותרוממה ובין נגידים תושיבה — אני אחלץ חושים ואאזור כגבר חלצי להגן בעד הפילוסופים".

2 דאָרטן, דף 15, עמ' ב'.

3 דאָרטן.

4 „ארי נוהם", 64. זע אויך דאָרטן: 50, 65—66, בפרט זע 41, ווו ער זאָגט וועגן דילמידיגון: „חר"ר ישר"ר מכה בדרך רפואה".

פון אַזאַ אַרט און שטייגער, אַז ער גופא פאַרענדיקט זיינע טענות מיט פאָלגנדיקער נצחנישער מינע: „מיר זעען בכן אויס דעם בעל „בחינת הדת" ראיות אַליין, אַז דער פאַרפאַסער פונם זוהר איז יעדנפאַלס געווען אַ באַדייטנדיקער מענטשן, ניט אַזאַ עם־הארץ ווי דאָס רוב מקובלים, וואָס האָבן אפילו קיין שום ידיעה אין תלמוד און זיינע מפרשים, און אויסער קבלה ווייסן זיי גאָרניט... אַפילו די קעגנער, אַפילו די, וואָס גלויבן ניט, אַז ר' שמעון בן יוחאי האָט דעם זוהר געשריבן, זיינען דאָך מודה, אַז זיין פאַרפאַסער, לאָמיר זאָגן משה די־ליאון, איז געווען אַן אָדם גדול און אַ גרויסער בקי אין חכמת הקבלה"[1]. דער בעל „בחינת הדת" שטרייכט אונטער, אַז אין זוהר באַגעגנט מען גאַנץ אָפט אַזוינע משונה־דיקע שטעלן, וואָס ס'איז אוממעגלעך צו פאַרדייען און משיג זיין מיטן מענטשלעכן שכל. „דאָס איז טאַקע אמת", ענטפערט דערויף דער „מליץ יושר" דילמידיגו, און ברענגט טאַקע גלייך פילע אַזעלכע ציטאַטן אויס דעם זוהר, וואָס באַשטעטיקן גלענצנד דעם בעל „בחינת הדת" טענה. „מיר ווייסן אָבער, איז דילמידיגו מוסיף מיט אַ נאַיווער מינע, אַז אויך אין תלמוד זיינען פאַראַן אַזעלכע האַרבע שטעלן, מיר זיינען אָבער זיכער, אַז מן־הסתם איז אין זיי באַהאַלטן אַ פאַרבאָרגענער מיין"[2].

ביי דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן קבלה־פריינד און מליץ־יושר ווערן מיר אויך געוואָר, אַז פאַרנעמען זיך מיט קבלה, דאָס איז בלויז אַ צייט־פאַרטרייב (מעשה הקבלה הם פרפראות) און פיל צייט דעם אָפּגעבן איז אוודאי ניט כדאי; אויך דערציילט ער אונז, אַז קמיעות און השבעות זיינען לויטער נאַרישקייטן (הלחשים והקמיעות הם הבלים) און נוטריקון, גימטריאות און צירופי אותיות — בלויז קינדער־שפּיל[3]. אויך דערציילט אונז דער בעל „מצרף לחכמה", אַז ער האָט כלל ניט בדעה צו גיין אין וועג פון „היינטיקע מקובלים" (המקובלים שבזמננו) און דרשנים, וואָס פאַרדרייען און פאַרדאַרבן דעם אמתן פשט פון דער תורה, און נאַיווע מענטשן מיינען נאָך, אַז דאָס הייסט „ניט פאַרדאַרבן דעם טעקסט, נאָר סודות אַנטפּלעקן".

דעם „מצרף לחכמה" האָט דילמידיגו געשריבן אין האַמבורג, ווו ער איז געווען רב און בעל־דרשן, פאַרענדיקט האָט ער זיין ווערק אין קליינעם שטעטעלע גליקשטאַדט, וווהין ער איז אַוועק פון האַמבורג בשעת דער כאָלערע, נאָר פאַרעפנטלעכט האָט דאָס ווערק ניט דער פאַרפאַסער

---

1 „מצרף לחכמה", 21—22.

2 דאָרטן, 27—28.

3 דאָרטן, דף 13, עמ' א'.

גופא, נייערט זיין אמסטערדאמער תלמיד שמואל אשכנזי (אין באזעל 1629). דער דאזיקער תלמיד האט א נאענטע שייכות צו דילמידיגוס א צווייט ווערק, וואס ס'איז ערשינען אין 1631 אונטערן נאמען ,,נובלות חכמה". אדאנק שמואל אשכנזי באקומט אין ,,נובלות חכמה" דילמידיגוס רמזים־סטיל א גאנץ אייגנארטיקן נוסח. פון דילמידיגוס פילע מאנוסקריפטן, וואס האבן זיך ביי אים געפונען, האט אשכנזי אויסגעקליבן פארשיידענע מאמרים און נאטיצן, וואס באהאנדלען פילאזאפיש־רעליגיעזע פראגן און פראבלעמען, וועלכע זיינען ענג פארבונדן מיט טעארעטישער קבלה (קבלה עיונית). די דאזיקע ארבעטן האט ער מיט א כיוון אויסגעמישט דורכאנאנדער אן א שום סדר. די אנטקעגנגעזעצטע געדאנקען און מיינונגען פאלגן איינער נאכן אנדערן; מיט דער גרעסטער התלהבות ווערט געלויבט די תורה פונם אר"י הקדוש און זיינע תלמידים, נאר אגב, טאקע שטענדיק מיט שבחים און לויבנדיק די דאזיקע תלמידים ביז אין טאג אריין, ווערן זייערע געדאנקען און אנשויונגען איבערגעגעבן אין אזא פארם, אז זיי באקומען א משונה־ווילד אומגע־לומפערט אויסזען. און דאס אלץ מיט א פארפרומטן פנים, מיט פארגלאצטע אויגן פון א פייערדיקן חסיד. און טאקע דערביי, אגב אורחא, ווערן איינגעפלאכטן דילמידיגוס אייגענע זייער ראדיקאלע אנשויונגען וועגן וועלט־באשאפונג, וועגן דעם מהות פון מלאכים, וועגן געטלעכער השגחה אאז"וו. און בראש פונם גאנצן ווערק איז אפגעדרוקט דילמידיגוס בריוו צום ארויסגעבער, געשריבן אויך אין אזא סגי־נהור־סטיל, מיט געמאכטן רוגז און באהאלטענעם שטעכיקן געלעכטער. ער איז כלומרשט שטארק ברוגז אויף זיין תלמיד, פארוואס יענער פארעפנטלעכט עס אן זיין הסכמה פראגמענטן און סקיצן, וואס זיינען נאך גארניט צוגעגרייט צום דרוק. ווי קאן מען עס פארעפנטלעכן אזא משונה־ווילדן אויסגעמיש פון אויפ־זאצן, וואס איינער איז סותר דעם אנדערן, און דאס אלץ נאך אונטער זיין, דילמידיגוס נאמען. אים, דילמידיגון, איז פשוט א בושה זיך בא־ווייזן פארן פובליקום מיט אזא פארזעעניש, וואס וויל ניט וויסן וועגן געזעצן פון שיינעם סטיל און פיין געבויטער רעטאריק.

ווי עס שיינט, איז דילמידיגו אין דער אמתן ניט געווען צופרידן, וואס אים קומט אויס ארויסזאגן זיינע געדאנקען בלויז מיט רמזים און אונטער פארשיידענע מאסקעס. נאך אין ,,מצרף לחכמה", בעת ער ווייזט אן ווי אפט די געלערנטע מוזן באהאלטן זייערע געדאנקען, איז ער גלייך דערביי מוסיף: ,,איך שווער אבער, אז אין מיין ווערק ,,בשמת בת שלמה" וועל איך זיך מיט קיינעם ניט רעכענען, און וועל אפן ארויסזאגן מיינע איבערצייגונגען" (נשבעתי שבספר בשמת לא אשא פנים לשום אדם

ואגלה דעתי בכל דרוש). „בשמת בת שלמה'' איז ווירקלעך געווען ביי אים באַזונדערס טייער און זיין הייסער ווונטש איז געווען צו זען דאָס דאָזיקע ווערק געדרוקט [1]. זיין ווונטש איז אָבער ניט דערפילט געוואָרן; ביי די דעמאָלטיקע צושטאַנדן איז ניט מעגלעך געווען צו פאַרעפנטלעכן אַזאַ ווערק, וואָס וויל זיך מיט „קיינעם ניט רעכענען''... דורות־לאַנג איז דער מאַנוסקריפּט פון „בשמת בת שלמה'' איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און עס האָבן עס מיט התמדה שטודירט די יחידי סגולה, וואָס ס'איז נאָך אין זיי ניט אויסגעלאָשן געוואָרן דער דורשט נאָך וויסן. אין דער צווייטער העלפט פונעם 18טן י''ה האָט זיך דער איין־איינציקער מאַנוסקריפּט פון דילמידיגוס ענציקלאָפּעדיש ווערק געפונען אין די הענט פונעם וויסנבאַגיריקן סלאָנימער רב ר' שמשון, צו וועלכן עס פלעגן קומען צופוס אויס נעסוויזש דער יונגער שלמה מיימון לייען וויסנשאַפטלעכע ביכער. מיט גרויס יראת הכבוד האָט דער סלאָנימער רב געהיט דילמי־דיגוס ירושה, און דאָך האָט אויך דאָס ווערק געהאַט דעם זעלבן ביטערן מזל ווי די איבעריקע דילמידיגוס ניט פאַרעפנטלעכטע ווערק. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה, אין וועלכער ר' שמשונס גאַנצע ביבליאָטעק איז אומגעקומען, און צוזאַמען מיט איר אויך דער מאַנוסקריפּט פון „בשמת בת שלמה'' [2].

אַט אַזוי איז שלמה דילמידיגו נאָכן דערשיינען פון זיין „נובלות חכמה'' אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט נאָך געלעבט נאָכדעם גאַנצע 25 יאָר. נאָך ביים לעבן, ביי פולער קראַפט — שוין אַ פאַרגעסענער, אַ פרעמדער און אומבאַקאַנטער פאַר זיין פאַריתומט דור, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם דרייסיק־יאָריקן קריג, די בלוטיקע שחיטות פון כמעלניצקין, און אין שווערער מרה־שחורה און טונקעלן בן־השמשות האָט זיך איינגעהילט די יידישע גאַס...

אַפילו אין דער רעזידענץ־שטאָט פון דילמידיגוס געבורטסלאַנד — אינם לעבנסלוסטיקן ווענעדיק, האָבן דעם אויבנאָן פון דער יידישער גע־זעלשאַפט פאַרנומען פרומאַקעס און אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן השגחה גע־געבן, מען זאָל זען וואָס שטרענגער מקיים זיין די מצוות און מנהגים, און זייער גאַנצע דערציִונג און לעבנס־פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון איין־

---

1 „אלים", 31—32.

2 זע „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס", 1848, 124.

3 דילמידיגו איז געשטאָרבן אין 1655 אין פּראַג, וווהין ער איז איבערגעפאָרן אין 1648 אויס פראַנקפורט. די אויפשריפט אויף זיין מצבה איז פאַרעפנטלעכט אין „ליטעראַטורבל. ד. אָריענטס", 1840, 332.

איינציקן דעוויז: לערנען תורה. אין פולן קעגנזאץ צו מאָדענאַ און דיל־מידיגון, האָבן די דאָזיקע מענטשן ניט געוווסט פון „קרע שבלב", פון צעשפּאָלטנקייט און אינעווייניקסטע ספיקות. פון איין גוס זיינען זיי גע־ווען, איינפאַרביק און עקשנותדיק קאָנסעקווענט. שטרענג און אומ־ברחמנותדיק צו זיך גופא, — אזוי זיינען זיי אויך געווען אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן, אין זייער גאַנצן וועלט־באַנעם. פון דער זעלבער בימה, אויף וועלכער עס פלעגט פריער אַרויסטרעטן מיט זיינע קונסט־פיינע פּרעדיקן דער יונגער אריה די־מאָדענאַ — האָט איצט געשראָקן דעם עולם מיטן שרעקלעכסטן עונש, און מיט פייער גערופן צו תשובה, תפילה און פרומע מעשים דער בעל־דרשן עזריה פיגו, דער באַקאַנטער פאַרפאַ־סער פונם פּאָפּולערן דרוש־ספר „בינה לעתים" [1]. בלויז עטלעכע צענדלי־קער יאָרן טיילן אָפּ עזריה פיגו פון זיין גלענצנדן פאָרגייער, יהודה מוס־קאַטו, און וואָס פאַר א גוואַלטיקער אונטערשייד פילט זיך אין דער גאַנ־צער שטימונג און גייסטיקער אַטמאָספער, וואָס הערשט אין די דרשות־זאַמלונגען פון די דאָזיקע צוויי פּרעדיקער. אין מוסקאַטוס משלים און פאַרגלייכונגען, אין דעם פּאַטאָס, מיט וועלכן ער רעדט וועגן קונסט און מוזיק, אין דעם יראת־הכבוד, מיט וועלכן ער פאַרהאַלט זיך צום „געמ־לעכן פּלאַטאָן", אין דעם גאַנצן שטייגער פון זיין דרוש — אין אַלץ פילט זיך דער לעבנסלוסטיקער רענעסאַנס־גייסט, מיט זיין ליבע צו גרעלע זאַפ־טיקע פאַרבן, צו שיינעם קונסטפולן זשעסט. א גאַנץ אַנדער בילד זעען מיר אין פיגוס „בינה לעתים". פאַר אייך שטייט אַ טיפּישער בעל־דרשן פונם אַלטן דייטש־פּראַנצויזישן שניט: אַ גרויסער ירא שמים, א פאַנאַ־טישער מוסר־זאָגער און שטרענגער משגיח פון פרומקייט, וואָס וויל ניט וויסן פון קיין שום הנחות דאָרט, וווּ עס האַנדלט זיך וועגן מצוות און רעליגיעזע דינים און מנהגים. „גלויבט ניט די, — רופט אויס דער בעל „בינה לעתים", וואָס פאַרזיכערן, אז דעם מענטשנס העכסט גליק באַ־שטייט אין חקירה און פילאָזאָפישן פאָרשן. די חכמה, וואָס דער מענטש דערגרייכט מיט זיין שכל, איז אינגאַנצן פאַלש, עס איז אין איר גאָרניט פאַראַנען אזוינס, וואָס מען זאָל דערויף מוזן מודה זיין, אז ס'איז לויטער אמת. בלויז די חכמה פון דער הייליקער תורה, וואָס שעפּט יניקה פונם קוואַל פון וויסן — פון גאָט ברוך־הוא, בלויז זי איז דער פעסטער יסוד פון אמת" [2].

[1] צום ערשטן געדרוקט אין ווענעדיק אין 1647.

[2] „בינה לעתים", 122 : „כי החכמה האנושית המושגת בשכל כלה מוטעת אין בה דבר יאמר עליו שהוא האמת המוכרח, זולתי חכמת התורה הקדושה המושפעת ממנו יתברך מקור הידיעה ושרש האמת" (מיר ציטירן לויט דער לובלינער אויסגאַבע, 1875).

„בני, עסקו בתורה ובמצוות!’’ — לערנט תורה און פאַרנעמט אייך מיט מצוות, דאָס איז דער גרונט־מאָטיוו פון פיגוס דרשות. גלויבט ניט די, וואָרנט פיגו, וואָס זאָגן, אַז דאָס וויכטיקסטע איז דאָס פאַרשטיין און באַגרייפן, ניט דאָס דערפילן די מצוות. בכדי גאָטס ווילן צו דערפילן דאַרף מען זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט דער מחשבה, נייערט זי דאַרף זיך פאַרקערפערן אין דער מעשה. דאָס פאַרשטיין דעם טעם פון דער מצווה איז נאָך ניט דער עיקר, די העכסטע מדרגה ווערט דערגרייכט דורך דעם ווילנס־אַקט, דורך דעם טאָן די מצווה [1]. און ער ווענדט זיך צו דער יוגנט מיט פאָלגנדיקן האַרציקן געבעט: „קינדער, מיינע טייערע! יעדן פון אייך טו איך בעטן: הייב אויף דיינע אויגן און באַטראַכט גוט דיין לעבנס־וועג, וואָס שטייט דיר פאָר. וועסטו אין דיינע יונגע יאָרן גאָט דינען — וועט געבענטשט זיין דיין עלטער, און איינגעקריצט וועט זיין דיין נאָמען אויף אייביק אין פאָלק ישראל [2]. מוט זשע תשובה, טוט וואָס מער מעשים־טובים, טוט תפילה צו גאָט, פון פרי ביז אין דער נאַכט, וואָרעם גרויס איז דער כוח פון תפילה מיט כוונה — זי איז אַ היילונג צו אַלע ווייטאָגן, און די בעסטע זאַלב צו אַלע ווונדן פונם האַרץ’’ [3].

„גרויס איז אונזער נויט — קלאָגט זיך פיגו — און שרעקלעך די יסורים, וואָס מיר ליידן פון אונזערע פיינד; מיר זיינען געוואָרן ללעג ולקלס, לבושת ולחרפה, מיר ווערן צו שפּאָט און צו שאַנד פון יעדן אויס־וווּרף; אָן רחמנות זיינען אונזערע פיינד, ניטאָ קיין גרענעץ צו אונזערע שמערצן [4]; מען דאַרף אָבער ניט פאַרצווייפלען — וואָרעם גליקלעך זיינען די, וואָס האָפן שטענדיק, און זיינען זיכער, אַז גאָטס משפט וועט באַלד קומען [5]. צי זעען מיר דען ניט אַפילו איצט גאָטס גרויסע ווונדער? צי איז זיען ניט קיין גרויס ווונדער, וואָס מיר עקסיסטירן דאָך צווישן אונזערע פיינד אין גלות? דאַרף זיין פעסט און זיכער אונזער האָפענונג, אַז קומען וועט דער ליכטיקער טאָג פונם גרעסטן ווונדער, און דעמאָלט וועלן אַפילו בלינדע זען און באַגרייפן וואָסערע ווונדער גאָט טוט מיט די, וואָס דער־פילן זיין הייליקע תורה’’ [6].

---

1 דאָרטן, II, 34—35.

2 דאָרטן, סוף פון 4טן דרוש.

3 דאָרטן, II, 175 א"א.

4 דאָרטן, I, 103, 136.

5 דאָרטן, 12 : „כי מאושרים הם באושר האמתי אותם אשר הם תמיד שומרים מצפים ומחכים המשפט האלהי".

6 דאָרטן, 156.

„צי איז דען נאָך דאָ — רופט אויס מיט פּאַטאָס דער בעל „בינה לעתים" — אַ גרעסערע נחמה, וואָס ניט קוקנדיק אויף אַלע אונזערע צרות און ליידן, פאַרבלייבן מיר, אונזערע קינדער און קינדס קינדער ביז סוף כל הדורות — גאָטס טרייע דינער, זיין אויסדערוויילט פאָלק? מיר אָנערקענען בלויז אים און קיין שום אומה ולשון קאָן האָבן די אייבער־האַנט איבער אונז. הוא אָבינו, הוא מלכנו, הוא אלהינו, און מיר זיינען זיינע טרייע קינדער; און אומצושטערבאַר איז דער בונד, וואָס איז צווישן אונז געשלאָסן. ווי דער מלך טוט זיין געליבטן זון אָנקליידן אין בגדי מלכות, און באַצירט מיט אַ קרוין זיין קאָפּ בכדי אַלע זאָלן וויסן, אַז ער איז אַ בן־מלך, אַזוי זאָגט גאָט צו אונז, זיין פאָלק ישראל: ווילט איר, אַז אַלע זאָלן וויסן, דאָס איר זייט מיינע געליבטע קינדער — לערנט מיין תורה, זייט מקיים מיינע געבאָטן!" [1].

„עסקו בתורה ובמצוות" — אָט דאָס איז פיגום לעבנס־דעוויז. פון קיין שום וועלט־זאַכן וויל ער ניט וויסן. ליבע צו קונסט־זאַכן, צו פיל־פאַרביקע פאַרשטעלונגען און מאַסקאַראַדן, וואָס צו זיי זיינען דאָך געווען אַזוי לויער די ווענעציאַנער אינם 17טן י"ה — דאָס אַלץ איז געווען „זינדיק" אין די אויגן פונם פרומען עזריה פיגו, און ער האָט אויף זיי געשאָטן פעך און שוועבל אין זיינע דרשות. אין איינער פון זיינע פרעדיקן, למשל, איז ער זיך שטאַרק מתרעם דערויף, וואָס אויף יידישע חתונות, בשעת די כלה גייט מיט אירע חברטעס אין שול אַריין אָדער צום הויז פון איר חתנס עלטערן, שטעלן זיך אויס פון ביידע זייטן גאַס שורותווייז נייגעריקע מענטשן און באַגאַפן מיט אַנטציקונג די יונגע שיינע פרויען מיט זייערע טייערע טואַלעטן און צירונגען [2]. „ווי צו די אויגן, וואָס זעען דאָס צו — רופט פיגו אויס — דערווייטערט אייך פון אַזאַ נסיון, ווייכט אויס די געזעלשאַפט פון פרויען, בכדי אייערע אויגן זאָלן ניט זינדיקן".

זייער אינטערעסאַנט איז פאָלגנדיקער פאַל. די איינוווינער פונם ווענעציאַנער געטאָ האָבן ניט וויניקער פון זייערע קריסטלעכע מיט־בירגער געהאַט אַ גרויסע חולשה צו עפנטלעכע געזעלשאַפטלעכע פאָר־שטעלונגען און פילפאַרביקע פראָצעסיעס. מיר האָבן שוין פריער געזען, ווי שטאַרק ס'האָבן זיך באַטייליקט אויפן געביט פון טעאַטער־קונסט דער מיטגליד פונם ווענעציאַנער ראַבינאַט מאָדענאַ און זיין פאַמיליע. און טאַקע ווענעדיק איז די שטאָט פון וועלכער מיר האָבן די עלטסטע ידיעה

---

[1] דאָרטן, II, 120 (דרוש 55).

[2] דאָרטן, דרוש 64.

וועגן ספּעציעלן יידישן טעאַטער [1]. אין די יאָרן, ווען עזריה פיגו איז געווען בעל־דרשן אין ווענעדיק, האָט אַ חשובער און רייכער מיטגליד פון דער ווענעציאַנער קהילה אויסגעבויט אַ זייער שיינעם בנין פאַר טעאַט־ראַלישע פאָרשטעלונגען. דאָס נייע יידישע טעאַטער האָט שטאַרק אויס־גענומען ביים עולם. „קינד און קייט'' זיינען געלאָפן אויף די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, און דער טעאַטער איז שטענדיק געווען איבערפולט. דער פרומער פיגו איז געווען אויסער זיך; ער האָט אין דעם נייעם טעאַטער דערזען אַן אמתן „סרסור לדבר עברה'', און ער האָט זיך וועגן דעם געווענדט מיט אַ שו''ת צום דעמאָלטיקן גדול הדור, צום וועראָנער רב, שמואל אַבוהב. אַבוהב [2] איז געווען אַ טיפּישער פאָרשטייער פון דער שטרענג־סטער אָרטאָדאָקסיע. אַן אַסקעט און מקובל, וואָס פלעגט זיך שטענדיק פּייניקן מיט תעניתים, און טאָג ווי נאַכט לערנען תורה, האָט אַבוהב זיך פאַרהאַלטן מיט שנאה צו לוסט־פאַרגעניגנס און פריידן פון דער זינדיקער וועלט. ער האָט זיך שטאַרק מתרעם געווען דערויף, וואָס אַזאַ גדול הדור ווי יהודה מינץ האָט געפּסקנט, אַז אום פּורים מעג מען מאַכן מאַסקאַ־ראַדן בכדי מקיים זיין די מצווה פון „מרבים בשמחה'' [3]. עס איז דער־פאַר קיין חידוש ניט, וואָס פיגוס מיטטיילונג האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם שטאָק־פרומען אַבוהב. „איך בין קראַנק געוואָרן פאַר עגמת־נפש — שרייבט אַבוהב אין זיין ענטפער — ווי נאָר איך האָב מיך דערוווּסט, אַז דער דאָזיקער מאַן (וואָס האָט דעם טעאַטער געבויט) ברענגט אַלעמען אין נסיון און מאַכט פאַרגעסן אין צניעות און דרך־ארץ... גרויס איז זיין זינד, ביז צו דער ערד האָט ער דערנידעריקט די קרוין און דעם שטאָלץ פון דער תורה; אין דער הייליקער מחנה (ד''ה אינם יידישן געטאָ) האָט ער אויפגעבויט בתי טרטיאות ובתי קרקסאות [4], וווּ עס קומען זיך צונויף מענער מיט פרויען און קינדער. צניעותדיקע יידישע טעכטער זיצן צוזאַ־מען מיט אויסגעלאַסענע גאַסן־פרויען, און אַלע, פון גרויס ביז קליין, זיינען עובר אויף תורת משה. „וואָלטן ווייניקסטן אַהין געגאַנגען בלויז דערוואַקסענע — קלאָגט זיך ווייטער דער גאָטספאָרכטיקער רב — אָבער וואָס האָט מען צו די קליינע שעפעלעך? אַ גרויסן עונש וועלן האָבן די, וואָס ברענגען אַהין קליינע קינדער: זיי ברענגען זיי אין גרויסן נסיון

---

[1] זע אונזער אַרבעט אין פערטן באַנד „יעווריסקאַיאַ לעטאָפּיס".

[2] ביאָגראַפישע פּרטים וועגן אבוהבן, זע זיין זונס פאָררעדע צו „דבר שמואל".

[3] „ספר הזכרונות", זכרון ב', פרק ב', דף 14, עמ' ב'.

[4] ד''ה טעאַטערס און צירקן. אבוהב רעדט אַלץ בלשון רבים פשוט דערפאַר, ווייל ער נוצט אויס דעם באַקאַנטן תלמודישן אויסדרוק.

דערמיט, וואָס זיי זיצן צוזאַמען מיט אַקטיאָרן, הערן זייער ניבול־פּה, וואָס פאַרסמט זייערע יונגע נפשות" [1].

און ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די נייע שטרעמונגען, וואָס באַלד נאָך מאָדענאַס טויט האָט מען טאַקע אָט דעם אַסקעטיש שטרענגן שמואל אַבוהב איינגעלאַדן (אין 1650) פאַר אַ רב הכולל אין ווענעדיק, און ער האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן פּאָסטן ביז 1694, ווען ער איז געשטאָרבן אַלס פיר־און־אַכציק־יאָריקער זקן.

ניט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט די ליטעראַרישע טעטיקייט פון דעם איינציקן טאַלאַנטפולן דיכטער אויס יענער צייט — משה בן מרדכי זכותא. ער איז אַפילו ניט קיין געבאָרענער איטאַליענער, ער שטאַמט פון אַמסטערדאַם (געבאָרן בערך 1625), נאָר זיין גאַנץ לעבן האָט ער אָבער פאַרבראַכט אין צוויי באַדייטנדיקע איטאַליענישע קולטור־צענטערס — פריער אין ווענעדיק, און דערנאָך, פון 1673 ביז זיין טויט (1697) — אין מאַנטוא, וווהין מען האָט אים איינגעלאַדן אַלס רב.

משה זכותא האָט זיך אויפגעצויגן צוזאַמען מיט שפּינאָזען אין דער אַמסטערדאַמער ישיבה „מדרש עץ חיים". שוין אין די יונגע יאָרן האָט זכותא אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער ליבע צו פּאָעזיע און קבלה, וועלכע הייסט שטענדיק ביי אים „חכמת הנסתר" [2]. בכדי זיך נענטער באַקענען מיט דער דאָזיקער „חכמה" איז זכותא אַוועק קיין פּויזן [3]. פון דאָרטן האָט ער זיך געלאָזט קיין ווענעדיק, האָבנדיק בדעה פון דאָרט עולה רגל זיין קיין ארץ־ישראל [4]. פון זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל איז אָבער גאָרנישט געוואָרן, און ער איז אויף זיין גאַנץ לעבן פאַרבליבן אין איטאַליע. קומענדיק קיין ווענעדיק אַלס צוואַנציק יאָריקער יונגערמאַן [5], האָט זכותא מיט זיך געבראַכט זיין ערשט פּאָעטיש ווערק — „יסוד עולם", דאָס ערשטע דראַמאַטישע ווערק אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. אין דעם דאָזיקן ערשטלינג־ווערק פונם יונגן דיכטער פילט זיך די השפעה פון

---

1 אבוהבם שו״ת „דבר שמואל", נומ' 4.

2 אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דעם יונגן זכותאס פאַרהאַלטן זיך צו קבלה זע „תולדות גדולי ישראל", 225.

3 „אגרות רמ״ז", 35.

4 אזולאי, „שם הגדולים".

5 אין זיין שיר, וואָס זכותא האָט פאַרויסגעשיקט פיגוס „בינה לעתים" (1647) ווייזט ער אָן, אַז ער איז געקומען קיין ווענעדיק מיט צוויי יאָר פריער. די עלעגיע, וואָס זכותא האָט אָנגעשריבן נאָך פיגוס טויט, איז פאַרעפנטלעכט אין פיפרנום „קול עוגב", 15—16;

די אויס פּאָרטוגאַל אַנטלאָפענע מאַראַנען, וואָס האָבן געפונען שוץ אין דער גאַסטפריינדלעכער נידערלענדישער רעפּובליק. זייט דעם אָנהייב פונם 17טן י"ה איז די דאָזיקע רעפּובליק די „עיר המקלט" פאַר די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע מאַראַנען, וואָס זיי האָט אָפּגעגליקט זיך אַרויסרייסן פון דער בלוטיקער אינקוויזיציעס שאַרפע נעגל. די אַנטלאָפענע האָבן זיך פאַרהאַלטן מיט גרויס דאַנקבאַרקייט און ליבע צו זייער נייער היים, דאָך האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרגעסן אין דעם שיינעם לאַנד פון יענער זייט פירענעען, אין זייער גרויזאַמער שטיפמוטער און אין איר קולטור. און גראָד דער 17טער י"ה, ווען עס האָבן העל אויפגעגלאַנצט די נעמען פון קאַלדעראָן און לאָפּע די וועגאָ — איז געווען די „גאָלדענע תקופה" פאַר דער שפּאַנישער נאַציאָנאַלער דראַמע. דאָס האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף דעם ליטעראַרישן שאַפן פון די אַנטלאָפענע מאַראַנען. זכותאס על־טערער בן־דור, דער באַגאַבטער דיכטער און געלערנטער מאַראַן אַנטאָניאָ ענריקעס גאָמעץ, וואָס איז אַנטלאָפן קיין אַמסטערדאַם און דאָרט עפנטלעך איבערגעטראָטן צוריק צו דער יידישער אמונה, האָט פאַרפאַסט 22 דראַמעס, צווישן זיי אייניקע אויף ביבלישע טעמעס. אַ ביבלישע דראַמע איז אויך זכותאס „יסוד עולם" מיט דער צענטראַל־פיגור — אברהם אָבינו, וואָס צעשטערט מוטיק די אָפּגעטער פון זיין פאָטער. פאַר די מאַראַנען, וואָס זיינען אַנטלאָפן פאַר דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, שטעלט דער יונגער דיכטער אַרויס אַלס סימבאָל די העלדישע פיגור פון תרחס זון, דעם מוטיקן קעמפער, וואָס איז גרייט מקריב זיין זיין לעבן פאַר דעם גלויבן, וואָס ער טראָגט אין האַרצן. אומבאַזיגבאַר איז בלויז דער, וואָס ס'איז אייזנפעסט אין זיין גלויבן, און ווייס נישט פון קיין שום ספיקות און סתירות. עס געשעט דאָס גרויסע וווּנדער: דער האַרמאָניש גאַנצער, מיטן פעסטן גלויבן אין האַרצן, אברהם בן תרח, קומט אַרויס גאַנץ פונם ברענענדיקן קאַלך־אויוון, קיין האָר אויפן קאָפּ נישט גערירט, דער אין זיך צעשפּאָלטענער און ספיקות־פולער הרן קומט אָבער אום...

דער יונגער דיכטער באַווייזט אַן אויסערגעוויינלעכע געשיקטקייט אין פערזן־בוי. דאָס גאַנצע ווערק איז געשריבן אין געגראַמטע פערזן, אין די פערזן פליסן ביי אים לייכט און גלאַט. זכותא האַלט נישט באַזונדערס פון דער אַלטער שווערוואָגיקער אַראַבישער מעטריק, ער באַנוצט זיך דערפאַר פיל גערנער מיטן ברויזנד־שנעלן פיר־פיסיקן כאָריי, און באַזונדערס מיט דעם סאָנעט, וועלכן עמנואל רומי האָט איינגעבירגערט אין דער העברעישער דיכטונג. ליידער האָט אָבער דער געלערנטער אַרויסגעבער פון „יסוד עולם", אברהם בערלינער [1], געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה

[1] געדרוקט מיט אַ גרויסער פאָררעדע אין 1874.

אין מעטריק און פערזבוי; האָט ער דערפאַר זכותאס פערזן געדרוקט אויף אזא אופן, אז דעם לייענער קאָן אפילו אויפן געדאַנק ניט קומען, אז אַלע פערסאָנאַזשן האָבן ביי זכותאן א באזונדערע חולשה צו סאָנעטן. דער ארויסגעבער גופא האָט אויך, ווי עס שיינט, פון דעם ניט געוווסט, און צ"ב אויף די זייטן 35—36 מאַכט ער א געמיש פון גאַנצע זעקס סאָנעטן, און באַלד דערנאָך לאָזט ער רוּק אין א ווייטערדיקן סאָנעט א פרעמדן פערז, וואָס געהערט גאָרניט צום ענין, און אַנטשטעלט דעם גאַנצן אינ־האַלט. עס איז ממש צו שטוינען ווי אזוי בערלינער האָט ניט באמערקט, אז דער באַטרעפנדיקער פערז האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אהער דורך דעם פאַרזען פון א אומוויסנדיקן קאָפּיסט, וואָרעם בערלינער האָט דאָך געהאַט פאַר זיך אויך דעם מאַנטואַנער מאַנוסקריפּט פון זכותאס דראַמע, ווו דער סאָנעט איז פאַרשריבן ריכטיק אָן דער פרעמדער הוספה[1].

שוין וויינענדיק אין איטאַליע, אונטער דער השפעה פון דאַנטעס אומשטאַרבלעכער „קאָמעדיע", האָט זכותא געשריבן זיין פּאָעמע „תפתה ערוך" (l'Inferno figurato in rima)[2]. די איטאַליענישע השפעה פילט זיך ניט נאָר אינם סוזשעט, נייערט אויך אין דער פאָרם פון זכותאס פּאָעמע. דער „תפתה ערוך" באַשטייט אויס 185 פינפצייליקע סטראָפן, און די גראַמען פון די אַלע סטראָפעס גייען אין פאָלגנדיקן שטרענגן סדר: א, בב, אא. דערפאַר אָבער האָט דער דיכטער געגעבן דעם סוזשעט א העכסט נאַציאָנאַלן לבוש. דער דיכטער נוצט אויס דעם אַלטן פאָלקס־גלויבן וועגן „חיבוט הקבר", אז ווי נאָר מען איז מקבר דעם מת און פאַרדעקט דעם קבר מיט ערד, קומט דער געשטאָרבענער צו זיך, עס דער־וואַכט ביז צו א געוויסער מדרגה דאָס באַוווסטזיין, דער מלאך דומה קלאַפּט אָן אין קבר און עס הייבט זיך אָן דער דין ומשפט. דער דיכטער שילדערט אין זיין פּאָעמע דעם חיבוט הקבר פון א זייער זינדיקן מענטשן, ווי עס דערוואַכן אין אים די חושים און ער דערפילט ווי ער ליגט פון אַלעמען פאַרלאָזן אין פרישן קבר, און דאָ באַווייזט זיך גלייך דער מלאך דומה מיט זיינע משרתים, די מחבלים, און מען שלעפּט אים אין די אָפּ־גרונטן פונם גיהנום. דער זינדיקער פרעגט מיט שרעק, וווהין מען פירט אים, און איינער פון דומהס משרתים ערקלערט אים מיט חוזק און קאַלטן געלעכטער, וואָסערע עינויים קשים עס זיינען פאַר אים אָנגעגרייט פאַר זיין זינדיק לעבן. דער רוח מחבל באַווייזט אים איינעם נאָכן אַנדערן אַלע

---

[1] זע „יסוד עולם", XXVI.

[2] צום ערשטן געדרוקט אין ווענעדיק אין 1715.

זיבן מדורי גיהנום מיט אַלע זייערע באַוווינער, וואָס ווערן געבראָטן, געַ־קאַכט און געדראָשן און געפייניקט מיט די שרעקלעכסטע יסורים. מיט אַ ווילד געלעכטער רינגלען אַרום דעם זינדיקן די מלאכי חבלה פון אַלע זייטן, ער זעט און פילט—עס איז ניטאָ קיין רעטונג. אָט פאַנגט זיך אָן דער שרעקלעכער דין, דער שטרענגער עונש פאַר זיינע גרויסע זינד. דערמיט פאַרענדיקט זיך די פּאָעמע [1].

אויך אין דעם „תפתה ערוך'' באַווייזט זכותא זיין גרויס מייס־טערשאַפט אין דער פערזנקונסט. ניט מיט קלענערער קונציקייט ווי משה אבן עזרא און אַלחריזי נוצט זכותא אויס די פּולטעניקע „טעדזנים''־גראַמען, ווי די פערזן פאַרענדיקן זיך מיט איין און דעם זעלבן וואָרט, נאָר יעדעס מאָל מיט אַן אַנדער באַטייט. דערצו נוצט נאָך דער דיכטער אויס אַלע מעגלעכע אַסאָנאַנסן, צוזאַמענקלאַנגען און דעם אומדער־וואַרטן זילבן־שפּיל. אמת, אָט דער צו רייכער פיערווערק פון קלאַנגען־עפעקטן מידט אַיין דעם לייענער, און שוואַכט ציימנווייז אָפּ דעם פחדימ־דיקן איינדרוק פון דער מעכטיקער שילדערונג פון די מוראדיקע גיהנום־אָפּגרונטן.

ווי גרויס ס'איז ניט געווען זכותאס ליבע צו דיכטקונסט, דאָך האָט זי ניט געקאָנט ביישטיין קעגן זכותאס צווייטע ליבע — צו מיסטיק און קבלה. און דער מיסטיקער האָט סוף־כל־סוף גובר געווען אין זכותאן דעם דיכטער. בנימין הלוי אויס צפת האָט באַקאַנט משה זכותאן מיט דער לוריאַנער קבלה, און דער דיכטער גופא דערציילט מיט התפעלות, ווי אַזוי ער האָט געפונען אין די ספרים פון לוריאס תלמיד, חיים וויטאַל, די טייערסטע אוצרות פון חכמת האמת [2]. זכותא גרינדעט באַלד אַליין אַ קאַבאַליסטישע שול אין ווענעדיק, שרייבט אַ גרויסן פירוש אויף זוהר

1 אין פינף יאָר אַרום נאָכדעם ווי זכותאס פּאָעמע איז ערשינען אין דרוק האָט אַ מיטגליד פון דער רעליגיעזער חברה „חדשים לבקרים", יעקב דניאל אולמא, פאַרפאַסט געניי נאָכן מוסטער פון „תפתה ערוך" אַ צווייטע פּאָעמע „עדן ערוך". אין 277 פינפצאָליקע סטראָפן, וואָס זיינען געבויט לויט דער זעלבער מעטריק ווי זכותאס פּאָעמע, שילדערט אולמא דעם שיינעם שכר, וואָס עס באַקומט דער צדיק נאָכן טויט. אולמאס „עדן ערוך" האָט מען פאַרעפנטלעכט אין ווענעדיק 1744 צוזאַמען מיט זכותאס „תפתה ערוך" און ווערן אויך אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבן צוזאַמען געדרוקט.

2 זע „אגרות רמ"ז", דף 42, עמ' ב': „כי כמה שנים טרחתי במקרא בדברי המקובלים דטרחיי בסברא עד זכיתי למגמר גמרא מטה קדוש כמוהר"ר אלחנן בוצינא דנהורא ויגעתי ומצאתי בהוצאת ובטרחא יתירה רוב ספרי הר' חיים וויטאל שהן הם גופי תורה וסולת נקיה וברה ועליהם מיוחדת ידיעתי הצעירה".

(,,מקדש אדני'') [1], פאַרפאַסט אַ ווערטערבוך ספּעציעל פאַר קבלה (שרשי השמות), פאַרנעמט זיך אויך צייטנווייז מיט קבלה מעשית [2], און פירט אַ גאַנץ גרויסן בריוו־וועקסל מיט זיינע תלמידים וועגן די צען ספירות, צרופי אותיות און אַנדערע מיסטישע פּראָבלעמען [3]. באַזונדערס אינ־טערעסאַנט איז זיין חליפת מכתבים מיט זיין געליבטן תלמיד, דעם מקובל בנימין כהן. די בריוו, וואָס זיי האָבן געשיקט איינער דעם אַנדערן אין דעם יאָר פון בנימין כהנס חתונה, פירט אונז אַריין אין דער אינטימער וועלט און איבערלעבונגען פון עקזאַלטירטע מיסטישע נאַטורן. מיר זעען פאַר אונז אויף אַ גאַנץ בולטן אופן ווי די רעליגיעזע התלהבות ווערט דורכגעדרונגען מיט ריין־עראָטישע עלעמענטן; די ערדישע תאווה ווערט ביים מיסטיקער מגולגל אין עקסטאַזישער תפילה און הימלישער דבקות, די ליבע צו דער פרוי ווערט ענג פאַרבונדן מיט דעם דראַנג נאָך דעם באַ־רוישנדיקן תענוג פון האַרמאָנישער גאַנצקייט.

זכותא שרייבט אויך צייטנווייז הימנען און פיוטים [4]. עס איז אָבער אין זיי גאַנץ ווייניק פּאָעזיע. מיר זעען אין זיי קודם־כל דעם מקובל מיט צרופי שמות און גמטריאות. ער באַזינגט די ד' עולמות פון דער קבלה (אבי''ע) אין אַ ספּעציעלער פּאָעמע אונטערן נאָמען ,,אלף אַלפין'' [5]. ווייל עס באַשטייט אוים טויזנט ווערטער, וואָס יעדעס פון זיי הייבט זיך אָן מיט אַן אַלף. בלויז די טראַגישע לאַגע פונם יידישן פאָלק, דער גלות, וואָס ווערט אַלץ ביטערער און שווערער, דערוועקט אין זכותאן דעם דיכ־טער, און צום שלום פון זיין ,,אַלף אַלפין'' שליידערט ער אין די הימלען זיין שטורמישן פּראָטעסט: ,,ווי זיינען דיינע וואונדער — מיין שטאָלצע האָפענונג און טרייסט?... גאָט, דו אַלמעכטיקער! איך קאָן מער ניט

---

1 אַ פּראַכטפולער האַנטשריפטלעכער עקזעמפּלאַר פון זכותאס פירוש אויף זוהר האָט זיך געפונען אין מוזיי פון דער יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין לענינגראַד.

2 זכותא גיט צ"ב אָנווייזונגען ווי אַזוי אַרויסצוטרייבן אַ „דיבוק" פון אַ פרוי („אגרות רמ"ז", 2, 24, 28).

3 אַ טייל פון דעם בריוו־וועקסל איז פאַרעפנטלעכט אין ליוואָרנאָ אין 1780 אונטערן נאָמען „אגרות רמ"ז".

4 אַ טייל פון זיי האָט משה אָטטאָלענגי פאַרעפנטלעכט אין אַמסטערדאַם (1712) אונטערן נאָמען „הן קול חדש". אייניקע זכותאס תפילות זיינען אַריין אין מחזור מנהג כפא און אין האַנאָווערס „שערי ציון". אַ האַנטשריפטלעכע זאַמלונג פון אַלע זכותאס הימנען געפינט זיך אין באַראָן גינצבורגס מאַנוסקריפטן־זאַמלונג (נומ' 687, 720).

5 געדרוקט צום סוף פון „אגרות רמ"ז".

שווייגן, איך קאָן ניט צוזען ווי געפייניקטע און ביז צום טויט פאַרמאַ־טערטע ווערן געצוווּנגען פאַר אֲשָרות צו קניען, פאַלן אין שטויב פאַר אָפּגעטער שטומע! איך קאָן מער ניט הערן די האַרצרייסנדיקע געשרייען פון די אין קייטן שמאַכטנדיקע... דאָס ביטערע געיאָמער פון קינדער, וואָס זיינען אָן אַ פאָטער געבליבן, פון אַלמנות, וואָס מ׳האָט זייערע מאַנען געררויבט... ניטאָ מער קיין כוח צו וואַרטן, האָפן אויף ליכט און אַלץ שמאַכטן אין דער פינסטער...״

עס איז דערפאַר קיין וווּנדער ניט, וואָס ווי נאָר עס איז אָנגעקומען קיין איטאַליע די פריידיקע בשורה וועגן דעם משיח שבתי צבי, איז זכותא גלייך געוואָרן זיין הייסער אָנהענגער, און האָט אים באַגריסט מיט הימנען און לויבגעזאַנגען. אויך זיין געליבטער תלמיד בנימין כהן איז גלייך צו דער באַוועגונג צוגעטראָטן און געשריבן התלהבותדיקע בריוו וועגן דער ליכטיקער גאולה...

אָט אַזוי ביסלעכווייז, בהדרגה, האָט זיך גענייגט צו דער שקיעה און אינגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן דער רענעסאַנס־גייסט אין דעם יידיש־איטאַליענישן קיבוץ. אַלץ שטאַרקער און ברייטער איז דאָרט געוואַקסן די השפעה פון צוויי גייסטיקע צענטערס, וואָס האָבן דעמאָלט אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם גאַנצן גלות־פאָלק: פון איין זייט די אַכסניה פון מיסטיק און קבלה — דער טערקיש־פּאַלעסטינישער קיבוץ, און פון דער אַנדערער — דער טורעם און פעסטונג פון ראַביניזם — דאָס דייטש־פּוילישע יידנטום.

וועגן די דאָזיקע צענטערס — אין די ווייטערדיקע טיילן.

זעקסטער טייל

# דער יידישער קולטור־צענטער אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה

# ערשטער קאַפּיטל

די גינסטיקע לאַגע פאַר יידן אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה.—יצחק צרפתים אויפרוף צו די דייטשע יידן. — די קולטורעלע אויפלעבונג פונם יידישן קיבוץ אין טערקיי. — די יידישע מפיצי השכלה און זייער התלהבות פאַר אַברהם אבן עזראס שאַפן. — דער וויכוח צווישן שבתי בן מלכיאל און מרדכי כומטיינו. — כומטיינו אַלס אויפקלערער. — די קולטורעלע השפעה פון די יידישע געלערנטע אויף די אָרטיקע קאַראַימען. — די קאַראַימישע געלערנטע; כלב אַפענדאָפּולוס פּאָעטישע ווערק. — די מחלוקת קעגן די קאַראַימען; דער „חרם" אַלס קאַמפּס-מיטל. — אליהו מזרחי און זיין טעטיקייט. — די גולי ספרד.

דער אונז שוין באַקאַנטער טאַלענטפולער דיכטער פון „Consolaçaa", שמואל אוסקע, וואָס רעדט מיט אַזאַ טיפן ווייטאָג און ברענענדיקן צאָרן וועגן די בלוטיקע מעשים פון דער אינקוויזיציע, זינגט מיט פייערדיקן פּאַטאָס אַ יובעלנד לויבגעזאַנג דער נייער, מוטיקער גרויסמאַכט — דער טערקישער מלוכה, וואָס האָט מיט אירע גוואַלדיקע ניצחונות געמאַכט ציטערן דאָס קריסטלעכע אייראָפּע.

„טערקנלאַנד! דו גרויסע, מעכטיק-ברייטע ווי די ימים, וואָס וואַשן דיך אַרום! דו שענקסט אונז ברייטוויליק רעטונג ווי יענער ים, וועמעס וואַסערן עס האָבן אויף גאָטס באַפעל אָפּגעטראָטן פאַר דעם אָקאָרשט באַפרייטן פאָלק. יעקב, מיין פאָלק! ווי אין יענע טעג, ווען האָסט מצרים פאַרלאָזן, אַזוי אויך איצט וואַרף אַלע דיינע לײַדן און צרות אין די טיפענישן פונם ים; וואָרעם דאָרט, אינם יונגן נייעם לאַנד, זיינען פאַר דיר ברייט געעפנט די טויערן פון לייטזעליקייט, די טויערן פון פרייהייט און גליק. דאָ קענסטו פון זיך אַראָפּוואַרפן די שענדלעכע קליידער, די עקלהאַפטע מאַסקע, וואָס האָסט געמוזט דורך נויט און צוואַנג טראָגן אויף זיך אינם לאַנד פונם פאַנאַטיש-גרויזאַמען, אומברחמנותדיקן און נקמה-דורשטיקן פאָלק. דאָ וועסטו אויפשטיין צום נייעם לעבן; אָפן און פריי וועסטו זיך אומקערן צו דיין גלויבן, צום גלויבן פון דיינע אָבות, וועלכן ס'האָבן דיך מיט פייער און שווערד געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דיינע גיפטיקע פיינד. דאָרט, אינם לאַנד פון דיינע שונאים, האָסטו געוואַנדלט

ווי א פון אלעמען פאראכטער פרעמדער; דא אבער, אונטער דעם שוץ פון דער מעכטיקער יונגער מלוכה, וועט גאט פארשפרייטן אויף דיר זיין גענאד און דיך דערפרייען מיט פרייהייט און דערלייזונג".

די מיט זייערע גרויסע ניצחונות שטאלצע סולטאנען, וואס האבן אויף די חורבות פון דער געשטירצטער ביזאנטישער אימפעריע אויפגעבויט די מעכטיקע טערקישע מלוכה, האבן זייער גוט פארשטאנען, אז די קריגערישע אטאמאנען, וואס ווייסן נאר מלחמה צו פירן, און זייערע הענט זיינען געוויינט בלויז צו דער ביקס מיטן שווערד — זיינען גאנץ ווייניק מסוגל צו באלעבן דאס לאנד מיט האנדל און ווערקשאפטן. דער ארטיקער קריסטלעכער מיטלשטאנד, די גריכישע און ארמענישע סוחרים און אונטערנעמער, זיינען אין פאליטישער הינזיכט געווען צו פארדעכטיק, מען זאל זיך אויף זיי קאנען פארלאזן. דערפאר טאקע האבן די סולטאנען אין די יידן געזען א זייער געוואונטשענעם עלעמענט פאר דער נארמאלער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פון זייער יונגער מלוכה, און האבן ווירקלעך „ברייט געעפנט די טויערן פון לייטזעליקייט" פאר די אומגליקלעכע יידישע נע־ונדניקעס, וואס זיינען פארטריבן געווארן אויס די קריסטלעכע אייראפעישע לענדער. ווי נאר מוכאמעד דער צווייטער האט איינגענומען קאנסטאנטינאפאל, האט ער גלייך מבטל געווען די שווערע באגרענעצונגען, וואס האבן געדריקט אויף די ארטיקע יידן.

„אינם ערשטן יאר פון זיין רעגירונג — דערציילט א געשיכטעשרייבער פון יענער צייט — האט מוכאמעד גלייך געלאזט אויסרופן איבער זיין גאנצן לאנד: הערט צו, איר קינדער פון בית ישראל, וואס וווינען אין מיין מלוכה... ווער עס וויל פון אייך — קומט אין מיין רעזידענץשטאט, זאל יעדער פון אייער פאלק געפינען שוץ און רו, און געניסן די רייכטימער פונם לאנד".

„און עס איז זיך צונויפגעקומען — דערציילט ווייטער דער געשיכטע־שרייבער — א גוואלדיקע צאל יידן. דער סולטאן האט פאר זיי אלעמען געגעבן פלאץ אין קאנסטאנטינאפאל, און זיי האבן זיך דארט באזעצט... ער האט זיי אויך דערלויבט צו בויען שולן און בתי־מדרשים, און אין קיניגלעכן פאלאץ האט ער אויפגעשטעלט דריי שטולן: איינעם פארן מוסלמענישן מופטי, דעם צווייטן פארן גריכישן פאטריק (פאטריארך) און דעם דריטן פארן יידישן רב, ווארעם יעדעס פאלק האט געלעבט אונטער דער השגחה פון זיין שופט און ראש. בראש פון די יידן איז געשטאנען דער אלטער רב משה קאפסאלי [1]. זיין שטול איז

[1] וועגן משה קאפסאלי — ווייטער.

געשטאַנען אין סולטאַנס הויף לעבן דעם מופטים שטול, און דער סולטאַן האָט אים זייער ליב געהאַט".

די יידן האָבן דערזען אין די ניצחונדיקע אָטאָמאַנישע חיילות די שטראָף־רוט פון גאָט, די אייזערנע האַנט, וואָס איז פאָרויס באַשטימט דורכצופירן דעם געדעכטן משפט און צעשטערן די מלכות „אדום", וואָס איז איינגעטונקט אין בלוט און זינד. זיי האָבן ערקלערט די טערקישע סולטאַנען פאַר שפּראָצלינגען פונם „געדעכטן" כורש, דעם „גאָטס געזאַלבטן", און זיי האָבן פעסט געגלויבט, אַז בראש פון די טערקישע קריגערישע מחנות שפּרייזט דער מלאך גבריאל בכבודו ובעצמו מיטן בלויזן שווערד אין דער האַנט, בכדי צו דערנענטערן דעם „קץ" און צוגרייטן דעם וועג פאַרן ליכטיקן משיח [1].

עס איז אויפגעהיט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט, וואָס גיט אונז אַ גאַנץ בולטן באַגריף וועגן דעם גרויסן רושם, וואָס ס'האָט געמאַכט אויף די אוגים דער קריסטלעכער אייראָפּע אַנטלאָפענע יידן דאָס לעבן פון זייערע ברידער אין טערקיי. צוויי יידישע יונגעלייט, קלמן און דוד כהן, האָבן אויסגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד און דערלאַנגט זיך קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. זיי זיינען אַזוי נתפעל געוואָרן פון דעם דאָרטיקן לעבן, אַז ס'איז ביי זיי קיין שום ספק ניט געווען: ווען די דייטשע יידן זאָלן וויסן, ווי גוט און פריי די יידן לעבט זיך אין טערקיי, וואָלטן זיי זיך אַלע געלאָזט אַהין, ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן און געפאַרן. זיי האָבן זיך דערפאַר געווענדט צו זייער אַ געוועזענעם לאַנדסמאַן, יצחק צרפתי, וואָס איז אין די יונגע יאָרן אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד און זיך באַזעצט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ער זאָל אָנשרייבן אַ „קול קורא" צו דער „שארית הפליטה" — צו די איבערגעבליבענע דייטשע יידן, צו די קהילות, וואָס געפינען זיך אין שוואַבן און ביים ריין, אין שטייערמאַרק, מערן און אונגאַרן, און זיי דערציילן ווי גליקלעך עס לעבן די יידן אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה. צרפתי, אַ ייד אַ למדן און אַ „בעל לשון" [2], האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן. ער האָט פאַר־

---

1 זע וועגן דעם ביילאַגע, נומ' 8.

2 מרדכי כומטיינו, ביי וועמען צרפתי האָט געלערנט אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק, ווייזט אָן אין זיין פירוש אויף מיימונים „מלת ההגיון", אַז דעם דאָזיקן פירוש האָט ער געשריבן ספּעציעל לויט דער בקשה פון זיין געליבטן תלמיד צרפתי: „על שאלתך האהוב הנחמד ר' יצחק הצרפתי, כי מאז אשר באת אלינו מקצות הארץ, ראינוך והיית חכם בתלמוד, וקראת עמנו גם מה שקראת מספרי התכונה..."

פאַסט אַ לאַנגן בריוו, געשריבן אין אַן אייגנאַרטיקן מליצה־סטיל, און אים צעשיקט די יידישע קהילות אין דייטשלאַנד [1].

„עס זיינען, שרייבט צרפתי, דערגאַנגען צו אונז אייערע געשרייען און זיפצן, מען האָט אונז דערציילט וועגן אַלע צרות און רדיפות, וואָס איר האָט אויסצושטיין אין די דייטשע לענדער... איך הער דאָס געיאָמער פון מיינע ברידער... די ווילדע און גרויזאַמע אומה אונטערדריקט אָן רחמנות די טרייע קינדער פונם אויסדערוויילטן פאָלק... אויפגעשטאַנען זיינען די כּומרים און גלחים פון רוים, אויסוואָרצלען ווילן זיי דאָס געדעכעניש פון יעקב און אויסמעקן דעם נאָמען פון ישראל. אַלץ נייע גזירות טראַכטן זיי אויס, אויפן שייטערהויפן ווילן זיי אייך ברענגען... הערט צו, מיינע ברידער, די עצה, וואָס איך וועל אייך געבן! איך בין אויך אין דייטשלאַנד געבאָרן און ביי דייטשע רבנים תּורה געלערנט. בין איך פון מיין געבורטסלאַנד פאַרטריבן געוואָרן און איך האָב מיך דער־לאַנגט אין דעם פון גאָט געבענטשטן טערקישן לאַנד, וואָס איז פול מיט אַלדעם גוטן. איך האָב דאָ געפונען רו און גליק, עס קאָן אויך פאַר אייך ווערן דאָס לאַנד פון רו... ווען איר, וואָס וווינט אין דייטשלאַנד, זאָלט וויסן אַפילו אַ צענט־חלק פון דעם, מיט וואָס גאָט האָט אונז גע־בענטשט דאָ אין לאַנד, וואָלט איר ניט געקוקט אויף קיין שום שוועריג־קייטן, און וואָלט זיך געלאָזט צו אונז... דאָ, אינם לאַנד פון די טערקן, האָבן מיר ניט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן: מיר באַזיצן גרויסע פאַר־מעגנס, פיל גאָלד און זילבער זיינען אין אונזערע הענט, מען דריקט אונז ניט מיט שווערע שטייערן, און פריי און אומגעשטערט איז אונזער האַנדל. רייך זיינען די פרוכטן פון דער ערד, אַלץ איז בזול און יעדער פון אונז לעבט רויק און פריי. דאָ איז דער ייד ניט געצוווּנגען צו טראָגן אַלס שאַנדצייכן געלע היטלען ווי אין דייטשלאַנד, וווּ אַפילו רייכטום און גרויס פאַרמעגן איז פאַר אַ יידן אַ קללה, וואָרעם ער דערוועקט דערמיט די קנאה ביי די קריסטן און זיי מאַכן אויף אים כּלערליי בילבולים, אַבי זיין גאָלד צו רויבן. שטייט אויף, מיינע ברידער! גורט אָן אייערע לענדן,

[1] וועגן דער צייט, ווען דער דאָזיקער בריוו איז געשריבן געוואָרן, זיינען גע־ווען געוויסע חילוקי דעות. יעלינעק, וואָס האָט צום ערשטן צרפתים בריוו פאַרעפנט־לעכט (קונטרס גזרות תת"נו, 14–24), האָט גערעכנט, אַז דער בריוו איז געשריבן אין 13טן י"ה אין דער צייט פון די קרייצצוגן. גרעץ, וואָס האָט ריכטיק אָנגעוויזן, אַז יעלינעק האָט אַ טעות געהאַט, רעכנט, אַז דער בריוו איז געשריבן אין 1454. מיר רעכענען, אַז דער בריוו איז פאַרפאַסט געוואָרן ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום נאָכדעם, ווי די טערקן האָבן איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ד"ה אין סוף פון די 50ער יאָרן.

זאַמלט אייערע כּוחות און קומט צו אונז! דאָ וועט איר פריי ווערן פון אייערע שונאים, דאָ וועט איר רו געפינען!..

צרפתים ,,קול קורא'' האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם ביי די דייטשע יידן, און פיל האָבן זיך געלאָזט צום ,,געבענטשטן לאַנד'', און אויף אַזאַ אופן איז אין דער צווייטער העלפט פונם 15טן י''ה, די געוועזענע רע־זידענץ פון דער יידנפיינדלעכער ביזאַנץ נאָך דעם ווי זי איז מגולגל געוואָרן אין מוסלמעניש־טערקישן כּטאַמבול — געוואָרן אַ באַדייטנדי־קער יידישער צענטער. ווי לעבן דער אַלט־געזעסענער ,,גריכישער'' קהילה האָט זיך אויך געבילדעט אַ נייע ,,אשכּנזישע'' קהילה, אויס דייטשע און עסטרייכישע יידן. די גינסטיקע סאָציאַל־פּאָליטישע צושטאַנדן האָבן דערביי פיל מיטגעהאָלפן, וואָס ,,קושטא'' (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) איז באַלד געוואָרן אויך אַ חשובער קולטורעלער יידישער צענטער. עס הייבט זיך אָן, אמת, בלויז אויף אַ קורצער צייט, אויף אַ משך פון צוויי דורות לאַנג, די בלי־תּקופה פון דער יידישער קולטור אין טערקיי. עס טרעטן אַרויס מענער פון פּילזייטיקן וועלטלעכן וויסן אונטער דער פאָן פון פרייען קריטישן געדאַנק. משה קאַפּוצאַטו היוני, אַ פּייטן [1] און ביבל־ערקלערער, טרעט אַרויס אין זיין פּירוש אויף חומש אַלס פריידענקער, וואָס האָט דעם מוט זיך פאַרהאַלטן קריטיש צו די דעות פון די ,,קדמונים'', די אָנערקענטע אויטאָריטעטן [2]. צוזאַמען מיט אים איז אַרויסגעטראָטן דער פּילזייטיקער שלמה בן אליהו שרביט־זהב [3]. ער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיינע פּיוטים און וועלטלעכע לידער. אַ סך זיינע פּיוטים זיינען אַריין אין דעם מחזור מנהג רמניא [4]. ער האָט אויך איבערגעזעצט פון גריכיש אויף העברעיִש אייניקע אַסטראָנאָמישע ווערק, פאַרפאַסט אַ העב־רעיִשע גראַמאַטיק ,,חשק שלמה'', געשריבן אַ פּירוש אויף תּורה, און לויט

1 צוויי קאַפּוצאַטוס פּיוטים געפינען זיך אין דעם האַנטשריפטלעכן מחזור (מנהג כּפא)", וואָס איז אויפגעהיט אין דער קויפמאַן־קאָלעקציע אין דער „אָפּע"־ביבליאָטעק.

2 קאַפּוצאַטוס פּירוש איז פאַרלאָרן געגאַנגען. מרדכי כּומטיינו ברענגט אַ זייער אינטערעסאַנטן פראַגמענט פון דעם דאָזיקן פּירוש, ווו קאַפּוצאַטו טרעט אַרויס אַלס טיפּישער ראַציאָנאַליסט פון דעם רמב"מס חדר (זע ביילאַגע נומ' 10).

3 שלמהס פאָטער, אַ תּלמודי און בעל דרשן, האָט אויך פאַרפאַסט אַ ספּעציעל אַסטראָנאָמיש ווערק.

4 שד"ל אין „כּרם חמד", IV, 28, צונץ אין „ליטעראַטורגעשיכטע", 373. אייניקע שרביט־זהבס פּיוטים געפינען זיך אויך אין דעם פריער דערמאָנטן האַנטשריפטלעכן מחזור מנהג כּפא. שרביט־זהבס וויציקע פּאָעמע, ווו די אותיות פונם אַלף־בית פירן אַ וויכּוח צווישן זיך, האָט דוד כּהנא פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיט דריי אַנדערע לידער פון שרביט־זהב אין אַ באַזונדער זאַמלונג (אחיאסף, 1893).

דער בקשה פון אייניקע חשובע פאַרשטייער פון דער קהילה אין עפעס (אופישו), האָט ער אויך געמאַכט אַ פּירוש אויף אברהם אבן עזראס „ספר השם" [1].

דאָס וואָס שרביט־זהב האָט געשריבן אַ פּירוש אויף אבן עזראס ווערק איז בכלל ניט קיין צופאַל. דער גרויסער ספרדישער געלערנטער איז בכלל געווען אין יענער צייט איינער פון די פּאָפּולערסטע שריפטשטעלער ביי די אינטעליגענטע יידישע קרייזן אין טערקיי. ניט נאָר איין שרביט־זהב, נאָר פילע אַנדערע געלערנטע פון יענער צייט האָבן מיט גרויס יראת הכבוד שטודירט אבן עזראס ווערק, און געשריבן אויף זיי פּירושים. זייער טיפּיש איז אין דער הינזיכט שרביט־זהבס בן־דור, שבתי בן מלכיאל הכהן. וועגן זיין לעבן איז אונז גאַנץ ווייניק באַקאַנט. זיינער אַ בן־דור דערציילט וועגן אים, אַז „ער איז געקומען קיין טערקיי פון ווייטע אינזלען". שבתי גופא דערציילט וועגן זיך, אַז אוים גרויסן דורשט נאָך וויסן האָט ער געוואַנדערט איבער פאַרשיידענע מדינות און לענדער [2]. ער האָט פלייסיק שטודירט די מיטלאַלטערלעכע פילאָ־זאָפישע ליטעראַטור, האָט אַליין געשריבן אַ ווערק וועגן לאָגיק, נאָר זיין ליבלינג איז געווען אברהם אבן עזרא; ער געפינט, אַז אבן עזרא האָט ניט קיין גלייכן צו זיך „מראשית ימי הגולה", און פאַר זיין דור איז ער געווען דער צווייטער אברהם אבינו. בן מלכיאל האָט פאַרפאַסט אַ לאַנגן פּירוש אויף אבן עזראס „ספר השם" [3], און טאַקע זיין גרויסער יראת־הכבוד צום אָנדענק פון דעם באַרימטן ספרדישן געלערנטן האָט אים געבראַכט דערצו, וואָס ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ פּאָלעמישן וויכוח

---

[1] דאָס ליד, אין וועלכן דער פאַרפאַסער דערציילט וועגן דעם, און ווייזט אָנב אָן דאָס יאָר, ווען ער איז געקומען קיין עפעס, האָט געבראַכט אַ גאַנצן פלאָנטער וועגן דער צייט ווען שרביט־זהב האָט געלעבט. די־רוסי און גרעץ האָבן געלייענט דעם באַטרעפנדיקן פערז: „שנת האֹ—סֵפֶר גולים לגואל", און זיינען געקומען צום אויספיר, אַז שרביט־זהב איז געקומען קיין עפעס אין יאָר ר"ס, ד"ה אין 1500. שטיינשניידער („העבר. ביבל.", VIII, 28), ח. י. גורלאַנד און ד. כהנא (אין זיין פאָררעדע צו שרביט־זהבס לידער־זאַמלונג) — האָבן געלייענט: האספו גולים, און האָבן באַקומען די דאַטע 1386. דאָס איז אָבער לחלוטין פאַלש, וואָרעם שרביט־זהב איז געבאָרן בערך אין 1420 (זע רוזאַנים, „דברי ימי ישראל בתוגרמה", I, 32) און געשטאָרבן נאָך 1502. עס איז קלאָר, אַז די באַטרעפנדיקע דאַטע דאַרף מען לייענען: האספו גולים=ה' רל"ו=1476.

[2] „אמר צעיר התלמידים שבתי הכהן הגולה מארץ תונרמה על ארץ קדר... ללקט מבין עמרי נדיבים ושועים שבלי דעת ומזמה, ואם ילדי רעיוני לא יכילון החכמה הלא בעדה בי אש התשוקה ואשים בלבי לשוטט במדינות ובפלכים ולהתארח עם עובדי דרכים" (פאַרעפנטלעכט אין זאַמלבוך „תלפיות", 1895, אָפּטיילונג „קורא הדורות", 2).

[3] מער באַריכות וועגן שבתי בן מלכיאלס ווערק, זע ביילאַגע נומ' 9.

מיט איינער פון די אָריגינעלסטע פּערזענלעכקייטן אין דער קאָנסטאַנטי־נאָפּאָלער יידישער קהילה — מיט מרדכי בן אליעזר כומטיינו.

מרדכי כומטיינו פאַנגט אָפּ אָן בזה הלשון: „אמר מרדכי קומדטיני היוני" — זאָגט מרדכי היוני אויס קאָנסטאַנטינאָפּאָל. „היוני" דערפאַר, ווייל קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז נאָך געווען די רעזידענץ פון „מלכות יון", ווען כומטיינו האָט דאָרטן צום ערשטן די וועלט דערזען. ער איז געבאָרן געוואָרן אינם ערשטן פערטל פונם פופצנטן י"ה [1], זיין ליטעראַרישע טעטיקייט געהערט אָבער צו דער אָטאָמאַנישער תקופה, זי האָט זיך געצויגן בערך אינם משך פון 1460—1485 [2]. וועגן כומטיינוס לעבן זיינען באַקאַנט זייער ווייניק פּרטים. מען ווייס בלויז (אויס דער פאָררעדע צו זיין פּירוש אויף „יסוד מורא"), אַז אין די פופציקער יאָרן האָט ער געלעבט אין אַדריאַנאָפּאָל, און אַז איינער פון זיינע לערער האָט געטראָגן דעם נאָמען חנוך צאַפּורטאַ; עס איז אָבער ניט פעסטגעשטעלט, צי האָט עס כומטיינו צאַפּורטאַן צו פאַרדאַנקען זיין פילזייטיקע וויסנ־שאַפטלעכע בילדונג. כומטיינו האָט געהאַט גרינטלעכע ידיעות אויפן געביט פון מאַטעמאַטיק, פילאָלאָגיע [3], אַסטראָנאָמיע און אַנדערע נאַטור־וויסנשאַפטן, געווען בקי ניט בלויז אין דער מיטלאַלטערלעכער פילאָזאָפיע, נאָר אויך אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגישער ליטעראַטור. ווי פילע אַנדערע אין זיין דור, איז ער אויך געווען, ווי גרעץ דריקט זיך אויס, „פאַרליבט אין אַברהם אבן עזרא". אָט דער גייסטרייכער געלערנטער פונם 12טן י"ה איז פאַר כומטיינון געווען דער העכסטער אידעאַל און מוס־טער. כומטיינו האָט ניט נאָר געשריבן פּירושים אויף פילע פון אבן עזראס ווערק [4]; אין זיין גאַנצער ליטעראַרישער טעטיקייט הערשט דער

---

1 אפרים בן גרשון רעדט וועגן אים אין זיינע דרשות, וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין 1455, ווי וועגן אַ דערוואַקסענעם און אָנגעזעענעם מענטשן.

2 דאָס יאָר פון כומטיינוס טויט איז ניט פעסטגעשטעלט. יעדנפאַלס איז ער געשטאָרבן אין די 80ער יאָרן, ווייל אין 1481 האָט ער נאָך פאַרעפנטלעכט זיין „ספר המדות", און אין 1487 רעדט שוין וועגן אים זיין תלמיד כלב אפּונדאָפּולו (אין „כלי רבע השעות"), ווי וועגן אַ געשטאָרבענעם.

3 כומטיינו האָט אויך פּיוטים געשריבן. צוויי זיינע פּיוטים: „ממעוני אור וזורח" און „מה מבקש ממך אל" זיינען פאַרעפנטלעכט אין „שירים וזמירות ותשבחות" (נומ' 124, 202).

4 כומטיינוס אוראייניקל, דער באַקאַנטער יוסף שלמה דילמידיגו, פאַרזיכערט, אַז כומטיינו האָט געשריבן פּירושים אויף אבן עזראס אַלע ווערק: „חבר חבורים שונים כפי חבורי אברהם אבן עזרא, גם ביאור כל ספריו" („מלא חפנים", 12). כומטיינו גופא ווייזט אָבער אָן, אַז ער האָט געשריבן פּירושים בלויז אויף אַ טייל פון אבן עזראס ווערק (וכבר בארנו קצת מספריו).

גייסט פון זיין פאָרבילד, דעם געלערנטן נע־ונדניק אויס טאָלעדאָ. ווי בשעתו אבן עזרא אַזוי זעען מיר אויך כומטיינון אין דער ראָלע פון אַן אויפקלערער, וואָס שטעלט זיך פאָר זיין הויפטצוועק פאַרשפרייטן בילדונג און מאַכן צוגענגלעך פאַר די ברייטע קרייזן די גרונט־ידיעות פון לאָגיק, פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק און נאַטורוויסנשאַפטן. „אָן די דאָזיקע ידיעות — שטרייכט כומטיינו אונטער — איז אוממעגלעך דעם תלמוד צו שטודירן, וואָרעם פילע שטעלן וועלן זיין אומפאַרשטענדלעך. און דערויף האָבן שוין טאַקע אָנגעוויזן די חכמי התלמוד גופא"[1].

כומטיינו שרייבט אַ פּאָפּולער ווערק וועגן מאַטעמאַטיק „ספר החשבון והמדות", אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג וועגן די פּערסישע אַסט־ראָנאָמישע טאַבעלן (ספר פירוש לוחות פרס), פאַרשיידענע אַרבעטן וועגן אַסטראָנאָמישע כלי מכשירים[2], אַ ספּעציעל ווערק וועגן אַסטראָנאָמיע „ספר התכונה"[3] און אַ פירוש אויף מיימונים „מלת ההגיון"[4]. נאָר ווי דער אבן עזרא בשעתו האָט ביי זיין פילזייטיקער ליטעראַרישער טעטיקייט באַזונדערס פיל אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען דער ביבל־ער־קלערונג, אַזוי איז אויך דעם אין אבן עזראן „פאַרליבטן" כומטיינוס הויפטווערק אַ גרויסער פירוש אויף תורה[5]. און טאַקע אין דעם דאָזיקן ווערק אַנטפּלעקט זיך כומטיינו אַמבולטסטן אַלס פילזייטיקער און פריי־דענקענדיקער פאָרשער. טיפּיש איז אין דער הינזיכט זיין הקדמה צום פירוש, ווו כומטיינו ערקלערט די מאָטיוון, וואָס האָבן אים באַוויגן ער זאָל צו דער גרויסער צאָל אַלטע פירושים אויף תורה צוגעבן נאָך זיינעם, אַ נייעם פירוש.

---

1 אין זיין האַנטשריפטלעכן פירוש אויף „יסוד מורא": „ולא ידעהו מי שלא למד חכמת הנפש וזה הביאו לחייב למודו למי שירצה להבין דברי התלמוד.. והנה חייב ללמודי התלמוד שלא יועילם התלמוד ולא יבינוהו אם לא ילמדו כל החכמות קצתם להבינם דברי התלמוד וקצתם שאנו מצווים עליהם מדברי חחכמים גם כן, וכן חכמת המבטא שהיא הכמת ההגיון תועילנו בהבנת דברי התלמוד אחר שלא יובן מבלעדי החכמות והיא מאוני כל החכמות ועד שהזהירו גם החכמים ז"ל על למודה".

2 „מאמר תיקון כלי הנחשת, מאמר תקון כלי השעות, מאמר תיקון כלי הצפיחה".

3 די אַלע אויסגערעכנטע ווערק געפינען זיך אין האַנטשריפט אין דער ערשטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע נומ' 343—346, 353, 359 -361.

4 פאַרעפנטלעכט אין וואַרשע, 1865.

5 דאָס דאָזיקע ווערק פיגורירט ביי די ביבליאָגראַפן אונטער פאַרשיידענע נע־מען: אויפן שער־בלאַט פונם מאַנוסקריפּט, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַנוצט (זע ביילאַגע נומ' 10), איז אָנגעשריבן מיט פירקאָוויטשעס האַנט דער נאָמען „כליל יופי". דער דאָזיקער אויסדרוק געפינט זיך אין כומטיינוס ביידע שירים, וואָס געפינען זיך אין אָנהייב און אינם סוף פונם ווערק (דעם ערשטן שיר האָט ח. י. גורלאַנד פאַרעפנט־לעכט אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן כומטיינו).

„אַ טייל מדרשים האָבן דער עיקר זיך פאַרנומען בלויז מיט פּירוש המלות, געפּלייסט זיך אויסטייטשן דאָס וואָרט לויט זיין גראַמאַטיקאַלישן בוי, אָבער ניט אין זיין לאָגישן פאַרבונד מיט טעקסט־אינהאַלט. אַנדערע האָבן זיך פאַרטיפט אין קבלה, און נאָך אַנדערע האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג פון רמז און משל. אייניקע האָבן געמיינט, אַז די תורה איז פול און פול מיט סודות און פאַרבאָרגענע מיינען, וואָס מוזן ערשט דערקלערט און באַלויכטן ווערן; אַנדערע ווידער זיינען געווען זיכער, אַז אַלץ איז כפשוטו, אַלץ איז קלאָר און אייִנפאַך, און דער פּירוש דאַרף זיין וואָרט ביי וואָרט. אָט אַזוי איז זיך יעדער געגאַנגען אויף זיין דרך; די זיינען געווען קאַרג אויפן וואָרט, די אַנדערע — צעשווומען און פאַרפּלאָנטערט, איינער שפּאָט פונם אַנדערן, נאָר קיינער פון זיי קאָן ניט אינגאַנצן באַפרידיקן, ווייל זיי פאַרשטייען ניט ווי אָפּצוטיילן דאָס וויכטיקסטע פונם טפל. ווייל איך האָב דאָס איינגעזען, האָב איך, מרדכי בן אליעזר כומטייַנו הקושטנדיני, באַשלאָסן פּרווון דערקלערן די תורה אויפן געהעריקן אופן. איך וועל מיך ביי מיין פּירוש באַנוצן ניט נאָר מיט די כללים פון דיקדוק או געזעצן פון לאָגיק, נייערט אויך מיט נאַטור־וויסנשאַפטן, ווי אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק, און דאָרט ווו עס איז נייטיק צו באַלויכטן דעם טעקסט, וועל איך אויך באַרירן ריין פילאָזאָפישע און טעאָלאָגישע פּראָבלעמען. און דאָס אַלץ וועט געטאָן ווערן אין שטרענגן סדר און, ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך, ניט דערווייטערן זיך פונם ווערטלעכן פשט. איך וועל דערביי זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיין שום אויטאָריטעטן, סיידן אין די פאַלן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ דורך דורות לאַנג געהייליקטער מסורה. דעמאָלט אָבער ווען דאָס איז סותר דעם גלייכן שיקול הדעת, וועל איך פאַרטייטשן דעם פשט לויט ווי עס פאָדערט דער שכל הישר. איך וועל דערביי אויסנוצן די קלוגע און ריכטיקע רייד פון מיינע פאָרגייער, פריער פון אַלע — די רייד פון דעם חכם ר' אברהם בן עזרא, וואָרעם ער איז דער ראש המפרשים, וואָס האָט ניט קיין גלייכן צו זיך. דאָרט אָבער, ווו אויך ער האָט, לויט מיין מיינונג נאָך, ניט ריכטיק געטראָפן, וועל איך גיין מיין אייגענעם וועג...”[1].

כומטייַנו טרעט ווירקלעך אַרויס אין זיין פּירוש אַלס ניכטערער און פרייער פאַרשער, וואָס באַנוצט זיך אין פולער מאָס מיט זיינע ברייטע ידיעות אויף די פאַרשיידענע געביטן פון וויסן. ער זוכט ניט אינם ביבל־טעקסט קיין אַלעגאָריעס און רמזים, ער וויל זיך אויך ניט באַנוצן מיט מדרשים און אַגדות, און באַזונדערס מיידט ער אויס דאָס מיסטישע

[1] דעם אָריגינאַל פון דער ציטאַטע זע ביילאַגע נומ' 10 א'.

און סודותדיקע. ער זוכט קודם־כל דעם שכל הישר, דאָס לאָגיש קלאָרע, און זאָגט צייטנווייז אַרויס אַזוינע געדאַנקען, וואָס געפינען זיך אין אַ געוויסער סתירה מיט קבלת אָבות, מיט די טראַדיציאָנעלע אָנגענומענע מיינונגען. ער דערלויבט זיך, אַ שטייגער, אַרויסזאָגן זיינע ספקות מכוח דער פון אַלעמען אָנגענומענער מסורה, אַז פאַר דעם דור ההפלגה האָבן אַלע מענטשן גערעדט לשון קודש. אין דער פראַגע וועגן דעם מהות פון נביאות און רוח הקודש און וועגן דער מעגלעכקייט, מענטשן זאָלן קאָנען זען און ריידן מיט מלאכים — וואַרפט כומטיינו אָפּ דעם רמב״נס מיסטיש־אָרטאָדאָקסישע מיינונג און שטעלט זיך אויסשליסלעך אויף דעם רמב״מס שטאַנדפּונקט. ער לאָזט דערביי ניט דורך די געלעגנהייט אָנצוּווייזן, אַז דער מקובל משה בן נחמן געהערט, לויט זיין מיינונג, אָט צו דעם אומוויסנדיקן, פון טעאָרעטישע פּראָבלעמען ווייטן „המון״, וועגן וועלכן דער רמב״ם רעדט מיט אַזאַ ביטול אין דער הקדמה צום „מורה נבוכים״ [1]. גאַנץ אינם גייסט פונם בעל „מורה נבוכים״ שטרייכט אויך כומטיינו אונטער, אַז מיט השארת הנפש ווערן באַשאָנקען בלויז די יחידים, וואָס האָבן דערגרייכט צו אינטעלעקטועלער שלימות און האָבן געלייטערט זייער פאַרשטאַנד דורך פילאָזאָפישע פּראָבלעמען [2].

ביי דעם גרויסן יראת־הכבוד, מיט וועלכן כומטיינו פאַרהאַלט זיך צום רמב״ם און צום אבן עזרא, האַלט ער דאָך פאַר נייטיק ניט פאַרלאָזן זיך בלינד אויף זייערע הנחות און אויספירן; און טאַקע זיין קריטיש פאַרהאַלטן זיך צו אייניקע געדאַנקען, וואָס אבן עזרא זאָגט אַרויס אין זיין פירוש אויף תורה, האָט עס אַרויסגערופן אַזאַ הייסע פאָלעמיק צווישן כומטיינו און דעם פריער דערמאָנטן שבתי כהן. אין דעם, וואָס כומטיינו ערלויבט זיך אָנצוּווייזן אויף אייניקע טעותן ביי אבן עזראן, דערזעט שבתי כהן אַן אומדערלויבטע העזה און גרויסן פחיתת הכבוד פאַר דעם „ראש המפרשים״, און ער טרעט דערפאַר אַרויס קעגן כומטיינון מיט אַ ספּעציעל ווערק (ספר השגות לר׳ שבתי מלכיאל) [3], ווו ער גיסט אויס זיין גאַנצן צאָרן אויף דעם, „וואָס פאַרשטייט ניט ווי געהעריק צו שעצן דעם גרעסטן ביבל־דערקלערער, צו וועלכן ס׳איז קיין גלייכן ניטאָ״.

---

1 זע ביילאַגע נומ׳ 10.

2 מאַנוסקריפּט „כליל יופי״, דף 91, עמ׳ ב׳: „ידענו כי התכלית אשר בעבורו נברא האדם הוא להשאר נצחי שלא יאבד וזה לא יתכן להיות רק כשידבק בבוראו עד שישאר נצחי בנצחותו וזה בלתי אפשר רק כשיגיעו לחכמת השגת המושכלות״. זע אויך ביילאַגע נומ׳ 10, די פאָררעדע צום פירוש אויף „יסוד מורא״.

3 דאָס ווערק איז געבליבן אין כתב־יד. ידיעות וועגן דעם ווערק גיט שטיינשניידער אינם קאַטאַלאָג פון דער מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע אין דער ליידענער ביבליאָטעק.

כומטיינו איז גלייך אַרויסגעטראָטן מיט זיינע „תשובות על השגות רבי שבתי כהן״, און טאַקע דאָס דאָזיקע פּאָלעמישע ווערק כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן כומטיינון אַלס פּערזענלעכקייט.

ער געפינט שבתי כהנס טענות פאַר נאַיוו און קינדיש. ער פאַרשטייט ניט, ווי קאָן עס גאָר קומען אויפן געדאַנק, אַז ער האָט „געשענדעט״ אבן עזראס אָנדענק דורך דעם, וואָס ער האָט זיך ערלויבט קריטיש זיך פאַרהאַלטן צו אייניקע זיינע הנחות. „איך — ערקלערט כומטיינו — בין אַנטציקט פון דעם דאָזיקן גרויסן געלערנטן, איך ווייס ווי געוואַלטיק גרויס עס זיינען זיינע פאַרדינסטן אויפן געביט פון יידישן וויסן. אָבער: צי זיינען דען גרויסע מענער אומפעלבאַר? צי קאָן גאָרניט געמאָלט זיין, אַז אויך זיי זאָלן גריייזן? און צי דאַרף עס דער יראת־הכבוד און דער רעספּעקט צום אָנדענק פון גרויסע אויטאָריטעטן פאַרצוימען דעם וועג, וואָס פירט צום פרייען פאָרשן און צו וויסנשאַפטלעכע אמתן? נאָר דער אומוויסנדיקער המון, נאַרישע פינסטעריע מענטשן מיינען, אַז די קדמונים האָבן אַלץ דערגאַנגען מיט זייערע שאַרפע מוחות, האָבן קיינמאָל ניט געגרייזט און די שפּעטערדיקע דורות זיינען קליין און נישטיק אינם פאַרגלייך מיט זיי. נאָר מענטשן, וואָס פאָלגן בלינד דעם אויטאָריטעט פון די קדמונים און האָבן ניט דעם מוט אַן אייגענע מיינונג צו האָבן — קאָנען זען אַ פאַרברעכן אין דעם, וואָס מען זאָגט אַרויס פריי זיין מיינונג און מען לייגט אויף דער וואָגשאָל פון קריטיק פרעמדע דעות און מסקנות. אָט די דאָזיקע מענטשעלעך, וואָס רוען אין די געצעלטן פון נאַרישייט און טראָגן די פאָן פון קורצזיכטיקער טעמפּקייט, פאַרזיכערן איינער דעם אַנדערן: ווי קומען מיר דערצו! מען דאַרף ניט גריבלען, מען דאַרף ניט חקירהן און ועלן מיטן אייגענעם שכל דערגיין דאָס, וואָס איז איבער אונזער פאַרשטאַנד״ [1].

זייער כאַראַקטעריסטיש איז אויך פאַר כומטיינון זיין פאַרהאַלטן זיך צו די אָרטיקע קאַראַימען. דערמיט באַרירן מיר בכלל אַן אינטערעסאַנט בלאַט אין דער קולטור־געשיכטע פון דעם יידיש־טערקישן קיבוץ אין דער צווייטער העלפט פונם 15טן י״ה. די גייסטיקע בלי־צייט פון די קאַראַימען אין די מזרח־לענדער ענדיקט זיך מיטן עלפטן י״ה. אין דער שפּעטערדיקער תקופה האָט זיך צווישן זיי שוין ניט באַוויזן קיין איין איינציקער באַדייטנדיקער געלערנטער אַפילו אויפן געביט פון רעליגיעזן שאַפן, און די גייסטיקע פירערשאַפט איבער דעם גאַנצן קאַראַימישן קיבוץ וואַנדערט איבער פון מזרח צו דער ביזאַנץ. די דאָרטיקע קאַראַימען האָבן

[1] שטיינשניידערס ציטירטער קאַטאַלאָג, 204.

שוין אינם עלפטן י"ה געגעבן אזא באדייטנדיקן געלערנטן ווי יהודה הדסי, וואס גיט אין זיין „אשכול הכופר" א גאנצע ענציקלאפעדיע פון וויסן: רעליגיעזע דינים, פילאזאפיע, ביבל־דערקלערונג, שפראך־פארשונג, נאטורוויסנשאפט, וויכוחים און פאלעמישע אנפאלן אויף דעם רבנישן יידנטום און דעם קריסטנטום. אין סוף 13טן י"ה האט געלעבט דער באַרימטער קאראימישער ביבל־דערקלערער, אהרן בן יוסף, דער בעל „המבחר" [1], און אין דער ערשטער העלפט פונם 14טן י"ה האט דאָרטן געלעבט דער באדייטנדיקסטער דענקער, וואס די אייראפעישע קאראימען האבן פארמאגט — אהרן בן אליהו, וואס האט זיך קונה־שם געווען מיט זיין „עץ חיים", א רעליגיעז־פילאזאפיש ווערק, לויטן מוסטער פון דעם רמב"ם „מורה נבוכים". נאך דעם בעל „עץ חיים" הייבט זיך אן די גייסטיקע ירידה פון די קאראימען אויך אין דער ביצאנץ. אין משך פון גאנצע הונדערט יאר האבן זיי ניט געגעבן קיין איינאיינציקן מער־וויניקער אנגעזעענעם פארפאסער. נישטיקע, טאלענטלאזע קאמפילאציעס, שוואכינקע און פארבלאזע פרווון אויפן געביט פון ביבל־עקסעגעזע — דערמיט שעפט זיך אויס דאס גאנצע ליטעראַרישע שאפן זייערס פאר דער דאזיקער תקופה. פון דעם דאזיקן גייסטיקן דרעמל האט זיי אויפגעוועקט דער אָרטיקער יידישער קיבוץ. די קולטורעלע אויפלעבונג פון די קאנ־סטאנטינאפאלער יידן, אדאנק די גרויסע פאליטישע און סאציאלע גע־שעענישן, וואס זיינען פארבונדן געווען מיט די טערקישע ניצחונות און דער פארשטארקטער יידישער אימיגראציע — האט אויך אויף די קאַ־ראימען געהאט א גרויסע השפעה. זיי, די קאראימען, וואס האבן זיך געפונען אין אזא גייסטיקער ירידה, האבן ניט געקאנט חלומען אפילו וועגן וווייטערדיקן קאמף מיטן רבנישן יידנטום, אדרבה, זיי האבן ביי זיי־ערע אמאליקע קעגנער געזוכט גייסטיקע הילף, און ביי די יידישע גע־לערנטע געבעטן, זיי זאלן פאר זיי עפענען די קוואלן פון וויסן.

די געלערנטע און גייסטיקע פירער פונם טערקישן יידנטום זיינען דעמאלט געשטאנען אויף דער געהויגנדיקער הייך: זיי האבן ניט אפגע־ווארפן די אויסגעשטרעקטע האנט פון שלום, און האבן בריטוויליק גע־לערנט מיט דער קאראימישער יוגנט. נאך כומטיינוס רבי, חנוך צאפורטא, האט געהאט פילע תלמידים צווישן די קאראימען. ער האט מיט זיי גע־לערנט ניט בלויז אלגעמיינע לימודים, נאר אויך ריין יידישע, אפילו

---

[1] דער „המבחר" איז צום ערשטן געדרוקט אין 1835 אין גוזלאו (יעווּפּאַטאָריע). א מאנוסקריפט פונם „המבחר" מיט א פירוש און אינטערעסאנטע הוספות האט זיך געפונען אין דער „אָפּע"-ביבליאטעק אין לענינגראד.

תלמוד און רבנישע ליטעראטור [1]. פילע אנדערע יידישע געלערנטע פון יענער צייט, ווי אליעזר קאפסאלי, אליהו הלוי [2], שבתי בן מלכיאל, אליהו שרביט־זהב א״א, האבן גערן געגעבן אונטעררריכט דער קאראימישער יוגנט, נאר מער פון אלע האט זיך אין דעם באטייליקט כומטיינו. אט דער „רבני״ האט כלל ניט געקוקט אויף די קאראימען, ווי אויף אפטריניקעס און פיינדלעכע קעגנער. ער, דער אפיציעלער טרעגער פון רבנישן יידנטום, האט אפילו געהאט דעם מוט אפן צו ערקלערן, אז ער רעכנט אזעלכע קאראימישע געלערנטע ווי סהל בן מצליח, בנימן נאהאווענדי, יפת הלוי און אנדערע פאר די „גרונטזיילן, אויף וועלכע עס האלט זיך דער טעמפל פון יידישער חכמה״ [3]. אזעלכע ווערטער ביי א רב פונם 15טן י״ה אין מויל איז טאקע געווען גאנץ ניי און אומדערוואַרט. און טאקע פון כומטיינוס שול איז אויסגעוואקסן א גאנצער דור קאראימישע געלערנטע, וואס האבן מיט זיך אריינגעבראכט א פרישן שטראם אין דעם איינגעשרומפענעם גייסטיקן לעבן פון די קאראימען אין אייראפע. כומטיינוס תלמידים זיינען געווען אי דער באקאנטער קאראימישער כלל־טוער יוסף רעביצי, אי דער באוווסטער געלערנטער, דער בעל „אדרת אליהו״, אליהו באשיצי — דער גרעסטער קאראימישער פוסק, און אויך דער פילזייטיקער כלב אפונדאפולו [4]. — דער איינציקער אייראפעישער קאראים, וואס פארדינט, זיין נאמען זאל פארצייכנט ווערן אין דער געשיכטע פון דער העברעישער פאעזיע. עס איז נאך אים געבליבן א גאנץ גרויסע לידער־זאמלונג פון רייז וועלטלעכן אינהאלט [5]; ער האט אויך פארפאסט א פאנטאסטישע פאעמע „אבי נר בן נר״, געשריבן אין מאקאמען־סטיל. ווי משה דרעי בשעתו, האט אויך אפונדאפולו פיל גענאשט ביי די העברעישע דיכטער

---

[1] זע אליהו מזרחים שו״ת, נומ׳ 57, דף 93: „וכן ספר לי ר׳ מרדכי כומטינא ז״ל שרבו הזקן מהור״ר חנוך צפורטא שהיה מגדולי קטולנייא וממיוחסיה והיה איש בקי מאוד בכל התלמוד ורב מובהק לרבים וחסיד. מופלג והיה מלמד בני הקראים מכל למוד שבקשו ממנו בין מתלמוד בין מהפוסקים בין מרש״י פשט התורה בין מהחכמות ולא היה שום פקפוק בדבר״.

[2] זע מזרחים שו״ת, נומ׳ 57, דף 93.

[3] „ואלה העמודים אשר בית החכמה נכון עליהם חכמים האחרונים ישלם ד׳ פעלם ותהי משכורתם שלמה מעם ד׳, כי עשו חסד עם עמו ותהלות כל אלה עד לאין חקר לשמו ונגד זקניו: כבוד המאור סהל בן מצליח נ״ע ויפת הלוי נ״ע ובנימן האוונדי נ״ע ודניאל בן משה נ״ע ובן יפת הלוי נ״ע ודוד הנשיא נ״ע (מיר ציטירן נאך שטיינשניידערס קאטאלאג פון לײדענער מאנוסקריפטן, 393).

[4] געבאָרן אין 1464, געשטאָרבן נאָך 1524.

[5] זע ביילאגע נומ׳ 11.

פון דער שפאַנישער תקופה, עס איז ניט שווער צו געפינען ביי אים גאַנצע סטראָפן, וואָס זיינען ניט מער ווי אַ פּאַראַפראַזע פונם יידישן מוסטער. למשל: איינס פון די לידער, וואָס שאול, דער העלד פון „אבי נר בן נר״, זינגט, הייבט זיך אָן מיט דער סטראָפע:

יפה נוף משוש ארץ — וקריה למלך רב
ועדן לכת שבע — ולה מדבש יערב [1] —

וואָס דערמאָנט גלייך אין יהודה הלוים באַקאַנט ליד „יפה נוף משוש תבל״. זיין באַשרייבונג פון אַ שרעקלעך־מיאוסער פרוי:

ראו אשה מכוערת שחורה — כמו עשן כרוח סערה
ולה שערות כעץ פשתות קצרים — והם ידמו לשערות החזירים—

איז כמעט ווערטלעך גענומען ביי אַלחריזי[2], און זיין ליבע־ליד, וואָס הייבט זיך אָן מיט די שטורמישע באַרייען:

פני נא פנינה — חשובה עדינה — צביה לבנה חזי נא לכלב
בצל אהבתי — חסי רעיתי — צבי חמדתי אאז״וו

דערמאָנט דאָך גלייך אין דאַנטעס בן־דור, עמנואל רומי[3].

כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטיקע שטימונגען איז אַפּונדאַפּולוס פרידלעך פאַרהאַלטן זיך צו די „ראַבאַניטן״. ער באַדויערט זייער די צע־שפאַלטונג, וואָס האָט צעטיילט צוויי ברידערלעכע צווייגן פון איין אומה אויף פיינדלעכע צוויי מחנות[4], און באַקלאָגט אין צוויי עלעגיעס די גרויסע קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן די שפּאַנישע יידן און דעם גירוש פון די יידן אוים ליטע (1495).

דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון די יידן מיט די קאַראַימען און די גרויסע צאָל קאַראַימישע תלמידים ביי די געבילדעטע רבנים און גע־לערנטע האָט אָבער באַאומרויִקט געוויסע אָרטאָדאָקסישע יידישע קרייזן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער רב הכולל, דער ראש פונם גאַנצן יידישן קיבוץ אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה, דער אַלטער משה קאַפּסאַלי,

---

[1] מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דעם מאַנוסקריפּט פון דעם דאָזיקן ווערק, וואָס געפינט זיך אין פירקאָוויטשעס ערשטער מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע, נומ׳ 818. זע ביילאַגע נומ׳ 11, א׳ און ב׳.

[2] „תחכמוני״, מאַקאַמע 6

[3] „מחברות״, מאַקאַמע 3.

[4] זייער כאַראַקטעריסטיש איז אויך דער יראת־הכבוד, מיט וועלכן אַפּונדאַפּולו פאַרהאַלט זיך צום גרינדער פון דער קריסטלעכער רעליגיע (זע ביילאַגע נומ׳ 11, ג׳.

אַ שטרענגער און עקשנותדיקער קנאי [1] — האָט געזען אַ חילול־השם אין דעם, וואָס רבנים לערנען תּלמוד מיט די קאַראַימען, וועלכע לייקענען דאָך אין גאַנץ תּורה שבעל־פּה [2]. משה קאַפּסאַלי איז אָבער געווען בלויז אַ אידעיִשער קעגנער, גאַנץ ווייט פון וועלכע זייטיקע פּניות, און אויסן געווען בלויז באַשיצן גאָטס הייליקע תּורה; עס זיינען אָבער געווען אויך אַנדערע קעגנער (צווישן זיי אייניקע פון די „טובי עיר"), וואָס האָבן דערביי געהאַט, ווי מיר וועלן וויטער זען, נאָך אַנדערע, ריין עולמשע און מאַטעריעלע חשבונות. זיי זיינען אָן דעם וויסן פונם רב הכולל אַרויס־געטראָטן מיטן שאַרפן געווער פון „חרם", און ביי תּרועות פון שופרות און ברענענדיקע ליכט ערקלערט, אַז ווער עס וועט לערנען מיט קאַראַימען וועלכע ס'איז לימודים, דער איז מוחרם ומנודה. מען האָט געסטראַשעט מיטן חרם ניט נאָר די, וואָס וועלן מיט דער קאַראַימישער יוגנט לערנען תּנך, משנה און תּלמוד, — אַפילו פיזיק, מאַטעמאַטיק און אַנדערע וויסנ־שאַפטן — אַלץ ווערט פאַרבאָטן און פאַרווערט, בכדי מען זאָל אויפהערן צו פירן נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט קאַראַימען [3]. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז שוין דעמאָלט געווען אַ גאַנצע צאָל יידישע לערער, וואָס זיינען אויך מאַטעריעל געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין פריינדלעכן פאַרקער מיט דער קאַראַימישער יוגנט: די קאַראַימישע תּלמידים זיינען ביי זיי געווען דער מקור פון זייער פּרנסה, און דער פּלוצלונגדיקער פאַרבאָט איז פאַר זיי געווען ממש אַ קאַטאַסטראָפע. כּומטיִנו איז שוין דעמאָלט געווען טויט, האָבן זיי זיך דערפאַר געווענדט נאָך הילף צו כּומטיינוס נאָענטן פריינד, אליהו מזרחי, וואָס האָט באַלד, נאָך משה קאַפּסאַלים טויט, פאַר־נומען דעם פּאָסטן פון רב הכולל און פּרנס איבער דעם גאַנצן יידישן קיבוץ אין טערקיי [4].

---

[1] וועגן זיין מחלוקת מיטן גדול הדור, יוסף קולון, זע אין אליהו קאַפּסאַלים „ליקוטים", 6—17.

[2] מזרחים שו"ת' נומ' 57: „וכבר היה חולק עליהם הרב רבי משה קפשלי על היותם מלמדים לחם מהתורה שבעל־פה שאינם מאמינים בו".

[3] מזרחים שו"ת, נומ' 57, דף 91: „להחרים שלא ילמדו את הקראים משום למוד שבעולם, לא מקרא ולא משנה, לא תלמוד ולא הלכות ולא אגדות, לא פירושי המקרא הדורכים דרך הפשט ולא פירושי המקרא הדורכים דרך הקבלה, ולא שום חכמה מהחכמות שחברו חכמי היונים, לא הניון ולא טבע ולא מה שאחר הטבע, לא מספר ולא תשבורת ולא תכונה ולא מוסיקה ולא מדות ולא שום אחד מסעיפי אלו החכמות".

[4] בערך אין יאָר 1495. נ. פּאָרגעס פרוווט אַפילו דערווייזן („רעווי ד. עט. זשוויף", ב' 78, 31), אַז משה קאַפּסאַלי איז ערשט געשטאָרבן בערך 1510; זיינע ראַיות זיינען אָבער כּלל ניט איבערצייגנדיק. אַגב, גראָד אין דער קוועלע, אויף וועלכער פּאָר־געס שטיצט זיך, ווערט קאַפּסאַלים נאָמען באַגלייט מיט די ווערטער: זכרונו לברכה.

אליהו בן אברהם מזרחי, מער באקאנט אונטער די ראשי־תיבות רא"ם, איז געבאָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין די דרייסיקער יאָרן פונם 15טן י"ה [1]. איידער ער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון רב הכולל (חכם־באשי) האָט מזרחי געלעבט אין גרויס דחקות. „צרות און ליידן — קלאָגט ער זיך אין איינער פון זיינע שו"ת — יאָגן מיך איינע נאָך דער אַנדערער. די פּרנסה קומט מיר אָן שווער כּקריעת ים סוף... ביי מיין שוואַך געזונט מוז איך מיך די גאַנצע צייט פאַרנעמען מיט תּלמידים און לערנען מיט זיי, וואָס נאָר זייער האַרץ גלוסט: מיט דעם תּלמוד, און גלייך דערנאָך מיטן אַנדערן מאַטעמאַטיק, מיטן דריטן אַסטראָנאָמיע און אַזוי טאָג איין טאָג אויס" [2].

און דאָך, ניט קוקנדיק אויף אַזאַ געדריקטער לאַגע, האָט מזרחי נאָך געפונען צייט פאַר אַ גאַנץ אינטענסיווער ליטעראַרישער טעטיקייט, וואָס פאַרשפּרייט זיך אויף די פאַרשיידנסטע געביטן. ער שרייבט אַ גלענצנדיקן פּירוש אויף רש"י [3]. זיין ווערק איבער מאַטעמאַטיק „ספר המספר", וואָס ווערט שטאַרק געלויבט פון אַזאַ געניטן מאַטעמאַטיקער, ווי יוסף דילמידיגו [4], האָט שרעקפּוס איבערזעצט אויף לאַטיין און סעבאַסטיאַן מינסטער האָט די איבערזעצונג פאַרעפנטלעכט מיט זיינע הערות [5]. מזרחי האָט אויך געשריבן אַ ווערק (ביאורים) וועגן עווקלידס געאָמעטריע, און אַ פּירוש אויף פּטאָלאָמייס באַרימט אַסטראָנאָמיש ווערק (ביאור על ספר אלמגסטי). מזרחים צוויי שו"ת־זאַמלונגען: „תשובות ושאלות" [6] און „מים עמוקים" [7]. האָבן אַ באַדייטנדיקן קולטור־היסטאָרישן ווערט, ווייל אין זיי שפּיגלט זיך בולט אָפּ דער לעבנסשטייגער פון יענער צייט [8].

---

1 ש. פּ. ראַבינאָוויטש ווייזט אָן אין „מוצאי גולה", 67, אַז אליהו מזרחי איז געבאָרן אין 1462. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. אין אַ אָפיציעלן דאָקומענט פונם יאָר 1518 (זע מזרחים שו"ת, נומ' 15) ווערט מזרחי אָנגערופן „יָשִׁיש", דאָס פּאַסט אָבער ווייניק פאַר אַ מענטשן, וואָס איז בלויז אַלט 56 יאָר.

2 ש"ות, סוף נומ' 56.

3 מזרחים פּירוש איז געווען אַזוי באַליבט, אַז עס האָבן זיך אַפילו געפונען אַ סך בעלנים, וואָס האָבן אויף דעם ווערק געשריבן זייערע פּירושים.

4 זע „מלא חפנים", 12. דער „ספר המספר" איז פאַרעפנטלעכט אין 1534.

5 אונטער דעם שווערוואָגיקן נאָמען: „קיצור המלאכת מספר אשר מלקט מספר הדרשות מספריות אשר ר' אליה מזרחי חבר ז"ל".

6 הונדערט נומערן, געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1560.

7 ניין־און־דרייסיק נומערן, פאַרעפנטלעכט אין ווענעדיק אין 1647.

8 זע, למשל, „תשובות ושאלות", נומ' 15, 25, 37–39, 46, 50–51, 53, 57, 61, 66 (מיט בערלינערס הוספה אין „קובץ על יד", VII); 68, 71, 79, 84.

נאָך דעם ווי ס'האָט אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער קהילה אויסגע־בראָכן די מחלוקת וועגן דער קאַראַימען־פראַגע, איז אליהו מזרחי גלייך שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די קנאים, וואָס האָבן געקעמפט מיטן גע־ווער פון חרמות און שופרות. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנד־פּונקט, אַז אין אַלע צייטן, פון גאָר קדמונישע ביז מיימוני און אויך פיל שפּעטער, פלעגן יידישע חכמים האַלטן זיך אין דעם כלל, אַז תורה און וויסן דאַרף מען משפיע זיין י ע ד ן ווער עס דורשט דערנאָך, ער מעג זיין יהיה מי שיהיה, אפילו פון אַן אַנדער אמונה. די קאַראַימען פון אונ־זער דור — שטרייכט מזרחי אונטער — זיינען שוין גאָר ניט די, וואָס פלעגן אין פריערדיקע דורות קעמפן קעגן דער תורה שבעל פה און אונזערע רבנים. די היינטיקע קאַראַימען פאַרדינען מיר זאָלן מיט זיי לעבן בשלום און אין פריינדשאַפט; און לערנען מיט זיי מעגן מיר אוודאי, וואָסערע למודים זיי ווילן: ניט נאָר אַלגעמיינע, נייערט אפילו רבנישע. אליהו מזרחי ווייס אָבער זייער גוט, אַז די קנאים, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מחלוקת, שרעקן מיט דער שטראָף פון „חרם" ניט אויס הימליש־רעלי־גיעזע, נאָר דער עיקר אויס ערדיש־מאַטעריעלע טעמים. און ער האָט דעם מוט עס אָפן אַרויסצוזאָגן.

„די אָבער, — זאָגט ווייטער אליהו מזרחי — וואָס שרעקן מיט „חרם" און אַנדערע האַרבע שטראָפן, זיי האַלטן עס מלחמה ניט לשם שמים, נאָר אויס זייטיקע קליינלעכע פניות. ראשית — אויס קנאה: זיי פאַרדריסט דער גרויסער כבוד, וואָס די קאַראַימען גיבן אָפּ זייערע יידישע לערער, והשנית — אויס שנאה צו די קאַראַימען, ווייל יענע פּראָטעסטירן קעגן דעם גרויסן וואָכער, וואָס אָט די דאָזיקע גאָטספאָרכטיקע קנאים נעמען ביי זיי פאַר הלוואות" [1].

אליהו מזרחי האָט מיט זיין אויטאָריטעט געשטילט די מחלוקת, און די קאַראַימישע יוגנט האָט ווייטער אומגעשטערט געלערנט תורה און חכמה ביי די יידישע תלמידי חכמים. צו דער זעלבער צייט איז אָבער געשען אַזוינס, וואָס האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם גאַנצן קולטורעל־גייסטיקן לעבן פון די יידן אין דער טערקישער מלוכה. די דאָ־זיקע אויסערסט וויכטיקע געשעעניש איז — דער גירוש ספרד, די פילע טויזנטער פאַרטריבענע שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע יידן, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די טערקישע האַפנשטעט.

---

1 מזרחים שו"ת, נומ' 57: „מפני שזה החרם לא נעשה לשם שמים ולא כונת תקון העולם... ולחזק הדת וקיומו, אבל זה החרם נעשה על צד הקנאה ושנאה שהיה לקצתם על המלמדים מצד הכבוד שהיו מקבלים מהקראים, וקצתם על הקראים עצמם מצד השנאה שנפלה ביניהם בסבת הרבית שהיו לוקחים מהם".

# צווייטער קאַפּיטל

די **גולי** ספרד אין טערקיי און זייער השפּעה אויף די צָרטיקע יידן. — גייע שטימונגען. — דער פאַרשטאַרקטער אינטערעס צו געשיכטס-באַשרייבונג. — יצחק עַקריש און תּם אבן יחיא. — די מיסטישע האָפענונגען וועגן גאולת המשיח. — די אימיגראַציע קיין ארץ-ישראל. — די עפּנטלעכע בריוו פון איטאַליענישע יידן אוים ארץ-ישראל. — עובדיה מבּרטנורא און זיינע בריוו איים ירושלים. — די רבּנישע זאַמלונג-ליטעראַטור און די מעסיאַנישע קבּלה. — יעקב בּירב און יעקב אבן חביב. — יוסף קאַרו אַלס פוסק; דער „בית יוסף" און דער „שולחן ערוך". — דוד ראובני און זיינע זכרונות. — שלמה מלכו אַלס פערזענלעכקייט; זיינע דרשות און זיין השפּעה אויף יוסף קאַרו. — יוסף קאַרו אַלס מיסטיקער און פאַרפאַסער פונם „מגיד מישרים".

אין דעם שלוס-קאַפּיטל פון דעם פאָריקן באַנד האָבּן מיר אָנגעוויזן [1], וואָסערע שרעקלעכע צרות און ליידן עס האָבּן איבערגעלעבּט אין משך פון 1492—98 די אוים שפּאַניע און פּאָרטוגאַל פאַרטריבּענע. עס נעמט אָן אַ שווידער, און דאָס בּלוט פאַרשטאַרט ממש אין די אָדערן בּעת מען לייענט די כראָניקעס פון יענער צייט, ווי עס ווערט פונאַנדערגעוויקלט די בּלוטיקע מגילה פון אוממענטשלעכע אַכזריותדיקע מעשים, פון אימהדיקע רציחות און רדיפות, וואָס האָבּן פאַרפאָלגט טריט אויף טריט איבּער דעם לאַנגן מאַרטירער-וועג די אומגליקלעכע נע-ונדניקעס, וועלכע האָבּן איבּער גאָר דער וועלט געזוכט אַ מקום מקלט צו געפינען דאָרט אַ אָפּדאַך און רו. ניין צענטל פון די נע-ונדניקעס זיינען אויפן וועג אומגעקומען, און בּלויז איינעם פון צען האָט אָפּגעגליקט צו דערגרייכן דעם געווינטשטן ציל און דערשלאָגן זיך צו אַזוינע בּרעגעס, ווי עס האָט אויף זיי ניט געלויערט קיין נייער טויטשרעק, קיין נייע רציחות און בּלוט-פאַרגיסונגען. צווישן די דאָזיקע געבּענטשטע בּרעגעס פון דערלייזונג

1 אויסער די דאָרט ציטירטע באַשרייבונגען פון יצחק אַבּרבּנאַל און חיוט, זע אויך „שבט יהודה" (נומ' 50—60); יוסף הכּהנם „עמק הבכא" (אויסגאַבּע, 1852, 84—85); אליהו קאַפּסאַלים „ליקוטים שונים", ז' 66—91.

פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט די האַפנשטעט פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה. מען דערציילט, אַז דער סולטאַן באַיאַזעט דער צווייטער, בעת מען האָט פאַר אים דערמאָנט דעם קיניג פערדינאַנד, וואָס האָט אויס שפּאַניע אַלע יידן אַרויסגעטריבן, האָט ער דערביי זיך אָפּגערופן: „ווי קאָנט איר עס רעכענען דעם קיניג פערדינאַנד פאַר אַ קלוגן מושל, אים — וואָס האָט אַזוי פאַראָרעמט זיין אייגן לאַנד און אונזער לאַנד רייך געמאַכט!" די טערקישע סולטאַנען האָבן טאַקע באַוויזן זייער ווייטן קוק פון פאַרשטאַנדיקע רעגירונגסמענער דערמיט, וואָס זיי האָבן אַזוי גערן און פריינדלעך אויפגענומען די גולי ספרד (אויס שפּאַניע פאַרטריבענע). אין דער יונגער, קריגעריש-פעאָדאַלער אָטאָמאַנישער מלוכה האָבן די הויך-געבילדעטע און אונטערנעמערישע ספרדים אַריינגעבראַכט אין לאַנד די רייכע זוימען פון בירגערלעכער קולטור, פון האַנדל און אינדוסטריע. זייער האַנדל איז געווען ברייט פאַרשפּרייט איבער ימען און יבשות; אַדאַנק זיי האָבן אין לאַנד אָנגעפאַנגען צו בליען קונסט און מלאָכות. אַפילו די מיליטערישע מאַכט פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה, האָבן ניט וויניק פאַרגרעסערט אָט די אויס שפּאַניע אַרויסגעטריבענע[1]. צווישן די ספרדים זיינען געווען געניטע טעכניקער, וואָס האָבן באַקאַנט די טערקן מיט די נייע המצאות אויפן געביט פון אַרטילעריע און שאָס-מאַשינען; זיי האָבן אויך געגרינדעט אין טערקיי נייע פאַבריקן אויף מאַכן פּולווער און גיסן האַרמאַטן.

גאָר פון אַן אַנדער שניט איז געווען די השפּעה פון די ספרדים אויף זייערע אייגענע ברידער — די טערקישע יידן. מיר האָבן שוין אין פריערדיקן קאַפּיטל געזען וואָסערע שטימונגען עס האָבן געוועלטיקט אין דעם וויכטיקסטן צענטער פון די טערקישע יידן — אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער קהילה. גרויס איז געווען דער אינטערעס צו וועלטלעכער בילדונג; דעם ביבלישן טעקסט האָט מען זיך געפליסט צו ערקלערן על דרך הפשט — אויף קלאָרן, ראַציאָנאַליסטישן שטייגער. צו קבלה האָט מען זיך פאַרהאַלטן גלייכגילטיק און קאַלט, און אַזוינע חשובע פאַרשטייער פון דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער קהילה, ווי כומטיינו און מזרחי, האָבן אַפילו געהאַלטן פאַר נייטיק אָפּן אַרויסטרעטן קעגן מיסטישע פּירושים און וועלכע ס'איז שטרעבונגען צו זוכן סודות און רמזים פון

1 וועגן דעם זאָגן, אַגב, עדות צוויי שריפטשטעלער פון יענער צייט: איינער אַ קריסט, ניקאָלאַוס דע ניקאָלאַי (Nicolaus de N'colay) אין זיין באַשרייבונג „Les Navigation eu Turque" און דער צווייטער, אַ ייד, יוסף הכהן, אין זיין „עמק הבכא" (ז' 148).

קבלה און רעליגיעזע מצוות און געזעצן [1]. אין דער זעלבער צייט האָט אויך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געלעבט אַזאַ אַנטשיידענער קבלה־קעגנער ווי אליהו דילמידיגוס תּלמיד, שאול כּהן אשכנזי, וואָס האָט געלייענט לעק־ציעס וועגן פילאָזאָפיע פאַר אַ ברייטן קרייז צוהערער [2]. גאַנץ אַנדערע שטימונגען האָבן דאָרט אָנגעפאַנגען צו געוועלטיקן אין דער התחלה פונם 16טן י״ה, און דאָס טאַקע אונטער דער השפּעה פון די איינגעוואַנדערטע ספרדים. אײדער מיר װעלן איבערגיין אָט צו די דאָזיקע נייע שטימונגען, וואָס האָבן באַלד פאַרנומען דעם גאַנצן פאָדערגרונט פון דעם קולטורעלן לעבן ביי די טערקישע יידן, מוזן מיר קודם־כּל אָנווייזן, אַז אויך אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער קהילה האָט זיך דעמאָלט געשטאַרקט, ווי אין איטאַליע צו יענער צייט, דער אינטערעס צו דעם ליטעראַרישן געביט, וואָס איז פריער אַזוי פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן ביי יידן — צו געשיכטע און היסטאָרישע באַשרייבונגען. די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן דעם יידישן קיבוץ אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, די אימהדיקע ליידן, וואָס די פאַרטריבענע זיינען אויסגעשטאַנען, האָבן ערשיטערט די הערצער און זיי אָנגעפילט מיט נאַציאָנאַלן טרויער. מען האָט צוגעזען, ווי עס ווערט חרוב אַ גאַנצע יידישע וועלט, ווי הונדערטער טויזנטער זיי־נען זיך מוסר־נפש פאַר זייער אמונה — האָט זיך געשטאַרקט דער חשק צו פאַרשרייבן פאַר די קומענדיקע דורות די גוואַלטיקע געשעענישן, איינקריצן אין זכרון, מיט וואָס פאַר אַ העלדישקייט דאָס פאָלק איז ביינגע־שטאַנען דעם גרויסן נסיון. דאָ אין טערקיי האָט יוסף אבן ווערגאַ, וואָס האָט זיך באַזעצט אין אַדריאַנאָפּאָל, פאַרענדיקט די טרויעריקע כראָניק פון רדיפות און גזירות „שבט יהודה״ [3]. אַ שטענדיקער נע־ונדניק, דער קאַליקע מיט די לאָמע פיס, יצחק עקריש, האָט זיך גע־שטעלט פאַר זיין אויפגאַבע: ארויסראַטעווען פון פאַרגעסנהייט וויכטיקע היסטאָרישע דאָקומענטן. און אים געלינגט טאַקע צו פאַרעפנטלעכן אַזוינע וויכטיקע אַרבעטן, ווי די בריוו, מיט וועלכע עם האָבן זיך צוגויפגעשריבן

---

1 זע כומטיינוס אויבן־ציטירטע הקדמה צו זיין פירוש אויף תורה און מזרחים ערקלערונג אין זיינע שו״ת (נומ׳ 1): „כל דבר ודבר שלא הוזכר לא בתלמוד בבלי ולא בתלמוד ירושלמי ולא דברי בו הפוסקים אשר מפיהם אנו חיים ועליהם אנו סומכים כל עניני הדת בכלל אין אנו יכולים להכריח בו אע״פ שבעלי הקבלח דברו בו..״

2 זע יש״ר מקאנדיא, „מצרף לחכמה״: „שאול הכהן... ירד לעיר הגדולה קוסטנטינא והיה שם מלמד ליקירי הארץ חכמת הפילוסופיא והנלוה לה ועדין רושם חכמתו ניכר בכמה כתבים והגהות נמצאים בספרים בידי הרבנים והקראים שהם גנוזים באוצרותם״.

3 זע פריער ז׳ 20 א״וו.

דער יידישער מיניסטער חסדאי אבן שפּרוט מיט דעם כּוזרישן מלך, די לעבנסבּאַשרייבונג פון דעם באַקאַנטן ראש־גלותא בוסתּנאי, און אַפּודים באַרימטן פּאַמפלעט ,,אל תּהי כּאבותיך״. איינער פון די גולי ספרד, דער אַרצט שמואל שולאַם, וואָס האָט זיך נאָך גרויסע מאַטערנישן דערשלאָגן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט פאַרעפנטלעכט, מיט שטאַרקע קירצונגען און שינויים, אברהם זכּותאס ,,יוחסין״, ווו ער האָט צום סוף צוגעגעבן אַ ספּעציעלע כראָניק, צונויפגעשטעלט לויט אַראַבּישע און לאַטיינישע קוועלן, און אויך דעם שרירא גאונס באַקאַנטן ,,בּריוו״, וואָס איז אַזאַ וויכטיקע קוועלע פאַר דער געשיכטע פון נאָך דער תּלמודישער און גאונישער תּקופה[1]. דער געלערנטער ספרדי יעקב תּם בּן דוד [2] אבן יחיא האָט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַרעפנטלעכט (1510) דעם באַקאַנטן ,,יוסיפון״, וואָס קיינער איז דעמאָלט אין ספק ניט געווען, אַז דאָס איז אַ קדמונייש ספר און יוסף בּן גוריון איז זיין פאַרפאַסער. כאַראַקטעריסטיש איז די הקדמה, אין וועלכער אבן יחיא האַלט פאַר נייטיק אָנצוווייזן אויס וואָסערע מאָטיוון ער האָט אָנגענומען דעם באַשלוס דעם ,,יוסיפון״ צו פאַרעפנטלעכן:

,,איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן מיטגעזען דעם ביטערן גירוש; איך האָב געזען, ווי מען האָט מיינע ברידער געיאָגט מיט גיפטיקן צאָרן פון לאַנד צו לאַנד, פון איין פאָלק צום אַנדערן, און אין ערגעץ קיין רו ניט געפונען — בלויז חיהשע שנאה און גרויזאַמע ווילדע רציחה... אַ טויט־שרעק האָט אָנגעכאַפּט דאָס פאַרוואָגלטע פאָלק, קאַלטער יאוש האָט זיין האַרץ דערפרוירט. וואָרעם עס געדענקט ניט דאָס פאָלק, וואָס מיט אים האָט אין אַמאָליקע צייטן פּאַסירט, עס ווייס ניט וואָסערע צרות און ליידן עס האָט איבערגעטראָגן אין פריערדיקע דורות און פאַרוואָס איז דאָס גרויסע אומגליק געשען. און אָט דאָס ניט ווייסן — איז אַ גוואַלדיקער שאָדן בפרט אין אונזערע שווערע טעג. וואָרעם גרויס וואָלט געווען די טרייסט פאַר די דערשלאָגענע געמיטער, ווען זיי זאָלן ווייסן, אַז זייערע

---

[1] דער זעלבער שולאַם האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ העברעיִשע איבערזעצונג פו יוסף פלאַוויוס „קעגן־אַפּיאָן“.

[2] דוד אבן יחיא איז געווען רב אין ליסאַבאָן. דער מלך יאָהאַן דער צווייטער האָט אים פאַרמשפּט אין 1475 צום טויט פאַר אַ בילבול, אַז ער זאָל האָבן אָגיטירט צווישן די מאַראַנען זיי זאָלן זיך צוריקקערן צום יידישן דת. אים איז אָבער געלונגען אַנטלויפן פון דער תּפיסה און ער האָט זיך דערשלאָגן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָרט האָט ער אין 1506 פאַרעפנטלעכט זיין העברעיִשע גראַמאַטיק „לשון למודים“. די צום סוף פונם ווערק אָפּגעדרוקטע אַרבעט „שקל הקודש“ וועגן העברעיִשער פּאָעטיק איז ניט פאַרפאַסט פון אבן יחיא, נאָר פון אַן אומבאַקאַנטן פאַרפאַסער (דערויף האָט שוין אויפמערקזאַם געמאַכט ש. ד. לוצאַטו („אגרות שד״ל״) און עס האָבן דערנאָך באַשטעטיקט שטיינשניידער און בּן־יעקב).

אָבות האָבן שווער געליטן בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעווענדט פון גאָטס וועג, און ווי נאָר זיי האָבן זייערע הערצער צוריקגעקערט צו גאָט, האָט ער זיינע גרויסע וווּנדער באַוויזן און זיי אויסגעלייזט מיט זיין שטאַרקער האַנט פון פיין און נויט".

אָט דערפאַר טאַקע, בכדי צו באַקענען מיט אַלץ, וואָס ס'האָט פּאַסירט אין די פאַרגאַנגענע צייטן, האָט אבן יחיא באַשלאָסן דעם „יוסיפון" צו פאַרעפנטלעכן: זאָלן אַלע זען, אַז די לעצטע געשעענישן פונם לעצטן דור זיינען כלל קיין נייס ניט, זאָל דאָס פאָלק „אין דעם פאַרגאַנגענעם זען אַן אָנזאָג פאַר די קומענדיקע דורות" (ולמה שנקוה כי מהעבר ילקח ראיה אל העתיד).

אָט דאָס זוכן אין דער מסורת אָבות דעם בעכער פון טרייסט, דער הייסער ווונטש צו געפינען אין די פאַרגאַנגענע דורות די פעסטע הבטחה אויף באַלדיקער גאולה — די דאָזיקע שטימונג ווערט אַלץ בולטער ביי די גולי ספרד, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט באַזעצט אין דער טערקיי נאָך זייער שרעקלעך שווערן וואָגל.

זייער טיפּיש איז אין דער הינזיכט דער רייך־באַגאַבטער און פילאָזאָפיש־געבילדעטער מיסטיקער, אברהם בן אליעזר הלוי, וואָס זיין פּערזענלעכקייט האָט ערשט גאָר אין דער לעצטער צייט באַקומען איר געהעריקע אָפּשאַצונג אַדאַנק דעם באַוווּסטן קבלה־פאָרשער גרשום שלום [1]. אברהם הלוי, דעם געלערנטן אברהם זכותאס שוואָגער, איז געבאָרן אין שפּאַניע בערך אין 1460; נאָכן גירוש פירט ער אַ וואַנדער־לעבן: פאַרבראַכט אַ שטיק צייט אין גריכנלאַנד, דערנאָך אין איטאַליע, פון דאָרט האָט ער זיך באַזעצט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די שרעקלעכע געשעענישן האָבן אין אים געשטאַרקט די מיסטיש־משיחישע שטימונגען; ער זעט אין דער ניצחונדיקער אָטאָמאַנישער מלוכה גאָטס שליח, און איז זיכער, אַז טערקיי וועט באַלד איינגעמען רוים און די גאַנצע קריסטלעכע וועלט. ווי יצחק אַברבנאל, אַזוי האָט אויך אברהם הלוי געזוכט און אַרויסגעפונען אויס דעם ספר דניאל, אַז אינם יאָר 1524 וועט זיך אָנהייבן די אתחלתא דגאולה, און אין 1530 וועט משיח זיך אַנטפּלעקן אין גליל העליון [2]. ער וויל דערוייל שטאַרקן די פאַראומערטע הערצער, דערוועקן אין זיין דור דעם ברען פון מסירת־נפש, און ער פאַרפאַסט זיין וווּנדערבאַרן דרוש „מגלת אמרפל", וואָס שטיצט זיך אויף די פסוקים פון „שיר השירים": „מי זאת עולה מן המדבר מתרפקת על דודה" און „כי עזה

[1] זע זיין גרינדלעכע אַרבעט, „קרית ספר", II, 101—141, 269—273, VII, 149—165.

[2] דאָרטן, II, 136—137.

כמות אהבה". די דאָזיקע דרשה, וואָס איז ליידער אויפגעהיט געוואָרן בלויז אין פראַגמענט, איז איינע פון די אינטערעסאַנטסטע ליטעראַרישע דענקמעלער, וועלכע זיינען אונז פאַרבליבן פון די מיסטיקער אויס די גולי ספרד. דאָס איז אַ פלאַמענדיקע אַפּאָטעאָזע פון קידוש־השם און מסירת־נפש, אַ התלהבותדיק־פּאַטעטישער שיר השירים וועגן מיסטישער פייערדיקער ליבע צום באַשעפער, וועלכע איז שטאַרקער ניט נאָר פונם טויט, נאָר אויך פון אוממענטשלעכע ליידן און יסורים. דער מיט זיסן עקסטאַז אָנגעפילטער גייסט איז גובר דעם שוואַכן חומר, און אויף אַלע גרויזאַמע עינויים און שרעקלעכסטע ליידן, וואָס די תלינים טראַכטן צו, ענטפערט דער „קדוש" מיט מתיקות: „אַ ייד בין איך, אַ ייד וועל איך בלייבן, אַ ייד וועל איך שטאַרבן, אַ ייד, אַ ייד, אַ ייד"...[1].

אברהם הלוי האָט פאַרלאָזן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, געלאָזט זיך קיין ארץ־ישראל און דאָרט מיט באַגייסטערונג פּאַרקינדיקט די באַלדיקע גאולה[2].

אָט די משיחיש־מיסטישע שטרעמונגען האָבן זינט דער התחלה פונם 16טן י"ה פאַרנומען דעם גאַנצן אויבנאָן אין דעם ליטעראַרישן שאַפן פון די יידן אין טערקיי. אָבער דער וויכטיקסטער צענטער פאַר ליטעראַרישן שאַפן איז שוין געווען נִיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווי אין פריערדיקן דור — זיין אָרט פאַרנעמט שוין סאַלאָניקי און, קודם־כל, דאָס לאַנד וווּהין דער מיסטיקער אברהם הלוי האָט זיך געלאָזן — דאָס לאַנד פון די אָבות, ארץ־ישראל, מיט איר נייעם קולטור־צענטער — אין ווייטן גליל פאַרוואָרפענעם צפת...

* * *

אין דער תקופה פון די קרייץ־צוגן, בעת ארץ־ישראל איז געווען דער קאַמף־פּלאַץ פאַרן גרויסן געראַנגל צווישן צוויי וועלטן — דער קריסטלעכער און מוסלמענישער, איז דאָרט דער יידישער ישוב כמעט אינגאַנצן חרוב געוואָרן. דער באַרימטער רייזנדער, בנימין אויס טודעלאַ, וואָס האָט באַזוכט ארץ־ישראל אין סוף זעכציקער יאָרן פונם צוועלפטן י"ה, דערציילט, אַז ער האָט אין ירושלים געטראָפן בלויז פיר יידישע פאַמיליעס, אין בית לחם — 12 יידישע איינוווינער, אין יפו און אין יזרעאל צוזאַמען בלויז צוויי יידן. אין דער התחלה פונם 13טן י"ה האָט זיך אפילו געשטאַרקט די אימיגראַציע פון די אייראָפּעישע

---

1 דאָרטן, VII, 153.

2 אברהם הלוי איז געשטאָרבן בערך אין 1530.

קהילות קיין ארץ־ישראל; אין 1211 האָבן גאַנצע 300 רבנים אויס ענגלאַנד און צפון־פראַנקרייך זיך געלאָזט אין דעם לאַנד פון די אָבות און דאָרט זיך באַזעצט. אינם יאָר 1260 זיינען אָבער ארץ־ישראל באַפאַלן גוואַלטיקע מחנות טאַטערן, וואָס האָבן חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, און ווען ס'איז אַהין אין זיבן יאָר אַרום געקומען דער רמב"ן, האָט ער אין ירושלים געטראָפן בלויז צוויי יידישע פאַרבער. זיינע פּרוּוון צו פאַרגרעסערן דעם יידישן ישוב און שאַפן אין ירושלים אַ קולטור־צענטער, האָבן קיין באַזונדערן ערפאָלג ניט געהאַט. דערפאַר אָבער, בעת צום סוף 13טן י"ה האָבן זיך זייער געשטאַרקט די רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד, האָבן זיך קיין ירושלים אַ לאָז געטאָן גאַנצע גרופּעס אַנטלאָפענע אשכנזישע יידן. אין דער רענעסאַנס־תקופה האָט זיך אויך ביי די איטאַליענישע יידן געשטאַרקט דער דראַנג צום לאַנד פון די אָבות. און אָט די דאָזיקע ראָמאַנטישע בענקשאַפט נאָך ציון האָט באַרייכערט די העברעישע ליטעראַטור מיט אַ גאַנצער צאָל דאָקומענטן און עפּנטלעכע בריוו, וואָס האָבן אַ באַדייטנדיקן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס. טיפּיש איז, למשל, דער בריוו, וואָס ס'האָט געשיקט אין 1438 דער איטאַליענישער אַרצט און רב ר' אליהו אויס ירושלים קיין איטאַליע. ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים אין 1434, ווו ער איז געווען דיין און ראש־ישיבה. ער רעכנט אויס אין זיין בריוו [1] די אַלע מלאָכות און פּרנסות, מיט וועלכע די אָרטיקע יידן פאַרנעמען זיך. דער געבילדעטער איטאַליענישער אַרצט האַלט אָבער פאַר נייטיק אָנצווייזן, ווי אומגעבילדעט די אָרטיקע יידן זיינען, און ער איז דערביי מיט פאַרביטערונג מוסיף: „ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אין מעדיצין זיינען זיי ממש אייזלען" (אין צריך לומר במלאכת הרפואה שכלם חמורים). באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען אָבער די בריוו, וואָס ס'האָט געשיקט אויס ירושלים מיט פופציק יאָר שפּעטער אַ צווייטער איטאַליענישער געלערנטער — דער באַרימטער משנה־ערקלערער עובדיה יַרַא מברטנורא, וואָס איז באַקאַנט ביי יידן אונטערן פאַרקירצטן נאָמען „דער באַרטענורא". ניט אומזיסט האָט אויפן געביט פון עקסעגעזע עובדיה יַרא זיך געשטעלט אַלס העכסטן מוסטער די גאונים רש"י און דעם רמב"ם. זיין פּירוש אויף משניות איז אַן אמת מייסטערווערק פון קלאָרקייט און פשטות. ווי נאָר דער פּירוש איז אַרויס פון דרוק

[1] דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט אין „דברי חכמים", 1849, 61–63. פון די פיל אַנדערע בריוו, וואָס איטאַליענישע יידן האָבן געשריבן פון ארץ־ישראל, איז כדאי צו דערמאָנען די פּאַלעסטינע־באַשרייבונג פון אַן אַנאָנימען פאַרפאַסער אויס דעם יאָר 1522, פאַרעפנטלעכט אין „שבחי ירושלים", 1785, 15—26.

(1549), איז ער גלייך אָנגענומען געוואָרן בכל תפוצות ישראל, מען דרוקט אים עד־היום צוזאַמען מיט אַלע משניות־אויסגאַבן און אַז דער קריסטלעכער געלערנטער סירענהוזיוס האָט איבערגעזעצט אויף לאַטיין (1698—1703) דעם משניות, האָט ער דעם ברטנוראס פירוש אויך איבערגעזעצט. אין 1486 האָט זיך דער ברטנורא געלאָזט פון איטאַליע קיין ארץ־ישראל; אַנדערטהאַלבן יאָר האָט זיך געצויגן די נסיעה זיינע איבער גריכנלאַנד און מצרים. אַ מענטש מיט אַ שאַרף אויג און אַ גוטן באַאָבאַכטער, גיט ער אין זיינע בריוו [1] אינטערעסאַנטע ידיעות וועגן דעם סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן אין גריכנלאַנד, מצרים און ארץ־ישראל. ארץ־ישראל האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער ממשלה פון די געלטגיריקע סולטאַנען־מאַמעליוקן, וואָס האָבן אומברחמנותדיק געדריקט די באַפעלקערונג מיט גרויסע שטייערן און אָפענער גזילה [2]. מחנות רויבערישע באַאַמטע האָבן ווי די הייסעריקן געפרעסן די פרוכט פונם לאַנד. קיין אויסנאַם האָבן אין דער הינזיכט ניט געמאַכט אויך די יידישע באַאַמטע, די ראשים פון דער קהילה. אויף זיי איז געווען חל דאָס זאַמלען פון שטייערן ביי דער יידישער באַפעלקערונג, און זיי האָבן זיך ניט אָפּ־געשטעלט פאַר קיין שום רשעות און נגישות, אַבי נושא חן זיין ביי די שררות. און דער ברטנורא גיט אין זיין גרויסן בריוו, וואָס ער האָט גע־שיקט זיין פאָטער אין איטאַליע, אַ אימהדיק טרויעריק בילד, ווי שטאַרק פאַרדאָרבן און דעמאָראַליזירט ס'איז דעמאָלט געווען דער גאַנצער לעבנס־שטייגער פון דער קהילה אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. אַפילו אַזאַ רויִקער און געלאַסענער מענטש ווי דער ברטנורא איז געווען, רעדט ער מיט גרויס צאָרן וועגן די „זקנים הרשעים", וואָס בילדן איין באַנדע מיט די „מוסרים און מלשינים". די גאַנצע לאַסט פון די גרויסע שטייערן האָבן די דאָזיקע „זקנים הרשעים" געפלייסט זיך אַרויפלייגן אויף די פרעמדע אָנגעקומענע — די אויס דייטשלאַנד אַנטלאָפענע [3]. עס איז

[1] עובדיה מברטנורא האָט געשריבן פון ארץ־ישראל דריי בריוו: איינעם זיין פאָטער, דעם צווייטן זיין ברודער און דעם דריטן אַן אומבאַקאַנטער פערזאָן. געדרוקט זיינען בלויז די ערשטע צוויי; זיי האָט צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אַד. נייבויער אין „יאַהרבוך פ. די געשיכטע ד. יודען", III, 195—270. ליידער איז דער טעקסט שטאַרק פאַרגרייזט (באַריכות וועגן דעם זע: משה קאַסוטו אין זאַמלווערק „וזאת ליהודה", 296—301).

[2] עובדיה מברטנורא שרייבט אין זיין ערשטן בריוו פון יאָר 1488: „היתה סכנה ליהודי ללכת שם כי הממֻלוקי בעת ההיא חובטים ומכים ושוללים לכל אשר ימצאו גם ליהודי, גם לישמעאל".

[3] דער גרעסטער דייטשער רב פון יענער צייט, ר' ישראל איסרלין, ערקלערט אָפן אין זיין „תרומת הדשן" (נומ' 88): „בודאי שבח גדול ומעלה יתרה יש לו

דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די אַשכּנזישע יידן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון דער שטאָט און איבערגעלאָזט זייערע פאַמיליעס אויף גאָטס באַראָט. „אויף אַזאַ אופן — דערציילט עובדיה מבּרטנורא — זיינען פון דריי הונדערט בּאַלעבּאַטים געבּליבּן אויפן אָרט סך־הכּל 70. די „זקנים", דאָס הייסט — די ראשי הקהילה, בּכדי ניט אָנצוּווערן דעם חן בּיי די שררות און איינצאָלן צו דער צייט די שטייערן, האָבּן אויספאַרקויפט די שפּיטאָלן, די כּלים פון די שולן, די כּתרים און אַנדערע בּאַפּוצונגען פון די ספר־תּורות, און אַפילו די ספר־תּורות גופא, וואָס אויף זיי זיינען געווען אַ סך בּעלנים אין דער קריסטלעכער איירָאָפּע"[1]. „איך בּין זיכער — שרייבּט עובדיה מבּרטנורא, — אַז ווען ס'זאָלן זיך דאָ בּאַווייזן אַ פאַרשטענדיקער און געניטער כּלל־טוער, וואָלט ער גלייך געוואָרן דער מנהיג און דער ריכטער ניט נאָר בּיי די יידן, נייערט אויך בּיי די ישמעאלים. דאָס איז אָבער די צרה, וואָס אין די היגע קאַנטן איז ניטאָ קיין איין בּכּבודיקער געשעפטס־פאַרשטענדיקער מענטש, וואָס זאָל זיין אַ מעורב עם הבּריות — אַלע זיינען לויטער ווילדע מענטשן, קאָנען מיט קיינעם ניט אויסקומען און זיינען לויער נאָר נאָך געלט"[2].

דעם עניו בּרטנורא איז גאָר אויפן געדאַנק ניט געקומען, אַז דער „נבון וחכם בּהנהגת המדינות", וועלכער איז געווען אַזוי נייטיק פאַרן אָרטיקן ישוב — דאָס איז טאַקע ער גופא. מיט זיין קומען אין 1488 קיין ירושלים פאַנגט זיך אָן אַ נייע תּקופה ניט נאָר פאַר דער אָרטיקער קהילה, נייערט פאַרן גאַנצן פאַלעסטינישן ישוב. ער איז געווען ווי געמאַסטן פאַר דער פאַראַנטוואָרטלעכער ראָלע אויפצולעבּן דעם קולטור־צענטער אין דער אַלטער חרובער היים און צוגרייטן די פאַסיקע סביבה פאַר די צאָלרייכע ספרדים, וואָס וועלן זיך בּאַלד בּאַזעצן אין לאַנד. אַ בּאַדייטנדיקער געלערנטער, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער[3], אַן ענער־

---

לאדם הַדָּר בארץ ישראל, אמנם שמענו כמה פעמים שיש שם בני ברית מערביים נחשבים לרשעים גמורים, מוסרים מפורסמים והם טורדים ומבלבלים האשכנזים שהם שומרי תורה".

1 יאַהרבּוך אַאַז"וו, III, 209, 213.

2 דאָרטן, 213: „לפי דעתי אם היה בארץ הזאת איש נבון וחכם בהנהגת המדינות, היה שר ושופט גם ליהודים גם לישמעאלים, כי אין בכל היהודים אשר במחוזות אלו חרש חרשים ונבון דבר להיות דעתו מעורבת עם הבריות כי כולם אנשי מדבריים שונאים את הבריות ואין עיניהם ולבם כי אם אל בצעם".

3 דער בּרטנורא גופא שרייבּט זיין בּרודער וועגן דעם רושם, וואָס זיינע פּרעדיקן מאַכן אויף די צוהערער: „ואני דורש לקהל פה פעמַים בחדש בבית הכנסת בלשון הקודש כי רובם מבינים בלשון הקדש והנני להם כשיר עגבים, יפה קול ומטיב נגן ומהללים ומשבחים את דרשותי". וועגן בּרטנוראס פּרעדיקן זע אויך דעם בּריוו פון אַן אומבּאַקאַנטן אוים דעם יאָר 1495 (דאָרטן, III, 282).

גישער כלל־טוער און דערצו נאָך געבענטשט מיט אַן איידעלער צאַרטער נשמה — איז דער ברטנורא באַלד פון אַלעמען אָנערקענט געוואָרן אַלס דער מנהיג הדור, דער גלענצנדיקער פאַרטרעטער פון יושר און גערעכטיקייט. אַפילו די „זקנים הרשעים״ האָבן געמוזט נכנע ווערן קעגן זיין מאָראַלישער קראַפט, און באַלד נאָכדעם ווי ער איז אָנגעקומען קיין ירושלים, איז ער געוואָרן דער גייסטיקער פאָרשטייער פון דער קהילה, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין אַזאַ טראַגישער לאַגע. עס איז אויפגעהיט געוואָרן אַ בריוו פון אַן אַנדער איטאַליענישן יידן (זיין נאָמען איז אומבאַקאַנט געבליבן), וואָס האָט אויך אין יענער צייט אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל, און דער דאָזיקער בריוו, געשריבן אין ירושלים אין יאָר 1495 [1], גיט אַ קלאָר בילד וועגן דער ראָלע, וואָס ברטנורא האָט דאָרט געשפּילט, און ווי אומגעהייער גרויס זיין אויטאָריטעט איז געווען ניט בלויז אין ירושלים, נאָר איבערן גאַנצן לאַנד. „גרויס איז דער דאָזיקער מאַן, — שרייבט מיט התפעלות דער אומבאַקאַנטער, — אַלץ פירט זיך לויט זיין באַפעל, און זיין איינוויליקונג ווערט גאָרניט אונטערנומען. אַפילו אין מצרים און אין בבל רעכענען זיך אַלע מיט זיין ווילן, און אויך ביי די ישמעאלים איז ער שטאַרק אָנגענומען, און זיי גיבן אים אים אָפּ דעם גרעסטן כבוד״ [2]. דער יידישער ישוב האָט שוין דעמאָלט דערגרייכט ביז 200 פאַמיליעס, כאָטש די גולי ספרד האָבן נאָך דערווייל אויסגעמיטן פּאַלעסטינע און האָבן מורא געהאַט זיך דאָרטן צו באַזעצן, ווייל דער ווילדער תוהו ובוהו, וואָס האָט געוועלטיקט אין לאַנד בשעת דער ממשלה פון די מאַמעליוקן, ווען קיינער איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן, האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ פחד [3]. די מאַסן־אימיגראַציע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן זינט 1517, נאָכדעם ווי סעלים דער ערשטער האָט אָפּגענומען ביי די מאַמעליוקן סיריע מיט פּאַלעסטינע און האָט פאַרשפּרייט זיין ממשלה איבער גאַנץ מצרים. די דאָזיקע גרויסע ניצחונות האָבן געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם אין די יידישע קרייזן. זיי

---

1 פאַרעפנטלעכט אויך אין יאַהרבוך, III, 273—284.

2 דאָרטן, 280—282: „הנישא והנעלה מאור הגולה אביר הרועים מוהר״ר עובדיה יצ״ו... והאיש גדול מאוד ועל פיו ישק כל הארץ ובלעדו לא ירים איש את ידו ומקצוי הארץ אליו גויים ידרושו ואחרי דבריו לא ישנו וגם במצרים ובבל ובכל הארצות האלה יגזור אומר ויקם לו, ואפילו הישמעאלים מכבדים אותו ויראים ממנו.. והוא ענָו ושפל רוח עד מאוד ודבריו ערבים ודעתו נוטה עם הבריות וכל עמים יאשרוהו ועליו יאמרו: אין זה ילוד אשה״.

3 דער פריער דערמאָנטער אַנאָנימער פאַרפאַסער קלאָגט זיך אין זיין בריוו: „כי בכל הארצות האלה לית דין ולית דיין ובפרט ליהודים נגד הישמעאלים״.

האָבן דאָך אין דעם טערקישן סולטאַן געזען „דעם שפּראָצלינג פון כּורש", און איצט געפינט זיך אונטער זיין ממשלה דאָס לאַנד פון די אָבות. אויפ־געלעבט האָבן די שענסטע האָפענונגען, און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די מער מיסטיש געשטימטע פון די גולי ספרד האָבן פון אַלע טערקישע פּראָווינצן אויסגעוויילט דווקא ארץ־ישראל דאָרט זיך צו באַ־זעצן. אין משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט האָבן זיך אין ירושלים און אין צפת געבילדעט צוויי גרויסע יידישע קהילות, ווו דאָס רוב איז באַשטאַנען פון פאַנטאַסטישע טרוימער און התלהבותדיקע מיסטיקער, פול מיט הייסער האָפענונג אויף באַלדיקער גאולה.

אָט אין דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער סביבה האָבן זיך אַנטוויקלט און אַמבולטסטן אַנטפּלעקט די צוויי שטרעמונגען, וואָס האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן פאָדערגרונט פון דער יידישער קולטור אין משך פון די וויי־טערדיקע דריי יאָרהונדערטער. מיר האָבן שוין פריער געזען, ווי אַזוי די גוואַלטיקע קאַטאַסטראָפע האָט געבראָכן די גייסטיקע כּוחות פונם קולטור־רייכסטן יידישן קיבוץ — די גולי ספרד. נאָך די אויסגעשטאַנענע גרויסע ליידן האָבן זיי זיך איינגאַנצן דערווייטערט פון פילאָזאָפישן פאָרשן, ווייל זיי האָבן אין אים געזען דעם מקור פון אַלע זייערע צרות. אַלץ מער פאַרמרה־שחורהט ווערט די יידישע גייסטיקע וועלט, אַלץ שאַרפער ווערט די מחיצה, וואָס טיילט אָפּ דעם יידן פון דער אויסן־וועלט מיט איר קולטור. מען פאַרמעסט זיך שוין ניט אויף שאַפן נייע קולטורעלע ווערטן — אַלע כּוחות ווערן אָנגעווענדט בלויז אויף צו זאַמלען און אויפהיטן מיט ליבע און גרויס התמדה די גאַנצע גייסטיקע רעלי־גיעזע ירושה פון די פריערדיקע דורות, סיסטעמאַטיזירן לויט דעם שטרענגסטן סדר אַלע דינים און געזעצן מיט זייערע פאַרצווייגונגען און ווייטערדיקע פּירושים. צו דער זעלבער צייט האָט אָבער רייך אויפגעבליט די אייגנאַרטיקע בלום פון דער ירידה־תּקופה — די מעסיאַנישע קבלה מיט איר מיסטישן גרונט־געדאַנק וועגן „תיקון עולם במלכות שדי" — אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט דורך אַסקעטישער פּרישות, דורך סיגופים און התלהבותדיקע תּפילות. די דורך גרויסע ליידן ערשיטערטע נשמות האָבן מיטן גאַנצן בּרען זיך אָפּגעגעבן דעם זיסן חלום וועגן „כּולו זכּאי": אַז מען קאָן דערנענטערן די גאולה דורך דעם, וואָס מען באַפרייט דעם ליכטיקן פונק פון דער פינסטערער קליפּה, „דעם גוטן קערן פון דער זינדיקער שאָלעכץ". די שטרענגע אַסקעזע, וואָס דער מקובל דער בעל „ספר הפּליאה" און „הקנה" האָט מיט אַזאַ פייער פּראָקלאַמירט, האָט איינגעהילט די קבלה אין אַ מרה־שחורהדיקן לבוש, און די דאָזיקע אַס־קעטישע טענדענץ האָט זיך באַזונדערס געשטאַרקט אויפן פּאַלעסטינישן

באָדן, ביז זי האָט דערגרייכט די לעצטע גרענעץ און אָנגענומען אַזוינע פאָרמען, וואָס זיינען, ווי מיר וועלן ווייטער זען, פאַרבונדן מיט גאַנץ טרויעריקע דערשיינונגען אין דער געשיכטע פון דער יידישער מיסטיק...

אָט די דאָזיקע צוויי שטרעמונגען: זאַמלען און סיסטעמאַטיזירן די ירושה פוגם רבנישן יידנטום, און די קראַנקהאַפטע ליבע צו קבלה־מעשית — זיי האָבן זיך ניט געצויגן אויף באַזונדערע וועגן, נייערט אָפט זיך ברידערלעך צוזאַמענגעפלאָכטן און געשעפט יניקה פון איין קוואַל. אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט דער שוין פריער דערמאָנטער קולטור־צענטער צפת. די דאָזיקע ווייטע גליל־שטאָט איז געוואָרן דער באַליבטער זאַמלפונקט פון התלהבותדיקע מיסטיקער, וואָס האָבן מיט השבעות געוואָלט דערנענטערן דעם „קץ‟ און מיט תפילות און סגופים אויסלייזן די וועלט. און טאַקע דאָרט גופא האָט די רבנישע וועלט, בראש מיטן באַרימטן רב יעקב בירב [1], געפרוווט גרינדן אַ נייעם נאַציאָנאַל־געזעצגעבערישן אינסטיטוט, וואָס זיין גלייכן איז ניט געווען זינט דער סנהדרין איז בטל געוואָרן. ווייל דער „קץ‟ איז געווען אַזוי נאָענט, און ארץ־ישראל איז דאָך געווען אין די הענט פון „כורשם שפראָצלינג‟, האָט מען באַצייטנס געדאַרפט טראַכטן וועגן אַ נייעם סנהדרין, וואָרעם — „אין בן דוד בא‟, משיח קאָן ניט קומען כל־זמן אינם הייליקן לאַנד וועט ניט זיין געגרינדעט דער גרויסער בית־דין, וואָס האָט דאָס רעכט אויף „סמיכה‟, ד״ה סומך זיין רבנים און געבן זיי די פולמאַכט אויף צו ווערן געזעצגעבערס און ערקלערער פון תורת משה... [2].

---

[1] ווי ווייט בירב איז געווען באַרימט שוין אין די יונגע יאָרן, זאָגט עדות פאָלגנדיקער פאַקט: בעת ער האָט נאָכן גרויסן גירוש אויס שפאַניע זיך דערלאַנגט (1492) קיין פעץ, האָט די דאָרטיקע קהילה אים גלייך אויסגעקליבן פאַר אַ רב, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז דעמאָלט סך־הכל אַלט געווען 18 יאָר. און דער דיכטער פון יענער צייט, אברהם גבישון, האָט אים באַגריסט מיט פאָלגנדיקע באַגייסטערטעפערזן: „זאָגט ניט: פאַרלאָרן און פאַרלאָשן איז די חכמה ביי יידן. זי האָט ווידער העל אויפגעשיינט, זינט יעקב בירב איז געקומען און באַזעצט זיך אין אונזער לאַנד‟.

אל תאמרו כי אבדה או נסתרה
חכמת חכמינו ובינותינו,
אחרי אשר קם בירב ובא
לדור בארצנו ובינותינו.

(זע „עומר השפחה‟, דף 68, עמ׳ ב׳).

[2] פון דעם סנהדרין און „סמיכה‟־אינסטיטוט איז גאָרניט געוואָרן. ווייל בראש איז געשטאַנען יעקב בירב, האָט זיך אין אים מתקנא געווען דער רב פון ירושלים, לוי בר חביב; עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ גרויסע מחלוקת וועגן דער „סמיכה‟־פראַגע (1538). אין אייניקע יאָר אַרום איז יעקב בירב געשטאָרבן און זיין גאַנצער

נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די נייע בלי־תקופה פונם יידישן קיבוץ אין ארץ־ישראל, האָט זיך אין סאַלאָניקע באַזעצט איינער פון די גולי ספרד, יעקב בן שלמה אבן חביב — אַן אָנגעזעענער פאַר־טרעטער פון דער פריער אָנגעמערקטער שטרעמונג: זאַמלען און סיסטע־מאַטיזירן די גייסטיקע ירושה פון די פריערדיקע דורות. יעקב אבן חביב האָט באַשלאָסן צונויפזאַמלען אין אַ באַזונדער ווערק אַלע אגדות, וואָס זיינען צעשפּרייט איבערן ים התלמוד, און ביי דער זייט פונם טעקסט ברענגען די ערקלערונגען פון די אַלטע מפרשים, און אויך צוגעבן זיינע אייגענע באַמערקונגען (אונטערן קעפּל: „אמר הכותב"). „דער אַלפס און די שפּעטערדיקע פוסקים — שרייבט אבן חביב אין דער הקדמה — האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צונויפזאַמלען און איבערגעבן אין אַ קלאָרער און לייכטער פאַרשטענדלעכער פאָרם אַלע הלכות און דינים. עס איז אָבער אויך וויכטיק צונויפזאַמלען אַלע אגדתות, וואָס אין זיי זיינען באַהאַלטן די טיפע געדאַנקען פון אונזערע חכמי התלמוד". „עין יעקב" האָט אבן חביב זיין זאַמלווערק אַ נאָמען געגעבן; ער האָט אָבער באַוויזן בלויז די ערשטע צוויי בענד צו פאַרעפנטלעכן, דעם ערשטן אין סאַלאָניקי (1515) און דעם צווייטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (1526). דער פאַרפאַסער איז באַלד דערנאָך געשטאָרבן, און די איבעריקע טיילן פון זיין ווערק האָט שוין פאַרענדיקט און אַרויסגעגעבן זיין זון לוי אבן חביב, וואָס איז שפּע־טער אַלס רב אין ירושלים זייער באַרימט געוואָרן. די לעצטע טיילן זיינען אָפּגעדרוקט מיט פיל השמטות, אויך פעלט דער זייער נייטיקער זוכצעטל, וועלכן דער מחבר האָט פאַרשפּראָכן צונויפצושטעלן; דאָך איז דער „עין יעקב" געוואָרן איינס פון די פּאָפּולערסטע ווערק ביי יידן. עס האָט אויס־געהאַלטן אַ גוואַלטיקע צאָל אויסגאַבן [1], און אין משך פון לאַנגע דורות האָט ער געדינט אַלס אומאויסשעפּלעכע קוועלע פאַר אַלע בעלי דרשנים און פּרעדיקערס. בעת אין איטאַליע איז אַרויס די גזירה אויפן תלמוד און אויף אַנדערע רעליגיעזע ספרים, האָט גראָד דעם „עין יעקב" אָפּגעגליקט אַרויס גאַנץ פון דער צענזורס שאַרפע נעגל; ער האָט נאָר געמוזט „משנה

---

פּראָיעקט איז בטל געוואָרן. מער באַריכות וועגן דער „סמיכה"-מחלוקת זע: גרעץ, „העבר. איבערזעצונג", ב' VII, קאַפּ' 9; ש. פּ. ראַבינאָוויטש, „מוצאי גולה", 218—230, „הכרמל", 1873, 486—494, 576—580.

1 די פולשטענדיקסטע אויסגאַבע איז די ווילנער פון 1883. ווייל יעקב אבן חביב האָט פאַר זיין ווערק זיך באַנוצט מיט אַלטע תלמוד-מאַנוסקריפּטן, וואָס האָבן אויסגעמיטן די הענט פון דער צענזור, איז אין „עין יעקב" ערטערווייז אויפגעהיט גע-וואָרן דער מער ריכטיקער טעקסט, ווי אין די דרוק-אויסגאַבן פונם תלמוד (זע „בכורי העתים", XI (1830), 97; „אגרות שד"ל", 740).

שם" זיין [1] און אונטערן נאָמען „עין ישראל" האָט ער רויִק געוואַנ־דערט איבער די הייזער פון די איטאַליעניש יידן, וואָס האָבן נאָך אַדאַנק אים געהאַט די מעגלעכקייט צו האָבן ביי זיך אין יענער בהלה־צייט וויניקסטנס דעם אגדישן טייל פונם פאַרבאָטענעם תלמוד.

ווי שטאַרק ס'האָט ניט קונה־שם געווען אבן חביב מיט זיין „עין יעקב", דאָך קאָן ער זיך ניט פאַרגלייכן צום פאַרפאַסער פון אַן אַנדער זאַמלבוך, וואָס איז געוואָרן דער אמתער ווינקלשטיין פאַר דער גאַנצער רבנישער ליטעראַטור פון די שפּעטערדיקע דורות. מיר ריידן וועגן דעם בעל „שולחן ערוך" און „בית יוסף" — דעם באַרימטן יוסף בן אפרים קאַרו. אַ געבאָרענער אין שפּאַניע, האָט קאַרו אַלס פיריאָריק קינד מיט־געלעבט מיט צענער טויזנטער אַנדערע פאַרטריבענע דעם גרויסן גירוש; ערשט נאָך לאַנגן וואַנדערן האָט זיין פאָטער זיך באַזעצט מיט דער פאַמיליע אין טערקיי. די וואָגל־יאָרן זיינען פאַרן יונגן קאַרו געווען די לערניאָרן; אין ים התלמוד האָט אים אַריינגעפירט זיין פאָטער, וואָס איז געווען אַ גרויסער בקי אין רבנישער ליטעראַטור. דער שם פונם יונגן עילוי האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער געגנט און ער ווערט באַלד אָנגענומען אַלס רב אין ניקאָפּאָל. אין אַ צייט אַרום ווערט ער איינגעלאַדן קיין אַדריאַנאָפּאָל, און דאָרט טרעט ער צו (אין 1522) צו זיין ריזנווערק „בית יוסף", אַ געוואַלטיקע גרויסע זאַמלונג פון אַלע דינים און רעליגיעזע געזעצן, געזאַמלט און געאָרדנט לויט דעם מוסטער פון ר' יעקב בן אָשרס „אַרבע טורים". יוסף קאַרו ווייזט אָן אין דער פאָררעדע צום ווערק אויס וואָסערע מאָטיוון ער האָט באַשלאָסן צו פאַר־פאַסן אַזאַ זאַמלווערק. „אין די שווערע יאָרן — קלאָגט זיך יוסף קאַרו — פון ביטערן גלות, ווען מיר ווערן געשליידערט פון לאַנד צו לאַנד און מיר טרינקען זיך אין ימען פון צרות, איז געוואָרן באַזונדערס נייטיק אויפסניי קריטיש באַלויכטן אויפן גרונט פון די ערשטע מקורים און ברענגען אין אַ סיסטעמאַטישן סדר אין אַ ספּעציעל זאַמלווערק אַלע געזעצן און דינים, וואָס שטיצן זיך אויף תורת משה און תורה שבעל פה און זיינען ער־

---

1 אין דער ווענעציאַנער „עין יעקב"־אויסגאַבע (1556) געפינען מיר וועגן דעם פאָלגנדיקע פּאָעטישע סטראָפן:

מִי נָתַן לִמְשִׁסָּה יַעֲקֹב — לֹא הִשְׁבִּית מִמֶּנּוּ גוֹאֵל
כִּמְצָרֵף כִּמְטַהֵר כֶּסֶף — זַךְ שִׁבְעָה בַּל יִתְגָּאֵל
הִנֵּה זֶה אוּד מֻצָּל מֵאֵשׁ — מְטַעֵם אַלּוּף מַגְדִּיאֵל
צִוָּה לִקְרֹא לוֹ שֵׁם חָדָשׁ — כִּי לֹא הֵשִׁיב דָּתוֹ יוֹאֵל
עַל כֵּן לֹא יִקָּרֵא שִׁמְךָ — בֵּית יַעֲקֹב כִּי אִם יִשְׂרָאֵל.

קלערט געוואָרן דורך אונזערע חכמים און גאונים״[1]. דעם בן אשרים „אַרבע טורים״ דינט ביי קאַרון בלויז אַלס אויסגאַנגס־פּונקט און שמעלצ־קעסל, אין וועלכן ער גיסט און פאָרמט זיין אייגענעם מאַטעריאַל, און זיין ריזיקער, פיר־בענדיקער „בית יוסף״ איז אַ גאַנץ זעלבשטענדיק ווערק. מיט אַ גוואַלטיקער בקיאות און אַלס ערשטקלאַסישער סיסטעמאַטי־קער אַנאַליזירט קאַרו אויפן ברייטסטן אופן די מקורים און דעם אַנט־וויקלונגס־גאַנג פון יעדן דין באַזונדער, גיט גלייך דערביי אַ קלאָרן איבערבליק וועגן דעם גאַנצן שקלי וטריא, וואָס יעדע באַטרעפנדיקע פראַגע האָט אַרויסגערופן ביי די חכמי התלמוד און ביי די שפּעטערדיקע גאונים און פוסקים. באַזונדערס פיל געוויכט לייגט קאַרו דערויף, קלאָר מאַכן און ברענגען צו אַן ענדגילטיקן באַשלוס אָט די אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַרויסגערופן ביי די פוסקים חילוקי דעות און צו קיין פשרה ניט געקאָנט קומען.

עס איז אָבער געווען אַ דור פון נידערגעשלאָגענע געמיטער; קאַרו האָט זיך גערעכנט אַלס קינד פון אַ „פאַריתומט דור״, פון אַ שקיעה־תקופה, האָט ער דערפאַר ניט געהאַט דעם מוט צו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכע ראָל פון אַן ענדגילטיקן פוסק. „ווער קאָן עס האָבן דעם מוט — פרעגט הכנעהדיק יוסף קאַרו—אַרויסטרעטן מיט נייע טענות און ראיות, נאָך די אַלע אייזערנע ראיות, וואָס ס'האָבן אַרויסגעשטעלט די בעלי התוספות, דער רמב״ן, דער רשב״א און רבנו נסים? ווער קאָן עס וואַגן זיך אַריינמישן צווישן די דאָזיקע געטלעכע בערג, אַפּווענדן דאָס, וואָס זיי האָבן באַשלאָסן, אָדער אָננעמען אַן אייגענעם באַשלוס אין אַזוינע פראַגן, ווו זיי האָבן צו קיין באַשלוס ניט געקאָנט קומען?״ [2]

אין די אַלע פאַלן, ווו עס זיינען פאַראַן חילוקי דעות, אַפּעלירט דערפאַר קאַרו צו די „געטלעכע בערג״ (ההרים הררי אל) און מאַכט פאַר בוררים דריי פון די גרעסטע אָנערקענטע פוסקים פון דער נאָכ־תלמודישער תקופה: דעם אַלפס, דעם רמב״ם און דעם רא״ש, און פסקנט

---

[1] אין דער פאָררעדע צום טור „יורה דעה״ (מיר ציטירן לויט דער ווענעציאַנער אויסגאַבע, 1574): „ויהי כי ארכו לנו הימים, הורקנו מכלי אל כלי ובגולה הלכנו וכמה צרות צרורות תכופות זו לזו באו עלינו עד כי נתקים בנו בעונותינו וכו׳... ואזלת יד׳ התורה ולומדיה כי לא נעשית התורה כשתי תורות אלא כתורות אין מספר לסבת רוב הספרים הנמצאים בביאור משפטיה ודיניה וכו׳...״

[2] „בית יוסף״, אַריינפיר צו טור „אורח חיים״. „הנה התוספות, חידושי הרמב״ן, והרשב״א והר״ן ז״ל מלאים טענות וראיות לכל א׳ מהדעות ומי זה א יערב לבו לגשת להוסיף טענות וראיות ואיזהו אשר ימלאהו לבו להכנים ראשו בין ההרים הררי אל להכריע ביניהם. ע״פ טענות וראיות לסתור מה שבירורו או להכריע במה שלא הכריעו הם״.

נאָך רוב דעות, ד״ה ער באַשטימט דעם דין לויט דעם באַשלוס צו וועלכן עס זיינען געקומען צוויי פון די דאָזיקע גאונים [1]. איבער צוואַנציק יאָר (1522—42) האָט יוסף קארו געאַרבעט אויף זיין ריזנווערק, די ווייטערדיקע צוועלף יאָר האָט קארו זיך אָפּגעגעבן מיט רעדאַקטירן זיין ווערק און אַגב צוזאַמענשטעלן אַ ,,קיצור בית יוסף״, ד״ה מאַכן פון אים אַן אויסצוג, צונויפשטעלן אַ פּאָפּולער זאַמלווערק, ווו עס זאָלן אין קלאָרע איינפאַכע זאַצן, אָן וועלכע ס׳איז שקלי וטריא, נאָר אין אַן ענדגילטיקער פאָרם געגעבן ווערן אַלע דינים און געזעצן לויט דעם זעלבן סדר, ווי זיי געפינען זיך אין ,,בית יוסף״. אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען יוסף קארוס צווייט זאַמלווערק — דער ,,שולחן ערוך״. Habent sua fata libelli — ניט בלויז מענטשן, נאָר אויך ביכער האָבן זיך זייער מזל. דער ,,בית יוסף״ איז ביי קארון געווען דאָס געליבטע קינד, זיין אמתער שטאָלץ. אויפן ,,שולחן ערוך״ האָט ער געקוקט ווי אויף אַ נעבנזאַך, ווי אויף אַ שטיפקינד. און דאָך האָט דווקא דער ,,שולחן ערוך״, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין 1550—59, זוכה געווען צו שפּילן די באַדייטנדיקסטע ראָלע אין דער גאַנצער שפּעטערדיקער יידישער קולטור. ניט דער גלית ,,בית יוסף״, נאָר זיין טרוקענער קאָנספּעקט, דער ,,שולחן ערוך״, איז געוואָרן דער ווינקלשטיין פאַר דעם שפּעטערדיקן רבנישן יידנטום, דער צענטראַלער ברענפּונקט, וואָס אַרום אים האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גייסטיקע שאַפן פון די באַדייטנדיקסטע רבנישע אויטאָריטעטן פאַר די ווייטערדיקע דורות [2]. נאָך ביי קארוס לעבן [3] האָט זיין ,,שולחן ערוך״ אויסגעהאַלטן ניט ווייניקער ווי זעקס אויסגאַבן.

אָט דער גרויסער חריף און עוקר הרים איז אָבער ניט געווען נאָר אַ פּוסק און קאָדיפיקאַטאָר. דער דאָזיקער שטרענגער סיסטעמאַטיקער מיטן קאַלטן שכל און אייזערנער סברא איז אויך געווען דורכגעדרונגען מיט די מיסטיש־משיחישע שטרעמונגען פון זיין דור. צו דער זעלבער צייט ווען קארו האָט געאַרבעט אַרום זיין ריזיקן בנין — דעם ,,בית יוסף״, איז ער אויך געווען אַ פייערדיקער אָנהענגער פון דעם וווּנדערבאַרן מיסטישן טרוימער, איינעם פון די שענסטע און צאַרטסטע פּערזענלעכקייטן,

---

[1] דאָרטן: „ולכן נסמכתי בדעתי כי להיות שלשה עמודי ההוראה אשר בית ישראל נשען עליהם בהוראותיהם הם הרי״ף, הרמב״ם והרא״ש ז״ל אמרתי אל לבי שבמקום ששנים מהם מסכימים לדעת אחת נפסק הלכה כמותם אם לא במקצת מקומות שכל חכמי ישראל או רובם חולקים על הדעת ההוא״.

[2] מער באַריכות וועגן דעם אינם ווייטערדיקן באַנד פון אונזער ווערק.

[3] יוסף קארו איז געשטאָרבן אין 1575 אַלס 87־יאָריקער זקן.

וואָס אונזער מיטלאַלטער האָט געגעבן — דעם התלהבותדיקן מקובל שלמה מלכו (זיין קריסטלעכער נאָמען איז געווען דיעגאָ פּירעס).

אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן פונם 16טן י"ה, אין דער זעלבער צייט, ווען די גולי ספרד האָבן זיך אין באַדייטנדיקער צאָל אַ לאָז געטאָן קיין ארץ־ישראל, האָט זיך דאָרט פּלוצלונג באַוויזן אַ וואונדערבאַרער מאַן, וואָס זיין נאָמען האָט באַלד געקלונגען איבער גאַנץ אייראָפּע. דוד ראובני האָט דער מאַן געהייסן; באַוויזן האָט ער זיך איינגעהילט אין מאַנטל פון מזרחישן סוד און פאַנטאַסטישער לעגענדע. ער האָט זיך ערקלערט אַלס יידישער פּרינץ, זיין ברודער יוסף איז דער קיניג פון אַ שטאַרקער יידישער מלוכה אין טיף אַראַביע, און די דאָרטיקע באַפעלקערונג שטאַמט פון די פאַרטריבענע עשרת השבטים. אַ פאַרבאָרגענע רעטעניש איז געבליבן פאַר דער געשיכטע אָט דער קליינינקער, טונקל־ברוינער מאַן מיט זיין מזרחישער טראַכט. ביי אונזערע געשיכטע־שרייבער אויס דער השכלה־תקופה, וואָס האָבן בכלל פיינט געהאַט סודות און מיסטעריעס, איז די פראַגע וועגן דוד ראובני געלייזט געוואָרן איינפאַך און קלאָר: עפּעס אַן אוואַנטוריסט און שווינדלער. די נייערע פאָרשער זיינען אָבער פאָרזיכטיקער, ווייל זיי קוקן טיפער; שטייען זיי פאַר דעם דאָזיקן מאַן ווי פאַר אַ רעטעניש: ווער ווייס — אפשר האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַן אייגנאַרטיקן פאַטריאָט און נאַציאָנאַלן קעמפער, וואָס האָט אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן, אָבער ר עאַ ל ן וועג, מיט הילף פון דיפּלאָמאַטיע און אונטערהאַנדלונגען מיט מלכים און פויפּסטן, געוואָלט ברענגען די גאולה פאַר זיינע אומגליקלעכע ברידער [1]. יעדנפאַלס האָט דער וואונדערמאַן פאַרדינט, זיין נאָמען זאָל דערמאָנט ווערן אויך אין דער געשיכטע פון אונזער ליטעראַטור פאַר זיינע אויפגעהיטע אינטערעסאַנטע מעמוארן, וואָס ער האָט געפירט אויף דער העברעישער שפּראַך בשעת זיין רייזע איבער אייראָפּע [2].

גוואַלטיק איז געווען דער רושם, וואָס ס'האָט געמאַכט אויף די יידן אין רוים, בעת עס האָט זיך אין פעברואַר 1524 באַוויזן רייטנדיק אויף אַ ווייס פערד, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער סוויטע, דוד ראובני אַלס שליח פון דעם שטאַרקן יידישן מלך יוסף, וואָס האָט באַפולמעכטיקט זיין ברודער צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן פויפּסט און די מלכים פון דער קריסטלעכער אייראָפּע, זיי זאָלן באַזאָרגן די קריגערישע יידישע

---

1 סימפּאַטיש איז אין דער הינזיכט מאַקס בראָדס פּראַכטפולער ראָמאַן „דוד ראובני".

2 פאַרעפנטלעכט אין נייבויערס „סדר החכמים", II.

שבטים אין אַראַביע מיט האַרמאַטן און שיס־געווער, דאַן וועלן זיי אונ־
טער דער אָנפירונג פון זייער מלך יוסף ערקלערן מלחמה דעם טערקישן
סולטאַן, אים פאַרטרייבן פון דעם רויטן ים און אָפּנעמען ביי אים פּאַ־
לעסטינע. עס איז שווער צו באַשרייבן, מיט וואָסער מיסטישער התלהבות
און פריידיקער אַנטציקונג עס זיינען אָנגעפילט געוואָרן די הערצער פון די
פּאָרטוגעזישע אַנוסים (מאַראַנען), וואָס דער ווילדער פאַנאַטיקער, דער
קיניג מאַנועלאַ, האָט זיי בשעתו מיט געוואַלד געשלעפּט צו דער קריסט־
לעכער טבילה, — ווען דוד ראובני איז אָפּגעפאָרן קיין פּאָרטוגאַל אויף
זיין רייך באַפּוצטער שיף, אויף וועלכער עס האָט געפלאַטערט די נאַציאָ־
נאַל־יידישע פאָן, און דער פּאָרטוגעזישער קיניג יאָאַן דער דריטער האָט אים
אויפגענומען מיט גרויס כבוד ווי אַ געזאַנדטן פון אַן אויסלענדישער
מלוכה. אויפגעיוכצט האָבן די מאַראַנישע הערצער, זיי האָבן אין דעם
געזען דעם אָנזאָג פון דער ליכטיקער גאולה, און געגלויבט, אַז „משיחס
צייטן" הייבן זיך שוין אָן. די דאָזיקע שטימונג האָט געפונען דעם באַ־
גייסטערטסטן אויסדרוק אין דער פּערזאָן פון דעם ענטוזיאַסטישן יונגן
מאַראַן דיעגאָ פּירעס. וווּנדערבאַר האָבן זיך אין דעם דאָזיקן אויסערגע־
וויינלעכן מענטשן פאַרבונדן דער נאַציאָנאַלער קעמפער מיט פּאָעטישער
באַגייסטערונג, דער פּאַטאָס פון פאָלקס־אַגיטאַטאָר און טריבון מיט דער
התלהבות פון אַן עקזאַלטירטן מיסטיקער, וואָס דערגרייכט צו דער מדרגה
פון נביאישע זעונגען... אַ מאַן מיט פּילזייטיקן וויסן, האָט דיעגאָ פאַר־
נומען די שטעלע פון סעקרעטאַר אין אַ וויכטיקער רעגירונגס־אַנשטאַלט
און האָט געהאַט אַן אָפטן צוטריט צום קיניגלעכן הויף, ווו ער איז גע־
ווען שטאַרק באַליבט, וואָרעם ער איז באַזונדערס געווען באַשענקט מיט
דער וווּנדערבאַרער גאָב צו געווינען די הערצער פון מענטשן. עס איז
לייכט זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ גוואַלטיקן רושם עס האָט געמאַכט
אויף אַזאַ עקזאַלטירטן יונגן מענטשן ווי דיעגאָ, די פּלוצלונגע ערשיינונג
פון דעם וווּנדערבאַרן שליח אויס יענער זייט הרי חושך, פון דער פאַר־
באָרגענער עשרת־השבטים־מלוכה. אים האָט זיך אויסגעוויזן — אָט
הייבט זיך אָן דאָס גרויסע און אויסערגעוויינלעכע, וועגן וועלכע ער האָט
געחלומט; אָט געשעט דאָס שיינע וווּנדער, מען טאָר שוין מער ניט
וואַרטן. ווייל ער איז געווען אַ ניט געמלטער, האָט ער אַליין מיט אייגענע
הענט געבראַכט זיך „בבריתו של אברהם אבינו", וואָרעם קיין מענטש
האָט דאָך וועגן דעם ניט געטאָרט וויסן. ער איז שיר ניט אומגעקומען צוליבן
גרויסן בלוט־פאַרלוסט, האָט אַוועקגעוואָרפן זיין קריסטלעכן נאָמען און
אָנגענומען דעם נאָמען שלמה מלכו, און פול מיט ענטוזיאַסטישער באַ־
גייסטערונג האָט ער זיך איבערגעגעבן דעם אונטערנעמען פון דוד ראובני.

דער פּאַרזיכטיקער ראובני האָט קודם־כּל געפּועלט ביי מלכון, ער זאָל וואָס גיכער פאַרלאָזן פּאָרטוגאַל, איידער ער האָט נאָך דערוועקט דעם חשד פון דער אינקוויזיציע, און יענער איז אַוועק קיין טערקיי. אין אַדריאַנאָפּאָל האָט זיך מלכו באַגעגנט מיט יוסף קארו, און אָט דער יונגער פון פּאָרטוגאַל געקומענער מאַראַן האָט געהאַט, ווי מיר וועלן באַלד זען, אַ זייער גרויסע השפּעה אויף דער גאַנצער וועלט־אָנשויונג פון דעם בעל „בית יוסף‟. פון אַדריאַנאָפּאָל פּאָרט מלכו באַלד קיין סאַלאָניקי און דאָרט פירט אים אַריין אין די „חכמת הנסתר‟, אין די פאַרבאָרגענע סודות פון דער קבלה, דער אָרטיקער ראש ישיבה, אַ שטרענגער אַסקעט און גרויסער מקובל יוסף טאַיטאַצאַק. מען דערציילט וועגן דעם דאָזיקן מקובל [1], אַז אין משך פון גאַנצע פערציק יאָר פלעגט ער שלאָפן אויף אַ קורצן קאַסטן, אַז די פיס פלעגן אים נאָכהענגען, בכדי ער זאָל ניט האָבן קיין תענוג אפילו בשעתן שלאָפן [2]. פאַר מלכון האָבן זיך אַנטפּלעקט נייע וועלטן. אין מאָמענטן פון העכסטן עקסטאַז פלעגט מלכו באַקומען נביאישע זעונגען; עס פלעגט אים באַזוכן אַ ספּעציעלער הימלשער שליח (אַ „מגיד‟), וועלכער האָט פאַר אים אויפגעהויבן דעם פאָרהאַנג, וואָס פאַרדעקט די קומענדיקע געשעענישן. זיינע פייערדיקע פּרעדיקן האָבן אַרויסגערופן פיל ענטוזיאַזם ביי די צוהערער, און לויט דעם פאָרשלאָג פון אייניקע זיינע פאַרערער, האָט ער פאַרעפנטלעכט אייניקע פון זיינע פּרעדיקן אין אַ ספּעציעלער זאַמלונג „המפואר‟ (סאַלאָניקי, 1529).

מלכו זעט אין דער וועלטגעשיכטע דעם שטענדיקן קאַמף צווישן דעם שר פון עשו — סמאל, מיטן טרעגער פון דער תורה, דעם פאָלק ישראל [3]. ווי נאָר דאָס יידישע פאָלק דערווייטערט זיך פון דער תורה — פאַלן זיי אַריין אין עשוס הענט און פול זיינען די שונאים מיט ניצחון־פרייד. „אָבער — שטרייכט מלכו אונטער — אַלע גזירות רעות, וואָס קומען אויף יידן, ווערן זיי געשיקט בלויז אַלס נסיון, און ניט זיי צו

[1] זע אליהו די־ווידאַש אין זיין „ראשית חכמה‟, שער הקדושה, קאַפּ׳ 7, ז׳ 231 (מיר ציט. לויט דער אויסגאַבע פון 1578).

[2] נאָך טאַיטאַצאַקס טויט זיינען פון זיינע ווערק פאַרעפנטלעכט געוואָרן: „לשון הזהב‟ (ווענעדיק, 1553, אַ פירוש אויף תהלים) און „לחם סתרים‟ (ווענעדיק, 1608, אַ פירוש אויף דניאל). אין באַראָן גינצבורגס מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע געפינען זיך אין כתב־יד (נומ׳ 159 און 168) טאַיטאַצאַקס צוויי אַנדערע ווערק: אַ פירוש אויף תורה, און אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דרוש.

[3] „המפואר‟, דף 19, עמ׳ ב׳ (מיר ציטירן לויט דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע פון 1709).

פאַרטיליקן״. און מלכו איז זיכער, אַז באַלד פאַרענדיקט זיך דער גרויסער וועלט־קאַמף, און פאַלן וועט דער שר פון עשו. אין דער גרויסער קאַטאַס־טראָפע, וואָס רוים האָט איבערגעלעבט אין 1527, ווען די דייטש־שפּאַנישע סאָלדאַטן האָבן זיך מיט חוצפּה אַריינגעריסן אין די קאַטוילישע קירכעס און חוזק געמאַכט פון די גלחים און מאָנאַכן — האָט מלכו געזען דעם אָנפאַנג פון מלחמת גוג ומגוג, די אתחלתא פון „קץ הימין״, ווען עס וועט פאַלן די מלכות פון עשו און דער ליכטיקער גואל וועט אין זיין גאַנצער פּראַכט דערשיינען. מיט רמזים, ניט אָפן און קלאָר, נייערט בלויז פאַרשטעלטערהייט דייט אפילו מלכו אָן דעם „קץ״, און ווייזט אָן, אַז אין 1540 וועט געשען דאָס גרויסע וווּנדער און משיח וועט זיך אַנטפּלעקן... [1].

פון סאַלאָניקי האָט מלכו זיך געלאָזט צום צווייטן וויכטיקן קבלה־צענטער — קיין צפת, ווו זיינע פייערדיקע דרשות האָבן דאָרט באַדייטנד געשטאַרקט די משיחישע שטימונגען. דאָרט, ווי עס שיינט, האָט מלכו זיין פּאָעמע „יגלו סתרים״ פאַרפאַסט [2]. דער עקזאַלטירטער מיסטיקער ערקלערט מיט פּאַטאָס „כי בא קץ הימין״, און באַלד וועט פאַלן די שטאַרקע אָטאָמאַנישע מלוכה. ער, דער „יונגער שלמה״, איז געשיקט „אויס אדום״ אָנזאָגן אויף גאָטס באַפעל „מהר הכרמל״ [3] די גרויסע בשורה, אַז עס קומט דער יום הדין, דער טאָג פון גרויסן וועלט־משפּט. און ער זאָגט אָן, אַז ער איילט קיין איטאַליע אין דער רעזידענץ פון דער וועלט — קיין רוים, ווו עס וועט זיך צום ערשטן אַנטפּלעקן גאָטס שטראָפנדיקע שווערד, און דער גרויסער משפּט וועט זיך אָנהייבן. מען מוז דערביי אויך נעמען אין באַטראַכט דעם שטאַרקן רושם, וואָס מאַרטין לוטערס רעפאָרמאַטאָרישע טעטיקייט האָט געמאַכט אין די יידישע מיסטישע קרייזן. דער מיסטיקער אברהם הלוי האָט פון ארץ־ישראל צעשיקט אין 1528 אַן עפנטלעכן בריוו, אין וועלכן ער ערקלערט לוטערן פאַר אַ פאַרבאָרגענעם אָנהענגער פון דער יידישער אמונה, אַ מין „גר צדק״, וואָס האָט ערקלערט דעם קריג ניט בלויז דעם פּויפּסט, נאָר דעם גאַנצן קריסטנטום, און ער וועט ברענגען אַלע פעלקער צום יידישן גלויבן [4].

אַדאַנק דעם געשיכטע־שרייבער יוסף הכהן, איז אויפגעהיט געוואָרן מלכוס אַן אָפענער בריוו, וואָס ער האָט אויס איטאַליע געשיקט זיינע

---

1 דאַרשן, דף 21, סוף עמ׳ א.

2 פאַרעפנטלעכט דורך ד. קויפמאַן אין „רעווי ד. עט. זשוויף״, 34, 123—125.

3 מהר הכרמל — שלחך האל — האיש מבשר — נקמה בגוים.

4 „קרית ספר״, VII, 161.

פריינד אין סאַלאָניקי [1]. דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער ליטעראַרישער דענקמאָל שילדערט אַמבולטסטן די אייגנאַרטיקע שיינקייט פון דעם מיס־טישן טרוימער, וואָס זיין מסירת־נפשדיקע התלהבות האָט דעמאָלט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. מיט רירנדיקער פשטות דערציילט ער, אין וואָס פאַר אַ געפאַר ער האָט זיך געפונען, בעת ער האָט פון טערקיי קיין איטאַליע זיך צוריקגעקערט, ווייל מען האָט אים געוואָלט מסרן, אַז ער איז נוטה צום געפערלעכסטן פיינד פון דער קריסטלעכער וועלט — דעם טערקישן סולטאַן. אָט דערזעט ער פאַר זיך אין אַ דאָנערשטיקן פאַר־נאַכט די טויערן פון דער וועלט־שטאָט, די טויזנטיאָריקע רוים, אין וועלכער מלכו זעט דעם סימבאָל פון חורבן ירושלים און דערנידעריקונג פון זיין פאָלק. האָבן זיך ביי אים געעפנט „די טויערן פון געוויין" (שערי דמעה), ער גיסט אויס זיין צעוויינטאָגט האַרץ פאַרן בורא עולם און בעט ביי אים ער זאָל פאַרבייטן דעם צאָרן אויף גענאָד, ער זאָל זיך דערמאָנען אין זיין שמאַכטנדיק פאָלק, און באַוויליקן די פאַרוויסטע שטיינער פון דער הייליקער שטאָט. אַלץ הייסער און שטורמישער ווערט זיין געבעט, און „די אויגן זיינע זיינען ווי פליסנדיקע קוואַלן" (ועיני כמעין המתגבר); דערהערט ער אינמיטן געבעט, ווי עס רופט צו אים פון דער הויך אַ שטים: „פאַלן וועט שעיר (די קריסטלעכע וועלט) אין די הענט פון זיינע פיינד, אַנטפּלעקן וועט זיין קראַפט דאָס פאָלק ישראל, דערבאַרעמען וועט גאָט זיינע קנעכט... לי נקם ושלם! — איך וועל נעמען נקמה און באַצאָלן יעדן זיין געצאָלט!.."

דרייסיק טעג נאָכאַנאַנד איז מלכו געזעסן איינגעהילט אין שמאַטעס און פאַרפוילטע צעריסענע קליידער אין אַ קאָמפּאַניע פון קאַליקעס און בעטלער אויפן בריק פונם טייך טיבער אַנטקעגן דעם וואַטיקאַן. דאָס לאַנגע פאַסטן און אויף־זיין דורך די נעכט האָט דעם יונגן מיסטיקער געבראַכט צו דער מדרגה פון עקזאַלטירטער דביקות, ווען דער מענטש הייבט אָן צו חלומען אין דער וואַך און עס אַנטפּלעקן זיך פאַר אים די פאַנטאַסטיש־סטע „זעונגען". „דעם צוועלפטן חודש, דעם חודש אדר ר"ץ (1530) — דערציילט מלכו ווייטער — איז אין דער האַלבער נאַכט מיך באַפאַלן אַ שלאָף, און עס האָט זיך פאַר מיר באַוויזן דער זקן, וועלכער האָט זיך מיר שוין פריער געהאַט אַנטפּלעקט. און דער זקן זאָגט צו מיר: „מיין זון, איך בין געקומען אויפדעקן פאַר דיר, וואָס עס וועט פּאַסירן מיט די פעלקער, וואָס דו [illegible]סט צווישן זיי. קום מיט מיר צו די חורבות ירושלים, וואָס דו האָסט [illegible]ין איין מאָל באַזוכט". און ער האָט מיך גענומען און

---

2 פאַרעפנטלעכט אין זיין „דברי הימים", 91—94. אַמסטערדאַמער אויסגאַבע, 1733.

מיך געבראַכט קיין ארץ־ישראל צו די צוויי בערג, וואָס געפינען זיך צווישן דעם ציון־באַרג און ירושלים און צווישן צפת און דמשק... פון די דאָזיקע צוויי בערג איז דער פון דער רעכטער זייט, וואָס ליגט קעגן צפת און דמשק—דער קלענערער, און דער אין דער לינקער זייט, וואָס ליגט קעגן ציון און ירושלים — דער גרעסערער. און ער האָט צו מיר געזאָגט: „הייב אויף דיינע אויגן אויף דעם באַרג לינקס און זאָג מיר, וואָס דו זעסט?" האָב איך געזאָגט: „איך זע אַ מאַן אין ווייסע קליידער, וואָס האַלט אַ וואָגשאָל אין האַנט". זאָגט צו מיר דער מאַן: „עפן אויף דיינע לעפצן און פרעג ביי אים: וואָס וועט געשען מיט דעם פאָלק, אויס וועלכן איך האָב דיך אָקאָרשט אַרויסגעפירט?" זאָג איך צו אים: „ווי קאָן איך נישטיקער קנעכט זיך אונטערשטיין מיט אים צו ריידן? ווער בין איך? און וואָס איז מיין פאַרדינסט איך זאָל ווערט זיין זיך צו ווענדן צו אים מיט פראַגן?" זאָגט צו מיר דער דאָזיקער מאַן: „האָב ניט קיין מורא! זיי געגריסט, מיין זון! פרעג און איך וועל דיר אַן ענטפער געבן, וואָרעם דערויף בין איך דאָך אַהער געקומען". האָב איך מיך פאַרבויגט פאַר אים ביז צו דער ערד און געזאָגט: „איצט זע איך טאַקע, אַז איך, דיין קנעכט, האָב געפונען לייטזעליקייט ביי דיר אין די אויגן. זאָג זשע מיר, מיין האַר, וואָס וועט זיין דער גורל אָט פון דער אומה, וואָס איך בין צווישן איר געזעסן דאָרט אויף דער בריק?" האָט ער מיר געענטפערט: „אָט אין דעם ספר איז פאַרצייכנט אַלץ, וואָס וועט געשען פאַר אַלדאָס שלעכטס, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן. ווענד זיך צו דעם זקן און ער וועט אַלץ פאַר דיר אַנטפּלעקן". און ער האָט דעם ספר דעם זקן דערלאַנגט, יענער האָט אינם ספר אַריינגעקוקט און צוריקגעגעבן דעם מאַן אין ווייסן. זאָגט דער מאַן דעם זקן: „גיי און אַנטפּלעק דעם יונגלינג, וואָס שטייט לעבן דיר, אַלץ, וואָס דו האָסט אין דעם ספר געלייענט". האָט מיך דער זקן ביי דער האַנט אָנגענומען און האָט מיך צוריק געבראַכט אויפן בריק, אויף דעם אָרט, וווּ איך בין פריער געזעסן".

ווייטער דערציילט מלכו באריכות, ווי עס האָבן זיך פאַר אים אַנטפּלעקט פאַרשיידענע באַשעפענישן אין געשטאַלט פון וווּנדערבאַרע פייגל פון אַלערליי קאָלירן און אויפן הימל האָבן זיך באַוויזן גוואַלטיקע פייערדיקע צייכנס; און דער זקן ערקלערט אים דעם סימבאָלישן באַטייט פון אַלץ, וואָס גייט פאָר פאַר זיינע אויגן. „זיי וויסן, מיין זון, — ערקלערט דער זקן, — דער גרויסער פויגל, וואָס דו האָסט געזען, דאָס איז אַן אָנזאָג אויף אַ גרויסער פאַרפלייצונג און אַן ערדציטערניש. די פאַרפלייצונג וועט זיין דאָ אין לאַנד און נאָך אין אַן אַנדער לאַנד אין צפון, און ערדציטערניש וועט זיין אין דיין געבורטסלאַנד (פּאָרטוגאַל)". „עס

וועלן דערנאָך, זאָגט אים ווייטער דער אַלטער, גרויסע ווונדער געשען, דאַן וועט קומען דער גרויסער און איינציקער טאָג, דער אמתער געטלע־כער טאָג, דער טאָג פונם גרויסן ווונדער...״

און מלכו האָט אַזוי אײַזנפעסט געגלויבט אין זײַן „זעונג״, אַז ער האָט דעם פּאָרטוגעזישן געזאַנדטן אין רוים, ניעטאָ בראַסאַ, איבער־געגעבן אַ בריוו צום קיניג יאָהאַן דעם דריטן, אין וועלכן ער זאָגט אים פּאָרויס, אַז גאָר אײַנגיכן וועט אין פּאָרטוגאַל זײַן אַ שטאַרקע ערדציטער־ניש. ער גופא האָט דערוויל געהאַלטן באַגײַסטערטע דרשות אין די שולן פונם געטאָ אין רוים. און דאָס ווונדערבאַרע איז טאַקע געשען. מען קאָן זיך פאָרשטעלן דעם גוואַלטיקן רושם, וואָס ס׳האָט געמאַכט אין דער קריסטלעכער און יידישער וועלט, ווען אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט טאַקע אָנגעהויבן מקויים צו ווערן אַלץ, וואָס דער „בעל החלומות״, דער עקזאַלטירטער מלכו, האָט פּאָרויסגעזאָגט: דעם אַכטן אָקטאָבער פון דעם זעלבן יאָר (1530) איז דער טײַך טיבער אַרויס פון די ברעגעס און פאַר־גאָסן די גאַסן פון רוים; אין אַ חודש אַרום האָט פלאַנדריע („אַ לאַנד אין צפון״) אויך שטאַרק געליטן פון אַ גרויסער פאַרפלייצונג, און באַלד נאָכדעם איז פּאָרגעקומען אַ גוואַלטיקע ערדציטערניש אין ליסאַבאָן און אין פילע אַנדערע שטעט אין פּאָרטוגאַל. צו דער זעלבער צײַט האָט זיך אויך איבער רוים באַוויזן אין הימל „אַ פייערדיקער ווונדער־צייכן״ — די קאָמעט פון האַללײַ. דער פּויפּסט קלעמענס דער זיבעטער איז בכבודו ובעצמו געוואָרן אַ פייערדיקער חסיד פון דעם דאָזיקן ווונדערבאַרן טרוי־מער, און ער האָט אים אַרויסגעגעבן אַ שוץ־בריוו צו פאַרהיטן אים פאַר די שאַרפע נעגל פון דער אינקוויזיציע. ער איז אויך מלכון געקומען צו הילף ווען יענער איז געוועזן אין גרויס געפאַר, נאָכדעם ווי זײַן קעגנער, דער געלערנטער איבערזעצער און געניטער אַרצט יעקב מאַנטינאָ, האָט אים געמסרט און דער אינקוויזיטאָרישער געריכט האָט אים ערקלערט אַלס געפערלעכן אפּיקורס און לעסטערער פון דער קאַטוילישער אמונה, און אויף דעם סמך אים פאַרמשפּט צום שייטערהויפן. בכדי מלכון צו ראַטע־ווען, האָט אים דער פּויפּסט פאַרביטן און אַנשטאָט אים געשיקט אויפן שייטערהויפן איינעם פון די צום טויט פאַרמשפּטע פאַרברעכער. אויפן אַנדערן טאָג האָט מען דעם „פאַרברענטן״ מלכון געזען שפּאַצירן אין די פּאַלאַצן פונם וואַטיקאַן. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, ווען מלכו

1 ד. קויפמאַן פלייסט זיך אין זײַן מאָנאָגראַפיע „יעקב מאַנטינאָ״ (רעוו. ד. עט. זשוויף, 27, 57) צו פאַרענטפערן מאַנטינאָס מסירה דערמיט, וואָס ער האָט מורא גע־האַט, אַז די אַגיטאַציע פון דעם געוועזענעם מאַראַן קאָן ברענגען אין געפאַר די גאַנצע רוימישע קהילה. זע אָבער דערקעגן בײַ פאָגעלשטיין און ריגער, צײַט. וו., II, 53—58.

האָט אין אַ יאָר אַרום (1532), נאָך דער פאַטאַלער אוידיענץ ביים קייזער קאַרל דעם פינפטן, פאַרענדיקט אויפן טראַגישסטן אופן זיין קורץ אָבער שטורמיש לעבן אויפן שייטערהויפן, האָבן זיינע אָנהענגער און פאַרערער ניט געוואָלט גלויבן, אַז דער וווּנדערבאַרער טרוימער איז שוין ווירקלעך טויט [1]. עס איז געבאָרן געוואָרן אַ לעגענדע, אַז ער איז אויך דאָס מאָל ניצול געוואָרן פונם שייטערהויפן; איייניקע האָבן פאַרזיכערט, אַז אין אַ וואָך אַרום נאָך דעם, ווי מען האָט אים דן געווען לשריפה, האָט מען אים געזען אין רוים, אַנדערע ווידער האָבן פאַרזיכערט, אַז ער איז אָפגעפאָרן קיין צפת, ווו עס וואַרט אויף אים זיין כלה. און אַפילו אַזאַ ראַציאָנאַליסטיש געשטימטער מענטש, ווי יוסף הכהן, בעת ער דערמאָנט די דאָזיקע לעגענדעס אין זיין דערציילונג וועגן דעם יונגן קדוש, איז ער דערביי מוסיף: „אַך, ווי געווונטשן עס וואָלט געווען, ווען איך זאָל קאָנען אויף זיכער פאַרשרייבן, צי דאָס אַלץ איז אמת, אָדער ניין!“ [2].

יוסף קאַרו האָט ביז זיין טיפן עלטער זיך פאַרהאַלטן מיטן גרעסטן הדרת כבוד צום אָנדענק פון זיין יונגן אומגעקומענעם פריינד. „שלמה חביבי“, „שלמה בחירי“ — דאָס איז געווען דעם בעל „בית יוסף“ העכסטער אידעאַל, דער סימבאָל פון ריינקייט און הייליקייט. קאַרום ווונטש, דער שענסטער טרוים פון זין לעבן איז געווען — זיך מוסר־נפש זיין ווי מלכו, זיך מקריב זיין ווי ער אויף קידוש השם און אויפן שייטערהויפן לויבן גאָטס הייליקן נאָמען [3]. מלכו האָט אים, דעם באַשעפער פון „בית יוסף“ און „שולחן ערוך“, אַריינגעפירט אין די סודות פון קבלה, און דער כישוף און ווירקונגס־קראַפט פון דעם התלהבותדיקן יונגן מקובל איז געווען אַזוי געוואַלטיק גרויס, אַז אַפילו דער קאַלטבלוטיקער פוסק און חריפותדיקער עוקר הרים—יוסף קאַרו, האָט זיך דערפילט ווי דורכגעדרונגען פון דעם מיסטישן פלאַם, אויך זיינע אויגן האָבן ווונדער דער־

---

[1] בעת מלכו איז שוין געשטאַנען אויפן שייטערהויפן, האָט מען אים אינם קיסרס נאָמען ערקלערט, אַז אויב ער האָט חרטה און איז גרייט צוריקקערן זיך צום קאַטוילישן גלויבן, וועט מען אים לאָזן לעבן און גלייך באַפרייען. נאָר מלכו האָט מיט שטאָלץ געענטפערט: „עס טוט מיר בלויז לייד, וואָס איך האָב אין די יונגע יאָרן פאַרבראַכט אין אייער גלויבן; איצט טוט מיט מיר וואָס איר ווילט“.

[2] דאָרטן, דף 96: „ומי יתן ואוכל לכתוב הכנים דבריו אם אין באמת ובתמים בספר“.

[3] „מגיד משרים“, פרשת זאת הברכה, דף 50, עמ׳ ב׳: „ואזכך לאתוקדא בא״י ברבים לקדשא שמי בפרהסיא ותיסוק לעולתא לרעוא על מדבחי... תזכה לקדשא שמי ברבים, כך ש ל מ ה ב ח י ר י זכה דאתקרי מ ל כ ו דאתמשח ממשח רבות עילאי וסליק לרעוא על מזבחי“ (זאָלקעווער אויסגאַבע, 1773).

זען: עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אַ הימלשער שליח, אַן „אַנזאָגער" (מגיד), וואָס האָט פאַר אים דעם פאַרהאַנג אויפגעהויבן, און אַנטבלויזט פאַר זיינע אויגן דאָס, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אינם שויס פון די קומענדיקע דורות...

מיר זעען אָבער דערביי אַ זייער אינטערעסאַנטע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג: דער מיסטיקער האָט דאָך אין קאַרון דעם פּוסק און למדן ניט גובר געווען. קאַרו דער מקובל, שלמה מלכוס הייסער חסיד, בלייבט דאָך דער בעל „בית יוסף", וואָס האָט כל ימיו פאַרבראַכט איבער די דיקע פאָליאַנטן פונם תּלמוד און זיינע מפרשים. דער הימלישער שליח, דער „מגיד" אַנטפּלעקט זיך דערפאַר פאַר קאַרון אין דער געשטאַלט פון דער פּאַרקערפּערטער משנה. „אני המשנה המדברת בפיך" — איך, די משנה, רעד עס צו דיר!" „אני, אני המשנה", דערמאָנט אָפט דער מגיד, אני נשמתא דמשנה — איך בין די נשמה פון דער משנה, אני האם המיסרת את בניה — איך בין עס די מאַמע, וואָס שטראָפט אירע קינדער [1]. שבת און יום־טוב אינדערפרי, זעלטן אַמאָל אויך אין אַ וואָכנדיקן טאָג, פלעגט זי, די משנה, קומען צו אים, דעם אויסדערוויילטן און הייס־געליבטן זון, אַנטפּלעקן פאַר אים די פאַרבאָרגענע הימלשע סודות (רזא טמירין, רזא עילאה), זאָגן אים מוסר, און שטעלן אים אַלס מוסטער „גאָטס געליבטן", „מיין אויסדערוויילטן שלמה" (שלמה בחירי"), ד"ה שלמה מלכו. אָט די „געשפּרעכן" מיטן „מגיד", דער פּערסאָניפיצירטער משנה, וואָס פלעגט באַזוכן איר „געליבטן זון" (בני בחירי) ביז אין סוף פון זיינע יאָרן [2], פלעגט יוסף קאַרו פאַרשרייבן וואָרט ביי וואָרט, און אויף אַזאַ אופן איז באַשאַפן געוואָרן אַ גאַנץ אייגנאַרטיק מעמואַרן־בוך „מגיד משרים".

די „נשמתא דמשנה", וואָס פלעגט באַזוכן יוסף קאַרו, איז געווען זייער אַ בייזע און שטרענגע. זי איז טאַקע געווען פון די „מאַמעס", וואָס האַלטן אין איין „שטראָפן זייערע קינדער". כמעט ביי יעדן זיינעם אַ באַזוך פלעגט דער „מגיד" ניט מיד ווערן צו דערמאָנען, אַז מען דאַרף וואָס מער מיידן די תּענוגים פון עולם הזה. מען טאָר ניט לויער זיין נאָכן עסן, וואָרנט אָפט די משנה, מען דאַרף בלויז אונטערלענען דאָס האַרץ

---

1 דאָרטן, דף 13, 35, 50 און פיל אַנדערע שטעלן.

2 דער ערשטער טייל „מגיד משרים" איז צום ערשטן דערשינען אין לובלין אין 1646, דער צווייטער — אין ווענעדיק אין 1656. דער געשיכטע־שרייבער ראָזאַנעס פלייסט זיך אין זיין „דברי ימי ישראל בתגרמא" (II, 201—205) דערווייזן, אַז יוסף קאַרו איז גאָר קיין מקובל ניט געווען און ניט ער איז דער מחבר פון דעם „מגיד משרים". זיינע ראַיות זיינען אָבער זייער שוואַך באַגרינדעט.

אויף אונטערהאַלטן דעם גוף [1]. „אויב דו באַמערקסט, אַז דו האָסט שטאַרק הנאה פון עפּעס אַן עסנוואַרג, זאָלסטו עס גלייך פאַרבייטן אויף אַן אַנדערס, וואָס געפעלט דיר פיל ווייניקער, וואָרעם דערמיט, וואָס מען גיט זיך אָפּ דער תאווה פון עסן — ווערט געשטאַרקט דער כוח פון סמאל, רחמנא ליצלן, און אַזאַ האַרבע זינד פאָדערט אַ גרויסן עונש״ [2]. „תסגף עצמך בכל דאפשר״ — זאָלסט פּייניקן דיין גוף ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך, וואָרנט די משנה איר „געליבטן זון״ — דעמאָלט וועסטו זוכה זיין זען אליהו הנביא פנים אל פנים; ער וועט ריידן מיט דיר מויל צו מויל און וועט פאַר דיר אַנטפּלעקן די סודות פון דער תורה״ [3]. יומם ולילה לערנען תורה, שטענדיק זיין גרייט זיך מוסר־נפש זיין פאַר דער תורה — אָט דאָס איז דער הויפּט־מאָטיוו פון דעם „מגידים״ באַלערונגען. „היט זיך — וואָרנט קאָרון די משנה — זאָלסט אויף קיין איין מינוט אין מיר ניט פאַרגעסן, און ניט מפסיק זיין פון מיין תורה. ווען דו זאָלסט וויסן וויפיל וועלטן דו מאַכסט חרוב דערמיט, וואָס דו הערסט אויף צו טראַכטן וועגן דברי תורה — וואָלסטו אפילו אויף קיין איין רגע ניט מפסיק געווען. ווען דו גייסט אין דער גאַס און דיינע געדאַנקען זיינען פאַרנומען מיט מיר און מיין תורה — גייען גאַנצע וועלטן דיר פאַרויס און טוען אויסרופן: „טוט לויבן און פרייזן דעם, וואָס טראָגט אויף זיך דעם קיניגס געשטאַלט!״ און מחנות אָן צאָל טוען דיך באַגלייטן, און גאַנצע וועלטן ווערן דערציטערט פון דעם גוואַלטיקן אויסגעשריי: „אָט דאָס איז דער מענטש, וואָס איז באַוויליקט אין די אויגן פון דעם מלך מלכי המלכים! אָט דאָס איז דער גרעסטער תנא אין ארץ־ישראל, אָט דאָס איז דער ריש מתיבתא פון גאַנץ ארץ־ישראל!״ [4]. „זיי וויסן — זאָגט אַן איר געליבטן זון די „נשמתא דמשנה״ — אַז גאָט ברוך הוא כביכול און אַלע הימלישע שאַרן טוען דיך באַגריסן. די טרייע נביאים, די תנאים, אמוראים, סבוראים, גאונים און אַלע פוסקים — אַלע טוען זיי דיך

---

1 דאָרטן, 2, 20, 22, 23 א״וו.

2 2, 3, 6, 11.

3 דאָרטן, 3. זע אויך 16 און 24.

4 דאָרטן, דף 2, עמ' ב': „אלו היית יודע כמה עולמות מתפסדות על ידך בעת שאתה מפסיק מלהרהר בדברי תורה, לא היית מפסיק אפילו רגע אחד; כי בעת שאתה יוצא לשוק ואתה מערער במשנתי — עולמייא דילי מכריזין ואולין קמך ומכריזין הבו יקר לדיוקנא דמלכא! וכמה חיילין דלית לון חושבנא מלוין יתך עליהון כמה עלמין מזדעזעין לקבל ההוא כרוזא שעלין ואמרין: מאן ההוא גברא דמלך מלכי המלכים חפץ ביקרו? האי הוא תנא סבא דארץ ישראל האי הוא ריש מתיבתא דארץ ישראל, האי הוא מחברא רבא דארץ ישראל״. זע אויך דאָרטן, 3, 4, 55 א״וו.

בענטשן בעת דו פארנעמסט זיך מיט זייער תורה. און גאנצע וועלטן ווערן דערציטערט, דערהערנדיק ווי יענע טוען דיך בענטשן, און פרעגן פארחידושט: פארוואס איז דאס אלץ? ענטפערט מען און מען זאגט זיי: דאס איז דער קאפ פון אלע ישיבות אין ארץ־ישראל, דאס איז דער גרויסער פוסק פון ארץ־ישראל, יוסף מיטן ביינאמען קארו, וואס דער מלך מלכי המלכים אליין וויל, אז זיין נאמען זאל געלויבט ווערן" [1].

„דערפאר, — זאגט די משנה ביי א צווייטן באזוך, — וואס איך בין אזוי טייער ביי דיר, וועל איך דיך דערהויבן, און דו וועסט זיין דער גייסטיקער האר איבער אלע קהילות אין גלות; דערפאר, וואס דו האסט זיך מוסר נפש געווען אומקערן דער „סמיכה" איר אלטן גלאנץ [2], וועסטו זוכה זיין, אז דיין „סמיכה" זאל אנערקענט ווערן פון אלע חכמים אין ארץ־ישראל און חוץ לארץ" [3]. די „נשמתא דמשנה" זאגט אים צו, אז וויבאלד ער וועט גיין אין אירע וועגן, וועט ער זוכה זיין פארענדיקן זיינע גרויסע חבורים און זען ווי זיי ווערן פארשפרייט בכל תפוצות ישראל; די צאל פון זיינע תלמידים וועט זיין אזוי גרויס, אז קיין שום חכם פאר די לעצטע פינף הונדערט יאר וועט זיך אין דער הינזיכט ניט קאנען גלייכן צו אים, און אלע זיינע תלמידים וועלן שיינען און לייכטן ווי די שטערן אין הימל [4]. „איך — איז אים דער „מגיד" מבטיח — וועל פאר דיר אנטפלעקן די עולמות העליונים, און ווי די חכמי התלמוד בשעתם, אזוי וועסטו אויך קאנען וואונדער באווייזן [5] און אלע וועלן ווייסן, אז ווען אפילו די נבואה האט זיך אויסגעלאזט ביים פאלק ישראל — אויף דיר טוט זי דאך רוען" (אם פסקה נבואה מישראל — ממך לא פסקה). „אלס העכסטן לוין — זאגט אבער די משנה צו איר געליבטן זון די קרוין פון מסירת־נפש און קידוש השם; זי איז אים מבטיח, אז ער וועט זוכה זיין צו שטייגן אויפן שייטערהויפן פון גאטס נאמען וועגן [6], און דאס ניט אין די לענדער פונם גלות, נייערט אינם הייליקן לאנד פון די אבות.

נאכדעם ווי קארו האט, נאך ווינענדיק אין אדריאנאפאל, זיך באפריינדעט מיט שלמה מלכו, האט ער אנגעהויבן צו בענקען נאך די

---

1 דארטן, פרשה ואתחנן, דף 45.

2 יעקב בירב (זע אויבן זייט 273), בעת ער האט געוואלט באנייען דעם אלטן סמיכה־אינסטיטוט, האט ער אייגעם פון די ערשטע „סומך" געווען יוסף קארו.

8 דארטן, 31.

4 דארטן, 13—14.

5 דארטן, 4, 9, 13, 22.

6 דארטן, 53, 55.

הויפּט־צענטערס פון קבלה: נאָך סאַלאָניקי און, דער עיקר, נאָך צפת. קומט טאַקע באַלד דער „מגיד'' און באַפעלט קאַרון, ער זאָל פאַרלאָזן אַדריאַנאָפּאָל, זיך פאַרהאַלטן בלויז אויף אַ קורצע צייט אין סאַלאָניקי, און פון דאָרט זיך לאָזן קיין צפת [1]. „איך — איז אים די משנה מבטיח — וועל דיך ניט פאַרלאָזן ביז איך וועל ניט מקיים זיין אַלץ, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט. דורך מיר וועסטו זוכה זיין קומען קיין ארץ־ישראל, דאָרט וועסטו קומען אין פאַרבינדונג מיט פילע תלמידי חכמים, און אַ גרויסע צאָל תלמידים וועלן דיין תורה לערנען... דערנאָך וועסטו זוכה זיין שבֿייגן אויפן שייטערהויפן על קידוש השם''[2].

עס איז קלאָר, אַז דער „מגיד'', וואָס דערמאָנט קאַרון יעדעס מאָל ער זאָל ניט מפסיק זיין פון לערנען תורה, פאַרגעסט ניט אויך אין קבלה. „ותעסוק תמיד במשנה ובקבלה'' — זאָלסט זיך תמיד באַשעפטיקן מיט משנה און קבלה, חזרט אָפּט איבער דער „מגיד'' [3]; „תקבע עתים בחכמת הקבלה'' [4] — אַ באַשטימטע צייט זאָלסטו זיך פאַרנעמען מיט קבלה; „ואזדהר למגמר קבלה ולא תתרפה מיניה בשום פנים'' [5] — זיי פלייסיק אין לערנען קבלה און אין קיין פאַל טאָרסטו זיך ניט אָפּלאָזן, דערמאָנט יעדעס מאָל דער „מגיד''.

„דו וועסט אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון דער חכמת הקבלה — איז אים דער „מגיד'' מבטיח, — דו וועסט איבערשטייגן דעם גרויסן מקובל פון מירון, והוא ייתי למילף מינך — און ער וועט לערנען תורה בײַ דיר'' [6].

די דאָזיקע הבטחה איז דווקא ניט מקויים געוואָרן. יוסף קאַרו איז בלי־ספק געווען דער גרעסטער פּוסק און רבנישער אויטאָריטעט פון זיין צייט, אָבער אין חכמת הקבלה האָבן אים ווייט איבערגעשטיגן זיינע חברים אין צפת. וועגן זיי אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

---

1 דאָרטן, דף 54, עמ' ב.

2 דאָרטן, פרשת ויקרא, דף 30, עמ' א'.

3 דאָרטן, 33, 53 א"ו.

4 דאָרטן, 19, 26.

5 דאָרטן, 49, 55.

6 דאָרטן, 48, פרשה כי תבוא. גרעץ דרינגט, אַז אונטער דעם מקובל פון מירון ווערט געמיינט ר' יצחק לוריא. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. די דאָזיקע ווערטער פונם „מגיד" זיינען פאַרצייכנט אין 1569. דעמאָלט איז דער אר"י אָקאָרשט געהאַט גע־קומען קיין ארץ־ישראל און ער האָט נאָך דעמאָלט ניט קונה־שם געווען. חוץ לזה איז קיין ספק ניט, אַז „הרא"ש שבמירון" באַטייטן ראשי תיבות פון עפּעס אַ מקובל.

# דריטער קאַפּיטל

צפת אַלס קבלה־צענטער. — מאיר אבן גבאי און זיין „עבודת הקודש". — די גרונט־טעזיסן פון דעם דאָזיקן קבלה־ספר. — אבן גבאים פאַרהאַלטן זיך צום רמב"ם און צו וועלטלעכע וויסנשאַפטן. — דוד אבן זימרא און שלמה אַלקאַביץ. — אַלקאַביץ אַלס מיסטיקער און דער דיכטער פון דער „היכל־שער כלה". — משה קאָרדואיראָ אַלס טעאָרעטיקער פון קבלה; זיין „פּרדס רימונים". — אליהו די ווידאַש און זיין „ראשית חכמה". — „די מורא פאַר גאָט" און דער כוח פון תשובה. — הייליקן דאָס לעבן. — דער אוס־דערוואָכן און דער שבת. — מיסטישע איבערלעבונגען פאַרבונדענע מיט עראָטיק.

מיר האָבן אין פריערדיקן קאַפּיטל שוין אָנגעוויזן, אַז אין צפת איז פאַרענדיקט געוואָרן דער קאָמפּענדיום, די זאַמלונג פון אַלע דינים און געזעצן, וואָס איז געוואָרן דער ווינקלשטיין פאַרן רבנישן יידנטום פון די שפּעטערדיקע דורות. און טאַקע די זעלביקע גאַליליייִשע שטאָט איז געווען די וויג פון דער נייער שיטה אין קבלה, וואָס האָט דעספּאָטיש אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויף אַלע שפּעטערדיקע גייסטיקע און מיס־טישע שטרעמונגען, אויפן גאַנצן ווייטערדיקן יידישן קולטור־לעבן. אָט דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם שטעטעלע אינם אייבערשטן גליל, איז אויפ־געבויט געוואָרן אָט דער דאָזיקער קונציקער, אויסטערליש־פאַנטאַסטישער בנין, ווו עס זיינען אַזוי ווילד, דיסהאַרמאָניש צונויפגעמישט עקזאַלטיר־טער אַסקעטיזם מיט קרענקלעך צודרינגלעכע משיחישע טרוימערייען, די באַשיכּורנדיקע התלהבות פאַר דעם מענטשלעכן איך, פאַר דער שטאָל־צער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט — איינגעהילט אין לבוש פון השבעות, לחשים און שמות, דער אייזנפעסטער גלויבן אינם ענדגילטיקן ניצחון פונם גוטן און גערעכטן — און די גאַנצע וועלט איינגעטונקט אין שטאָק־פינסטערער טומאה, און באַטויבט ווערט די לופט פונם עזות־ניצחונדיקן געלעכטער פון סמאל מיט זיינע שיירות. און דאָס אַלץ שלענגלט זיך אין אַ ווילדן מוראדיקן געפלאָנטער אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף אין די טיפענישן פון אַן ענגער, טונקעלער לאַבירינטאַרטיקער מערת המכפלה, ווו עס צאַפּלט זיך און בלוטיקט די אויסגעמאַטערט ליידנדיקע מענטש־

לעכע נשמה, וואָס איז אויסגעשטאַנען די שרעקלעכע יסורי גיהנום און דאָך ניט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין דעם באַשיכורנדיקן גליק פון גן־עדן און רייסט זיך מיט אירע לעצטע כוחות פון דער שטאָק־פינסטערניש צו די פרייע, ליכטיקע ווייטן פון די הימלשע הייכן... נאָר איידער מיר וועלן איבערגיין צו די מקובלים פון צפת, מוזן מיר זיך אָפּ־שטעלן אויף איין מקובל, וואָס געהער ניט צום צפתער קרייז, ער בילדעט אָבער דעם פאַרבינדונגס־רינג צווישן דער קבלה פון דער פריערדיקער תקופה מיט דער קאַבאַליסטישער שול פון צפת. מאיר בן יחזקאל אבן גבאי האָט דער דאָזיקער מקובל געהייסן. וועגן זיין לעבן ווייסן מיר כמעט ווי גאָרניט. בלויז אדאנק די אָנווייזונגען פונם מחבר גופא צום סוף פון זיינע צוויי ווערק, ווייסן מיר, אַז ער איז געבאָרן אין שפּאַניע אין 1480. זיין ערשט ווערק „תולעת יעקב" (אַ מיסטישער פירוש אויף תפילות פון אַ גאַנץ יאָר), האָט ער פאַרענדיקט צו 26 יאָר, בעת ער האָט זיך געפונען אין זייער שווערע מאַטעריעלע צושטאַנדן [1] און זיין הויפּט־ווערק האָט ער פאַרענדיקט אויפן 50טן יאָר פון זיין לעבן [2].

אַלס עלף־יאָריק קינד האָט אבן גבאי צוזאַמען מיט די אַנדערע גולי ספרד זיך געלאָזט אין שווערן וואַגל־וועג, ביז ער האָט ענדלעך געפונען שוץ און רו אין דער טערקישער מלוכה. זיין הויפּט־ווערק „עבודת הקודש" [3], איבער וועלכן ער האָט געאַרבעט גאַנצע 8 יאָר, האָט געוויס פאַרדינט פיל מער אויפמערקזאַמקייט, ווי דאָס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן מצד אונזערע פאָרשער. אין דעם דאָזיקן ווערק ווערן אין סיס־טעמאַטישער פאָרם באַהאַנדלט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער קאַבאַליסטישער לערע; די מיסטישע וועלט־אָנשויונג, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט ביי יידן אין משך פון דורות, באַקומט דאָ צום ערשטן אַ בולט און איינהייטלעך בילד און ווערט געשילדערט און ערקלערט אַלס גאַנ־צער האַרמאָנישער בנין.

„חלק היחוד" — וועגן איינקייט און אייניציקייט פון דער גאָט־הייט; „חלק העבודה" — וועגן גאָט דינען מיט כוונה און מסירת־נפש; „חלק התכלית" — וועגן דעם תכלית פון דער וועלט, פון דער תורה און

---

1 זע שלום פון „תולעת יעקב" (קראָקער אויסגאַבע).

2 צום סוף פון „עבודת הקדש" געפינט זיך פאָלגנדיקע צושריפט: „והיתה השלמת חבורי יום חמישי, שני ימים לחודש טבת שנת חמשת אלפים ומאתים ותשעים ואחד לבריאת עולם. והתחלתי להתעסק בחבורי ואני בן ארבעים ושתים שנה וגמרתיו ואני בן חמשים שנה".

3 די ערשטע אויסגאַבע פון דעם ווערק האָט דעם מחברס איידעם, שניאור סאַלקון, פאַרעפנטלעכט אין ווענעדיק אין 1567 אונטער דעם קעפּל „מראות אלהים".

פונם מענטשן; „חלק סתרי התורה״ — וועגן די סודות פון מעשה בראשית, מעשה מרכבה און די זעונגען פון די נביאים — אָט דאָס זיינען די נעמען פון די פיר טיילן, אין וועלכע עס איז איינגעטיילט אבן גבאים אומפאַנגרייך ווערק.

מיר האָבן שוין אין דריטן באַנד אָנגעוויזן, ווי אַזוי אָט די ערשטע פּראָבלעם (גאָטס אייניקייט) איז ביי די מקובלים געווען ענג פאַרבונדן מיט דער הארבער שאלה: אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט זיך פון דעם אַבסאָלוט איינציקן, וואָס איז כולו רוחניות און איז העכער פון וועלכער ס׳איז שינוי, געקאָנט אַנטוויקלען דאָס צייטיקע, פאַרענדערלעכע און רעאַל־מאַטעריעלע? ביים פאַרענטפערן די דאָזיקע סתירה איז אבן גבאי זיך סומך אויף די ראיות, וואָס ס׳האָט בשעתו אַרויסגעשטעלט דעם רמב״נס רבי, עזריאל, אין זיין „פירוש עשר ספירות״, אויף וועלכן אבן גבאי פאַררופט זיך גאַנץ אָפט[1]. און אין אַ צייט אַרום האָט ער די גרונט־טעזיסן פון „פירוש עשר ספירות״ געלייגט אַלס יסוד פאַר זיין שפּעטערדיק ווערק „דרך אמונה״, וווּ עס ווערט ספּעציעל באַהאַנדלט די ספירות־לערע[2].

„די גאָטהייט גופא, — ערקלערט אבן גבאי, — וואָס איז דער מקור פון אַלע דערשיינונגען, איז בכלל העכער פון וועלכער ס׳איז מענטשלעכער השגה, און דער מענטש איז אפילו ניט אימשטאַנד איר אָנרופן ביי זיין ריכטיקן נאָמען. די ווערטער: „אין סוף״, „רום המעלה״, „כתר עליון״ — דאָס זיינען בלויז אָנגענומענע אויסדרוקן, מיט וועלכע מיר פּרווון באַצייכענען דאָס, וואָס ס׳איז פאַר אונז פאַרהוילן און העכער פון אונזער פאַרשטאַנד. וואָרעם דער נאָמען דריקט דאָך אויס דעם עצם, דעם מהות פון דער זאַך. גאָטס נאָמען איז דערפאַר איינס מיט דער גאָטהייט צוזאַמען, איז אייביק און אומבאַגרייפלעך גלייך מיט דער סיבה ראשונה גופא[3]. און ניט אומזיסט — ערקלערט אבן גבאי — האָבן אונזערע חכמים געזאָגט: עד שלא נברא העולם היה הקדוש ברוך הוא ושמו בלבד — איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן האָט עקסיסטירט נאָר גאָט און זיין נאָמען. און דער אומאויסגעשפּראָכענער און אומבאַגרייפ־

---

1 „עבודת הקודש״, דף 12, עמ׳ ב׳ א״ו (מיר ציטירן נאָך דער קראָקער אויסגאַבע פון 1577).

2 דאָס דאָזיקע ווערק האָט אבן גבאי געשריבן ספּעציעל פאַר זיין תלמיד יוסף הלוי.

3 דאָרטן, 9: „הוא ושמו בלבד, והכוונה בשמו רום המעלה... כי הוא קדמון בקדמותו... כי כתר... הוא עם היותו קדמון בקדמות האין־סוף הוא עלול ממנו והוא שמו שאינו נבדל ואינו חוץ ממנו״.

לעבער נאָמען איז כולל אין זיך אַלע צען ספירות [1]. וואָס ווערן ניט געבאָרן, ניט געשאַפן, נאָר אויסגעשטראַלט (נאצל) פון דער גאָט־הייט, וואָרעם זיי, די ספירות, זיינען דאָך דער עצם, די אַנטפּלעקונג פון גאָטס מהות, און גאָטס מהות ווערט ניט נשתנה: ער באַשאַפט ניט קיין נייס — ער עמאַנירט בלויז, ער שטראַלט אויס; די פּאָטענציעלע, פאַר־באָרגענע כוחות ווערן נתגלה און גייען ארוים מכוח אל הפועל [2]. און טאַקע די ספירות זיינען עס דער פאַרבינדונגס־רינג, דער פאַרמיטלער צווישן דעם אומענדלעכן און ענדלעכן, צווישן דער סיבה ראשונה און דעם וועלטאַל; זיי זיינען עס די כלים, דורך וועלכע די וועלט אַנטשטייט [3]. אַלס גאָטס אצילה (אויסשטראַלונג) זיינען די ספירות איין מהות מיט דער גאָטהייט, און דערפאַר זיינען זיי גלייך מיט אים אייביק און אומ־ענדלעך. נאָר אין דעם, וואָס זיי זיינען אויסגעשטראַלטע, אַן אַנט־פּלעקונג פון אַ ווילנסאַקט, אויפנעמער פון געטלעכער שפע — אין דעם ליגט שוין אַ מאָמענט פון דערווייטערונג און פאַרמינדערונג, און טאַקע דורך דעם זיינען זיי מסוגל צו שאַפן דאָס באַגרענעצטע און פאַרגענג־לעכע [4]. זיי, די ספירות, זיינען עס די פּילאַרטיקע אַנטפּלעקונג פון דער גאָטהייט, און נאָר אין דער פּילאַרטיקייט קאָן זי דער מענטש אויפנעמען, און טאַקע צו זיי, די ספירות (טראָגן אויך דעם נאָמען „מדות”) ווערן עס די מענטשלעכע תפילות דערהויבן, וואָרעם בלויז זיי איז דער בשר ודם אימשטאַנד משיג צו זיין, בלויז זיי מיינט עס דער מענטש מיט די אַלע שבחים און אַטריבוטן, מיט וועלכע ער באַקרוינט די גאָטהייט [5]. די ספירות דאַרף מען זיך אָבער ניט פאָרשטעלן אַלס אָפּגעזונדערטע און זעלבשטענדיקע, — אַלס אויסשטראַלונגען געפינען זיי זיך אין דער

---

1 דאָרטן, 12: „שהם מדותיו הנאצלים מאורו והם נקראים שמו”. דאָרטן, 16 און 18: „השם המפורש כולל ומיחד כל האצילות”.

2 דאָרט, 10: „כי האלהות הוא אצילות עשר ספירות... אצילות עשר ספירות שבארנו הוא עצם האלהות”.

3 דאָרטן, קאַפּ' 18, דף 18: „כי הנה השם המיוחד כולל עשר ספירות שהם עשר שמות הקדש והם כלים”...

4 חלק ג', קאַפּ' 3, דף 111: „לא היה אפשר לעולם שיברא אם לא ע"י אמצעי והיו בו שני הצדדים, מצד יהיה בעל תכלית וחסר ומצד יהיה בלתי בעל תכלית ושלם, והוא האצילות שיש בו כח שלם וכח חסר וזה הכח הכולל אי אפשר שיהיה נמצא בעצם וראשונה בדבר נברא נפרד כי אם בנאצל מיוחד והיה שורש ויסוד אל הנברא, כי מצד היותו נאצל מיוחד יהיה כולל השלמות והחסרון השלמות בהיותו מקבל השפע”.

5 חלק א', אָנהייב קאַפּ' 5.

גאָטהייט אָבער ניט אויסער איר [1]; און ווי דעם מענטשנס נשמה אַנטפּלעקט זיך דורך די אברים פונם גוף, אַזוי אַנטפּלעקט זיך אויך די גאָטהייט, די נשמה פון אַלע אויסשטראַלונגען, דורך די ספירות. און פּונקט ווי דעם מענטשנס נשמה איז איינע, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס טאָן און שאַפן פון די אָרגאַנען איז אַזוי פאַרשיידן — אַזוי בילדן אויך די ספירות, גאָטס אַטריבוטן, אַן אַבסאָלוטע איינקייט מיט גאָט; וואָרעם די פילאַרטיקייט און פאַרשיידנקייט געפינט זיך ניט אין דער גאָטהייט און אין די געטלעכע אַטריבוטן (מידות), נייערט אין אונז און אין אונזערע באַגריפן. מיר, מיט אונזער באַגרענעצטער השגה זיינען אַנדערש ניט אימשטאַנד אויפצונעמען די אַנטפּלעקונג פון גאָטס מעשים [2]. גאָט איז אין אַלע זיינע אַנטפּלעקונגען איינציק און אומפאַראַנדערלעך, אין אים געפינען זיך ניט פאַרשיידענע און קעגנזעצלעכע מידות, וואָס אַמאָל איז ער דער גאָט פון מידת הרחמים, און אַמאָל דער גאָט פון מידת הדין — דאָס דערשיינט ער בלויז אַלס אַזעלכער אין אונזערע באַגריפן, וואָרעם מיר, מיט אונזערע מצומצמדיקע השגות, קאָנען אַנדערש ניט אויפנעמען און באַגרייפן גאָטס מהות [3]. בעת מיר רײדן וועגן גאָטס צאָרן אָדער גאָטס גענאָד, דעקן מיר דערביי ניט אויף זייןווירקלעכן מהות, מיר דריקן דערביי בלויז אויס און גיבן צו וויסן ווי אַזוי מיר פאַרהאַלטן זיך און ווי אַזוי מיר שאַצן אָפּ גאָטס מעשים.

איין און דער זעלבער זונשטראַל רופט אַרויס די פאַרשיידנסטע פאָלגן: ער בלייכט לייוונט און מאַכט טונקעלער דעם מענטשנס געזיכט, ער מאַכט ווייך סמאָלע און האַרטעוועט וואַקס; דער אייגענער שטראַל, אַז מען לאָזט אים דורך דורך פאַרשיידן געפאַרבטע גלעזער, שימערירט מיט אַלערליי קאָלירן, און דאָך ווייסן מיר זייער גוט, אַז ביי אַלע זיינע פאַרשיידענע פעולות און קאָלירן — דאָך איז ער איינציק לויט

---

[1] דאָרטן, דף 16: „והכל ממקום אחד, והכל בו בלי פרוד ובלי קצוץ... שהספירות עשר שהם כח אחד... וכחן כח אין סוף המאצילן ואם היות שנאצלו לא נפרדו אבל נשארו אצל המאציל ובו ולא חוץ ממנו".

[2] דאָרטן, חלק א', ענדע פּרק 11: „כי הוא פשוט בתכלית הפשיטות ומיוחד בכל חלקי שמותיו ומדותיו בתכלית האחדות, ושנוי פעולה אשר מצד ההנהגה אינה בבחינת עצמו יתברך ולא מצדו כי אם בבחינת המקבלים ומצדם". זע אויך קאַפּ' 12, דף 25.

[3] דאָרטן, דף 94: „שמו הגדול לא יתרבה ולא ישתנה בהם, כלומר באלה המדות שבו, ואף על פי שאנו אומרים מדת רחמים ומדת הדין אין להעלות על לב חלילה שיש בו שתי מדות הפכיות, כי אינו כן, אבל הכל אחד מיוחד בתכלית היוחד, אם שכלנו אינו משיג זה על בורין ואין בנו כח להבין העניינים עד שנאמר: עתה מדת הרחמים ועתה מדת הדין".

זיין מהות [1]. און טאקע אין דעם ליגט דער טיפער זין פון די „חז״לס שפראך, אז פאר בריאת העולם איז געווען בלויז גאט אליין און דער נאמען זיינער, ד״ה אז איידער די וועלט איז באשאפן געווארן האט זיך די פילארטיקייט ניט געקאנט אנטפלעקן, ווייל עס זיינען נאך קיין באשעפענישן ניט געווען, וואס זאלן די געטלעכע איינהייטלעכע גאנצקייט און אומפארענדערלעכקייט אויפנעמען לויט זייער בחינה אין באגרעגעצטע און פארענדערלעכע פארמען [2].

אבער... וואס פאר א צוועק שטעקט אין מעשה בראשית? צו וואס פאר א צוועק איז באשאפן געווארן די וועלט און איר קרוין און צירונג — דער מענטש? די דאזיקע פראגע שטעלט שוין דער מחבר אין דער פאררעדע, און איר גיט ער אפ דעם גאנצן דריטן חלק פון זיין ווערק (חלק התכלית).

„ידוע כי המעשה הוא סוף המחשבה ותשלומה — ערקלערט אבן גבאי — די העכסטע שלימות באקומט דער געדאנק ערשט, ווען ער פארקערפערט זיך אין דעם טאן, אין דעם ווילנסאקט און גייט דורך דעם איבער מן הכוח אל הפועל. די העכסטע שלימות פון גאטס רצון, פון גאטס מחשבה, די העכסטע בחינה פון זייער אנטפלעקונג, קאנען דערגרייכט ווערן נאר דורך דער מעשה, דורך דעם, וואס זיי קאנקרעטיזירן זיך אין דעם טאן און פולברענגען. און דערצו טאקע איז נייטיק געווען דער עולם המעשה, די רעאלע וועלט. ווארעם דאס טאן, די אנטפלעקונג פונם ווילנסאקט, וואס ערשט דורך דעם דערגרייכט דער אבסטראקטער געדאנק צו זיין העכסטער שלימות — קאן דאך ניט פארקומען אויסער דעם רוים, אויסער דער רעאלער וועלט. אונזער עולם המעשה איז דערפאר א נייטיק רינגעלע, וואס ברענגט די עולמות העליונים צו זייער שלימות, און גיט די מעגלעכקייט גאטס ווילן זאל זיך קאנען אנטפלעקן אין זיין גאנצער פראכט [3]. און אינם מיטלפונקט פון דעם עולם המעשה שטייט זיין שטאלץ און קרוין — דער מענטש, וועמעס קערפער איז אן אפשפיגלונג

---

1 דארטן, 14–15.

2 דארטן, דף 14: „כי לפי שקודם הבריאה לא היה דבר יפעול בו האלהות כפי חלוף בחינותיו, כי לא היה שום נברא לקבל היה אז נבחן עצמות הבורא פשוט מצדו ית׳ ממש בלי שום בחינה מחולפת בבחינת המקבל״.

3 דארטן, דף ב׳ עמ׳ ב׳: „תכלית המכוון בבריאת העולם הזה שהיה להשלים הרצון העליון אשר אי אפשר להשלימו כי אם בו שהוא עולם המעשה... וזה סוד הוצאת המחשבה לידי מעשה וידוע כי המעשה הוא סוף המחשבה ותשלומה... ולזה היה הצורך גדול בבריאת העולם להוציא בו המחשבה העליונה לתשלום הפעולה והמעשה כנגד סוף המחשבה העליונה״. דארטן, דף 58: „העבודה בלתי מקום לא תשוער, העולם הזה הוא העולם המעשה וצריך לשלמות העולם העליון שהוא סוף המחשבה העליונה״.

פון דער הימלישער „מרכבה" [1] און זיין נשמה פאַרייניקט אין זיך די שטראַלן פון אַלע ספירות. אבן גבאי טרעט דערפאַר אַזוי אַנטשיידן אַרויס קעגן דעם רמב"ם דערפאַר, וואָס יענער געפינט, אַז דעם מענטשנס נשמה איז באַשאַנקען בלויז מיט דער הכנה צו שלימות, און נאָר אין דעם באַשטייט דער אונטערשייד צווישן דעם מענטשן און די חיות, וואָס יענע האָבן אפילו אַזא הכנה אויך ניט. און ערשט דורך דעם שאַרפן און באַרייכערן דעם שכל מיט וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען און פילאָזאָפישע אידעען גייט איבער, לויט דעם רמב"מס אויפפאַסונג, די הכנה פון אַ בלויזער מעגלעכקייט אין אַ רעאַלער ווירקלעכקייט, און ערשט דעמאָלט באַהעפט זיך דעם מענטשנס נשמה מיטן „שכל הפועל"[2]. דער מקובל אבן גבאי איז אָבער פעסט איבערצייגט, אַז דעם מענטשנס נשמה איז לויטן מהות נאָך העכער אפילו פון די הימלישע „גלגלים", וואָרעם זי איז די אויסשטראַלונג פון גאָטס ליכט, אַן אָפּשפּיגלונג פון דער געטלעכער שכינה. און ניט די באַהעפטונג מיטן נידעריקסטן פון די גלגלים, מיטן „שכל הפועל", איז די אויפגאַבע פון דער מענטשלעכער נשמה; איר ראָלע, פאַרזיכערט אבן גבאי, איז אַ פיל העכערע: פאַרווירקלעכן דעם העכסטן ענדציל פון דער וועלט: די פאַרייניקונג פון דער גאָטהייט מיט איר אויסשטראַלונג (ייחד השם הגדול בכבודו) [3].

און אבן גבאי ווייזט ריכטיק אָן, אַז אָט אין דעם דאָזיקן פּונקט אַנטפּלעקט זיך אַמבולטסטן דער פולער קעגנזאַץ צווישן דעם וועלט-באַנעם פון דער גריכישער פילאָזאָפיע און דעם יידנטום.

לויט אַריסטוס וועלטבאַנעם איז די גאָטהייט די אַבסאָלוטע, אומ-באַגרענעצטע דענקענדיקע אור-סיבה, וואָס איר השפעה אויף דעם סדר העולם באַשטייט כלל ניט אין דעם, וואָס די וועלט ווערט רעגירט דורך דער געטלעכער שעפערישער און ווירקנדיקער ווילנס-קראַפט. גאָט איז משפיע אויף דער וועלט ניט דורך זיין טאָן און ווירקן, נאָר בלויז דורך דעם, וואָס ער **איז** און דענקט, און איז דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין פון זיין מהות. דער גאָט פון אַריסטון איז ניט דער מנהיג העולם; ער איז בלויז **געדאַנק**, דאָס אייביקע און אינסופיקע דענקען. די „אינטע-לעקטן", די דענקענדיקע „גלגלים", וואָס באַוועגן זיך אין זייער גוואַלטיקן ראָד און זיינען משיג דעם ציל און סיבה פון זייער אייביקן קרייז — ווי אומפאַרגלייכלעך העכער זיינען זיי פון דעם מענטשן, וועלכן עס געלינגט

[1] דאָרטן, 57.

[2] זע דעם ערשטן באַנד פון אונזער ווערק, קאַפּיטל זעקס.

[3] דאָרטן, דף 42, עמ' א'.

ערשט נאָך פיל פאָרשן און גריבלען נאָך דעם געטלעכן מהות, צו באַהעפטן זיך דורך זיין פילאָזאָפישן געדאַנק מיטן „שכל הפועל“, מיטן נידעריקסטן פון די גלגלים, דעם שר פון דעם עולם התחתון, וואָס געפינט זיך אונטער דעם שטח פון דער לבנה... דער יידישער גאָט אָבער, שטרייכט אבן גבאי אונטער, איז ניט דער וויטער גאָט, וואָס שטייט אויסער דער וועלט, נייערט גאָט דער באַשעפער, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט און זאָרגט פאַר דער גאַנצער וועלט; גאָט דער מנהיג העולם, דער אל מלא רחמים, דער שופט און דיין עולם, וואָס פאַרנעמט אַלע תפילות און זעט צו אַלע טרערן. ניט מיט דער קאַלטער מחשבה, מיטן טרוקענעם פאָרשער־געדאַנק קאָן מען משיג זיין דעם מהות פונם יידישן גאָט, דערהויבן זיך צו דעם אורקוואַל פון לעבן און זיין. ער איז דער גאָט פון דער התגלות, פון דעם גרויסן ווונדער, און נאָר דורך דער טיפער אינטויִציע, דורכן רעליגיעזן פאַטאָס און התלהבות, קאָן מען זיין ליכט דערבליקן. ניט פילאָזאָפישע חקירה און טעאָרעטישע לאָגישע סברות זיינען דער עיקר, דאָס העכסטע ציל — נאָר עטישע שלימות, דער חשק צו פאַרקערפּערן אין לעבן דעם אידעאַל פון גערעכטיקייט, דורך מעשים אַנטפּלעקן דעם ווילן צו דערנענטערן זיך צום הייליקן און געטלעכן. דערפאַר, ווייזט אָן אבן גבאי, שטייט לויט דעם יידישן וועלטבאַנעם דער צדיק פיל העכער פון די מלאכים, וואָרעם ביי די מלאָכים פעלט דאָך דער ווילנסאַקט, דער געראַנגל פאַרן גוטן און גערעכטן. ריין און ליכטיק זיינען זיי לויט זייער מהות, זיי זיינען ניט ביכולת צו זיין נ י ט ריין און ליכטיק. גאָר אַנדערש איז דער גורל פונם מענטשן: די פון די הימלען שטאַמענדיקע נשמה איז פאַרבונדן מיטן זינדיקן חומר, דעם ערדישן גוף, און ערשט דורך שווערע נסיונות און עקשנותדיקן געראַנגל געלינגט עס דער נשמה בייצוקומען די זינדיקע תאוות פונם גוף און דערהויבן זיך צו די הימלשע הייכן [1].

אבן גבאי קאָן דערפאַר ניט מוחל זיין אַברהם אבן עזראן [2], וואָס יענער האָט „זיך געלאָזט פאַרפירן פון דער חכמת יוונית“, און פאַלט אָן אויף סעדיה גאון דערפאַר, וואָס יענער שטעלט דעם מענטשן העכער פון די מלאָכים. דערפאַר טאַקע, שטרייכט אבן גבאי אונטער, האָט אויך דער רמב"ם ניט געקאָנט מסכים זיין מיט דער דעה, אַז די וועלט איז צוליב דעם מענטשן באַשאַפן געוואָרן. פאַרפלאָנטערט „אין דער נעץ פון דער גריכישער פילאָזאָפיע“, האָט דער בעל „מורה נבוכים“ געשטעלט דעם

---

[1] דאָרטן, מאמר III, קאַפּ' 1—3.

[2] דאָרטן, 58.

מענטשן אויף א באדייטנדיק נידעריקער מדרגה, ווי די מלאכים און די „גלגלים״; און דערפאר אויך געמוזט קומען צום אויספיר, אז די וועלטבאשאפונג און איר צוועק בלייבט אן אומדערקלערלעך רעטעניש, און אויף דער פראגע: צו וואס פאר א ציל איז די וועלט באשאפן געווארן? מוז מען הכנעהדיק ענטפערן: אזוי איז גאטס ווילן, כך גזר בחכמתו — אזוי האט ער מיט זיין חכמה באשלאסן! [1]

פאר דעם בעל „עבודת הקודש״, ווי מיר האבן שוין פריער געזען, איז אבער דער צוועק פון דער וועלט קלאר און באגרייפלעך. פאר אים איז קיין שום ספק ניט, אז דעם מענטשנס נשמה איז פון א העכערער בחינה ווי די גלגלים, אז „צדיק יסוד עולם״ — דער צדיק איז דער גרונטשטיין פון דער וועלט און צו זיין ווילן זיינען נכנע אלע באשעפענישן [2]. אין וואס־זשע באשטייט די דאזיקע קראפט? אויף וואס שטיצט זיך דעם צדיקס געוואלטיקע מאכט? אויף דער תורה און אירע מצוות, ענטפערט אבן גבאי. „די תורה איז די אויסשטראלונג פון דער געטלעכער חכמה״, „די תורה איז דער סוד האצילות״, זי איז דער פארקערפערטער גאטס נאמען (שהיא שם ד׳ ממש); זי איז דער זיכערער וועגווייזער ווי אזוי צו פארקערפערן אין קאנקרעטע מעשים דעם געטלעכן ווילן, נאר אדאנק איר און אירע געבאטן באטייליקט זיך דער מענטש אין דער פאראייניקונג פון דער גאטהייט מיט איר העכסטער שלימות און אומפארגלייכלעכן גלאנץ [3]. „עבודה היא העיקר״! דאס אומדערמידלעכע טאן פון מעשים טובים, דער ווילנסאקט פון שאפן דאס גוטע — דאס איז דער וויכטיקסטער פאקטאר, וואס איז גורם הארמאניע און שלימות אין דעם גאנצן וועלטאל, דאס איז דער פאדעם, וואס פארבינדט און פאראייניקט דעם מענטשן מיטן באשעפער און זיין געטלעכן נאמען [4]. נישט דאס וויסן אליין איז דער עיקר, דאס וויסן,

[1] „מורה נבוכים״, חלק ג׳, פרק 13.

[2] „עבודת הקודש״, 67: „צדיק מושל בכל הנבראים עליונים ותחתונים ומכניעם ומביאם לרצונו״.

[3] דארטן, דף 42, עמ׳ א׳: „האדם... שיתקן הכבוד בתורתו ובמעשיו הטובים, והוא ייחד ד׳ הגדול בכבודו, וזה יעלה בידו... בעסק התורה וקיום מצותיה מה שאי אפשר לתקן הכבוד ולהשלים הכוונה בייחוד בזולת זה״...

[4] דארטן: „התורה והמעשים טובים הגורם הגדול... המצות המעשיות החלק והיותר גדול בתורה... עבודה היא העיקר... כי בעשיית המצות למטה יעשום למעלה ויעוררו דוגמתם לתקן במעשיהם הכבוד העליון... כי הם החוט המחבר בין עושיהם מקיימים ובין השם המיוחד.. אין במצות דבר או חלק שלא כוון בו תכלית ותועלת בהצלחת הנפש וייחד השם הגדול בכבודו״.

וואָס ווערט ניט פאַרקערפּערט דורך דעם ווילנס־אַקט — איז גלייך צו אַ גולם (ועדיין היא גולם); די אמתע שלימות ווערט ערשט דערגרייכט דורך דער מעשה, דורך דעם קיום המצווה [1]. יעדע גוטע טאַט, וואָס ווערט געטאָן דורך דעם מענטשן, געפינט אַן אָפּקלאַנג אין די העכערע ספערן און ברענגט צום העכסטן ציל: זיך דערנענטערן צום באַשעפער און זיין אומפאַרגלייכלעכן גלאַנץ. און דערגרייכן די דאָזיקע העכסטע מדרגה פון שלימות, שטרייכט אונטער דער בעל „מראות אלהים", זיינען אימשטאַנד ניט בלויז די יחידי סגולה, נאָר אויך יעדער פון די „ברייטע מאַסן" (המון רב).

אבן גבאי האַלט אָבער פאַר נייטיק גלייך אונטערצושטרייכן, אַז ער קאָן בשום אופן ניט מסכים זיין מיט יוסף אבן שם טוב, וועלכער שטרייכט אונטער אין זיין „עין הקורא", אַז דער מענטש ווערט באַ־שאָנקען מיט השארת הנפש אַלס שכר פאַר קיום המצוות [2]. ניט דער שכר איז דער הויפּט־צוועק, זאָגט אבן גבאי, ניט דאָס איז דער עיקר; עס איז דאָ אַ פיל העכערער ציל, דער „תכלית התכלית" — גאָטס נאָמען צו לויבן און זיין גלאַנץ צו אַנטפּלעקן [3]. און אָט דער דאָזיקער העכסטער ציל נייטיקט זיך כּלל ניט אין קיין שום זייטיקן שכר; זיין אויסשליסלעכע און איינציקע באַוועגנדיקע קראַפט דאַרף זיין — די אומבאַגרענעצטע, מסירת־נפשדיקע ליבע. און די דאָזיקע מסירת־נפשדיקע ליבע צו גאָט, איז אבן גבאי מוסיף, דאַרף זיך ביים מענטשן אַנטפּלעקן אין דער הייסער, איבערגעגעבענער ליבע צו זיינס גלייכן, צו יעדן מענטשן באַזונדער, וואָס איז דאָך אַן אָפּבילד פון דער הימלישער „מרכבה" און שטרעבט גלייך מיט אים צו דעם איינציקן העכסטן ציל — דערהויבן און לויבן גאָטס נאָמען. אויסלעשן דאַרף די דאָזיקע ליבע יעדע מחיצה צווישן איין מענטשן און דעם צווייטן [4], און ניט באַנוגענען דאַרף זיך דער מענטש מיט דעם זאַץ: ואהבת לרעך כּמוך — די ליבע דאַרף ביי אים זיין אַזוי גרויס און שטאַרק, אַז זיין חבר זאָל אים זיין טייערער פון זיך אַליין [5].

---

[1] דאָרטן, 58, 105, 106.

[2] דאָרטן, 28, 106.

[3] דאָרטן, חלק העבודה, פרק 6—7.

[4] דאָרטן, 138: „עד כאן יגיע תכלית אהבת הרע לרעהו להסיר המסך המבדיל בין שניהם".

[5] דאָרטן, 139: „אבל שיאהב את רעהו ויתר ממה שיאהב את עצמו ותגדל ותעלה מאת האהבה עד שכון בכל מעשיו תועלת רעהו וכבודו לרב".

אַט די מסירת־נפשדיקע ליבע געפינט איר ווידערקלאַנג אין די הימלישע ספערן. „דער עולם העליון און דער עולם התחתון זיינען ווי צוויי אינסטרומענטן, וואָס זייערע אַקאָרדן גיסן זיך האַרמאָניש צונויף". די ליבע צו גאָט, דאָס שטרעבן צו פאַרייניקונג און האַרמאָניע, דערוועקט אויך אין די הימלישע הייכן אין דער זעלבער מאָס די ליבע צו ערדישע באַווינער. „דאָס אויג, — לייענען מיר אין דעם „מראות אלהים", — וואָס איז צו די הימלען געווענדט, ווערט גלייך באַמערקט פון די הימלישע הייכן; דאָס אויג, וואָס זוכט גאָט, דערזעט גאָטס בליק צו זיך געווענדט, און ווען די דאָזיקע צוויי בליקן באַגעגנען זיך — אַנטפּלעקט זיך אין זיין גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ דאָס ווונדערבאַרע ליכט, וואָס איז פאַרבאָרגן אין דעם הייליקן גאָטס נאָמען, וואָס קיין בן־אדם טאָר אים אויף די ליפּן ניט ברענגען [1].

אבן גבאי אונטערשטרייכט, ווי מיר זעען, דעם אוניווערסאַלן באַטייט, וואָס די תורה מיט אירע געבאָטן [2] האָט פאַרן גאַנצן וועלט־אַל; ער וואָרנט אָבער דערביי, אַז מיטן פשוטן מענטשלעכן שכל איז מען ניט אימשטאַנד צו באַגרייפן די טיפע סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין דער תורה און אין אירע מצוות. דער מקובל אבן גבאי פלייסט זיך צו דערווייזן, אַז דער מענטש קאָן זיך ניט פאַרלאָזן אויפן שכל, וואָרעם דער שכל גרייזט אַזוי אָפט, און זיינע סברות און אויספירן זיינען גאַנץ אָפט ניט ריכטיק אַפילו אין פראַגן, וואָס זיינען נוגע די רעאַלע לעבנס־דערשיינונגען, אַ פשיטא, אַז מען טאָר זיך אויף אים ניט פאַרלאָזן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן טעמי המצוות און די סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די געבאָטן פון דער תורה [3]. ניט דורך חקירה און שכלדיקע סברות — חזרט אבן גבאי מערערע מאָל איבער — קאָן מען געפינען דעם וועג, וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונז די סודותדיקע טיפן פון דער געט־

---

[1] דאָרטן, חלק התכלית, קאַפּ' 36, 54.

[2] ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אבן גבאי, וואָס ביי אים אין די אויגן איז די תורה שבעל פה כמעט אַזוי וויכטיק ווי תורה שבכתב. „די תורה שבכתב און תורה שבעל פה — שטרייכט ער אונטער — זיינען צוויי צווילינגס־ברידער, וואָס קאָנען זיך ניט צעשיידן און איינער קאָן ניט עקסיסטירן אָן דעם צווייטן": „די תורה שבכתב האָט זיך פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט נאָר אַדאַנק דער תורה שבעל פה". (אין תורה שבכתב נודעת ונגלת בעולם כי אם על ידי תורה שבעל פה). אַ הייסער מקובל, פלעגט דאָך אבן גבאי פאַרברענגען גאַנצע נעכט איבער די הלכות און סוגיות פון דער גמרא (זע צום סוף פון זיין „תולעת יעקב": „דלא פסק פומי מגרסא באישון לילה ואפילה בהוויות אביי ורבא").

[3] דאָרטן, חלק התכלית, קאַפּ' 20: „אסור לנו לשקול בדעתינו שום דבר מדברי התורה ולהמשך אחר העיון השכלי לחקור בסתריה ובטעמיה".

לעבער תורה, נייערט מיט דער הילף פון דער הייליקער מסורה און קבלה. ווייל דער מענטשלעכער שכל איז ניט אימשטאַנד צו באַגרייפן און דערגרונטעווען די סודות התורה, האָט זיי הקדוש ברוך הוא אַנטפּלעקט פאַר משה רבנו, און זיינט אים ציט זיך אין משך פון לאַנגע־לאַנגע דורות די גאָלדענע קייט פון מסורה און קבלה, וואָס ווערט מיט ליבע אויפ־געהיט פון די צדיקי הדור, וואָס וואַכן איבער דער ,,חכמת האמת''[1]. זי, די ,,חכמת האמת'', איז דער אמתער לייכט־טורעם פאַר דער גאַנצער אומה[2], זי איז דער זיכערסטער וועגווייזער און דער טרייער וועכטער איבער די אוצרות פון אונזער הייליקער תורה[3]. די קבלה, פאַרזיכערט אבן גבאי, איז דער איינציקער קוואַל פון אמתן וויסן. און ער פאַלט דערפאַר אָן מיט גרויס צאָרן אויף די, וואָס האָבן ,,געלאָזט זיך פאַרפירן דורך דער חכמת יוונית'', און געלאָזט מיט איר ,,ליגנערישן'' גייסט דורכ־דרינגען די גאַנצע תורת משה.

אבן גבאי איז נאַטירלעך ניט דער ערשטער, וואָס פּאָלעמיזירט קעגן דער ,,חכמת יוונית'' און אירע אָנהענגער; דאָך הערן זיך אין זיינע בייזע און פאַרביטערטע אָנפאַלן גאַנץ נייע טענער, און דאָס, וואָס ביי די אָרטאָדאָקסן און מיסטיקער פון די פריערדיקע דורות איז נאָך געווען קוים צו באַמערקן, — טרעט שוין אַרויס ביי דעם בעל ,,עבודת הקודש'' (מראות אלהים) שאַרף און בולט. אבן גבאי באַווייזט, אמת, אין דעם ערשטן טייל פון ,,עבודת הקודש'' געוויסע בקיאות אין פילאָזאָפישע פראַגן, און זאָגט אַרויס געדאַנקען, וואָס טראָגן אַ פאַנטעזיסטישן לבוש, נאָר טאַקע דאָס זעלבע ווערק טראָגט דערביי גאַנץ שאַרף דעם שטעמפּל פון ענג באַגרענעצטן וועלט־באַנעם, עס שטראָצט אויס אים מיט גאַווה־דיקער זעלבסטצופרידנקייט און פאַראַכטלעכן ביטול צו אַלץ, וואָס אויסער זיינע ד' אמות. עס פילט זיך די שטיקנדיקע לופט פון דער קולטורעל אָפּגעשטאַנענער סביבה. אבן גבאי פאַלט אָן אויף דער פילאָזאָפיע ניט דערפאַר, וואָס זי וויל זיך ניט רעכענען מיט די גרענעצן פון איר קאָמ־פעטענץ און פאַרמעסט זיך צו שפּילן אַ הערשנדיקע ראָלע אויך אויפן געביט פון אמונה־פראַגן; ער קוקט אויף ,,חכמת יוונית'' און אויף אַנ־דערע וויסנשאַפטן מיט פאַראַכטונג און ביטול, ווייל ער זעט אין זיי קיין שום ווערט ניט, און ערקלערט זיי אַלס נישטיקע שפּילערייען פון דעם

---

[1] אבן גבאי פּרוּווט דערביי געבן די שלשלת הקבלה פון משה רבנו ציימן; ער גיט אָבער פאַקטיש די מסורה־קייט פון יידישער מיסטיק (דאָרטן, דף 77—78).

[2] דאָרטן, דף 57;

[3] דאָרטן, דף 9, 26, 33, 111 א"וו.

מענטשנס גאווהדיקן שכל. ער קאָן ניט מוחל זיין דעם רמב"ם און זיינע אָנהענגער [1] דערפאַר, וואָס זיי האָבן ביים אויסטייטשן דעם פשט פון דער תורה געפלייסט זיך צו ברענגען זי אין צוזאַמענקלאַנג מיט „אַריסטוס נאַרישקייטן און זיינע פאַלשע ליגנס" (עם דברי אריסטו וזיופיו והבליו). „מיימוני — זאָגט אבן גבאי מיט כעס — האָט גערעכנט, אַז קיין מענטש איז גאָרניט אימשטאַנד אָפּצוּווענדן אַריסטוס „נאַרישע ראיות" [2], און טאַקע אים, דעם רמב"ם, האָט מען עס צו פאַרדאַנקען, וואָס די צרעת האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דעם גאַנצן פאָלק ישראל; מען האָט זיך אָפּגעווענדט פון דער הייליקער מסורה און מען האָט אָנגעהויבן אונטער־צוגראָבן די מויערן פון דער תורה מיט די נאַרישע סברות פון דעם פאַרשאָלטענעם גריך [3]. דאָס האָט עס דער רמב"ם און זיינע אָנהענגער געוואָלט דערווייזן, אַז ס'איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן חכמת ישראל און גריכישער פילאָזאָפיע (כי חכמת היוני חכמת חכמי ישראל), און אַז אַריסטוס דעות געפינען זיך אין פולן הסכם מיט דער תורה פון אונזערע נביאים. דאָס איז אָבער אַ ליגן — רופט אויס מיט גרויס צאָרן אבן גבאי — די גריכישע פילאָזאָפיע, די דאָזיקע פאַלשע און ליגנערישע הכמה, איז אונדז שטענדיק פרעמד געווען, און פאַרבאָטן איז איר דער אַריינגאַנג אין גאַנצן הייליקער מחנה [4]. יעדער גאָטספאָרכטיקער, ערקלערט אבן גבאי, ווייס ווי שטאַרק מען דאַרף מיידן די פילאָזאָפיע, ווייל זי גראָבט אונטער מיט איר אַפּיקורסות די יסודות פון דער אמונה, און אַז אויפן ריכטיקן וועג פירט נאָר די „חכמת האמת", וואָס איז אונדז געגעבן בקבלה ביים באַרג סיני און געהערט בלויז דעם פאָלק ישראל, און קיין שום אַנדער אומה האָט צו איר ניט זוכה געווען [5].

דאָס אמתע וויסן וועגן נאַטור און וועלט־באַשאַפונג קאָן מען, לויט אבן גבאים פעסטער איבערצייגונג, געפינען ניט אין אַריסטוס פיזיק, נאָר אין „מעשה בראשית", וואָס איז אַנטפּלעקט אין דער געטלעכער תורה. און דער בעל „עבודת הקודש" רעדט מיט שנאה און כעס וועגן דעם

---

[1] באַזונדערס שאַרף פאַלט אָן אבן גבאי אויף דעם רלב"ג (דאָרטן, 65, 69, 70).

[2] „שמופתי אריסטו ופתיו אי אפשר לחלוק עליהם ולהכחישם".

[3] דאָרטן 57: „לחפיל ולהרוס חומת התורה... לעקור ולסתור שרשי האמונה והתורה כידוע ממופתי היוני הארור והקשיו הסכלים והיא צרעתו אשר נתפשטה ופרשה באומתנו".

[4] דאָרטן, 74—75: „נכריה היא וזרה ואסורה לבוא בקהל ד'... והחכמה המזויפת הבדויה הזאת לא הותרה בשום זמן".

[5] דאָרטן, 76.

רמב״מס פרווו ברענגען אין געוויסן צוזאַמענקלאַנג די ביבלישע ערציילונג וועגן וועלט־באַשאַפונג מיט די הנחות פון דער גריכישער וויסנשאַפט. זיין ספר (ד״ה דער ,,מורה נבוכים״) — חזרט אבן גבאי אייניקע מאָל איבער — איז געוואָרן דער אבן נגף פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל, זיינע רייד זיינען די געפערלעכע גיפט, וואָס נעמען געפאַנגען און מאַכן שטרויכלען פילע אומשולדיקע נפשות [1].

אָט אין דעם גרויסן ביטול צו ,,פרעמדע״ וויסנשאַפטן, צו די קולטורעלע אוצרות, וואָס געפינען זיך אויסער דעם יידישן תחום, אַנטפּלעקן זיך שוין גאַנץ בולט די נייע טענדענצן, וואָס האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן אויבנאָן אין דעם אָפּגעזונדערטן יידישן לעבן פון דער שפּעטערדיקער תקופה. כאַראַקטעריסטיש איז אויך די אויסשליסלעכע אויפמערקזאַמקייט, וואָס אבן גבאי שענקט דער פראָבלעם פון גילגול הנפש. מיר האָבן שוין פריער געזען, וואָס פאַר אַן אוניווערסאַלן אַלוועלטלעכן באַטייט עס האָט אין אבן גבאיס וועלט־אַנשויונג דער קיום המצוות. מקיים די מצוות התורה איז דאָך אָבער דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, בני בכורי ישראל, גאָטס ,,געליבט קינד״, וואָס אים איז אַלם די טייערסטע מתנה די הייליקע תורה געשענקט געוואָרן. דאָס פאָלק ישראל, וואָס האָט געשלאָסן דעם אייביקן בונד מיט דער געטלעכער תורה, איז דערפאַר טאַקע דער ,,צדיק יסוד עולם״, דער מרייסטער היטער און באַשיצער פון דער וועלט [2]. ער איז אימשטאַנד משנה זיין ,,מעשה בראשית״, ער קאָן וווּנדער באַווייזן, ווייל די געזעצן פון דער וועלט זיינען דאָך נכנע צו אים, דעם חתן־תורה, וואָס אָן איר קאָנען הימל און ערד קיין קיום ניט האָבן (אלמלא תורה לא נתקיימו שמים וארץ). די נשמה פון פאָלק ישראל איז אַראָפּגעשטיגן פון די העכסטע היכלות, אויס דעם פאַרבאָרגנסטן קוואַל פון ,,ליבע און פאַרייניקונג״ (הייחוד והאהבה) [3]. זיין שכל איז ניט געגליכן צו דעם שכל פון אַנדערע אומות, וואָרעם ער איז דאָך באַלויכטן מיט די

---

[1] דאָרטן, 136: „כי עקם הרב עלינו הפשוטות... כדרכו בספר ההוא אשר היה לנו בגלות החל הזה לאבן נגף ולצור מכשל". דאָרטן, 134: „וכבר היו דברי הרב לאבן נגף ולצור מכשל ומכמורות לצודד נפשות".

[2] דאָרטן, 21.

[3] די דאָזיקע, ביי די יידישע מיסטיקער אַזוי פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז די יידישע נשמות שטאַמען פון אַ העכערן און ריינערן קוואַל ווי די נשמות פון אַנדערע פעלקער, באַגעגענען מיר שוין אין „זוהר". אין פרשה „אמור" לייענען מיר: „זכאין אינון ישראל דקב"ה יהיב לון נשמתין קדישין מאַתר קדישין וכל שאר עמין בגין למעבד פיקודוי..." אין פרשה „פנחס" ווערט ווייטער אונטערגעשטראָכן: „נשמתהון דישראל אתגזירו מגו בוצינא קדישא".

סודות התורה, וואָס באַשענקען אים מיט אויסשליסלעכער מאַכט. ווען יידן גייען אָבער אַראָפּ פונם ריכטיקן וועג, פעלשן אינם „ברית קודש", וואָס זיי האָבן געשלאָסן מיט דער תורה און דערפילן ניט אירע געבאָטן, — גלייך ווערן זיי אָן זייער וווּנדערלעכע מאַכט און ווערן איבערגעגעבן פאַר קנעכט צו קנעכט (הרי הם עבדים לעבדים). האָט זיך אַ יידישע נשמה פאַרזינדיקט און ניט דערפילט איר גרויסע שליחות, איז זי ניט בכוח צוריקצוקערן צו איר קוואַל, ביז זי וועט זיך ניט ריינוואַשן פון אירע זינד. זי איז דערפאַר פאַרמשפּט צו וואַנדערן איבער דער ערדישער וועלט, מגולגל ווערן ניט נאָר אין מענטשן, נייערט אפילו אויך אין חיות, ביז זי וועט אין גאַנצן געלייטערט ווערן און דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון שלימות. נאָכדעם ווי עס וועלן דורך דעם פּראָצעס פון גילגולים גערייניקט ווערן אַלע נשמות — דעמאָלט וועט זיך באַווייזן דער לאַנג דערוואַרטער גואל, משיח בן דוד; אויפשטיין וועלן אַלע געשטאָרבענע, און זייערע קערפּער, וואָס זיינען דורך דעם „חטא הקדמון", דורך די זינד פון אדם וחוה, געוואָרן אַ שפּייז פאַר פוילעניש און ווערעם — וועלן ווידער אומקערן צו זייער אַמאָליקער הימלישער ריינקייט, ווען אַלע זייערע אברים און גלידער זיינען געווען אַ שפּיגל און עבנבילד פון דער געטלעכער „מרכבה" [1].

* *
*

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז אַבן גבאי איז געווען דער אָנזאָגער פון דער נייער ריכטונג, וואָס די יידישע מיסטיק האָט אָנגענומען אין איר נייעם באַדייטנדיקן צענטער — אין צפת. נאָך ענדע 1521, ווען אין צפת האָבן געלעבט ניט מער ווי דריי הונדערט יידישע פאַמיליעס, האָט אַ איטאַליענישער ייד איבערגעגעבן וועגן צפת אין זיין רייזע־באַשרייבונג איבער פּאַלעסטינע פאָלגנדיקע פּרטים: „די שטאָט איז פול מיט כל־טוב: ברויט, וויין, בוימל, כלערליי פרוכטן — דאָס אַלץ אין אַזוינע גרויסע מאָסן, אַז ווען ניט דער עקספּאָרט קיין דמשק וואָלט מען עס געמוזט פאַרקויפן בחצי חנם. עס זיינען דאָ פאַראַן אַ סך יידישע סוחרים, וואָס ברענגען סחורה פון דמשק. די וואָס האָבן ניט דעם נייטיקן קאַפּיטאַל אויף צו פירן מסחר, פאַרנעמען זיך מיט מלאכות, די וואָס האָבן געזונטע הענט פאַרנעמען זיך מיט טאָג־אַרבעט. שניידער קאָנען דאָ אויך האָבן פּרנסה; די אָבער, וואָס רעכענען צו געפינען דאָ אַ שטעלע אין אַ געשעפט אָדער האָפן צו דערנערן זיך דורך מלמדות—

---

[1] דאָרטן, חלק העבודה, קאַפּ' 39—42.

וועלן דאָ שווער זייער ציל דערגרייכן. דערפאַר טאָקע דאַרפן אַהער ניט קומען די, וואָס האָבן ניט קיין געלט און ניט קיין מלאָכה אין דער האַנט, ווייל זיי וועלן דערנאָך חרמה האָבן, און וועלן מוזן די שטאָט פאַרלאָזן" [1].

באַלד אָבער איז דווקא אָט די קליינע פאַרוואָרפענע שטאָט אין ווייטן גליל געוואָרן דער ליבלינגס־צענטער גראָד פאַר מענטשן, וואָס האָבן ניט געהאַט „ניט קיין געלט און ניט קיין מלאָכה אין דער האַנט"; מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעטאָן פון עולם הזה און געווען איינגע־וועבט אין התלהבותדיקער דביקות און מיסטישע חלומות. ניט קיין בעלי מלאָכות און ניט קיין סוחרים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין צפת, נייערט מיסטיקער און בעלי חלומות, וואָס האָבן געזען בחוש, אַז דער „קץ" איז שוין גאַנץ נאָענט, און באַלד וועלן זיך באַווייזן די גרויסע וואונדער, וואָס ס'האָבן זיי פאָרויסגעזאָגט די געטלעכע נביאים און די הייליקע מענער — די טרייע וועכטער איבער דער „חכמת האמת". דאָרט, אין צפת, איז דאָך די לופט געווען איבערפולט מיט אַלטע זכרונות. דאָרט איז די וויג געשטאַנען פון די אַלטע אסיים, וואָס האָבן זיך פון דער וועלט דערווייטערט און אַן אַסקעטיש לעבן געפירט; דאָ האָט געשוועבט דער גייסט פונם געטלעכן ר' שמעון בן יוחאי; אין אַ האַלבן וועג־גאַנג איז זיין קבר געלעגן, און גאַנץ אין דער נאָענט האָט זיך די סודותדיקע הייל געפונען, וווּ דער געטלעכער מאַן האָט זיך פאַרן שונא אויסבאַהאַלטן און דעם וווּנדערבאַרן „זוהר", די תורה פון מיסטיק, באַשאַפן. און אָט — באַלד קומט דער גרויסער טאָג! באַלד וועט געשען דאָס וווּנדער־באַרע, וועגן וואָס עס זאָגט נביאות דער דאָזיקער געטלעכער ספר! זיי, די מיסטיקער און „מחשבי קיצין", וואָס האָבן זיך אין צפת פאַרזאַמלט, האָבן שוין דייטלעך געהערט די טריט פון דעם קומענדיקן גואל... מוז מען זיך באַצייטנס גרייטן צו דעם גרויסן טאָג, דאַרף מען זאָרגן די וועלט זאָל ראוי זיין דערלייזט צו ווערן; מען מוז מחזיר בתשובה זיין, ריינוואַשן די וועלט פון זינד דורך די תעניתים און סיגופים. דאַרפן דאָס נעמען אויף זיך די צדיקי הדור, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון „חכמת הנסתר", און זייער ווילן איז משפיע אויף די עולמות העליונים. דער גייסט פון פרישות און אַסקעזע האָט געוועלטיקט איבער דעם דאָזיקן מיסטישן קרייז, וואָס איז באַלד געוואָרן דער חשובסטער צענטער און זאַמלפונקט פאַר אַלע באַדייטנדיקסטע מקובלים פון יענער צייט. אַהין איז געקומען פון אַדריאַנאָפּאָל שלמה מלכום התלהבותדיקער פאַרערער, דער באַרימטער פוסק יוסף קאַרו, באַגלייט

1 „שבחי ירושלים", דף 16, עמ' ב'.

פון זיין אַסקעטיש שטרענגן „מגיד״, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואָרענען זיין „געליבטן זון״, ער זאָל זיך ניט לאָזן פאַרפירן פונם „יצר הרע״ און וואָס מער זיך דערווייטערן פון די תאוות פון דער וועלט, צו וועלכע עס איז אויך פאַררעכנט געווען אַן איבעריקער טרונק וואַסער [1]. דאָרט האָט קאַרוס תלמיד, משה אלשיך, וואָס האָט זיך קוגה־שם געווען מיט זיין פירוש אויף תורה „תורת משה״, געהאַלטן פייערדיקע דרשות און געוואָרנט דעם עולם, מען זאָל מחזיר בתשובה זיין, בכדי צו דער־גיכערן די גאולה. קיין צפת איז אויך געקומען דער ישיש ר׳ דוד־אבי זימרא (דער רדב״ז), דער באַרימטער תלמודי און התלהבותדיקער מקובל, וואָס האָט באַזונגען די צען „ספירות״ און די זיבן הימלשע „היכלות״ אין זיין באַקאַנטן הימן „כתר מלכות״ [2], וואָס ער האָט פאַרפאַסט לויטן מוסטער פון גבירולס פּאָעמע [3]. קיין צפת איז אויך געקומען פון אַדריאַ־נאָפּאָל דער באַגייסטערטער דיכטער און מיסטיקער שלמה בן משה אַלקאַביץ, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין הימן „לכה דודי״. מיר ווייסן זייער ווייניק פרטים וועגן דעם לעבן פון דער דאָזיקער אינ־טערעסאַנטער און באַגאַבטער פערזענלעכקייט. געבאָרן אין אָנהייב פונם צווייטן יאָרצענט פונם 16טן י״ה [4], האָט אַלקאַביץ זיך אויפגעצויגן אונטער דער השגחה פונם באַקאַנטן מקובל און שטרענגן אַסקעט יוסף טייטיצאַק, און שוין אין די יונגע יאָרן זיך פאַרטיפט אין די סודות פון קבלה. אין אַדריאַנאָפּאָל האָט ער זיך באַפריינדעט מיט יוסף קאַרו און ביידע צוזאַמען האָבן זיך שטאַרק עוסק געווען אין „חכמת הנסתר״. וועגן דעם זאָגט עדות אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט — אַלקאַביצעס אַ פאַרעפנטלעכטער כרוז [5], אין וועלכן ער דערציילט אין פּאַטעטיש־באַ־גייסטערטן סטיל, ווי אַזוי ער און יוסף קאַרו זיינען ביידע צוזאַמען

---

1 זע „מגיד משרים״, 5, 11 א״וו.

2 דעם רדב״זס „כתר מלכות״ איז צום ערשטן געדרוקט אין דער זאַמלונג „אור קדמון״ (ווענעדיק, 1703).

3 וועגן די ספירות און אַנדערע מיסטישע פּראָבלעמען רעדט אויך אבי־זימרא אין דער פאָררעדע צו זיין „מגן דוד״, ווו עס ווערט געגעבן אַ מיסטישער פירוש וועגן דעם באַטייט פון דעם העברעיִשן א״ב (אַמסטערדאַם, 1713).

4 אַלקאַביצעס געבורטסיאָר איז ניט פעסטגעשטעלט. עס איז בלויז באַקאַנט, אַז אין 1529 האָט ער אַלס חתן־בחור געשיקט זיין מחותן בתור שלח־מנות זיין ערשט ווערק „מנות הלוי״, אַ פירוש אויף מגלת אסתר. געשטאָרבן איז ער אין טיפן עלטער נאָך 1590.

5 צום ערשטן געדרוקט אין דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע פון „שני לוחות הברית (דף 180), דערנאָך אין „חמדת ימים״ (1731, 101) און שפּעטער אין אַלע אויסגאַבן פון „תיקון שבועות״.

געווען וואָך אין דער ערשטער נאַכט פון שבועות, און ער, אַלקאַביץ, האָט געהאַט די זכיה מיט זײַנע אייגענע אויגן צו זען דעם הימלישן שליח, יוסף קאַרוס „מגיד", און יענער האָט זיי אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די שעה איז געקומען און זיי דאַרפן גלײַך זיך לאָזן קיין ארץ־ישראל (ולא תפסיקו רגע ועלו לארץ ישראל כי לא כל העתים שוות). אַלקאַביץ האָט גלײַך דערפילט דעם „מגידס" באַפעל, און קומענדיק קיין ארץ־ישראל האָט ער זיך באַזעצט אין צפת. ער האָט פאַרפאַסט אַ באַדייטנדיקע צאָל מיסטישע ווערק: „ברית הלוי", „אפריון שלמה", „אוצר נחמד", עבותות אהבה", „עשר יסודות", „הקדמות לחכמת הקבלה", „תשובה" און אַנדערע [1], דאָס רוב פון זיי איז אָבער געבליבן אין מאַנוסקריפּט. אַ קלאָרן באַגריף וועגן אַלקאַביצעס וועלטבאַנעם גיט אונז אָבער זײַן אין 1552 געדרוקטער פּירוש אויף שיר השירים „אילת אהבים".

„דער אמתער גאָטספאָרכטיקער מאַן, — לערנט אַלקאַביץ, — וואָס אין זײַן האַרץ זײַנען אײַנגעקריצט די הייליקע געבאָטן פון דער תורה, דער וועט קיינמאָל דעם מוט ניט פאַרלירן, וואָסערע צרות און אומגליקן עס זאָלן אים ניט באַגעגענען אין לעבן. אין דריי זאַכן דערקענט מען לײַכט דעם אמת פרומען מאַן: 1) ער געוועלטיקט איבער זײַנע תאוות, 2) זײַן גאַנץ טראַכטן איז וועגן הילף ברענגען זײַן חבר, און דערפירן אים צו דער העכסטער מדרגה פון שלימות, 3) ער איז אַ גרויסער עניו אין זײַנע געדאַנקען, מעשים און רייד. מיטן וואָרט — שטרײַכט אַלקאַביץ אונטער — דאַרף דער מענטש באַזונדערס פאָרזיכטיק זײַן, דאָס איז דאָך דעם מענטשנס שענסטע מתנה; דאָס וואָרט דערהויכט אונז איבער אַלע באַשעפענישן אין דער וועלט, מיר זײַנען דאָך — „דער ריידנדיקער גייסט" (רוח ממללא) [2]. ווי אבן גבאי, אַזוי שטרײַכט אַלקאַביץ אונטער, אַז בנוגע צו די מצוות פון דער תורה איז דאָס וויכטיקסטע ניט די מחשבה, דאָס באַגרייפן איר נוצלעכקייט און באַטײַט, נייערט די מ ע ש ה — דער קיום המצווה, דער ווילנסאַקט, וואָס פאַרקערפּערט זיך אין דעם ממשותדיקן טאָן [3]; און טאַקע ווי דער בעל

---

[1] דעם רייסטער פון אַלקאַביצעס איבעריקע ווערק גיט ראַזאַנעס אין זײַן „דברי ימי ישראל בתוגרמה", II, 162.

[2] „אילת אהבים", דף 37, עמ' א'.

[3] גלײַך ווי אבן גבאי, אַזוי ווײַזט אויך אַלקאַביץ אָפּ אָן, אַז די תורה שבעל פה איז ניט ווייניקער וויכטיק ווי תורה שבכתב. זע „אילת אהבים", 54: „כי שני שדיך שהם הב' תורות... הם שני עפרים שאין זה בלא זה וממקום קדוש יצאו". ניט נאָר אין דער תורה, ווײַזט אָן אַלקאַביץ אין אַן אַנדער אָרט (דאָרטן, 15), זײַנען טיפע סודות באַהאַלטן, נייערט אַפילו אין די הלכות פון דעם תלמוד.

„עבודת הקודש'' חזרט אויך אַלקאַביץ איבער, אַז דער קיום המצוות דאַרף ניט זיין פאַרבונדן מיט קיין שום חשבונות און האָפענונגען אויף אַ וועלכן ס'איז שכר. „שכר מצוה — מצוה''. די דערפילטע מצווה גופא איז דער בעסטער לוין, וואָרעם די מצווה און דער שכר קאָנען ניט פונאַנדערגעטיילט ווערן, זיי זיינען איינס און דאָס זעלבע: די מצווה, די מעשים טובים — דאָס איז דאָך ליכט, און ליכט איז דאָך דער קוואַל פון אונזער נשמה. בעת מיר זיינען מקיים די מצווה, דערפילן די גוטע מעשה, באַשיינט דאָך דאָס ליכט פון דער מצווה אונזער נשמה, און אָט דאָס איז טאַקע דער גן־עדן, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר די נשמות. טוט אָבער דער מענטש אַן עבירה, דאַן באַפלעקט די חשכות פון דער שלעכטער מעשה דעם מענטשנס נשמה, און אָט דאָס איז דאָך איר עונש, אירע אומענדלעכע יסורים [1].

אַלקאַביץ פאַרהאַלט זיך ניט מיט אַזאַ ביטול צו די „חכמות חיצוניות'', צו דעם וועלטלעכן וויסן ווי אבן גבאי. ער אָנערקענט זייער ווערט, אָבער — שטרייכט ער אונטער — זיי זיינען ערדישע חכמות, זיי גילטן בלויז אונטער דעם גלגל השמש, און זייער ממשלה איז באַגרענעצט מיטן ערדישן שטח; די תורה אָבער, דאָס געטלעכע וואָרט — רופט אַלקאַביץ אוים מיט מיסטישער התלהבות — „איז העכער פון דער זון'' [2]. די תורה, דער בלענדנדיקער שטראַל פונם געטלעכן ליכט — שיינט איבער אַלע וועלטן, און נאָר אויף אירע שימערירנדיקע פליגל קאָן דער מענטש זיך דערהויבן אין די הימלישע הייכן צום אייביקן קוואַל פון ליכט און לעבן. פאַר דעם מיסטיקער אַלקאַביץ איז קלאָר און זיכער, אַז ניט אין דעם פאָרשן און דערקענען גאָט באַשטייט דעם מענטשנס שלימות, נאָר אין דער ליבע צו גאָט [3], און ניט דורך פילאָזאָפישער חקירה און לאָגישע סברות קאָן מען די דאָזיקע שלימות דערגרייכן, נאָר דורך „דביקות'' [4], דורך דעם שטורמישן עקסטאַז און פייערדיקער באַגייסטערונג, וואָס רייסט זיך דורך שנעל ווי דער בליץ, און עס פאַלן פאַר

---

1 דאָרטן, 40: „כי המצוה והשכר אינם שני דברים, כי אם דבר אחד... מפני שהמצוה היא אור והאור הוא משאב לנשמה, ועל זה אמרו שכר מצוה מצוה... כי הנפש בעשותה המצוה — אור המצות חל עליה והוא והוא גן עדן הנשמות. וה"ה בעבירה, כי הנפש בעשותה העבירה תחול עליה מכת החשך והיא היא העונש שלה יהייסורין שאין להם סוף...

2 דאָרטן, 41.

3 ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס אַלקאַביץ פאַררופט זיך דערביי אַ חסדאי קרשקש (דאָרטן, 36).

4 דאָרטן, 55.

אים אַלע מחיצות און פאַרהוילנדיקע שלייערס; דער מענטש ווערט פלוצ־לונג באַשאַנקען מיטן רוח־הקודש פון נביאות, ער באַקומט העלזעענדיקע אויגן, און אָפן און אַנטבלויזט ליגט פאַר אים דאָס פאַרבאָרגענע. בכדי דער מענטש זאָל קאָנען דערגרייכן אַזאַ מדרגה פון עקסטאַז און התפשטות הגשמיות, מוז ער לעבן ביחידות, דערווייטערן זיך אין אָפּגעזונדערטע שטילע פעלדער, און דאָרט, פאַרזיכערט אַלקאַביץ, ווייט פון דעם רעשדיקן לעבן מיט זיין קליינלעכן געטומל, באַהעפט זיך דעם מענטשנס נשמה מיט די העכערע ספערן [1].

איינער פון אַלקאַביצעס תלמידים און נאָענטע פריינט זאָגט עדות, אַז אַלקאַביץ גופא פלעגט טאַקע אָפט זיך אַוועקלאָזן אויף שטילע אָפּגע־זונדערטע פעלדער און דאָרט פלעגט ער אַריינפאַלן אין „דביקות" און מיסטישן עקסטאַז, און עס פלעגן זיך דאַן פאַר אים אַנטפּלעקן נביאישע זעונגען. אַלקאַביץ איז געווען דער גייסטיקער צענטער פון דעם מקובלים־קרייז אין צפת; יעדן פרייטאָג פלעגן זיך צונויפנעמען אַלע מיטגלידער פון דעם דאָזיקן קרייז, זיך מתוודה געווען איינער פאַרן אַנדערן אין די זינד, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען אין משך פון דער וואָך. דערנאָך פלעגן זיי זיך אַלע לאָזן פאַר שקיעת החמה אין פעלד שפּאַצירן מקבל־פנים זיין די „שבת מלכתא", די מיסטישע „כלה" פונם פאָלק ישראל, און זינגען דערביי התלהבותדיקע לידער וועגן באַלדיקער גאולה, וועגן משיח בן דוד, וואָס לאָזט שוין הערן זיינע טריט. אָט אין דער עקזאַלטירטער סביבה האָט אַלקאַביץ דער מיסטיקער און באַגאַבטער דיכטער געשאַפן אויף איינעם פון זיינע שפּאַצירגענג אַנטקעגן דער הימלישער „כלה" זיין אומשטאַרבלעך ליד „לכה דודי", וואָס ווערט עד־היום געזונגען בכל תפוצות ישראל צו קבלת שבת. „לכה דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה!" — קום, מיין פריינט, דער כלה אַנטקעגן, לאָמיר דעם שבת מקבל פנים זיין — אָט דער רעפרען, וואָס באַגלייט מיט זיין ליבלעכן קלאַנג אַלע סטראָפעס פונם ליוב־געזאַנג — באַקומט ביים דיכטער אַ סימ־באָלישן באַטייט. די מיסטישע התלהבות ביים באַגעגענען די קיניג־לעכע הימלישע „כלה" פלעכט זיך האַרמאָניש צונויף מיטן טיפן וויי איבער דעם חורבן פון דער הייליקער שטאָט, און מיט דער בענקענדיקער האָפענונג אויפן באַלדיקן קומען פון דעם ליכטיקן גואל, וואָס מוז קומען, און פול איז שוין די לופט מיטן קלאַנג פון זיינע ליכטיקע טריט... נאָך דער שטורמישער סטראָפע „לקראת שבת לכו ונלכה" — קומט דעם שבת אַלע אַנטקעגן, ווענדט זיך דער דיכטער צו דעם „מקדש מלך עיר

1 משה קורדואירא אין זיין „אור נערב", 32—33.

מלוכה" — צום קיניגס הייליקטום און קרוין־שטאָט: „שטיי אויף! פאַר־לאָז די רוינעס די וויסטע, גענוג שוין צו זיצן אין דעם טאָל פון יאָמער! גאָט וועט גלייך זיך דערבאַרעמען מיט זיין גענאָד. „התנערי מעפר קומי" — ערוואַך פון דיין שטויב, שטיי אויף פון דיין טרויער, אין די שענסטע קליידער באַציר דיך, מיין פאָלק! באַלד קומט די גאולה, די טרייסט פון מיין נשמה; זי וועט ברענגען בן ישי, דער שפּראָצלינג פון בית לחם! התעוררי, התעוררי — ערוואַך, ערוואַך פון דיין דרעמל, דיין קאַיאָר איז געקומען, שטיי אויף אין העלן ליכט באַשיינט! זאָל דיין יובל־ליד ערשאַלן — מיט גאָטס גלאַנץ ביסטו באַקרוינט!" לכה דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה!... [1]

דער דיכטער פון „לכה דודי" [2] איז געווען זייער באַליבט ביים פאָלק, פאַרשיידענע לעגענדעס האָט מען אַרום זיין נאָמען געפלאָכטן, און אין די מיסטיקער־קרייזן האָט מען זיין טויט פאַרבונדן מיט דער זעלבער לעגענדע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן וועגן דעם פריצייטיקן טויט פונם באַרימטן באַשעפער פון „כתר מלכות" [3].

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דער השפעה, וואָס אַלקאַביץ האָט געהאַט אויף דעם צפתער מיסטיקער־קרייז; באַזונדערס גרויס איז זיין ווירקונג געווען אויף דעם באַדייטנדיקסטן קבלה־טעאָרעטיקער, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין פאַלעסטינע — אויף משה בן יעקב קורדואירא (קאָרדאָווערא), וואָס איז געווען אַלקאַביצעס נאָענטער פריינט און שוואָגער [4].

יוסף קאַרום אַ תלמיד [5], איז משה קורדואירא געווען אַ גרויסער בקי אין דער תלמודישער ליטעראַטור און שוין אין די יונגע יאָרן איז ער געווען דיין און ראש ישיבה אין צפת. ער איז געווען איינער פון די פיר חשובע רבנים, וואָס יעקב בירב האָט געהאַלטן פאַר ראוי זיי צו קרוינען

---

[1] אַלקאַביצעס ליבגעזאַנג האָט שטאַרק אויסגענוצט ביים דייטשן געלערנטן פונם 18טן י"ה, הערדערן, און יענער האָט עס איבערזעצט אויף דייטש. שטאַרק אַנט־ציקט פונם „לכה דודי" איז אויך געווען דער דיכטער היינע, ער האָט נאָר אַ טעות געהאַט און געמיינט, אַז דער פאַרפאַסער פונם ליד איז יהודה הלוי.

[2] אויסער דעם „לכה דודי" האָט אַלקאַביץ געשריבן אויך אַנדערע לידער און פיוטים. אַ טייל פון זיי זיינען אַריין אין די ספרדישע מחזורים און אַ טייל איז גע־בליבן אין כתב־יד.

[3] זע „קב הישר", קאַפּ' 86.

[4] קורדואיראָ האָט חתונה געהאַט פאַר אַלקאַביצעס שוועסטער (זע די פאָררעדע צו קורדואיראָס „אור נערב").

[5] קורדואיראָ שרייבט אין זיין פרדס רימונים: „מורי ורבי החסיד מר יוסף קרא".

מיט „סמיכה”. און דאָך האָט משה קורדואיראָ ניט אַלס רב און חריף אין ים התלמוד זיך קונה־שם געווען, נאָר אַלס באַדייטנדיקער טעאָרעטי־קער פון חכמת הקבלה, מיט וועלכער עס האָט אים באַקענט זיין שוואָגער אַלקאַביץ. קורדואיראָ גופא דערציילט אין דער פאָררעדע צו זיין „פרדס רימונים”, ווי אַזוי ער האָט אין די יונגע יאָרן געפטרט די צייט אויף „הבלי עולם”, נאָר פּלוצלונג האָט ער דערהערט אַ שטימע טוט צו אים רופן: שטיי אויף! ערוואַך פון דיין דרעמל! באַפעסטיק אויפסניי גאָטס צעשטערטן מזבח! (ורפא את מזבח ד׳ ההרוס). דעמאָלט איז אים געקומען צו הילף „המקובל האלהי” דער געטלעכער מקובל שלמה אַלקאַביץ הלוי; יענער האָט אים אַריינגעפירט אין די טויערן פון דער פאַרבאָרגענער חכמה, און זיינע אויגן זיינען זעענדיק געוואָרן.

באַלד נאָכדעם איז קורדואיראָ געוואָרן אַ מיטגליד פון דער חברה מיסטיקער, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אַרום שלמה אַלקאַביץ, און טאַקע אויף אַלקאַביצעס פאָרשלאָג האָט קורדואיראָ געשריבן די תקנות פאַר דער דאָזיקער חברה [1]. באַלד נאָכדעם האָט קורדואיראָ פאַרענדיקט זיין קאַפּיטאַל ווערק „פרדס רימונים” [2], וואָס האָט גלייך באַקאַנט געמאַכט זיין נאָמען בכל תפוצות ישראל. אין די 32 שערים פון זיין ווערק פרוווט קורדואיראָ צו געבן אַ פולשטענדיק בילד וועגן דער תורת הקבלה אויף ווי ווייט זי שפּיגלט זיך אָפּ אין „זוהר” און אין די שפּעטערדיקע קבלה־ספרים. בכדי אָבער געהעריק אָפּצושאַצן דעם באַטייט פון דעם דאָזיקן ווערק, מוז מען דערביי נעמען אין באַטראַכט איין ווילכטיקן פּרט, מיט וועלכן די פאָרשער האָבן זיך ביז איצט גאַנץ ווייניק גערעכנט. קורדואיראָ דערמאָנט אפילו ניט אין דעם „פרדס רימונים” זיין פאָרגייער מאיר אבן גבאי; פאַרגלייכט מען אָבער דעם „עבודת הקודש” מיטן „פרדס רימונים”, דאַן בלייבט אויסער ספק, אַז קורדואיראָ האָט זיך שטאַרק באַנוצט מיט אבן גבאים ווערק, גענומען פון דאָרט גאַנצע עמודים כמעט וואָרט ביי וואָרט [3].

דעם צענטראַלן פונקט פאַרנעמט אין „פרדס רימונים” דאָס פּראָבלעם, וואָס ווערט ספּעציעל באַהאַנדלט אין דעם פערטן שער — „שער עצמות וכלים”, וועגן דעם אמתן מהות פון די ספירות: צי זיינען זיי

---

1 די תקנות, וואָס באַשטייען פון 36 פונקטן, האָט צום ערשטן פאַרעפנטלעכט שעכטער אין Studies in judaism, II, 294—292.

2 צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין ווענעדיק אין 1586.

3 זע, צום ביישפּיל, „עבודת הקודש”, חלק 3, קאַפּ׳ 26, חלק א׳, קאַפּ׳ 11—12 און „פרדס רימונים”, שער 20, קאַפּ׳ 1, דאָרטן, שער 4, קאַפּ׳ 4 און 9.

באַזונדערע, זעלבשטענדיקע עקסיסטענצן (עצמות), אָדער מען דאַרף זיי בלויז באַטראַכטן אַלס כּלים פֿון דער געטלעכער עמאַנאַציע. איבער דעם דאָזיקן פּראָבלעם, וואָס איז אַזוי ענג פֿאַרבונדן מיט דער האַרבסטער פֿראַגע, וואָס די קבלה שטעלט: ווי אַזוי אַנטשטייט דאָס באַגרענעצטע און ענדלעכע פֿונם אומענדלעכן, דאָס קערפּערלעכע און מאַטעריעלע פֿונם גייסטיקן — האָבן געפֿאַרשט און געגריבלט ניט נאָר גאַנצע דורות יידישע מקובלים, נייערט אויך די נעאָפּלאַטאָניקער פֿון דער אַנטיקער וועלט, און די טעאָרעטיקער פֿונם אַלטן קריסטנטום. פֿון איין זייט האָט מען די „קרעפֿטן" און „אידעען" באַטראַכט בלויז אַלס אינסטרומענטן און כּלים, וואָס דורך זיי האָט גאָט די וועלט באַשאַפֿן; זיי, די קרעפֿטן און אידעען, זיינען אָבער אויך די פֿאָרבילדער און מוסטערן, לויט וועלכע גאָט האָט באַשאַפֿן די גאַנצע פּילאַרטיקייט פֿון דער וועלט. אַזוי האָט מען אויך צו קיין ענדגילטיקן גמר ניט געקאָנט קומען וועגן דעם מהות פֿונם „לאָגאָס": צי דאַרף מען אים בלויז באַטראַכטן אַלס אַנטפּלעקונגס־פֿאָרמען פֿון דער גאָטהייט אין איר שאַפֿונגס־פּראָצעס, אָדער אַלס זעלבשטענדיקע עקסיסטירנדיקע קראַפֿט. קורדואיראָ פּרוּווט מאַכן אַ פּשרה צווישן די צוויי שטאַנדפּונקטן. אַלס גאָטס אויסשטראַלונג (עמאַנאַציע, אצילות) זיינען די ספירות דינאַמישע שאַפֿנדיקע קרעפֿטן, וואָס פֿאַרייניקן זיך אַלע צוזאַמען אין דער גאָטהייט אין פֿולשטענדיקער אחדות; זיי, די ספירות, זיינען אָבער אויך די נשמה, די באַוועגנדיקע קראַפֿט פֿון זייער אויסערן לבוש, פֿון אָט די „כּלים", וואָס זיינען די טרעגערס פֿון די נעמען, מיט וועלכע מיר באַצייכענען יעדע ספירה באַזונדער. און טאַקע זיי, די „כּלים" און אויסערע „לבושים" — זיי אַנטפּלעקן זיך פֿאַר דעם מענטשנס אויג אין ענדלעכע און קערפּערלעכע פֿאָרמען. און פּונקט ווי די גאַנצקייט און איינציקייט פֿון דעם מענטשנס נשמה קאָן זיך פֿאַר אונז אַנטפּלעקן נאָר דורך די פּילאַרטיקע מעשים און באַוועגונ־גען פֿון דעם גופֿס אבֿרים, אַזוי אַנטפּלעקן זיך די ספירות, וואָס זיינען דער מהות און אויסשטראַלונג פֿון גאָט, דורך זייערע אויסערלעכע לבושים, די „כּלים", אין די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע פֿאָרמען [1].

[1] דאָרטן, דף 18, עמ' א': „מה שראוי שנדע הוא: כי בתחילת האצילות האציל האין סוף עשר ספירות אשר הם מעצמותו מתיחדות בו והוא והם הכל אחדות שלימה; והספירות האלה הם נשמה ומתלבשות בעשר ספירות הנקובות בשמות שהם כלים". דאָרטן, 22: „כי הספירות הם עצמות הבורא והן הנשמה המתפשטות בתוך הספירות שהם כלים. והנה על דרך זה יקרא האין־סוף נשמה לנשמות כי הוא נשמה לספירות שהן נשמות אל שאר העלולים... כמו שנשמת האדם היא אחת ולא נוכל להשיג אמתתה רק בפעולותיה הנראות באברי הגוף כן וכו' וכו'".

אין געוויסער פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם שטעלט זיך אויך קורדואיראָ באריכות אָפּ אויף דער פראַגע וועגן גאָטס מידות און אַטריבוטן. מיר האָבן שוין פריער (דריטער באַנד, ביילאַגע נומ׳ 2) ציטירט די שטעלע, ווו קורדואיראָ פאָרמולירט אַזוי קלאָר און דייטלעך דעם אין „זוהר״ אַרויסגעזאָגטן געדאַנק וועגן פולשטענדיקער גלייכהייט צווישן דענקען און זיין, צווישן דעם אידעאַלן און רעאַלן, ד״ה, אַז דאָס, וואָס ס׳איז און דאָס, וואָס דאַרף זיין, זיינען הייינו הך — איינס און דאָס זעלבע, ס׳איז צווישן זיי קיין שום חילוק ניטאָ. און בנוגע צו גאָט גיסן זיך צונויף אין זיין מהות די דריי באַגריפן: דער דענקענדיקער, דאָס דענקען, דאָס געדאַכטע — אין איין פולשטענדיקער אחדות. גאָט קאָן מען ניט באַקליידן מיט קיין שום אַטריבוטן, ניט באַצייכענען קאָן מען אים מיט קיין שום נאָמען, „השמות הם הם הספירות״ — נעמען האָבן בלויז די ספירות, וואָס דורך זיי אַנטפּלעקט זיך גאָט אין זיינע מעשים [1]. מען קאָן ניט זאָגן גאָט איז קלוג — ער גופא איז דאָך דער מקור פון חכמה און בינה, וואָס זיינען דאָך זיינע „כּלים״. ער איז דער קוואַל פון אַלע געליכטער, די נשמה פון אַלע נשמות [2].

קורדואיראָ איז אָבער ניט נאָר מיסטיקער, ער איז דאָך אויך דיין און ראש־ישיבה. דאָס לאָזט זיך טאַקע באַמערקן אין דעם, וואָס ער שטרייכט אַזוי אָפט אונטער, אַז מען דאַרף זיך פיל אָפּגעבן מיט פּילפּול און פּוסקים, און ער איז זיך אַפילו שטאַרק מתרעם אויף די מקובלים, וואָס „דאָס ליכט פון פּילפּול האָט אויף זיי קיינמאָל ניט געשיינט און דערפאַר זיינען זיי געקומען צו פאַלשע אויספירן [3]. איידער מען פאַרטיפט זיך אין די סודות פון קבלה, לערנט קורדואיראָ, דאַרף מען פריער פיל גמרא לערנען, ווערן בקי אין פּוסקים און שאַרפן דעם מוח מיט פּילפּול [4]. ערשט דעמאָלט קאָן מען מיט גרויס דערפאָלג זיך אָפּגעבן מיט קבלה עיונית און ניט געשטרויכלט ווערן דערביי מיט דער זינד פון הגשמה און אַנטראָפּאָמאָרפיזמוס [5].

---

[1] דאָרטן, 12; „אור נערב״, 34—35.

[2] „פרדס רימונים״, 20: „כי אם היות שהספירות נקרא חכמה אין הכונה שהוא חכמה על ידי החכמה הזאת, וכן הבינה עם היותו נקרא נבון שאינו מבין מתוך הבינה הזאת אלא אדרבה: הוא מקור החכמה והבינה... אור המאורות, נשמה לנשמות״.

[3] „אור נערב״, דף 16, עמ׳ א׳: „שלא ראו אור הפלפול מימיהם ולא נגה אורו עליהם וקלקלו השורה״.

[4] דאָרטן, 19—20: „צריך שיהיה מורגל בפלפול בעומק כדי שיהיה מורגל ויוכל להפשיט המאמרים מהמשלים ובזה יגיע הכוון בחכמה זו שדבק עצמו למלא כרסו בדיני גמרא ופי׳ המצוות בדרך הפשט״.

[5] דאָרט, 28.

קאָרדואיראָ איז געווען דער ע ר ש ט ע ר באַדייטנדיקער קבלה־טעאָרעטיקער, וואָס איז אויפגעוואַקסן אויפן פּאַלעסטינישן באָדן, און אויך דער לעצטער. נאָך אין די לעצטע יאָרן פון זיין בערך קורצן לעבן [1] האָט קורדואיראָ אַליין געקאָנט זיך איבערצייגן ווי אַזוי אין דעם צפתער מיסטיקער־קרייז ווערט אַלץ שוואַכער דער אינטערעס צו ריין טעאָרעטישע און רעליגיעז־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, און דעם אויבנאָן פאַרנעמט אַלץ מער די קבלה מעשית און די מיט איר פאַרבונדענע פראַגן פון פּראַקטישער מאָראַל. טיפּיש איז אין דער הינזיכט די ליטעראַרישע טעטיקייט פון קורדואיראָס טרייסטן תלמיד — אליהו בן משה די ווידאַש, וועמעס ווערק ס׳האָט אין משך פון גאַנצע דורות געגאָלטן אַלס „כל בו״ פון גאָטספאָרכטיקייט און דרך־ארץ, און געדינט אַלס מוסטער פאַר פאָלקס־טימלעכער מוסר־ליטעראַטור. נאָך זיין רבינס טויט האָט די ווידאַש זיך געשטעלט די אויפגאַבע שאַפן אין סיסטעמאַטישער פאָרם אַ קאָמפּענדיום פון פּראַקטישער מאָראַל אויפן יסוד פונם „זוהר״ און זיין מפרש קורדואיראָ [2].

„ניט פאַר בורים און ניט פאַר די, וואָס האָבן אַפילו ניט געשמעקט דעם ריח פון חכמה — ערקלערט די ווידאַש אין דער פאָררעדע — האָב איך מיין ווערק געשריבן, אַך מי שיש בו ראשית חכמה — נייערט פאַר די, וואָס האָבן שוין גענאָסן די ערשטע יסודות פון דער „חכמה הפנימית״ — פון דעם א מ ת ן וויסן, פון דער חכמת הקבלה״. „ראשית חכמה״ — דאָס איז טאַקע דער נאָמען פון די ווידאַשס דיקן חיבור. „איך האָב מיין ווערק דערפאַר אַ נאָמען געגעבן „ראשית חכמה״ — ערקלערט דער פאַרפאַסער — ווייל עס שטייט דאָך געשריבן: „ראשית חכמה יראת ד׳ ״. און אָט טאַקע דער דאָזיקער מאָטיוו—יראת ד׳, יראת חטא, יראת שמים—איז דער גרונדטאָן פון דעם דאָזיקן אַסקעטיש־שטרענגן מוסר־ספר. מיטן „שער היראה״ הייבט זיך אָן דאָס בוך [3]; „שהיראה היא העיקר״ — יראה גייט פאַר אַלעמען. אַפילו אין דער תורה — שטרייכט אונטער דער פאַרפאַסער — ווערט יראת ד׳ דערמאָנט פאַר ואהבת

---

[1] קורדואירו איז געשטאָרבן 48 יאָר אַלט. דאָך האָט ער באַוויזן איבערצולאָזן אַ גאַנץ גרויסע ליטעראַרישע ירושה. אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיינע ווערק זיינען אָבער געבליבן אין כתב־יד, צווישן זיי אַ גוואַלטיק גרויסער, 16־בענדיקער פירוש אויף זוהר אונטערן נאָמען „אור יקר״ (זע: „קורא הדורות״, ווענעצ. אויסגאַבע, דף 36, עמ׳ א׳).

[2] זיין ווערק האָט די ווידאַש פאַרענדיקט 18 טעג אין אדר אין 1575, צום ערשטן געדרוקט אין ווענעדיק, 1578.

[3] דאָס גאַנצע ווערק באַשטייט פון 5 שערים: שער היראה, שער האהבה, שער התשובה, שער הקדושה, שער הענוה.

את ד׳ [1]. „ראשונה צריך לירא שלא יבוא לידי שום חטא״ [2] — דער מענטש דאַרף קודם־כל מורא האָבן ער זאָל צו קיין זינד ניט קומען, חזרט מערערע מאָל איבער דער בעל „ראשית חכמה״; דער מענטש דאַרף גע־דענקען, אַז אויף יעדן שריט און טריט לויערן אויף אים גאַנצע חיילות מלאכי חבלה, וואָס ווילן אים פאַרנאַרן און אַראָפּפירן פונם ריכטיקן וועג. און בכדי איינצושרעקן דעם לייענער און „דערוועקן אין זיין האַרצן די מורא פאַר זינד״ (לעורר הלב ליראה), באַשרייבט דער פאַרפאַסער מיט אַלע פּרטים די גרויסע יסורים פון חיבוט הקבר [3]. בכדי ביים לייענער נאָך מער פאַרשטאַרקן די אימה, דערציילט דער פאַרפאַסער פאָלגנדיקע מעשה: „אני הכותב — צו מיר, וואָס שרייבט דאָס דאָזיקע ווערק, איז אין חודש אלול 1570 געקומען אין חלום ביינאַכט די נשמה פון מיינעם אַ באַקאַנטן, וואָס איז געשטאָרבן מיט דריי חדשים פריער. האָב איך זי געפרעגט, וואָס עס טוט זיך אויף יענער וועלט, האָט זי מיר אַלץ דער־ציילט וועגן עניני חיבוט הקבר און זיך געקלאָגט פאַר מיר, אַז מען שטראָפט דאָרט אויף יענעם עולם פאַר די באַגאַנגענע זינד אַ סך שטרענגער, ווי מיר מענטשן מיינען״ [4]. און ערשט נאָך חיבוט הקבר גייט „מסכת גיהנם״, ווו דער בעל „ראשית חכמה״ זאַמלט צונויף אויס דער אַלטער ליטעראַטור אַלע ידיעות וועגן די מוראדיקע שבעה מדורי גיהנום, און באַשרייבט גאַנץ ברייטלעך די אַלע יסורים און עינויים קשים, וואָס די זינדיקע האָבן דאָרט אויסצושטיין [5]. דער מענטש דאַרף דערפאַר בא־צייטנס זען מחזיר בתשובה זיין און חרטה האָבן פאַר יעדן באַגאַנגענעם חטא. די תשובה באַשטייט אָבער ניט בלויז אין דעם, וואָס מען איז זיך מתוודה פאַרן גאַנצן קיבוץ אין דער באַגאַנגענער זינד, מען מוז אויך נעמען אויף זיך אַ שווערן עונש און פייניקן דעם זינדיקן גוף. און דער „ראשית חכמה״ רעכנט אויס גאַנץ פּינקטלעך, וואָס פאַר אַן עונש עס קומט פאַר יעדן חטא און עבירה באַזונדער. האָט ווער געזינדיקט מיט אַ פרעמדער אשת איש, דאַרף ער אַלס עונש אין משך פון אַ גאַנצן ווינ־טער זיצן נאַקעט אין שניי אָדער אויפן אייז יעדן טאָג אַ שעה, און דער־נאָך אַ גאַנצן זומער זיצן אַ גאַנצע שעה יעדן טאָג נאַקעט צווישן מע־רעשקעס אָדער בינען; שלאָפן דאַרף ער די גאַנצע צייט אויף דער הוילער

---

[1] „ראשית חכמה״, דף 6, עמ׳ ב׳ (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע).

[2] דאָרטן, 24.

[3] דאָרטן, 45.

[4] דאָרטן, 46.

[5] דאָרטן, 47—54.

ערד אַן אַ קישן. פאַר אַ פאַלשער שבועה דאַרף מען אין משך פון אַ באַ־שטימטער צייט זיך יעדן טאָג מתוודה זיין פאַרן גאַנצן קיבוץ, און זיך אָפטמאָל לאָזן שלאָגן מלקות. פאַר אַ מסירה (המלשין את חברו) דאַרף מען אין משך פון צוויי יאָר פאַסטן תעניתים, זיך לאָזן שלאָגן מלקות און אין משך פונם גאַנצן לעבן בעטן מחילה ביי די, וועמען מען האָט מלשין געווען, אאַז"וו אאַז"וו [1].

בכדי אָבער דער מענטש זאָל ניט קומען צום נסיון און ניט אַריינ־פאַלן אין די נעץ פון זינד, דאַרף דער מענטש זיך דערווייטערן פון די ערדישע תענוגים, פון דער זינדיקער וועלט, וואָס איז דאָך „כצל עובר" — ווי אַ שאָטן, וואָס פאַרגייט. „זאָל דער מענטש געדענקען, אַז לאַכן און שפּאַסן איז אַ זינד" (אסור לו לאדם למלא שחוק פיו). „די עולם־הזהדיקע תענוגים — וואָרנט דער בעל „ראשית חכמה" — שטאַמען פון די קליפּות" [2]; „דאָרט ווו דו טוסט דיר ווויל מאַן און האָסט נחת־רוח — דאָרט איז דער שטן מקטרג" [3]. „דאָס לויער זיין נאָך עסן ברענגט צו זינד" [4]; „תעניתים שוואַכן אָפּ דעם חומר, שטאַרקן אָבער די נשמה" [5]; „מען דאַרף מיידן דברים בטלים, און איינע פון די שענסטע מידות איז — שתיקה. „ס'איז אַמאָל — דערציילט דערביי די ווידאַש — געקומען אין חלום צו מיין רבין (קורדואיראָ) אַ צדיק, וואָס איז ניט לאַנג גע־שטאָרבן. און דער דאָזיקער צדיק האָט געשיינט ווי די זון אינם זומער, און יעדער האָר אויף זיין קאָפּ האָט געלייכט ווי אַ הבדלה. האָט מיין רבי אים געפרעגט: פאַר וואָסערע מעשים טובים האָט ער זוכה געווען צו אַזאַ גרויס גענאָד? האָט אים דער צדיק געענטפערט: דאָס איז פאַר דער מידה פון שווייגן. איך האָב קיין מאָל ניט עובר געווען אויף דברים בטלים" [6].

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות קומען דורך דעם צום אויספיר, אַז דער בעל „ראשית חכמה" איז איינגעהילט אין מרה־שחורה און אַז די וועלט איז אין זיינע אויגן אַ טאָל פון יאָמער, און דעם מענטשנס לעבנסוועג — אַ קוואַל פון טרויער און טרערן. „דריי זאַכן — לייענען

---

1 דאָרטן, 185–186.

2 דאָרטן, 200.

3 דאָרטן, 281.

4 דאָרטן, 281.

5 דאָרט, 167, 168, 171: „צריך להתענות כדי להגביר כח הנשמה ולהחשיל את החומר".

6 דאָרטן, 102.

מיר אין „ראשית חכמה" — מוז דער מענטש באַזיצן, בכדי ער זאָל זיין אַן אמתער ירא אלהים און קאָנען ליב האָבן דעם באַשעפער מיטן גאַנצן האַרצן: אמונה, ביטחון און שמחה"[1]. „אין השכינה שורה אלא מתוך שמחה" — די שכינה רוט נאָר דאָרט, ווו עס הערשט אמתע פרייד[2]. „דער רוח נבואה קאָן זיך דערוועקן ניט דורך עצבות, און ניט דורך מוטלאָזיקייט, נאָר דורך שמחה"[3]. „די תורה קאָן מען דערווערבן נאָר דורכן קוואַל פון פרייד[4]. און גאָט דינען קאָן מע אויך נאָר מיט פרייד, ווי אין פסוק שטייט: „עבדו את ה' בשמחה". דער בעל „ראשית חכמה" פאַרהאַלט זיך מיט גרויס פיינטשאַפט צו די ליבע־ און לוסט־לידער, וואָס „פרויען זינגען", ווייל זיי זיינען גורם „להפריד הנשמה מצרור החיים" — זיי דערווייטערן די נשמה פונם לעבנסקוואַל; אָבער דברי שירות ותשבחות צום אָנדענק פון גאָטס חסדים — זיי מעג מען זינגען אויף חתונות און מאָלצייטן מיט פריילעכע ניגונים[5], ווייל — „שיהי התורה גורמים דבקות בשמו יתברך!" אַזעלכע לידער דערהויבן און דערנענטערן צו גאָט יתברך!.. ניט וועגן דערווייטערן פונם לעבן זאָרגט דער בעל „ראשית חכמה", נייערט וועגן היילִיקן דאָס לעבן, דערהויבן דאָס דערוואָכנדיקע צו כולו שבת! דעם מענטשנס לעבן אויף דער וועלט איז לויט דעם וועלטבאַנעם פונם צפתער מקובל ניט קליין און נישטיק — אומגעהייער גרויס און וויכטיק איז די ראָלע פונם מענטשן אין דעם קאָסמאָס, וואָרעם דעם מענטשנס נשמה איז דאָך אַ טייל פון גאָט אין די הימלען[6]. זי בלאָנדזשעט דאָ אין דער נידער, אָבער איר שורש איז דאָך דער כסא הכבוד, דאָס געטלעכע ליכט[7]. יעדער פאַלשער טריט, יעדע זינד, וואָס דער מענטש באַגייט, איז ער דערמיט גורם שלעכטס ניט בלויז זיך און זיין נשמה, נאָר אַלע וועלטן (גורם לו ולנפשו ולכל העולמות). זי, די נשמה פונם מענטשן, איז דער גאָלדע־

---

[1] דאָרטן, 142.

[2] דאָרטן, 131.

[3] דאָרטן, 146: „אין הנבואה שורה לא מתוך עצבות ולא מתוך עצלות אלא מתוך שמחה".

[4] דאָרטן, 284.

[5] דאָרטן, 127: „אבל דברי שירות ותשבחות וזכרון חסדיו של הקב"ה אין אדם מישראל נמנע; מוֹאת מנהג כל ישראל לאומרם בבתי חתנים ובבתי משתאות בקול שמחה ולא ראינו מי שמיחה בזאת".

[6] דאָרטן, 77: „כי האדם נשמתו הוא חלק אלוה ממעל".

[7] דאָרטן, 79, 80.

נער פֿאַדעם, וואָס פֿאַרבינדט אַלע וועלטן אין איין האַרמאָניש גאַנצקייט, באַהויכט זיי מיטן געטלעכן גייסט [1]. גרויס איז דערפֿאַר די זינד פֿון דעם, וואָס צערייסט דעם דאָזיקן פֿאַרבאַנד, וואָס פֿלייסט זיך ניט צו שפּינען ווייטער דעם גאָלדענעם פֿאָדעם. ענג פֿאַרבונדן זייַנען מיר מיט גאָט, ווייל „אונזער נשמה איז דאָך אַ חלק פֿון אים״ (הנשמה שהיא חלק ממנו), און ווען דער מענטש הייליקט זיך — הייליקט ער דערמיט זיין נשמה און דורך דעם הייליקט ער אויך איר הימלשן שורש פֿון וואַנען זי שטאַמט [2].

און דער זיכערסטער וועג צו הייליקן די נשמה, צו הייליקן דאָס לעבן, דאָס איז לויט דעם בעל „ראשית חכמהס״ פֿעסטער איבערצייגונג — דער וועג פֿון קיום המצוות. די־ווידאַש זעט אין יעדער מצווה אַ געט־לעכע מיסטעריע, אַ װוּנדערבאַרע אַנטפּלעקונג פֿונם געטלעכן גלאַנץ, און ווייל דער כּוהן און טרייער שומר פֿון די געטלעכע מצוות איז דאָס פֿאָלק ישראל — טראָגט אויף זיך דאָס יידישע פֿאָלק דעם גורל פֿון אַלע וועלטן. גאָט האָט געהייליקט דאָס פֿאָלק ישראל, נאָר טאַקע דורכן פֿאָלק ישראל ווערט דאָך אַנטפּלעקט גאָטס הייליקייט. „אזוי האָט גאָט גע־זאָגט צו זיין פֿאָלק ישראל: ישראל אשר בך אתפאר! אתם מתקדשים בי ואני מתקדש בכם!״ [3]. אָט דערפֿאַר טאַקע, שטרייכט די־ווידאַש אונטער, הייסט גאָט ברוך־הוא דער באַשעפֿער פֿון אַלע וועלטן, „אלהי ישראל״, ווייל זיין געטלעכער גלאַנץ ווערט אַנטפּלעקט דורכן פֿאָלק ישראל, און ווען דאָס פֿאָלק ישראל זאָל ניט זיין, וואָלט אויך די וועלט ניט געווען און גאָטס גלאַנץ און גרויסקייט וואָלט ניט געווען אַנטפּלעקט פֿאַר זיינע באַשעפֿענישן [4].

אָט דערפֿאַר — שטרייכט אונטער אליהו די־ווידאַש — דאַרפֿן מיר זיך פֿלייסן ראוי זיין צו דערפֿילן דאָס, וואָס דער באַשעפֿער פֿאָדערט פֿון אונז — זיין די ריינע כּלי פֿון געטלעכער הייליקייט, ווערט זיין צו טראָגן אויף זיך דעם גלאַנץ פֿון דער שכינה. מען דאַרף זיך דערווייטערן פֿון אַלץ, וואָס קאָן פֿאַרשוועכן די הייליקייט, מיידן דאָס מגושמדיקע און קליינלעך וואָכעדיקע... און דער שענסטער סימבאָל פֿון הייליקייט

---

1 דאָרטן, 83: „ואז כל העולמות מתקשרים כאחד על ידי נפשו ורוחו״.

2 דאָרטן, 190: „ולכן בקדש האדם עצמו מקדש נשמתו ומקדש השורש העליון מקום שממנו נשפעה הנשמה״.

3 דאָרטן, 189.

4 דאָרטן: „ויקרא אלהי ישראל, פי׳ שאלהותו מתגלה על ידי ישראל, ואל ח״ו לא היה ישראל לא היה עולם ולא היה אלהותו וכבודו מתגלה לנבראים״.

אינם לעבן איז אין די אויגן פון דעם בעל „ראשית חכמה'' דער יום השבת, די געטלעכע „כלה'', וואָס די צפתער מיסטיקער פלעגן זי יעדן פרייטאָג מיט פאַטעטישע לידער מקבל־פנים זיין. „דער שבת — רופט אויס מיט התלהבות אליהו די־ווידאַש — דאָס איז די אַנטפּלעקונג פון אַבסאָלוטער הייליקייט. די הייליקייט פון שבת איז דאָס וונדערבאַרע ליכט, די עמבלעם פון געטלעכער האַרמאָניע, וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער מידה פון תפארת און אַנטפּלעקט זיך דורך קדושת שבת אין אַלע וועלטן [1]. דער שבת קודש — דאָס איז דאָך דער סימבאָל פונם ריינעם געהייליקטן לעבן, דאָס פאָרבילד פון אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן; און יעדער בן־אדם דאַרף שטרעבן דערצו, אַז דער גאַנץ פונם ליכטיקן שבת זאָל באַשיינען אַלע טעג פונם לעבן, בכדי די גרויע וואָכנטעג זאָלן נתעלה ווערן צו כולו שבת, זיך צונויפגיסן אין איין אומענדלעכן הייליקן שבת־טאָג [2]. אויף די וואָכנדיקע פרנסה־דאַגות און קליינלעכע הצטרכותן פונם לעבן דאַרף מען זען פטרן וואָס ווייניקער צייט''. דערביי מאַכט דער מקובל די־ווידאַש אַ כאַראַקטעריסטישע, אין קולטור־סאָציאַלער הינזיכט זייער אינטערעסאַנטע באַמערקונג: „ווי גוט עס איז, וואָס ביי היינטיקע צייטן דאַרפן די תלמידי חכמים ניט דאגהנען וועגן פרנסה, וואָרעם די עשירי הדור זיינען זיי מפרנס... אָט די דאָזיקע תלמידי חכמים, וואָס דאַרפן זיך ניט פאַרנעמען מיט קיין שום מלאָכה, דאַרפן זיי אוודאי הייליקן זייערע רייד אין די וואָכנטעג גלייך ווי אין יום השבת'' [3].

צום סוף איז כדאי זיך אָפּצושטעלן נאָך אויף איין כאַראַקטעריסטישן שטריך אינם „ראשית חכמה''. מיר האָבן שוין אין די פריערדיקע טיילן פון אונזער ווערק אָנגעוויזן, ווי אַזוי ביי אונזערע מקובלים, ווי אויך ביי די מיסטיקער און ראָמאַנטיקער פון די אומות העולם, באַקומען גאַנץ אָפט זייערע מיסטיש־רעליגיעזע איבערלעבונגען אַ געוויסע עראָטישע פאַרבונג. דאָס באַמערקט זיך אויך ביי אונזער צפתער מקובל דעם בעל „ראשית חכמה''. ער באַנוגנט זיך ניט דערמיט, וואָס ער חזרט איבער דעם פאַרגלייך פונם „ספר חסידים'', אַז די ליבע צו גאָט דאַרף זיך אַנטפּלעקן מיט דעם זעלבן ברען, ווי די תאווה פונם יונגלינג צו

---

[1] דאָרטן, שער הקדושה, 191: „ששבת הוא עצם הקדש המתגלה... כי קדושת שבת הוא אור קדושת אבא ואמא המתגלה בתפארת ומשם לכל העולמות".

[2] דאָרטן, 194—195.

[3] דאָרטן, 197—198: ובזמננו זה שת"ח אינם עוסקים במלאכה והם מתפרנסים על ידי עשירי הדור... ות"ח כזה שאינו עוסק במלאכה כלל צריך בלי ספק לקדש דיבורו בימי החול כדיבורו בשבת"...

זיין געליבטער [1]; ער באַטראַכט אויך דעם געשלעכטס־אַקט צווישן מאַן און פרוי אַלס הייליקע מיסטעריע (החבור הוא ענין קדוש ונקי). ער רעדט ניט נאָר וועגן ,,סוד הזיווג״, נאָר אויך וועגן ,,קדושת הזיווג״, וואָס ווערט ביי אים באַטראַכט אַלס העכסטע הייליקע תּפילה און לויב־געזאַנג דעם באַשעפער [2]. די תּורה דערציילט, ווי די פרוי איז געשאַפן געוואָרן פון דעם מאַנס אַ ריפּ, לעבצן שטענדיק די צוויי צעטיילטע קער־פּערס נאָך דער צעשטערטער האַרמאָניע. ווייטער דערציילט די תּורה, אַז אין דער התחלה זיינען די מענטשן האַרמאָניש גאַנצע, טאָפּל־געשלעכטלעך באַשאַפן געוואָרן — זכר ונקבה ברא אותם — שטרעבן שטענדיק די צעשפּאָלטענע נשמות צו זייער אַמאָליקער האַר־מאָניע, און דערגרייכט ווערט זי, די האַרמאָניע, אין דעם ,,קדושת הזיווג״, ווען דער גוף שטרעבט צו דערגרייכן זיין העכסטע שלימות, און די צוויי צעשפּאָלטענע נשמות צאַפּלען צו אַנטפּלעקן זייער האַרמאָניע און איינקייט אין קערפּערלעכער שלימות [3]. ,,בשעה שאדם מתחבר לאשתו בקדושה — שכינה שרויה ביניהם״ — בעת דער מאַן טוט זיך צו דער פרוי באַהעפטן, רוט די שכינה צווישן זיי — ס׳איז די העכסטע מיסטעריע, ווען ביידע מענטשן־געשלעכטער גיסן זיך צונויף אין זייער התלהבותדיקן דראַנג צו דערגרייכן די העכסטע שלימות, צו דערנענטערן זיך צו זייער באַשעפער״ [4].

,,דריי זאַכן — פאַרזיכערט דער ,,ראשית חכמה״ — גיבן אונז אַ באַגריף וועגן דעם גרויסן תּענוג צו וועלכן מיר וועלן זוכה זיין אויף יענער וועלט: די הייסע שטראַלנדיקע זון, די הייליקע תּורה און דער־זיווג צווישן מאַן און ווייב״ [5]; ,,דערגרייכן די בחינה פון דבקות קאָן נאָר דער, וואָס לעבט מיט אַ פרוי״ [6]; ,,ווער ס׳האָט ניט געהאַט קיין גלוסטונג צו קיין פרוי (מי שלא חשק באשה, דער — פאַרזיכערט דער ,,ראשית חכמה״ — איז געגליכן צו אַן אייזל (הוא דומה לחמור)״ [7].

---

[1] דאָרטן, 98: ,,ראוי שתלהב לבם לאהבה אותה (די שכינה) כאהבת איש לחשוקתו ויעשו לה דירה נאה בלבם״. זע אויך דאָרטן, 77.

[2] ,,ענין קדושת הזיווג... שהוא דומה לייחוד שאדם עושה בתפלת שמונה עשרה״.

[3] שכשם שגוף האדם נשלם מחסרונו דהיינו הצלע אשר לוקח מחאדם בהזדווגו, כן נשמתו גם כן חסרה מפני שגם כן הנשמות... הן נאצלות זכר ונקבה... ונמצא שבזווג הם משתלמין הנשמות זכר ונקבה...״

[4] דאָרטן, 302.

[5] דאָרטן, 103.

[6] דאָרטן, 135: ,,כדי להשיג דבקות צריך לישא אשה״.

[7] דאָרטן, 93.

דער „ראשית חכמה'' איז געווען — ווי מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן — באשטימט פאר די, וואס זיי זיינען באקאנט די יסודות פון דער „חכמה פנימית'' — פון דער חכמת הקבלה. זיי האט דער „ראשית חכמה'' געזאלט ווייזן דעם וועג, ווי אזוי צו הייליקן דאס לעבן און באלייכטן דאס וואכעדיקע און אלטעגלעכע מיטן וואונדערבארן גלאנץ פון דער „הימלישער כלה'', די שבת מלכתא. די אבער, וואס האבן שוין אריינגעדרונגען אין די פארבארגענע טיפענישן פון דער „חכמת האמת''— זיי האבן זיך דערמיט ניט געוואלט באנוגענען; זיי האבן באשלאסן מיט דער הילף פון דער וואונדערבארער אומבאגרענעצטער קראפט, וואס זיי האט משפיע געווען די דאזיקע חכמה, דערנענטערן דעם „קץ''. א סוף זאל עס נעמען מיט דער ערדישער וואכעדיקער וועלט, די וועלט פון בין-השמשות מיט איר שטענדיקן געראנגל צווישן ליכט און פינסטערניש, צווישן גוטס און שלעכטס! און זאל שוין ערשיינען די נייע לאנג-גע-האפטע וועלט פון געטלעכן גלאנץ און הימלישער שיינקייט! און טאקע אין דער זעלבער צייט, ווען די־ווידאש האט געשריבן זיין „ראשית חכמה'', האט אין צפת העל אויפגעלויכטן דער שטערן פון דעם באשע-פער פון דער „קבלה מעשית'', דעם „ארי הקדוש'', יצחק לוריא אשכנזי.

---

# פערטער קאַפּיטל

יצחק לוריא אַלס פּערזענלעכקייט; זיין לעבן און שאַפן. — דער אַר"י אין צפת; זיין פּראָפּאַגאַנדע און פּלוצלונגדיקער טויט. — חיים וויטאַל. — דאָן־קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנטשאָ אויפן געביט פון קבלה. — „שבחי וויטאַל". — די טעאָרעטישע יסודות פון דעם אַר"יס קבלה — די צעבראָכענע „כּלים" און די „געזיכטער" (אַנפּין). — די פּראָבלעמען און אויפגאַבן פון קבלה מעשית. — מיסטעריעס און סימבאָלן. — דער רבנישער יודאַיזם און דער מיסטישער יודאַיזם. — חיים וויטאַלס פאַרהאַלטן זיך צום תּלמוד. — שלמה שלמיאלס בריוו און זייער באַטייט.

דער באַשעפער פון קבלה מעשית, יצחק לוריא, וואָס איז באַקאַנט אונטער די ראשי תיבות „אר"י" (אלהי רבי יצחק — דער געטלעכער ר' יצחק), איז געבאָרן אין ירושלים אין 1534 אין א חשובער אשכנזישער פאַמיליע [1]. זייער פרי א יתום געבליבן, איז דער יונגער לוריא איבער־געפאָרן קיין מצרים, ווו ער האָט זיך אויפגעצויגן ביי זיין רייכן פעטער מרדכי פרענסים, א מוכסן פון קאַיר, וואָס האָט אים צו 15 יאָר חתונה געמאַכט פאַר זיין טאָכטער. תלמודישע לימודים האָט לוריא געלערנט אונטער דער השגחה פון דעם באַרימטן רב ר' דוד אבי זמרא (רדב"ז) און פון בצלאל אשכנזי, וואָס האָט אים אויך אריינגעפירט אין די סודות הקבלה. די „חכמת הנסתר" האָט ממש פאַרשיכּורט די צאַרט־פילנדיקע און פאַרחלומטע נשמה פונם יונגן לוריא. דעם גוואַלטיקסטן רושם האָט אויף אים געמאַכט דער אָקאָרשט פון דרוק ערשינענער „זוהר". ער האָט אָנגעהויבן פירן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, געפּראַוועט „התבודדות", זיך באַזעצט דערנאָך אויפן ברעג פון נילוס אין א פאַר־וואָרפענעם געצעלט, ווו ער האָט פאַרבראַכט גאַנצע צוויי יאָר, און אַהיים פלעגט ער קומען בלויז אויף שבת, און אויך דעמאָלט פלעגט ער ריידן בלויז געציילטע ווערטער און דאָס אויך נאָר אויף לשון־קודש.

1 דערפאַר הייסט לוריא אויך אשכּנזי און פילע פאַרטייטשן אויך זיין ביינאָמען „אַר"י" — אשכּנזי ר' יצחק.

דאָרט, אויף די ברעגעס פונם סודותדיקן נילוס, אונטער די שאָטנס פון די פאַרשטאַרטע ספינקסן און אייביקע פּיראַמידן, האָט דער התלהבותדיקער מיסטיקער געוואָלט אויפדעקן דאָס טיפע רעטעניש פון דער וועלט, אַנטפּלעקן דעם סוד פונם לעבן. זיין פאַרחלומטע נשמה, באַרוישט פון דעם זוהרס פאַנטאַסטישע בילדער און סימבאָלן — האָט געזען אַרום זיך אַ פאַרכישופטע סודותדיקע וועלט: אין יעדן קלאַנג און באַוועגונג, אין דעם ציטער פון דעם כוואַליע, אין דעם צאַפּל פון אַ בלאַט און שטילן געפּליסטער פון דעם אייער אויפן ברעג, אַפילו אין די שטומע פאַרשטאַרטע שטיינער — איבעראַל האָט ער פאַרנומען דעם מעכטיקן אָטעם פונם אומשטאַרבלעכן לעבן, איבעראַל געשפּירט לעבעדיקע נשמות, וואָס שמאַכטן נעבעך אונטער דער שווערער לאַסט פון דער „זינד", און בעטן וועגן „תּיקון", מען זאָל זיי באַפרייען פון דעם ענגן געפענגעניש, אויסלייזן פון דעם שרעקלעכן כּישוף — פון די שטיקנדיקע בענדער, אין וועלכע עס האַלט זיי איינגעקלאַמערט דער טויטער און פאַרמלאָזער חומר [1]. באַפרייען דעם געפאַנגענעם גייסט פון דער שטאַרער, באַוועגונגסלאָזער מאַטעריע, אָט דאָס, וואָס ס'איז געווען דער ליכטיקער, מיט פרייד איבערפולטער „אני מאמין" פון דער אַנטיקער סקולפּטור, דער פייערדיקער פּאַטאָס פון די רענעסאַנס־קינסטלער, און די באַוועגנדיקע קראַפט פון דעם טראַגיש־צאָרנדיקן אימפּעט אינם ריזיקן שאַפן פון אַ מיקעל־אַנדזשעלאָ — אָט דער דאָזיקער געדאַנק האָט אויך אַרויסגע־רופן דעם התלהבותדיקן עקסטאַז, אין וועלכן עס האָט געפלאַקערט די ראָמאַנטישע נשמה פון דעם פאַרחלומטן יידישן מיסטיקער, דאָרט ביי די פאַרשטאַרטע ספינקסן און ציקלאָפּישע פּיראַמידן. די מאַטעריע אַלס בייזער מכשף, אַלס סימבאָל פון שלעכטס און זינד, וואָס האַלט אין קנעכטשאַפט דעם לעבעדיקן גייסט, וועלכער שטרעבט אין די הייכן — אָט דער צענטראַלער געדאַנק האָט באַהערשט דעם גאַנצן גייסטיקן מהות פון דעם אר"י. אין דעם כוואַליעס־געטויש פון דעם נילוס פאַרנעמט זיין אויער די טרויעריקע עפּאָפּעע וועגן אַ מוראַדיקער צאָל וועלטן, וואָס קומען אום אין די נעצן פון שלעכטס. אין טויטלעכער געפאַר געפינט זיך אויך אונזער וועלט, וואָרעם פון אַלע זייטן שטורעמען אויף איר די כּישוף־כוחות פון זינד און שלעכטס; מען מוז גלייך צערייסן דעם געפערלעכן כּישוף־קרייז, באַפרייען דעם געפאַנגענעם גייסט פון די מאַטעריעלע

---

[1] זע: „תעלומות חכמה", 34, 44; „ספר הגלגולים", 39—40; „חמדת ימים" (אויסגאַבע 1731) דף 6, עמ' א': „ופעם אחת הלך הרב ז"ל ללמוד תורה אל השדה, וישא עיניו וירא כל עצי השדה מלאים נפשות אין מספר וכן היה על פני השדה וגם ע"פ הימים היו כמה רבבות".

„קליפות‟, וואָס קלאַמערן אים אַרום פון אַלע זייטן. און ער, דער איינזאַמער פּרוש אויף די ברעגן פונם נילוס, ער מוז דאָס פּאַרווירקלעכן, ער מוז זיין דער באַפרייער...

דאָס פּאַרבּרענגען יאָרנלאַנג ביחידות, אָפּגעזונדערט פון מענטשן, די שטענדיקע תעניתים און סיגופים — דאָס אַלץ האָט געבראַכט דעם יונגן מיסטיקער צו פולער „התפשטות הגשמיות‟, צו פיבערדיקע האַלוצינאַציעס. אין מאָמענטן פון עקסטאַז האָבן זיך פאַר אים אַנטפּלעקט „זעונגען‟; עס האָבן זיך צו אים געטראָגן קולות פון די ווייטע הימלען, און מיט אָפענע וואַכע אויגן האָט ער געזען וואונדערלעכע חלומות. עס פלעגט אים אָפּט באַזוכן אליהו הנביא, און פאַר-אים אויפדעקן טיפע אימהדיקע סודות; אויך דער געטלעכער תנא ר׳ שמעון בן יוחאי, דער באַשעפער פונם זוהר הקדוש, פלעגט מיט אים פירן לאַנגע שמועסן... ער פלעגט פאַרזיכערן, אַז אין די שעהן פון שלאָף דערהויבט זיך זיין נשמה אין די הימלען און דאָרט רעדט זי זיך צונויף מיט די נביאים און צדיקים פון אַמאָליקע דורות...

ענדלעך האָט ער באַשלאָסן, אַז עס איז שוין געקומען די צייט ער זאָל זיך אומקערן אין זיין געבורטס-היים, אינם לאַנד פון די אָבות. אין 1569 האָט ער זיך געלאָזט קיין ארץ-ישראל, אַ שטיקל צייט פאַרבראַכט אין זיין געבורטס-שטאָט ירושלים, און דערנאָך זיך באַזעצט אין צפת, ווו ער איז באַלד געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם דאָרטיקן מיסטיקער-קרייז. די ערשטע צייט פלעגט ער ביי משה קורדוואירא לערנען קבלה עיונית און מיט גרויס ענוות רופן דעם בעל „פרדס רמונים‟ ניט אַנדערש ווי „מורנו ורבנו‟ [1]. באַלד אָבער האָט זיין מיסטישע התלהבות און אייגענער דרך אין קבלה-פראַגן געבראַכט דערצו, וואָס פילע פונם מיסטיקער-קרייז זיינען געוואָרן זיינע הייסע חסידים און אים אָנערקענט אַלס זייער רבין און מורה דרך. גאַנץ שנעל איז געוואַקסן די צאָל פון ארי״ם אָנהענגער, אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין קרייז, וואָס איז באַלד אויסגעוואַקסן אין אַ גאַנצער רעליגיעזער קהילה, ווו דער שטייגער לעבן און די גאַנצע הנהגה איז געווען פעסט באַשטימט לויט דעם סדר און תקנות פון דעם אר״י און זיין מיסטישער שיטה [2]. שבת פלעגט דער אר״י זיך איינהילן אין פיר ווייסע בגדים, וואָס האָבן געזאָלט סימבאָליזירן די פיר אותיות פון דעם שם המפורש. דאָרט, אין דער פאַרוואָרפענער שטעטעלע פון גליל, האָבן אויפגעלעבט בילדער פון גאָר אַלטע צייטן. אַרומ-

---

1 זע „עץ חיים‟, 20, (לויט דער וואַרשעווער אויסגאַבע, 1890).

2 „תעלומות חכמה‟, דף 46, עמ׳ א.

געריגגלט פון זיינע געליבטע תלמידים [1]. פלעגט דער אר"י וואַנדערן איבער די אומגעגנטן פון צפת, איבער אַפּגעזונדערטע לאַנקעס און בית־הקברות, און דאָרט פלעגט ער אַנטפּלעקן די טיפע סודות פון דער וועלט און אָנזאָגן די בשורה וועגן באַלדיקע גרויסע געשעענישן. זיי, די תלמידים, האָבן דאָך געוווסט אויף זיכער, אַז זייער רבי איז ניט קיין אַנדערער, ווי דער משיח בן יוסף, דער אָנזאָגער און שליח פון דעם ליכטיקן גואל, משיח בן דוד... זיי פלעגן באַזוכן די קברים פון נביאים און קדושי עליון [2], און מיט פאַרציטערטע הערצער פלעגן די תלמידים פאַרנעמען, ווי זייער רבי און בעל־מופת פירט שמועסן מיט די באַוווינער פון די הייליקע קברים. אין באַשטימטע טעג פלעגן זיי עולה־רגל זיין אין דעם נאָענטן דאָרף מירון, און דאָרט, אויפן קבר פון דעם „געטלעכן" ר' שמעון בן יוחאי, פלעגט מען אָפּריכטן מיסטישע צערעמאָניעס, פול מיט התלהבות און התפשטות הגשמיות: מען פלעגט זינגען ספּעציעלע מזמורים, מיט פייערדיקער אַנטציקונג דערציילן וועגן דעם נאָענטן „קץ"; אָט באַלד קומט דאָס גרויסע וווּנדער, גיך דאַרף מען זיך גרייטן גיין מקבל־פּנים זיין דעם ליכטיקן גואל... זיי שטייען דאָך שוין האַרט ביי דער גרענעץ, זיי זיינען דאָך די „לעצטע", דער „לעצטער דור" (דרא בתראי)... יעדן פרייטאָג פאַרנאַכט פלעגן זיי זיך אַרויסלאָזן פון דער שטאָט, איינגעוויקלט אין ווייסע געוואַנטן, און דאָרט, אויפן פרייען פעלד פלעגן זיי מקבל־פּנים זיין די „שבת מלכתא", זינגענדיק אַלקאַביצעס „לכה דודי", אויף וועלכן דער אר"י אַליין האָט עדות געזאָגט, אַז ס'איז דאָס בעסטע און שענסטע געזאַנג פון אַלע רעליגיעזע געזאַנגען און מזמורים. „איינמאָל — דערציילט אַ לעגענדע, — בעת די תלמידים האָבן ערב שבת געזונגען די סטראָפן פון „לכה דודי", האָט דער אר"י הקדוש פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן: ווילט איר, חברים, מיר זאָלן זיך גלייך לאָזן קיין ירושלים און דאָרט מקבל־שבת זיין? די תלמידים האָבן פאַרחידושט געקוקט אויפן רבין, וואָרעם פון צפת קיין ירושלים איז אַ ווייטער מהלך און ס'איז שוין געווען פאַר שקיעת החמה. דאָך האָבן אַ טייל פון די תלמידים גלייך געענטפערט, אַז זיי זיינען מרוצה, אייניקע האָבן אָבער ערקלערט, אַז זיי מוזן פריער זייערע ווייבער מעלדן, אַז זיי לאָזן זיך אין וועג. האָט דעמאָלט דער אר"י אַ פּלעסקע געטאָן מיט די הענט און

---

[1] די לעגענדע דערציילט וועגן צען אַזוינע תלמידים (עשר חברים קדושי עליון). זע „תעלומות חכמה", 43. וועגן צוויי מדרגות פון אר"יס תלמידים דערציילט דער ספר הגילגולים, 32—33.

[2] „תעלומות חכמה", 38; „שבחי וויטאַל", 34—35.

אויסגעשריען: „ ווי צו אונז, וואָס האָבן ניט די זכיה! וואָלט איר אַלע מיט שמחה צו מיין פאָרשלאָג איינגעוויליקט — גלייך וואָלט געקומען אַ סוף צום גלות, און משיח וואָלט זיך אין ירושלים באַוויזן״. איינמאָל — דערציילט דעם אר״ים געליבטער תּלמיד, חיים וויטאַל — זיינען מיר צוזאַמען מיטן רבין געשטאַנען לעבן קבר פון שמעיה ואבטליון. זאָגט צו אונז דער רבי: קינדער מיינע! שמעיה ואבטליון באַפעלן מיר, איך זאָל אייך בעטן איר זאָלט מתפלל זיין פאַר דעם משיח בן יוסף, ער זאָל ניט שטאַרבן״. מיר האָבן אָבער ניט פאַרשטאַנען און זיך ניט אָנגעשטויסן צו פרעגן: ווער איז איינגטלעך משיח בן יוסף. און משיח בן יוסף איז דאָך געווען טאַקע אונזער רבי אַליין. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער „נסתּלק געוואָרן״ [1].

יצחק לוריא איז געשטאָרבן פון דער שוואַרצער מגפה, פינף טעג אין אָב 1572 [2], 38 יאָר אַלט. דער פּלוצלונגער טויט פונם רבין האָט געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם אויף זיינע תּלמידים און פאַרערער. מען האָט וועגן דעם געשטאָרבענעם גערעדט ווי וועגן אַ נייעם ביבלישן חנוך, מיט וועלכן גאָט איז אומגעגאַנגען און וועגן וועלכן די ביבל דערציילט: „ואיננו כי לקח אותו אלהים״. און אויך דעם נייעם חנוך האָט גאָט צו זיך צוגענומען, וואָרעם ווען ער זאָל געווען לעבן נאָך דריי יאָר אין ארץ־ישראל, וואָלט משיח געמוזט קומען, דער דור איז אָבער נאָך ניט געווען ראוי דערצו [3].

דער אר״י האָט ניט געלאָזן נאָך זיך קיין שום ליטעראַרישע ירושה אויסער דריי שבתדיקע זמירות (אַ זמר אויף יעדער סעודה באַזונדער) [4] און אייניקע האַרציקע תּפילות, וואָס נתן נטע האַנאָווער האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין „שערי ציון״ [5]. זיין תּורה פלעגט דער אר״י איבערגעבן בעל־פה, שפּאַצירנדיק מיט זיינע תּלמידים איבער לאָנקעס און פעלדער אויסער דער שטאָט [6]. דער מפרש און שליח פון דעם

---

[1] „תּעלומות חכמה״, 38, 47.

[2] זע „שבחי וויטאַל״, 24, 35.

[3] „תּעלומות חכמה״, דף 44, עמ׳ ב׳.

[4] די דאָזיקע זמירות: 1) אזמר בשבחין, 2) אסדר לסעודתא און 3) בני היכלא דכסיפין — זיינען צום ערשטן אָפּגעדרוקט מיט אַ גרויסן פּירוש אין „חמדת ימים״, II, 68–72, 124—125, 146—147.

[5] אין האַנאָווערס „שערי ציון״ איז אויך פאַרעפנטלעכט דעם אר״ים אַ קאַבאַליסטישע תּפילה „ואתה ד׳ מגן בעדי״.

[6] „תּעלומות חכמה״, 38: „ורוב סודותיו גילה אותם בשדות ובמדבריות ולא היה צריך לשום ספר״.

אר״ים שיטה אין קבלה איז געוואָרן איינער פון זיינע באַליבטסטע תּלמידים, דער פּריער דערמאָנטער חיים וויטאַל. ער האָט ענערגיש צונויפגעזאַמלט[1] אַלע קונטרסים און נאָטיצן, וואָס האָבן זיך געפונען ביי דעם אר״ים איבעריקע תּלמידים, און אויפן יסוד פון זיי און פון זיינע אייגענע נאָטיצן און זכרונות האָט ער אָנגעשריבן אַ גאַנצע צאָל ווערק, ווו ער גיט איבער מיט אַלע פּרטים דעם אר״ים שיטה אין קבלה. עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, און דערמיט מוזן זיך די פאָרשער רעכענען, אַז דער תּלמיד און מפרש האָט אַריינגעלייגט אין מויל פון זיין רבין פיל פון זיינע אייגענע געדאַנקען.

חיים וויטאַל, וואָס זיין נאָמען איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט יצחק לוריאס קבלה, איז געבאָרן אין צפת אין 1543 אין אַ פאַמיליע פון אַ סופר, וועלכער איז געקומען קיין פּאַלעסטינע פון דער איטאַליענישער פּראָווינץ קאַלאַבריע. גמרא און פּוסקים האָט דער יונגער וויטאַל געלערנט ביים באַקאַנטן רב אַלשיך. די טרוקענע הלכה האָט אָבער ווייניק אויסגענומען ביים קינפטיקן מקובל. צו 14 יאָר באַקענט זיך וויטאַל מיטן מקובל און בעל־שם לפּידות אַשכּנזי, און דער יונגער בחור גיט זיך אָפּ מיטן גאַנצן ברען דער „חכמת הנסתּר״. חיים וויטאַל האָט געהאַט צו קנאַפּע תּלמודישע ידיעות ער זאָל קאָנען ווערן רב אָדער דיין, און בכדי מפרנס זיין זיין פאַמיליע, האָט ער געפּרוווט זוכן גליק אין אַלכעמיע, האָפנדיק, אַז ער וועט קאָנען מיטאַמאָל רייך ווערן. ער האָט אָבער אויף דעם געביט קיין גליקן ניט געמאַכט, האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיין פאַרבאָרגענער „חכמה״, פאַרטיפט זיך אין „זוהר״ און גענומען זיך שרייבן אויף אים אַ גרויסן פּירוש. דעם יונגן מיסטיקער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן וווּנדערבאַרע חלומות. איינמאָל איז צו אים געקומען צו חלום אליהו הנביא און אים אַריינגעפירט אין אַ חידושימדיקן גאָרטן, ווו וויטאַל האָט געזען פיל צדיקים פון פאַרשיידענעם עלטער און אַלע פליען זיי אַרום

---

1 ריכטיקער געזאָגט — צוגענומען. אַלס עלטסטער און חשובסטער תּלמיד האָט ער ערקלערט, אַז ער איז מחוייב צונויפנעמען אַלץ, וואָס ס׳איז פאַרשריבן געוואָרן פון דעם אר״ים תּורה, ווייל דער איצטיקער דור איז נאָך ניט ראוי צו די איבהדיקע סודות, וואָס זיינען דאָרט באַהאַלטן. דער שוין אָפּט פון אונז ציטירטער מקובל שלמה שלמיאל דערציילט וועגן דעם („תעלומות חכמה״, 46): „שלאחר פטירת האר״י ז״ל לקח כמהר״ר חיים כל הקונטרסים מיד כל חחבירים ולא הניח שום דבר מזו החכמה ולא החזיר אותם להם באומרו שלא נתן לגלות עוד בעולם הזה האור הגדול כי כבר נסתמו אותן מעיינות החכמה״. חיים וויטאַל גופא שטעלט אַרויס אַן אַנדער טעם: באשר קיינער פון דעם אר״ים איבעריקע תּלמידים אויסער אים האָט ניט געהעריק פאַרשטאַנען דעם רבינס טיפע תּורה. זע „עץ חיים״, 8, 11: „ואל תסתכל בשום קונטרסים הנכתבים בשם מורי ז״לה זולתי במה שכתבנו לך בספר הזה״.

אין דער געשטאַלט פון פייגל. זיי געניסן אַלערליי זיסע זאַכן און לערנען מיט גרוים התמדה די הלכות פון דער משנה. ווייטער, אין דער סאַמע מיט פונם גאָרטן האָט ער דערזען דעם הקדוש ברוך־הוא בכבודו ובעצמו אין דער געשטאַלט פון אַ גוואַלטיקן זקן, און אַרום אים זיצן אָנגעלענט אויף די רייכסטע דיוואַנעס די צדיקים חכמי הקבלה און הערן די הייליקע חכמת הנסתר פון גאָט ברוך־הואס מויל אַליין [1]. דער ווענד־פונקט אין וויטאַלס לעבן איז געווען זיין ערשטע באַגעגעניש מיט דעם אר״י (אין 1570). אָט די דאָזיקע ערשטע באַגעגעניש פון די צוויי מיס־טיקער איז אַרומגעפלאָכטן מיט אַ גאַנצן קראַנץ וווּנדערבאַרע לעגענדעס. איינע פון די דאָזיקע אגדות דערציילט, אַז יצחק לוריא, בעת ער האָט נאָך געלעבט אין מצרים, האָט געהאַט אַ נביאישע „אַנטפּלעקונג״, און ס׳איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז ער וועט באַלד מוזן זיך צעשיידן מיט דער דאָזיקער וועלט, דאַרף ער דערפאַר זיך גלייך לאָזן קיין ארץ־ישראל און דאָרט וועט ער באַגעגענען אַ תלמיד־חכם מיטן נאָמען חיים, וואָס ער איינער איז ראוי ער זאָל פאַר אים אויפדעקן די סודות פון זיין תורה און אים באַשטימען פאַר זיין „ממלא מקומו״ [2]. אַן אַנדער אגדה דערציילט, אַז די ערשטע באַגעגעניש פון די צוויי מיסטיקער איז פאָרגעקומען אויפן ברעג פונם ים כנרת. ביידע זיינען געפאָרן אויף אַ שיפל און בעת זיי האָבן זיך צוגעשיפט צו אַן אַלטער געמויערטער שול, וואָס אירע פענסטער גייען אַרויס צום ים כנרת, האָט דער אר״י געגעבן וויטאַלן טרינקען וואַסער אויס מרימס קוואַל, וואָס געפינט זיך לעבן דעם טייך פון טבריה, און טאַקע דערביי האָט ער אַנטפּלעקט פאַר אים פילע סודות פון דער קבלה [3].

פון דעם מאָמענט אָן פלעכט זיך אויף שטענדיק צונויף דער גורל פון די ביידע מיסטיקער, און קענען זיך שוין מער ניט צעשיידן. אויס־שליסלעך וויטאַלן האָט דער אר״י צו פאַרדאַנקען, וואָס זיין שיטה האָט געהאַט אַזאַ גוואַלטיקן דערפאָלג, נאָר טאַקע וויטאַל האָט עס אויך פיל גורם געווען, וואָס די „קבלה מעשית״ האָט אָנגענומען אַזוינע אימהדיקע פאַרשכטע פאָרמען, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ אומגינסטיקע השפעה אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. די דאָזיקע צוויי מיסטיקער, וואָס האָבן געהאַט אַזוי פיל קרבותשאַפט צווישן זיך לויט זייערע שטימונגען, זיינען אָבער געווען פאַרשיידן לויט זייער כאַראַקטער

---

[1] זע „שבחי חיים וויטאַל״, 28 (מיר ציטירן לויט דער לעמבערגער אויסגאַבע, 1882).

[2] „תעלומות חכמה״, 43, 45.

[3] זע די פאָררעדע צו „נגיד ומצוה״.

און מאַראַלישן מהות. דער אר״י איז געווען אַ מענטש „ניט פון דעם עולם״, אַ פאַרחלומטער בעל דמיון, וואָס האָט שטענדיק געשוועבט אין די הימלען, און ביי וועמען דער שענסטער און איידלסטער אידעאַליזם האָט זיך, ווי ביי סערוואַנטעסעס באַרימטן העלד, צונויפגעמישט מיט שיגעון און פאַנטאַסטישע האַלוצינאַציעס. חיים וויטאַל איז אָבער געווען דער פולער היפך פון דאָן־קיכאָט — דאָס איז דער סאַנטשאָ פאַנטשאָ אויפן געביט פון מיסטיק. אַן אמתער מיסטיקער לויט זיין וועלטבאַנעם, האָט וויטאַל דאָך באַוויזן אַריינצוטראָגן אין דער פאַנטאַסטיש־מיסטישער וועלט זייער פיל פון דעם ערדיש־באַנאַלן און קליינלעך־באַרימעריש ן. געווים איז ער ניט געווען קיין פשוטער שאַרלאַטאַן און באַטריגער, ווי עס מאָלט אים אויס דער קנאישער דוד כהנא מיט זיינע „משכילישע״ ברילן [1]. עס איז אָבער דאָך קיין ספק ניט, אַז דער דאָזיקער שלימזלדי־קער גליק־זוכער פון אַלכעמיע איז געווען אַן אימהדיקער באַרימער, וואָס האָט זיך ניט געשעמט אויסצונוצן די שרייענדיקע רעקלאַמעס. ער לויבט טאַקע זיין רבין ביזן טאָג אַריין, דערציילט מיט התפעלות, אַז דער אר״י איז געווען אַ קדוש עליון, אַ איש אלהים, וואָס האָט געקאָנט וויזן די גרעסטע וווּנדער, נאָר טאַקע דערביי נוצט ער אויס זיין רבינס גרויסקייט און הייליקייט, בכדי זיך צו רעקלאַמירן און שאַפן זיך אַ גרויסן נאָמען. ער באַנוגנט זיך ניט דערמיט, וואָס ער שטרייכט מע־רערע מאָל אונטער, אַז דעם אר״ים שליחות איז באַשטאַנען אין דעם, ער זאָל זיינע סודות אַנטפּלעקן פאַר זיין חשובסטן תלמיד — חיים וויטאַל [2]. ער גיט אויך דייטלעך אָנצוהערן, אַז ער, חיים וויטאַל, איז פיל גרעסער פון זיין רבין [3]; ער האָט קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטן ביז זיינע תלמידים און פאַרערער וועלן דערציילן שבחים וועגן אים און באַצירן זיין לעבן מיט פאַנטאַסטישע לעגענדעס און ספורי נפלאות [4] — ער גופא שרייבט מיט דער אייגענער האַנט „שבחי וויטאַל״, וווּ עס איז זייער שווער פונאַנדערטיילן פאַנטאַסטישע חלומות פון אַן עקזאַלטירטן מיסטיקער און פשוטע רמאות פון אַן אָרדינערן שווינדלער. וויטאַלס

---

[1] זע זיין „אבן נגף״.

[2] „שבחי וויטאַל״, 48: „כי הוא לא בא לעולם אלא ללמדני בלבד״. זע אויך דאָרטן, 36, דאָן „ספר הגלגולים״, קאַפּ׳ 32.

[3] דאָרטן, 45: „אינך יודע כמה אתה גדול לפני הש״י כי אתה אדם גדול לפני הש״י כי אתה אדם גדול כר׳ עקיבא וחביריו ואשיג מה שלא השיג שום אדם בדור הזה ואפילו הר׳ יצחק אשכנזי רבך״.

[4] פאַקטיש איז דאָס טאַקע געשען נאָך זיין טויט; זע, למשל, „נגיד ומצוה״, פאָררעדע.

אויסטערלישע „זעלבסטביאָגראַפיע" האָט באמת קיין גלייכן ניט צו זיך. עס איז שווער צו לייענען אָן אַ ביטול־געפיל וויטאַלס גוזמאות, ווי אַזוי נאָך דריי יאָר פאַר זיין געבורט האָט אַ הייליקער מאַן נביאות געזאָגט זיין פאָטער, אַז ביי אים וועט געבאָרן ווערן אַ זון, וואָס וועט צו זיך קיין גלייכן ניט האָבן, אַז דאָס קינד וועט זיין ניט קיין קלענערער ווי משיח בן יוסף און „ער וועט בלי־ספק קיניגן איבער גאַנץ ישראל" [1]. ווייטער דערציילט וויטאַל, אַז אַ אשה, „וואָס האָט אויף איר לעבן קיינמאָל קיין ליגן ניט געזאָגט", האָט געזען מיט אירע אייגענע אויגן, ווי איבער זיין קאָפּ האָט געשיינט מיט אַ ווונדערבאַרן גלאַנץ אַ פייערדיקער זייל [2], און עפּעס אַ נאַכט־וועכטער האָט געזען, ווי ער, וויטאַל, איז געפלויגן אין דער לופטן [3]. ער ווערט ניט מיד צו דערמאָנען, וואָס פאַר אַ הייליקע נשמה ער פאַרמאָגט [4], פאַרזיכערט, אַז מיט זיינע תפילות קאָן ער מבטל זיין די ערגסטע גזירות און אַז די גאולת ישראל איז אָנבאַלאַנגט נאָר פון אים (גאולת ישראל תלויה בי). ביי זיין גאַנץ „הייליקייט" און מאָראַלישער ריינקייט, וועגן וועלכער ער דערמאָנט יעדעס מאָל, געפינט פונדעסטוועגן חיים וויטאַל פאַר נייטיק זיך אָפּצורעכענען אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע מיט זיינע פערזענלעכע קעגנער, וועלכע ער ערקלערט פאַר אויסוואורפן און רשעים גמורים, און דער שטאָט דמשק, וווּ ער האָט פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט און זייער ווייניק דערפאָלג געהאַט מיט זיינע דרשות, איז ער מבטיח, אַז זי וועט האָבן אַזאַ סוף ווי דאָס זינדיקע סדום [5].

דער עקזאַלטירטער מיסטיקער אר"י האָט געגלויבט באמונה שלימה, אַז מיט דער הילף פון השבעות און צירופי אותיות קאָן ער ווונדער שאַפן; אַז עס קומען צו אים מיט באַזוך און פירן מיט אים שמועסן הייליקע נשמות פון אַמאָליקע גאָר אַלטע צייטן. ער איז געווען זיכער, אַז ער איז ביכולת צו לייענען אין די פנימער פון די מענטשן ווי אין אָפענע ביכער, און ביים ערשטן קוק קאָן ער גלייך באַשטימען דעם „ניצוץ" פון יעדן מענטשן, דערקענען פון וועמענס נשמה אויס פאַרגאַנגענע דורות שטאַמט דער דאָזיקער „ניצוץ". אונטער די מגושמדיקע הענט פון דעם

---

1 „שבחי חיים וויטאַל", 4.

2 דאָרטן, 5, 21.

3 דאָרטן, 5.

4 דאָרטן, 4. וויטאַלס זעלבסטביאָגראַפיע האָט אויך אַ געוויסן עטנאָגראַפישן אינטערעס, ווייל עס ווערן דאָרט אַגב אורחא איבערגעגעבן פילע פרטים וועגן דעם דעמאָלטיקן קולטורעלן שטייגער לעבן.

5 דאָרטן, 16.

תּלמיד און נאָכפאָלגער, באַקומט אָבער דעם אר״ים תּורה גראָבע אומ־געלומפערטע פאָרמען פון פרימיטיוון כּישוף מיט ווילדע השבעות און שפּרוכן איבער שדים און מזיקים. דעם אר״ים אײדעלער דראַנג נאָך התפּשטות הגשמיות און אַסקעטיש געהייליקטן לעבן, בכדי זוכה זיין צו ווערן דער ריינער און אויסדערווײלטער קרבּן, וואָס איז ראוי אויסלייזן די אין „זינד״ אײַנגעטונקטע וועלט — דאָס אַלץ ווערט ביי וויטאַל ממש דערטרונקען אין דעם ים פון טויזנטער פּראַקטישע פאָרשריפטן און אײנטאָניקע קלייניקייטן. צו דעם אַלעמען איז נאָך וויטאַל אין ריין ליטעראַרישן זין געווען אַן אימהדיקע טאַלענטלאָזיקייט, וואָס איז לחלוטין ניט געווען ביכולת איבערגעבן בכתב זיינע געדאַנקען אין מער ווייניקער סיסטעמאַטישער און פאַרשטענדלעכער פאָרם. זיינע דיקע שווערוואָגיקע בענד זיינען אַן אמתער תּוהו ובוהו, ווו אַלץ איז אויסגעמישט אין אַ פאַר־פּלאָנטערטן קנויל [1]. זיין ריזיק־גרויסער „עץ חיים״ איז אַ פאַרפּלאָנ־טערטער טונקעלער לאַבּירינט, ווו מען שטויסט זיך אָן אויף יעדן טריט אין האַרטע שווערע שטיינער; און שוואַרצע אימהדיקע שאָטנס לויערן אין אַלע ווינקעלעך אין דער דאָזיקער שטאָק־פינסטערניש, וועלכע עס רייסט אַזוי זעלטן דורך דער פונק פון אמתער באַגייסטערונג און דער פייערדי־קער בליץ פון שאַפנדיקן פאַטאָס און מיסטישער התלהבות... מען דאַרף ווירקלעך האָבן זייער פיל מוט און געדולד זיך דורכשלאָגן דורך די אַלע פופציק „שערים״ פונם „עץ חיים״, בכדי צו באַקומען אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן דעם פּלאַן, אָדער ריכטיקער — פּלאַנלאָזיקייט פון וויטאַלס אויפגעבויטע „היכלות״ [2].

אויף ווי ווייט מען קאָן זיך משער זיין פון וויטאַלס סיסטעמלאָזע ווערק, שטיצט זיך לוריא אין דעם טעאָרעטישן טייל פון זיין שיטה אויף די גרונטפּרינציפּן פונם „זוהר״ און זיינע מפרשים, פאַרענדערט אָבער דערביי שטאַרק אייניקע גאַנץ וויכטיקע פּרטים. באַזונדערס באַמערקט זיך לוריאס אייגענער דרך אין זיין שילדערונג, ווי אַזוי די ספירות זיינען באַשאַפן געוואָרן, בפרט אין זיין לערע וועגן די אַזוי גערופענע „פּרצופין״. איידער גאָט האָט די „ספירות״ פון זיך אויסגעשטראַלט, לערנט לוריא, האָט דעם „אין־סופס״ ליכט אויסגעפילט אַלע אומענדלעכע ווייטן, און

---

1 דאָס אָנערקענט אויך דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון וויטאַלס ווערק, דער מקובל מאיר פאָפּרוש אין זיין הקדמה צום „עץ חיים״, ווו ער באַמערקט: ולמדתי ספריו וראיתי גודל ספרי הקדושים על אשר אין להם סדר לא ראש ולא סוף״.

2 דער „עץ חיים״ איז אײַנגעטײלט אין זיבן „היכלות״.

אויסער דעם ליכט האָט גאָרניט עקסיסטירט [1]. ווען דער ,,אין־סוף'' האָט אין זיין ווילן באַשלאָסן וועלטן צו באַשאַפן, בכדי עס זאָלן זיך קאָנען אַנטפּלעקן זיין נאָמען און זיינע מעשים (להוציא לאור פעולותיו ושמותיו וכנוייו), דעמאָלט — צמצם את עצמו, האָט דער ,,אין־סוף'' צונויפגעשרומפּן אינדערמיט זיין אומענדלעך ליכט. האָט זיך דאָרט אינם מיטל־פּונקט געבילדעט אַ חלל, און אָט אין דעם דאָזיקן חלל האָט גאָט ברוך־הוא ,,אויסגעשטראַלט, באַשאַפן, פאַרענדיקט און ארויסגעבראַכט די אַלע וועלטן'' [2]. אַהין, אין דעם חלל, האָט אַריינגעפלאָסן ,,אין פאָרם פון אַ דינעם קאַנאַל'' (כעין צינור דק אחד) דעם אין־סופס ליכטיקער שטראַל; ניט אין פאָרם פון אַ גלייכער ליניע האָט דער געטלעכער שטראַל אין דעם ליכטלאָזן חלל אַריינגעדרונגען, נאָר אין פאָרם פון רינגען (עגולים). צען רינגען זיינען אויף אַזאַ אופן פונם ,,אין־סוף'' אויסגעשטראַלט געוואָרן — דאָס זיינען די צען ספירות, וואָס טראָגן אויך ביי דעם אר"י ווי ביי דעם בעל ,,פּרדס רמונים'' אַ דאָפּלטן כאַראַקטער: אינעווייניק דאָס געטלעכע ליכט, די נשמה פון דער ספירה, און פון אויסן דער לבוש — די ,,כּלי'' [3]. דאָס ליכט פונם ,,אין־סוף'' איז אָבער אַזוי גוואַלטיק גרוים אַפילו אין דער פאָרם פון אַ גאַנץ דינעם ,,צינור'', אַז אויסהאַלטן זיין בלענדנדיקע קראַפט זיינען ביכולת געווען בלויז די ,,כּלים'' פון די ערשטע דריי ספירות, ד"ה פון די אייבערשטע דריי עגולים, וואָס געפינען זיך נענטער צום געטלעכן קוואַל, און זייער מהות איז דערפאַר פון אַ העכערער מדרגה. אָבער די ,,כּלים'' פון די איבעריקע זיבן ספירות, וואָס געפינען זיך אינ־דערמיט פונם חלל — זיי האָבן ניט אויסגעהאַלטן די אומגעהייערע שפע פונם געטלעכן ליכט, זיי זיינען צעשפּאָלטן געוואָרן, דאָס ליכט, וואָס האָט אין זיי געפלאָסן, האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין מקור, און אין די ,,שברי כּלים'' זיינען פאַרבליבן בלויז פונקען פונם הייליקן ליכט (ניצוצי הקדושה) [4]. עס האָט דערפאַר געמוזט באַשאַפן ווערן אַ באַזונדערע מחיצה, וואָס זאָל אָפּטיילן פון דעם בלענדנדיקן געטלעכן ליכט־קוואַל, בכדי ,,די וועלטן זאָלן קאָנען אַ קיום האָבן [5]. אָט אַזוי זיינען די ספירות

---

[1] ,,עץ חיים'', 22: ,,דע כי טרם שנאצלו הנאצלים ונבראו הנבראים היה אור עליון פשוט ממלא כל המציאות ולא היה שום מקום פנוי'' (מיר ציטירן לויט דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון 1891).

[2] ,,ובמקום החלל ההוא האציל וברא ויצר ועשה כל העולמות כולם''.

[3] דאָרטן, 22, 24, 25.

[4] דאָרטן, שער שבירת הכּלים, 79—93.

[5] לכן עלה ברצונו לתקן כל העולמות באופן שיוכלו לסבול האור הזה.. אשר האורות יהיו יותר מכוסים ובזה יהיה קיום להעולמות וכח לסבול האור''.

אומגעוואַנדלט געוואָרן אין ,,פּרצופין'' — אין פּנימער־געשטאַלטן. די ערשטע ספירה — כתר, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם דרייקעפּיקן ,,אריך־אַנפּין'', די צווייטע ספירה — חכמה, איז געוואָרן דער אורקוואַל פון דעם אַקטיוון, מענלעכן, און הייסט דערפאַר ,,אַבא''. די דריטע ספירה — בינה, איז דער יסוד פונם פּאַסיוון, ווייבלעכן, און טראָגט דעם נאָמען ,,אמא''. די ווייטערדיקע זעקס ספירות, וואָס זייערע ,,כלים'' זיינען צעבראָכן געוואָרן, זיינען צונויפגעשמאָלצן אין איין צורה — דער ,,זעיר אַנפּין'', דאָס איז דער זון, די געבורט פון די פריערדיקע צוויי ,,פּרצופין'' — דעם ,,פּאָטער'' און די ,,מוטער''. די לעצטע ספירה, מלכות, האָט באַקומען די געשטאַלט פון דעם יונג־ווייבלעכן — די ,,בת'' [1].

און דווקא אָט דער סדר פון ,,מעשה בראשית'' — שטרייכט דער אר''י אונטער — דורך די ,,צעבראָכענע כלים'' (מאנין תבירין) צו דער אַנטשטייונג פון די פּרצופין, איז געווען אומבאַדינגט נייטיק פאַרן קיום פון דער וועלט. מיט דער האַרבער פּראָבלעם וועגן דער ,,סטרא אחרא'', וועגן דעם מקור פון שלעכטס אויף גאָטס וועלט, האָבן זיך זייער פיל פאַרנומען די יידישע מיסטיקער. מיר האָבן געזען, ווי שוין אין 13טן י''ה האָט דער מיסטיקער יצחק כהן זיך באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער פראַגע אין זיין ,,מאמר על האצילות השמאלית'' [2], און קומענדיק צום אויספיר, אַז אויך די מלכות פון רישעות שטאַמט פון דעם מקור הטוב, איז ער מודה, אַז ער פאַרשטייט ניט דעם דאָזיקן טיפן פאַרבאָרגענעם סוד, און ער גיט אויך דעם לעזער די פרומע עצה: ,,שתוק ואל תהרהר, במופלא ממך אל תדרוש ובמכוסה ממך אל תחקור''. דעם דאָזיקן ווידערשפרוך, די עקסיסטענץ פון שלעכטס אין גאָטס באַשאַפונג, וואָס איז כולו טוב — האָט אויך געפּרוווט פאַרענטפערן, אָבער אָן ערפאָלג, משה קורדואירא [3]. דער אר''י ווייזט טאַקע דערפאַר אָן, אַז ווען דער ,,אין־סוף'' זאָל אין דער התחלה געווען גלייך באַשאַפן די ,,פּרצופין'' אַנשטאָט די ספירות און די ,,כלים'', וואָלט דאָך קיין שלעכטס ניט געקאָנט עקסיסטירן אויף דער וועלט, וואָרעם דאָס געטלעכע ליכט — איז דאָך כולו

[1] דאָרטן, שער הפרצופין. דער מקובל אַברהם אירירה רעכנט אויס אין זיין „שער השמים" (צווייטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 12) ניט פינף, נאָר זעקס פּרצופין: איבער דעם „לאַנג־פּנימדיקן" (אריך אנפּין) געפינט זיך נאָך דער „הייליקער אַלטער" (עתיקא קדישא), וועלכער גיסט זיך אָבער צוזאַמען מיטן „אריך־אנפּין" אין איין צורה (דאָרטן, III, קאַפּ' 9; VIII, קאַפּ' 8).

[2] אונזער ווערק, באַנד III, 23—25.

[3] „פּרדס רימונים", 161—162 (קאָרעצער אויסגאַבע).

טוב, דער מקור פונם שלעכטן, אָבער דאָס זיינען די „מאַנין תּבירין״, די צעבראָכענע כּלים, וואָס אויס זייער שאָלעכץ (קליפּה) האָט דאָס ליכט זיך דערווייטערט. אָן דעם שלעכטן, ווען אין דער וועלט זאָל געוועלטיקן נאָר דאָס גוטע אַליין, וואָלט דאָך קיין שכר ועונש ניט געקאָנט עקסיסטירן, ווייל דער מענטש האָט דאָך קיין בחירה ניט געהאַט, ער זאָל קאָנען מיטן פרייען ווילן טאָן דאָס גוטע און זיך דערווייטערן פונם שלעכטן [1]. דורך זייַנע גוטע מעשים באַקומען תּיקון די „הייליקע פונקען״ (הניצוצין הקדושים), וואָס זיינען אין די „קליפּות״ פאַרבליבן. די זינדיקע מענטשן אָבער, זיי מאַכן זינקען דורך זייערע שלעכטע מעשים דאָס געטלעכע ליכט אין די מאַטעריעלע קליפּות.

דעם וויכטיקסטן אָרט פאַרנעמט אָבער אין לוריאס קבּלה דער פּראַקטישער טייל. און אָט דער טייל שטיצט זיך אויפן יסוד פון אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער פּסיכאָלאָגישער סיסטעם, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דעם אַרי״ס לערע וועגן גילגולים. אין צענטער פון דער דאָזיקער סיסטעם געפינט זיך דעם מענטשנס נשמה, וואָס איז דער פאַרבינדונגס־רינג צווישן דעם ענדלעכן און אומענדלעכן. אַלס אָפּגלאַנץ פון די פינף „פּרצופין״ באַשטייט דעם מענטשנס נשמה אויס פינף „שרשים״: נפש, רוח, נשמה, חיה, יחידה [2]. די ערשטע איז פון דער נידעריקסטער מדרגה, די לעצטע — פון דער העכסטער. אַלע מענטשלעכע נשמות שטאַמען פון איין שורש — פון אדם הראשונען. יעדער אבר פון אדם הראשונס קערפּער איז אַ קוואַל פון מילי־מיליאָנען מענטשלעכע נשמות („פונקען״, ניצוצין, ווי זיי הייסן ביים אַר״י). די אברים פונם מענטשן זיינען אָבער פון פאַרשיידענעם ווערט, פון פאַרשיידענער מדרגה, זיינען אויך דערפאַר די נשמות פון פאַרשיידענעם ווערט: אַ טייל זייַנען „פונקען״ פונם דענקענדיקן מוח, אַנדערע — פונם זעענדיקן אויג, דריטע ווידער — פון שטומע הענט אָדער פיס אאַז״וו [3].

---

[1] „עץ חיים״, 10: „כוונת המאציל העליון היתה כדי שיהיה בחירה ורצון ביד האדם, באשר שיהיה טוב ורע בעולם, מפני ששורש הרע בא ממאניון תבירין והטוב בא מאור הגדול ואם לא היה כן (לא) היה רק טוב בעולם ואז לא היה שכר ועונש״.

[2] „עץ חיים״, I, 49, 51—58; II, 52; „ספר הגלגולים״, 14, 18 (מיר ציטירן לויט דער זשאָלקאָווער אויסגאַבע פון 1744).

[3] „ספר הגלגולים״, 3, 4. דער אַר״י מאַכט אויך אַן אונטערשייד צווישן „אַלטע״ און „נייע״ נשמות. נייע — דאָס זיינען נשמות, וואָס האָבן נאָך אויף דער ערד ניט געוואַנדלט און שטאַמען ניט פון אדם הראשון, און זיינען דערפאַר פון אַ העכערער מדרגה ווי די „אַלטע״. די ראָלע פון די דאָזיקע „נייע״ נשמות אין אַר״יס קבלה איז אָבער ניט אינגאַנצן קלאָר (זע „ספר הגלגולים״, קאַפּ׳ 7).

דאָ טרעט אַרויס ביים אר״י באַזונדערס בולט דער גרונט־געדאַנק וועגן דעם „פאַרזינדיקטן״ מענטשן, וועגן אָדם הראשונס „חטא״, וואָס דריקט ווי אַ שווערע לאַסט איבער דעם מענטשן אין משך פון אַלע דורות [1]. דורך דעם „חטא״, וואָס אָדם הראשון איז באַגאַנגען, זיינען אַלע וועלטן פאַרדאָרבן און דערנידעריקט געוואָרן (נפגמו וירדו למטה), עס האָבן זיך אויסגעמישט דאָס גוטע מיטן בייזן, די נשמות פון די הויכע מדרגות מיט די נידעריקע; אַפילו די ריינסטע נשמה איז פאַרפלעקט געוואָרן דורך דער ביימישונג פונם שלעכטן, באַשמוצט דורך דער נאָענטער באַרירונג מיט דער „קליפה״, וואָס איז דאָך דער מקור פון שלעכטס [2]. און וואָס העכער און ווערטפולער די נשמה — אַלץ מער פלייסט זיך די „קליפה״ זי צו באַשמוצן און לאָזן זינקען אין די טיפענישן פון זינד [3]. לויט חיים וויטאַל גיט איבער, האָט דער אר״י אַפילו גאַנץ אָפט איבערגעחזרט דעם געדאַנק, אַז די נשמה פון קַינען איז געווען פון אַ העכערער מדרגה ווי זיין ברודער הבלס נשמה; און טאַקע דערפאַר, וואָס קינס נשמה איז געווען פון אַ זייער הויכער בחינה, האָט זי געהאַט אויסצושטיין פיל גרעסערע נסיונות, ווייל די „קליפות״ האָבן באַזונדערס געגלוסט זי צו פאַרפירן און אַריינכאַפּן אין זייער שליטה [4] אויפסניי דערגרייכן די געוועזענע האַרמאָניע, צוריקקערן דעם „עולם התיקון״, די אויסגעבעסערטע וועלט — דאָס קאָן געשען נאָר דעמאָלט, ווען מען זאָל מאַכן אַ סוף צו דעם תוהו ובוהו, צו דעם שטענדיקן קאַמף צווישן דעם גוטן און שלעכטן, גובר זיין די שליטה פון דער „קליפה״, צונויפזאַמלען אַלע צעזייטע הייליקע פונקען (העלאת ניצוצין) און זיי דערהויבן צו זייער מקור. און דעמאָלט, ווען עס וועט אין דער וועלט נעמען אַ סוף צו דעם פּלאָנטער און אויסמישונג פון ביידע יסודות — פון גוטס און שלעכטס, וואָס דאָס ברענגט דאָך צום נסיון פון זינד, דעמאָלט ווען די שאָלעכץ (קליפה) פון שלעכטס וועט אָפּגעטיילט ווערן פונם קערן פון גוטס — וועט קומען דער גואל, און אויסגעלייזט וועט ווערן די שכינה פון גלות [5].

דער וועג פון „העלאת ניצוצין״, פון אויסלייזן די וועלט, פירט לויט דעם אר״ים וועלטבאַנעם דורך „גלגול הנפש״, דורך לאַנגע וואַנד־

---

[1] דאָרטן, 14, 15.

[2] דאָרטן, קאַפּ׳ 1: „בתחילת בריאת אדם הראשון היו בו כל הנשמות שהם מצד הטוב כלולות בו ותליות בו ואחר שחטא ועירב הטוב ברע אז נתערבו טוב ורע״.

[3] דאָרטן, ז׳ 3: „כל מה שתהיה הנשמה יותר יקרות הערך, כך הם מתכוונים להחטיאה ולהכניסה בעמקי הקליפות״.

[4] דאָרטן, ז׳ 19, 21, 27, 37 א״וו.

[5] דאָרטן, קאַפּ׳ 2 א״וו.

לונגען פון די מענטשלעכע נשמות איבער דער זינדיקער וועלט. יעדע נשמה קומט אויף דער וועלט מיט א באשטימטער אויפגאבע צו זאמלען די צעזייטע „פונקען" פון ליכט", אפטיילן און אויסלייזן דאס גוטע פונם שלעכטן, און ביז זי האט איר שליחות ניט דערפילט בשלימות, קאן זי צו איר מקור זיך ניט אומקערן; זי מוז אלץ וואנדלען, מגולגל ווערן ניט נאר אין מענטשן און חיות, נייערט אפילו אויך אין ביימער און שטיינער און אין פליסנדיק געוויסער. דער אר"י גיט אפילו דערביי א גאנצן רייסטער פון „גילגולים", ווו עס ווערט סיסטעמאטיש אויסגערעכנט וואָסערע גילגולים די נשמה האט אויסצושטיין פאר די און די זינד. פאר מסירה און מלשינות, למשל, ווערט די נשמה מגולגל אין א „כלב נובח", פאר געשלעכטלעכן פארקער מיט אן „אשת איש" — אין א אייזל, פאר לשון־הרע — אין א פליסנדיק געוויסער (נחל שוטף) אאז"וו אאז"וו [1]

די לערע וועגן „גילגול הנפש", וואס איז שוין פון לאנג באקאנט געווען אין דער יידישער מיסטיק, האט דער אר"י צונויפגעבונדן מיט זיין לערע וועגן „סוד העיבור" און צונויפבאהעפטונג פון צוויי נשמות [2]. „עס געשעט צייטנווייז, — לערנט דער אר"י — אז די נשמה האט שוין איר שליחות דערפילט, ריין איז זי פון זינד, נאר דורך א פארזען האט זי אין איר ערדיש לעבן א געוויסע מצווה ניט מקיים געווען. מוז דעמאלט די נשמה צוריקקערן און זיך באהעפטן מיט א נשמה פון א לעבעדיקן מענטשן, בכדי צו דערפילן די דאזיקע מצווה. עס פאסירט אויך, אז צוויי נשמות באזונדער זיינען צו שוואך זייער שליחות צו דערפילן, באהעפט זיי די השגחה אין איין קערפער צוזאמען, און איינע דערגאנצט דאן די צווייטע. עס וואנדלען אבער אויך צייטנווייז אין גילגולים אזעלכע נשמות, וואס זיינען אן דעם מינדסטן פגם, און האבן שוין זייער שליחות דערפילט בשלימות. זיי קערן זיך אבער אום אויף דער ערדישער וועלט בכדי אנדערע נשמות באהילפיק זיין, און גיבן זיי די נייטיקע קראפט און שטיצע, זיי זאלן זיך ריינוואשן פון זייערע זינד [3]. די פולקומע און געלייטערטע נשמה טוט באפרוכטן א צווייטע נשמה, וואס נייטיקט זיך אין הילף, זי ווערט איר „מוטער", וואס טוט זי שפייזן און קרעפטיקן מיט איר שלימות. אויפן יסוד פון דעם דאזיקן געדאנק האט דער אר"י

1 דארטן, 37, 40. דער דאזיקער רייסטער איז אויפפאלנד ענלעך צו א געוויסער שטעלע אין אפלטונס „פעדאן". עס איז אבער שווער פעסטצושטעלן וואסערע „גילגול מחילות" דער דאזיקער אלט־גריכישער מיטאס איז אויסגעשטאנען ביז אים האבן מקבל קנין געווען די צפתער מיסטיקער.

2 דארטן, קאפ' 5, 6, 7, 11 און 13.

3 דארטן, ז' 12: „יש גלגול לא צורך עצמו אלא לצורך הכלל".

אויפגעשטעלט ..ין לערע וועגן דער „מיסיע", וועגן דער גרויסער שליחות, וואָס די השגחה האָט פאָרויסבאַשטימט דעם יידישן פאָלק. דער יידישער גלות, לערנט דער אר"י, דאָס, וואָס דאָס פאָלק ישראל איז „צעזייט און צעשפּרייט" צווישן אַלע פעלקער — דאָס איז אַ קאָלאָסאַל וויכטיקער פאַקטאָר פון באַפרייונג און אויסלייזונג פאַר דער גאַנצער וועלט. דאָס פאָלק ישראל טוט אין גלות דערמיט דערפילן זיין גרויס שליחות, וואָס דורך אים באַקומען „תיקון" אַלע די נשמות פון די אומות העולם, אין וועלכע עס געפינען זיך די הייליקע פונקען (ניצוצין), און אַדאַנק דער שכינות מיטן פאָלק ישראל, באַפרייען זיך די דאָזיקע נשמות אונטער זיין השפּעה פון דער אומרייניער שאָלעכץ (קליפּה) און באַהעפטן זיך מיט דער שכינה [1].

דער אר"י איז פעסט איבערצייגט, אַז די נשמות פון גרויסע צדיקים אוים אַמאָליקע צייטן טוען אויפסניי אויפלעבן פיל שפּעטערדיקע דורות אין דער געשטאַלט פון אויסדערוויילטע יחידים, וואָס זיינען דורך דער השגחה באַשטימט צו טאָן גרויסע מעשים. און עס זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע צדיקי הדור, וואָס זיינען ביכולת דורך געוויסע, בלויז זיי באַוווסטע סימנים, גלייך דערקענען וועמעס נשמה אָדער וועמעס „ניצוץ" עס איז מגולגל געוואָרן אין דעם און דעם צדיק, צו וואָסער מדרגה דער דאָזיקער צדיק האָט שוין דערגרייכט, און מיט וועמענס נשמה זיין נשמה דאַרף זיך נאָך צוזאַמענקומען בכדי דערגרייכן די העכסטע שטאַפּל פון שלימות. און ווען אַלע נשמות וועלן ווערן אין גאַנצן ריין אָן דעם מינדסטן פּגם — וועט קומען דער גואל, משיח בן דוד. מען קאָן אָבער דערנענטערן דעם ביאת המשיח, עס ווענדט זיך נאָר אין דעם מענטשנס שטאַרקן ווילן און זיין רעליגיעזער התלהבות. „ווען מיר זאָלן נאָר וועלן — פאַרזיכערט דער אר"י — און מיטן גאַנצן האַרצן מחזיר בתשובה זיין — וואָלטן מיר געווען בכוח אויסצולייזן אַלע נשמות פון די קליפּות און גלייך וואָלט משיח געקומען" [2]. דער אר"י און זיינע תלמידים זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז זייער דור איז — דער ל ע צ ט ע ר דור (דרא בתראי) [3]; מען מ ו ז דערפאַר דערנענטערן דעם „קץ", וואָס גיכער ברענגען די

---

[1] דאָרטן, ז׳ 3: „ולכן צריך שיגלו ישראל בכל רוחות ובכל ע׳ אומות והשכינה עמהם שאם יהיו איזה נשמות קדושות מעורבות באותה קליפה של אותה אומה שגלו לשם... הנה כח קדושת השכינה אשר גלה לשם שהוא אש אוכלה מושכות אותן הנשמות ומתדבקות עמה ומטהרות.

[2] דאָרטן, 3: „ואלו היינו צדיקים ושבים בתשובה גמורה, היה בנו כח להוציא כל הנשמות ההם שבקליפות ברגע אחד ותכף היה בא משיח".

[3] דאָרטן, 3, 27.

גאולה. דערנענטערן דעם טאָג פון ביאת המשיח, אויסלייזן וואָס גיכער די וועלט — קאָן מען דורך תשובה, דורך דער הייסער תפילה, אַסקעטי־שער פרישות און סיגופים און תעניתים.

עס מוז אָבער דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז דעם אר"יס אַסקעזע און פרישות אונטערשיידט זיך דאָך גאַנץ אַנטשיידן פון דער קריסטלעכער אַסקעזע אינם מיטלאַלטער. אמת, הן דער אר"י, הן די קריסטלעכע אַס־קעטן גייען אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז דאָס שלעכטס, די קליפּה, געוועלטיקט אין דער זינדיקער וועלט. זיי קומען אָבער דערביי צו אַנט־קעגנגעזעצטע אויספירן. דער קריסטלעכער אַסקעטיזם זאָגט זיך אָפּ פון דעם ערדישן לעבן, ער וויל עס ניט אָנערקענען און דערווייטערט זיך פון אים, ווייל ער געפינט, אַז דאָס לעבן איז אין דער נעץ פון סמאל, און דער מענטש איז מיט זיינע כוחות ניט אימשטאַנד עס צו באַפרייען און אויסלייזן פון זינד און שלעכטס. דער יידישער מקובל אר"י שטעלט אָבער אַרויס דעם אַנטקעגנגעזעצטן פּרינציפּ: ניט אָפּזאָגן זיך פון דער וועלט, ניט מיאש זיין זיך פון איר; ווייל פעסט איז זיין גלויבן, אַז באַנייט קאָן ווערן די וועלט, באַפרייט פון זינד און שלעכטס דורך דעם מענטשנס אָנגעשטרענגטן ווילן, דורך זיין מאָראַלישער קראַפט און פּאַטאָס. אין דעם מענטשנס הענט איז דער גורל פון דער וועלט. מען מוז, לערנט דער אר"י, דורך תשובה און אַסקעטיש ריינעם לעבן באַנייען די וועלט, וואָס איז איינגעטונקט אין זינד. דער „חטא" פון אָדם הראשון האָט געבאָרן דאָס שלעכטס און געגעבן אַ גרויסע שליטה די „קליפּות" — מוז מען וואָס גיכער גובר זיין די דאָזיקע שליטה, בייקומען די דאָזיקע פיינדלעכע קרעפטן. און בכדי צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף, געפינען זיך אין דעם אר"יס אַרסענאַל חוץ סיגופים און תעניתים נאָך אַנדערע כלי־זיין: השבעות, מאַגישע שפּרוכן, כישופדיקע געוואַלטיקע כוחות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין „שמות" און „צירופי אותיות"...

לויט חיים וויטאַל גיט איבער, האָט דער אר"י געלערנט, אַז אַ תפילה אָדער אַ מצווה, וואָס ווערט געטאָן מיט אַ באַשטימטער כוונה, קאָן מאַכן אַ געוואַלטיקן רושם אין די עולמות העליונים, און געוויסע שפּרוכן, וואָס ווערן אויסגענוצט צום פּאַסנדיקן מאָמענט, קאָנען ענדערן דעם מענטשנס מזל און אָפּווענדן דעם פאַרויסבאַשטימטן גורל. מיט השבעות קאָן מען פאַרטרייבן פיינדלעכע קרעפטן, אַרויסטרייבן „דיבוקים". די גאַנצע וועלט איז ביים אר"י אין די אויגן אַ נעסט פון פיינדלעכע זינדיקע גייסטער און דער מענטש מוז שטענדיק פירן אַן אָנגעשטרענגטן עקשנותדיקן קאַמף. די מיסטישע סימבאָליק, וואָס האָט שוין געשפּילט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע ביי די פריערדיקע מיסטיקער — צעוואַקסט

זיך בײַ דעם אר"י און וויטאַלן אויף גאָר אַ גוואַלטיקן אופן. די גאַנצע וועלט, דעם מענטשנס לעבן און טאָן — אַלץ ווערט באַטראַכט אַלס סימבאָלן און רמזים, וואָס אונטער זיי זײַנען באַהאַלטן טיפע סודות. לוריא און זײַנע תּלמידים האָבן אויפגעבויט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן „שולחן ערוך", ווו יעדע מצווה און מנהג ווערן אויסגעטײַטשט אַלס אייבער־שטער לבוש פון מיסטעריעס און סודותדיקע סימבאָלן. דער גאַנצער ייִדישער ריטואַל ווערט בײַ לוריאַן מגולגל אין אַ אויסטערלישער מיסטעריע. יעדע מצווה, יעדער יום־טוב האָט זיך זײַן מיסטישן באַדײַט. דער שבת מיט די אים פאַרבונדענע מצוות און געבאָטן ווערט בײַם אר"י און זײַנע תּלמידים באַטראַכט אַלס מיסטעריע, אַלס מיסטישע פאַרבינדונג צווישן דעם מענטשן און דער גאָטהייט; בײַ די שבתדיקע סעודות, ווי עס ווערט אָנגעוויזן אין איינער פון דעם אר"יס זמירות, זיצט דער „עתּיקא קדישא" בכבודו ובעצמו אַרומגערינגלט מיט גאַנצע מחנות מלאָכים...

אָט אַזוי איז אין צפת, דאָרט ווו יוסף קאַרו האָט געשאַפן זײַן קאָמפּענדיום פון רבנישן ייִדנטום פאַר די שפּעטערדיקע דורות, דעם „שולחן ערוך" — דורך דעם אר"יס אָנהענגער געשאַפן געוואָרן נאָך אַ צווייטן, מיסטישן „שולחן ערוך". עס איז אַפילו שפּעטער פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן דורך די צפתער מיסטיקער אַלס דערגאַנצונג צו קאַרוס קאָמפּענ־דיום דער „שולחן ערוך של אר"י", אַ מיסטישער פּירוש אויף ייִדישע רעליגיעזע מנהגים און מצוות [1]. עס באַמערקט זיך אַפילו דערבײַ גאַנץ בולט פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער שטריך: חיים וויטאַל פלייסט זיך צו דערווײַזן, אַז די מיסטישע תּורה שטייט העכער פון דער רבנישער. ער פאַרהאַלט זיך מיט ביטול צום בעל „שולחן ערוך", און ערקלערט אָפן, אַז די רייד פון יוסף קאַרוס „מגיד" זײַנען פאַלש און ניט באַ־גלויבט [2]. פון אים שטאַמט אויך די לעגענדע, אַז יוסף קאַרו זאָל האָבן געבעטן דעם אר"י יענער זאָל אים אַרײַנפירן אין די סודות פון „קבלה מעשית", נאָר דער אר"י איז ניט מרוצה געווען, באַשר קאַרוס נשמה איז מסוגל אויפצונעמען די חכמת הנסתּר בלויז ביז צו דער שטאַפּל, צו

[1] שטאַרק פּאָפּולער איז אויך געווען דער מיסטיש־רעליגיעזער קאָדעקס „נגיד ומצוה" פון דעם מאַראַן יעקב חיים צמח, חיים וויטאַלס אַ הייסער חסיד — דעם „נגיד ומצוה", וועלכער האָט אויסגעהאַלטן פילע אויסגאַבן, האָט מען עס צו פאַרדאַנקען, וואָס אין ייִדישן רעליגיעזן לעבן האָבן זיך אײַנגעבירגערט פילע מנהגים, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון דעם „אר"י הקדוש".

[2] „ספר גלגולים", 42: „מה שאמר המגיד למהר"ר יוסף קארו זצ"ל... שקר ענה לו".

וועלכער עם האָט זי דערפירט משה קורדואיראָ. יוסף קאָרו האָט אָבער
ניט אָפּגעלאָזט ביז דער אר"י האָט סוף־כל־סוף מסכים געווען צו דער־
פילן קאָרוס ווונטש. יעדעס מאָל אָבער, ווי נאָר דער אר"י האָט אָנגע־
הויבן צו אַנטפּלעקן די טיפע סודות פון קבלה, פלעגט דעם בעל „שולחן
ערוך" באַפאַלן אַ שלאָף און ר' יוסף קאָרו האָט זיך אַליין איבערצייגט,
אַז ער איז ניט ראוי אַריינצודרינגען אין דעם היכל פון חכמת האמת [1].
בעת דער עניו אר"י רעדט מיט גרויס יראת הכבוד וועגן משה קורדואיראָ
און רופט אים „מורנו ורבנו", דערמאָנט וויטאַל דעם בעל „פרדס
רימונים" מיט אַ געוויסן ביטול און ערקלערט מיט גרויס גאווה, אַז דאָס
דאָזיקע ווערק איז בלויז פאַר אָנפאַנגער [2], און בכלל זיינען די ווערק
פון די מקובלים, וואָס האָבן געלעבט נאָכן רמב"ן ניט כדאי מען זאָל זיי
אין די הענט נעמען, ווייל ס'איז פאַר זיי פאַרבאָרגן געווען דער אמתער
וועג פון חכמת הקבלה [3]. מיט נאָך גרעסערן ביטול רעדט וויטאַל וועגן
די רבנישע אויטאָריטעטן, וואָס האָבן זיך מיט קבלה ניט אָפּגעגעבן. מיר
האָבן שוין פריער געזען, מיט וואָס פאַר אַ גרויסן רעספּעקט עס ריידן
וועגן דעם תלמוד די מקובלים אבן גבאי און משה קורדואיראָ. דאָס
אייגענע חזרט זיך אויך איבער ביי קורדואיראָס תלמיד אליהו די־ווידאַש [4].
גאָר אַנדערש פאַרהאַלט זיך חיים וויטאַל, וואָס איז במחילה אַליין געווען
אַ קנאַפּער ידען אין דער תלמודישער ליטעראַטור. דעם זעלבן פיינדלעכן
טאָן, וואָס לאָזט זיך באַמערקן בנוגע צום תלמוד אין אייניקע ערטער
פונם „זוהר", וועלכע שטאַמען וואָרשיינלעך פון אברהם אבולאַפיעס
האַנט [5], הערן מיר אויך גאַנץ דייטלעך אין וויטאַלס פאָררעדע צו זיין
„עץ חיים". „דער מענטש, ערקלערט דאָרט וויטאַל, איז נאָר דערצו באַ־
שאַפן געוואָרן, בכדי ער זאָל לערנען די חכמת הקבלה" (שלא נברא האדם
אלא כדי שילמוד חכמת הקבלה). ווייטער באַגעגענען מיר דאָרט דעם
פאַרגלייך, ווי די קבלה ווערט געגליכן צו דער „האַרין" און די משנה צו
דער „דינסטמויד", און אַז דער פשט פון דער משנה איז אין פאַרגלייך

---

1 „תעלומות חכמה", 47.

2 זע „שבחי וויטאַל". 35.

3 „עץ חיים", 8: „והנה כל ספרי המקובלים האחרונים שהיו אחר הרמב"ן ז"ל, אל תקרב אליהם, כי מן הרמב"ן ואילך נסתרה דרך החכמה הזאת מעיני כל החכמים ולא נשאר בהם כי אם קצת ענפי הקדמות בלתי שרשיהם ועליהם בנו המקובלים האחרונים ז"ל דבריהם בשכל אנושי"

4 זע „ראשית חכמה", 5 אאַז"ו.

5 זע אונזער ווערק, באַנד III, 73.

צו חכמת הקבלה ווי שפריי קעגן די זאַטיקע און פּולוואַניקע ווייץ־קערנער. ווער עס לערנט בלויז די הויות אביי ורבא און אינטערעסירט זיך בלויז מיט די פראַגן וועגן איסור והיתר — דער בלאָנדזשעט ווי א בלינ־דער אין דער פינסטער, און אויף אים נעמלעך איז געזאָגט געוואָרן: הושיבני במחשכים זה תלמוד בבלי — עס שטייט אין פסוק: ער האָט מיך באַזעצט אין דער פינסטער, דאָס מיינט מען עס דעם תלמוד בבלי. דער אמתער און איינציקער ליכטקוואַל, פאַרזיכערט וויטאַל, דאָס איז די חכמת הקבלה, און אויסער איר איז אַפּלת מצרים. ער טיילט דערפאַר איין די מענטשן אויף דריי כיתות: 1) דער אומוויסנדיקער המון־עם, 2) די וואָס פאַרנעמען זיך מיט תלמוד און 3) די העכסטע כיתה, די חכמי הקבלה. וויטאַל האָט אפילו דעם מוט אַרויסצוזאָגן דעם געדאַנק (אמת, א ביסל אין א פאַרשטעלטער פאָרם), אז ווער עס פאַרנעמט זיך ניט מיט קבלה, דער איז א — עם הדומה לחמור.

אין דער פערזאָן פון חיים וויטאַל באַווייזט דאָס מיסטישע יידנטום די טענדענץ ניט נאָר זיך גלייך שטעלן מיטן רבנישן, נאָר עס פאַרדרענגען און פאַרנעמען זיין אָרט. דאָס מוז שוין דאָ אָנגעמערקט ווערן, ווייל מיר וועלן ווייטער זען וואָסערע טרויעריקע פאָלגן די דאָזיקע טענדענץ האָט שפּעטער אַרויסגערופן.

לוריאַס קבלה, וועלכע ס'האָבן מיט אזא ענערגיע פּראָפּאַגאַנדירט זיינע נאָכפאָלגער און תלמידים (די „גורי האר״י״, ווי זיי גופא פלעגן זיך רופן) — האָט נאָך מער דריקנדיק געמאַכט די לופט אין דעם פאַרמרה־שחורהטן יידישן געטאָ. זי האָט עס פיל מיטגעהאָלפן, וואָס עס האָבן זיך אינם פאָלקס־באַוווסטזיין אזוי געשטאַרקט די אַסקעטישע שטימונגען און דער קוק אויפן ערדישן לעבן, ווי אויף א „עמק הבכא״, ווו עס לויערן פון אַלע זייטן מחבלים און מזיקים, מיט וועלכע דער מענטש מוז פירן אן עקשנותדיקן און אומדערמידלעכן קאַמף. די גאַנצע סביבה איז געווען איבערפולט מיט אימהדיקע אגדות וועגן חיבוט הקבר, וועגן די יסורים אין די שבעה מדורי גיהנום, וועגן השבעות, גילגולים, דיבוקים און חבלי משיח. עס איז געשאַפן געוואָרן אן אייגנאַרטיקע מיסטיש־אַפּאָקריפישע ליטעראַטור, לויט דעם מוסטער פון דעם פריער ציטירטן „שבחי וויטאַל״. וויטאַל גופא דערציילט, למשל, צווישן אַנדערע מעשי ניסים, וואָס ער האָט באַוויזן, ווי אזוי עס איז צו אים אין חלום געקומען א געשטאָרבענער און אים געבעטן, ער זאָל זיך אויף אים דערבאַרעמען און מתקן זיין זיין זינדיקע נשמה, ווי נאָר ער וועט זיך באַווייזן פאַר אים. „אינדערפרי — דערציילט וויטאַל — האָב איך וועגן דעם מודיע געווען די תלמידים פון דער ישיבה. אין דעם זעלבן טאָג האָבן פויערים

געבראַכט אין שטאָט אַריין אַ קעלבל צו שעכטן. ווי נאָר די פור איז אַריין אין שטאָט, האָט דאָס קעלבל זיך אַרויסגעריסן פון די פויערים און גלייך צוגעלאָפן צום בית־מדרש, ווו איך בין געזעסן מיט מיינע חברים ביי די אָפענע ספרים. דאָס קעלבל האָט זיך מיט די הינטערשטע פיס אָנגעשפאַרט אָן באַנק, אויף וועלכער מיר זיינען געזעסן, און מיט די פאָדערשטע פיס אָן טיש, ווו די ספרים זיינען געלעגן. דאָס קאַלב האָט געקוקט גלייך אויף מיר און פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. פאַרגאַפט זיינען אַלע אַרום טיש געזעסן, איך האָב זיי אָבער ערקלערט: אָט דאָ ווערט עס מיין חלום מקויים". ווייטער דערציילט וויטאַל, ווי ער האָט אָפּגעקויפט ביי זיינע אייגנטימער דאָס קעלבל, וואָס איז דאָך געווען אַ „גילגול" פון דעם געשטאָרבענעם, וועמעס זינדיקע נשמה עס האָט זיך געגייטיקט אין „תיקון". דאָס קעלבל האָט אַליין אויסגעצויגן דעם האַלז אונטערן חלף ביי דער ברכה, און פון זיין פלייש האָבן פאַרזוכט בלויז וויטאַל און זיינע מקורבים לשם מצווה, בכדי דערמיט אויסלייזן די זינדיקע נשמה. „די צווייטע נאַכט — דערציילט ווייטער וויטאַל — איז ווידער צו מיר געקומען אין חלום דער געשטאָרבענער און מיט גרויס דאַנק געזאָגט: געבענטשט זאָלסטו זיין דערפאַר, וואָס האָסט מיין נשמה באַרויִקט".

אַזעלכע אגדות פלעגט מען פאַרשרייבן אין די טויזנטער און איבער־געבן פון מויל צו מויל... זייער טיפּיש פאַר דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער לעגענדעס־ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די קרייזן פון דעם אר"ים אָנהענגער — זיינען די בריוו פון חיים וויטאַלס הייסן חסיד, שלמה שלמיאל בן חיים אוים מערן [1]. אין איינעם פון די דאָזיקע בריוו, וועלכער איז נאָך געשריבן ביי וויטאַלס לעבן (אין 1607), גיט שלמה שלמיאל אַ גאַנץ בולט בילד פון דעם לעבנס־שטייגער אין דעם וויכטיקסטן צענטער פון די „גורי האר"י" — פון לוריאַס נאָכפאָלגער — אין דער צפתער קהילה. „בעת איך בין אין האַרבסט 1602 — דערציילט שלמה שלמיאל — געקומען קיין צפת, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ גרויסע, הייליקע קהילה, פול מיט חכמה און יראת שמים. עס האָבן זיך דאָרט גע־פונען העכער דריי הונדערט גרויסע רבנים, אַלע פרומע און טרייע דינער פון גאָט. אין שטאָט זיינען געווען אַכצן ישיבות, איין־און־צוואַנציק קלויזן און אַ גרויסער בית־מדרש, ווו עס האָבן געלערנט בערך פיר הונ־

[1] די דאָזיקע בריוו זיינען צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין „תעלומות חכמה" (1629), דערנאָך עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט.

דערט יינגלעך און בחורים אונטער דער השגחה פון צוואַנציק מלמדים. די מלמדים האָבן ביי די תּלמידים קיין געצאָלט ניט גענומען — פאַר אַלע הוצאות האָבן געזאָרגט רייכע נדבנים און מעצענאַטן אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל. אין די קלויזן פלעגן יעדן פרימאָרגן נאָכן דאַווענען אַלע זיך אויסזעצן כּיתּותווייז און לערנען אונטער דער השגחה פון די רבנים: די האָבן געלערנט גמרא, אַנדערע דעם רמב״מס „משנה תּורה״, די דריטע — פּרקי אָבות, די פערטע — דעם „זוהר״ א״אז״וו. הכּלל, קיינער איז ניט אַוועק גלייך נאָכן דאַווענען צו זיינע געשעפטן, איידער ער האָט פאַרבראַכט אַ שעה־צוויי מיט דברי תּורה. דאָס אייגענע פלעגט זיך אויך איבערהזרן נאָך מעריב. יעדן שבת פלעגט די גאַנצע קהילה הערן דרשות פון רבנים און גאָטספאָרכטיקע מגידים. דאָנערשטאָג נאָכן דאַווענען געמען זיך צונויף די פאָרשטייער פון דער קהילה אין איינער פון די גרויסע שולן, און דאָרט איז מען מתפּלל אַ גוואַלטיק אימהדיקע תּפילה (תּפלה נוראה עד מאוד) פאַרן גאַנצן בית־ישׂראל און צום זכר פון חורבן בית־המקדש... די גאַנצע קהילה טוט זאָגן די דאָזיקע תּפילה מיט גרויס געוויין און ביטערע זיפצן. און פאַר דער תּפילה גייט אַרויף אויף דער בימה דער באַוווּסטער גאָטספאָרכטיקער רב גאַלאַנטי. ער זאָגט דעם עולם דברי מוסר און האַרציקע שטראָף־רייד און רופט מיט הייליקער התלהבות, מען זאָל זיך פלייסן גאָט דינען מיט מורא און גרויס ליבשאַפט. נאָך אים גייען אַרויף אויף דער בימה צוויי אַנדערע חכמים, ראשי ישיבות, חסידים גדולים ובעלי עבודה: איינער פון זיי איז דער בלינדער מאַסוד, מיין רבי, וואָס איז באַקאַנט בכל תּפוצות ישׂראל מיט זיין הייליקייט און לומדות, און דער צווייטער איז שלמון מערבי, וואָס איז באַרימט מיט זיין חכמה, עניוות און יראת שמים. זיי הייבן אָן זאָגן די תּפילה מיט גרויס ציטערניש און שרעק און מיט אַ צעבראָכן געמיט, און זייערע אויגן ווערן קוואַלן, פון וועלכע עס גיסן זיך טייכן טרערן. ווער עס שטייט נאָר דערביי, הערט צו די תּפילה, די ביטערע זיפצן, געשרייען און געיאָמער, וועלכע רייסן זיך אַרויס פון די צעבראָכענע הערצער, וואָס קלאָגן אויף חורבן בית־המקדש און אויפן גלות און זיינען זיך מתוודה אויף זייערע זינד — דער מעג האָבן אַ האַרץ פון שטיין, ער וועט דאָך ערשיטערט ווערן און אויך מיט גרויס געוויין תּשובה טאָן און חרטה האָבן אויף זיינע זינדיקע מעשׂים. יעדן ערב ראש־חודש פירט מען זיך אויף ביז אין האַלבן טאָג ווי אין ערב יום־כּיפּור: מען שליסט יעדע אַרבעט, מען זאַמלט זיך צונויף אין דער גרויסער שול, אָדער מען לאָזט זיך מחוץ לעיר, וווּ עס געפינען זיך די הייליקע קברים פון נביאים און קדושי עליון, און אויף איינעם פון די דאָזיקע קברים איז מען מתפּלל ביז אין האַלבן טאָג,

אמאָל פאַרבערענגט מען אזוי דעם גאַנצן טאָג אין תּפילות, דרשות און דברי מוסר" [1].

עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז די דאָזיקע „גוואַלדיק אימהדיקע תּפילה", וועגן וועלכער שלמה שלמיאל רעדט מיט אזא התפעלות, איז די אין האַנאָווערס „שערי ציון" פאַרעפנטלעכטע קינה „עד מתי ד'", וואָס מען פלעגט זאָגן בניגון „שומרון קול תתן". האַנאָווער וויזט דערביי אָן, אַז די דאָזיקע קינה האָט מען געבראַכט פון ירושלים. יעדע סטראָפע הייבט זיך אָן מיט איינע און די זעלבע ווערטער: „עד מתי ד'", און פאַרענדיקט זיך מיט איין און דעם זעלבן וויי־געשריי: „אלהים, באו גוים בנחלתך!" די דאָזיקע קינה גיט גאַנץ בולט איבער די שטימונג פון דער סביבה, וועגן וועלכער עס דערציילט אונז דער פאַרפאַסער פונם ציטירטן בריוו; מיר גיבן דאָ דערפאַר איבער די באַטרעפנדיקע קינה אין אונזער כמעט ווערטלעכער איבערזעצונג:

„עד מתי ד' — ביז וואַנען, גאָט! עס שטייט פאַר דיר היינטיקן טאָג און טוט ביטער וויינען דיין עדה דערווייַל, וואָס דיין בית תּפילה האָבן דיינע פיינט פאַרבערענט, און אומגעבראַכט די קינדער פון דיין בונד. אלהים! באו גוים בנחלתך — גאָט אַלעמעכטיקער! פרעמדע פעלקער האָבן אַריינגעדרונגען אין דיין געביט!

„עד מתי ד' — ביז וואַנען, גאָט, וועסטו טאָן פאַרגעסן אין דעם געטומל פון דיינע קעגנער, אין דיין היכל, וואָס איז פאַרוויסט און אין דעם גלות פון דיין וואָגל־פאָלק, וואָס ווערט באַדריקט דיר צוליב און ווערט געשאָכטן אין דיין נאָמען וועגן. ווי לאַנג וועסטו טאָן צאָרענען, בעת דיין פאָלק טוט פאַר דיר בעטן און קלאָגן אויפן חורבן פון דיין הויז? אלהים, באו גוים בנחלתך!

„עד מתי ד' — ביז וואַנען, גאָט, וועל איך מיך וואַלגערן אין די געמיסטן, אין אַלע פינסטערע ווינקלען, און טונקל ווערן מיינע אויגן פון לאַנגן וואַרטן? אַלע טוען ברענען און לאָדערן אויף מיר, טוען לעכצן אויף מיין אונטערגאַנג פון באַגינען ביז אין דער נאַכט. ווי לאַנג נאָך וועל איך שטוינען איבער דעם דאָפּלטן חורבן, ווי לאַנג וועסטו זיך אַלץ ניט דערבאַרעמען איבער ירושלים, ווי לאַנג וועט קלאָגן אין דער נויט דער רעשט פון דיינע שאָף? אלהים, באו גוים בנחלתך!

„עד מתי ד' — ווי לאַנג, גאָט, וועלן די געצנדינער זיך טאָן פרייען, וועלן פרעסן די קינדער פון יעקב, און מאַכן זיי שטענדיק צו שאַנד? איך ווענד זיך צו זיי מיט פרידן און זיי טוען שינדן און פליקן,

---

[1] „תּעלומות חכמה", 40.

זיי טוען אויך שענדן און שלאָגן, און מיט ליגנערישע לעפצן באַשילטן.
ווי לאַנג וועלן רשעים יוכצן און יובלען, און דיינע טרייע דינער וועלן
ביטער שרייען? אלהים באו גוים בנחלתך!״

איופגעהיט זיינען אויך געוואָרן פילע פון די דאָזיקע תפילות, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער סביבה פון אר״יס תלמידים און מיט וועלכע די צפתער מקובלים פלעגן, ווי שלמה שלמיאל דערציילט אין זיין בריוו, פאַרברענגען יעדן ערב חודש „ביז אין האַלבן טאָג״, און אמאָל „דעם גאַנצן טאָג״. נתן נטע האַנאָווער, וועגן וועלכן מיר וועלן באַריכות ריידן אין דעם ווייטערדיקן טייל פון אונזער ווערק, אַליין דעם אר״יס אַ הייסער חסיד, האָט די באַטרעפנדיקע תפילות פאַרעפנטלעכט אין זיין „שערי ציון״, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביים פרומען עולם, און אייניקע תפילות זיינען אפילו אַריבער אין די איצטיקע סידורים און מחזורים, און ווערן באַנוצט ביז היינטיקן טאָג, ווי, למשל, דער „רבונו של עולם״ וואָס מען זאָגט נאָכן אַרויסנעמען די ספר תורה פונם אָרון און דער „יהי רצון״ נאָך ברכת כהנים. אַ טייל פון די דאָזיקע תפילות, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער סביבה פון די „גורי האר״י״ טראָגן אַ ריין מיסטישן כאַראַקטער, עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אַזעלכע, און זייער צאָל איז דווקא ניט קיין קליינע, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער גאַנץ רעאַלן, ממש וואָכעדיקן אינהאַלט. טיפיש זיינען שוין אין דער הינזיכט די אָקאָרשט דערמאָנטע צוויי תפילות. אין דעם „יהי רצון״, וואָס מען זאָגט נאָך כוהנים דוכענען, ווערט געבעטן ביי גאָט: „גיב מיר און אַלע, וואָס געהערן צו מיין הויזגעזינד, אונזער שפייזונג און אונזער פרנסה ברווח ולא בצימצום, בהתר ולא באיסור, מיט נחת און ניט מיט צער, פון אונטער דיין ברייטער האַנט״. אויך אין דעם „רבון העולמים״, וואָס מען זאָגט ביי הוצאת התורה, ווערט געבעטן: וזכרנו לחיים טובים וארוכים ולשלום לפרנסה וכלכלה, ותן לנו לחם לאכול ובגד ללבוש ועושר וכבוד ואורך ימים״. אמת, עס ווערט דאָ גלייך צוגע־געבן, אַז מען בעט אויף אריכות ימים בכדי מען זאָל קאָנען תורה לערנען און אירע מצוות מקיים זיין — להגות בתורתך ולקים מצותיה ושכל ובינה להבין ולהשכיל עמקי סודותיה.

אייניקע פון די דאָזיקע תפילות האָבן אויך בלי־ספק אַ געוויסן קולטור־ליטעראַרישן ווערט. מיט זייער איינפאַכן, האַרציקן סטיל האָבן זיי געשאַפן אַ נייעם ליטעראַרישן זשאַנר, די אַזוי גערופענע תחינה־ליטע־ראַטור, מיט איר אייגנאַרטיקן מאַניער און סטיל. דאָס האָבן עס אָט די העברעישע תפילות פון די צפתער מקובלים געדינט אין געוויסער הינ־זיכט אַלס מוסטער פאַר די אָנצאָליקע ווייבערשע תחינות, וואָס זיינען

געשאפן געוואָרן אין משך פון דעם 17טן און 18טן י"ה. בכדי צו באַ־קענען דעם לייענער מיט דעם סטיל פון די דאָזיקע תפילות ברענגען מיר דאָ צוויי פון זיי אין אונזער ווערטלעכער איבערזעצונג:

1) יהי רצון מלפניך, עס זאָל זיין באוויליקט פאַר דיר, ד' אלהי ואלהי אבותי, דו מיין גאָט און גאָט פון מיינע עלטערן, שתהא שעה זו, אז די דאָזיקע שעה, וואָס איך שטיי פאַר דיר און טו מתפלל זיין פאַר מיר און פאַר מיין הויזגעזינד — זאָל זיין אַ שעת רצון, אַ שעה פון רחמים, פון פאַרנעמונג און דערהערונג. איך זאָל דיך רופן און דו זאָלסט מיר ענטפערן, איך זאָל דיך בעטן און דו זאָלסט איינוויליקן. און דו זאָלסט באַפעלן די מלאָכים, וואָס זיינען ממונה על עניני בני אדם, זיי זאָלן זיין מיט מיר אויף צו העלפן, שטיצן און רעטן. דו זאָלסט טאָן נייגן די הערצער פון די מענטשן, וואָס איך האָב געשעפטן מיט זיי, צו אַלץ, וואָס איך טו ווינטשן, און טו זייער ווילן דערפילן לויט מיין באַגער און זיי מבטל אַלע געדאַנקען פון מיינע פיינט און צעשטער די פאַר־טראַכטונג פון מיינע קעגנער, און דערפיל אַלע מיינע פאַרלאַנגען לטובה, ווי אין פסוק שטייט: יתן לך כלבבך, וכל עצתך ימלא. און דו זאָלסט פירן מיין הארץ בשעת מיין טראַכטן און מיינע הענט בעת מיינע אונטער־נעמונגען, און זאָלסט מיך באַלערנען און פאַרשטענדיקן אין אַלע מיינע וועגן און זאָלסט מיך באַגליקן אין אַלע מיינע גענג, און זאָלסט שיקן אַ ברכה בכל מעשה ידי, ואל תצריכני לידי מתנת בשר ודם, איך זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו די גאָבן פון דעם מענטשן, נאָר צו דיין ברייטער און פולער האַנט. זאָלסט מיך דערהויבן פונם שטויב פון אָרעמקייט און פון די געמיסטן פונם דלות זאָלסט מיך טאָן דערהויבן מיט דיינע הענט פון באַוויליקונג. זאָלסט מיך שטיצן מיט דער רעכטער האַנט פון דיין גערעכטיקייט און מיך אָנלאָדן מיט גוטע גענאָדן. געבענטשט זאָלסטו זיין, גאָט, הגומל חסדים טובים אמן סלה.

2) אנא האל המכין פרנסה לכל בריה — איך בעט דיך גאָט, וואָס טוט באַזאָרגן פרנסה פאַר יעדער באַשעפעניש, גרייט אָן קליידונג פאַר יעדער קרעאַטור און טוט זיי אַלעמען שפייזן, זאָלסט אָנזנעטיקן און מפרנס זיין אויך מיך, מיין הויזגעזינד און כל ישראל מיט בכבודיקער און גוטער פרנסה, בנחת ולא בצער, בכבוד ולא בבזוי; פרנסה ס'זאָל אין איר ניט זיין קיין בושה וכלימה, פרנסה איך זאָל ניט דאַרפן אָנקומען לידי מתנת בשר ודם, נאָר אַלץ באַקומען פון דיין ברייטער און פולער האַנט, פרנסה בכדי איך זאָל מיך קאָנען באַשעפטיקן מיט דיין הייליקער ריינער און ציכטיקער תורה, און בגדי כבוד זאָל זיין אונזער קליידונג, מיט אָכפּע־רונג און ניט מיט בושת פנים. לאָז אונז לעבן צוזאַמען מיט די איבעריקע

צדיקי ישראל, מיט כבוד און אָן בושה. זאָל אונזער חלק זיין לטובה, זאָל זיין ברכה און הצלחה אין אונזער מי און מיט פרידן אונזער האָפענונג, און זאָלסט אונז העלפן אין אַלע אונטערנעמונגען און באַשעפטיקונגען פון אונזערע הענט, און זאָלסט אונז טאָן באַגליקן און פירן אונז אין דיינע וועגן, זאָלסט מיך און אַלע מייניקע דערהויבן לחיים טובים ארוכים, איך זאָל זוכה זיין צו געפינען זיך צווישן די בני עליה. זאָלסט זיך אויף אונז מרחם זיין יעדעס מאָל ווען מיר וועלן זיך נייטיקן אין דערבאַרעמונג, זאָלסטו פאַרבעסערן אונזער מזל און דערפילן לטובה אַלע פאָדערונגען פון אונזערע הערצער. זאָלסט אונז היטן און באַשיצן און אַרויסציען פון פינסטערניש צו ליכט, און זאָלסט זיין אַ שוץ פאַר מיר און פאַר אַלע מייניקע און פאַר כל ישראל, און זאָלסט אונז רעטן פון יעדער צרה, פון נויט און באַדריקונג. דאָס היינטיקע יאָר, און יעדער אַנדער יאָר, יעדן חודש, יעדע וואָך, יעדן טאָג און רגע. אין דיינע הענט זיינען דאָך אַלע צייטן, ראַטעווע מיך פון מיינע פיינט און באַדריקער, און העלף מיר מכל צרה וצער, איך זאָל ניט באַלאַסטעט זיין מיט די לאַסטן פון דער ראָזיקער וועלט (בטרדות העולם הזה). זאָלסט מיך אַרויסהעלפן פון אַלדאָס שלעכטס, פון די רויבערישע חיילות און פון יעדן אַנדערן שאָדן, נאָר בשלום בהשקט ובבטחה.

אין דעם אויבן ציטירטן בריוו, בפרט אין דעם בריוו, וואָס שלמה שלמיאל האָט געשיקט דעם מקובל ישכר בער בן פתחיה אוים קרעמניץ (מערן) 1, גיט ער אַ פאַרבנרייכע שילדערונג פון זיינע אייגענע מיסטישע זוכונגען און לעבנסוואַנדערונגען. עס הערט זיך אין דער דאָזיקער שילדערונג אָן אָפּקלאַנג פון יענער אומרויִקער צייט מיט אירע מיסטישע שטימונגען און שטרעבונגען און מיר ברענגען דערפאַר אַ גרעסערן אויסצוג פון דעם באַטרעפנדיקן בריוו:

„ווען איך בין אַלט געוואָרן 22 יאָר האָט גאָט ברוך־הוא דערוועקט מיין האַרץ און איך האָב דערהערט אַ שטים, וואָס רופט צו מיר: ביז וואַנען וועסטו דרימלען אין דער אומאָרעמונג פון פוילקייט? שטיי אויף, גורט אָן דיינע לענדן, פאָרש אוים די תורה מיט אירע געבאָטן! האָב איך מיך אויסגעטאָן פון דער וועלט מיט אַלע אירע וואָכעדיקע ענינים און מיט דער גאַנצער נשמה, מיטן גאַנצן האַרצן גענומען זוכן מיין גאָט, דעם פאָטער אין הימל. איך האָב גאָט געדינט מיט געוויין און מיט תעניתים, איך האָב מיך איינגעהילט אין אַ זאַק און מיט אַש מיין קאָפּ באַדעקט.

---

1 ישכר בער האָט פאַרפאַסט אייניקע קבלה־ווערק (זע גרונדי, תולדות וכו׳, 183—185).

בכדי זיך באַקענען מיט דער חכמת הקבלה, האָב איך פלייסיק געלערנט די ספרים פון אַלטע און שפּעטערדיקע מקובלים, ביז מיר איז צו די הענט געקומען דער „פּרדס רימונים", און מיין פרייד איז געווען אין לשער. איך בין געווען זיכער, אַז די שכלדיקע סברות און קלאָרע אויס־געצייכנטע ערקלערונגען פון משה קורדואירא וועלן מיר געבן די מעג־לעכקייט אַריינצודרינגען אין די טיפענישן פונם „זוהר". פאַרלאָזנדיק זיך אויף דעם דאָזיקן געניטן שיפסקאַפּיטאַן, האָב איך מיך געלאָזט שווימען איבער דעם טיפן ים פון דער חכמת הקבלה. פיר יאָר נאָכאַנאַנד, אויסגע־טאָן פון אַלע וועלטלעכע אינטערעסן און פריידן, געהאַלטן אין איין פאַסטן און תשובה טאָן, בין איך אַלץ געזעסן און געלערנט דעם „זוהר" מיט די „תקונים". מיט טרערן האָב איך מיינע תפילות דערהויבן צו גאָט און געבעטן, ער זאָל דערלייכטן מיינע אויגן, זיי זאָלן זוכה זיין אויפצודעקן די סודות פון זיין תורה. מיין נשמה האָט אַזוי שטאַרק גע־גלוסט אַריינצודרינגען אין אַלע סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אונטער דעם לבוש פון די מצוות און פאַרבאָטן, אַנטפּלעקן די הייליקע מיסטע־ריעס, וואָס זיינען איינגעהילט אין די תפילות און ברכות, דערגיין דעם מהות פון גילגול הנפש און פון פילע אַנדערע טיפע ענינים. אמת, פיל האָבן מיר אויפגעקלערט קורדואיראָס ווערק, און דאָך האָט מיין נשמה זיך ניט באַרויִקט, און ניט געשטילט איז איר דורשט געוואָרן; איך האָב געפילט: איך בלאָנדזשע נאָך אַלץ אין שאָטן, און ניט אַריינגעדרונגען בין איך אין דעם געטלעכן היכל... און פּלוצלונג איז צו מיר אַ ליכטיקע בשורה דערגאַנגען: איך האָב באַקומען דאָס ווערק פון דעם אין איטאַליע לעבנדיקן חכם עמנואל[1]. „פּלח הרמון", און דאָרט ווערט אין דער הקדמה געמעלדעט, אַז גאָט האָט אַנטפּלעקט זיין גרוים גענאָד דעם פאָלק ישראל און געשיקט צו די איינוווינער פונם הייליקן לאַנד אַ מלאך אלהים, דעם געטלעכן יצחק לוריא אשכנזי, אויף וועמען גאָט האָט אויסגעגאָסן זיין הייליקן גייסט, און אליהו הנביא האָט פאַר אים אַנטפּלעקט אַזוינע סודות, וואָס זיינען געווען באַהאַלטן זינט ר' שמעון בן יוחאי. אין דער זעלבער פאָרדערע ווייזט אָן דער מקובל עמנואל, אַז ווען עס זאָל צו אונז ניט געווען קומען פון ארץ־ישראל דעם אר"ים תלמיד ישראל סרוק, וועלכער האָט פאַר אונז אַנטפּלעקט אַ קליינעם טייל פון די סודות, וואָס זיין רבי האָט פאַר דער וועלט באַוויזן — וואָלטן מיר קיינמאָל ניט זוכה געווען דערזען דאָס אמתע ליכט פון דער תורה.

„אַז איך האָב דאָס איבערגעלייענט — דערציילט ווייטער

---

1 דער מקובל מנחם די פאַנו.

שלמיאל — בי איך דערציטערט געוואָרן. מיר איז דאָך גוט באַקאַנט, אַז דער חכם עמנואל האָט באַצאָלט קורדואיראָס אַלמנה טויזנט גאָלדענע דוקאַטן בלויז דערפאַר, זי זאָל דערלויבן אָפּשרייבן אַ קאָפּיע פון קור־דואיראָס פירוש אויף „זוהר'' (אור יקר), ניט רעכענענדיק די הוצאות, וואָס ס'האָבן באַדאַרפט קאָסטן די אָפּשרייבערס אאַז''וו. און דאָ אין צפת בין איך ערשט געוואָר געוואָרן, אַז עמנואל האָט נאָך אויסער דעם געשיקט צו צען און צו צוואַנציק דוקאַטן די חכמים קאַרו, אַלקאַביץ און אַלשיך, זיי זאָלן פועלן ביי דער אַלמנה זי זאָל געבן די באַטרעפנדיקע ערלויבעניש. און דאָך איז ער איצט מודה, אַז ווען עס זאָל אים ניט גע־ווען געלונגען זיך באַקענען מיט דעם קליינעם טייל פון לוריאס לערע, וואָס ווערט דערווייל געהאַלטן בסוד, וואָלט פאַר אים אויף שטענדיק פאַרהוילן געבליבן דאָס ליכט פון דער תורה. איך האָב דאַן באַשלאָסן זיך גלייך לאָזן אין וועג. איך האָב מיין ווייב געגעבן אַ גט, איבערגע־לאָזט ביי איר אונזער איינציקע אַכטיאָריקע טאָכטער און מיין גאַנץ פאַרמעגן, אַפילו מיינע קליידער און ספרים; אַזוי גרויס איז געווען מיין דורשט נאָך דעם אמתן לעבעדיקן גאָטס וואָרט. איך האָב געוואַנדערט איבער די יידישע קהילות פון פוילן, רוסלאַנד, בעמען און דייטשלאַנד, בכדי צונויפזאַמלען די נייטיקע הוצאות. נאָך פילע מאַטערנישן האָב איך מיך סוף־כל־סוף דערלאַנגט קיין צפת מיט דריי און אַ האַלב טאַלער אין קעשענע, און פאַר אַנדערטהאַלבן גלייך געקויפט אַ זוהר־עקזעמפּלאַר. אַ גאַנץ יאָר האָב איך דאָרט פאַרבראַכט אין גרויס דחקות און בין גאָרניט דערגאַנגען. איך האָב מיך געווענדט צו אַלע חכמי צפת מיט דער בקשה זיי זאָלן מיך באַקענען מיט די סודות פון לוריאס קבלה און מיך לאָזן געניסן איר זיסקייט; איך האָב זיי געבעטן זיי זאָלן מיר וויי־ניקסטנס לייען אויף אַ גאַנץ קורצער צייט די מאַנוסקריפּטן, אין וועלכע מען קאָן זיך באַקענען מיט לוריאס אַנטפּלעקטע אמתן. קיינער האָט אָבער מיין פאַרלאַנג ניט געוואָלט דערפילן; זיי האָבן ערקלערט, אַז די דאָזיקע אמתן קאָן מען אויפדעקן פאַר גוט באַקאַנטע און באַגלויבטע מענטשן, וועגן וועלכע דו ווייסט אויף זיכער, אַז זיי זיינען ראוי אַריינצודרינגען אין אַזוינע טיפע סודות, וועלכע דער רבונו של עולם האָט געהאַלטן פאַרהוילן זינט שמעון בן יוחאים צייטן'' [1].

און דאָך איז שלמיאלן געלונגען זיין ווונטש צו דערגרייכן; אמת, אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופן. אַ טאָכטער פון דעם פריער דערמאָנטן מקובל ישראל סרוק, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען טויט, האָט געוווינט

[1] דאָרטן, 42.

אין צפת. האָט שלמיאל פאַר איר חתונה געהאַט, ווייל זי האָט אים גע־געבן א נדן, וואָס איז ביי אים געווען טייערער פון אַלץ אין דער וועלט: א סך מאַנוסקריפּטן און נאָטיצן פון איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער, ווי עס איז געווען פאַרשריבן דעם אר"יס שיטה אין קבלה. „עס זיינען — דערציילט שלמיאל מיט פריידיקער התפעלות — דאָרט געווען העכער זעקס הונדערט בלעטער, און איך האָב געהאַט די זכיה זיי זאָלן אריין אין מיין שליטה. איך האָב זיי אַלע פלייסיק דורכגעשטודירט מיט דער הילף פון מיין רבין, וואָס איז דאָך באַקאַנט כל ישראל מיט זיין הייליקייט און עניוות, דעם בלינדן חכם מאַסוד. איך האָב זיך איצט אָפּגעזאָגט פון אַלץ אין דער וועלט, און ווייס נאָר איינס: לערנען די סודות התורה און גאָט דינען".

„גאָט דינען" — דאָס האָט געהייסן ביי די צפתער מיסטיקער עוסק זיין מיט מיסטעריעס, קעמפן קעגן דער „סטרא אחרא" מיט השבעות און מאַגישע „שמות"; מיט סיגופים און תעניתים מכפר זיין די זינד פון דער וועלט, דערנענטערן דעם „קץ", דעם ליכטיקן טאָג פון ביאת המשיח. דעם באַפרייער און דערלייזער...

אָט דאָס אומגעדולדיקע וואַרטן, דאָס פעסטע באַוווּסטזיין, אז גע־ציילט זיינען שוין די טעג, עס הערן זיך שוין די טריט פון דעם ליכטיקן גואל, וואָס דאַרף קומען און מוז קומען — דאָס האָט געפונען דעם היל־כיקן אָפּקלאַנג אין דעם פּאָעטישן שאַפן פון דעם באַגאַבטסטן דיכטער אוים יענער תקופה — ישראל בן משה נאַגאַרא (נאַדזשאַרא).

---

# פינפטער קאַפּיטל

דער דיכטער שלמה בן מזל־טוב. — די גבישינס און זייער אַנטאָלאָגיע „עומר השכחה". — גדליה אבן יחיא און זיין אַקאַדעמיע פאַר פּאָעזיע. — די דיכטער יהודה זאַרקאָ און סעדיה לאָנגו. — יצחק אונקניירא און זיין „איומה כנדגלות". — מנחם די לאָנזאַנו און זיין „שתי ידות". — דער דיכטער משה נאַגאַראַ און זיין „מימי ישראל". — נאַגאַראַ און די צפתער מקובלים. — די משיחיש־מיסטישע מאָטיוון אין נאַגאַראַס דיכטונג. — זיין לידער־זאַמלונג „שארית ישראל". — נאַגאַראַס נייע פּאָעטישע פאָרמען. — נאַגאַראַס שול. — די דיכטער פון תימן. — שלום בן יוסף שבזי אַלס דיכטער און מקובל.

אינם ערשטן קאַפּיטל האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, ווי אַזוי ביי די זייער גינסטיקע סאָציאַלע צושטאַנדן, אין וועלכע ס'האָבן געלעבט די יידישע קהילות אונטער דער שוץ פון דער יונגער אָטאָמאַנישער מלוכה, האָט זיך אין געוויסע קרייזן געשטאַרקט דער אינטערעס צו וועלטלעכן וויסן, אויפגעוואַכט האָט דער פרייער קריטישער פאָרשער־געדאַנק, וואָס האָט ניט געוואָלט גיין בלינד איבער די אויסגעטראָטענע טראַדיציאָנעלע דרכים און זיך באַנוגענען אָן זעלבשטענדיקער חקירה מיט די אַלטע, דורך מסורה איבערגעגעבענע פאָרמען און אָנשוויונגען. עס האָט זיך דערביי אויך באַוויזן דער געשמאַק צו קונסט און פיינעם סטיל. כמעט אַלע „אויפקלערער" פון יענער תקופה, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט אין דעם ערשטן קאַפּיטל, האָבן פיל זיך אָפּגעגעבן מיט פּאָעזיע, און גע־שריבן שירים און פּאָעמעס לויט דעם מוסטער פון די ספרדישע דיכטער. אמת, די פּאָעזיע האָט פון זיי קאַרג וואָס געוווּנען, וואָרעם צווישן די אַלע שירים־שרייבער איז ניט געווען קיין איינציקער דיכטער, וואָס זאָל זיין באַגנעדיקט מיט אַווירקלעכן פּאָעטישן טאַלאַנט, און אַפילו דער באַגאַבטסטער צווישן זיי, שלמה שרביט־זהב, איז געווען ניט מער ווי אַ גאַנץ געאיבטער פערזן־מאַכער, וואָס פלעגט בעל־מלאכיש קאָפּירן די מוסטערן פון די גלענצנדיקע דיכטער אויס דער אַראַביש־שפּאַנישער תקופה. דאָס קאָפּירן די דאָזיקע קלאַסישע מוסטערן האָט זיך נאָך מער

פארשטארקט, ווען אויף דער שוועל פונם 16טן י"ה האבן זיך א לאז געטאן אין די אטאמאנישע פראווינצן גאנצע מחנות פארטריבענע אויס שפאניע און פארטוגאל. בעת אויפן געביט פון פיוטים און רעליגיעזע הימנען האט אלס העכסטער מוסטער געגאלטן יהודה הלוי, פלעגט מען אין עפיגראמען, גנאמען און סאטירישע לידער נאכמאכן אלחריזין, באנפעדן און דאפיוראן. ס'איז אבער כאראקטעריסטיש, וואס מען פלעגט קאפירן ניט בלויז יידישע מוסטערן. די אויס שפאניע פארטריבענע און אויך זייערע קינדער האבן זיך פארהאלטן מיט גרויס ליבע צו דער ליטע־ראטור פון זייער געוועזענער היים. זיי האבן זיך אינטערעסירט מיט יעדער נייער ערשיינונג אין דער שפאנישער ליטעראטור, און ווי נאר ס'איז ערשינען דער בארימטער ראמאן „Amadis de Gaula", וואס האט דע־מאלט געגאלטן אלס העכסטע דערגרייכונג אויפן געביט פון פאעטישער קונסט [1], האט א זון פון די „גולי ספרד", יעקב בן משה די אלגאבא, אים גלייך איבערזעצט אויף העברעיש און אים געדרוקט אין דער בא־רימטער סאנצינער דרוקעריי [2].

אינטערעסאנט זיינען די מאטיוון, וואס דער איבערזעצער ווייזט אן, צוליב וועלכע ער האט געפונען פאר נייטיק איבערצוזעצן דעם דאזיקן ריטער־ראמאן: „ווייל דאס דאזיקע בוך וועט געבן מער פארגעניגן ווי אפילו דער יוסיפון און אנדערע געשיכטע־ביכער, ווי דער לייענער וועט אליין זען. חוץ דעם וועט דער לייענער האבן דערפון פיל נוצן, ווייל דאס דאזיקע בוך וועט אויפקלערן און שארפן זיין פארשטאנד, און אים געניט מאכן אין עניני העולם, הן אין געשעפטס־פראגן, הן אין מלחמה־אנגע־לעגנהייטן, און אויך אין ריין געזעלשאפטלעכן באנעמען; דער לייענער וועט פון דעם לערנען, ווי מען דארף זיך פירן צווישן מענטשן, און דורך וואסערע קונציקע און קלוגע איינפאלן מען קאן זיך ארויסהעלפן אין שווערע צושטאנדן. פאר זיין גרויסן ווערט און נוצן האב איך באשלאסן עס איבערזעצן פון לשון לע"ז אויף לשון קודש, בכדי עס זאל זיין לייכט

---

[1] דער דאזיקער ראמאן איז באלד איבערזעצט געווארן כמעט אויף אלע איי־ראפעישע שפראכן. אויך האבן זיך באוויזן הונדערטער נאכמאכונגען און פארזעצונגען פון דעם פאפולערן ראמאן.

[2] דאס דאזיקע ווערק איז איצט איינס פון די גרעסטע יקר המציאותן. אויף וויפיל ס'איז אונז באקאנט, זיינען אויפגעהיט געווארן בלויז צוויי עקזעמפלארן פון דער גאנצער אויסגאבע. מיר ברענגען דא דעם פולן העברעישן שער־בלאט: „אמאדיש די גאולא. ספר כולל ספורים גדולים ונפלאים כמו עניני מלחמות וגבורות מאנשי השם ועסקי אהבה ודברי הימים ממלכים גדולים".

צוגענגלעך פאַר אַלע לייענער״ [1]. אַדאַנק דעם געבילדעטן אייגנטימער פון דער סאָנצינער דרוקעריי איז אויך אויפגעהיט געוואָרן אַ טייל פון דער ליטעראַרישער ירושה, וואָס ס'איז געבליבן פון דעם איינציקן באַגאַבטן דיכטער, וואָס די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער קהילה האָט אין דער ערשטער העלפט פונם 16טן י״ה פאַרמאָגט — שלמה בן מזל־טוב [2]. מיר האָבן זייער ווייניק ביאָגראַפישע ידיעות וועגן דעם דאָזיקן דיכטער. מיר ווייסן בלויז, אַז שלמה בן מזל־טוב, וואַרשיינלעך איינער פון די גולי ספרד, וואָס איז געווען אַ קונציקער זעצער, האָט אין 1505 געגרינדעט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איינע פון די ערשטע דרוקערייען אין טערקיי [3]. פילע ביכער, וואָס זיינען ערשינען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל פון 1513 ביז אין די דרייסיקער יאָרן, זיינען פאַרזאָרגט מיט זיינעם אַ „שלום־וואָרט״ אָדער מיט זיינע הערות און הסכּמות, אַלץ בדרך שיר. ער האָט אויך פאַרפאַסט צוויי רעליגיעזע ווערק וועגן איסור והיתר [4] און אַ לידער־זאַמלונג „ירִיעות שלמה״ [5], זיי זיינען אָבער ניט אויפגעהיט געוואָרן. אין יאָר 1645, ווען שלמה בן מזל־טוב איז שוין געווען טויט [6], האָט דער דרוקער אליעזר סאָנצינאָ פאַרעפנטלעכט אַ זאַמלונג פון 298 פיוטים אונטער דעם נאָמען „שירים וזמירות״ [7], אויסער באַקאַנטע פיוטים פון שלמה גבירול, יהודה הלוי, ביידע אבן עזראס און נחום [8], געפינען מיר דאָרט אויך פילע פּאָעמעס און לידער פון אומבאַקאַנטע דיכטער,

---

1 „ובהיות שזה הספר ימצא בו הנחת רוח יותר מדברי הימים ומספר בן גוריון כמו שיראה הקורא בו, ועוד כי מזה הספר יצא פרי ותועלת גדול לקורא לפי שידקדק ויזכך שכלו וילמוד מעניני העולם בין במשא ומתן וערמותיו ותחבולותיו בין בעניני מלחמות והתחבולות הצריכות להן בין לדבר לפני אנשים כפי הראוי להם ובראותי מעלת הספר ורוב התועלות שמתי בלבי להעתיקו מלע״ז ללה״ק להיות נקל לכל הקוראים בו״ (זע „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס״, 1850, 823).

2 אין דער לידער־זאַמלונג „שירים וזמירות״, ז' 285—287, געפינען זיך דריי פיוטים מיטן אַקראָסטיך: מזל־טוב. אפשר איז דאָס דער פאָטער פון אונזער דיכטער

3 זע: ראָזאַניס, „דברי ימי ישראל בתוגרמה״, I, 84.

4 זע „שירים וזמירות״, נומ' 252—253.

5 דאָרטן, נומ' 272.

6 ער איז געשטאָרבן נאָך 1532.

7 די דאָזיקע אויסגאַבע איז איינע פון די גרעסטע יקר־המציאותן. עס זיינען אויפגעהיט געוואָרן בלויז צוויי עקזעמפּלאַרן: איינער אין בריטישן מוזיי, און דער צווייטער (דעפעקט) אין לעגינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי. מיר גיבן דאַ דעם שער־בלאַט פון דער זעלטענער אויסגאַבע.

8 „שירים וזמירות״, ז' 5, געפינט זיך דער באַקאַנטער פזמון „נרד וכרכום״; אויף ז' 23 איז געדרוקט נחומס אַ ליד מיט דער אָנפאַנגס־סטראָפע: „נאוה בעוז התאזרי, כי עוד מעט תעזרי, אם מכאב לב תצרי״.

און אויך גאַנצע זעכציק לידער פון סאַנציגאָס בן־עיר שלמה בן מזל־טוב. צווישן בן מזל־טובס שירים געפינען זיך אויך אייניקע פון רייך־וועלטלעכן אינהאַלט, ווי צום ביישפיל אַ פּאָעמע וועגן שאַך־שפּיל [1], אַ לויב־געזאַנג דעם באַרימטן סולטאַן סולייִמאַן [2] און אַ ים־ליד, וווּ עס ווערט באַזונגען דער שטורעם אויפן ים. דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט פאָלגנדיקער סטראָפע: „הערט צו און פאַרנעמט מיין געזאַנג, דעם שטורמישן ים וועל איך זינגען, דעם גוואַלדיקן גערויש פון זיינע כוואַליעס!״ [3] אַמאַינטערעסאַנטסטן זיינען אָבער זיינע נאַציאָנאַלע לידער, וווּ ער גיסט אויס זיין שמאַרציקן בענקען נאָך ציון און זיין טיפן טרויער איבער דעם חורבן פון דעם לאַנד פון די אָבות. טיפּיש זיינען זיי אויך לויט זייער פאָרם און ריטם. כמעט אַלע זיינע לידער זיינען אין דעם בוי פון די סטראָפן און גראַמען געוווען צוגעפּאַסט צו אַ באַשטימטן ניגון. דער דיכטער האָט אָבער זיינע לידער פאַרפאַסט ניט נאָר לויט דעם מוסטער פון יידישע מייסטער און לויט די ניגונים פון רעליגיעזע פּיוטים [4]; פילע זיינע פּיוטים און ציונים לידער זיינען אויך געבויט לויט דער ריט־מישער פאָרם און מעלאָדיע פון טערקישע און אַראַבישע פאָלקס־לידער. און דער דיכטער גופא ווייזט דאָס טאַקע אָן; ביי פילע זיינע לידער געפינט זיך די באַמערקונג: „לנגון ישמעאלים״, אָדער: „בשנוי נגון ישמעאלי״ [5], און ערטערווייז ווערט טאַקע אָנגעוויזן דאָס ליד, וואָס זיין ריטם און מעלאָדיע האָט געדינט אַלס מוסטער, ווי צום ביישפיל ביי נומ׳ 257 איז אָנגעמערקט: „לנגון ערבי קולו לקאַדי״.

און אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון פרעמדע ניגונים און מע־לאָדיעס האָט דער דיכטער אויסגעגאָסן זיין נאַציאָנאַלן ווייטאָג און האַרציקן טרויער. דער גרונט־מאָטיוו פון זיין טרויער איז איינער און דער זעלבער: די אומגליקלעכע טויב, וואָס איז אויס איר נעסט פאַרטריבן, די פאַרוואָגלטע געליבטע, וואָס איר געטלעכער באַשערטער האָט זי פאַר־לאָזן, און זי מוז שמאַכטן אין גלות פון גרויזאַמע פיינד געיאָגט.

---

1 דאַרטן, ז׳ 152—156. די פּאָעמע איז איבערגעדרוקט ביי ראָזאַניס, II, 15—16.

2 דאַרטן, נומ׳ 240. מיטן אונטערקעפּל: „בנגון ישמעאלי למלך ירום הודו״. דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט דער סטראָפע: „שדי ונעלם אל חי ורחמן, יחיה לעולם מלך רב שולטן שולימן״.

3 „שמעוני ואשירה — בקול רינה ואעירה — בגאות ים דבר שירה — בשיא גליו ומשבריו״.

4 ביים ליד נומ׳ 245 איז אָנגעמערקט: „בניגון אבוא בשיר״ (פונם דיכטער אליהו); ביי די נומ׳ 269 און 286: „בניגון שחר אבקשך״ (גבירולס באַקאַנט ליד). ענלעכע באַמערקונגען געפינען זיך אויך ביי די נומ׳: 251, 255, 258, 270—275.

5 דאַרטן, נומ׳: 233—249.

,,יעדן פרימאָרגן צו דיר, מיין באַשעפער, קום איך אַנטקעגן
מיט מיין געזאַנג;
פאַרנעם־זשע מיין תּפילה, מיין האַרציק געשריי...
אויסגיסן טו איך פאַר דיין הייליקער פּראַכט מיין טיפן וויי,
באַוויליקט זאָל מיין געבעט זיין אַלס בעסטער געשאַנק.
אַלמעכטיקער, הייליקער! באַפריי די, וואָס שמאַכטן אין קייטן,
גיך שיק דיין הילף, זאָל קומען דאָס יאָר פון דערלייזונג און טרייסט!
באַוויליק די, וואָס האָט ניט איר האָפענונג פאַרלאָרן אין די
ביטערסטע נייטן,
די ליבע טויב די האַרציקע פריינדין — קער אום אין איר נעסט!" [1]

און גאָט האָט באַוויליקט די אין קייטן שמאַכטנדיקע; עס הערט זיך די פריידיקע בשורה: ,,שלמו ימי אבלך — רעיתי ויונתי! פאַרענדיקט זיינען די טעג פון דיין טרויער, דו טייבעלע, מיין ליבע! קער אום אין דיין פּאַלאַץ, אין מיין הויז וועסטו רוען. גענוג צו וויינען אויפן ראַנד פון אָפּגרונטן — צוריק קער קיין ציון, דיין נעסט צו באַנייען. דאַרפסט מער ניט בלאָנדזשען אין מדבריות און וויסטענישן — אין דיין קיניגס טעמפּל קער אום, מיין איינציקע, מיין ליבע. הער! שוין זינגט דער נאַכטיגאַל, דער פרילינגס־קלאַנג טוט איבער אונזער לאַנד ערשאַלן, דו טייבעלע, דו געליבטע מיין!" [2].

,,קער אום, שולמית — רופט אויס דער דיכטער אין אַן אַנדער ליד — קום צוריק, מיט אליהו הנביא שטייג אַרויף אויף די בערגער פון ציון!" [3]. ,,קער אום קיין בצרון, דו ליבע, דו שיינע, דו האַרציקע מיין" — קלינגט עס אין אַן אַנדער ציון־ליד, ווו יעדע סטראָפע פאַרענדיקט זיך מיט איין און דעם זעלבן רעפריין: ,,דו ליבע, דו שיינע, דו האַרציקע מיין!" [4] און דער דיכטער זינגט מיט אַנטציקונג: ,,וועגן דופטנדיקע רויזן וועל איך אַ ליד זינגען, וועגן מיין פריינד, וואָס זיינע ליפן זיינען ווי דופטנדיקע רויזן! איך הער שוין זיין שטים: זינג און יובל, דו ציון! אָט קום איך דיר אַנטקעגן!" [5]

שטיל און עניוותדיק איז געווען שלמה בן מזל־טובֿ ליד, און עס האָט בלויז אַ גאַנץ שוואַכן אָפּקלאַנג געפונען אין דער רוישיקער רעזי־

1 אויס דעם ליד נומ׳ 246; זע ביילאַגע נומ׳ 12, ווו דאָס ליד ווערט געבראַכט בשלימות.
2 דאָס ליד נומ׳ 247; זע ביילאַגע נומ׳ 12.
3 דאָס ליד נומ׳ 244: „שולמית שובי נא שובי הררי ציון עם אליהו הנביא".
4 נומ׳ 238: „שוב לבצרון ידידיה יפתי, ואסיר תקוה צביה רעיתי".
5 נומ׳ 237, זע ביילאַגע נומ׳ 12.

דענק־שטאָט ביים „גאָלדענעם האָרן״. דאָס ליד האָט אָבער באַלד, ווי מיר וועלן ווייטער זען, אונטערגעכאַפּט אַ באַדייטנדיק שטאַרקערע שטימע און — באַרייכערט מיט נייע קלאַנגען, באַשיינט מיט העלע זאַפטיקע פאַרבן, איבערגעגאָסן אין מער פולקומענע פאָרמען — האָט דאָס ליד אָפּגעהילכט בכל תפוצות ישראל, און איבעראַל אַרויסגערופן התפעלות און טרערן פון אַנטציקונג...

ניט פון קלענערן באַטייט, ווי די לידער־זאַמלונג, וואָס סאָנצינאָ האָט פאַרעפנטלעכט, איז אויך אַ צווייטע, גאַנץ אייגנאַרטיקע זאַמלונג „עומר השכחה״, וואָס איבער איר האָבן פלייסיק געאַרבעט איינע פאָרשטייער פון דער חשובער ספרדישער פאַמיליע גבישון. אברהם בן יעקב [1] גבישון, וואָס איז אין דער צווייטער העלפט פונם 16טן י״ה גע־ווען באַשעפטיקט אַלס פּראַקטישער אַרצט אין טלעמסען און אַלזשיר, האָט שטאַרק זיך אינטערעסירט מיט פּאָעזיע און דיכטקונסט. אין זיין פירוש אויף „משלי״ האָט ער, אַלס גוטער קענער פון דער אַראַבישער ליטעראַטור, צו די ביבלישע משלים געבראַכט פּאַראַלעלע אַראַבישע שפּראַכן און סענטענצן אין זיין העברעיִשער פרעזן־איבערזעצונג. ביילויפיק ברענגט ער אויך פיל אַנדערע זיינע לידער און אויך ציטאַטן פון אַנדערע העברעיִשע דיכטער. נאָך זיין טויט האָט זיין זון יעקב נאָך באַדייטנדיק פאַרגרעסערט די צאָל פון זיין פאָטערס ציטירטע לידער און אויך די פראַגמענטן פון אַנדערע דיכטער. צום סוף פון דעם פאָטערס ווערק האָט ער נאָך צוגעגעבן אַ גאַנצע קאָלעקציע פּאָעמען און לידער פון זיין יונג אומגעקומענעם (אין 1605) זון, אברהם. אייניקע לידער פון דער דאָזיקער קאָלעקציע (צווישן זיי זיינען אויך פאַראַן ליבע־לידער) זאָגן עדות, אַז דער יונג־פאַרשטאָרבענער אברהם גבישון איז טאַקע גע־ווען אַ באַגאַבטער דיכטער. אַזוי איז ביסלעכווייז דאָס ווערק, וואָס האָט אין דער התחלה זיך פאַרמאָסטן צו זיין בלויז אַ פירוש אויף „משלי״, מגולגל געוואָרן, בפרט אין זיין צווייטן טייל, אין אַן אַנטאָלאָגיע פון העברעיִשער דיכטונג. דאָס ווערק טראָגט מיט רעכט דעם נאָמען „עומר השכחה״, וואָרעם נאָר אַדאַנק אים זיינען ניט פאַרגעסן געוואָרן די נעמען פון אַ גאַנצער צאָל דיכטער אויס יענער צייט, ווי אברהם זמורה, מנחם אבו זמרא א״א [2].

---

[1] יעקב גבישון, וואָס איז מיט זיין ברודער אַנטלאָפן פון גרענאַדע, האָט פאַר־פאַסט אַ וויסנשאַפטלעך ווערק „דרך השכל״, אין וועלכן ער טרעט אַרויס אַלס אָנהענ־גער פון מיימוני און זיין „מורה״ (זע „עומר השכחה״, דף 131, עמ׳ א).

[2] דעם „עומר השכחה״ האָט צום ערשטן פאַרעפנטלעכט די גבישונס אַן אור־אור־אייניקל, משה גבישון, אין ליוואָרנע אין 1748.

דער מיטלסטער פון די גבישונס, יעקב בן אברהם, האט אזוי הויך געשעצט די דיכטקונסט, אז ער ערקלערט ענטוזיאסטיש, אז איבער די „בעלי השיר" טוט רוען דער רוח הקודש און גאטס גייסט רעדט אויס זיי[1]. און א פארטרעטער פון אן אנדער זייער חשובער ספרדישער פאמיליע, גדליה דער זון פונם באקאנטן מעצענאט און ארצט משה אבן יחיא[2], איז געווען אזוי באגייסטערט פאר „שיינער ליטעראטור", אז ער האט באשלאסן צו גרינדן פאר די „חכמי השיר" א מין „קונסט־אקאדעמיע". אן ענטוזיאסטישער שעצער פון דיכטקונסט, האט ער זיין רייכע ווילע לעבן סאלאניקע געמאכט פאר א זאמלפונקט, ווו עס האט זיך אויפגעהאלטן א גאנצער קרייז ליטעראטן און דיכטער. עס פלעגן דארט פארקומען ספעציעלע פארזאמלונגען, ווו יעדער פון די אנוועזנדיקע פלעגט פארלייענען זיינע נייע שאפונגען און אויסהערן די קריטישע באמערקונגען פון זיינע חברים. פון אנדערע שטעט פלעגן דיכטער צושיקן זייערע לידער, בכדי די פארזאמלונג זאל ארויסזאגן וועגן זיי איר קאמפעטענטע מיינונג. מע פלעגט דארט אויך אפט איינארדענען פאעטישע טורנירן; אלס קאמף־מיטל פלעגן דערביי דינען עפיגראמען, מאדריגאלן און לויבגעזאנגען, אין וועלכע מען פלעגט הייבן ביז אין די הימלען דעם גרויסן נדבן, דעם איידעלן שעצער פון קונסט, דעם גאסטפריינדלעכן באלעבאס פון דער ווילע[3]. פון דעם דאזיקן דיכטער־קרייז האבן זיך אין יענער צייט קונה־שם געווען יהודה זארקא אויס ראדאס, דער פארפאסער פון דער לידער־זאמלונג „לחם יהודה"[4] און סעדיה בן אברהם לאנגו, וואס האט אויסער אן עלעגיע־זאמלונג „שברי לוחות" (סאלאניקע, 1594) געשריבן

---

1 „עומר השכחה", 125: „נודע ומפורסם מחכמת השיר רמה ונשגבה ויש לה יתר שאת ויתר עוז על כל מיני חכמות, עד שהסכימו יודעי דעת ומביני מדע, כי בעלי זאת החכמה אינם ריקנים מוהופעות האלהיות ורוח ד' תנוסס ותנוצץ בהם".

2 בשעת דער שווארצער מגפה אין קאנסטאנטינאפאל האט משה בן גדליה אבן יחיא נאר מנדב געווען א באדייטנדיקן טייל פון זיין פארמעגן, בכדי צו שטיצן די נויטבאדערפטיקע פון דער שטאט, נייערט ער איז אויך אלס ארצט שטארק באהילפיק געווען, איינשטעלנדיק דערביי זיין לעבן. זיין ברייטע נדבנישע האנט האט געשטט איבער גאנץ טערקיי. אין זיין הויז האט פארבראכט זיינע לעצטע יארן דער בארימטער געלערנטער ארצט אמאטוס לוזיטאנוס, וועלכער האט אויס דאנקבארקייט געווידמעט דעם גאסטפריינדלעכן אבן יחיא דעם זיבעטן באנד פון זיין ריזן־ווערק „Centuria".

3 זע כרמולי, „דברי הימים לבני יחיא", 38—42; ווו עס ווערן אויסגערעכנט ביי די נעמען 33 מיטגלידער פון דעם דיכטער־קרייז.

4 געדרוקט אין 1560. אויפן שער־בלאט שטייט געשריבן: „ספר לחם יהודה, חברו הדל והצעיר יהודה בן ר' אברהם זרקו זלה"ה תושב אי רדיש". אין דעם „לחם יהודה" גייען אריין אלעגארישע פאעמעס, עפיגראמען און אנדערע לידער.

נאָך אַ באַדייטנדיקע צאָל פּאָעמעס און לידער, וואָס זיינען געבליבן אין מאַנוסקריפּט [1].ביידע דיכטער האָבן אויך געשריבן גאַנץ געלונגענע עפּיגראַמען. „איך זע גאַנץ אָפט אין דער וועלט — ערקלערט זאַרקאַ אין איינער פון זיינע עפּיגראַמען, — אַז די קלוגע ווערן דערנידערט און קינינגן טוען די נאַראָנים. אַזוי איז עס תּמיד: ווי נאַר די זון טוט זיך נייגן, פאַרנעמען די שאָטנס דעם גאַנצן אויבנאָן" [2]. „קיין שום פידל וועט ניט שפּילן — לייענען מיר ביי לאַנגו, — אויב ער וועט אינעווייניק ניט זיין הויל בלויז מיט ווינט געפילט. אָט טאַקע דערפאַר, ווי עס שיינט, טרעפט אַזוי אָפט, וואָס גוטע זינגער האָבן פוסטע מוחות" [3].

עס איז אויך אויפגעהיט געוואָרן אַ ווערק פון אַ דריטן פאַרשטייער פון דעם דאָזיקן דיכטער־קרייז, דעם הערצאָג דאָן יוסף נשיאס פריינד, יצחק בן שמואל אונקניירא. לויט דעם מוסטער פון שלמה שרביט־זהב, האָט אויך אונקניירא פאַרפאַסט אַ פּאָעמע, וווּ עס פירן אַ וויכּוח די אותיות פונם העברעישן אלף־בית. צו דער גאַנץ שוואַכער, אין פּאָעטישן זין, פּאָעמע האָט אונקניירא נאָך געמאַכט אַ גאַנץ לאַנגן פּירוש, אין וועלכן עס זיינען אָבער איינגעפאַסט אַ באַדייטנדיקע צאָל מעשׂיות גע־שריבן אין גערייםטער פּראָזע, וואָס זיי זיינען פאַקטיש דער איינציק ווערטפולער טייל פונם גאַנצן חיבור [4]. אויף ווי ווייט אַדאַנק אָט דעם דער־ציילערישן טייל אונקניירס „איומה כנדגלות" איז געווען פּאָפּולער אין זיין צייט, זאָגט עדות פאָלגנדיקער פאַקט: דער מקובל יעקב לוצאַטו ברענגט אין זיין „כפתור ופרח", וואָס איז ערשינען מיט דריי יאָר שפּע־טער פון „איומה כנדגלות" [5], איבער פערציק מעשׂיות, גענומען אויס קדמונישע ספרים: דעם תּלמוד, מדרשים, ספר חסידים, תּנא דבי אליהו; ער מאַכט אָבער דערביי איין איינציקן אויסנאַם: ער ברענגט אויך אַ גאַנצע

---

[1] זע נייבויער Cat. Bodl. Hebr. Ms., נומ' 1986. דער „לחם יהודה" און „שברי לוחות" זיינען ביידע פון די גרעסטע יקר־המציאותן, און מיר האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט מיט זיי זיך צו באַקענען.

[2] „דברי חפץ", 12: אתבוננה תבל ותמיד אחזה—בשפל מתי שכל סכלים ימלוכו ואמרה כי אין להעציב — והן שמש בהשקע צללים מלכו.

[3] דאָרטן, 13: אחרי אשר כנור לא ינגן — אם לא יהיה חלול ומלא רוח
על כן אני גוזר ואומר — כי כל ערבי קול חסרי מוח.

[4] דער פולשטענדיקער שער־בלאַט פון אונקניירס ווערק: „איומה כנדגלות, ספר הנותן אמרי שפר, חברו המליץ החכם השלם מהר"ר יצחק אונקינירה". דער פאַרפאַסער דערמאָנט אָפט זיין פילאָסאָפיש ווערק „ספר הענק", וואָס איז ניט אויפגעהיט געוואָרן. פאַרלאָרן איז אויך געגאַנגען זיין צווייט ווערק, וועגן וועלכן ער דערמאָנט אין „איומה כנדגלות", 28: „כאשר כתבתי בספר יחוס בני ספרד הנקרא „מראות אלהים".

[5] זע אויבן, ז' 165.

צאָל מעשיות פונם אָקאָרשט דערשינענעם אונקנייראַס ווערק, און ווייזט טאַקע דערביי יעדעס מאָל אָן די קוועלע. צום סוף ,,איומה כנדגלות'' איז אָפּגעדרוקט אין אונקנייראַס העברעיִשע איבערזעצונג פון יוסף נשיאס אַ רעליגיעזן וויכּוח, וואָס יענער האָט געפירט (אויף פּאָרטוגעזיש) מיט אַ קריסטלעכן גייסטלעכן [1].

אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דעם סאַלאָניקער דיכטער־קרייז איז אויך געשטאַנען אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע, איטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט — מנחם בן יהודה די לונזאַנו. עס איז ניט באַקאַנט ניט דאָס אָרט, ניט דאָס יאָר פון לונזאַנוס געבורט. מען קאָן זיך בלויז משער זיין, אַז ער איז געבאָרן בערך אין 1550, ווייל ער מערקט אָן, אַז זיינס אַ ווערק, וואָס איז געדרוקט אין 1572, איז דערשינען אין זיינע ,,יונגט־יאָרן'' (נדפס בבחרותי) [2]. יונג אַ יתום געבליבן, אַ קרומער און אַ האַלב בלינדער, האָט ער געליטן גרויס דחקות און נויט, און געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט [3]. ניט קוקנדיק אויף אַזוינע שווערע צושטאַנדן, האָט דאָך דער אָרעמער קאַליקע זיך דערוואָרבן אַ ברייט און פילזייטיק וויסן, געווען אַ גרינטלעכער קענער פון גריכיש און אַראַביש, צונויפגעזאַמלט אַ קאָלעקציע פון זייער זעלטענע מאַנוסקריפּטן [4] און זיך דערוואָרבן אַ נאָמען מיט זיינע לעקסיקאָגראַפישע אַרבעטן ,,אור תורה'' (אַ קריטישע פאָרשונג וועגן דער מסורה פונם טעקסט אין דער תורה) און ,,מעריך'' (ערקלערונגען פון פרעמדשפּראַכיקע ווערטער, וואָס קומען פאָר אין תלמוד, מדרש און זוהר). לונזאַנו האָט פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווו ער האָט פאַרפאַסט זיינע פּאָעטישע ווערק ,,דרך חיים'' (אַ דידאַקטישע פּאָעמע), ,,עבודת מקדש'' — אַ באַשרייבונג אין פערזן פון דער עבודה אין בית המקדש (צו דעם ווערק האָט ער שפּעטער מוסיף געווען אַ גרויסע צאָל פּזמונים און בקשות), און ,,טובה תוכחת'' — אַ דידאַקטישע פּאָעמע אין 380 פערזן. די אַלע פּאָעמעס האָבן אַ גאַנץ קנאַפּן דיכטערישן ווערט. לונזאַנו גופא האָט געקוקט אויף דער דיכטקונסט, ווי אויף אַ בלויזן ,,קינדער־שפּיל'', וואָס מען דאַרף אָבער אויסנוצן ווי אַ פּאַסיקע און באַקוועמע פאָרם פאַר דידאַקטישע און גאָטעס־

---

1 אין דעם עקזעמפּלאַר, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַנוצט, פעלט דער דאָזיקער וויכּוח. אים האָט וואַרשיינלעך די צענזור אויסגעשניטן.

2 זע, ,,שתי ידות'', 52. געשטאָרבן איז ער נאָך 1618 (אין דעם יאָר האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע ווערק אונטערן נאָמען ,,שתי ידות'').

3 דאָרטן, 2: ,,עני ואביון חסר לחם, גולה וסור, נע ונד, חצי עור ופסח נכה רוח נשבר''.

4 אייניקע פון זיי האָט ער שפּעטער באַרעפנטלעכט.

דינסטלעכע צוועקן [1]. ניט קוקנדיק אויף זיין ברייטן וויסן, איז ער געווען אן אנטשיידענער קעגנער פון „חכמת יוונית", ווייל זי פירט צו אפיקורסות [2]. די חכמת האמת איז ביי אים געווען לוריאס קבלה. ער האט אפילו פארבראכט א לענגערע צייט אין צפת, ווו ער האט פאר־עפנטלעכט אין 1587 דעם אלטן מדרש „אגור" (זע „צייטשר. פ. העבר. ביבל.", X, 93) און פארפאסט זיין „עומר מן", א פירוש אויף „אידרא זוטא" [3].

ניט קוקנדיק אויף זייער קנאפן פאעטישן ווערט, פארדינען דאך לונזאנוס דיכטונגען, זיי זאלן פארצייכנט ווערן אין דער געשיכטע פון דער העברעישער פאעזיע; ראשית דערפאר, וואס דער פארפאסער נוצט אויס אין נאך א באדייטנדיק גרעסערער מאס ווי שלמה בן מזל־טוב די מעטרי־ס און מעלאדיעס פון די אראבישע און טערקישע פאלקס־לידער. לונזאנו גופא מאטיווירט דאס דערמיט, וואס „די ניגונים פון די ישמעאלים זיינען אדאנק זייער מעלאנכאלישן טאן אמבעסטן צוגעפאסט צו דערוועקן די הערצער, דערוועקן די תשובה־שטימונג און הכנעה־געפיל" [4]. נאך איין מאמענט איז כדאי אונטערצושטרייכן אין לונזאנוס דיכטונגען — דעם שארף עראטישן, וועלכער פילט זיך גאנץ שטארק אין פילע לונזאנוס שירים, ווו ער באזינגט דעם זיווג־בונד צווישן דער כנסת ישראל און איר געטלעכן אויסדערוויילטן [5]. דא פילט זיך די השפעה פון די צפתער מיס־טיקער, צווישן וועלכע לונזאנו האט א לענגערע צייט פארבראכט. עס פעלט אבער דערביי אין די דאזיקע דיכטונגען דאס וויכטיקסטע — אמתער פאטאס, דער פלאם פון מיסטישן עקסטאז. דאס אבער, וואס ס'איז ביים געלערנטן לעקסיקאגראף געווען בלויז א מעכאנישע מאזאיק פון בילדער און פארגלייכונגען גענומען גרייט פון שיר השירים — דאס

---

[1] דארטן, 132: ביען כי חקרתים גם מצאתים — במדרגת שחוקי הנערים...
ואין בין זה לזה הבדל לבד כי — לתינוק זה וזה אל הגברים...
ואין לנו לבד תורה ומצוה — ודבר שנקבל בו שכרים
ויש שירים במהלל אל וטובים — להודות לו בלילות גם בקרים.

[2] דארטן, 87: לבל תחמוד יפי חכמת יונית...
הכו שוגים באהבתה נבוכים — וכמעט אומרה כופרים וממרים.

[3] מיר האבן זיך באנוצט מיט א האנטשריפטלעכער קאפיע פון דעם דאזיקן פירוש, וואס האט זיך געפונען אין לענינגראד, אין דעם מוזיי פון דער יידישער היס־טאריש־עטנאגראפישער געזעלשאפט.

[4] „שתי ידות", 65: „בחרתי בלחן הישמעאלים לפי שראיתים לחן לב נשבר ונדכא ואמרתי אולי גם יכנע לבבי הערל ואז ארצה את עוני". זע אויך דארטן, 142.

[5] דארטן, 71, 75, 76, 79, 132 א"וו.

האָט אויפגעלעבט אין ווונדער־שיינע פּאָעטישע לעבנספּאַרבן ביי לונזאַנוס בן־דוד און באַקאַנטן [1] — ישראל בן משה נאַגאַראַ (נאַדזשאַראַ).

ווענן דעם לעבן פון דעם דאָזיקן באַדייטנדיקן יידישן דיכטער זיינען פאַרבליבן גאַנץ קנאַפּע און ניט שטענדיק זיכערע ידיעות. זיין געבורטיאָר איז אומבאַקאַנט. די יידיש־רוסישע ענציקלאָפּעדיע (XI, 474) ווייזט אָן, אַז נאַגאַראַ איז געבאָרן „ניט שפּעטער פון 1560". מיר האַלטן אָבער די דאָזיקע דאַטע פאַר זייער ניט גענוי; דער דיכטער איז בלי־ספק געבאָרן באַדייטנד פריער, „ניט שפּעטער" פון די 30ער יאָרן פונם 16טן י"ה. דאָס קאָן מען זיך משער זיין אויס פאָלגנדיקע טעמים: דער באַרימטער געלערנטער ארצט אַמאַטוס לוזיטאַנוס דערמאָנט דעם דיכטער נאַגאַראַ אין דער פאָררעדע צום זיבעטן באַנד „צענטוריאַ", וואָס איז דערשינען אין 1561. עס איז אויך באַקאַנט, אַז דער אר"י, וואָס איז געשטאָרבן אין 1572, פלעגט ריידן מיט גרויס התפּעלות ווענן נאַגאַראַס רעליגיעזע דיכטונגען. דער פּירוש אויף תורה „לקח טוב", וואָס נאַגאַראַס פאָטער משה בן לוי האָט פאַרפאַסט, איז ערשינען אין 1571 מיט זיין זונס אַ שלוסוואָרט און אַן אַקראָסטיך דערצו. געבאָרן איז דער דיכטער אין דמשק, ווו זיין פאָטער איז געווען רב. דער דיכטער גופא איז אויך געווען אַ גרויסער בקי אין תלמוד, אַ שטיק צייט געווען דיין און מיטגליד פונם בית־דין אין עזה [2] און געשטאַנען אין חליפת מכתבים מיט פילע רבנים פון זיין צייט. ער איז אויך געווען אַ בעל־דרשן און אָנגעשריבן אַ זאַמלונג פון 40 זיינע דרשות אונטער דעם נאָמען „מקוה ישראל", האָט פאַרפאַסט אַ פּירוש אויף תורה („מערכות ישראל") און אויף איוב („פּצעי אוהב") [3]. ניט מיט זיי האָט ער זיך אָבער קונה־שם געווען, בלויז אַלס פון גאָט געבענטשטער דיכטער איז ער באַקאַנט געוואָרן בכל תפוצות ישראל.

ווי ווייניק אונז איז ניט באַקאַנט דעם דיכטערס לעבן, איין פּרט איז אָבער אויף זיכער פעסטגעשטעלט, און דווקא דער דאָזיקער פּרט האַרמאָנירט אַזוי ווייניק מיט אונזער פאָרשטעלונג ווענן אַ דיין און בית־דין־מיטגליד. נאַגאַראַס בן־עיר, חיים וויטאַל, רעדט ווענן דעם דיכ־טער (ניט אָנרופנדיק אים, אמת, ביים נאָמען) מיט גרויס שנאה און פאַרדרוס. „מען קאָן ניט לייקענען, — ערקלערט וויטאַל — אַז די לידער,

---

1 ווענן לונזאַנוס באַקאַנטשאַפט מיט נאַגאַראַן, זע „שתי ידות", 142.

2 אין עזה איז אויך דער דיכטער אין טיפן עלטער געשטאָרבן (אין 1605 האָט נאַגאַראַ נאָך געלעבט).

3 די דאָזיקע ווערק זיינען געבליבן אין מאַנוסקריפּט.

וואָס ער האָט פאַרפאַסט, זיינען אַליין פאַר זיך גאַנץ גוטע, נאָר ער גופא איז ניט ווערט מען זאָל מיט אים ריידן אַפילו, און ווער עס זינגט זיינע פיוטים, דער טוט אַ גרויסע זינד, וואָרעם זיינע (דעם דיכטערס) ליפּן ריידן שטענדיק ניבול־פּה, און אַליין איז ער שטענדיק שיכּור. אַז מען האָט אים (דעם דיכטער) אַמאָל איינגעלאַדן אין די „גיין טעג" צום טיש ביי ר' יעקב מנידאַש, האָט ער אַ וואָרף געטאָן זיין היטל אויף דער ערד, געזונגען אויף אַ הויך קול לידער, געגעסן פלייש און געטרונקען פיל ווין ביז ער איז געוואָרן שטאַרק באַטרונקען"[1].

אמת, חיים וויטאַל איז ניט קיין גאַנץ באַגלויבטער עדות. ער האָט, ווי עס שיינט, געהאַט מיטן דיכטער פּערזענלעכע חשבונות; אויסער דעם האָט דער קליינלעכער בעל־גאווה, וויטאַל, ניט געקאָנט פאַרגינען נאַגאַראַן, וואָס דער אר"י הקדוש איז אַזוי אַנטציקט פון יענעמס לידער. דער אר"י פלעגט אַפילו פאַרזיכערן, אַז אויך אין דער פּמליא של מעלה איז מען שטאַרק נתפּעל פון נאַגאַראַס פיוטים, און דעם דיכטערס נשמה איז אַ „ניצוץ" פון ניט קיין קלענערער נשמה, ווי דוד המלכס, דעם געטלעכן תהילים־דיכטער. וועגן נאַגאַראַס שוואַכקייט צום ביטערן טראָפּן זאָגן אָבער אויך עדות דער פריער דערמאָנטער לוזיטאַנוס און אויך דער בעל „מאורעות עולם"[2]. טיפּיש איז אויך אין דער הינזיכט אַן אויפגעהיטע פאָלקס־לעגענדע, אין וועלכער עס פילט זיך אַ די גרויסע התפּעלות פאַר דעם וווּנדערבאַרן פון גאָט געבענטשטן דיכטער־טאַלענט, אַ דאָס תרעומות אויף דעם דיכטערס לייכטזיניק בומעל־לעבן. „אַמאָל — דערציילט די לעגענדע — נאָך שלוש־סעודות, ביים טיש איז געזעסן נאַגאַראַ און זיינע לידער געזונגען. ביים טיש איז דעמאָלט געזעסן דער אר"י, זכרונו לברכה, און ער האָט געזען ווי אַרום דעם טיש שוועבן אין דער הויך די טויזנטער און איבער טויזנטער מלאכים, און פאַרנעמען מיט גרוים יראת הכּבוד נאַגאַראַס פיוטים, וואָס זיינען אַלע געשאַפן געוואָרן ברוח הקודש. פּלוצלונג האָט דער אר"י באַמערקט, ווי איין מלאך האָט אָנגעהויבן האַסטיק אָוועקרופן די אַלע לעגיאָנען מלאכים, און יענע זיינען גלייך פאַרשווונדן געוואָרן. דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס נאַגאַראַ האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, מיט די אַנטבלויזטע עלנבויגנס זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש און דאָס היטל פונם קאָפּ אַראָפּגעוואָרפן. דער אר"י האָט דאַן צוגעשיקט צו נאַגאַראַן צוויי זיינע תלמידים, וויטאַלן און כּהן, און זיי באַפוילן, אַז זיי זאָלן אים אויפקלערן, אַז גאַנצע מחנות מלאכים האָבן אַראָפּגענידערט

---

1 זע „שבחי וויטאַל", 16.

2 זע גרעץ־שפּ"ר, V, 288.

הערן זיינע נגינות, ער האָט זיי אָבער פאַרטריבן מיט זיין ניט שיינעם אויפפירן זיך. ווי נאָר דער דיכטער האָט דאָס דערהערט, איז ער שטאַרק דערשראָקן געוואָרן. פול מיט התלהבות האָט ער זיך אָנידערגעזעצט, און מיט הייליקער באַגייסטערונג האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען זיינע שירים ותשבחות, וואָס טוען גאָט און מענטשן דערפרייען. גלייך האָבן זיך ווידער באַוויזן גאַנצע שיירות מלאכים און האָבן מיט אַנטציקונג צוגעהערט דעם וווּנדערבאַרן געזאַנג פונם דיכטער" [1].

ווי עס שיינט, האָט נאַגאַראַ אין די יונגע יאָרן געפירט אַן אומרויִק לעבן פון אַ וואַנדער-זינגער און געהאַט חיוּנה דערפון, וואָס ער פלעגט יונגעלייט באַקענען מיט דיכט-קונסט און שיינעם סטיל [2]. זיינע יוגנט-וואַנדערונגען זיינען ווי עס שיינט געווען רייך מיט שווערע קרענקונגען, און ניט אומזיסט רופט אויס דער יונגער דיכטער: „ווען דיין האַרץ איז איינגעוויגט אין טרויער און צער היינט און מאָרגן, אַ טאָג נאָך אַ טאָג — טרינק, מיין פריינד, דעם טרויבן-זאַפט, דעם בלוט-רויטן ווייַן טו געניסן אונטער דעם קילן שאָטן פון די גן-עדן סעדער" [3].

אין זיינע נע-ונד-יאָרן האָט נאַגאַראַ זיך באַקאַנט מיטן סאַלאָניקער דיכטער-קרייז, אָנטייל גענומען אין זיינע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, און מיט אייניקע מיטגלידער האָט ער אַפילו געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין געריימטע פערזן. אין יענער צייט האָט ער אויך פאַרפאַסט די אַלע לידער, וועלכע ער האָט דערנאָך אויף דער עלטער פאַרעפנטלעכט (אין 1605) אין זיין זאַמלונג „מימי ישראל", וואָס באַשטייט אויס זעקס אָפּטיילונגען [4].

---

[1] זע „חמדת ימים", אויסגאַבע, 1731, ב' I, 101; דאָרטן, II, 78.

[2] וועגן זיינע וואַנדערונגען אין די יונגע יאָרן דערמאָנט אָפט דער דיכטער מיט פאַרביטערונג אין זיין „מימי ישראל". זע, צום ביישפיל, אין דער פאָררעדע, ז' 138: „נתנוני השב רוחי בארץ נוד, ארץ מדוחי וגלותי". וועגן זיינע פאָרלעזונגען איבער דיכטקונסט, זע דאָרטן, 143, 144 א"וו.

[3] „מימי ישראל", 148:

אם לבך עצב בינון נרדם — גם מתמול שלשום וגם מאמש,
דודי, שתה עסים ויין אדום כדם — תוך גן עדנים לח בזהר שמש.

[4] דער „מימי ישראל" איז איצט אַ יקר-המציאות, מיר ברענגען דערפאַר דעם גאַנצן שער-בלאַט: „מימי ישראל. והוא חבור צבור משירים והלצות ואגרות נמלצות ודברות נמרצות, אשר הייתי כותב בימי חרפי בדעת ובמועצות ושולח מים על פני חוצות לרעים אהובים איש במקומו בכל הארצות, והלבש אותם מחלצות, ובשולי מעילי כבודם עשיתי משבצות; וקבצתים כלם כאחד אשר היו מזה ומזה נפוצות למקצועות המשכן בירכתים, ומהם עשיתי לי ברכות מים תאוה הם לעינים. מי האיש החפץ לרוות צמאונו ילוק בלשונו אל המים מנחל בדרך ישתה וישכח רישו ועמלו וגם דלה ידלה הנער נער החפץ ימלא את ידו למשוך בשבט סופר אמרי שפר ולשלוח מנות איש לרעהו ומתנות בשפה יפה מים קרים על נפש עיפה".

אין דעם „מימי ישראל'' זעען מיר נאָך ניט דעם אָריגינעלן דיכטער נאגארא, וואָס זוכט נייע וועגן, נייערט אַ טרייען תּלמיד פון די אַלטע מייסטער, בפרט פון אַלחריזי און עמנואל רומי. ווי אַלחריזי בשעתו אזוי נעמט זיך אויך נאגאראַ פאַר „דעם טרויער פאַרטרייבן, דעם אומעט פאַריאָגן'', און גיבן די לעזער אַ מוסטער פון קונציקער מליצה און שיינעם סטיל [1]. אין איבערטריבענע, רייַן מזרחישע מליצות און פאַר־גלייכונגען שרייבט ער לויב־לידער זיינע חברים פונם דיכטער־קרייז; איינעם פון זיי, אברהם לחמי, ערקלערט ער אַלס דעם גרעסטן דיכטער פון זיין צייט, פאַר וועלכן אַלע דאַרפן פאַלן כורעים, און ער, נאגאראַ, איז זיין אונטערטעניקער דינער [2]; אַ צווייטן דיכטער מיטן נאָמען דוד ערקלערט ער אַלס „נעים זמירות ישראל'', און פאַרזיכערט, אַז יענער טוט מיט זיין ליד פאַרשעמען אַלע דיכטער פון זיין דור [3]. זיך גופא זשאַלעוועט ער אויך ניט קיין שבחים, ער ערקלערט זיך פאַרן „דיכטער־קיניג'', וואָס האָט באַשטימט אַזעלכע פּאָעטישע הייכן, צו וועלכע קיינער האָט ניט דערגרייכט [4].

ניט אָבער בלויז לויב־לידער און דיפיראַמבן זינגט דער יונגער נאגאראַ. ווי אַלחריזי און עמנואל רומי, איז אויך ער ניט קאַרג אויף בייסנדיקע עפּיגראַמען און סאַטירישע שאַרף צוגעשפּיצטע פיילן, וועלכע ער שליידערט מיט אַ געניטער האַנט אין „איינגעשפּאַרטע נאַראָנים'' (לאווילים משרישים) [5], אין טאַלענטלאָזע גראַמען־שמירער [6], אין אומ־פאַרשעמטע פּלאַגיאַטאָרס [7] און אַלע מיני שווינדלער און רמאים [8]. אין די דאָזיקע יוגנט־לידער זעט מען קונציקע טעכניק, געאיבטן פערזנ־בוי, עס פעלט אָבער דאָס וויכטיקסטע — אמתע באַגייסטערונג און דיכ־טערישער פּאַטאָס. כל־זמן נאגאַרא איז געגאַנגען אין די וועגן פון די סאַלאָניקער „אַקאַדעמיקער'', האָט ער זיין אמתן, זיין איי ג ע נ ע ם

---

[1] „ומימי נאמנים להסיר עצבונים ולהבריח יגונים ולעשות כונים למלאכת השיר וההלצה, להבין משל ומליצה".

[2] דאָרטן 140: לפניו יכרעו שרים וגוגנים — ולא ישתחוו איש ממקומו..
ואפיל את תחנתי לפניו — יה נחני במעגל שיר ונעמו...
יכלכל רעבון עבדו משרתו — יקדם את פני נודד בלחמו.

[3] דאָרטן, 142: יכבד מנתו עם מליצי הזמן — אם יהיה אתם בכף מאזנים
כלם בשיר רחשם כמו מר מדלי — אך הוא כמי מעין ומקוה מים.

[4] דאָרטן, 153.

[5] דאָרטן, 154.

[6] דאָרטן, 154.

[7] דאָרטן, 156.

[8] דאָרטן.

וועג ניט געפונען. אַ פשוטער וואַנדער־זינגער איז ער געווען, וואָס האָט געשריבן „געלעגנהייטס־שירים", מיט וועלכע ער פלעגט מזכה זיין פאַר אַ געוויסן לוין די רייכע מעצענאַטן און די אַלע, וואָס האָבן, ווי דער דיכטער גופא דריקט זיך אויס, געהאַט אַ חולשה צו פערזנמאַכעריי (המהנים בשיר והמצפצים). אַ נייע תקופה אין נאַגאַראַס שאַפן הייבט זיך אָן, ווען דער דיכטער באַקענט זיך מיט דעם צפתער מיסטיקער־קרייז. די אָנגעשטרענגטע שטימונג, וואָס האָט דאָרט געוועלטיקט, דאָס אומגעדולדיקע וואַרטן אויפן „קץ", דער ברענענדיקער עקסטאַז און התפשטות הגשמיות — דאָס אַלץ האָט אינגאַנצן באַהערשט זיין צאַרטע פילנדיקע נשמה. ער איז געוואָרן דער באַגייסטערטער זינגער, דער פּאָעטישער ווידער־קול פון די אַלע מיסטישע האָפענונגען, מיט וועלכע עס זיינען געווען אָנגעזאַפּט די „גורי האר"י", די מקובלים פון צפת. דער זאָרגלאָזער וואַנדער־זינגער איז מגולגל געוואָרן אין דעם דיכטער פון נאַציאָנאַלע ליידן, פון דעם אומעט און בענקען פון דער פאַרוואָגלטער אומה נאָכן ליכטיקן משיח און גואל. דער מאָטיוו, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין דעם עניוותדיקן ליד פון שלמה בן מזל־טוב, האָט אויפגעברויזט מיט מעכטיקע אַקאָרדן אויף די סטרונעס פון נאַגאַראַס דיכטערישער לירע. די אינטימע איבערלעבונגען פון מיסטיש געשטימטע נשמות אין זייער תפילהדיקן דראַנג צום אומענדלעכן, אין זייער הייסן, צאַפּלדיקן בענקען נאָך גאָט דעם געליבטן און באַגערטן — האָבן געפונען זייער קלאַנגפולסטן אויסדרוק אין דעם פייטן פון דמשק. איבער טויזנט ליטורגישע הימנען און עלעגיעס האָט נאַגאַראַ געשאַפן [1]. אין אַ טייל הערן זיך די קרעכצנדיקע און מיט טרערן געטרונקענע אַקאָרדן פון בענקשאַפט און יאוש, אין אַנדערע די שטראַלנדיק־יובלענדיקע טענער פון נצחונדיקער האָפענונג, נאָר אַלע צוזאַמען בילדן זיי איין איינהייטלעכע גרויסע פּאָעמע מיט איר איינציקן צענטראַלן העלד — דער אין שטראַלן אַרומגעקרוינטער משיח, וואָס זאָגט אָן דער וועלט די ליכטיקע בשורה, אַז באַלד וועט דער ליבע־בונד צווישן דעם געטלעכן געליבטן און דעם „פאַריאָגטן טייבעלע", דער כנסת ישראל.

אפילו אַזוינע לידער ווי „אעירה שחר" [2] און „תולה ארץ על בלימה" [3], וווּ עס ווערט געזונגען אַ שבח דעם באַשעפער פון וועלטן און אומענדלעכע הימלען — אויך זיי פאַרענדיקן זיך מיט דער הכנעהדי־

---

[1] אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי איז געבליבן אין מאַנוסקריפּט, זע ביילאַגע, נומ׳ 10.

[2] „עולת תמיד", נומ׳ 51.

[3] דאָרטן, נומ׳ 174.

קער תפילה: „פאַרזאַמל, אַ גאָט, די פאַרטריבענע רייען, דערנענטער מיין גאולה!"

נאָר אַזעלכע לידער, ווי די צוויי דערמאָנטע, געפינען זיך זייער ווייניק אין נאַגאַראַס פּאָעטישן שאַפן. ניט צום באַשעפער פונם קאָסמאָס, צו דער אור־סיבה, דער אַלמעכטיקער באַוועגנדיקער קראַפט פון דעם אין־סופיקן אוניווערסום ווענדט זיך דער מיסטישער דיכטער, נאָר צום גאָט פון די אָבות און פונם פאָלק ישראל, צו גאָט דעם פאָטער און באַשיצער, דעם אל מלא רחמים, דעם גאָט פון ליכט און ליבע, צו וועמען עס בעטן אַלע בענקענדיקע הערצער, צו וועמען עס שטרעבט יעדע מיס־טישע נשמה אין איר התלהבותדיקן עקסטאַז... און אָט דער דאָפּלטיקער, מיט מיסטישע בענדער פאַרייניקטער גאָט־באַגריף: דער אלהי ישראל, דער נאַציאָנאַלער גאָט פון אברהם יצחק ויעקב, און גאָט דער הייס־גע־ליבטער, צו וועמען עס גאַרט און צאַפּלט די מענטשלעכע נשמה — אָט דאָס איז דער גרונט־מאָטיוו פון נאַגאַראַס פּאָעטישן שאַפן. אין הונדערטער עלעגיעס און קינות גיסט דער דיכטער אויס פאַר גאָט דעם גרויסן צער פון דער אומה און איר דאָך ניט ערשיטערטע פעסטע האָפענונג.

„אל דמעתי אל תחרש — פאַרנעם מיין געוויין, איך רוף צו דיר אויס גרויסן עלנט, דו באַשעפער פון אַלע באַשעפענישן! דו ביסט דאָך מיין איינציקע שוץ, מיין הילף אין דער שווערער נויט" [1]. „יה אל מגן להולכי תום — גאָט דו באַשיצער פון אַלע גערעכטע — רחם לב דל אין בו מתום — דערבאַרעם דאָס צעבראָכענע האַרץ פונם עלנטן וואַנדערער! [2] קרא נא, צור, דרור אסור — באַפריי, דו באַשיצער, דעם אומגליקלעכן געפאַנגענעם, וואָס שמאַכט ... ביי פרעמדע אין קייטן! [3] עד אָן משגבי עלי תנאף" — ווי לאַנג, מיין באַשיצער, וועסטו צאָרענען אויף מיר? [4] „ידידי, רועי, מקימי" — פריינד, מיין וועכטער, מיין באַשיצער! זאָג מיר וואָס גיכער — על מי נטשת מעט הצאן, נטשת מעט הצאן? אויף וועמען האָסטו איבערגעלאָזט דאָס ביסעלע שאָף, דאָס ביסעלע שאָף?" [5] „אַך, ווי לאַנג ציט זיך דער גלות! דאָך האָב איך מיין האָפענונג ניט פאַר־לאָרן, און עס גלוסט מיין האַרץ צום לעבעדיקן גאָט!" [6] „מיין בענ־קענדיק האַרץ קלאַפּט אַלץ אין דער טיר פון דער האָפענונג — עס האָפט

[1] „עולת תמיד", נומ' 57.
[2] „פזמונים", נומ' 33.
[3] „עולת תמיד", נומ' 38.
[4] דאָרטן, נומ' 6.
[5] „פזמונים", נומ' 93. „עולת תמיד", נומ' 146.
[6] „עולת תמיד", נומ' 125.

נאָר אויף דיר, מיין באַשיצער!״ [1] „מיינע פיינד — זיי שפּאָטן פון מיר: דו האָפּסט אַלץ אויף פריי‌הייטס־טעג — און דו וואַלגערסט זיך אין שטויב, זומפּ און שמוץ!״ (אויבי יאמרו בשאט נפש: איך תוחילי ימי חופש — הן את ביון טיט ורפש). „זע ווי די וואַסערן שטייגן איבער מיר, עס געוועלטיקן איבער מיר אַלע פעלקער, זייערע גערטנער מוז איך היטן!״ [2] „מיר האָט זיך געחלומט — דו האָסט מיין פינסטערע נאַכט דורכן ליכטיקן באַגינען פאַרטריבן; מאַך איך נאָר די אויגן צו — דערשיינט פאַר מיר דער טאָג פון דער גאולה. מיין קיניג, מיין האָפענונג! זיי פּותר מיין חלום צו גוטן, פאַרוואַנדל דעם חלום אין וואָר [3]. איך האָב אין שלאָף וועגן דיר געחלומט, דערציטערט האָב איך אויפגעוואַכט! שטיי איך מיט אַ צאַפּל־דיקער נשמה פאַר דיר — מיין גלאַנץ און שיינקייט! זיי פּותר וואָס גיכער מיין חלום! [4] אל כל יודעי חן אשאלה — ביי אַלע חכמים, ביי די, וואָס זיינען אין די פאַרבאָרגענע סודות אַריינגעדרונגען, טו איך פרעגן: ווען קומט דער טאָג פון דער גאולה?״ [5] „פאַרהייל די ווונדן פון דער פאַרוואָגלטער טויב, לאָז איר האָפענונג דערפילן, רוף אויס דעם נאָמען פון ישיס שפּראָצ־לינג; זאָל ער זיך דערנידערן ווי דער טוי פון ברכה און דער דערפרישנדי־קער באַלזאַם!״ [6] „לייז אויס דיין פאָלק פונם שווערן גלות, דאָס פאָלק, וואָס האָסט אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער״ (עמא די בחרת מכל אומייא). „גיך שיק אַ היילונג צו מיין האַרץ, שיק באַלד אליהו התשבי און מיט אים דעם מלך המשיח [7]; קיין ציון טו ווענדן מיינע טריט — אויפלויכטן אינם גלאַנץ פונם גואלס געזיכט! [8] ישיס שפּראָצלינג איז דאָך מיין בעסטע האָפענונג, מיין געטראַנק און מיין דערקוויקונג [9]. טו זשע דעם געפאַנגענעם די בשורה אָנזאָגן: געקומען איז דער גואל״ (יתבשר אסיר שביה, יתבשר כי בא גואל).

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס נאַגאַראַ זעט אין דעם דערוואַרטן משיח — דעם גואל פון דער גאַנצער וועלט, די לייכטנדיקע פאָן פאַר אַלע פעלקער (עומד לנס עמים), דאָך הערן זיך אין זיינע לידער ניט זעלטן צאָרנדיקע טענער פון נקמה — נקמה פאַר דער רשעות, פאַר די שרעקלעכע

1 דאָרטן, נומ׳ 174.
2 „עולת שבת״, נומ׳ 9.
3 „עולת תמיד״, נומ׳ 188.
4 אויס אַ נאָך ניט פאַרעפנטלעכט ליד, ווערט געבראַכט אין ביילאַגע נומ׳ 13, ב׳.
5 „עולת שבת״, נומ׳ 50.
6 דאָרטן, נומ׳ 4.
7 „עולת תמיד״, נומ׳ 225.
8 דאָרטן, נומ׳ 3.
9 אויס אַ נאָך ניט פאַרעפנטלעכט ליד (ישי הוא שי מאוויי, לחמי ושקויי).

ליידן און דערנידעריקונגען, וואָס זיין פֿאָלק האָט געהאַט פֿון די אַרומיקע פֿעלקער אויסצושטיין. שוין די דיכטער פֿון דער אַראַבישער תקופה, בעת זיי באַקלאָגן דעם שווערן גורל פֿון זייער פֿאָלק צווישן די אומות העולם, קאָנען ניט אונטערדריקן דאָס נקמה־געפֿיל, וואָס רייסט זיך דורך אין פֿילע צאָרנדיקע סטראָפֿן. „ווי סדום — שרייט אויס שלמה גבירול — צעשטער דאָס לאַנד אדום, וואָס האָט מיין פֿאָלק מיט די פֿיס געטראָטן!״ (הפוך כסדום ארץ אדום — אשר אני הדום לרגליהם). לויט דעם וועלט־באַנעם פֿון ישראל נאַגאַראַ מוז די אומגערעכטיקייט באַשטראָפֿט ווערן, אַכזריותדיקע רשעות און גוואַלדטאַטן פֿאָדערן דין און משפּט, און משיח קאָן די וועלט ניט אויסלייזן, איידער די אומגערעכטיקייט איז ניט באַזייטיקט און די שוואַרצע זינד איז ניט אויסגעלאָשן דורך גערעכטן עונש. אָט דער מאָטיוו קלינגט אין פֿילע נאַגאַראַס לידער. „נא את דמי מהם דרוש!״ [1] — פֿאָדער פֿון זיי מיין פֿאַרגאָסן בלוט — רופֿט אויס דער דיכטער. „עד אנה אויבי עלי ראש ירים [2] — ביז וואַנען וועט מיין פֿיינד איבער מיר געוועלטיקן!״ „הייב אויף דיין שפּיז קעגן מיינע באַ־דריקער, באַצאָל זיי מיטן דאָפּלטן בראָך״ (וגם משנה שברון) [3]. „באַוואַרף זיי מיט טויט־שרעק, טרינק זיי אָן מיטן גיפֿטיקן בעכער!״ [4] „צעוואַרף זיי, צעשפּרייט זיי ווי דעם שטויב פֿון די וועגן״ [5]. „קלייד זיך אָן אין צאָרן, דו גאָט מיין באַשעפֿער, די שווערד קער אין איר שייד ניט צוריק, ביז מיין פֿיינד וועט זיין צעשמעטערט און דערפֿילט וועט זיין די נקמה״ [6]. „צעשמעטער די קעפּ פֿון יעקבס פֿיינד, פֿאַרטיליקט זאָלן ווערן די, וואָס האָבן דיין היילקטום צעשטערט״ [7]. „באַצאָל, דו לעבעדיקער גאָט, די פֿעלקער, וואָס טוען יעדן טאָג מיר קריג ערקלערן, פֿאַרוואַנדל זיי אין שטומע הינט, וואָס קאָנען ניט בילן״ (שימם כלבים אלמים אשר לא יכלו לנבוח) [8]. „דו גיב וואָס גיכער מיין פֿאָלק, שיק מיר מיין גואל־בטן... נעם נקמה פֿון מיינע פֿיינד, און זאָלן פֿאַלן דורכן

---

[1] „פזמונים״, נומ׳ 15.

[2] „עולת תמיד״, נומ׳ 142.

[3] דאָרטן, נומ׳ 181.

[4] דאָרטן, נומ׳ 162.

[5] דאָרטן, נומ׳ 6.

[6] דאָרטן, נומ׳ 63.

[7] „עולת שבת״, נומ׳ 40, „עולת תמיד״, נומ׳ 66.

[8] „עולת שבת״ נומ׳ 2.

שווערד רוים און איר באַהערשער! [1] באַצאָל דעם פיינד, וואָס פייניקט די אומשולדיקע טויב — דיין האַרציקע געליבטע...'' [2]

דאָ באַרירן מיר דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך אין נאַגאַראַס פּאָעטישן שאַפן. דער רעליגיעזער עקסטאַז וועט צונויפגעפלאָכטן מיטן ליבע־מאָטיוו, די באַציִונגען פון דעם יחיד און דעם גאַנצן פאָלק צו גאָט ווערן איינגעהילט אין אַ עראָטישן לבוש און באַקומען אַ ריין סעקסועלע פאַרבונג. די מיסטישע איבערלעבונגען און ריין גייסטיקע שטרעמונגען ווערן אויסגעדריקט אין דער שפּראַך פון ערדישע תּאוות און מענטשלעכע גלוסטונגען. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז אין דער ערשטער תּקופה פון זיין פּאָעטישן שאַפן איז נאַגאַראַ געווען אַ טרייער תּלמיד פון דער אַראַביש־שפּאַנישער שול. זיין לידער־זאַמלונג ,,מימי ישראל'' איז פאַרפאַסט לויט די שטרענגע כּללים פון דער אַראַבישער מעטריק. מיט גאַנץ אַנדערע פאָרמען באַנוצט זיך דער דיכטער אין זיין רעליגיעזער ליריק. אויסער דער פאַררעדע און דעם אַריינפיר צו ,,זמירות ישראל'' איז בלויז איין־איינציק ליד (פּזמונים, נומ' 88) פאַרפאַסט לויט די כּללים פון ,,יתד'' און ,,תנועה''. באַפרייענדיק זיך פון דער אַראַבישער מעטריק, נוצט נאַגאַראַ אויס מיט גרויס ערפאָלג נייע פאָרמען — די פאָרמען, וועלכע עס האָט געפּרוווט מיט זיינע באַשיידענע כּוחות איינבירגערן אין דער העברעישער ליטעראַטור שלמה בן מזל־טוב. אין זיינע וואַנדער־יאָרן איבער פאַדער־אַזיע און די לענדער, וואָס אויף די ברעגעס פונם מיטל־אַלטער, האָט ישראל נאַגאַראַ געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די פאָלקסלידער, וואָס ווערן געזונגען אויף די שפּראַכן פון די באַמערעפנדיקע לענדער: אַראַביש, טערקיש, שפּאַניש, נייגריכיש און איטאַל־

1 „עולת תמיד", נומ' 220: „החש נא לעמי מרגעה... ושלח את משיחי... „לקחת נקמתי הואל מאויבי יהיה לחרב ולטבח אלוף עירם ומגדיאל, משגבי שימם כעורב וכזבח".

2 די צאָל פון אַזעלכע ציטאַטן וואָלטן מיר נאָך געקאָנט באַדייטנדיק פאַרגרעסערן, אין עס איז ממש אומבאַגרייפלעך, ווי אַזוי שאול פּנחס ראַבינאָוויטש האָט געקאָנט קומען צום אויספיר („מוצאי גולה", 355), אַז „דער רוף צו נקמה לאָזט זיך קיינמאָל ניט הערן פון נאַגאַראַס ליבעפולער האַרפע". אויך אין די נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע נאַגאַראַס לידער זיינען די טענער פון ליבע און האָפענונג צונויפגעפלאָכטן מיט צאָרנדיקע אויסגעשרייען פון האַס און נקמה. זע ביילאַגע 13, ג'. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אויך אַן אַנדער מקובל, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער סביבה פון די צפתער מקובלים, חיים וויטאַלס תּלמיד, חיים כּהן, האָט פאַרפאַסט אייניקע לידער, ווו די טענער פון ליבע און האָפענונג גיסן זיך צונויף מיט צאָרנדיקע אויסרופן פון האַס און נקמה. אין זיין מיסטישן דיאַלאָג־ליד „דודי יָבַד לְגַנוֹ לרעות בגנים" ערקלערט דער געטלעכער געליבטער דער כּנסת ישראל: „נקם אלביש ושלהבת יָהּ, ואשרוף בית עכו"ם ובית המצרָיה, אשכיר חִצַי מִדַם חלל ושבְיָה, ותהי זאת נֶחָמָתִי".

יעניש. דאָס רוב פון די דאָזיקע לידער זיינען געווען עראָטישע לידער, וואָס באַזינגען דעם כּישוף פון ליבע און פרויען־שיינקייט. די יידישע יוגנט פלעגט אויך מיט גרויס חשק זינגען די דאָזיקע ליבע־לידער און לויט זייער מוסטער שאַפן ענלעכע לידער אויך אויף דער ביבל־שפּראַך. „מיר זיינען דערווידער — קלאָגט זיך נאַגאַראַ — די דאָזיקע פרעמד־שפּראַכיקע לידער. אַ סוף וועל איך מאַכן צו דעם גרויסן געפילדער; באַנייען וועל איך דעם הייליקן בונד און פאַרדרענגען וועל איך די אויס־געלאַסענע לידער פון גלוסטונג און תּאווה" [1].

און פאַרדרענגען די עראָטישע לידער האָט ער געפּרוווט אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופן: ער האָט געשאַפן געגוי נאָך דעם ריטם און ניגון פון די דאָזיקע פאָלקס־לידער רעליגיעזע פּזמונים און פּיוטים. ער פלעגט דערביי ניט נאָר אויסנוצן די רייכע פאָרמען און קלאַנגען פון די אַראַבישע און טערקישע פאָלקס־לידער, — נאָר טאַקע יעדעס מאָל געגוי דערביי אָנווייזן דאָס באַטרעפנדיקע פרעמד־שפּראַכיקע ליד, זיין ריטם און מאָ־טיוו, וואָס האָט אים געדינט אַלס מוסטער. מיר באַגעגענען דערפאַר גאַנץ אָפט ביי זיינע לידער אַזעלכע באַמערקונגען: פּזמון נאה לחן* ני אקוניים דיואַניוס תורקי, אָדער פּזמון נאה לחן יא עין כרי סאל עניבא עארבי אאז"וו [2].

עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז ניט בלויז בכדי דערוויטערן די יידישע יוגנט פון די עראָטישע פאָלקס־לידער האָט נאַגאַראַ דערפאַר געפלייסט זיך צופּאַסן זיינע רעליגיעזע לידער צו דער ריטמיק און מע־לאָדיע פון דער פרעמדשפּראַכיקער פאָלקס־ליריק. וואָרעם די „צופּאַסונג" באַגרענעצט זיך ניט בלויז מיט דער אויסערלעכער פאָרם, דעם ריטם און מעטריק פון דעם פערזן־בוי — זי גייט אויך באַדייטנדיק טיפער: זי פילט זיך אַפילו אין די בילדער און סימבאָלן, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך דער דיכטער. זיין רעליגיעזע ליריק איז אָנגעזעטיקט מיט דער עראָטישער טערמינאָלאָגיע, זי אָטעמט מיט דער ברענענדיקער שפּראַך פון שטורמי־

---

[1] לְשׁוֹן זָר שָׂנֵאתִי — וְשִׁירִים בִּתְלָתִי — כְּבֵדִים הֵם אִתִּי — כְּמַשָּׂא עַל כְּתֵפִּי
וּבָחַרְתִּי שִׁירָה — לְמַרְבֵּה הַמִּשְׂרָה — וְשַׁחַר אָעִירָה — וְאַף אִם דַּל אַלְפִּי
בְּרִית קוֹדֶשׁ אָקִים — וּבִטַּלְתִּי חוּקִים — לְשׁוֹנוֹת כָּל חוֹשְׁקִים — אֲשֶׁר חָמְדוּ יוֹפִי
אֲשֶׁר בָּהֶם יֶהְגוּ — וְחַיִּים יַשִׂינוּ — וְעוֹד הֵם לֹא יַשְׂגוּ — בְּהַגָּדוֹת דוֹפִי.

* לחן — מאָטיוו, ניגון, מעלאָדיע.

[2] אין אייניקע (גאַנץ וויי־קע) פאַלן דינט נאַגאַראַן אַלס מוטטער ניט קיין פרעמדשפּראַכיק, גייערט אַ העברעיִש ליד, ווי צ"ב: „פּזמון לחן ידיד נפשי בך חשקי". מער באַריכות וועגן דעם זע ביי וו. באַכער, ציט. אַרבעט, ב' 59, 101—105.

שער ליידנשאַפט. אַט אין דער פולבלוטיקער שפראַך פון הייסן באַגער און שטאַרקער ליידנשאַפט געפינט דער דיכטער די פּאַסיקסטע פאָרמען, בכדי אַמבולטסטן אויסצודריקן זיינע מיסטיש־רעליגיעזע עמאָציעס. אין דער לאַנגער קייט פון גאַנצע הונדערטער עלעגיעס און פזמונים ציט זיך ביי נאַגאַראַן דער אייגנאַרטיקער וויכּוח, דער צווייגעשפּרעך צווישן דער טראַגיש אומגליקלעכער געליבטער, די כּנסת ישראל, מיט איר געטלעכן באַשערטן, וואָס האָט זי אין זיין צאָרן פאַרלאָזן. און אין דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער, מיסטיש־שיינער ליבע־עפּאָפּייע קלינגען די פאַרשיידנ־אַרטיקסטע טענער: פון די צאַרט־ווייכע און האַרציק־טרויעריקע, ביז די ברענענדיק־שטורמישע, אין וועלכע עס פלאַקערט דער פייערדיקער גוס פון קאָכנדיקער ליידנשאַפט, און עס הערט זיך דער אויסגעשריי פון אומ־דערשיטערטער האָפענונג, וואָס ווערט געטראָגן אויף די ליכטיקע פליגלען פון ניצחונדיקער פרייד.

„הגידה לי מאור עיני — זאָג מיר, דו ליכט פון מיינע אויגן, — קלאָגט זיך די פאַרלאָזטע געליבטע, — פאַרוואָס האָסטו פאַרגעסן די, וואָס גלוסט נאָך דיר און קלאַפּט אין די טירן פון דיין לייטזעליקייט" [1]. „ווי גרויס איז מיין שמאַרץ! וועלן דען אייביק דויערן מיינע שווערע ליידן? וועסטו דען אויף אייביק פאַרגעסן דיין טייבעלע, דיין מיט דיר פאַרליבטע?" [2] „זינט דו, מיין פריינד דו ליבער, האָסט מיך פאַר־לאָזן — האָבן אָן שלאָף מיינע אויגן פאַרגעסן. קער אום צו מיר, מיין הילף, מיין באַשיצער! גיך דערלייז מיין נשמה!" [3] „ווי אַ הירש איז מיין הייס־געליבטער אַנטלאָפן; זיין הויז האָט ער פאַרלאָזן, און זיין פאַר־בענקטע אין געפענגעניש געלאָזן... מיינע ברידער, מיינע ליבע און אויך מיינע פיינד! זאָגט מיר, ווי לאַנג וועט ער אויף מיר צאָרענען? ווי לאַנג וועל איך שמאַכטן, פאַרגעסן, פאַרלאָזן, פון יעדן פאָלק געטראָטן?" [4] „בוי אויף וואָס גיכער דיין צעשטערט הויז! מיט מיר טו דאָרט וווינען, מיין ליבע וועל איך דיר שענקען און באַגליקט וועל איך מיין ליד אים זינגען!.." [5]

1 „עולת תמיד", נומ' 12.

2 דאָרטן, נומ' 49: למה זה כאבי נצח ומכתי אנושה
למה אל תזנח לנצח יונה לך מאורשה.

3 דאָרטן, נומ' 35. 4 „פזמונים", נומ' 82.

5 איינס פון נאַגאַראַס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער:

יואל אֶל כביר — לבנות דביר — וישכון עמי
שם אתן דודַי — לו ובלי בַי יאריך שלומי
רנה לו אעיר — אם אבוא עיר — לא אתן דמי
אל דר מעוני — יקראני — כי ידע שמי.

דרינגט מען טיפער אריין אין נאגאראס פאעטיש שאפן, ווערט דאן ערשט רעכט קלאר, אז אויך ניט בלויז דער עראטישער עלעמענט האט עס גורם געווען, וואס נאגארא האט צוגעפאסט זיינע רעליגיעזע לידער צו דער מעלאדיע און ריטמיק פון דער פאלקס־ליריק. עס האבן דא נאך מיט־געווירקט אנדערע זייער וויכטיקע סיבות, וואס זיינען געווען ענג פאר־בונדן מיט דער אייגנארטיקייט פון נאגאראס דיכטערישן טאלאנט. נאגארא האט געהערט צו דעם ארט דיכטער, וואס זיינען קודם־כל זינגער, זיי שאפן מוזיקאלישע געזאנגען, ניט זיי שרייבן שירים. דער טאן, דער אקארד גייט ביי זיי פאר דעם דיכטערישן ווארט. די ריטמיק אין נאגאראס לידער שטאמט קודם־כל דערפון, וואס נאגארא האט זיי געפילט און געשאפן אלס געזאנגען; ער האט זיי פריער געזונגען איידער ער האט זיי אויפן פאפיר געשריבן. ער האט זיי געבויט און געפארמט לויט די געזעצן פון מעלאדישן ריטם, ניט לויט די כללים פון פערזן־מעטריק. ערשט ווען מען באטראכט נאגאראן קודם־כל אלס זינגער, אלס געזאנג־דיכטער — קאן מען געהעריק אפשאצן זיין וואונדערבאר געפיל צום מעלאדישן פערזבוי, זיין גרויסע מייסטערשאפט אין געזאנג־טעכניק. נאגארא ווייס קונציק אויסצונוצן דעם אייגנארטיקן ריטם פון דעם פאלקס־ליד. דורך איבערחזרן איינעם און דעם זעלבן שלום־פערז, דורך ספע־ציעלע ריטמישע פויזעס, הארמאנישן צונויפפארן גלייכטעניקע ווערטער [1], דורך שנעלן ריימען־טעמפ און אייגנארטיקע צוזאמענקלאנגען — דער־גרייכט דער דיכטער די שענסטע עפעקטן.

אין אן איבערזעצונג איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דעם ליבלעכן חן פון די, אין שטילן טרויער געטרענקטע געבעט־סטראפן פון דער פאר־לאזטער געליבטער:

יעוף חלומי — ויורד חזיוני
בנטות זממי — אחר מחמד עיני;
ברח מעמי — ונטש מעוני
לו שאפה — נכספה
גם כלתה נפשי אאז״ו [2].

אדער:

---

[1] ווי משה אבן עזרא און אלחריזי בשעתם, אזוי באנוצט זיך אויך נאגארא זייער קונציק מיט איין און דעם זעלבן ווארט, נאר מיט פארשיידענעם באטייט. אינטע־רעסאנט איז אין דער הינזיכט איינס פון זיינע נאך ניט פארעפנטלעכטע לידער. זע ביילאגע נומ׳ 13, ד׳.

[2] „עולת תמיד״, נומ׳ 88.

צחרי גואלי יה — צורי גואלי יה!
מהר והחש פדות — יעלה יפהפיה אאז״ו [1]

ווי אַ צאַרטער פּליוטן־טאָן ציען זיך די גראַציעז־עלעגישע סטראָפן:

יה אל מגן להולכי תום — הולכי תום
שבתך מי ימלל עד תום,
רחם לב דל אין בו מתום — בו מתום
אל בך ירוחם יתום
רחם לב וכו׳ [2].

אָדער:

ידידי רועי מקימי — ממרמס אנשי לצון!
הגידה לי עתה על מי — נטשת מעט הצאן
נטשת מעט הצאן [3].

די תמימות־צאַרטע, טרויעריקע טענער רייסן אָבער ניט זעלטן איבער שטורמישע, מיט ליידנשאַפט איבערלאָדענע אַקאָרדן. „ידד שינת עיני — איך ווייס ניט פון שלאָף און פון רו! — רופט אויס די פאַר־וואָגלטע און בענקענדיקע — איך ווער ווי אַ שיפל געשליידערט איבערן ברויזנדיקן ים פון ליידנשאַפט. צו דיר — מיין פריינד, מיין ליבער, מיין שטאָלץ און מיין רום... אַ זויג־קינד וואָלט איך זיין געוואָלט, און דו זאָלסט זיין מיין אַם. ביי דיינע פּרעכטיקע ברוסטן וואָלט איך געלעגן, מיין דורשט געשטילט — מיין פריינד, מיין ליבער, מיין שטאָלץ און מיין רום! — אַ יונגע צווייג וואָלט איך זיין געוואָלט, דו זאָלסט ביי מיר רוען אין שאָטן פון מיין גאָרטן, און איך זאָל איבער דיין פרוכט וואַכן — מיין פריינד, מיין ליבער, מיין שטאָלץ און מיין רום! — אַ געצעלט וואָלט איך זיין געוואָלט, און דו זאָלסט רוען אין אים; באַגליקט וואָלטן מיר פרייד און לוסט גענאָסן — מיין פריינד, מיין ליבער, מיין שטאָלץ און מיין רום! אַ גלאָק וואָלט איך זיין געוואָלט, און דו — מיין ווידערקול! מיט מיין ליד וואָלט איך דעם פלאַם פון דיין ליבע געשטילט — מיין פריינד, מיין ליבער, מיין שטאָלץ און מיין רום! — דיין קנעכט וואָלט איך זיין געוואָלט, און דו מיין באַפעלער. איך טו גלוסטן דיך צו דינען!

[1] דאָרטן, נומ׳ 72.

[2] „פזמונים״, נומ׳ 33. באַזונדערס צווישן נאַנאַראַס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע ווערק איז גרויס די צאָל פון פזמונים, וואָס זיינען פאַרפאַסט אין ריטם פון פאָלקס־לידער. זע ביילאַגע נומ׳ 13, ה׳.

[3] דאָרטן, נומ׳ 93.

זיסער פון פרייהייט איז מיר ביי דיר אין קנעכטשאַפט צו זיין, מיין פריינד, מיין ליבער, מיין שטאָלץ און מיין רום״ [1].

„ירתח כסיר לבי — קלאָגט זיך די פאַרליבטע אין אַן אַנדער ליד (עולת תמיד, נומ׳ 102) — עס ברויזט ווי אַ קעסל מיין האַרץ, מיין געליבטער האָט מיך פאַרלאָזן. נאָך אים בענקט מיין נשמה און איך שמאַכט אין געפענגעניש. פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרגעסן — מיין ליבער, מיין שטיצע, מיין האָפענונג און טרייסט! איבער אַלע וועגן טו איך בלאָנדזשען, אַלע וואַנדערער טו איך פרעגן: צי האָט איר ניט געזען מיין פריינד, מיין געליבטן, די פרייד פון אַלע הערצער? זאָגט אים — איך בין קראַנק פון ליבע, זאָל ער זאָגן, ווען וועט ער דעם פלאַם פון מיין האַרצן שטילן?״ [2]

„אַך, קום וואָס גיכער — מיין פריינד, דו ליכט פון מיינע אויגן! גענוג זיין אין וואָגל, גענוג! קער אום צו מיינע ברוסטן, צו מיינע ברוסטן קער אום, מיין פריינד, דו ליכט פון מיינע אויגן!״ (די נדוד די! בין שדי שוב, שדי שוב, דוד מחמד עיני!).

און דער „געליבטער״ בלייבט ניט טויב צו די זיפצן פון זיין „טייבעלע״. די געליבטע איז דאָך אַזוי רייצנד שיין. „וויין ניט, מיין ליבע, פאַרגיס ניט קיין טרערן, דיינע אויגן זיינען דאָך אַזוי וווּנדערשיין. מיט דיין איינציקן בליק האָסטו מיין האַרץ געפאַנגען! זיסער פון די בעסטע וויינען איז דער ווייַרויך פון דיין אָטעם! שענער פון פורפור זיינען דיינע ליפּן, ליבער פון אַלע אוצרות איז מיר דיין ליבע. גיך קום צו מיר, מיין ליבע! גענוג צו בלאָנדזשען אין פרעמדע לענדער — קער אום אין דיין היים — צו מיר קער אום, דו ליבע, דו שיינע! מיט טרומייטן און האַרפּעס לאָז שאַלן דיין ליד—וועסט מער שוין פון עלנט ניט וויסן״ [3]. „יונתי, מה לך נודדת — מקן אל קן תרחפי! — גענוג שוין זיין אין וואָגל, דו טייבעלע מיין, גענוג בלאָנדזשען פון נעסט צו נעסט. אין זייד און אין שפּאַניער טו זיך אָנקליידן, מיין שוועסטער, מיין פריינד, ליב־

---

1 „עולת תמיד״, נומ׳ 97.

2 שאלתי נא לכם הולכי נתיבות,
הראיתם דוד חשקי חמדת לבבות?
אמרו לו כי אני חולת אהבות
מתי מני ישקים אשי להבות.

3 „עולת תמיד״, נומ׳ 11. אויסער די גרויסע צאָל לידער, אין וועלכע דער געליבטער באַזינגט זיין „ליב טייבעלע״, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן נאַגאַראָם שיין דועטן־ליד „יעלה יעלה בואי לגני״, אין וועלכן דאָס געליבטע פּאָר ערקלערט זיך אין קעגנזייטיקער טרייער ליבע.

טייבעלע מיין! גלייך וועל איך פאַרזאַמלען דאָס פאָלק דאָס צעזייטע, קום גיך צו מיר, שוועסטערל, כּלה דו מיין!" [1].

„ימי אבלך שלמו — דיינע טרויער־טעג זיינען שוין פאַרביי, פאַר־געסן די יאָרן פון ליידן, און צעשמעטערט איז דער פיינד, וואָס האָט דיין היים צעשטערט; קום צו מיר, מיין פריינדין! קום צו מיר, מיין פריינדין, דיין וואָגל האָט מיין האַרץ צעבראָכן, ניט פאַרגעסן איז דיין וויי, קום צו מיר, מיין פריינדין! קיין בצרון טו אומקערן, דו שענסטע האָפענונג מיין! זאָל אין מיין וווינונג דאָס געזאַנג־ליד דערשאַלן, קום צו מיר, מיין פריינדין! דיין פאַרלאַנג וועל איך דערפילן, איך וועל דיין גואל שיקן — זינג־זשע מיר דיינע לידער, וואָס זיינען מיר אַזוי זיס! קום צו מיר, מיין פריינדין אַז"וו [2].

„באַלד קומט דער טאָג פון דערלייזונג, דער טאָג פון דערלייזונג פאַר אומשולדיק בלוט. גענוג צו שמאַכטן צווישן פיינד — קום רוען אין מיין שוים. טרינק מיך אָן מיט דיין בשמים־אָטעם, געליבטע דו מיין! לאָז מיך הערן דיין זיסע שטימע, זינג מיר דיינע לידער — דו מיין איינ־ציקע, ליבע, געווונטשטע. זינג דיין יובל־ליד — איך קום גלייך דיר צו הילף, דערלייזן דיך פון לאַנגן גלות. טריי איז מיין ליבע צו דיר, מיט אַ קרוין וועל איך דיין קאָפּ באַצירן, באַנייען דיין יוגנט וועל איך, און בליען וועסטו ווי דער ווייַנבוים ביי דעם פרישן קוואַל" [3].

אין ריין מזרחישע בילדער און פאַרגלייכונגען באַזינגט דער גע־ליבטער דעם כּישופדיקן חן פון זיין געליבטער [4]. אַ פּראָזע־איבערזעצונג איז ניט אימשטאַנד צו געבן אַ באַגריף וועגן דער גראַציעזער צאַרטער שיינקייט, פון אַזוינע האַרמאָניש־מוזיקאַלישע, שפּילעוודיקע סטראָפן:

יפו דודיך נעימה — איומה כנדגלות
שפתיך צוף וריח — אפך מר ואהלות.
רום קומתך לברוש דמה — שדיך לאשכלות
אל מי אדמך צביה — בצבאות או באילות [5].

ווי אַ פינקלדיקער בעכער פון בעסטן ווייַן טוען שימערירן די נאַגאַ־רישע סטראָפן מיט זייערע פילפאַרביקע קאַסקאַדן פון וווּנדערבאַרע צו־זאַמענקלאַנגען:

---

1 דאָרטן, נומ' 16.

2 דאָרטן, נומ' 66.

3 אויס דעם פּזמון „יין הטוב רטוב השקיני".

4 „עולת תמיד", נומ' 55, 94, 100, 101, 104 און פילע אַנדערע.

5 „עולת תמיד", נומ' 159.

ימימה, תמימה ונעימה — עדינה בואי נא עמי!
כבודה בת מלך פנימה — ברנה ותחינה קומי
אחותי רעיתי קדומה — אהבתיך קראתיך אמי
שזופה הדופה ורדופה אאז״וו... [1]

נאָך איין שטריך מוז צום סוף אָנגעמערקט ווערן אין נאַגאַראַס פּאָעטישן שאַפן. מיר האָבן געזען אין וואָסערע עראָטישע בילדער דער דיכטער שילדערט דעם מיסטישן פּאַטאָס פון רעליגיעזער התלהבות, און די ליכטיקע האָפענונג אויף דעם באַלדיקן דערשיינען פונם משיח און אויס־לייזער. אָבער אויך אינם גייסט פון די צפתער מקובלים טוט נאַגאַראַ באַקלאָגן די נישטיקייט פון דער ערדישער וועלט מיט אירע קליינלעכע באַגערן, און רופט צו תשובה און חרטה. נאָך אין די יונגע יאָרן זיינע האָט נאַגאַראַ פאַרפאַסט אַ דידאַקטישע פּאָעמע „משחקת תבל" וועגן דער נישטיקייט פונם מענטשנס עולם־הזה [2]. אין דער דאָזיקער פּאָעמע איז אָבער פיל מער רעטאָריק ווי אמת געפיל; ערשט אין דער שפּעטערדיקער תקופה פון נאַגאַראַס פּאָעטישן שאַפן געפינט דער דאָזיקער מאָטיוו אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין אַ גאַנצער צאָל האַרציקע תפילות און עלעגישע לידער [3]. באַזונדערס טיפּיש איז אין דער הינזיכט זיין ביז איצט נאָך ניט פאַרעפנטלעכט עלעגיש ליד [4] מיט דער מעלאַנכאָלישער אָנפאַנגס־סטראָפע: „ינום גבר, ישון גבר" — עס דרעמלט דער מענטש, עס שלאָפט דער מענטש אויף זיין געלעגער. ער מיינט ער רוט — און ער איז בלויז אַן אויגנבליקלעכער שאָטן, וואָס פליט אַן פליגלען און ווערט גלייך פאַר־שוווּנדן".

„ובניתי טורים כזוהר מזהירים!" — איך האָב סטראָפן גע־שאַפן, וואָס שיינען ווי דער זון־אויפגאַנג — זאָגט מיט שטאָלץ וועגן זיך דער דיכטער. און דער דיכטער האָט געהאַט רעכט אויף אַזאַ אייגנלויב. די סטראָפן פון דעם באַשעפער פון „זמירות ישראל" און „שארית ישראל" דערגרייכן מיט זייער קונסטפולער פאָרם די שלימות פון די גרויסע מייס־טער אויס דער אַראַביש־שפּאַנישער תקופה. די מיסטישע התלהבות, דער אומשטילבאַרער דראַנג נאָך דעם אייביקן און אומשטאַרבלעכן, די

---

1 „פזמונים", נומ׳ 28.

2 פאַרעפנטלעכט אין „מימי ישראל" (169—171). דער דיכטער ווענדט זיך צו זיין דור: „שמעו שמוע מלתי ואחותי, קומו ודמו למו עצתי, כי אמת יחגה חכי ולשוני, שמעוני ובחנוני נא בזאת להבזות תבל והמודותיו אשר כבודו תאהבון לכלמה ולדראה את השם הנכבד והנורא תולהו על בלי מה, להתרחק מלצחק בחיק נכריה נשיה הומיה".

3 זע „עולת חודש", נומ׳ 24, 26, 27, 38, 40 א"אַ.

4 מיר ברענגען עס בשלימות אין ביילאַגע נומ׳ 13, ו׳.

שטורמישע כוואַליעס פון טיפע געפילן און איבערלעבונגען, וואָס גיסן זיך אויס אין פילפאַרביקע בולטע בילדער — דאָס אַלץ דערהויבט נאַגאַראַס בעסטע שאַפונגען אויף אַ גאַנץ באַדייטנדיקער הייך. און ניט אומזיסט איז נאַגאַראַ געוואָרן דער באַליבטסטער דיכטער ביי די יידן אין מזרח, און זיינע לידער זיינען געוואָרן ניט ווייניקער פּאָפּולער ווי די פּיוטים פון דעם גרויסן ציונס דיכטער, יהודה הלוי. אויך אין „מנהג אשכנז" האָבן נאַגאַראַס לידער ניצחונדיק אַריינגעדרונגען, אויך ביי די אשכנזישע יידן איז דער דיכטער פון דמשק געליבט און געאַכפּערט, און זיין באַרימטער אַראַמעיִשער פּזמון „יה רבון עלם ועלמיא" ווערט מיט התלהבות צו שלש־סעודות געזונגען.

נאַגאַראַ האָט געשאַפן אַ גאַנצע שול. פילע פּייטנים האָבן איבער־גענומען זיין סטיל, געדיכטעט לויט זיין נוסח [1]. אויך זיי האָבן ווי זייער מוסטער געזונגען וועגן ביאת המשיח, אַלע האָבן זיי מיט געשפּאַנטער אומגעדולד געוואַרט אויף דער באַלדיקער גאולה...

ניט אָבער בלויז אין דמשק און פּאַלעסטינע האָט נאַגאַראַס מוזע געפונען אַזאַ שאַרפן אָפּקלאַנג, נייערט אפילו אין דעם ווייטן תימן, אויפן דרומדיקן עק פון דעם אַראַבישן האַלב־אינזל. אין „עם לבדד ישכון" איז אין משך פון לאַנגע דורות געווען דער קליינצאָליקער יידישער קיבוץ אין תימן. ביז אין דער נייסטער צייט האָט מען כמעט ווי גאָרניט געוווּסט וועגן דעם לעבנסשטייגער און קולטורעלן מצב פון די תימנער יידן. ערשט נאָך דעם ווי יעקב ספיר האָט באַשריבן זיין רייזע איבער תימן [2], האָט זיך דערוועקט דער אינטערעס צו דעם תימנער ישוב; אייניקע אייראָ־פּעיִשע ביבליאָטעקן האָבן באַלד דערוואָרבן האַנטשריפטלעכע לידער־זאַמלונגען און אַנדערע מאַנוסקריפּטן אויס תימן, ווי אויף אַזאַ אופן איז צום ערשטן געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ וועלכן ס'איז באַגריף וועגן דעם קולטורעלן שאַפן פון די תימנער יידן.

אין משך פון לאַנגע דורות האָבן די תימנער יידן געלעבט אין דחקות און נויט, אויסגעשטאַנען שווערע גזירות און רדיפות; זייער

---

1 אייניקע פון אַזעלכע לויט זיין מוסטער געשאַפענע לידער האָט נאַגאַראַ גופא אַריינגענומען אין זיין „שארית ישראל" (זע ביילאַגע, נומ' 13). אַ סך פּיוטים פון נאַגאַראַס נאָכפאָלגער זיינען אָפּגעדרוקט אין די זאַמלונגען „ספר פזמונים" (קאַלקוטע, 1842), „שירי זמרה" (טונים, 1872) און „יגל יעקב" (ירושלים, 1885). אין דער לעצטער זאַמלונג זיינען איבערגעדרוקט פיל פּיוטים און פזמונים, וואָס זיינען שוין געווען פאַרעפנטלעכט מיט צען יאָר פריער אין ירושלים. מער באַריכות וועגן דעם, זע באַכער, ציט. אַרבעט, 60, 221—234.

2 זע: „אבן ספיר", I, 111—148.

גאַנצע טרייסט האָבן זיי געפונען אין קבלה־ספרים און — אין לידער־
געזאַנג. ניט בלויז אין בית־תּפילה, נאָר אויף יעדער פאַרזאַמלונג און
שמחה, אויף אַ ברית מילה, בר־מצווה, בפרט אויף חתונות, ווערן ביי די
תּימנער יידן געזונגען פילע רעליגיעזע און וועלטלעכע לידער מיט אייגנ־
אַרטיקע הארציקע ניגונים [1]. אַלס העכסטע מוסטערן און פאַרבילדער פאַר
זייערע לידער האָבן געגאָלטן די קלאַסישע דיכטער פון דער שפּאַנישער
תּקופה. מיט גרויס ליבע פלעגן זיי אָפּשרייבן פאַר זייערע לידער־זאַמלונ־
גען פילע לידער פון שלמה גבירול, יהודה הלוי, משה און אברהם אבן
עזרא [2]. די לידער, וואָס די תּימנער יידן גופא האָבן געשאַפן, צייכענען
זיך אויס מיט זייער טיפּישער אייגנאַרטיקייט — זייער צווייִשפּראַכי־
קייט. יהודה הלוי און אייניקע אַנדערע דיכטער אויס דער שפּאַנישער
תּקופה (אַלחריזי, יוסף אבן צדיק א"א) פלעגן אַמאָל איינפלעכטן אין
זייערע לידער אַן אַראַבישן פערז, בכדי צו דערגרייכן אַ געוויסן עפעקט. ביי
די תּימנער דיכטער איז אָבער עפּעס גאָר אַנדערש. ביי זיי זיינען די העב־
רעיִשע און די אַראַבישע שפּראַכן אַזוי ענג צונויפגעוואַקסן, אַז זיי שאַפן
אויף ביידע שפּראַכן צוזאַמען: ניט נאָר זיי שרייבן העברעיִשע און אַראַ־
בישע לידער — זיי שאַפן אויך צ ו ו י י ש פּ ר אַ כ י ק ע לידער, אין וועלכע
העברעיִשע און אַראַבישע פערזן קייטלען זיך איינער נאָך דעם אַנדערן.
ביז דעם 17טן י"ה האָט זיך אָבער ביי די תּימנער יידן ניט באַוויזן קיין
איין אמת באַגאַבטער דיכטער; דאָס זיינען אַלץ געווען חזנים, וואָס
האָבן בלויז נאָכגעמאַכט פרעמדע מוסטערן. ערשט אינדערמיט פונם
זיבעצנטן י"ה טרעט אַרויס צווישן די „משוררי תּימן" אַ טאַלאַנטפולער
דיכטער, וואָס שאַפט אַ גאַנצע שול. און טאַקע דער דאָזיקער דיכטער,
צוזאַמען מיט זיינע נאָכפאָלגער, געפינען זיך אונטער דער שטאַרקער
השפּעה פון ישראל נאַגאַראַס פּאָעטישן שאַפן. שלם (סאַלם) בן יוסף
אל־שבזי ילוד משתּא הייסט דער דאָזיקער דיכטער.

וועגן דעם לעבן פון דעם דאָזיקן תּימנער דיכטער ווייסן מיר גאַנץ
ווייניק פּרטים. אַלס שריפטשטעלער און פּערזענלעכקייט האָט ער אויף
זיין דור געמאַכט אַזאַ גוואַלדיקן רושם, אַז שוין ביים לעבן האָט מען זיין
נאָמען מיט פאַנטאַסטישע לעגענדעס באַצירט, און די ווונדערבאַרסטע
ניסים וועגן אים דערציילט. יעדן פרייטאָג, דערציילט מען וועגן אים אין
תּימן, פלעגט ער דורך קפיצת הדרך זיך דערלאַנגען קיין ארץ־ישראל, און

---

1 זע א. צ. אידעלזאָן „געזאַנגע דער יעמיטישען יודען", 1914.

2 די תּימנער יידן האָט מען עס צו פאַרדאַנקען, וואָס ס'אי אויפגעהיט גע־
וואָרן אַברהם אבן עזראס „דיוואַן", וועלכן י. אייגערס האָט פאַרעפנטלעכט אין 1886.

דאָרט פאַרבראַכט זײַנע שבת אַמאָל אין ירושלים, און אַן אַנדערש מאָל אין צפת צי אין חברון; און נאָך הבדלה, שבת־צונאַכט, פלעגט ער ווייטער דורך קפיצת הדרך זיך צוריק איבערפעקלען קיין תּימן. אַלע מלכים צוררי ישׂראל פלעגן פאַר אים מורא האָבן אימת מוות, וואָרעם ער פלעגט זיי שווער באַשטראָפן מיט די גרעסטע יסורים. ווונדערבאַר איז אויך געווען זײַן שאַפונגס־קראַפט. ער האָט פאַרפאַסט אַזוי פיל ווערק, אַז גאַנצע דרײַ הונדערט אייזלען האָבן קוים געקאָנט דערטראָגן אַזאַ גוואַלטיקע משׂא. אויך נאָך זײַן טויט איז ער געבליבן דער גרויסער בעל־מופת. אויף זײַן קבר, דערציילט יעקב ספיר, ברענט עד־היום אַ נר־תּמיד און אויס אַלע עקן פונם לאַנד קומען קראַנקע מתפּלל זײַן אויף זײַן קבר, און ווען דער קראַנקער וואַשט זיך דערנאָך מיט דעם וואַסער, וואָס קוועלט פון דער הייל ביי שביזים קבר — ווערט ער גלייך געהיילט. און אָט דער דאָזיקער גרויסער בעל־מופת, דערציילט די אַגדה, איז כּל ימיו געווען אַ יגיע כּפּים, זיך מפרנס געווען פון וועבעריי.

אייניקע גענויע ביאָגראַפישע פּרטים קאָן מען אַרויסבאַקומען בלויז פונם דיכטערס ווערק. אַדאַנק זיי ווייסן מיר, אַז משתּא איז דעם דיכטערס פאַמיליען־נאָמען [1], שביזי — דער נאָמען פון זײַן געבורטס־אָרט (לעבן טעיז), ווו ער האָט צום ערשטן די וועלט דערזען אין 1619 [2]. רוב ימיו האָט ער פאַרבראַכט אין דער רעזידענץ־שטאָט פון תּימן, אין צנעה (אין העברעיִש הייסט זי אוזל); ער האָט אָבער, ווי עס שיינט, אַ שטיק צייט געמוזט זיך אויפהאַלטן אין דער פּראָווינץ, ווייל ער קלאָגט זיך אין איינעם פון זײַנע לידער:

שמעתי חכמת בני אוזל
ואני בין אויבי כּמו נגזל.

געשטאָרבן איז ער אין טעיז נאָך 1679, ווייל צווישן זײַנע לידער געפינט זיך אַ קלאָגליד אויף דעם גירוש, וואָס די תּימנער יידן האָבן איבערגעלעבט אין דעם דאָזיקן יאָר.

דעם דיכטערס פאָטער, אַליין אַ הייסער מקובל, האָט אויך זײַן זון נאָך אין די יונגע יאָרן באַקענט מיט דער חכמת הנסתּר, און יענער האָט צו 27 יאָר פאַרענדיקט אַ מיסטישן פּירוש אויף תּורה מיטן נאָמען „חמדת ימים“. דער קבלה־פאָרשער ג. שלום, וואָס האָט דער ערשטער באַקענט

[1] יעקב ספיר האָט אַ טעות בעת ער דערציילט, אַז משתּא איז דער נאָמען פונם דיכטערס מוטער.

[2] ספיר האָט ווידער אַ טעות, בעת ער ווייזט אָן, אַז שבזי האָט געלעבט אין 16טן י"ח. די דאָזיקע פאַלשע דאַטע געפינען מיר אויך אין דער יידיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע, ב' VIII, 600.

מיט דעם דאָזיקן זייער זעלטענעם ספר [1], שטרייכט אונטער, אַז שביזי איז נאָך דעמאָלט ניט געווען באַקאַנט מיט דער לערע פון די צפתער מקובלים. דערפאַר האָט ער זיך געפונען אונטער דער שטאַרקער השפעה פון דעם דיכטער, וואָס האָט געלעבט אין דעם אידעען־קרייז פון די צפתער „גורי האר"י", דעם פאַרפאַסער פון „זמירות ישראל", ישראל נאַגאַראַ. וועגן ישראל נאַגאַראַס גרויסער פּאָפּולאַריטעט ביי די תימנער יידן זאָגן עדות די אויפגעהיטע האַנטשריפטלעכע לידער־זאַמלונגען, וואָס זיינען געשריבן אין תימן אין דעם 17טן י"ה. אין יעדן פון זיי געפינען זיך מערערע נאַגאַראַס לידער, און אין דער לידער־זאַמלונג אויס דער הרכבי־קאָלעקציע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך באַנוצט [2], איז אַפילו בפירוש אָנגעוויזן, אַז אייניקע לידער זיינען אָפּגעשריבן פון „זמירות ישראל". אייניקע פון די דאָזיקע לידער זיינען געווען אַזוי באַליבט, אַז די תימנער יידן האָבן זיי גערעכנט פאַר אייגענע, און זיינען געווען זיכער, אַז אַ תימנער דיכטער האָט זיי פאַרפאַסט. דאָס האָט אַפילו אייניקע פאָרשער געבראַכט צום טעות, און זיי רעכענען, למשל, צווישן די „שירי תימן" נאַגאַראַס שיין ליד „ידד שנת עיני" [3]. די דאָזיקע אויסשליסלעכע פּאָפּולאַריטעט האָבן נאַגאַראַס לידער צו פאַרדאַנקען ניט נאָר זייער מיסטיש־משיחישער שטימונג, נייערט אויך זייער מעלאָדישן ריטם, וואָס האָט געמוזט באַזונדערס אויסנעמען ביי די תימנער יידן, וועלכע האָבן אַזאַ חולשה צו ניגונים און געזאַנג. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס נאַגאַראַס מיסטישע מוזע האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקע השפעה אויף דעם פּאָעטישן שאַפן פון דעם תימנער בעסטן דיכטער — דעם מקובל שלם שביזי.

שביזי גופא ווייזט אָן אין איינעם פון זיינע אַראַבישע לידער, אַז שוין אין די גאַנץ יונגע יאָרן האָט זיך צו אים די מוזע באַוויזן, און ער האָט אָנגעפאַנגען לידער צו שרייבן. ביי די תימנער יידן איז פאַראַן אַ לעגענדע, אַז שביזי זאָל האָבן פאַרפאַסט ניט ווינציקער ווי 15 טויזנט לידער [4]. דאָס איז נאַטירלעך אַ גוואַלדיקע גוזמא, עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז שביזיס לידער דאַרף מען ציילן אין די הונדערטער. וו. באַכער גיט אין זיין מאָנאָגראַפיע „די העברעישע אונד אַראַבישע פּאָעזיע דער יודען יעמינס" אַ רייסטער פון קנאַפּע צוויי הונדערט שביזיס לידער.

1 „קרית ספר", V, 266—272.

2 זע ביילאַגע, נומ' 14.

3 זע, ד. יעלין אין „השלח", II, 159; י. ספיר מיינט אַפילו אַז דאָס דאָזיקע ליד האָט שביזי פאַרפאַסט (אבן ספיר, I, 111).

4 זע אידעלזאָן אין „רשומות", I, 31.

אויף ווי ווייט דער דאָזיקער רייסטער איז ניט פולשטענדיק, איז זיך לייכט משער צו זיין אויס פאָלגנדיקן פאַקט: אין דער אויבנדערמאָנטער לידער־זאַמלונג פון דער הרבּי־קאָלעקציע האָבּן מיר געפונען 17 שבּיזים לידער, וואָס זיינען ניט פאַרצייכנט אין באַכערס רייסטער. ווי אַלע אַנדערע תימנער דיכטער האָט אויך שבּיזי געשריבּן ניט נאָר העבּרעיִשע און אַראַבּישע לידער, נייערט אויך צוויישפּראַכיקע, ווו העבּרעיִשע פערזן זיינען צונויפגעבונדן מיט אַראַבּישע [1].

לויט דעם אינהאַלט נאָך זיינען שבּיזים לידער — „מכּל המינים‟. ער שרייבּט ליבּ־לידער פאַרשיידענע שררות, יידישע און מוסולמענישע, באַקאַנטע און פריינד; אין איין ליד באַזינגט ער אפילו די גבורות פון די מוסלמענישע קריגסמענער [2]. אויך האָט ער אַ גאַנצע צאָל וויכּוחים־לידער געשריבּן. עס פירן ביי אים וויכּוחים ניט בּלויז דער פאַמיליע־פאָטער מיט דעם ניט באַווייבּטן, נאָר אפילו דאָס קאַווע־געוויקס מיט דעם טאַבּאַק און מיט דער ספּעציעלער תימנער פלאַנצונג קאַת — ווער פון זיי איז בּילכער און נוצלעכער, און דער דיכטער מאַכט אַ פּשרה און פסקנט, אַז בּילכער פון זיי אַלע איז דער וויינשטאָק. ניט אָבּער אין די דאָזיקע לידער באַווייזט זיך די אייגנאַרטיקייט פון שבּיזים מוזע, ניט מיט זיי האָט זיך קונה־שם געווען אונזער דיכטער אויס תימן, נאָר מיט זיינע טיפּיש־יידישע רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע לידער.

וו. באַכער טיילט איין שבּיזים לידער אין פאַרשיידענע גרופּן: 1) תּפילות, 2) תּהילות ותשבּחות צום הקבּ״ה, 3) געזעלשאַפטס־לידער, 4) חתונה־לידער, 5) רעליגיעזע באַטראַכטונגען, 6) ליבּע־לידער, 7) דידאַקטישע לידער אאַז״וו[3]. עס איז אָבּער פּאַקטיש זייער שווער צו מאַכן אַ מחיצה צווישן איין גרופּע און דער אַנדערער, וואָרעם אין דעם באַשטייט דאָך די אייגנאַרטיקייט פון שבּיזין אַלס דיכטער, וואָס ס׳איז ביי אים כּמעט אוממעגלעך אָפּטיילן דעם יחיד פונם קיבּוץ, דעם דיכטער פון דער כּנסת ישראל, דאָס נאַציאָנאַלע פונם רעליגיעז־מיסטישן. די אַלע לידער־גרופּן פאַרייניקט איין גרונד־געדאַנק, איין גרונד־שטימונג — דאָס בענקען נאָך ציון, די ראָמאַנטישע האָפענונג אויף באַלדיקער גאולה. עס פילט זיך דאָ בּלי־ספק די שטאַרקע השפּעה פון דעם בּעל „זמירות ישראל‟; נאָר ווייל שבּיזי איז געווען אַן אמתער דיכטער, אַנטפּלעקט ער זיך פאַר אונז אין

[1] דער פון באַכער צונויפגעשטעלטער רייסטער באַשטייט אויס 55 העבּרעיִשע, 85 אַראַבּישע און 52 צווישפּראַכיקע לידער.

[2] וועגן דער השפּעה פון דער אַראַבּישער סבּיבה און אַראַבּישע דיכטער אויף שבּיזין, זע באַכערס ציטירטע אַרבּעט, 47.

[3] דאָרטן, 82—83.

זיין פּאָעטישן שאַפן ניט אַלס נאַגאַראַס אַ געוויינלעכער תּלמיד, וואָס זינגט נאָך און חזרט איבער יענעמס „נוסח״ און „שטייגער״, נאָר אַלס באַגאַבטער מייסטער, וואָס פאַרשטייט ווי איבערשמעלצן אַלטן שטאָף אין נייע פאָרמען, אַרויפלייגן אויף באַקאַנטע, פון אַנדערע שוין אויסגענוצטע מאָטיוון, דעם שטעמפּל פון זיין פּערזענלעכקייט, באַלעבן זיי מיטן אינטימען צאַפּל פון זיין פּאָעטישער נשמה. געוויס האָט דאָ אויך צו זאָגן די השפּעה פון דער אייגנאַרטיקער סביבה — פון דעם תּימנער יידישן קיבוץ, וואָס האָט אין לאַנגן משך פון פילע דורות אָפּגעזונדערטן לעבנס־שטייגער געשאַפן זיין אייגענעם ריטם, זיין אייגנאַרטיקן נוסח, וועגן וועלכן מיר ווייסן עד־היום אַזוי ווייניק...

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך אין שביזיס פּאָעטישן שאַפן איז דער מיסטיש־סימבאָלישער לבוש. מען קען ביי אים געפינען בלויז אַ גאַנץ קנאַפּע צאָל לירישע לידער מיט אַ רעאַל־קאָנקרעטן, שאַרף אָפּגעגרענעצטן אינהאַלט, ווי אַ שטייגער די לידער „נפש יחידה איך לסוד אל תצפני״ און „ביעלת חן יחידתי דבוקה״. אינם ערשטן [1] מוטיקט דער דיכטער זיין נשמה אין איר דראַנג צו גאָט, און אינם צווייטן [2] גיסט ער אויס זיין ליבע צו דער תּורה, און פאַרזיכערט, אַז זי מאַכט אים פאַרגעסן די שווערע ליידן פון גלות (ושכחתי בגלותי מצוקה). דער תּימנער דיכטער רעדט אָבער זייער זעלטן בלויז וועגן זיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען, אָפּגעזונדערט פונם כּלל, פונם קיבוץ. אָט רופט אויס מיט גרויס פּאַטאָס דער דיכטער: „אהבת צור קוני בתוך לבי ייחודו שחרי וגם ערבי!״ [3]—פעסט אין מיין האַרצן איז מיין ליבע צו מיין באַשעפער, זיין גרויסקייט און איינציקייט טו איך לויבן ביי טאָג און ביינאַכט, ער איז מיין שוץ און מיין פעסטונג אאַז״וו. און אָט דעם לירישן השתּפכות הנפש האַלט דער דיכטער פאַר נייטיק צו פאַרענדיקן מיט דער ווענדונג צום קיבוץ, צום „עם קודש״, זיי זאָלן אין ציון געדענקען (הזכירו ציון בשמחתכם), און וואַרטן אויף דער ליכטיקער בשורה, וואָס וועט פאַר זיי ברענגען דער נביא אויס תּשבי. דאָס לירישע ליד ווערט מיט אַמאָל מגולגל אין אַ געזעלשאַפט־ליד, וואָס פלעגט, ווי עס שיינט, געזונגען ווערן אויף שמחות ביים טיש. אָט זינגט דער דיכטער אַ לויב־געזאַנג דעם לעבעדיקן גאָט, וואָס האָט אַלע וועלטן באַשאַפן; די שלום־סטראָפן ווערן אָבער פאַרוואַנדלט אין אַ געבעט, גאָט זאָל וואָס גיכער העלפן דער „פאַרוואָגלטער

---

[1] געפינט זיך אין דער אויבנדערמאָנטער האַנטשריפטלעכער לידער־זאַמלונג אין הרבּבי־קאָלעקציע.

[2] פאַרעפנטלעכט דורך ד. יעלין, „השלח״, II, 155.

[3] אין דער אויבן ציטירטער האַנטשריפטלעכער לידער־זאַמלונג.

טאָכטער'', און אויסלייזן די ,,לייבין, וואָס וואַנדערט איבער פרעמדע טירן'' (והחישה לבת גלים דרושה, פדה לישה נדודה בפתחים) [1]. דאָס אייגענע חזרט זיך איבער אין דעם שיינעם ליד ,,ארץ ושמים וחילם עומדים'' [2]. אין פראַכטפולע סטראָפן טוט דער דיכטער שילדערן ווי דער גאַנצער קאָסמאָס, אַלע שטערן און הימל־שאַרן טוען פרייזן און לויבן גאָט דעם אַלמעכטיקן. און פלוצלונג רייסט זיך איבער דאָס יובעלנדיקע לויב־געזאַנג, און פאַרענדיקט זיך מיטן הכנעהדיקן געבעטראַקאָרד: ,,צורי! פדה עם קדשך הנודדים ובקול מבשר לי בחן ישמיעו!'' — לייז אויס, מיין באַשעפער, דיין אויסדערוויילט פאָלק, וואָס וואַנדערט אין וואָגל; לאָז הערן מיט ליבע די שטים פונם גואל! אין זיין מיסטיש ליד ,,אדון הכל מחיה כל נשמה'' [3] שילדערט דער דיכטער, ווי גאָט גיסט אויס זיין גרויס גענאָד אויף דער ערשטער ספירה, די חכמה ,,בת נדיבה'', וואָס רעגירט אַדאַנק דעם גלאַנץ פון דעם געטלעכן חסד איבער אַלע וועלטן; אָבער אויך דאָס ליד פאַרענדיקט זיך מיט דער כאַראַקטעריסטישער שלום־סטראָפע: ,,שיק אונז, מיין פריינד, די זאַלבונג פון גלעד, דאָרט אין ציון וועלן מיר זיך פרייען, סיי מענער, סיי פרויען'' (בציון נשמחה גבר ועלמה).

ווי ביי גאַבּיראָלן, אַזוי אויך ביי שביזין רייסן זיך דורך גאַנץ אָפט צווישן די מאָטיוון פון משיחישע האָפענונגען אויך שטורמישע אַקאָרדן פון נקמה־געפיל. שביזי גופא האָט איבערגעלעבט דעם גירוש אויס דער תימנישער רעזידענץ־שטאָט צנעה (אוזל), וועלכן ער האָט באַשריבן אין זיין עלעגיע ,,אזיל דמעותי''; אין פילע אַנדערע לידער באַקלאָגט ער די שווערעליידן, וואָס זיין פאָלק האָט אויסצושטיין פון די ,,ווילדע מוסל־מענער'' (בני קדר ופרא). אין זיין שיין ליד ,,אם ננעלו דלתי נדיבים דלתי מרום לא ננעלו'', קלאָגט זיך דער דיכטער:

כי סבבו עלי כלבים — מכל עברים נקהלו,
פרא ואריה עם זאבים — לבי ונפשי הבהלו! [4]

,,פאַרשלאָסן איז מיין מויל — ערקלערט דער דיכטער אין אַן אַנדער ליד — אין דעם טאָג פון וואָגל; צעזייט און צעשפרייט איז מיין פאָלק, אומזיסט טו איך זוכן אַן אייגענעם פריינד — פאַרוואָרפן בין איך, פאַראָרעמט, איבערפולט מיט שרעק האָט מיך דער טאָג פון רויב!'' [5] און

1 דאָרטן, 233.
2 דאָרטן, 269.
3 דאָרטן, 232, אויך פאַרעפנטלעכט דורך אידעלזאָן, ציט. אַרב. 39.
4 פאַרעפנטלעכט דורך אידעלזאָן אין דער ציט. אַרב., 53.
5 „נעלמתי יום נדוד, כל קהל עמי מזורה, אחשקה רעים ודוד ואני מסכן ושורה, ביעתני יום שדוד".

דער דיכטער ווענדט זיך מיט געבעט צו גאָט: „בעבור אבות ישרים, קבצה כל הפזורים, וזכרה חסד נעורים, נעלה ציון חברים, אשמעה כי בא אורי!״ קער אום, מיין גאָט, דעם רעשט פון דיין פאָלק, דערפיל זיין האָפענונג, פאַרטיליק און פאַרשנייד זיינע פיינד, גיס אויס דיין צאָרן אויף די רשעים, צעברעך זייער אָרעם, ווייל זיי האָבן דיינע קינדער אַזוי פיל רשעות געטאָן; דעם אָרעמען און אומגליקלעכן טוען זיי אונטערדריקן; פאַרצייכן אין ספר אַלע זייערע זינד״ [1]. באַזונדערס טיפּיש פאַר שביזי זיינען די לידער, אין וועלכע דער מיסטישער קאָלאָריט ווישט אָפּ די גרעניעצן צווישן דעם דיכטער, דער כנסת ישראל, דער תורה און דעם דיכטערס מוזע. אין דעם ליד „מעלות גלגל וחשמל״ [2] ווענדט זיך דער דיכטער צו די הימל־ספערן מיט געבעט: „פרעגט די פריינדין (רעיה) אום מיינעטווילן: „ווי לאַנג וועל איך נאָך אין גלות שמאַכטן, דער פיינט וועט מיך אונטערדריקן און ווי אַ געפאַנגענער וועל איך, גאָטס דינער, זיפצן צווישן די בני קדר, וואָס טוען מיך אַזוי האסן?״ אין דער צווייטער סטראָפע ענטפערט די „פריינדין״: „קום, ידיד, ודרוש שלומי! פון אים — מיין פריינד, — שטאַמט מיין געזעץ און מיין גליק, זאָל ער מיין פאָלק זיין גרוים גענאָד שענקען״ (ויגמל רוב חסדיו להמוני). אין דער דריטער סטראָפע רעדט שוין די כנסת ישראל: „כי בחשק אהבתי יום ולילה אזכרהו — טאָג און נאַכט טו איך מיט ליבע אין אים געדענקען, זאָל זיין גנאָד איבער מיר שטראָמען; ער פאַרגעסט דאָך ניט אין דעם ווער עס טוט אים רופן! אין די ווייטערדיקע סטראָפן רעדט שוין דער דיכטער גופא; ער ווענדט זיך צו דער נשמה זי זאָל אום גאָטס גענאָד בעטן. אין דער לעצטער סטראָפע ווענדט ער זיך צו דער „פריינדין״, זי זאָל זיך פרייען מיט דעם אויסדערוויילטן העלד (משיח); און פאַרענדיקט מיטן ווונטש: „יבעה צורי ויאמר: בא ילוד דוד אדוני! געקומען איז מיין האַר, דודס שפּראָצלינג!״

מיט אַ גאַנץ ענלעכער האָפענונג־סטראָפע (נשמעה כי בא גאוני, הוא ילוד דוד אדוני, אל ירושלים יעליני) פאַרענדיקט זיך דאָס צווייישפּראַכיקע ליד „איהו אלחצן אלמסה אסם״) [3], ווו דער דיכטער ערקלערט מיט שטאָלץ: „לי גברת חן, תימן תערוך שלחן וכוס, אשמעה שירים ופזמון, היא לכל חי תעמוס שיפנה דודה בארמון״. אין דער דאָזיקער „גברת חן״,

1 „שובה, אלהי, על שארית עמך ותן לה אחרית, תשמיד לאויביהם ותכרית... השקף בזעם על רשעים, שבר זרועות פושעים כי הם לבניך מריעים, עני ואביון קובעים, כתבה עונותם בספר״.

2 אין דער האַנטשריפטלעכער זאַמלונג, 170.

3 אין דער האַנטשריפטלעכער לידער־זאַמלונג.

וואָס לאָזט דעם דיכטער הערן „שירים ופזמון", פלעכטן זיך צוזאַמען דעם דיכטערס אַלע דריי געליבטע: די מוזע, די כנסת ישראל און די תורה. דאָס אייגענע חזרט זיך איבער אין דעם לאַנגן מיסטישן ליד „שישי גברת"[1]. די „הארין" דערפרייט זיין הארץ בייטאָג און ביינאַכט (שחרי וערבי), צוזאַמען מיט איר טוט ער לויבן דעם איינציקן באַשעפער; זי איז דאָס לעבעדיקע וואָרט פון זיינע לעפצן, זי טוט דערוועקן אין זיין נשמה גאָטס גייסט, טוט זיין טרויער פאַריאָגן און באַלייכט אַלע זיינע וועגן און שטעגן (היא המאירה מהלכי נתיבי). „מיין גייסט, בעט דער דיכטער, טו שטאַרקן און דערוועקן, בעת איך טו דיכטן און שאַפן; זעטיק און דערפריש די בלומען פון מיין גאָרטן; באַוויליק, דו שיין־אויגיקע (יפת עין), מיט גענאַד און ליבע דעם אָרעמען און פאַרוואָגלטן; זאָל וואָס גיכער קומען דער קץ הגאולה, זאָלן מיר דערהערן די ליכטיקע בשורה: געקומען איז משיח פון אליהון באַגלייט! זאָל דער רוף דערשאַלן: שטייגט אויף קיין ציון מיט א יובל־געזאַנג!"

אין דעם האַרציקן ליד „אני הדל"[2] הייסט דעם דיכטערס „הארין" הדסה; זי שוועבט שטענדיק איבער אים מיט גרוים ליבע בשעת זיין טראַכטן און שאַפן (בסוד אהבת הדסה, המכסה עלי ראשי בשעת הגיוני). „הדסהס ליבע — ערקלערט דער דיכטער — איז פעסט אין מיין האַרצן געבונדן בעת איך וואַנדער אין גלות מיט מיינע הילכיקע טריט... טאָג און נאַכט טו איך אין איר געדענקען, מיין הארץ און געדאַנקען זיינען אין דער ליבע געפאַנגען. די ליבע טענער מאַכן אין וואָגל פאַרגעסן, איך מיט מיין פריינדין טוען יובלען אין געזאַנג"[3]. אין אַנדערע לידער הייסט דעם דיכטערס הארין און געליבטע „איומה" און „איומתי" (מיין דערהויבענע). „איומתי תעורר אהבתי, לשיר שיר לנורא אל תהלות"[4] — מיין דערהויבענע טוט מיין ליבע דערוועקן, זי פאָדערט איך זאָל א לויב־געזאַנג זינגען גאָט דעם אַלמעכטיקן. אין דעם ליד „איומה בהר המור"[5]

---

[1] דאָרטן.

[2] פאַרעפנטלעכט דורך אידעלזאָן, ציט. וו. 40.

[3] אהבת הדסה על לבבי נקשרה
ואני בתוך גולה פעמי צוללים...
שחרית וערבית בת נדיבים אזכרה
לבי ורעיוני בחשק נבהלים.
בנעים זמירות מנדוד אתעוררה
ואני ורעיתי ברינה צוהלים...

[4] אין דער האַנטשריפטלעכער לידער־זאַמלונג.

[5] דאָרטן.

פאָדערט דער דיכטער ביי זיין „דערהויבענע" אויף דעם „הר המור" צו שטייגן, און דאָרט א לויב־ליד דעם באַשעפער זינגען. אין גאַנץ מיסטישע פארבן שילדערט דער דיכטער אינם ליד „ריח הדם" [1], ווי די מוזע האָט אים באַזוכט אינדערמיט פון דער נאַכט; אין א צווייט ליד, „יחידה בת גלים" [2], הייסט שוין דעם דיכטערס „האַרין" — בת גלים; נאָר דאָ איז שוין דעם דיכטערס מוזע — די כנסת ישראל, און די טויב, דער מיסטישער סימבאָל פון דער שכינה, טוט פלאַטערן, שפּרייט אויס אירע פליגל איבער „די גורלות" (עלי הגורלות) און טוט בעטן פאַר גאָט דעם אַלמעכטיקן... [3]

די טויב אַלס סימבאָל פון דער שכינה ווערט ביי שבזין ספּעציעל באַזונגען אין א מיסטיש ליד „יונה לדודה איש אמונות תאבה", ווו גאָט און די שכינה ווערן געשילדערט ווי א פאַרליבט חתן־כלה־פּאָר, און אַלע צען ספירות טוען די כלה באַשיינען און באַצירן [4].

„מי נשקני?" ווער האָט מיך געקושט — מיט די דאָזיקע ווערטער הייבט זיך אָן א גאַנצע גרופּע שבזיס לידער. „מי נשקני מנשיקות אהבה — ווער האָט מיך געקושט מיט א ליבע־קוש?" [5]. דאָס רעדט עס דער דיכ־טער מיט זיין נשמה, וועלכע בענקט און לעכצט צו די הימלען נאָך דעם ליבע־קוש, וואָס זי האָט אין חלום באַקומען. „מי נשקני ואני גולה וסר" — ווער האָט מיך געקושט און איך בין פאַרוואָגלט, פאַרטריבן; „אין תימן דעם לאַנד טו איך ברומען און קלאָגן"—אַזוי פאַנגט זיך אָן א צווייט ליד דער דיכטער ווענדט זיך מיט טרייסט־ווערטער צו דער תימנער כנסת ישראל; זי דאַרף האָפן, אז איר געליבטער וועט זי ניט פאַרלאָזן, קומען וועט דער טאָג, ווען „יציץ משיחנו כציץ פורח"; זיכער איז דער דיכ־טער, אז „אעלה להר ציון ושיר פוצח ואשמעה מפי ידידי מאמר: יַנון ואליהו אני שולח!" „מי נשקני ואני נגעלתי", דאָס באַקלאָגט זיך די די כנסת ישראל פון תימן — ווער האָט מיך געקושט, און איך בין אומ־ריין און שמוציק; אין די געצעלטן פון קידר טו איך שמאַכטן. אין תימן בין איך, מיין נשמה איז אָבער פון דאָרט אַוועקגעפלויגן — צו ארץ הצבי טוט זי ווי א אינדיין גלוסטן! „מי נשקני ואני נעלמתי?" — ווער האָט מיך

---

1 דאָרטן.

2 דאָרטן.

3 דאָרטן.

4 אידעלזאָן, ציט. אַרב., 42. אין דעו שלום־סטראָפע האָלט דער דיכטער פאַר נייטיק אָנצוווייזן: „זה שיר ילוד יוסף לאיש יבין בסוד, פי גם בשירי זה וידי כתבה, כי עם ידיד נפשי דעתי רחבה".

5 אין דער האַנטשריפטלעכער זאַמלונג.

געקושט, איך בין דאָך פאַרבאָרגן און פאַרהוילן! דאָס חלומט עס די כנסת ישראל, אז זי איז ביי איר געליבטן אין דעם פּאַלאַץ פון ליבע, און דערפילט זיינען אירע שענסטע האָפענונגען. דער דיכטער בענטשט די געליבטע אין איר זיסן חלום, און טראָגט איר אַלס קוש־געשאַנק זיין ליד אַנטקעגן [1]. ווי נאַגאַראַ אַזוי האָט אויך שביזי אַ סך דיאַלאָגן־לידער געשריבן, אין וועלכע די כנסת ישראל גיסט אויס אין דער שולמית־שפּראַך איר ברענענדיקע ליבע צו איר געטלעכן געליבטן. טיפּיש איז אין דער הינזיכט דאָס ליבע־ליד: „קול דודי דופק". די געליבטע ערקלערט:

קול דודי דופק — אפתחה לידידי.
אענה מרחוק — אומרה אל דודי:
אם תהא משתוקק — תינקה משדי
מדבש המתוק — מצרי גלעדי.

דער געליבטער ענטפערט:

החישה רעיתי — את נעימה תמה!
אין בך מום בלתי — את כגלגל חמה,
תלכי נא אתי — אל חדר בית אמא.

און די געליבטע ענטפערט מיט די ווערטער פון שולמית: „לך נרוה דודי!" [2]

אין נאָענטער קרובהשאַפט מיט די דאָזיקע דיאַלאָגן־ליבע־לידער געפינען זיך שביזיס חתונה־לידער. מיר האָבן שוין מערערע מאָל אָנגעוויזן, וואָס פאַר אַ מיסטישן לבוש די בעלי קבלה האָבן געגעבן דעם געשלעכטלעכן פאַרקער צווישן מאַן און ווייב; אין דער חתונה־צערעמאָניע, אין דעם חתן־כלה־פּאָר, זעען זיי דעם סימבאָל פונם הייליקן בונד צווישן דער גאָטהייט און דער שכינה, צווישן דעם הקב"ה און דער כנסת ישראל; אין דער חתונה־מוזיק הערן זיי דעם שופר של משיח, וואָס זאָגט אָן די בשורה פון באַלדיקער גאולה. כמעט אַלע שביזיס חתונה־לידער טראָגן דעם דאָזיקן מיסטישן, נאַציאָנאַל־משיחישן כאַראַקטער. דאָס אויבן ציר־טירטע מיסטיש־לירישע ליד „אהבת הדסה" איז אויך אַ חתונה־ליד, ווי עס זאָגט וועגן דעם עדות די סטראָפע:

בינה, עדת קודש, בשירה חֲברה
חתן וכלה בחֻפּה נכללים.

1 אֶשַּׁק פְּנֵי חֶבְרַת סגולה בחלום
בכתב שירי כמו חותמת.

2 זע: אבן ספיר, I, 83; „רשומות", I, 37.

שטורמיש און מונטער הייבט זיך אָן ביי שביזין איין חתונה־ליד: „תן אשישה לי, ידידי, גם תנה הכוס לידי״ — גיב מיר דעם בעכער, מיין פריינד, דעם בעכער מיט וויין גיב אין מיין האַנט!״ [1] אָבער גלייך טוט דער דיכטער דערמאָנען: „אשאלה שוכן בשפרה, יגאלה עמו מהרה... יאסוף את כל נדודי!״ אין אַן אַנדער חתונה־ליד ערקלערט דער דיכטער: „אין דעם זאָל פון פרייד טו איך דאָך געדענקען די אומפאַרגלייכלעכע ליבע פון ציון״ (זה מקום שמחה — אבל אזכרה — אהבת ציון אשר נבחרה). און אין אַן אַנדער חתונה־ליד דערמאָנט ער דעם פאַרזאַמלטן עולם ער זאָל אויף דער שמחה אין ציון געדענקען (עם קודש, אשמח בהדרתכם, הזכירו ציון בשמחתכם). טיפּיש איז זיין ליד „אקוה חסד שוכן מעונים״ [2] עס איז אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעז ליד, אין וועלכן דער דיכטער בעט ביי גאָט ער זאָל שיקן באַלדיקע הילף דעם הייליקן פאָלק אין זיין וואָגל, מיטן קול שופר זאָל ער פאַרזאַמלען די צעזייטע און צעשפּרייטע און זיי גלייך צום באַרג ציון ברענגען [3]; און ערשט אוים די שלום־סטראָפן ווערן מיר געוואָר, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ חתונה־ליד:

תעודה הזכירי לבי ששונים
ושמחי עניים המרודים,
אז תשיש כלות וחתנים
ביין טוב ושושנת ורדים.

דאָס חתונה־ליד „אהלל בשיח״ באַזינגט פאַקטיש דעם בונד צווישן דעם הקב״ה און כנסת ישראל. „זינג צו דיין קיניג, בת ציון, זיין הילף איז שוין געקומען! עס הערן זיך שוין איבער די בערג די ליבע־טריט פון מבשר, וואָס זאָגט אָן די ליכטיקע בשורה. וואָרעם אַזוי האָט גאָט געזאָגט: „איך קער זיך אום צוריק קיין ירושלים און אַנטשפּויזן וועל איך דיך מיט צדק און משפט, מיט חסד און רחמים״ [4]. די פרייד פון חתן־כלה איז ביי אונזער דיכטער ענג פאַרבונדן מיט דער בשורה, וואָס וועט ברענגען דער נביא פון תשבי:

---

[1] האַנטשריפטלעכע זאַמלונג, 170.

[2] דאָרטן, 274.

[3] „שלח ישעך לעם קודש נדודים, להר ציון תשיבני נכונים, בקול שופר תקבץ הפזורים״.

[4] „זמרי למלך בת ציון... הנה ישעך בא... מה נאוו על ההרים רגלי מבשר, משמיע טוב וניחומים לאמר: כה אמר ד׳: שבתי לירושלים ברחמים... וארשתיך לי בצדק ובמשפט ובחסד וברחמים״.

משוש חתן עלה עלי לבי,

לכלה קום בשרה, תשבי! [1]

און מיט עקסטאַז, מיט פרייד רופט אויס דער דיכטער פון תימן:

שמעתי שיר מכנף ארץ,

קול אומר: מלך ילוד פרץ! [2]

דאָס האָט דאָן ביז צום ווייטן תימן דערגרייכט די ליכטיקע בשורה. ער איז געקומען, ער האָט זיך באַוויזן, דער לאַנג געוואַרטער, דער הייס־געגאַרטער! איבער דער גאַנצער דיאַספּאָראַ האָט זיך געלאָזט הערן דער שטאָלצער אויפרוף: איך, אייער משיח, שבתי צבי!..

---

1 „רשומות", I, 53.

2 פון עק לאַנד האָב איך אַ ליד דערהערט;
עס זאָגט אָן די בשורה: דער מלך איז דערשינען!

# זעקסטער קאַפּיטל

דער גרויסער דערפֿאָלג פֿון דער לוריאַנער קבלה. — די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע מאַראַנען אין נידערלאַנד. — דער נייער יידישער קולטור־צענטער אין אַמסטערדאַם. — יוסף פּענסו און זיין „אסירי התקוה". — יצחק אבוהב פֿונסיקו. — די משיחישע מיסטיק אין דער מאַראַנישער סביבה. — מנשה בן ישראל און זיין האָפֿענונג אויף ביאַת המשיח; זיין „מקוה ישראל" און „נשמת חיים"; זיין באַציִונג צו דער לוריאַנער קבלה. — אַברהם די־איר רה און זיין „שער השמים". —די קרובעשאַפֿט צווישן דעם הימלשן „אדם הקדמון" און דעם ערדישן מענטשן. — ברוך שפּינאָזע און זיין פֿאַרהאַלטן זיך צום יידנטום.

יצחק לוריאס קבלה, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אויף די ברעגעם פֿונם סודותדיקן נילוס, און אויפֿגעצויגן אין דעם שטילן פֿאַרוואָרפֿענעם שטעטעלע פֿון גליל, האָט באַלד אָפּגעהאַלטן די גלענצנדיקע נצחונות בכל תּפוצות ישראל. די „גורי האר"י" האָבן מיט גרויס ענערגיע פֿאַרשפּרייט זייער רבינס מיסטישע תּורה איבער אַלע לענדער. זי האָט באַלד זיך דערוואָרבן הייסע אָנהענגער אין איטאַליע, גלייכצייטיק אויך פֿאַרשפּרייט איר ממשלה איבער דעם באַדייטנדסטן יידישן קיבוץ אין די פּוילישע מדינות, און איר השפּעה האָט זיך אויך באַלד דערשפּירט אין דעם נייעם יידישן צענטער, וואָס האָט זיך געבילדעט אויף די ברעגעם פֿונם דייטשן ים, אין דעם פּראָטעסטאַנטישן נידערלאַנד. אין דער ערשטער העלפֿט פֿונם 16טן י"ה איז איטאַליע געווען דער איינציקער „עיר המקלט" פֿאַר די מאַראַנען, ווו זיי האָבן זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן פֿאַר דער שפּאַניש־פּאָרטוגעזישער אינקוויזיציע מיט אירע מחבלים. זינט דעם אָבער ווי דער קנאי קאַראַפֿאַ האָט דעם פּויפּסטלעכן שטול באַשטיגן און אין אַנקאָנאַ האָט אויפֿגעפֿלאַקערט דער שייטערהויפֿן, אויף וועלכן עס זיינען אומגעקומען די צענדליקער קרבנות — איז אויך איטאַליע געוואָרן פֿאַר די מאַראַנען ניט ווייניקער שטיפֿמוטערלעך ווי די איבעריקע קריסטלעכע לענדער. באַלד אָבער נאָכדעם, ווי די שוואַרצע קאַטוילישע רעאַקציע האָט אירע פֿליגלען איבער גאַנץ איטאַליע פֿאַרשפּרייט, האָבן די מאַראַנען אַ נייעם „עיר מקלט" געפֿונען אין דער געוועזענער פּראָווינץ פֿון דעם

גרויזאַמען פיליפּ דעם צווייטן, אין נידערלאַנד, וואָס האָט נאָך אַן עקשנותדיקן העלדישן קאַמף איר זעלבשטענדיקייט דערוואָרבן, און באַלד געוואָרן די טרייע פעסטונג פאַר פרייהייט און טאָלעראַנץ. שוין צום סוף 16טן י״ה האָבן די אַנטלאָפענע מאַראַנען געבילדעט אינם צענטער פון האָלאַנד, אין אַמסטערדאַם, אַ קליינע קאָלאָניע, וואָס איז באַלד, אין די ערשטע יאָרצענדליקער פונם 17טן י״ה, זיך צעוואַקסן אין אַ רייכער בליענדיקער יידישער קהילה. און טאַקע די דאָזיקע נייע תושבים, די אַנגע־לאָפענע, פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל אַנטרונענע מאַראַנען, האָבן ניט וויייניק מיטגעהאָלפן, וואָס דער מסחר און אינדוסטריע האָבן אַזוי שנעל אויפגעבליט אין נידערלאַנד און די דאָזיקע קליינע אָרעמע מדינה האָט באַלד אָנגעהויבן צו שפּילן די ערשטנדיקע ראָלע אויפן וועלט־מאַרק. ניט אָבער בלויז מאַטעריעלע רייכטומער און פינאַנסיעלע פעיִקייטן האָבן די מאַראַנען מיט זיך געבראַכט, נייערט אויך קולטורעלע אוצרות. צווישן די איבערוואַנדערער אויס דעם פּירענעיִשן האַלבאינזל זיינען אויסער באַנ־קירן און פעיִקע אונטערנעמער געווען אויך פיל אינטעליגענטע קרעפטן: דאָקטוירים, געלערנטע פאָרשער, ליטעראַטן און דיכטער, ...אַדאַנק רייכע מע־צענאַטן, וואָס האָבן געשטיצט מיט ברייטער און פרייגעביקער האַנט, האָט די יונגע אַמסטערדאַמער קהילה באַלד איינגעאָרדנט גוט אָרגאַני־זירטע לערנאַנשטאַלטן, רייכע ביבליאָטעקן, פּראַכטפולע דרוקערייען און איז אינגיכן געוואָרן דער וויכטיקסטער צענטער פון יידישער קולטור איבער גאַנץ צפון־מערבדיקער אייראָפּע. מיר האָבן שוין פריער, ביים באַהאַנדלען די ליטעראַרישע טעטיקייט פון משה זכותא, אָנגעוויזן, ווי אַזוי די מאַראַנען, פול מיט דאַנקבאַרקייט און ליבע צו זייער גאַסט־פריינדלעכער נייער היים, האָבן דאָך ניט געקאָנט פאַרגעסן אין זייער געבורט־לאַנד, די גרויזאַמע אומברחמנותדיקע שטיפמוטער, מיט איר רייכער ליטעראַטור, וואָס האָט דעמאָלט איבערגעלעבט איר גלאַנץ־תקופה. גראָד דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער „גאָלדענער יאָרהונדערט״ פון דער שפּאַניש־נאַציאָנאַלער דראַמע, וואָס האָט אַזוי פּראַכטפול אויפגע־בליט אונטער די וווּנדערבאַרע שטראַלן פון די צוויי גאונים: לאָפּע־דע־וועגאַ און קאַלדעראָן. דאָס האָט טאַקע געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דעם לי־טעראַרישן שאַפן פון די מאַראַנען, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער אינקוויזיציעס בלוטיקע נעגל אונטער דער שוץ פון דער האָלענדישער רעפּובליק. עס האָט זיך באַוויזן צווישן די אַנטלאָפענע מאַראַנען אַ גאַנצע צאָל דיכטער, וואָס גיסן אויס אויף שפּאַנישער שפּראַך אין לירישע לידער זייער וויי און בענקען נאָך זייער שטיפמוטערלעכער געבורט־היים; לויט דעם מוסטער פון די שפּאַנישע קלאַסיקער שאַפן די פון שפּאַניע און פּאָר־

טוגאל אנטלאָפענע העראָישע פּאָעמען, דראַמען און טראַגעדיעס. איין אַנטאָניאָ ענריקעץ גאָמעץ האָט פאַרפאַסט עטלעכע און צוואַנציק דראַמעס, אין וועלכע עס פילט זיך גאַנץ בולט די השפעה פון זיין בן־דור קאַלדעראָן. צווישן גאָמעצס דראַמעס געפינען זיך אייניקע ביבלישע, אויך אַ „פּורים־קאָמעדיע'' אונטערן נאָמען „Comedia famosa de Aman y Mordechay".

אַ צווייטער דיכטער, דער פּאָרטוגעזישער מאַראַן רעואל ישורון (פּאָולאָ די פינאַ) האָט פאַרפאַסט אַן אָראַטאָריע „די זיבן בערג'', וועלכע מען האָט געשפּילט ביי אַ פייערלעכער געלעגנהייט אין 1624 אין דער אַמ־סטערדאַמער שול „בית יעקב'' [1].

אין די ליטעראַרישע מאַראַנען־קרייזן זיינען אויך געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוּוון צו פאַרפלאַנצן אין דער העברעאישער ליטעראַטור די רייפסטע פּרוכט פון פּאָעטישן שאַפן — די דראַמע. וועגן איינעם פון די דאָזיקע פּרוּוון — וועגן משה זכותאס „יסוד עולם'', האָבן מיר שוין גערעדט אין דעם פריערדיקן טייל. נאָר זכותאס דראַמע איז געבליבן אין כּתב־יד, און ס'איז ערשט אין דער נייערער צייט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. אַן אַנדער מזל האָט געהאַט אַ צווייט העברעאישער דראַמאַטיש ווערק, וואָס ס'האָט פאַרפאַסט זכותאס אַ יינגערער בן־דור, יוסף פּענסו [2]. אַלס צען־יאָריק קינד איז יוסף פּענסאָ אָנגעקומען צוזאַמען מיט זיין מאַראַנען־פאַמיליע אין 1660 קיין אַמסטערדאַם, און זיך דערצויגן אין דער מוס־טערהאַפטער זיבנקלאַסיקער שול „תּלמוד תּורה'', אונטער דער השגחה פון יצחק אַבוהב און משה די־אַגוליאַר. אַלס 17־יאָריקער יונגלינג האָט פּענסו פאַרפאַסט זיין דריי־אַקטיקע אַלעגאָרישע דראַמע „אסירי התּקוה'', וואָס איז אַרויס פון דרוק אין 1673. אַזאַ אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג — אַ דראַמאַטיש ווערק אין פערזן אויף דער ביבל־שפּראַך — האָט געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם אין די ליטעראַרישע קרייזן פון אַמסטערדאַם, און איינאונצוואַנציק ליטעראַטן האָבן מיט התפּעלות געזונגען שבחים דעם יונגן דיכטער אין העברעאישע, לאַטייניש און שפּאַנישע פערזן.

איינער פון די דאָזיקע פּאַנעגיריקער רופט אויס מיט שטאָלץ:

---

[1] עס זיינען אפילו אויפגעהיט געוואָרן די נעמען פון די אַכט אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער אָראַטאָריע. זע קייזערלינג, די ספרדים, 20 (מיר ציטירן לויט דער העב־רעאישער איבערזעצונג); זע אויך, ד״ר י. שיפּער, „געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט", I, 134.

[2] באַקאַנט אין דער יידיש־שפּאַנישער ליטעראַטור אונטער זיין פאַמיליען־נאָמען די לאַ־וועגאַ. וועגן יוסף די לאַ־וועגאַס שפּאַנישע ווערק, זע ביי קייזערלינג, ציטירטע ווערק, 81—82.

„זיכער און שטאָלץ טרעט צום ערשטן אויף קאָטורנען אַרויס די העב־רעיִשע מוזע"[1].

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז פּענסוס ווערק איז אַן אַלעגאָרישע דראַמע. די צענטראַלע פיגור איז דער „מלך" — דער אַבסטראַקטער מענטש, אין וועלכן עס פירן מלחמה דער יצר־טוב מיטן יצר־הרע. דער „שׂכל", די „השגחה", דער „אמת" און דער הימלישער שליח, דער מלאך — פּלייסן זיך דער מענטש זאָל גיין בדרך הישר, נאָר דער שׂטן מיט זיינע דינער — דעם מענטשנס שלעכטע תּאוות, בראָש מיטן יצר־הרע אין דער פּערזאָן פון דער אויסגעלאַסענער פרוי, ווילן דעם מענטשן פאַרפירן, און אים פאַנגען אין דער נעץ פון זינד. דער קאַמף צווישן די שלוחים פון ליכט און פינסטערניש, די אינטריגעס פון די „בייזע גייסטער, זייער צייטווייליקער ערפאָלג און דער ענדגילטיקער ניצחון פונם שׂכל און דעם אמת — אין דעם באַשטייט די גאַנצע „אַקציע" פון דער דראַמע „אסירי התקוה".

אַלס ווערק פון אַ 17־יאָריקן יונגלינג, איז נאָך דער „אסירי התקוה" אַן אומצייטיקע פרוכט; די פאָרם איז ערטערווייז צו נאַיִוו און אומבאַהאָלפן. דאָך פילט זיך, אַז דער פאַרפאַסער איז אַ מענטש מיט באַגאַבונג, און זיין ערשטלינגס־ווערק איז אַן אָ נ ז אָ ג פון אַ צוקונפטיקן באַגאַבטן דיכטער. פּענסו האָט אָבער שפּעטער די העברעיִשע ליטעראַטור אינגאַנצן פאַרלאָזן, און זיין ערשטער פּרוּוו איז אָן אַ המשך געבליבן.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז העכער צוואַנציק ליטעראַטן האָבן אין לויב־לידער באַזונגען דאָס ערשטע העברעיִשע געדרוקטע דראַמע. דאָס רוב לידער זיינען פאַרפאַסט אין העברעיִש. איינער פון די דאָזיקע העברעיִשע דיכטער, שלמה די עלווערא, האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דיכטקונסט „שרשרות גבלות"; נאָר זיינע אייגענע לידער, ווי אויך די לידער פון זיינע חברים, האָבן קיין שום פּאָעטישן ווערט ניט. בלויז פּענסוס רבי, יצחק אַבוהב די פאָנסעקו, וואָס האָט אויך מיט התפעלות באַזונגען זיין שילערס ערשטלינג־דראַמע, האָט פאַרדינט זיין נאָמען זאָל דערמאָנט ווערן אין דער געשיכטע פון דער העברעיִשער ליטעראַטור. אַבוהבס לעבן איז גאַנץ רייך מיט דראַמאַטישע מאָמענטן און איבערלעבונגען. אַלס קליין קינד[2] איז ער מיט זיינע עלטערן אַנט־

---

[1] Tandem Hebrae gravi procedit Musa cothurno
Primque Felici ter=pede pandit iter.

מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע פון פּענסוס דראַמע. אין דער צווייטער אויסגאַבע פעלן די אַלע לויב־לידער.

[2] יצחק אַבוהב איז געבאָרן אין 1605 אין דער שטאָט קאַסטרודעראָ.

לאָפּן פון פּאָרטוגאַל אויס מורא פאַר דער אינקוויזיציע, וואָס האָט שוין געוואָרפן אַן אויג אויף דער דאָזיקער מאַראַנען־פאַמיליע. נאָך לאַנגן נע־ונד זיין האָט די פאַרוואָגלטע פאַמיליע זיך דערלאַנגט קיין אַמסטער־דאַם און דאָרט האָט דער יונגער יצחק באַקומען ערציִונג אונטער דער השגחה פון דעם אַלטן „חכם" יצחק עוזיאל. יצחק אבוהב האָט באַוויזן אַזוינע גלענצנדע פעקייטן, אַז שוין צו 21 יאָר האָט מען אים געקרוינט מיטן טיטול „חכם"; אויך האָט ער שוין דעמאָלט געשמט אַלס איינער פון די גלענצנדסטע רעדנער. אין 1642 האָט מען אבוהבן איינגעלאַדן אַלס רב אין דער נייער קהילה אין בראַזיליע אין דער שטאָט פּערנאַמבוקאָ, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער ממשלה פון האָלאַנד. אבוהב איז געפאָרן קיין בראַזיליע צוזאַמען מיט זיין פריינד, דעם געלערנטן גראַמאַטיקער משה די אַגוליאַר, און מיט נאָך עטלעכע הונדערט יידן. די יונגע קהילה האָט אָבער געהאַט אַ שווער מזל. באַלד האָט אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן האָלאַנד און פּאָרטוגאַל, וועלכע האָט געוואָלט ארויפלייגן איר האַנט אויף בראַזיליע. די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט מיט פּאָרטו־גאַלס ניצחון, און בראַזיליע איז געוואָרן אַ פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע. די יידן האָבן דאַן געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און יצחק אבוהב האָט צוזאַ־מען מיט די איבעריקע ארויסגעטריבענע יידן געלאָזט זיך צוריק קיין אייראָפּע.

די דאָזיקע טראַגישע איבערלעבונגען געפינען אַ שאַרפן אָפּקלאַנג אין אבוהבס קליינער זאַמלונג, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „זכר עשיתי לנפלאות אל ורב טוב לבית ישראל" [1]. אין גאַנצפּאָרכטיקע לידער באַשרייבט יצחק אבוהב דעם שרעק, וואָס דער גרויזאַמער שונא האָט דערוועקט אין דער יידישער באַפעלקערונג בשעת דער שטאָט־באַלאַ־גערונג; ער ברענגט אויך די תּפילות, וואָס ער האָט פאַרפאַסט בעת צרה פאַר דער גאַנצער קהילה. מיט גרויס התפעלות דערציילט אבוהב וועגן גאָטס גרויס גענאָד, וואָס ס'זיינען צו דער רעכטער צייט אָנגעקומען צוויי שיפן, אויף וועלכע די קהילה האָט זיך פונם שונא געראַטעוועט. אין דער זאַמלונג געפינען זיך אויך אַנדערע לידער, וואָס אבוהב האָט בשעתו פאַרפאַסט, און זיי זאָגן עדות, אַז אין דעם דאָזיקן רב איז געווען אַ ניצוץ פון אַ דיכטער. עס פילט זיך ערטערווייז דער שטאַרקער רעליגיעזער פּאַ־טאָס פון אַ טיף גלויביקער נשמה, וואָס שטרעבט צו די הימלישע הייכן.

---

1 די זאַמלונג איז געבליבן אין כּתב־יד און ערשט אין דער נייערער צייט האָט זי פאַרעפנטלעכט מ. קייזערלינג אין „הגרן", III, 155—174. וועגן די צרות, וואָס די יידן האָבן איבערגעלעבט אין בראַזיליע נאָכן ניצחון פון די פּאָרטוגעזער, דערציילט אויך אבוהב אין דער פאָררעדע צו „שער השמים".

און ניט אומזיסט רופט אויס דער דיכטער אין איינעם פון זיינע לידער: „,אַך, גיב מיר, דו באַשעפער מיינער, אָדלער־פליגל, איך זאָל איבער די וואָלקנס שטייגן; הויך אין די הימלען וועל איך פליִען, איך זאָל זען און הערן ווי מלאכים־מחנות טוען דיין רום פּרייזן און רופן איינער צו דעם צווייטן: קדוש קדוש קדוש ד׳ צבאות!״ [1]

אַבוהבס באַטייט באַשטייט אָבער ניט בלויז אין זיינע לידער און פּיוטים. ער האָט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, מיט זיין העברעיִשער איבערזעצונג אַריינגעפירט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור אַן אייגנאַרטיק מיסטיש ווערק, וואָס איז ענג צונויפגעפלאָכטן מיט די אָנשווונגען און טענדענצן, וואָס די לוריאַנער קבלה האָט באַקומען ביי די אָנהענגער און טעאָרעטיקער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג...

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אין וואָס פאַר אַ וויכטיקן קולטורעלן צענטער די יידישע קהילה אין אַמסטערדאַם איז אין אַ גיכער צייט אויסגעוואַקסן. די אַטמאָספער פון טאָלעראַנץ און רעליגיעזער פרייהייט, דער נאָענטער פאַרקער מיט דער אויסערלעכער קולטורעלער וועלט — דאָס אַלץ האָט מיטגעהאָלפן, וואָס די יידישע אינטעליגענץ אין אַמסטערדאַם איז געשטאַנען אויף דער הייך פון אייראָפּעיִשער בילדונג און וויסן פון יענער צייט. די פאַר דער אינקוויזיציע אַנטרונענע מאַראַנען זיינען אויפגעוואַקסן אויף די דאָגמען פון דער קאַטוילישער קירך, און דאָס, וואָס זיי האָבן געגריבלט און געזוכט און ענדלעך אָפּגעוואָרפן די אמונה, אין וועלכער מען האָט זיי קינדווייז אויפגעצויגן — דאָס האָט אין זיי געוועקט דעם קריטישן פאָרשער־געדאַנק, וואָס קאָן זיך ניט באַפרידיקן מיט דער אָנגענומענער מסורה. און אָט די טענדענצן און שטימונגען האָבן עס גורם געווען, וואָס אין דער אַמסטערדאַמער קהילה זיינען עס אויסגעוואַקסן אַזוינע סקעפּטיקער ראַציאָנאַליסטן ווי אוריאל אַקאָסטאַ און אַזאַ פרייער דענקער, וואָס רעכנט זיך ניט מיט קיין שום טראַדיציע, ווי ברוך שפּינאָזאַ. די דאָזיקע טענדענצן זיינען אָבער געקומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט אַנדערע, אַנטקעגנגעזעצטע, וואָס זיינען געשטאַנען מיט יענע אין פולער סתירה. די קאַטוילישע אמונה, וואָס די מאַראַנען האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, האָט דאָך אויף זיי אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל. זי האָט זיי אָנגעשטעקט מיט איר פאַנאַטיזם און קנאָיִשער פיינדזעליקייט. דער אמונה פון זייערע אָבות, צוליב וועלכער זיי זיינען אַזוי פיל אויסגעשטאַנען, האָבן זיך זיי איבערגעגעבן מיטן ברען און התלהבות פון אמתע גרים. דער געדאַנק וועגן דער אוניווערסאַלער וועלטבאַפרייען־

[1] דאָרטן, 65—66.

דיקער ראָלע פונם יידנטום האָט איבערפילט זייערע הערצער מיט שטאָלץ און מיסטישן עקסטאַז. די מיסטישע אידעען פון די מקובלים האָבן דער־פאַר ביי זיי געפונען דעם הילכיקן אָפּקלאַנג. איין מאַראַן איז אומגעקו־מען אויפן שייטערהויפן פון דער אינקוויזיציע בלויז דערפאַר, וואָס ער פלעגט אַ לידל זינגען: „צי איז דען דער גואל שוין געקומען? ניין — ד ע ר איז ניט דער גואל! דער גואל וועט ערשט קומען!״[1]. די משיחישע מיסטיק, וואָס איר אַפּאָסטאָל און שליח איז געווען דער מאַראַן שלמה מלכו — האָט געמוזט מיט איר כּישוף ברענגען אין אַנטציקונג די דאָזיקע מענטשן, וואָס זיינען אַקאָרשט אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציעס שאַרפע נעגל, און זיי גופא אָדער זייערע אייגענע און ליבע האָבן מיט זייער בלוט באַשטעטיקט זייער טריישאַפט דעם יידנטום און דעם גלויבן אין דער גרויסער מיסיע פון דעם „אויסדערוויילטן״ פאָלק. פילזייטיקע, וועלטלעכע, אַפילו אויך פילאָזאָפישע בילדונג איז ביי די דאָזיקע מענטשן גאַנץ אָפט געווען צונויפגעוועבט מיט מיסטישע אידעען, מיט בלינדן גלויבן אינם וווּנדערבאַרן, איבערנאַטירלעכן, אין כּלערליי אָבערגלויבישע מעשׂיות און לעגענדעס, וואָס פאַרטונקלען דעם קריטישן געדאַנק. זייער טיפּיש איז אין דער הינזיכט אַ באַדייטנדיקער שריפטשטעלער און כּלל־טוער פון יענער צייט, יצחק אַבוהבס אַ יונגט־חבר, מנשה בן ישראל

אַלס קינד פון אַ מאַראַנען־פאַמיליע, וואָס איז אין 1603 אַנטלאָפן פון ליסאַבאָן, איז מנשה בן ישראל קליינערהייט [2] געבראַכט געוואָרן קיין אַמסטערדאַם, און דאָרט איז ער צוזאַמען מיט יצחק אַבוהב די פאַנ־טאַסטיקאַ ערצויגן געוואָרן אונטער דער השגחה פונם אַלטן יצחק **עוזיאל**. געבענטשט מיט רייכע כּשרונות, האָט ער זיך שוין אין די יונגע יאָרן קונה־שם געווען מיט זיין פילזייטיקער בילדונג. אויסער העברעיִש איז ער אויך געווען בקי אין לאַטיין און גוט געקענט פילע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. אַלס רעדנער און פּרעדיקער האָט ער מיט ערפאָלג אויסגעהאַלטן דעם פאַרגלייך מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעך גלענצנדיקן רעדנער, ווי זיין חבר יצחק אַבוהב[3]. זיין גרויס בקיאות אין דער ליטעראַטור פון דער אַנטי־קער וועלט און אין די קריסטלעך־טעאָלאָגישע שריפטן האָט דער יונגער מנשה בן ישראל אַרויסגעוויזן אין זיין פיר־בענדיקן „Conciliador" (דער שלום־מאַכער), ווו עס ווערן געבראַכט און אויסשעפּנדיק ערקלערט

[1] זע קייזערלינג, ציט. וו., 34.

[2] מנשה בן ישראל איז געבאָרן אין 1604 אין דער שטאָט לאַ־ראָשעל.

[3] דער באַקאַנטער שפּאַנישער פּרעדיקער אַנטאָניאָ וויאיירא האָט געגעבן פאָלגנ־דיקע כאַראַקטעריסטיק פאַר די דאָזיקע צוויי טאַלענטפולע רעדנער: „מנשה זאָגט, וואָס ער ווייס, און אַבוהב ווייס וואָס ער זאָגט".

אַלע די שטעלן אין דער ביבל, וואָס זיינען זיך אויפן ערשטן בליק סותר איינע דער אַנדערער. מנשה בן ישראלס ווערק, וואָס איז אין דער התחלה געשריבן געווען אין שפּאַניש, האָט מען באַלד איבערזעצט אויף לאַטיין און ענגליש און זייער פּאָפּולער געמאַכט זיין מחברס נאָמען אין דער ליטעראַרישער קריסטלעכער וועלט. בן־ישראל איז דורך דעם באַלד געקומען אין בריוו־פאַרבינדונג מיט די באַדייטנדסטע געלערנטע פון יענער צייט, ווי דיאָניסיוס פּאָסיוס (וואָס האָט איבערזעצט אויף לאַטיין מנשהס „קאָנציליאַדאָר"), הוגאָ גראָציוס, אַננאַ מאַריאַ די שורמאַי און פילע אַנדערע, ווי אויך מיט דער מעצענאַטין און שטיצערין פון וויסנשאַפטן, דער שוועדישער מלכּה כריסטינאַ. מנשהס אויסערגעוויינלעכע פּאָפּולאַריטעט האָט ניט וויניק מיטגעהאָלפן דער אויסטערלישער חן פון זיין פּערזענלעכקייט, די איידלקייט פון זיין כאַראַקטער, און זיין גלענצנדע באַגאַבונג אַלס רעדנער און געמיטלעכער געזעלשאַפטסמאַן. אין גאַנץ נאָענטע פריינדלעכע באַציִונגען האָט זיך דער יידישער געלערנטער געפונען מיט פיל האָלענדישע טעאָלאָגן און מיסטיקער פון יענער צייט. עס האָט זיך דעמאָלט דערנענטערט דאָס „אַפּאָקאַליפּסישע" יאָר 1666, ווען עס וועט דערפילט ווערן דער טויזנטיאָריקער טערמין זינט דער אימהדיקער צאָל מיט די מיסטישע דריי זעקסן, דער אין דער קריסטלעכער וועלט אָנגענומענער סימבאָל פון חיה און מענטש [1]. פעסט געגלויבט האָט די קריסטלעכע וועלט, אַז דאָס יאָר 1666 איז אַן אָנזאָג פונם „קץ". באַפרייען וועט זיך באַלד פון די קייטן דער בעל זבול, דער שטן, אָנהייבן וועלן זיך די מלחמות גוג ומגוג און דעמאָלט וועלן געשען די גרויסע וווּנדער, און עס וועט זיך אַנטפּלעקן אין איר גאַנצן גלאַנץ די „הימלישע מלוכה"... [2]

די דאָזיקע מיכּטישע שטימונגען און משיחישע דערוואַרטונגען האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף מנשה בן ישראלס וועלטבאַנעם. מיט זיין גאַנצער נשמה איז ער געווען איבערגעגעבן זיין פאָלק, און מיט גרויס ווייטאָג האָט ער צוגעזען די שרעקלעכע ליידן פון זיינע ברידער אין די קריסטלעכע לענדער. אין פּאָרטוגאַל און אין אירע קאָלאָניעס האָבן געפלאַקערט די שייטערהויפנס, אויף וועלכע עס זיינען אומגעקומען אין אימהדיקע יסורים די בעסטע און טרייסטע קינדער פונם יידישן פאָלק [3]; דער דרייסיק־יאָריקער קריג האָט געבראַכט אַן אימהדיקן חורבן דעם יידישן קיבוץ אין דייטשלאַנד, און כמעלניצקיס ווילדע חיילות האָבן אין

---

2 זע „די זעונג פון דעם הייליקן יאָהאַנוס", קאַפּ' 13, 18.

1 דאָרטן, קאַפּ' 20.

2 אָט די דאָזיקע מאַרטירער שענקט מנשה בן ישראל אין זיין „מקוה ישראל" (E·peranca de Israel) עטלעכע שיינע, האַרציק־ריהנדיקע בלעטער.

בלוט דערטרונקען הונדערטער בליענדיקע קהילות אין אוקראַינע. איז מנשה בן ישראל זיכער געווען, אַז די אַלע שרעקן זיינען „חבלי משיח"; די אימהדיקע חשכות איז פאַר'ן באַגינען. מיט גרויסן ברען נעמט ער זיך צו דער משיחישער קבלה און שרייבט אַ ספּעציעל ווערק „Estatua de Nabuchanassar"[1], ווו ער פּרוּווט אויפן יסוד פון אַ געוויסער שטעלע אין ספר דניאל אויסרעכענען דעם „קץ", ווען עס וועט זיך ענדיקן דער ביטערער גלות און וועט די ליכטיקע גאולה. שטיצנדיק זיך אויף די ווערטער פון ישעיהו הנביא: ואסף נדחי ישראל ונפצות יהודה מארבע כנפות הארץ — און ער וועט צונויפזאַמלען די פאַרשטויסענע פונם פאָלק ישראל און די צעזייטע פון שבט יהודה פון אַלע עקן פון דער וועלט — איז מנשה בן ישראל געווען זיכער, אַז די יידן וועלן ערשט דעמאָלט אויסגעלייזט ווערן פון גלות און צוריקקער'ן אינם לאַנד פון די אָבות, נאָכדעם ווי זיי וועלן זיין צעשפּרייט אין אַלע עקן פון דער וועלט און עס וועלן זיך ווידער אָפּזוכן די פאַרלאָרן געגאַנגענע עשרת השבטים. עס האָט זיך באַוויזן עפּעס אַ מאַראַן, אַ רייזנדער, וואָס האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט אין אַמעריקע אויף די קאָרדעליערי־בערג געפונען צווישן די אינ־דיאַנער רעשטן פון די פאַרפאַלענע עשרת השבטים. די דאָזיקע פאַנטאַס־טישע מעשיות האָבן אויף מנשה בן ישראלן געמאַכט אַזאַ גוואַלטיקן רושם, אַז ער האָט פאַרפאַסט (אין 1650) אַ ווערק „Esperança de Israel" (תקות ישראל), ווו ער דערווייזט מיט טריומף, ווי שיין עס זיינען מקויים געוואָר'ן די נביאות פון אונזערע נביאים, אַז אומפּאַרטיליקבאַר וועט בלייבן דאָס פאָלק ישראל אינם גלות; און מען דאַרף איצט וואַרטן אויף באַלדי־קער ביאת המשיח. דאָס דאָזיקע ווערק האָט באַזונדערס אויסגענומען אין ענגלאַנד און האָט אַרויסגערופן אַ גאַנץ גרויסע צאָל אָפּהאַנדלונגען, ווו עס ווער'ן באַטראַכט די אַלע פראַגן, וואָס ווערן באַרירט אין מנשהס ווערק. אין דער זעלבער צייט האָט מנשה בן ישראל געשריבן דאָס איינ־ציקע העברעיִשע ווערק זיינס „נשמת חיים" (דערשינען אין 1652); און טאַקע אין דעם דאָזיקן ווערק אַנטפּלעקט זיך אַמבולטסטן די דאָזיקע אייגנאַרטיקע פערזענלעכקייט, אין וועלכער עס האָבן אַזוי בשלום צוזאַ־מענגעלעבט פילזייטיק ענציקלאָפּעדיש וויסן מיט נאַיִווע אָנשוויוּנגען און פּרימיטיוון אָבערגלויבן. אין דעם שלום־וואָרט צו זיין ווערק ווענדט זיך דער מחבר מיט דער בקשה צום לעזער, יענער זאָל אויפמערקזאַם באַ־טראַכטן זיינע מסקנות און שענקען דעם פולסטן צוטרוי זיינע רייד.

„איך — איז מנשה בן ישראל מוסיף — האָב מיך געפלייסט צו

---

[1] די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז געווען באַצירט מיט פיר כבראַנדטס אָפּאָרטן.

דערוועגבן וואָס מער וויסן, האָב צונויפגעזאַמלט אַ גרויסן סכום ספרים, איבער וועלכע איך האָב פאַרבראַכט טאָג און נאַכט. איך ווייס: ניט אַלץ אין מיין ווערק וועט געפעלן די פילאָזאָפן, וואָס פאָדערן, אַז אַלץ זאָל מיט לאָגישע ראיות באַוויזן ווערן [1]. איך האָב אָבער שוין וויפיל מאָל ערקלערט: מיין וועגווייזער איז ר' שמעון בן יוחאי, און פון אים וועל איך ניט אָפּטרעטן אויף קיין האָר און אויך דיר, ליבער לעזער, טו איך ראַטן: גלויב אין אַלץ, וואָס ס'האָט געלערנט ר' שמעון בן יוחאי, דער לעצטער פון די חכמי המשנה, אָבער דער ערשטער לויט זיין ווערט און באַטייט, וואָרעם ער האָט כּמעט זיין גלייכן ניט צווישן די חכמי ישראל. ער האָט אין די הימלען געשטיגן און מיט דעם דאָרט דערוואָרבענעם ליכט דערלויכטן די אויגן פונם פאָלק ישראל [2].

„כּמעט זיין גלייכן ניט", האַלט פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן מנשה בן ישראל; וואָרעם ער ווייס און געדענקט, אַז ערשט מיט צוויי־דריי דורות צוריק איז געווען אַ גדול בישראל, וואָס קאָן, לויט מנשה בן ישראלס מיינונג, אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך מיטן גרויסן באַשעפער פונם „זוהר". דער דאָזיקער גדול איז — דער אר"י הקדוש, דער „געטלעכער" יצחק לוריא. „איך גיי דערפאַר שטענדיק אין די וועגן פון די מקובלים — ערקלערט מנשה בן ישראל — און גלויב זייער וואָרט, ווייל זיי האָבן אריינגעדרונגען אין אַלע פאַרבאָרגענע סודות; איך ווייס דאָך זייער גוט, אַז די חכמה פונם אר"י שטייגט איבער די העכסטע בערג" [3]. „געבענטשט איז דאָס דור, וואָס האָט געהאַט די זכיה אים צו האָבן צווישן זיך!" [4] — רופט ער אויס מיט גרויס התפעלות, און פאַרזיכערט דערביי דעם לעזער, אַז אַלע ניסים, וואָס ווערן דערציילט וועגן דעם אר"י אין די „שבחי האר"י", זיינען לויטער אמת [5]. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס מנשה בן ישראל ציטירט אין זיין „נשמת חיים" אַזוי אָפט דעם „גדולת האר"י" און דעם „שבח יקר" [6]. דער „נשמת חיים" איז דערפאַר אין דער הינזיכט אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע דערשיינונג. זיין אייראָפּעיש געבילדעטער מחבר, וואָס באַזיצט ענציקלאָפּעדיש וויסן, ציטירט, בעת ער באַהאַנדלט די פראַגע וועגן השארת הנפש, פילע דענקער פון

1 „שלא ינעמו לפילוסופים מבקשים „מופת למו".

2 „נשמת חיים", 106 (מיר ציטירן לויט דער לייפּציגער אויסגאַבע, 1862)

3 דאָרטן, 30: „ובעבור שידעתי שחכמת האר"י גברה כמעט על כל ההרים הגבוהים".

4 דאָרטן, 66.

5 דאָרטן, 106: „ואם זה מתחזק אני יתר באמונתי ושכל מה שדברו על הארי בשבח ויקר גדולתו הוא אמת ויציב".

6 „נשמת חיים", 57, 65, 103—104 א"וו.

דער אַנטיקער וועלט, אַ סך שפּעטערדיקע פילאָזאָפן, געלערנטע, נאַטור־פאָרשער און דיכטער, נאָר זיי אַלע באַדעקט דער אַסקעטישער מאַנטל פון לוריאס קבלה, די אימהדיקע מרה־שחורה און אָבערגלויבערישער פחד פונם אַלטן „ספר חסידים", וואָס ווערט אַזוי אָפט ציטירט אין „נשמת חיים". דער בעל „נשמת חיים" גיט איבער אַלס „פעסטן אמת" (אמת ויציב), אַז ווי נאָר דער מענטש שטאַרבט, באַפאַלן אים גלייך גאַנצע מחנות מלאכי חבלה און מאַכן חוזק פון זיין אומבאַהאָלפענעם גוף [1]. „אָט די מלאכי חבלה — ערקלערט מנשה בן ישראל — זיינען די געפערלעכסטע מזיקים פאַרן מענטשן, זיי זיינען עס גורם אַלע קרענק און אָנשיקענישן, און ניט ווי די דאָקטוירים מיינען עס נאַיוו, אַז דאָס קומט פון אַ פאַרקילונג אָדער אַ צוג־לופט" [2]. דער „נשמת חיים" באַשרייבט אויספירלעך אַלע גאַטונגען און מינים פון שדים און ניט־גוטע (דאָרטן, 71); ער וויים צו דערציילן, ווי אַזוי מען קאָן פאַרויסטרעפן געשעענישן לויט דעם פלי פון די פייגל און זייערע געשרייען (דאָרטן, 81), און אויך וועגן אָקאָרשט געבוירענע קינדער, וואָס זאָגן נביאות (דאָרטן, 75). וועגן כלערליי השבעות און שפּרוכן, וועגן אימהדיקע געשטאַלטן און אַ גאַנצע צאָל קאַפּיטלען האָבן צו טאָן בלויז מיט כישוף און אָפּשפּרע־כענישן, מיט שפּיצלעך פון מכשפים און מכשפות, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר קעץ און פּיפּערנאָטערס. עס ווערט אויך באַריכות דערציילט וועגן „גילגולים" און וואַמפּירן, וואָס זויגן אויס דאָס בלוט ביי דעם מענטשן, שרעק־בילדער. עס איז קיין שום ספק ניט, — ערקלערט דער „נשמת חיים" — אַז די מתים אין די קברים זיינען זייער גוט אונטערריכטעט וועגן אַליץ, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט צווישן די לעבעדיקע [3]; מיט השבעות און „צירופי אותיות" קאָן מען באַשווערן די געשטאָרבענע, זיי זאָלן מגלה זיין דאָס, וואָס ס'איז פאַרהוילן פאַר די לעבעדיקע [4]; אָבער אויך דורך כישוף און השבעות, מיט נעמען פון דער טומאה און סיטרא אחרא קאָן מען באַווייזן גרויסע וואונדער, וואָס חוץ לדרך הטבע [5]. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די לערע וועגן גילגול הנפש מיטן

[1] דאָרטן, 58.

[2] דאָרטן, 87: „וכאשר תשאל לרופא הסיבה הפועלת אלו הנזיקין, יאמר שהוא הרוח, ואמת ידבר אבל נבא ולא ידע מה נבא, שהרוח הרע והשד הוא גרמא בנזיקין ולא הרוח האוויריי המנשבת כאשר חושב".

[3] דאָרטן, 50.

[4] דאָרטן, קאַפּ' 7 און 28.

[5] דאָרטן, 89: „גם לשמות של טמאה יש כח לעשות דברים נפלאים למעלה מן הטבע".

„סוד העיבור", און מעשיות וועגן „דיבוקים" פאַרנעמען אַ באַזונדערס בכבודיקן פּלאַץ [1] אין דעם ווערק פון מנשה בן ישראל, וואָס איז אַזאַ הייסער חסיד פון דעם אר"ים תורה.

און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז אָט וואָס: מנשה בן ישראל, וואָס חזרט יעדעס מאָל איבער, אַז ער גייט אין די וועגן פון די מקובלים, האַלט פונדעסטוועגן פאַר נייטיק זיך צו פאַררופן אויף דעם „שכל הישר" און אויף די ראיות פונם וויסנשאַפטלעכן עקספּערימענט. ער פּרווט, אַ שטייגער, צו דערווייזן „על פּי השכל והסברה" די עקסיסטענץ פון רוחות און שדים [2]. עס קומט אָבער דערביי פאַר אַ שטיקל פּלאָנטער: מנשה בן ישראל פאַרבייט די יוצרות און באַמערקט ניט דעם חילוק צווישן קינדערשן אָבערגלויבן און שכל הישר, צווישן שטרענג וויסנשאַפטלעכן עקספּערימענט און פאַנטאַסטישע לעגענדעס און באָבע-מעשיות. ער ברענגט, אַ שטייגער, אַ העכסט פאַנטאַסטישע מעשה אויס דעם „שבחי וויטאַל", וועגן אַ פרוי מיט אַ „דיבוק", ווי אַזוי דער „דיבוק", וואָס וויל ניט אַרויס אויס דער פרוי, דערציילט פאַר חיים וויטאַל די גאַנצע געשיכטע פון זיין זינדיק לעבן אויף דער וועלט. „זע, פאַרשטאַנדיקער לעזער — איז מיט ניצחון מוסיף מנשה בן ישראל — ווי טאַקע די דיבוקים און גייסטער גופא זאָגן עדות, אַז אַזעלכע מעשים געשעען אין דער ווירקלעכקייט, און ווי שיין דאָס אַלץ געפינט זיך אין הסכם מיטן שכל הישר און לאָגישער סברה" [3]. „די גאַנצע וועלט ווייס פון אַזעלכע מעשים, אַלע רעכענען זיך מיט זיי און גלויבן אין זיי, ווייל דער שכל הישר איז זיי מחייב", חזרט דער פאַרפאַסער איבער אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל [4]. אויפן גרונד פון ענלעכע „עקספּערימענטן" און לאָגישע סברות פונם „שכל הישר" דערציילט אויך בן ישראל ווי וועגן אַ באַקאַנטער און זיכערער זאַך, אַז עס זיינען פאַראַן אַזוינע מענטשן, וואָס זיינען אימשטאַנד צו זען מיט זייערע אויגן, ווי דאָס וואַסער פליסט טיף אונטער דער ערד [5].

---

[1] דאָרטן, פערטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 6—23.

[2] דאָרטן, דריטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 13: „מדרך השכל והסברה הישרה מראה אמיתת הרוחות האלו... ונקוט מעתה שכפי חכמת הפילוסופיאה ודעת קדושים נאמן חכמי הקבלה השכל גוזר מציאות הנבראים האלו.

[3] דאָרטן, 104: „ראה נא קורא משכיל, איך הרוחות עצמם הגידו אמתת הענינים האלו, ואיך מסכים הכל עם השכל הישר והסברה הנכונה".

[4] דאָרטן, 105.

[5] דאָרטן, 106: „אבל הנסיון הוכיח אותם כמו שראינו שיש איזה אנשים שרואים בעיניהם המים אשר מתחת לארץ רחוקים כמה אמות".

אלס מיסטיקער און הייסער אָנהענגער פון ר׳ שמעון בן יוחאי און דעם אר״י, איז דער בעל „נשמת חיים״ פעסט איבערצייגט, אז דעם מענטשנס נשמה עקסיסטירט נאָך איידער דער מענטש ווערט געבאָרן און פירט אויך ווייטער א זעלבשטענדיק לעבן נאָך דעם מענטשנס טויט (הנפש היא רוחנית מתחלת בריאתה ועצם רוחני עומד בעצמו); ער ווייזט דערביי אָפּט אָן, אז אויך אפּלטון האָט ארויסגעזאָגט עטלעכע געדאַנקען, און דאָס איז דערפאַר, ערקלערט מנשה בן ישראל, ווייל דאָס איז דאָך א דבר ידוע, אז אפּלטון איז געווען ירמיהו הנביאס תלמיד [1]. עס דאַרף אויך ניט חידושן, וואָס דער גריכישער דענקער פּיטאַגאָרוס האָט ארויסגעשטעלט די לערע וועגן גילגול הנפש באַדייטנדיק פריער פון ר׳ שמעון בן יוחאי און ר׳ יצחק לוריא: „עס איז דאָך אלעמען באַקאַנט, ערקלערט מנשה בן ישראל, אז דער דאָזיקער גריכישער דענקער איז געווען יחזקאל הנביאס תלמיד, און ער האָט זיך אפילו דערנאָך מגייר געווען און זיך באַהעפט צו אברהם אָבינוס קינדער״ [2]. פאַר מנשה בן ישראל איז אויך אויסער ספק, אז אפילו די בראַמאַנען אויס אינדיע שטאַמען אויך פון אברהם אָבינו און דער נאָמען בראַמאַנען איז פאַרגרייזט פון אברהמנים [3].

מנשה בן ישראל גערעדנקט אָבער זייער גוט, אז דווקא איינער פון די גרעסטע יידישע גאונים לייקנט אין דעם, וואָס ער, מנשה בן ישראל, האַלט פאַר „אמת ויציב״, פאַר ריכטיק און באַוויזן. דער דאָזיקער גאון איז דער בעל „משנה תורה״, רבנו משה בן מיימון. יענער ווייל ניט גלויבן ניט אין שדים, ניט אין גילגולים וכדומה. דאָס נעמט זיך דערפון, ערקלערט מיט באַדויערן מנשה בן ישראל, וואָס דער דאָזיקער גדול בישראל האָט געבלאָנדזשעט אין די פאַלשע וועגן פון אריסטון, וועלכער האָט געגלויבט בלויז אין דעם, וואָס מען קאָן זען מיט די אויגן און משיג זיין מיטן ספּעקולאַטיוון געדאַנק. דער בעל „נשמת חיים״ וואָרנט דערפאַר דעם לעזער, ער זאָל זיך ניט לאָזן פאַרפירן אויף די וועגן פון אריסטו און זיינע תלמידים, וואָרעם „זייערע רייד זיינען פאַלש און זייער לערע איז שקר״ (אשר פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר); זאָל דער פרומער לעזער פאָלגן בלויז די גאָטספאָרכטיקע יידישע חכמים, די טרייע פאַסטוכער, וואָס זייער תורה איז פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט [4].

דער „נשמת חיים״, וואָס האָט אזוי שטאַרק אויסגענומען אין זיין

1 דאָרטן, 22, 105.

2 דאָרטן, 105, 106.

3 דאָרטן, 105: „הלא תראה שהאברהמנים הנקראים היום ברהמינים, והם בני אברהם אבינו״.

4 דאָרטן, 72—106.

צייט, כאַראַקטעריזירט אַמבעסטן די שטימונגען, וואָס האָבן דעמאָלט גע־וועלטיקט אין דער אַמסטערדאַמער ספרדישער קהילה. דאָס דאָזיקע ווערק מאַכט גאַנץ ערקלערלעך, וואָס מנשה בן ישראלס מיטבירגער האָבן מיט אַזאַ אומגעהייערער התלהבות זיך אָפּגערופן אויף דער שבתי־צבי־באַוועגונג. מיט דריי יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי מנשה בן ישראלס ווערק איז ערשינען, איז אין אַמסטערדאַם אַרויס פון דרוק אַ צווייט מיסטיש ווערק, וואָס איז, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ענג פאַרבונדן מיט מנשה בן ישראלס חבר, יצחק אַבוהב, און מיט די אָנשווינגען פון די מיסטיקער, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג. דאָס דאָזיקע ווערק איז אברהם אירירהס „שער השמים'' (Porta Coeli).

דער מאַראַן אַברהם (אַלאָנזאָ) אירירה האָט פאַרנומען אַ גאַנץ חשובן פּאָסטן ביים שפּאַנישן קיניגלעכן הויף. פּלוצלונג, שוין אין די מיטעלע יאָרן, פאַרלאָזט אירירה שפּאַניע, קומט קיין אַמסטערדאַם און באַקענט זיך צום יידישן גלויבן. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט פילזייטיקער פילאָזאָפישער בילדונג, מיט אַ באַזונדער נטיה צו דער נעאָפּלאַטאָנישער לערע. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס בעת אירירה האָט זיך באַקענט מיט דער יידישער טעאָלאָגישער ליטעראַטור, האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט די אויפפאַלנדיקע קרובהשאַפט צווישן די אָנשווינגען פון די יידישע מיסטיקער און אייניקע גרונד־אידעען פון די נעאָפּלאַטאָניקער. די גרעסטע השפּעה אויף זיין גאַנצן וועלטבאַנעם האָט געהאַט זיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם באַוווּסטן משולח און פּאָפּולאַריזאַטאָר פון דעם אר''ים תורה, ישראל סרוק, וואָס האָט זיך פון איטאַליע געלאָזט קיין אַמסטערדאַם און דאָרטן אין אירירהן געפונען דעם איבערגעגעבנסטן תלמיד און פאַרערער. נאָכדעם ווי סרוק האָט אים אַריינגעפירט אין די סודות פון לוריאס קבלה, האָט אירירה באַשלאָסן אין אַ ספּעציעל ווערק פילאָזאָפיש באַלייכטן פונם נעאָפּלאַטאָנישן שטאַנדפּונקט די סיסטעם פון דעם צפתער מיסטיקער 1. ווייל אירירה האָט ניט אויף אַזוי פיל באַהערשט די העברעיִשע שפּראַך, האָט ער זיין ווערק פאַרפאַסט אויף שפּאַניש (Porta Coeli) און פאַר זיין טויט (1639) געגעבן זיין פריינד יצחק אַבוהב, יענער זאָל עס איבערזעצן אויף העברעיִש און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט עס פאַרעפנטלעכן. אַבוהב, אַליין אַ הייסער מיסטיקער און גוטער קענער פון דער קבלה־ליטעראַטור, האָט אויפן בעסטן אופן דערפילט זיין פריינדס צוואה. די אַלע טעאָזאָפיש־פילאָזאָ־

1 „שער השמים", צווייטער מאמר, קאַפּ' 6 : „הרב הרמ"ק ישתמש בהטענות הפילוסופיות לקיים ולהעמיד האמת המקובלת, כאשר אנכי עושה עם מאמרי אפלטון והנמשכים אחריו במה שיאמת האמת המקובלת".

פישע באגריפן און באצייכענונגען, וואס געפינען זיך אין אירירהס ווערק אין אזא גרויסער צאל, זיינען אין דער איבערזעצונג איבערגעגעבן קלאר און דייטלעך. דער אין 1655 דערשינענער „שער השמים״ האט דאס ערשטע מאל געגעבן די מעגלעכקייט צו באקענען זיך מיט לוריאס קבלה ניט אין דער כאאטישער און סיסטעמלאזער מיטטיילונג פון וויטאל און זיינע מקורבים, נאר אין דער קלארער פארם פון א פילאזאפיש געשולטן סיסטעמאטיקער. עס איז לייכט מעגלעך, אז אין דעם אופן און אויסערלעכן לבוש, אין וועלכן אירירה גיט איבער לוריאס סיסטעם, האט געשפילט א געוויסע ראלע ניט בלויז אירירהס געניטקייט אין דער נעאפלאטאני־שער פילאזאפיע, נאר אויך זיין בקיאות אין דער קריסטלעך טעאלאגישער ליטעראטור. דאס איז, לויט אונזער מיינונג, באזונדערס באמערקבאר דארט, ווו דער בעל „שער השמים״ גיט איבער איינע פון די גרונד־אידעען אין לוריאס סיסטעם — די געטלעכע „אצילות״ (עמאנאציעס) און די אנטשטייונג פון די „פרצופין״. קונציק איז אירירה מסביר דעם לעזער דאס פראבלעם וועגן די געטלעכע מידות, וואס מוזן טראגן א נע־גאטיוון כאראקטער, און ווי אזוי מען מוז קומען צו די אויפן ערשטן קוק פא־ראדאקסאלע החלטות, בעת מען באריט די פראגע וועגן דעם מהות פון דער „סיבה ראשונה״: אן א נאמען, אן א גרענעץ, אויסער צייט און פארנעם — און דאך אנהייב און מקור פון אלץ, וואס עקסיסטירט; אויסער אלץ און איבער אלץ — און אלץ איז אין איר, גארניט אויסער איר; אן בילד און געשטאלט — און דאך דער אורקוואל פון אלע גע־שטאלטן און צורות; איינציק און אומטיילבאר — און דאך דער מקור פון אלע אומענדלעכע און פארשיידנארטיקע פארמען און דערשיינונגען; איבער אלע מענטשלעכע באגריפן פון חסד און רחמים, פון שיינקייט און יושר — און דאך די מאס און העכסטער סימבאל פון שיינקייט, גענאד און גערעכטיקייט [1].

די רייכע פילארטיקייט פון זיין, שטרייכט אירירה אונטער, איז אבער ניט דער דירעקטער פועל־יוצא פון דער סיבה ראשונה; די „מעשה בראשית״ איז ארויסגעבראכט געווארן דורך דעם אין־סופס איינ־איינציקער אצילה (אויסשטראלונג), וועלכע אנדערע מקובלים רופן מיטן נאמען „כתר עליון״, אבער ביים אר״י הקדוש, וואס פאלגט געטריי דעם

---

1 דארטן, זעקסטער מאמר, קאפ׳ 6: „בלתי בעל תכלית ותכלית הכל... המתנשא על הכל בכל, והוא כולל את הכל בעצמותו, וממציא הכל ממנו לזולתו; איננו מאומה מכלם, הוא חוץ מכלם ובכלם, אחד וכל, בלתי צוריי וכולל כל הצורות... הוץ מכולם ויושב בכלם... בלי חסד יפעל כל החסדים, בלי רחמים ובלי דין הוא הרחום והצדיק, בלי תפארת תפארתו, בלי תכלית וכו׳ וכו׳...״

ליבטיקן זייל, דעם געטלעכן ר' שמעון בן יוחאי, הייסט די אצילה „אדם קדמון'', די אורגעשטאַלט פונם מענטשן [1], וואָס איז אויך דער „שכל הנעלם'', דער פאַרבאָרגענער געטלעכער געדאַנק [2]. אָט די דאָזיקע ערשטע און פאַרענדיקטסטע געטלעכע עמאַנאַציע איז די סיבה פון אַלע ווייטערדיקע סיבות, די שאַפנדיקע קראַפט פון מעשה בראשית, פון וועלטן און זיין (כללו של דבר: העלול הראשון והשלם מהעילה הבלתי עלול מזולתה, סבה כל הסבות ועילת כל העילות ואשר בכחה וסגולתה היא סבת הסבות התחתונות אמנם לא כל הסבות כאין סוף). זי איז אויך דער ערשטער נאָמען פון דעם אין־סוף [3], וואָרעם דער אין־סוף גופא איז העכער פון אַלע נעמען [4].

לויט אירירהס אינטערפּרעטאַציע פאַרנעמט די דאָזיקע „סיבה פון אַלע ווייטערדיקע סיבות'' — דער „אדם קדמון'', אין לוריאס סיסטעם אַ חשובערן אָרט, ווי לויט וויטאַלס מיטטיילונגען. דער בעל „שער השמים'' רעדט אַפילו דערפאַר ניט בלויז וועגן פינף „פרצופין'', וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן נאָך „שבירת הכלים'' [5], נייערט וועגן זעקס [6]; ניט דער דרייקעפּיקער „אריך אנפין'' איז דער ערשטער צווישן די „פרצופין'', נאָר דער „עתיקא קדישא'', דער „הייליקער אַלטער'' — דער „פרצוף'' פון דער ערשטער געטלעכער אצילה — דעם אדם קדמון. אמת, אירירה ערקלערט ווייטער, אַז די צוויי „פרצופין'' גיסן זיך צוזאַמען [7], און דער „אריך אנפין'' איז אומטיילבאַר פונם עתיקא קדישא, וואָרעם ער איז זיין אויסערלעכער לבוש [8].

אָט ביי דער אויסשליסלעכער ראָלע פונם „אדם קדמון'', וואָס ווערט אַזוי שאַרף אונטערגעשטראָכן אין דעם „שער השמים'' איז באַ־

---

1 „כי מהסבה הראשונה בלי שום אמצעות לא נאצל כי עם עלול אחד לבדו אשר הקדוש ה"ר יצחק לוריא ע"ה ההולך אחרי עקבות בוצינא דאורייתא רשב"י בפיר' הזוהר קראו בשם אדם קדמון והמקובלים אשר קדמוהו — כתר עליון".

2 דאָרטן, ז' 91: „הוא השכל הנעלם והמחשבה האלהית"; זע אויך, דאָרטן, ז' 11: „הראשון והשלם שבכל עלוליו הוא אדם קדמון, שכל עליון".

3 „אדם קדמון הוא השם הראשון העליון... הוא שם האין־סוף העליון".

4 „כי רבון העולמים הוא אין־סוף ב"ה אינו השם עצמו אמנם נבדל ומתעלה עליו".

5 זע פריער, ז' 433.

6 „המתחלק לששה פרצופים... אשר הראשון הוא עתיקא קדישא ונקרא אור... הפרצוף השני הוא אריך אנפין".

7 „נצטייר פרצוף אריך אנפין מתוקן ונבדל במתקלא כפרצוף עתיקא קדישא... ושם אחד להם והמה לאחד נחשבים".

8 „ואריך אנפין אשר נכלל אותו בעתיקא קדישא"; זע אויך דעם לעצטן קאַפּיטל אין „שער השמים".

זונדערס אינטערעסאנט דער פארגלייך, וואס אירירה מאכט צווישן דעם „הימלישן מענטשן" און דעם ערדישן מענטשן. פונקט ווי דער ערדישער קערפערלעכער מענטש שטייגט איבער מיט זיין שלימות אלע אנדערע באשעפענישן, וואס ער איז זייער ענדציל און מוסטער, אזוי איז דער הימלישער מענטש (האדם האלהי) העכער און פולקומער פון אלע אנדערע אצילות און הימלישע קרעפטן, וואס ער איז זייער מקור און אנפאנג. דער ערדישער מענטש איז דער שלוס־רינג און ענדציל פון אלע געשאפענע וועלטן, און דער הימלישער — זייער אנפאנג. דער ערדישער איז דער זאמלפונקט, וואס נעמט אויף פון אלץ און פון אלעם די צעזייטע פונקען, דער הימלישער — פארשפרייט ליכט און באשטראלט; דער ערדישער איז דער מיטלפונקט פון דעם אפגעשפיגלטן ליכט, וואס שטרעבט אין די הייכן צו זיין אורקוואל, דער הימלישער — דער קוואל פון ליכט, וואס באשיינט און באלעבט אלץ... ווי דער ערדישער מענטש דערהויבט אלץ צו דער סיבה ראשונה, אזוי דער הימלישער, וואס איז אן אויסשטראלונג פון דער סיבה ראשונה — פארייניקט און נעמט ארום אלע מדרגות פון די העכסטע ביז די נידעריקסטע... דער ערדישער מענטש איז דאס רו־ארט פאר דער שכינה, דאס געצעלט פאר „מלכות קדישא", און דער הימלישער איז דער טעמפל פונם אין־סוף [1]. און דער העכסטער פארטרעטער, דער פארקערפערטער סימבאל פון דעם ערדישן מענטשן, דאס געצעלט פון „מלכות קדישא" — איז דער ליכטיקער משיח, דער גואל פון דער וועלט, וואס וועט אויסלייזן פון די „קליפות" אלע גוטע זוימען און דערהויבן אלע הייליקע פונקען פון דעם „עמק הבכא", פון דעם טאל פון יאמער און זינד, אין די הימלישע הייכן, צום קוואל פון אומענדלעכן ליכט...

און באלד נאכדעם ווי יצחק אבוהב האט פארעפנטלעכט זיין „שער השמים"־איבערזעצונג, איז צו אים דערגאנגען די ליכטיקע בשורה, אז דער לאנג געווארטער משיח האט זיך שוין באוויזן, ער שפאנט מיט זיינע קיניגלעכע טריט, און זיינע שליחים זאגן אן אין אלע עקן פון דער וועלט: עס קומט דער טאג פון גרויסן דין און משפט!..

„איך, אייער משיח, שבתי צבי!"

מיר האבן שוין פריער איינמאל אנגעוויזן, ווי גראד דעמאלט, ווען אין דער אייראפעישער געשיכטע הייבט זיך אן א נייע ערע, און די שאטנס פונם מיטלאלטער הייבן אן פארשווינדן — ווערט דווקא איגם יידישן געטא אלץ טונקעלער און מרה־שחורהדיקער. ביז אין זוים איז איבערפולט געווארן דער בעכער פון פיין, און די איינציקע האפענונג

[1] דארטן, זעקסטער מאמר, קאפ' 4.

און טרייסט פון דער פאַרוואָגלטער אומה איז געווען דער פעסטער גלויבן אין אַ באַלדיקער גאולה: אָט וועט זיך באַלד באַווייזן משיח בן דוד, אויפ־שיינען וועט דאָס מזל פון די פאַרטריבענע, ווי אַ שאָטן וועלן באַלד פאַרשווינדן די צרות און לײדן, און גענאָד און לייטזעליקייט וועלן אויפסניי טאָן פליסן איבער דעם אויסדערוויילטן פאָלק...

דער טאָג פון דער גאולה איז אָבער ניט געקומען; ניט פאַרפולט איז נאָך געווען דער בעכער פון פיין... אין דער מיט פון 17טן י״ה, גראָד אין די יאָרן, ווען עס זיינען דערשינען די ווערק פון מנשה בן ישראל און אירירה, האָט אַ נייער גוואַלדיקער שטורעם אויסגעבראָכן, וואָס האָט אָן רחמנות די הונדערטער יידישע קהילות צעשטערט און פאַרוויסט. אויף דער בלוטיקער אוואַנסצענע טרעט אַרויס „חמיל״ מיט זיינע באַנ־דעס, און אויפגעלעבט האָבן אויפסניי די שרעקלעכע מעשים פון דער קרייצצוגן־תקופה און די בלוטיקע בהלה־יאָרן פון דער „שוואַרצער מגפה״. בערך אַ פערטל מיליאָן יידישע נפשות זיינען אומגעקומען אין משך פון דעם שרעקלעכן יאָרצענדליק (1648—1658). דאָס פאַריאושטע פאָלק האָט דורכגעדרונגען איין־איינציקער געדאַנק: וויטער אַזוי לעבן איז איבער די מענטשלעכע כּוחות! עפּעס מוז געשען און מאַכן אַ סוף צו די אומבאַשרייבלעכע לײדן! און דאָס פאָלק האָט געוואַרט אויף אַ באַלדי־קער גאולה, געוואַרט מיט אומגעדולד, מיט רוגז און מיט קראַמפּהאַפטן גלויבן, אויף וועלכן עס איז נאָר פעיק אַן אַנגעווייטאָגטע, פאַרוואָגלטע און מיסטיש געשטימטע מענטשלעכע נשמה...

אָט אין דעם קריטישן מאָמענט טרעטן אַרויס אויף דער אַרענע פונם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן צוויי פערזענלעכקייטן, צוויי אַנטי־פּאָדן, צוויי עקסטרעמע פאָרשטייער פון צוויי דיאַמעטראַל פאַרשיידענע וועלטן און וועלטבאַנעמען, וואָס האָבן מיט אַזאַ עקשנות אין משך פון לאַנגע דורות געקעמפט פאַר דער בכורה, און יעדער פון זיי האָט געוואָלט אַרויפלייגן זיין שטעמפּל אויף דער יידישער קולטור. איינער — אַ גוואַל־טיקער ריז אויפן געביט פון פילאָזאָפישן געדאַנק, ביי וועמען דאָס פאָרשן און וויסן איז דער איינציקער ציל, דאָס גרעסטע גליק און פרייד אין לעבן; דער צווייטער — אַ פאַנטאַסטישער בעל חלומות, אַן עקזאַלטיר־טער מיסטיקער, וואָס האָט פאַרלאָרן די גרענעץ צווישן רעאַלן און אומ־רעאַלן, צווישן טרוים און וואָר... געהייסן האָבן זיי: ברוך שפּינאָזע און שבתי צבי...

דער גייסט פון פרייען פאָרשער־געדאַנק און דורשט נאָך וויסן, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די ספרדישע יידן אין דער גלאַנץ־ און בלי־צייט פון דער אַראַבישער תקופה, איז ניט אין גאַנצן

אויסגעלאָשן געוואָרן אַפילו אין די שפּעטערדיקע צייטן בעת די מיסטישע און אָרטאָדאָקסישע שטרעמונגען האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן פאָדער־גרונט פונם יידישן קולטור־לעבן. דאָס לאָזט זיך טאַקע באַמערקן אין דעם נייעם ישוב, אין דעם קולטורעלן האָלאַנד, ווו די אַנטלאָפענע מאַ־ראַנען האָבן זיך דערפילט באַפרייט פונם בליי־שווערן דרוק פון דער קאַטוילישער קירך און דעם גיהנום־שרעק פון דער אינקוויזיציע מיט אירע תלינים. מענטשן האָבן באַקומען פרייען אָטעם, באַקומען די מעגלעכקייט פריי פאָלגן זייער געוויסן, אַראָפּוואַרפן דעם צוואַנג־יאָך, וועלכן די אינקוויזיטאָרישע הענט האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט. אָט אין דער דאָ־זיקער גייסטיק אויפגערעגטער סביבה האָט זיך באַלד נאָך דעם אומרויִקן, כאַראַקטער־שוואַכן פריידענקער־ראַציאָנאַליסט אוריאל אַקאָסטאַ [1] באַוויזן די גראַנדיעזע, רויִק־געלאַסענע פיגור פונם גאונישן דענקער שפּינאָזע, וועמעס ריזיקער קריטישער געדאַנק האָט זיך ניט געוואָלט רע־כענען מיט קיין שום מסורה און אויטאָריטעטן.

קליין און נישטיק איז געווען די השפּעה פון דעם דאָזיקן גרויסן דענקער אויף דעם יידנטום און זיין קולטור. מען פרוווט דאָס געוויינלעך דערמיט ערקלערן, וואָס דער יידישער קיבוץ האָט אין יענער ירידה־תקופה זיך געפונען אויף א צו נידעריקער קולטורעלער מדרגה, ער זאָל אימ־שטאַנד זיין אויפנעמען די אידעען פון זיין גאונישן זון. דאָס איז טאַקע אפשר ריכטיק בנוגע צום דייטש־פּוילישן יידנטום, מען קאָן דאָס אָבער ניט זאָגן וועגן דער קהילה, אין וועלכער שפּינאָזע גופא איז אויסגעוואַקסן. מיר האָבן דאָך געזען, אז דאָרט האָבן זיך געפונען מענטשן פון ענציקלאָ־פּעדישן וויסן; עס זיינען דאָרט אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויפ־מערקזאַם זיך צוגעהערט צו דער לערע פון זייער גרויסן בן־דור. און דאָך האָבן זיי אין דעם אַנטשיידנדיקן מאָמענט זיך געשטעלט ניט אויף זיין זייט, נאָר אויף דער זייט פון זיין אַנטיפּאָד, און צוזאַמען מיט טויזנטער פון זייערע ברידער האָבן זיי מיט שטורמישן יובל־געשריי, מיט טאַנץ און געזאַנג באַגריסט די פריידיקע בשורה, אז דער ליכטיקער גואל קומט אָן. עס האָבן, משמעות, געווירקט אַנדערע מאָטיוון, אַנדערע באַדינגונגען, וואָס זיי האָבן אוממעגלעך געמאַכט שפּינאָזעס אידעען און אָנשויונגען זאָלן א געהעריקן אָפּקלאַנג געפינען אין דער יידישער סביבה. קודם־כל מוז געשטעלט ווערן די פראַגע: וואָס האָט אייגנטלעך שפּינאָזעס טיפע און האַרמאָנישע גאַנצע לערע געקאָנט דעמאָלט געבן דעם שווער־ליידנדיקן,

---

1 מער באַריכות וועגן אַקאָסטאַ, זע אונזער אַרטיקל אין דער יידיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע, ב׳ ן (1908).

אין זיין אייגן בלוט זיך טרינקענדיקן פאָלק? האָט זי זיינע ליידן געקאָנט שטילן? זיינע וווּנדן היילן? בכדי צו געבן אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע איז גענוג בלויז צו דערמאָנען ווי אַזוי שפינאָזע האָט זיך פאַר־האַלטן צו דער יידישער קולטור און צו זיין טרעגער — דעם יידישן פאָלק.

מען מוז דערביי קודם־כל נעמען אין באַטראַכט, אַז שפינאָזע איז ניט נאָר איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפישע דענקער, נייערט אויך דער באַגרינדער פון דער וויסנשאַפטלעכער ביבל־קריטיק. אַפילו די גרויסע יידישע ראַציאָנאַליסטן, מיימוני און דער רלב״ג, גייען אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז די תורה איז אַ געטלעכע התגלות פון אייביקן באַטייט; שפינאָזע אָבער רייסט אַראָפּ פון דער תורה דעם מאַנטל פון הייליקייט, ער באַטראַכט זי אַלס פּראָדוקט פון מענטשלעכער קולטור, וואָס זיין ווערט און באַטייט איז גילטיק בלויז פאַר אַ באַשטימטער צייט [1]. שפינאָזע באַנוגנט זיך אָבער ניט מיט ריין־וויסנשאַפטלעכער קריטיק, עס לאָזן זיך ביי אים אויך הערן פּאָלעמישע טענער. „דער, וועמעס וועג־פירער אין לעבן ס'איז דער פאַרשטאַנד — לערנט שפינאָזע אין זיין „עטיק" [2] — דער פלייסט זיך ווי וויט ס'איז נאָר מעגלעך צו ענטפערן אויף יענעמס שנאה, כעס, פאַראַכטונג אאַז״וו — מיט ליבע און איידלמוט". „ווער עס פלייסט זיך אָפּצאָלן פאַר באַליידיקונגען מיט שנאה — דער איז ממש צו באַדויערן". אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט ווייטער שפינאָזע: „דער מענטש מיטן שטאַרקן כאַראַקטער [3] און איידעלער נשמה טראָגט אויף קיינעם ניט קיין שנאה, קומט ניט צו קיין כעס, ווייס ניט פון קיין גאווה און פאַרהאַלט זיך צו קיינעם ניט מיט פאַראַכטונג" [4].

ליידער האָט אָבער שפינאָזע גופא, אָט דער וווּנדערבאַר איידעלער, קרישטאָל־ריינער מענטש, וואָס האָט אַזוי טיף און גרינדלעך אויסגע־פאָרשט און צעגלידערט דעם מענטשנס אַפעקטן — ניט שטענדיק זיך נוהג געווען אַזוי ווי עס דאַרף זיך אויפפירן, לויט זיין מיינונג, אַ מענטש, „וועמעס שטענדיקער וועגווייזער ס'איז דער פאַרשטאַנד". ער האָט ניט געוואָלט מוחל זיין די מיטגלידער פון זיין קהילה זייער האַס צו אים; ער גופא האָט פאַרגעסן אין דעם כלל, אַז „מען דאַרף מיט ליבע און גרויסמוט

---

1 אין זיין „טעאָלאָגיש־פּאָליטישע אָפּהאַנדלונג".

2 „עטיק", פערטער טייל, לערזאַץ 46. מיר ציטירן לויט אויערבאַכס דייטשע אי־בערזעצונג, 1871.

3 „אונטער שטאַרקן כאַראַקטער — ערקלערט שפינאָזע („עטיק", III, לערזאַץ 59) — פאַרשטייט איך דעם מענטשנס שטרעבן צו רעגולירן זיין גאַנץ טאָן און האַנדלען אויס־שליסלעך לויט די געבאָטן פונם פאַרשטאַנד".

4 דאָרטן, דריטער טייל, אָנמערקונג צום לערזאַץ, 73.

ענטפערן אויף שנאה און כעס״, ער האָט ניט געקאָנט גובר זיין דאָס געפיל פון צאָרן און האַס צו די רבנים און גייסטיקע פירער פון זיין פאָלק דערפאַר, וואָס די רבנים פון דער אַמסטערדאַמער קהילה האָבן אים אין ,,חרם״ אַריינגעלייגט. זיין האַס האָט זיך פאַרשפּרייט אַפילו אויפן היסטאָרישן יידנטום. גלייך מיט אַקאָסטען הייסן אויך ביי שפינאָזען די רבנים ניט אַנדערש ווי ,,די פאַריסייער״ (פּרושים). מיט באַזונדערן ביטול רעדט שפּינאָזע וועגן דער ,,אתה־בחרתנודיקייט״ פונם יידישן פאָלק, און פּלייסט זיך צו דערווייזן, אַז די יידן שטייען אין קיין שום הינזיכט ניט העכער פון אַלע אַנדערע פעלקער. ער שטרייכט אונטער, אַז אויך ביי אַנדערע פעלקער זיינען נביאים געווען [1]. און די אַפּאָסטאָלן פונם קריסטנטום זיינען געשטאַנען פיל העכער פון די יידישע נביאים [2]. אמת, די תורה האָט באַקומען בלויז דאָס יידישע פאָלק, מיט דעם, פאַרזיכערט שפּינאָזע, איז זיך אָבער ניטאָ אַזוי וואָס איבערצונעמען; וואָרעם די געזעצן פון דער תורה — זיינען פאַרן אַלטעגלעכן, מאַטעריעלן לעבן. די דאָזיקע געזעצן זיינען געווען צוגעפּאַסט צום פּאָליטישן לעבן פון די יידן אין פּאַלעסטינע. איצט אָבער זיינען זיי שוין איבעריק. די געזעצן פון דער תורה האָבן ניט, לויט שפּינאָזעס איבערצייגונג קיין גרעסערן ווערט ווי די געזעצן פון יעדער אַנדער פאָלק: דער מענטש נייטיקט זיך אין זיי ניט פאַר זייער אמת און גערעכטיקייט, נייערט פאַר זייער נוצלעכקייט. דאָס העכסטע ציל פונם לעבן, די אמתע מאָראַל באַשטייט אָבער אינם גאָט דערקענען, און דאָס קאָן מען דערגרייכן ניט דורך מצוות דערפילן, נאָר דורך שטודירן די אַלגעמיינע געזעצן פון דער נאַטור [3]. שפּינאָזע באַנוגנט זיך אָבער ניט דערמיט, וואָס ער קעמפט קעגן דעם יידישן ,,אתה־בחרתניזם״ און פּלייסט זיך צו דערווייזן, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט ניט קיין גרעסערע פאַרדינסטן אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער. ער האָט נאָך אַן אַנדער כוונה: ער וויל דערנידעריקן דאָס פאָלק, וואָס זיינע גייסטיקע פירער האָבן אים, דעם פרייען דענקער, פון זייער סביבה אַרויסגעשטויסן. ער שטעלט די פראַגע: וואָס איז די סיבה, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אַזוי אָפט פאַרלאָזן די געזעצן פון דער תורה, בעת זייער ציל איז דאָך געווען דאָס פאָלק און זיין לאַנד צו דערהאַלטן? פאַרוואָס איז דאָס פאָלק ישראל אַזוי אָפט אונטערייאָכט געוואָרן אונטער פרעמדע פעלקער, און זיין לאַנד איז סוף־כל־סוף חרוב געוואָרן? [4] דערויף גיט שפּינאָזע אַן אויסטערלישן ענט־

---

1 טעאָלאָגיש־פּאָליטישע אָפּהאַנדלונג, 188.

2 דאָרטן, 203—204.

3 דאָרטן, 198—202.

4 דאָרטן, קאַפּ׳ 17.

פער: גאָט האָט אוים האַס און צאָרן אויפן יידישן פאָלק מיט אַ כיוון אים גענעבן אַזעלכע געזעצן, וואָס זייער ציל איז געווען ניט דאָס פאָלק צו דערהאַלטן, נאָר וואָס גיכער עס אומצוברענגען. „וואָס מער — זאָגט שפּינאָזע — איך פאַרטיף מיך אין דער דאָזיקער פראַגע, אַלץ מער באַפעסטיקט זיך אין מיר דער געדאַנק, אַז גאָט האָט אין יענער צייט בכלל ניט געזאָרגט וועגן איר (דער יידישער אומה) גליק און זיכערקייט, נייערט געשטרעבט זי צו באַשטראָפן פאַר אירע שלעכטע מידות, ווי דערויף האָט שוין בשעתו אָנגעוויזן טאַציטוס [1]. און עס איז טאַקע ממש צו שטוינען, וואָס דער געטלעכער צאָרן אויפן יידישן פאָלק איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אים מזכה געווען מיט אַזוינע געזעצן, וואָס זיינען ניט מסוגל צו נוצן דעם פאָלק, נאָר מוזן באַטראַכט ווערן אַלס שטראָף און נקמה פאַר שלעכטע מעשים [2].

פילע פון די שפּינאָזע־פאָרשער שטרייכן באַזונדערס אונטער די השפּעה, וואָס די קבלה האָט געהאַט אויף שפּינאָזעס פילאָזאָפיש סיסטעם [3]. די דאָזיקע השפּעה קאָן מען אוודאי ניט לייקענען, דאָך איז זי ניט געווען פון אַזא גרויסן באַטייט ווי מען מיינט. קודם־כל דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די השפּעה פון דער קבלה פילט זיך בלויז אין דעם מעטאַפיזיש־ספּעקולאַטיוון טייל פון שפּינאָזעס סיסטעם. ווי די קבלה, אַזוי לערנט אויך שפּינאָזע, אַז גאָט איז די אַבסאָלוט איינציקע אור־סובסטאַנץ, פון וועלכער עס שטאַמט אָן אויסנאַם אַלץ, וואָס עקסיסטירט, יעדעס אינדיווידועלעס און קאָנקרעטעס זיין. „אַלץ וואָס איז, איז גאָט, און אויסער גאָט קאָן גאָרניט עקסיסטירן, אָדער אפילו ניט געדאַכט ווערן" [4]. אין קעגנזאַץ צו זיין לערער דעקאַרט און אין פולן הסכם מיט דעם „זוהר" פירט שפּינאָזע דורך אין זיין סיסטעם דעם שטרענגסטן מאָניזם. די מאַטעריע און דעם גייסט באַטראַכט ער ניט אַלס צוויי זעלבשטענדיקע סובסטאַנצן, גאַנץ פאַרשיידענע אין זייער מהות, וואָס פאַרייניקן זיך בלויז אין דער גאָטהייט; די מאַטעריע („די אויסשפּרייטונג") און דער גייסט („דער געדאַנק") זיינען לויט שפּינאָזעס סיסטעם בלויז צוויי אומענדלעכע אַטריבוטן פון דער סיבה ראשונה. די אויסשפּרייטונג איז, לויט שפּינאָזעס שיטה, דער פאַרקערפּערטער געדאַנק, וואָס מען קאָן אים זען בחוש, און

---

1 אַ רוימישער היסטאָריקער, באַקאַנט מיט זיין זייער פיינדלעכער באַציִונג צו יידן.

2 דאָרט, 384.

3 צום ערשטן האָט אויף דער דאָזיקער השפּעה אָנגעוויזן נאָך אין 17טן י"ח (1699) יאָהאַן געאָרג וואַכטער.

4 „עטיק", ערשטער טייל, לערזאַץ 15.

דער געדאַנק איז די פאַרבאָרגענע, ניט זעבאַרע אויסשפרייטונג; און ביידע זיינען זיי איינס און דאָס זעלבע אין דער גאָטהייט.

איינשטימיק מיט דעם „זוהר" אין דעם גרונד־געדאַנק, אַז גאָט איז איינציק און אַלץ, אַז omnia in Deo esse (אַלץ איז אין גאָט), צעגייט זיך אָבער שפינאָזע מיט אים אין דער וויכטיקסטן פונקט, וואָס באַטרעפט פאַקטיש דעם ווערטפולסטן קערן פון דעם „זוהר" — אין זיין לערע וועגן עטיק. דער גרונד־געדאַנק, וואָס איז דער רוקנביין פון דעם זוהרס וועלט־באַנעם, באַשטייט אין דעם, אַז די וועלט טראָגט אין זיך אַן אומגעהייער מעכטיקן עטישן יסוד, און אין זיין אַנטוויקלונג און ענדגילטיקן ניצחון שפילט אַ גוואַלטיק וויכטיקע ראָלע די *מענטשלעכע פערזענלעכקייט*. און גראָד אין שפינאָזעס סיסטעם איז די ראָלע פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט גלייך נול. מיט גרויס חריפות אַנטוויקלט שפינאָזע דעם געדאַנק, אַז די נאַטור ווייס ניט פון *צופעליקע* דערשיינונגען, ווייל אַלץ איז אַ פועל־יוצא פון דער אייזערנער נויטווענדיקייט; יעדעם איז אַ רינג אין דער אומענדלעכער קייט פון סיבות און פועל־יוצאס [1]. גוטס און שלעכטס, דאָס פולקומע און ניט פולקומע, שיינקייט און העסלעכקייט — דאָס זיינען אַלץ באַגריפן, וואָס האָבן מצד דעם אָביעקטיוון וועלטבאַנעם קיין שום זין ניט, ווייל די דאַזיקע אייגנשאַפטן געהערן דאָך ניט די זאַכן גופא — דאָס זיינען בלויז שטימונגס־איינדרוקן פון אונזער דענקאַרט [2]. דאָס אָביעקטיווע וויסן האָט בלויז צו טאָן מיט דעם שטענדיקן, געזעצמעסיקן צוזאַמענהאַנג פון די זאַכן צווישן זיך; גוט, שיין וכדומה — דאָס זיינען בלויז סוביעקטיווע באַגריפן, און נאָכן שטאַנדפונקט אָדער שטימונג קאָן דאָס שיינע באַטראַכט ווערן אַלס העסלעך, דאָס נוצלעכע — שעדלעך, דאָס גוטע — שלעכטס אאַז"וו. אָט די אַלע מיינונגען און אָפשאַצונגען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט דורך דענקענדיקע און פילנדיקע מענטשן, דאָס אַלץ האָט לויט שפינאָזעס שטאַנדפונקט בלויז אַ סוביעקטיוון בערכדיקן ווערט, אָבער ניט קיין אָביעקטיוון, אַבסאָלוטן. דאָס אייגענע איז אויך גילטיק בנוגע צו מאָראַל. אין דער אומענדלעכער קייט פון זיין און ווערן געהערט דעם מאָראַלישן דער זעלבער פלאַץ ווי אויך דעם אוממאָראַלישן. פון דעם אָביעקטיוון שטאַנדפונקט באַצייכענען זיי ביידע באַגלייך ניט מער ווי דעם צוזאַמענהאַנג צווישן פאַרשיידענע פאָדערונגען, ווונטשן און מסקנות. ביידע צוזאַמען זיינען זיי איינגעשלאָסן אין דער גרויסער קייט, וואָס פאַרבינדט אַלע

---

1 „עטיק", I, לערזאַץ 29.

2 דאָרטן, I, ביילאַגע צום לערזאַץ 36, ז' 32—39.

פאָרמען פון זיין מיט זייער אייביקן יסוד [1]. אָט אין דעם אַלגעמיינעם פאַרבאַנד פון אַלע פאָרמען פון זיין מיט זייער אייביקן יסוד — פּאַסט שפּינאָזע איין זיין לערע וועגן מאָראַל, וועגן ריין ש כ ל ד י ק ע ר מאָראַל. ניט אומזיסט לערנט שפּינאָזע, אַז „דער ווילן איז, גלייך ווי דער פאַר־שטאַנד, בלויז אַ געוויסער מאָדוס (אַרט) פון דענקען“ [2]. מיר דאַרפן, חזרט שפּינאָזע איבער, אַלע זאַכן באַטראַכטן ניט אַלס צופעליקע, נאָר אַלס נויטווענדיקע. די דאָזיקע נויטווענדיקייט פון אַלע זאַכן אין דער נאַטור — דאָס איז די נויטווענדיקייט פון גאָטס אייביקער נאַטור גופא. דאָ באַרירן מיר דעם וויכטיקסטן פונקט, אין וועלכן דעם זוהרס וועלטבאַנעם קומט אין פולער סתירה מיט שפּינאָזעס פילאָזאָפישער סיסטעם. דער זוהר לערנט, אַז די סיבה ראשונה, די גאָטהייט, געפינט זיך דאָך א י ב ע ר דער וועלט, און איז פולשטענדיק פ ר י י אין איר שאַפן. שפּינאָזע אָבער, שטיצנדיק זיך אויף קרשקשן [3], גיט דער געטלעכער „פרייהייט“ אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן פירוש. שפּינאָזע גייט אַרויס פון דער מסקנא, אַז „גאָט האַנדלט בלויז נאָך די געזעצן פון זיין נאַטור און ווערט פון קיינעם דערצו ניט געצוווּנגען“ [4]. און ווייל „אַלץ וואָס ס'איז — איז גאָט, און אויסער גאָט קאָן גאָרניט זיין“, איז אַלץ דערפאַר פאָרויס באַשטימט אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור; ניט נאָר פאָרויס באַשטימט צו זיין, נאָר טאַקע צו זיין און צו ווירקן אויף אַזאַ און אַזאַ אופן, און עס איז קיין שום צ ו פ ע ל י ק ס ניט פאַראַנען [5]. „הכל צפוי“... דערפון איז לאָגיש געדרונגען, אַז „דער (געטלעכער) ווילן קאָן ניט ווערן באַצייכנט אַלס פרייע אורזאַך, נאָר אַלס נויטווענדיקע“. און דערפון, ערקלערט גלייך שפּינאָזע, „דרינגט ערשטנס, אַז גאָט ווירקט ניט אויס פרייען ווילן“ [6]. וואָרעם זיין און ווירקן פאָלגט דאָך מיט נויטווענדיקייט אויס דעם מהות פון זיין נאַטור. דאָס קאַלטבלוטיקע פאָרשן נאָך דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענהאַנג צווישן אַלע זאַכן און דערשיינונגען — דאָס איז, לויט שפּינאָזעס לערע, די העכסטע מדרגה, דער אמתער מהות פון מאָראַל. פאַרנינפטיק דענקען, ריכטיק פאָרשן — דאָס איז דער איינציקער פועל־יוצא, וואָס פאָלגט מיט אמתער, האַרמאָנישער נויטווענדיקייט

---

1 זע יאָדל, „געשיכטע דער עטיק“, ב' I, 250—251 (מיר ציטירן לויט דער רוסישער איבערזעצונג).

2 „עטיק“, I, באַווייז צום לערזאַץ, 32.

3 זע אונזער ווערק, באַנד III, ז' 265 א"ו.

4 „עטיק“, I, לערזאַץ 17.

5 דאָרטן, באַווייז צום לערזאַץ 29.

6 דאָרטן, לערזאַץ 32.

אוים דעם גייסטיקן מהות. זיך אין גאנצן איבערגעבן דעם אינטעלעקטועלן פאָרשן, דעם ריכטיקן באַגרייפן פון אַלץ, וואָס רינגלט אונז אַרום — אָט דאָס איז דאָס איינציקע גליק, די איינציקע פרייד ביים מענטשן. „אין דעם לעבן, לערנט שפּינאָזע, איז נוצלעכער פון אַלץ צו פאַרפולקומען ווי ווייט ס׳איז נאָר מעגלעך דעם שכל, די חכמה, און בלויז אין דעם באַשטייט דעם מענטשנס גליק אָדער גליקזעליקייט״[1]. אין דעם געלאַסן רויִקן פילאָזאָפישן פאָרשן זעט שפּינאָזע, ווי מיימוני און דער רלב״ג בשעתם, דעם איינציקן ציל און העכסטע בליִונג־מדרגה פון דעם מענטשנס גייסטיקע קרעפטן.

שפּינאָזעס געדאַנק, אַז די באַגריפן פון שלעכטס און גוטס האָבן ניט קיין אַבסאָלוטן, נאָר אַ רעלאַטיוון באַטייט, איז געוויס גאַנץ ריכטיק; ער מאַכט אָבער ניט דערפון דעם לאָגישן אויספיר, אַז דורך דעם ווערט דאָך ביים מענטשן כלל ניט געמינערט דער ווערט פון די דאָזיקע באַגריפן, ווייל זיי שפּיגלען מיט זיך אָפּ מענטשלעכע און געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען. ווי זיין בן־דור האָבס זעט אויך שפּינאָזע אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט בלויז „דעם קאַמף פון אַלע קעגן אַלעמען״, און טאַקע ווי האָבס וויל ער זיך כלל ניט רעכענען מיט די ריין־געזעלשאַפטלעכע נטיות פונם מענטשן און שענקט זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט דער ראָלע און דעם באַטייט פונם קאָלעקטיוון קיבוץ. ווי דער רמב״ם בשעתו, אַזוי האָט אויך שפּינאָזע אַרויסגעריסן דעם מענטשן פון די געזעלשאַפטלעכע בענדער, אים באַטראַכט בלויז אַלס אַבסטראַקטן „מאָדוס״ פון דער גאָטהייט, און ניט אַלס מיטגליד און פּראָדוקט פון אַ סאָציאַלן און קולטורעלן קיבוץ. דערפאַר זעט ער דעם מהות פון עטיק, פון דעם מענטשנס גליק און זיינע מידות טובות בלויז אין אינטעלעקטועלן וויסן. „דאָס העכסטע גליק (summum bonum) פון דער נשמה, לערנט שפּינאָזע, איז דאָס גאָט־ערקענטעניש, און די העכסטע און שענסטע מידה איז — גאָט ערקענען״[2]. „ביי אים, ווייזט גאַנץ ריכטיק אָן דער עטיק־פאָרשער יאָדל, טרעט גאַנץ בולט אַרויס דער געדאַנק, אַז דאָס אמת עטישע קאָן בלויז דעמאָלט פאַרהיטן זיין ספּעציפישן תוך, ווען עס זונדערט זיך אָפּ פון די געפילן און די סוביעקטיווע נטיות פונם מענטשנס האַרץ, און שאַפט אַזוי צו זאָגן מיט זיינע אייגענע מיטלען אַ וועלט פון לויטער פאַרנונפט און לאָגישער סברה״. מען דאַרף דערביי אויך ניט פאַרגעסן, אַז שפּינאָזע, וואָס האָט, ווי מיימוני בשעתו,

1 דאָרטן, פערטער טייל, פערטער באַווייז צום לערזאַץ 73.

2 דאָרטן, פערטער טייל, לערזאַץ 28.

געזען בלויז אין דעם ריינעם דענקען די העכסטע אויפגאַבע פון מאַראַל און עטיק — האָט אַליין אָנערקענט, אַז די דאָזיקע העכסטע אויפגאַבע קאָנען דערפילן בלויז די יחידי סגולה

עס איז קלאָר, אַז שפּינאָזעס לערע איז געווען נאָך פרעמדער און פיינדלעכער דעם טראַדיציאָנעלן יידישן וועלטבאַנעם ווי בשעתּה מיימונים לערע. אין דעם „מורה נבוכים", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער גלאַנץ־תקופה פון דער אַראַביש־יידישער קולטור, האָבן געפונען אַ שאַרפן אָפּקלאַנג די פּראָבלעמען, אויף וועלכע עס האָט מיט אַזאַ אומגעדולד גע־זוכט אַן ענטפער אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער דעמאָלטיקער יידישער אינטעליגענץ. די לערע אָבער פונם גרויסן אַמסטערדאַמער דענקער האָט קיין אָפּקלאַנג ניט געקאָנט געפינען ביים יידישן קיבוץ פונם 17טן י"ה. און דער אָביעקטיווער קולטור־היסטאָריקער קאָן זיך דערפאַר ניט באַ־פרייען פון ספיקות, צי האָט ער דאָס רעכט דן זיין לכף חובה די אָרטאָ־דאָקסישע רבנים פון דער אַמסטערדאַמער קהילה דערפאַר, וואָס זיי האָבן אויסגעשלאָסן פון זייער סביבה זייער גאונישן זון, דעם גרויסן פריידענ־קער, ווייל זיי האָבן אין אים דערזען אַ גרויסע געפאַר פאַר זייער נאַציאָ־נאַלער ירושה, צוליב וועלכער זיי זיינען אָקאָרשט אויסגעשטאַנען אַזוי פיל צרות און ליידן...

דער פון דער קהילה אַרויסגעשטויסענער דענקער האָט געפירט אַן אָפּגעזונדערט לעבן, פאַרטיפט אין זיין פילאָזאָפישער אידעען־וועלט. גע־לעבט און געשטאָרבן איז ער פרעמד דעם יידישן פאָלק און זיינע פאַר־לאַנגען. עס האָט זיך אָבער אין יענער צייט באַוויזן אַן אַנדערער, וואָס זיין גאַנצע נשמה איז געווען דורכגעדרונגען מיט די ווונטשן און האָפע־נונגען פון זיינע ליידנדיקע ברידער. ער האָט געגעבן אַ קלאָרן, קאַטעגאָ־רישן ענטפער אויף דער קאַרדינאַלער פראַגע, וואָס האָט געברענט אין דעם אָנגעווייטאָגטן האַרץ פון זיין פאַרוואָגלט פאָלק — און דאָס פאָלק האָט זיך אים איבערגעגעבן מיט בלינדן גלויבן און הייסער ליבע.

שבתי־צבי האָט דער אַנדערער געהייסן...

---

# זיבעטער קאַפּיטל

שבתי־צבי אַלס פּערזענלעכקייט. — אַברהם יכיני און זיינע זעונגען. — שמואל פּרימו און נתן דער „נביא". — בני־נביאים און בנות־נביאים. — משיח מלך יהודה. — שבתי־צבים כרוזים. — די הימנען לכבוד שבתי־צבי. — דער „מאַסן־פּסיכאָז". — די נייע סידורים. — דער „חמדת ימים" און זיין ליטעראַרישער באַטייט

שבתי־צבי, דער דאָזיקער אויסטערלישער מענטש, וואָס האָט ניט געוווּסט פון קיין מחיצות צווישן דעם פאַנטאַסטישן און רעאַלן, און זיין גייסט האָט געוואַקלט צווישן נאַרמאַלן און אומנאָרמאַלן — האָט זיכער און באַשטימט מודיע געווען איבער אַלע עקן פונם גלות, אַז דער בעכער פון ליידן איז שוין איבערפולט, און דער טאָג פון גאולה איז שוין געקומען. אַפילו די אַנטשיידענע קעגנער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג, וואָס האָבן געלעבט אין יענער צייט, מוזן מודה זיין, אַז אין דעם דאָזיקן מאַן איז געווען עפּעס אַ שטאַרקע צוציענדיקע קראַפט, וואָס פלעגט ממש פאַרכּישופן אַלע, וואָס זיינען מיט אים געקומען אין באַרירונג [1]. עפּעס פלעגט איבערקויפן אין דעם דאָזיקן יונגן מענטשן מיט דער מעלאָדיש־קלאַנגרייכער שטימע און די פאַרחלומטע, מיט מיסטישן פייער פלאַקערנדיקע אויגן...

זינט גאָר די יונגע יאָרן איז ער שוין געווען שטאַרק פאַרטאָן אין דעם אר"ים קבלה; מיט סיגופים און תעניתים האָט ער געפּייניקט זיין לייב [2], בכדי צו דערגרייכן די מדרגה פון התפשטות הגשמיות, און שטענדיק געלעבט אויף דער גרענעץ פון צוויי וועלטן. ער, דער יונגער מקובל אויס סמירנע, האָט ערקלערט אַן אומבּרחמנותדדיקן קאַמף דער סיטרא אחרא, ווייל אויף אים איז חל דער חוב צו באַפרייען די הייליקע

1 זע, צום ביישפּיל, די גבית עדות פון שבתי־צבים אַ בן־דור, פאַרעפנטלעכט אין יעבצס „תורת הקנאות", 3 (1870).

2 דאָרטן, 3: „ולא יאומן כי יסופר הסיגופים שהסגיף את עצמו בזמן ההוא ובכל זאת היה תואר פניו כפני מלאך אלקים ממש, לא יכלו לראות בפניו כי קרן אור פניו".

„ניצוצין“, וואָס זיינען געפאַנגען אין דער זינדיקער קליפה. און דער דאָזיקער מיסטיקער האָט געלעבט אין אַ סביבה, וואָס איז געווען ממש איבערלאָדן מיט משיחישע האָפענונגען; מענטשן האָבן מיט פאַרכאַפּטן אָטעם געוואַרט אויפן „קץ“, אויפן ליכטיקן גואל — דעם סימבאָל פון גלאַנץ און שיינקייט — וואָס וועט מאַכן אַ סוף מיט דער פינסטערער ממשלה פון סמאל. אַרום האָבן געקלונגען די ניגונים פון נאַגאַראַס התלהבותדיק־מיסטישע לידער [1], און מיט אומגעדולד האָט מען געוואַרט, ווען עס וועלן מקויים ווערן די נביאישע ווערטער פונם הייליקן זוהר, אַז אין דעם יאָר הזאת (1648) וועט קומען די גאולה [2]. פון זיין אייגענעם פאָטער, אַן אַגענט און פאַרטרעטער פון אַן ענגלישער פירמע [3], איז דער יונגער שבתי־צבי געוואָר געוואָרן, אַז אויך אין געוויסע קריסט־לעכע קרייזן איז מען זיכער, אַז דער גואל דאַרף זיך באַלד באַווייזן; וואָרעם אויך זיי שטיצן זיך אויף אַ באַשטימטן „פסוק“ — אויף אַ געוויסער שטעלע אין דעם הייליקן יאָהאַנס „זעונג“ (קאַפּ' 13, 18) — און זיי זיינען דערפאַר איבערצייגט, אַז אינם יאָר 1666 וועט געוואָרפן ווערן דער גורל פונם פאָלק ישראל: אָדער אַלע יידן וועלן איבערגיין אינם שויס פון דער קריסטלעכער קירך, אָדער זייער משיח וועט קומען, און אויפסניי גרינדן אַ יידישע מלוכה.

און אָט איז געקומען דאָס יאָר 1648, וועגן וועלכן דער הייליקער זוהר האָט נביאות געזאָגט... ניט אָבער די לאַנג דערוואַרטע גאולה האָט דאָס דאָזיקע יאָר געבראַכט, נייערט דעם אימהדיקן חורבן, אַ נייַ בלאַט פון בלוט און שרעק, וואָס באָגדאַן כמעלניצקי האָט מיט זיין קאָזאַקן־שווערד איינגעקריצט אין דער געשיכטע פון יידישע ליידן און נויט. דער יונגער שבתי־צבי האָט אין דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן דעם וויכטיקסטן יידישן קיבוץ, דערזען אַן אָנזאָג, אַז עס הייבן זיך אָן די „חבלי משיח“; דאָס זיינען די גרויסע ווייען פון דער קומענדיקער ליכטיקער גאולה, וואָס דאַרף באַלד נתגלה ווערן פאַר

---

[1] וועגן דער גרויסער השפעה פון נאַגאַראַס לידער אויף די משיחישע האָפע־נונגען און דערוואַרטונגען פון יענער צייט זאָגט עדות דער אָנגעזעענער אָנהענגער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג, רפאל סופינו, אין זיין בריוו צו יעקב שאַספּורטאַש: „ואולי שהשירים אשר דלה לנו הרב כמוה"ר ר' ישראל די נאגרה במימי ים צוף לגזרים בכל קהלתינו קול קורא גאולתינו היא שעמדה לאבותינו שם צוה ד' את הברכה חיים עד העולם לבשר כי חזק גואלם" („ציץ נובל", 1868, 38).

[2] די באַטרעפנדיקע שטעלע אין זוהר (ו, דף 139): „דבאלף שתיתאי לזמן ארבע מאות ותמניא שנין יהיו קימין כל דיירי עפרין בקיומהון, והיינו דכתיב בשנת היובל הזאת תשובו איש לאחוזתו".

[3] מער באַריכות וועגן שבתי־צבים פאָטער, זע: Rev. d. et. juives, 270—272, 58.

דער גאַנצער וועלט. אַרומגערינגלט מיט אַן ענגן קרייז פון התלהבותדיקע תלמידים און פאַרערער, האָט ביסלעכווייז אין די טיפענישן פון שבתי־צבים נשמה זיך געצייטיקט דער פאַרפירערישער געדאַנק: אפשר איז ער גופא, שבתי בן מרדכי צבי, דער אויסדערוויילטער, דער לאַנג־דערוואַרטער גואל... ער האָט דעם דאָזיקן באַשיכּורנדיקן סוד פאַר זיינע מקורבים אַנטפּלעקט, און יענע האָבן מיט אַנטציקונג אים געשטאַרקט אין דעם דאָזיקן געדאַנק, דערוואַרטעט פון אים אַלע ספיקות... עס איז געשען! עס האָט זיך סוף־כּל־סוף באַוויזן דער, אויף וועמען מען האָט אַזוי לאַנג געוואַרט! אויסלייזן וועט ער דאָס פאַרוואָגלטע פאָלק פון זיין גרויסן צער, עס צוריקברענגען אינם לאַנד פון די אָבות, און דאָרט אים באַשענקען פאַר זיינע גרויסע ליידן מיט פיל גליק און פּראַכט...

ניט אומזיסט האָט דער יונגער מקובל צוויי מאָל בייגעשטאַנען דעם נסיון און ניט געוואָלט געניסן דעם באַרוישנדיקן בעכער פון פרויען־ליבע [1]. — ער, דער פון גאָט אויסדערוויילטער, איז פאַרבונדן מיט אַן אַנדער בת־זיווג, זיין כּלה און באַשערטע איז די הייליקע תורה, די פאַרקערפּערטע שכינה... אין 1657 קומט ער מיט אַ גרופּע פון זיינע הייסע חסידים אויס סמירנע קיין סאַלאָניקע, מאַכט דאָרט אַ גרויסע חתונה־סעודה, און גייט אונטער דער חופּה, האַלטנדיק אַרומגעאַרעמט מיט ביידע הענט אַ ספר תורה. דאָס איז געווען אַ סימבאָל, אַ רמז, אַז משיח האָט זיך פאַרבונדן אויף שטענדיק מיט זיין הימלישער כּלה — דער הייליקער תורה. איר, זיין געליבטער כּלה, זיין הימלישער באַשערטער, זינגט שבתי־צבי מיסטישע ליבע־לידער, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיטן ברענענדיקן פּאַטאָס פון „שיר השירים״: „פון דעם שפּיץ באַרג האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזט צום טאָל, און דאָרט זיך באַגעגנט מיט דער בת־מלכּה מעליסעלדאַ. זי איז אַקאָרשט פונם פרישן וואַסער אַרויס; פון אירע נאַכט־שוואַרצע צעפּ טוען נאָך טראָפּנס טריפן. ווי אַ שאַרף געשליפענע שווערד טוט איר געזיכט שיינען, אירע ברעמען — ווי געהאַרטעוועטער שטאָל, אירע ליפּן — ווי קרעלן, און ווייסער פון מילך איז איר קערפּער״...

עס געהערט ניט צו אונזער טעמע איבערצוגעבן די פּרטים פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג; אונזער אויפגאַבע איז בלויז באַקענען זיך מיט דער ליטעראַטור, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג האָט אַרויסגערופן און גע־

[1] מרדכי צבי האָט חתונה געמאַכט זיין 18־יאָריקן שבתין פאַר דער פּראַכט־שיינער טאָכטער פון אַ רייכן סוחר אויס סמירנע. שבתי האָט זיך אָבער ניט געוואָלט באַהעפטן מיט זיין פרוי, אירע עלטערן האָבן פון אים דערפאַר געפאָדערט, ער זאָל איר געבן גט. מרדכי צבי האָט צום צווייטן מאָל זיין זון חתונה געמאַכט. נאָר אויך די צווייטע פרוי האָט שבתי געמוזט גטן אויס דעם זעלבן טעם (זע „תורת הקנאות״, 3).

שאפן. די ערשטע שפּראַצונגען פון דער דאָזיקער ליטעראַטור האָבן זיך ערשט באַוויזן נאָכדעם, ווי שבתי־צבי איז געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּ־פּאָל, און עס איז דאָרט צו אים צוגעטראָטן דער פּאָפּולערער מגיד אברהם היכיני. עס איז שווער צו געבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער בלי־ספק טאַלאַנטפולער פערזענלעכקייט, ווייל עס פעלט דערצו דער גע־העריקער מאַטעריאַל. יעדנפאַלס איז זייער שווער צו גלויבן, אַז יכיני איז ווירקלעך געווען אַזאַ נידערטרעכטיקער שווינדלער און באַטריגער, ווי עס מאָלט אים אויס דער בעל „אבן התועים“, דוד כהנא. עס איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז דער דאָזיקער פּאָרשער אויס דער השכלה־תקופה האָט פּאַר מיסטיקער און מקובלים בלויז איין־איינציקע פּאַרב — שוואַר־צע סאַזשע. דערפאַר טאַקע מוז מען מיט גרויס פּאָרזיכט זיך באַנוצן מיט די אַרבעטן פון דעם דאָזיקן פלייסיקן, אָבער זייער איינזייטיקן פּאָרשער.

אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט [1] און טאַלאַנטפולער פּרעדיקער, איז יכיני געווען שטאַרק פּאָפּולער אין די ברייטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג, און מען פלעגט אויף אים זאָגן, אַז ער איז קלוג ווי שלמה המלך. און אָט דער דאָזיקער „חכם יכיני“ איז געווען אַ התלהבותדיקער מיסטיקער, אַ פייערדיקער חסיד פון לוריאס קבלה. ער האָט געליטן פון האַלוצינאַציעס, פלעגט אָפט זען פאַנטאַסטיש־נביאישע חלומות, וועלכע ער פלעגט דערנאָך פאַרשרייבן אין דעם טיפּישן אַפּאָקאַליפּסיס־סטיל. מיר ברענגען דאָ אין אונזער יידישער איבערזעצונג צוויי פון זיינע מיס־טישע „זעונגען“:

## I.

אין יאָר התי״ג (1652) אין חודש חשוון האָב איך אַ חלום געזען: אַ גוואַלדיק גרויסער קעמל יאָגט זיך נאָך מיר און איך אַנטלויף פאַר אים אין טויטשרעק. בין איך אַריין אין אַ חדר, און פעסט פאַרריגלט אונטער מיר די טיר. די טיר האָט אָבער פאַר דעם קעמל ניט געקאָנט ביישטיין, האָב איך געמוזט אַנטלויפן אין אַ צווייטן חדר, און פון דאָרט אין אַ דריטן, וווּ עס איז געלעגן אַ מאַנטל לייכט ווי אַ כוואַליע, און פון דאָרטן האָבן טרעפּ געפירט גלייך צום ים. אָט אין דעם חדר, וואָס פירט גלייך צום ים, האָב איך שוין מער קיין פחד ניט געהאַט פאַר דעם קעמל. און מיר אַנטקעגן האָט זיך באַוויזן אַ מיידל פון וווּנדערבאַרער שיינקייט,

1 באַזונדערס אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט היכיניס „הוד מלכות“ (1655), וואָס באַשטייט אויס 150 פּרקים געשריבן אין תהילים־סטיל. וועגן יכיניס אַנדערע ווערק זע: „רעווי דעז עטיוד זשוויף“, 58, 273—283.

און זי האָט מיך געהאַלזט און געקושט. די דאָזיקע אויסטערלישע שיינ־הייט האָט מיך אָנגעהויבן צו באַשווערן, איך זאָל זי ניט פאַרגעסן; ווייל זי וויים, אַז איך וועל דאָך חתונה האָבן מיט אַ בת־מלכה, וואָס געפינט זיך נאָך דערווייל אויף דער לבנה און איז באַדעקט מיט דער זון. און פון דער זון און דער לבנה וועט אַראָפּשטייגן די קיניג־טאָכטער און איך וועל מיט איר חתונה האָבן. ונשבעתי לה — האָב איך דעם שיינעם מיידל געשוואָרן, אַז איך וועל זי ניט פאַרגעסן; און איך האָב מיט איר גרויס מיטלייד געהאַט, און זי האָט זיך מיר איבערגעגעבן. און גלייך נאָכדעם האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער בתולה, אויפגעשיינט האָבן די זון און די לבנה און אויף זיי האָט זיך באַוויזן די פּרינצעסין, וואָס דאַרף מיין כלה ווערן, און זי לייכט און שטראַלט ווי די זון. פאַר גרויס פּחד און שרעק האָב איך אויפגעוואַכט, און דערזען, אַז דאָס איז בלויז אַ חלום געווען. ווי וווּנדערבאַר איז דאָס אַלץ צוגעגאַנגען, און איך שווער ביי דער תורה, אַז איך האָב טריי, וואָרט ביי וואָרט, אַלץ איבערגעגעבן.

.1

עוד ראיתי בחלומי — נאָך אַ צווייטן חלום האָב איך אין דעם זעלבן חודש חשוון געזען: אין דעם חדר, וווּ איך ליג, טרעט אַריין אַ זקן פון מיטעלער וווּקס און אימהדיקן אויסזען. דער זקן דערנעענטערט זיך צו מיר, און מיך באַפאַלט אַ טויט־שרעק, ווי איך זע, אַז ער לאָזט זיך צו מיר. ער האָט מיר ביי דער האַנט אָנגענומען, און איך האָב פאַרשטאַנען — דאָס וויל ער מיך צום משפּט פירן. בין איך פאַר אים אויף די קני געפאַלן און אים געבעטן, ער זאָל מיך אין ערגעץ ניט פירן, נאָר ער אַליין זאָל מיך דאָ אויפן אָרט משפּטן. האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און מיך שוין ניט אין ערגעץ ניט געפירט. האָב איך צו אים אַזוי געזאָגט: אדוני! זיי וויסן, מיין האַר, אַז שוין גאַנצע צוואַנציק יאָר ווי איך האָב מיך אויסגעטאָן פון עולם הזה, און פאַרברענג רק מיט דער תורה; אפשר האָב איך פאָרט געזינדיקט — בין איך דאָך ניט מער ווי אַ בשר ודם, און דער יצר־הרע איז צייטנווייז גובר. דער מוראדיקער זקן איז גלייך אויפגעשטאַנען און איך האָב געבעטן פאַר אים: חטאתי, עויתי, פשעתי! איך האָב מיך פאַר אים מתוודה געווען ניט נאָר אויף לשון קודש, נייערט אויך אויף דער אומגאַנגס־שפּראַך (בלע״ז). האָב איך אים דערנאָך געפרעגט: מי אדוני — ווער ביסטו, מיין האַר! האָט ער מיר געענטפערט: „איך בין די משנה, וואָס טוט דעם מענטשן שטראָפן; איך בין די תורה, וואָס האָט דיך שטאַרק ליב געקראָגן, און דיך פעסט צו זיך געבונדן. זיי געהיט, און רייד מער ניט אַזעלכע רייד״. איך אָבער האָב אוים גרויס

פּחד אויך ווייטער אַלץ זיך מתוודה געווען, ביז פּלוצלונג... איז דער זקן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּראַכט־שיינער בתולה. האָב איך זי אַרומגענומען און געהאַלזט. און ווען דער מוראַדיקער זקן האָט זיינע ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָט ער אַלץ געהאַלזט און געקושט, געהאַלזט און געקושט... אין גרויס שרעק, מיט פאַרשטאַרצטע האָר האָב איך אויפגעוואַכט, אַ קאַלטער שוויים איז מיך באַפאַלן און האָב ביטער געוויינט, בעת איך האָב מיך אינם חלום דערמאָנט. איין גאָט וויים און באַגרייפט, וואָס די דאָזיקע ווונדערבאַרע זעונג קאָן באַטייטן. זאָל ער יתברך באַוויליקן, אַז מיין חלק זאָל זיין צווישן די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער תורה לשמה, אמן.[1]

דער דאָזיקער מיסטיקער איז געוואָרן איינער פון דעם שבתי־צבים איבערגעבנסטע אָנהענגער, און האָט געשפּילט אַ זייער באַדייטנדיקע ראָלע אין יענעמס ווונדערלעכן לעבנסוועג.[2] און טאַקע יכינין באַשולדיקן די קעגנער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג, אַז ער איז דער פאַרפאַסער פונם געפעלשטן „כתב", וואָס מיט אים איז אַזוי ענג פאַרבונדן שבתי־צבים אַרויסטרעטן אַלס משיח און גואל. אַ קונציקער סופר און אַפּשרייבער פון אַלטע כתב־ידן, האָט יכיני ערקלערט, אַז ער האָט אַן אַלטן פאַרמעט געפונען, וואָס שטאַמט פון אַ קדמונישן כתב־יד; און אין דעם דאָזיקן פאַרמעט ווערט דערציילט:

„ואני אברהם, און איך אַברהם, וואָס בין געווען פאַרשפּאַרט גאַנצע פערציק יאָר, און געפונען זיך אין גרויס צער איבער דער מאַכט פון דעם תנין הגדול, וואָס טוט הויערן אין דעם טייך פון מצרים. איך האָב אַלץ געטראַכט: ווען וועט עס קומען דער ווונדערלעכער סוף? און אָט האָט זיך אַ שטים געלאָזט הערן: זיי וויסן, אַז אין יאָר ה'שפ"ו (1586) וועט ביי מרדכי צבי אַ זון געבאָרן ווערן, און אַ נאָמען וועט מען אים געבן שבתי. און ער וועט עס מאַכן אונטערטעניק דעם תנין הגדול, וועט בייקומען דעם שרעקלעכן קלאַפּער־שלאַנג, דעם גרימיקן פּיפּערנאָטער. ער איז עס דער אמתער משיח; ניט מיט דער גבורה פון הענט וועט ער גיין אין מלחמה, און אויף אַן אייזל וועט ער אויף דעם לייטער שטייגן.[3] זיין קיניגרייך וועט געוועלטיקן אין אַלע אייביקייטן און חוץ אים —

---

[1] דאָרטן, 283—284.

[2] זייער אינטערעסאַנט איז אין דעם פּרט יכינים בריוו צו נתן העזתי שוין נאָכדעם ווי שבתי־צבי האָט אָנגענומען דעם מוסלמענישן גלויבן (פאַרעפנטלעכט אין Rev. d. et. juives, XX VI, 209 - 219).

[3] „עד שיעלה חמור בסולם" — אַ מיסטיש־סימבאָלישער אויסדרוק, וואָס ווערט אויף פאַרשיידענעם אופן אויסגעטייטשט.

אין גואל לישראל, ניטאָ קיין דערלייזער ביי יידן. שטיי אויף אויף דיינע פיס און הער וואָס ווערט דערציילט וועגן דער קראַפט פון דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכער זעט פון דרויסן אויס אַזוי שוואַך און אָרעם. ער איז מיין ליבער און איז מיר טייער, ווי דער שוואַרצאַפּל פונם אויג... און ער וועט זיצן אויף מיין טראָן און זיין האַנט אויף גאָטס שטול..."

ווייטער ווערט אין טונקעלע, פאַנטאַסטישע אויסדרוקן דערציילט וועגן אַ „מאַן אויף אַ שפּאַן און אַ באָרד אויף אַ שפּאַן" (והנה איש אמה על אמה וזקנו אמה), און אין דער האַנט פון דעם דאָזיקן קאַרליק איז אַ האַמער, מיט וועלכן ער טוט אַ גוואַלטיק גרויסן באַרג איינברעכן. די דאָזיקע „זעונג" פאַרענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקע נביאישע ווערטער: „אין אַ חודש אַרום האָט זיך מיר ווידער באַוויזן דער דאָזיקער שרעקלעכער מענטש (דער קאַרליק), און ער האָט צו מיר אַזוי געזאָגט: זון מיינער! ווי גרויס איז דיין קראַפט, וואָס איך טו פאַר דיר אַזוינע סודות אַנטפּלעקן, וועלכע זיינען פאַרהוילן אַפילו פאַר די מלאכי השרת. און דו פאַרשרייב די דאָזיקע זעונג און באַהאַלט זי אין אַן ערדענעם טאָפּ, בכדי זי זאָל אויפגעהיט ווערן אויף לאַנגע יאָרן. און זיי וויסן, אַז דער דאָזיקער מאַן, וועגן וועלכן איך זאָג דיר אָן, וועט פיל זיך מיען בכדי צו דערגיין די אמונת שמים, און אויף אים האָט נביאות געזאָגט דער נביא חבקוק: וצדיק באמונתו יחיה (ראשי תיבות: צבי). וואָרעם לאַנגע יאָרן וועט ישראל דינען די פאַלשע געטער (יעבדו ישראל ללא אלהי אמת), און ער וועט צוריק זיך אומקערן צום אמתן גלויבן (יחזיר עטרה ליושנה). די בני דורו אָבער, פילע פון זיין דור וועלן אַרויס קעגן אים מיט חרופים וגדופים, וואָרעם זיי שטאַמען פון דעם „ערב רב", ניט קוקנדיק דערויף וואָס די דאָזיקע לעסטערער שטייען אין דער שפּיץ פונם דור און ווערן פאַררעכנט צו די „ראשים וחכמי דרא". ער וועט אָבער באַווייזן מוראדיקע ווונדער און וועט זיך מוסר־נפש זיין על קדושת השם" [1].

מיט דעם דאָזיקן „כתב" האָט מען באַלד באַקאַנט שבתי־צבי, און דאָס האָט געמאַכט אויף אים אַ גוואַלטיקן רושם. די לעצטע ספיקות זיינען צונישט געוואָרן — יאָ, ער איז דער אמתער משיח, דער געליבטער און אויסדערוויילטער פון גאָט! מען דאַרף וועגן דעם גלייך מודיע זיין בכל תפוצות ישראל, אָנזאָגן די ליכטיקע בשורה אין אַלע עקן פון דער וועלט.

און אָט די דאָזיקע ראָלע — פאַרשפּרייטן די ליכטיקע בשורה איבער אַלע לענדער, האָבן אַם גלענצנדסטן דערפילט דעם שבתי־צבים צוויי מקורבים: דער „הויפּטסעקרעטאַר פונם מלך המשיח" יהודה שמואל

---

[1] זע: „אבן חתועים", 61—62; „עניני שבתי צבי", 1912, 99.

פרימו און דעם משיחס „נביא", דער צוואַנציק־יאָריקער נתן בנימין אוים עזה (העזתי). מיט גרויס שטאָלץ און זעלבסטבאַוווסטזיין איז נתן העזתי אַרויסגעטראָטן אין דער ראָלע פון אליהו הנביא, אַלס שליח און מבשר פון דעם משיח, וואָס וועט באַלד זיך באַווייזן אין זיין גאַנצער פּראַכט. ער צעשיקט אין פילע יידישע קהילות כּרוזים און מודעות, גע־שריבן אין דעם פּאַטעטיש־דערהויבענעם נוסח פון די ביבלישע נביאים. „זייט וויסן אַלע אונזערע ברידער פון בית יעקב! — לייענען מיר אין איינעם פון די דאָזיקע כּרוזים, — גאָט האָט באַוויליקט זיין פאָלק, און ער האָט אונז געשיקט דעם דערלייזער און באַשיצער, שבתי־צבי אונזער קיניג, וואָס אים האָט אויף גאָטס באַפעל געזאַלבט דער נביא נתן העזתי. איצט זאָלט איר אויפן באַפעל פון אונזער קיניג און זיין נביא דערקלערן טעג פון פאַסטן און פון תשובה; קערט אָפּ פון אייערע שלעכטע וועגן, זאַמלט זיך צונויף, און קומט זיך בוקן פאַר אייער מלך".

אין פילע שטעט האָט נתן העזתי צעשיקט פאָלגנדיקן בריוו:

„ברידער מיינע, בית ישראל! זייט אַלע וויסן, אַז אונזער משיח איז געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט סמירנע, און זיין נאָמען איז שבתי־צבי. באַלד וועט זיך אַנטפּלעקן זיין קיניגרייך; ער וועט אַראָפּנעמען די קיניגס־קרוין פון דעם מלך ישמעאל, און וועט זי אַרויפזעצן אויף זיין קאָפּ, און דער מלך ישמעאל וועט אים דינען ווי אַן עבד כּנעני — וואָרעם אים געהערט דאָס קיניגרייך. דערנאָך וועט אונזער משיח פאַרשווינדן פון די אויגן פון ישראל און קיינער וועט ניט וויסן, וווהין ער איז אָנגע־קומען, צי ער לעבט, צי ער איז טויט. און אונזער משיח וועט אַוועק צו יענער זייט סמבטיון, ווו עס געפינט זיך משה רבנוס טאָכטער רבקה, וועלכע אונזער משיח וועט נעמען פאַר אַ ווייב. און משה רבנו וואַרט אויף ביאת המשיח, און ער וועט גיין אַנטקעגן דעם משיח צוזאַמען מיט די בני רכב און די עשרת השבטים, בכדי אים אַריבערברענגען איבער דעם טייך סמבטיון, וואָס אים האָט דאָך כּידוע נאָך קיין בן אָדם ניט באַוויזן איבערצוגיין בשלום. וואָרעם אַלע טאָג אין דער וואָך וואַרפט דער טייך מיט שטורמישן אימפּעט גוואַלטיקע שטיינער, נאָר דעם שבתדיקן טאָג טוט ער רוען. פּרוּווט אָבער עמעצער איבערגיין דעם טייך שבת, איז ווי נאָר ער קומט צו די עשרת השבטים, טוען זיי אים פאַרשטיינען, ווייל ער האָט דאָך פאַרשוועכט דעם שבת־רו און האָט עובר געווען אויפן דין פון אונזער הייליקער תורה. אָבער ווען אונזער משיח וועט דעם טייך דאַרפן אַריבערגיין צוזאַמען מיט משה רבנו און די עשרת השבטים, וועט דער טייך זיך באַרויִקן און וועט קיין שטיינער ניט וואַרפן ביז אַלע וועלן אַריבערגיין בשלום... דעמאָלט וועט זיך פון הימל אַראָפּלאָזן אַ לייב,

וואָס אויס זיין מויל טוט פייער שפּריצן און אַלס צוים וועט שטעקן אין זיין געביס אַ זיבנקעפּיקע שלאַנג. אַט אויף דעם לייב וועט עס אונזער משיח רייטן, און וועט ברענגען משה רבנו און אַלע יידן קיין ירושלים. אויפן וועג וועט זיי אַנטקעגן קומען גוג ומגוג מיט זיין פאָלק, וואָס איז גרויס אין צאָל כחול הים און וועט וועלן מלחמה האַלטן מיט אונזער משיח. און אונזער משיח, שבתי־צבי, וועט קעמפן ניט מיט דעם שווערד און ניט מיט דעם שפּיז, נאָר מיטן אָטעם פון זיין מויל וועט ער דעם רשע טויטן און מיט דעם לעבעדיקן גאָטס וואָרט וועט ער זיי צו דער ערד שמעטערן. און ווען אונזער משיח וועט מיט משה רבנו און מיט דעם פאָלק ישראל קומען קיין ירושלים, וועט גאָט פון די הימלען אַראָפּלאָזן דעם בית המקדש, געבויט פון גאָלד און טייערע שטיינער, וואָס וועלן באַלייכטן די גאַנצע שטאָט ירושלים. דעמאָלט וועט אונזער משיח ברענגען קרבנות צו גאָט און עס וועט זיין תחית המתים אויף גאָר דער וועלט... וואָס ווייטער וועט זיין — טאָר מען ניט אַנטפּלעקן, ווייל דאָס אַלץ דאַרף נאָך זיין איינגעהילט אין סוד. אָבער אַלע וועלן דאָס אַלץ זען מיט אייגענע אויגן, ווי נאָר גאָט וועט אומקערן די פאַרטריבענע קיין ציון. איך מעלד אייך אַלעמען וועגן דעם, בכדי איר זאָלט וויסן, אַז איר וועט באַלד זוכה זיין אויסגעלייזט צו ווערן. אַזוי זאָגט נתן בנימין אַשכנזי״[1].

אין דער זעלבער צייט, וואָס נתן העזתי, דעם משיחס נביא, האָט פונאַנדערגעשיקט זיינע בריוון און דערמאָנט מען זאָל פאַסטן און תשובה טאָן בכדי ראוי זיין צו ביאת המשיח — האָט דער „הויפּטסעקרעטאַר״ שמואל פּרימו, צעשיקט אין אַלע קהילות פייערלעכע באַפעלן מיט דער שטאָלצער אונטערשריפט: „דוד בן ישי, משיח אלהי יעקב, שבתי צבי״.

„איך, אייער משיח, שבתי־צבי!״ — אָט דער דאָזיקער פייערלעך־נצחנישער אויפרוף האָט זיך צעטראָגן איבער אַלע יידישע קהילות און קיבוצים, און איבעראַל אַרויסגערופן אַ ווילד התלהבותדיקע, ממש באַשיכורנדיקע יובל־פרייד. אַ געפיל פון טיפער טראַגיק און האַרציקן וויי דערשפּירט יעדער, וועמען עס לייענט אפילו די טרוקענע, ריין־פּראַטאָקאָלישע מיטטיילונגען אויס יענער צייט, ווי עס ווערט באַשריבן אָט דער „מאַסן־פּסיכאָז״, ווי עס הייסט ביי אייניקע פּסיכאָלאָגישע פאָרשער די דאָזיקע שטורמישע משיחישע באַוועגונג, וואָס דער מיסטיקער אויס סמירנע האָט אַרויסגערופן. עס איז ענדלעך געשען! ער איז ד אָ ך געקומען, דער אַזוי לאַנג געוואַרטער גאָטס שליח... גאָט האָט ד אָ ך דערהערט דאָס געבעט פון זיין פאָלק, און פאַר די אומפאַרגלייכלעכע ליידן

---

1 נתן בנימינס פאָטער, חיים אלישע, האָט געשטאַמט פון די אַשכנזישע יידן.

און צרות וואַרט איצט די גרויסע טרייסט און ליכטיקע פרייד... און אַ שטורמישע יובל־פרייד האָט אָנגעפילט די פיל געפּרוווטע הערצער. יאָ, עס איז טאַקע געווען אַ „מאַסן־פּסיכאָז", אַ שיגעון־עפּידעמיע; נאָר אין דעם דאָזיקן שיגעון האָט זיך מיט אַ באַזונדער קראַפט אַנטפּלעקט דער ברענענדיק־דורשטיקער גיר צום לעבן, דער גיר, וואָס האָט שטענדיק געצאַנקט אין די טיפענישן פון דער אָנגעווייטאָגטער פאָלקס־נשמה. די שרעקלעכסטע נסיונות און בלוטיקע קאַטאַסטראָפעס זיינען דאָך ניט געווען אימשטאַנד אויסצולעשן אינם פאָלק דעם גלויבן אין בעסערע צייטן, אין דעם שיינעם און ליכטיקן, וואָס דאַרף און וועט קומען. נאָר דורך אַ נס, נאָר דאָס גרויסע חידושימדיקע וווּנדער קאָן ברענגען רעטונג דער אומגליקלעכער אומה, און זי באַפרייען פון אירע אונטערדריקער. און דאָס פאָלק, וואָס האָט עקשנותדיק זיך געקלאַמערט מיט אַלע זיינע קרעפטן אָן דעם לעבן, האָט געגלויבט און געוואַרט אויף דעם גרויסן וווּנדער. עס האָט פעסט געגלויבט, אַז קומען וועט גאָטס שליח און ער וועט דעם גרויסן אומעט פאַרוואַנדלען אין גרויסער פרייד, קלאָג און געוויין — אין יוכצנדיקן יובל. ער מוז קומען דער משיח און גואל — און ער איז געקומען!.. „איך, אייער משיח, שבתי־צבי!"...

אַ שיגעון־פרייד האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק, דעם גאַנצן יידישן קיבוץ, פון גרויס ביז קליין, פון דעם פשוטן וואַסערטרעגער ביז די גדולי הדור און באַרימטע רבנים, פון די קלענסטע פאַרוואָרפענע קהילות אין די פאַרשטעקטע ווינקעלעך פון מערן, ביז דער רייכער ספרדישער קהילה אין אַמסטערדאַם. פון סמירנע ביז האַמבורג און לאָנדאָן, איבעראַל האָט מען אין די יידישע קוואַרטאַלן רעדלעכווייז געטאַנצט און געזונגען אין באַגלייטונג פון מוזיק איבער די גאַסן און אין די שולן. אין אַמסטערדאַם, אין דער פּאָרטוגעזישער שול האָבן אָנטייל גענומען אין דעם ווילדן יובל־טאַנץ אַרום דער בימה ניט נאָר דער מקובל און מיסטיקער יצחק אַבוהב, נייערט אויך דער פרנס און „גראַנד" אברהם פערייראָ, דער געלערנטער פילאָלאָג און אָנהענגער פון שפּינאָזעס פילאָזאָפיע בנימין מוספיה[1], דער לייב־דאָקטאָר פון דער שוועדישער מלכּה כריסטיאַנאַ, בענדיטאָ די קאַסטראָ (ברוך נאַכמיאַס), דער פריינד און ראַטגעבער פון דער זעלבער אויפגעקלערטער קיניגין, דער רייכער שרה עמנואל טעגיירע און פיל אַנדערע. אין האַמבורג האָט זיך די גאַנצע קהילה

---

[1] דער פּראָפעסאָר פון אַ גאַנצער צאָל וויסנשאַפטלעכע ווערק. באַזונדערס פּאָפּולער איז געווען זיין לעקסיקאָגראַפיש ווערק „זכר רב", וואָס ס'איז מערערע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן.

פארזאמלט אין שול, מען האט ארויסגענומען די ספר־תורות פונם ארון קודש, א קאפעלע כלי־זמר האט געשפילט פריילעכע יובל־ניגונים און דער גאנצער עולם האט געטאנצט. דער רב אליין איז געווען דער משגיח איבער די טענץ. ווי אין דעם אנטיקן גריכנלאנד פלעגט מען ווארפן גורל, ווער פון די בירגער זאל האבן די זכיה צו באטייליקן זיך אין די דראמאטיש־טעאטראלישע שפילן, אזוי האט מען אין דער אמסטערדאמער שול גע־ווארפן גורל, ווער עס דארף זיך באטייליקן אין די טענץ ארום דער בימה. די התלהבות איז אבער געווען אזוי גרויס, אז ניט קוקנדיק אויף דעם רב דעם משגיח, איז דער סדר ביי די טענץ באלד געווען געשטערט און די גאנצע קהילה צוזאמען האט זיך מיט ווילדן אימפעט געדרייט אין דעם זינגענדיקן קאראהאד. אויף דעם גרויסן ליארעם און געפילדער זיינען פילע קריסטן געקומען צו לויפן, און די יידן האבן זיי אנגעזאגט די בשורה, אז משיח, דער יידישער גואל איז געקומען. און זיי זיינען שוין מער ניט קיין קנעכט [1].

ווי אין שאול המלכם צייטן האבן זיך אין פילע יידישע קהילות באוויזן „חבל נביאים" — הונדערטער מענער און פרויען האבן פלוצ־לונג דערפילט אין זיך „גאטס גייסט" און האבן געזאגט „נביאות". זיי פלעגן אין עקסטאז אנידערפאלן צו דער ערד, א קראמף האט ארומ־געכאפט זייערע גלידער, און מיט פארגלאצטע אויגן פלעגן זיי אויס־„שבתי צבי משיח אלקי ישראל!" [2]. אין איין קאנסטאנטינאפאלער שרייען פסוקים, וואס אלע האבן זיי געהאט איין און דעם זעלבן באטייט: קהילה זיינען געווען אזעלכע „נביאים" און „נביאות" איבער פינף הונ־דערט, צווישן זיי דער גרייזגרויער רב מרדכי חסיד. ער האט אלץ געוואלט זען מיט זיינע אייגענע אויגן גאטס שליח; דאס געזיכט פונם גואל, האט דער אלטער מרדכי דערנאך דערציילט, האט אבער געשיינט מיט אזא בלענדנדיק ליכט, אז ער, מרדכי, איז שיר א סגי נהור געבליבן. ער האט בלויז באמערקט, ווי איבער דעם „ראשו של משיח" האט געשימערירט א קיניגלעכע קרוין פון גאלע פייער, וואס האט געפלאקערט ביז אין די הימלען. דער זקן איז פאר שרעק צו דער ערד אנידערגעפאלן, דערנאך האט ער זיך געלאזט לויפן איבער דער גאס און געשריען אין ווילדן עקסטאז: „ער, ער איז אונזער האר! ניטא קיין קיניג אויסער אים!"

מענטשן פון גאנץ ווייטע לענדער האבן ניט געקוקט אויף די שווע־

---

[1] זע: יעקב שאשפורטאש, „ציצת נובל צבי", 10.

[2] זע: דארטן, 13; „תורת הקנאות", 5; „עניני שבתי צבי", 49—50, ווו עס ווערן געבראכט איניקע פון די דאזיקע „נביאישע" רייד.

ריקייטן און געפאַרן און געלאָזט זיך אין לאַנגן שווערן וועג בכדי זוכה זיין צו זען דעם משיח [1]. שפּינאָזעס יוגנט־חבר, דער ראש פון דער אַמ־סטאַרדעמער ישיבה, יצחק נהר און אברהם פעריירא האָבן זיך געלאָזט צוזאַמען מיט זייער הויזגעזינט קיין טערקיי מקבל־פּנים זיין שבתי־צבי. בנימין מוספיה האָט צוזאַמען מיט די אַנדערע חשובע פאָרשטייער פון דער אַמסטערדאַמער קהילה געשיקט אַ באַגריסונג־בריוו דעם „מלך מלכיא" דעם „משיח אלהי יעקב", „אונזער קיניג און דערלייזער", דעם „שליט ביהודה תפארת ישראל" שבתי־צבי. אין געקינצלטע מליצות און אָריענטאַלישע פאַרגלייכונגען דריקן די אַמסטערדאַמער פּרנסים אויס זייער אונטערטעניקייט און גרויס אַנטציקונג; און בעטן דערנאָך ביי זייער „האַר און קיניג" ער זאָל פון זיי „ניט אָפּווענדן זיין ליכטיק גע־זיכט און זיי באַלערן, וואָס זיי האָבן איצט צו טאָן: צי זאָלן זיי זיך גלייך לאָזן אין וועג און „פאַלן צו זיינע פיס", אָדער זיצן און וואַרטן אויפן גרויסן טאָג פון „קבוץ גליות". „ניט בלויז פאַר אונז טוען מיר בעטן פאַר דיר, אונזער האַר — שרייבן די אַמסטערדאַמער פּרנסים אין סוף פון זייער בריוו — נייערט פאַר אַלע דיינע קנעכט, די אויס שפּאַניע פאַרטריבענע, וואָס וווינען איצט דאָ מיט אונז צוזאַמען. אַלע צוזאַמען טוען מיר קניען און זיך בוקן פאַר דיין קיניגלעכן שטול, געלויבט און גע־אַכפּערט זאָל זיין דיין קיניגלעכער נאָמען אויף אייביק!" [2].

מיר האָבן געבראַכט די דאָזיקע שורות, בכדי צו געבן דעם לייענער אַ וועלכן ס'איז באַגריף וועגן דעם מבול פון בריוו און כרוזים, וואָס האָבן ממש פאַרפלייצט די יידישע גאַס אין יענעם היסטאָרישן יאָר 1666, מיט די דריי מיסטישע זעקסן, וועגן וועלכע עס ווערט אין אַזאַ סימבאָ־לישער שפּראַך פאָרויסגעזאָגט אין דער אַפּאָקאַליפּטישער „התגלות פונם היליקן יאָהאַן". דער גאַנצער יידישער ישוב האָט זיך געוויגט. אַלע זיינען געווען אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג. מען האָט אַלץ געוואַרט אויף נייע ידיעות, מען האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן באַפעל זיך לאָזן אין וועג, מקבל־פּנים זיין דעם גואל ומשיח. די ווייטע קהילות האָבן באַוואָרפן מיט בריוו די פאָרשטייער פון די קהילות אין קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל, ירושלים און סמירנע. טיפּיש איז דער ענטפער, וואָס די ווענעציאַנער

1 זע „מעשה טוביה", מאמר IV, קאַפּ' 3: „וקצת חכמי ועשירי אשכנז ופולניא ואיטליא עזבו את ארצם ואת מולדתם והלכו דרך רב ועברו ימים ונהרות בסכנות וצרות רבות ונסעו לארץ הזאת היא ארץ תוגרמא לראות פני המשיח ולעלות עמו לירושלים".

2 דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט אין „ציצת נובל צבי", 56—57, און אין „עניני שבתי צבי", 112—113, ווו עס איז אויך געדרוקט אַ צווייטער בריוו פון דער אַמסטער־דאַמער קהילה צו שבתי־צבי.

רבנים האָבן באַקומען אויס קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויף זייער אָנפראַגע, **צי** איז טאַקע אמת, אַז מען דאַרף וואַרטן אויף באַלדיקער גאולה. דער בריוו פון די ווענעציאַנער רבנים איז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַריין אין די הענט פון שבתי־צביס הייסע אָנהענגער, און געשריבן דעם ענטפער אויף דעם בריוו האָט ניט קיין אַנדערער ווי אברהם היכיני. דער בריוו איז געשריבן אין אַ פאַרשטעלטער אַלעגאָרישער פאָרם: „איר פאָרשט און פרעגט זיך נאָך וועגן דעם יונגן ציגעלע, וואָס ישראל ירושלמי בכמ״ר אברהם האָט איינגע־קויפט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און ביי זיינע קרובים איז פאַראַן אַ חלוקי דעות, ווייל אייניקע מיינען, אַז דער מקח איז אַ מקח טעות, און זיי ווילן דער־לייגן זייער געלט. לכן זייט וויסן, אַז מיר האָבן גוט חוקר ודורש געווען וועגן דער דאָזיקער קניה, און מיר האָבן זיך פעסט איבערצייגט, אַז די סחורה איז פרימאַ־דיפרימאַ און איז גאַנגבאַר אין אַלע מדינות, און ווער ס׳איז מוציא לעז אויף איר, דער איז עתיד ליתן את הדין. געניטע סוחרים זיינען זיך משער, אַז דער דאָזיקער משא־ומתן וועט ברענגען גרויסן ריווח, מען דאַרף צוּוואַרטן אויפן גרויסן יריד, וואָס וועט זיין אי״ה אין אַ יאָר אַרום״.

דער דאָזיקער בריוו איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט; מען האָט אים פאַרשפּרייט אין פילע אָפּשריפטן, געלייענט אים פאַרן עולם אין די בתי־מדרשים און אויף די בערזעס אין פאַרשיידענע שטעט. אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן „גרויסן יריד״. אַן אינטערעסאַנטע שיל־דערונג פון אָט דער אומגעדולדיקער דערוואַרטונג־שטימונג, אין וועלכער די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך דעמאָלט געפונען, איז אויפגעהיט אין די באַרימטע מעמואַרן פון מרת גליקל פון האמעלן, וואָס האָט צו יענער צייט געלעבט אין האמבורג: „ווען איך גידענק אן דער תשובה וואז מן יונגי אונ׳ אלטי גישעהין איזט דאז ניט צו ערשרייבן ווי עש ידועה ומפורסם איזט דורך דעם גאנצין עולם... די שמחה וואז גיוועזין איזט ווען מאן כתבים האט גיקראגין דאז איזט ניט צו בישרייבן, דיא מיינשטי כתבים דיא קומן זיין האבין די ספרדיים ביקומן, זוא זענין זיא אלי צייט מיט אין איר בית הכנסת גנגין אונ׳ לשם גילייאיט; זענין טייטשי יונג אונ׳ אלט אך אין איר בית הכנסת גנגין אונ׳ דער פורטיגיזין יונגי גיזעלין האבין זיך אלי מאלט אין איר בעשטי קליידיר אן גיטאן אונ׳ איין אידריר האט זיך איין גרינין בראטין (ברייטן) זיידין באנד אום זיך גיבונדין, דאז איזט שבתאי צבי זיין ליברייא (ליוורייע) גיוועזין, אלזו זענין זיא אלי בתופים ובמחולות אין איר ב״ה (בית הכנסת) גנגין

---

1 געדרוקט אין „ציצת נובל צבי״, 1868, 27; „עניני שבתי צבי״, 51—52.

מיט שמחה כשמחות בית שאיבה דיא כתבים גילייאיט. טייליש האבין נעביך אל דאז איריגי פאר קאפין, הויז און הויף, אונ׳ אליש גיהויפט (געהאַפט) דאז זיא אלי יום זולין ערליזט ווערדין. חמי ע״ה האַט צו האמיל גיוואונט אלזו האט ער משם עוקר דירה גיוועזין אונ׳ זיין הויף אונ׳ הויז וכלי בית מלאה כל טוב — אליש שטיהן לאזין אונ׳ איזט לק״ק הילדסום גיצאגין צו וואונין אונ׳ האט אונש לכאן המבורג ב׳ גרושי פעסיר מיט אליר הנט ליינין צייק (צייג) גשיקט אונ׳ דרין איזט גיוועזין פון אליר הנט עסין שפייז כגון ערביזין, דער פלייש אונ׳ זונשטין אנדרי גראמפילשפייז פון קוועטשיק שניץ, אליש זוא וואש זיך וואַרין* קאַן, דען דער גוטי מאן ע״ה האט גידאַכט מאן ווערט כפשוטה מן המבורג לארץ הקדושה פארין. דיזי פעסיר זענין וואול יותר אליש א׳ שנה בביתי גישטאנדין, ענטליך (ענדלעך) האבין זי מוראה גיהאַט דער פלייש ושארי זאכין ווערין מכולה גין, האבין זיא אונש גישריבן זולין דיא פעסיר אויף מאכין אונ׳ וואש עסין שפייז אזט הרויז נעמין, דאש דאש ליינין גיצייק ניט מכולה ווערט. אלז עש וואול ג׳ שנים גישטאנדין אונ׳ אליש גימיינט זולטי עש צו זייניר רייז ברויכן אביר דעם היכשטין האט עש נאך ניט גיפאליין״ [1].

מרת גליקל דערמאַנט ניט אומזיסט, אַז „יונגי אונ׳ אַלטי״ האָבן דעמאָלט תשובה געטאָן; מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז דער „נביא״ נתן העזתי האָט גערופן צו תשובה און תעניתים, בכדי מקרב זיין דעם „קץ״, און נאָך די „חבלי משיח״ זאָל וואָס גיכער קומען דער ליכטיקער גואל. און דעם „נביאס״ ווערטער האָבן געפונען דעם שטאַרקסטן אָפּ־קלאַנג ביים פאָלק. יונג און אַלט האָבן מחזיר בתשובה געווען, מען האָט געפאַסט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג מיט קורצע הפסקות, מען האָט זיך ווינטער־צייט געקאַטשעט אין שניי, געבאָדן זיך אין די פּאָלאָנקעס, געשלאָפן אויף שטעכיקע דערנער [2].

די נערוון זיינען אָבער געווען צו אָנגעשטרענגט, מענטשן האָבן זייער פסיכישן גלייכגעוויכט פאַרלאָרן; דאַרף מען זיך ניט שטאַרק חידושן, וואָס דווקא נאָך דער שטרענגסטער תשובה, נאָך די אַלע סיגופים און תעניתים, האָבן די „גערייניקטע״ בעלי־תשובה מיט ווילדער התלהבות

---

* און ניט קאַליע ווערן.

1 „זכרונות מרת גליקל האמיל", 80—82.

2 זע: „ציצת נובל צבי", 2; „תורת הקנאות", 6; „ובין כך וכך היו מרבים בתשובה שלמה ותפלה ותחנה, בכל העולם נעשית תשובה מעולה בסיגופין ותעניות והפסקות של שבוע שלם, וטבילה במים קרים זמן הקור וסיגופים אחרים מה שאין הפה יוכל לדבר ולא השכל לקבל, כדי לזכות ולראות בטובו בלי שום חבלי משיח".

זיך איבערגעגעבן דער אויסגעלאסענער פרייד מיט קאראהאדן־טענץ־געזאנג, וואס פלעגן ניט־זעלטן איבערטרעטן אלע גרענעצן פון צניעות.

די דאזיקע שטימונג האבן אין א גאנץ באדייטנדיקער מאס גע־שטארקט טאקע שבתי־צבי גופא מיט זיינע מקורבים. די „משיחס־צייטן" זיינען דאך שוין געקומען, איז דאך שוין טאקע צייט צו באפרייען דאס אויסגעמאטערטע פאלק פון שווערן מצוות־יאך; אראפנעמען די אלע סייגים און חומראס, מיט וועלכע די רבנים האבן אין משך פון דורות ארומגערינגלט דעם יחיד אויף יעדן טריט און שריט. שבתי צבי האט אפילו באשלאסן מבטל זיין די שוין פון לאנג ביי יידן אנגענומענע תעניתים. אינם נאמען פון „בנו יחידו ובן בכורו של ד׳ אלהי ישראל — שבתי־צבי משיח אלהי יעקב וגואל עמו ישראל", האט דער „הויפט־סעקרעטאר" שמואל פרימו פונאנדערגעשיקט צו אלע גרעסערע יידישע קהילות פאלגנדיקן כרוז: „לכל בני ישראל שלום! איך בין אייך אלע מודיע, אז אזוי ווי איר האט זוכה געווען צו זען גאטס גרויסן טאג, און הערן גאטס ווארט פון זיינע טרייע קנעכט די נביאים — דארף אייער קלאג פארוואנדלט ווערן אין פריידן־טאנץ און דער טאג פון פאסטן — אין יום ששון ושמחה. זאל דער צום העשירי (עשרה בטבת) פון היינט און זיין ביי אייך א טאג פון יובל און פרייד, ווארעם אייער גואל לעבט און אייער קיניג און באשיצער איז שוין געקומען!" אפילו דעם טאג פון נאציאנאלן טרויער, דעם טאג פון חורבן ירושלים, תשעה באב, האט שבתי־צבי באשלאסן צו דערקלערן פאר א יום־טוב־טאג פון פרייד און פארגעניגן. אייניקע קהילות האבן באקומען פון דעם „מלך המשיח" פאלגנדיקן באפעל: „איך, אייער מלך, בין גוזר אויף אייך, אז דעם ניינטן טאג אין אב הבא עלינו לשלום זאלט איר מאכן פאר א טאג פון גרויסער פרייד; איר זאלט אין דעם דאזיקן טאג גרייטן א גרויסע סעודה מיט די בעסטע מאכלים און פיינסטע געטראנקען, מיט פיל ליכט און איל־מינאציעס און א סך געזאנג און ניגונים (בניגונים רבים ובשירים רבים). ווארעם דאס איז דער געבורטס־טאג פון שבתי־צבי, אייער קיניג, וואס געוועלטיקט איבער אלע מלכי ארץ".

ווייטער ווערט אין דעם דאזיקן באפעל געגעבן דער גאנצער סדר התפילה פון דעם דאזיקן נייעם יידישן יום־טוב; אין דער שמונה עשרה האט דער דאזיקער יום־טוב באדארפט דערמאנט ווערן מיט פאלגנדיקן נוסח: „ותתן לנו ד׳ אלקינו באהבה מועדים לשמחה חגים וזמנים לששון את יום חג הנחמות הזה זמן לידת מלכנו משיחנו שבתי צבי עבדך ובנך בכורך באהבה מקרא קודש זכר ליציאת מצרים". און אונטער דעם דאזיקן „דעקרעט" האט שבתי־צבי זיך געחתמעט מיט פאלגנדיקן טיטל:

,,נאום דוד בן ישי נורא למלכי ארץ הגבר הוקם על כל ברכה ותהלה משיח אלקי יעקב אריא דבי עילאי וטביא דבי עילאי שבתי צבי'' [1].

און פילע קהילות האָבן דעם דאָזיקן דעם באַפעל מקיים געווען. אין דעם סדר התפילה האָט מען איינגעפירט אַ ספּעציעלן ,,מי שברך'' פאַר דעם ,,מלך המלכים'' שבתי־צבי. דער מי שברך איז געווען צונויפגעשטעלט לויט דעם באַקאַנטן נוסח: ,,הנותן תשועה למלכים וממשלה לנסיכים — ווער עס קומט צוהילף די קיניגן און גיט ממשלה די פירשטן... הוא יברך וישמור וינצור ויעזור וירומם וינשא למעלה למעלה לאדוננו מלכנו הרב הקדוש צדיק ונושע הוא סולטאַן שבתי צבי משיח אלקי יעקב ירים הודו ותנשא מלכותו. זאָל גאָט אים באַשענקען מיט מאַכט און גלאַנץ, זאָלן אַלע אומות און אַלע לשונות זיין אים אונטערטעניק און דערפילן זיין באַפעל. זאָל זיין מאַכט אייביק געוועלטיקן און זיין מלוכה אומדערשיטערט... זאָל זיין נאָמען זיין געבענטשט אין אַלע צייטן, זאָל ער זיין דער שטאָלץ פון אַלע פעלקער, און זאָלן אונזערע אויגן זוכה זיין צו זען דעם בנין בית המקדש... וכן יהי רצון אמן'' [2].

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור פון פּזמונים און שירי תהלה לכבוד דעם ,,מלך המשיח'', וואָס האָט זיך באַוויזן אוים סמירנע. מיר ברענגען אַלס אילוסטראַציע צוויי פון די דאָזיקע לידער. איינס האָט פאַרפאַסט אברהם היכיני און דאָס צווייטע — דער ,,נביא'' נתן העזתי:

1.

אשירה ואזמרה לאל נערץ בגבורה — איך וועל זינגען און לויבן דעם גאָט, וואָס איז גוואַלטיק מיט זיין שטאַרקייט. דער איינציקער און פירכטערלעכער האָט זיין פאָלק מיט ליכט באַשיינט; פון די בעסטע ווייַרויכן און בשמים האָט דער קדוש ישראל אַ געשטאַלט געשאַפן, און זי געזאַלבט צו דער מלוכה פון גלאַנץ און שיינקייט. געשווינד איז ער ווי אַ הירש [3] די תורה צו באַשיינען. מיט זיין וווּנדערבאַרער חכמה טוט ער שטילן דעם צאָרן; גרוים איז ער און דערהויבן — פאַרן אמת דער פעסטער באַשיצער. ער איז באַשיינט מיט דער קרוין פון מלכות, דער ליבלינג איז ער ביי די ספירות. וווּנדערבאַר זיינען פאַר אים אַנטפּלעקט

---

1 זע: „ציצת נובל צבי", 57—58; „עניני שבתי צבי", 57—58.

2 „ציצת נובל צבי", דף 5, עמ' ב'; באַזונדערס „עניני שבתי צבי", 56, 113—114, ווו עס ווערן געבראַכט אייניקע נוסחאות פון דעם דאָזיקן מי שברך. אין איינעם פון זיי ווערט שבתי־צבי געקרוינט מיט פאָלגנדיקן טיטל: „אדוננו המלך רב שבתי צבי, משיח ד', משיח בן דוד, משיח מלך קיים, משיח הגואל, משיח המושיע, משיח צדקנו, משיח אלהי יעקב".

3 אַ רמז אויפן נאָמען צבי.

אלע סודות פון דער תורה, אויפבויען וועט ער דעם בית הבחירה. מיט גאטס אָטעם איז ער באשיינט, פון דעם העכסטן הייליקטום שטאמט זיין נשמה. פון גאט אליין האט ער זיין ליכט באקומען. מיט אים צוזאמען איז ער פעסט געבונדן. גאטס בלום האט צבי באקומען און די גאנצע מאכט — איז אויף זיינע פּלייצעס. צבי טוט בליען! אויפגעשיינט האט דער מלך, אויפגעשיינט האט דער מלך איבער דעם געיאָגטן שעפעלע! [1]

**II.**

ווי פירכטערלעך, ווי הויך דערהויבנדיק ביסטו, צבים ליכט! כהנים און נביאים טוט ער באשיינען, אין אים איז באהאלטן דאָס דער־ווארטע געשאנק. מי כמוך — ווער קאָן זיך גלייכן צו דיר, דו ליכט פון מיין הארצן, דו גרויסער קיניג שבתי צבי!

גאָט מיין פאָטער טו איך לויבן, וואָס ער האָט צו אונז אויף דער ערד געשיקט דעם הירש (צבי). ער טוט מיר שענקען די גרויסע קראפט — באזינגען זיין לויב אין לידער און תפילות. חי עולמים — דו אייביקער איבער אלע וועלטן! מיין משיח — ער איז מיין שטיצע! מיין קיניג, מיין קרוין, מיין שטאָלץ — שבתי צבי!

איבערפולט איז מיין הארץ מיט גרויסער פרייד! מיין שענסטע האָפענונג — זי איז שוין געקומען, זי איז שוין דערגרייכט! און גאָט האָט מיך אויסדערוויילט איך זאָל אַ לויב־געזאַנג זינגען. חי עולמים — דו אייביקער איבער אלע וועלטן! מיין משיח — ער איז מיין שטיצע! מיין קיניג, מיין קרוין, מיין שטאָלץ — שבתי צבי!

ער האָט דערזען מיינע ליידן, אונטער זיין שוץ מיך גענומען, מיינע פיינד און באדריקער — צו מיינע פיס געוואָרפן. איך טו גאפן און שטוי־נען... חי עולמים! דו אייביקער איבער אלע וועלטן! — מיין משיח — ער איז מיין שטיצע! מיין קיניג, מין קרוין, מיין שטאָלץ — שבתי צבי! [2]

פילע פון די דאָזיקע לויבלידער פלעגן געזונגען ווערן מיט ספּע־ציעלע ניגונים, ווי, צום ביישפּיל, שלמה די אוליווערא'ס „פיוט למוצאי שבת" מיט דער אָנפאנגס־סטראָפע:

אליהו הנביא — אליהו הנביא
אלי יה לנו יביא — עם מלך המשיח
עם מלך המשיח —

פלעגט געזונגען ווערן מיטן ניגון פון דער תפילה „אגיל ואשמח בלבבי" [3].

---

1 זע Revue d. et. juives, 58, 289—290.

2 פאַרעפנטלעכט אין „אבן התועים", 72. זע ביילאַגע נומ׳ 14.

3 זע: „עניני שבתי צבי", 115.

אייניקע פון די דאָזיקע לידער האָבן אפילו צוליב זייער ניגון א גאַנץ אייגנאַרטיקן ריטם, ווי צום ביישפּיל דער פּזמון:

יצא חוטר מגזע ישי — שבּתי צבי דרי דרי שיר.

תנה תנה לאלי אלי — דרי דרי שיר. תנה תנה אאז״וו [1].

געשאַפן די דאָזיקע לידער האָבן ניט נאָר שבּתי צבים מקורבים. אפילו אין ווייטע מדינות זיינען פילע פונם פּשוטן פאָלק געווען אַזוי באַגייסטערט דורך דעם אויפטרעטן פון דעם משיח אויס סמירנע, אַז זיי האָבן אים באַזונגען אין לידער און פּאָעמעס [2].

מען האָט זיך אָבער מיט דעם אַלץ ניט באַנוגנט, מען האָט אויך גענומען איבעראַרבעטן די סידורים און מחזורים: אַ סך תּפילות האָט מען איבערגעמאַכט, און אַריינגעשטעלט פיל נייע. די דרוקערייען אין אַמ־סטערדאַם און קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיינען אין יאָר 1666 געווען פאַרנומען טאָג און נאַכט, בכדי וואָס גיכער מזכּה זיין דעם עולם מיט די אַלע נייע סידורים און „תּיקונים״ [4], וועלכע זיינען געצייכנט מיט פאָלגנדיקער כאַ־ראַקטעריסטישער דאַטע: „שנה ראשונה לחודש כהונה ומלכות״. דאָס יאָר 1666 איז דאָך געווען דאָס „אַפּאָקאַליפּסישע״ יאָר, ווען שבּתי־צבי האָט אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט זיך אַלס משיח און גואל ערקלערט. אויפן שער־בלאַט פון איינעם פון די דאָזיקע סידורים „עטרת צבי״ (צו־גויפגעשטעלט דורך דעם „נביא״ נתן העזתי) זיצט שבּתי־צבי אויסגע־מאָלט על כּסא המלוכה, איבער זיין קאָפּ האַלטן פיר מלאָכים די קיניג־לעכע קרוין מיט דער אונטערשריפט „עטרת צבי״, און אין ביידע זייטן שטייען שיירותווייז שבּתי־צבים תּלמידים און אַרום זיי לייבן — די עמבלעמע פון שבט יהודה.

אין דער דאָזיקער ליטורגישער ליטעראַטור פאַרנעמט אַ באַזונדערן פּלאַץ דער דריי־בענדיקער „חמדת ימים״ — אַ גרויס זאַמלווערק פון דברי מוסר, תּפילות, מנהגים, מצוות און דינים פאַר שבּת, יום־טוב און אַ גאַנץ יאָר. דער ערשטער, וויכטיקסטער טייל פון דעם דאָזיקן ווערק — אַ קאָמפּאַקטער דיקער באַנד פון העכער 600 זייטן, איז אין דרוק ערשינען ערשט אין 1731 (אין סמירנע). דער פאַרפאַסער איז ניט אָנגעוויזן; דער אַרויסגעבער, יעקב אַלגאַזי, טיילט בלויז מיט, אַז דעם כּתב־יד פון דעם

1 פאַרעפנטלעכט דורך גידעמאַן אין „מאָנאַטשריפט״, 1868, 118.

2 אַזוינע פּאָעמעס זיינען אויך פאַרפאַסט געוואָרן אויף יידיש־דייטש. איינע פון זיי האָט ניט לאַנג איבערגעדרוקט ד״ר וויינרייך (זע זיינע „בילדער פון דער ליטעראַ־טור־געשיכטע״, 219—253). מער באַריכות אין דעם 6טן באַנד פון אונזער ווערק.

3 דוד כּהנא ברענגט אין זיין „אבן התּועים״ (ז׳ 89) אַ גאַנצן רייסטער פון די דאָזיקע „תּיקונים״, וואָס זיינען געדרוקט אין 1666.

דאָזיקן ווערק האָט ער באַקומען אין גליל העליון, ווו דער אומבאַקאַנטער מחבר האָט זיינע יאָרן פאַרבראַכט. אין אַ יאָר אַרום האָט דער זעלבער אַרויסגעבער פאַרעפנטלעכט די איבעריקע צוויי בענד „חמדת ימים״: דער צווייטער — וועגן מנהגי שבת, דער דריטער — וועגן מנהגי חנוכה, פורים, חמשה עשר בשבט און ראש חודש.

דער „חמדת ימים״ איז בשעתו געווען זייער פּאָפּולער, מען האָט אים עטלעכע מאָל איבערגעדרוקט (ניט פולשטענדיק און אין אַ געענדערטן סדר); פילע פון די דאָרט געדרוקטע תּפילות זיינען אַריין אין פאַרשיידענע סידורים; ער האָט אָבער אויך געהאַט פאַרביטערטע קעגנער, וואָס האָבן געזען אין אים מינות און הפקירות, אים דערפאַר מחרים געווען און פאַרבאָטן אים אין די הענט צו נעמען. דער ערשטער, וואָס האָט געוואָרפן אַ חשד אויפן „חמדת ימים״ איז געווען דער קנאי יעקב עמדן (יעב״ץ), דער פאַרביטערטער קעמפער קעגן די אָנהענגער פון שבתי־צבי. ער האָט ערקלערט [1], אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז פול מיט „לעסטערונגען״ און אַז עס ווימלט דאָרט מיט דער „עבודה זרה״ פון שבתי־צבים פאַרשאָלטענער באַנדע. יעבץ איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט ערקלערט, אַז דער פאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן ווערק איז ניט קיין אַנדערער ווי שבתי־צבים נביא נתן העזתי. פון די אַלע ראיות, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון יעבצן אָן ביז דוד כהנא [2] צו דערווייזן, אַז נתן העזתי איז דער מחבר פון „חמדת ימים״, פאַרדינט בלויז איין־איינציקע מען זאָל זיך מיט איר ערנסט רעכענען: אין „חמדת ימים״ זיינען אָפּגעדרוקט אייניקע לידער, וואָס טראָגן נתן העזתים נאָמען. אין דריי אַראַמיש געשריבענע פיוטים איז איינגעפלאָכטן אין אַקראָסטיך־פאָרם דער נאָמען נתן בן אלישע [3]. אין די אַלע דריי פאַלן ווערט אָבער גע־

1 יעבץ, „מגדל עוז״, חלק ב׳, סוף פון „יחוד המעשה״, 16: „וכמעשה הכת הארורה הצודדת נפשות נקיים להאמין בצב״י מודח פגר מובס... אשר כשף הסית והדיח את ישראל לפרוק מעל צוארם עול התורה ומצות... והניח אחריו קללה שורש פורה ראש צרעת פורחת... יסדו לו תפלות ותחנות ויחדו אליו כל מעשיהם, כאשר עתה מקרוב ראיתי בעיני חברו לו ספר מיוחד לשמו נקרא „חמדת הימים״ מלא תועבות ונאצות העמידו צלם הטמא בהיכל קודש והלבישו הבקשות ושמות הקודש בשם התועב הלוזה שם רשעים ירקב. אוי לנו מה עלתה בימינו כי אין איש שם על לב לעקור עבודה זרה זו לשרש אחריה, הש״י יקנא לשמו ויחמול על עמו ההולך בתומו וישרש החטאים האלה מארץ חיים סלה ואת רוח הטומאה יעבור מן הארץ״.

2 „אבן התועים״, 149—152.

3 זע „חמדת ימים״, I, 29, 64, 75. אין צוויי פאַלן לייענט זיך דער אַקראָסטיך: „אני בנימין נתן בן אלישע חיים הזק״, אינם דריטן שיר — „אני אברהם נתן בנימין בן אלישע חיים חזק״.

רעדט וועגן דעם פאַרפאַסער פון די דאָזיקע פיוטים אין דריטער פערזאָן און ווערט נאָך דערביי געגרויסט מיטן שבח „דער הייליקער'' (ואחד קדוש). צי קאָן מען אָבער אויפן גרונד פון די דאָזיקע דריי פיוטים[1] קומען צו דער החלטה, אַז דאָס גאַנצע ווערק האָט פאַרפאַסט דער נביא אוים עזה? אין דעם זעלבן „חמדת ימים'' געפינען זיך דאָך אויך בשלימות דעם אר''ים דריי זמירות (דאָרטן, II, 68—72, 124—125, 146—147) און צוויי פיוטים פון דעם דיכטער און מקובל מנחם לונזאַנו (דאָרטן, I, 228; II, 85—86). מיר געפינען, אַז יעדער אָביעקטיווער לייענער, וואָס וועט זיך געבן די מי געניויער צו באַקענען זיך מיט דעם דאָזיקן דריי־בענדיקן ווערק, וועט מוזן קומען צום אויספיר, אַז ניט נתן העזתי איז דער מחבר פונם ספר. דוד כהנא האָט גאַנץ ריכטיק אָנגעוויזן, אַז דער „חמדת ימים'' איז געשריבן אין יאָר 1670, ווייל עס ווערט דאָרט דרך־אגב דערמאָנט, אַז ס'זיינען שוין פאַרגאַנגען זינט חורבן בית־המקדש 1602 יאָר (דאָרטן, ז' 5: „וחלול ד' הגדול המחולל בגוים זה אלף ותר''ב שנה''). גראָד אָבער אין יענער צייט (אין 1670) האָט נתן העזתי, וועלכן די רבנים האָבן מחרים געווען און אים ערקלערט פאַר אַ געפערלעכן מסית ומדיח, — געוועזן געיאָגט פון שטאָט צו שטאָט און אין ערגעץ ניט געקאָנט קיין רו געפינען[2]. עס איז דערפאַר זייער שווער צו גלייבן, אַז ביי אַזעלכע שווערע אומשטאַנדן זאָל דער גע־ונדניק האָבן די נייטיקע רו און צייט אָנצושרייבן אַזאַ גוואַלטיק גרויס ווערק[3]. ווייכטיק איז אויך פאָלגנדיקער פּרט: דאָרט ווו עס האַנדלט זיך וועגן אַ רעליגיעזן דין, אָדער אויך אין מוסר־ און עטיק־פראַגן, פאַררופט זיך דער פאַרפאַסער גאַנץ אָפט, ווי אויף אַ גרויסן אויטאָריטעט, אויף זיין רבין, וועלכן ער רופט ניט אָן מיטן נאָמען, דערמאָנט אים אָבער אַלס רב הקהילה און ראש ישיבה: ובבית מדרשי של מורי ז''ל[4].

---

[1] איינער פון זיי געפינט זיך אויך אין מחזור מנהג כאפה.

[2] זע „ציצת נובל צבי'', 44, 50, 92.

[3] אין דער נייערער צייט איז אויך אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן שטאַרק דעבאַטירט געוואָרן די פראַגע וועגן דעם מחבר פון „חמדת ימים''. אין 1896 האָט דער מקובל מ. מ. הײלפּערן פאַרעפנטלעכט אין ירושלים זיין „כבוד חכמים'', ווו ער פלייסט זיך צו דערווייזן, אַז ניט נתן העזתי איז דער פאַרפאַסער פון „חמדת ימים''. מיט די אויספירן פון „כבוד חכמים'' שטימט פולשטענדיק איין דער מחבר פון „דרך צדיקים''. קעגן זיי איז אַרויסגעטראָטן מ. לוריא אין זיין „מלחמת יעבץ'' (ערשטע אויסגאַבע 1914, צווייטע — 1924), ווו ער שטעלט זיך אויפן שטאַנדפּונקט פון יעקב עמדין. די דאָזיקע אַרבעטן האָבן מיר לײדער ניט געזען, און מיר ווייסן וועגן זיי בלויז אויס „קרית ספר'', 1924, 17—18.

[4] „חמדת ימים'', I, 72.

ומורי ז"ל שנה לי [1], והכי נהוג מורי ז"ל וקהל עדתו [2], ובבית מדרשו של מורי הרב ז"ל היינו קורין [3], ומורי ז"ל היה נוהג [4], אאז"וו. אין איין אָרט (דאַרטן, 101), ווו עס ווערט דערמאָנט שלמה אַלקאַביצעס „כתב" מיט דער באַשרייבונג, ווי אַזוי דער הימלישער „מגיד" האָט באַזוכט אים און יוסף קארו אין דער שבועות־נאַכט — באַמערקט דערבײַ דער בעל „חמדת ימים", אַז אָט די באַשרייבונג האָט ער „געפונען צווישן די כתבים פון זיין רבין ז"ל" (דאַרטן, I, 101: „ובגנזי כתבי מורי ז"ל מצאתי כתוב וכו'") [5]. נתן העזתים רבי איז אָבער געווען יעקב חגיז, וואָס איז דערנאָך געווען איינער פון די פאַרביטערטסטע קעגנער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג. ער גופא האָט טאַקע מחרים געווען דעם שבתי־צבי און דעם געוועזענעם תלמיד זיינעם, נתן העזתי, און יענער איז דערפאַר אַרויס עפנטלעך מיט אַ זייער שאַרפן פּראָטעסט קעגן זיין געוועזענעם רבין [6]. עס איז דערפאַר קלאָר, אַז ווען נתן העזתי וואָלט געווען דער פאַרפאַסער פון „חמדת ימים', וואָלט ער זיך ניט געשטיצט אויף יעדן שריט און טריט אויף זיין געוועזענעם רבין, מיט וועלכן ער האָט געפירט אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. אויסער דעם האָט יעקב חגיז אין 1670 (ווען דער „חמדת ימים" איז פאַרפאַסט געוואָרן) נאָך געלעבט (ער איז געשטאָרבן אין 1674), דער בעל „חמדת ימים" אָבער רעדט וועגן זיין רבין ווי וועגן אַ לאַנג געשטאָרבענעם. דערבײַ מוז מען אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז אין 1670 איז נתן העזתי בסך־הכל אַלט געווען 26 יאָר, ווער עס האָט אָבער געלייענט דעם „חמדת ימים", באַקאַנט זיך מיט זיין נוסח און סטיל — פאַר דעם איז קיין שום ספק ניט, אַז דער פאַר־פאַסער פון דעם דאָזיקן ווערק איז אַן עלטערער מענטש, וואָס האָט פיל געוואַנדערט [7] און איבערגעלעבט אין זיינע יאָרן. אויס זייער פילע באַ־מערקונגען איז לייכט זיך משער צו זיין, אַז דער בעל „חמדת ימים" איז

---

1 דאַרטן, 74.

2 דאַרטן, 105.

3 דאַרטן, 191.

4 דאַרטן, 201. זע אויך דאַרטן, II, 15, 17, 19, 21 אאז"וו.

5 מיר האָבן שוין פריער (קאַפּ' 3) אָנגעוויזן, אַז אַלקאַביצעס כתב איז צום ערשטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין איינע פון די אויסגאַבן פון „שני לוחות הברית", (אַמסטערדאַמער אויסגאַבע, 180). דאָס ערלויבט אפשר אַרויסזאָגן די השערה, אַז דעם בעל „חמדת הימימס" רבי איז געווען דער בעל השל"ה ישעיהו הורוויץ, וואָס האָט סוף ימיו פאַרבראַכט אין צפת און דאָרט געשטאָרבן אַרום 1630.

6 זע „קובץ על יד", 1885, 126.

7 פון די שטעט, וואָס ער האָט באַזוכט, דערמאָנט ער סאַלאָניקע, אַנטיוכיא, ברוסאָ און פאַרשיידענע „דייטשע שטעט" (בהיותי בערי אשכנז).

אין משך פון לאַנגע יאָרן געווען רב און בעל־דרשן אין אַ יידישער קהילה. דער פּראָפעסער דערציילט וועגן זיך: ,,ואני נהגתי בקהל עדתי... ופעמים רבות קריתי אני בקהל עדתי... קודם הדרוש שהייתי דורש בשבתות (דאָרטן, 60); וכשדרשתי זה ביתר דברי כבושים בקהל עדתי'' [1]. אמת, מען קאָן זאָגן: דאָס איז מער ניט ווי אַן אָנשטעל פון אַ שווינדלער אַ מיסטיפיקאַטאָר, וואָס וויל אונז פאַרבלענדן די אויגן. ניט אַלץ לאָזט זיך אָבער מיסטיפיצירן; עס זיינען פאַראַן געביטן וווּהין דעם שווינדלער איז זייער שווער אַריינצודרינגען. פילע פון די אָנגעזעענסטע אַנטיסאַבאַ־טיאַנער, ווי, למשל, יעקב שאַשפּורמאַש, יעקב עמדין און אַנדערע, פאַר־זיכערן דאָך, אַז דעם שבתי־צבים יונגער נביא אוים עזה איז געווען ממש אַן אויסוואורף; דער היסטאָריקער גרעץ שילדערט נתן העזתי אַלס אַ ניש־טיקן מענטשן מיט גאַנץ קנאַפּע ידיעות אויפן געביט פון דער תּלמודישער ליטעראַטור, דערצו נאָך אַ כבד־פּה און שטאַמערער, און דעם דאָזיקן חסרון קאָן קוים פאַרדעקן זיין פלינקע פען, וואָרעם דער סטיל זיינער, פאַרזיכערט גרעץ, איז געווען אַן אויפגעבלאָזענער, און די רעטאָרישע פוסטע מליצות זיינען ניט אימשטאַנד צו פאַרדעקן די אָרעמקייט פונם געדאַנק [2]. דוד כהנא פון זיין זייט זעט אין נתן העזתי דעם נידערטרעכ־טיקן מענטשן, דעם אומפאַרשעמטן ליגנער און געפערלעכן שווינדלער. און עס איז ממש צו שטוינען, וואָס דווקא דוד כהנא שטייט שטאַל און אייזן, אַז דער מחבר פון ,,חמדת ימים'' איז ניט קיין אַנדערער ווי נאָר נתן העזתי. ס'איז צו שטוינען ניט נאָר דערפאַר, וואָס דער ,,חמדת ימים'' זאָגט עדות, אַז זיין פּראָפעסער איז געווען אַן אמתער בקי אין דער תּלמודישער און רבנישער ליטעראַטור [3]. ווער עס באַקענט זיך מיט דעם דאָזיקן ווערק, דער זעט פאַר זיך אַ מענטשן מיט אַן אמתן ליטעראַרישן טאַלענט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט פּאַטאָס פון אַ באַגייסטערטן פּרע־דיקער, מיטן טיפן געפיל פון שטרענג־מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר פאַרנעמען זיך טאַקע מהאי טעמא אַזוי פיל מיטן ,,חמדת ימים'',

---

1 דאָרטן, 98; זע אויך דאָרטן, 113: „ואני דרשתי ברבים ופי אמלא תוכחות"; דאָרטן, 142: „וכן נהגתי את קהל עדתי"; דאָרטן, 138: „ואנכי כמה פעמים שמתי פני כחלמיש לנגדם להוכיח בשבט פי אשר חנני אלהים ב"ה להוכיח במישור לקהל עדתי; דאָרטן, 196: „ואני התרתי לאיש אחד"; דאָרטן, 266: „ואני תקנתי סדר לימוד לז' ימי החג; דאָרטן, II, 140: „וכה היה מנהגי מידי שבת בשבתו לדרוש בקהל עדתי"; דאָרטן, 84: „ופי אמלא תוכחות בקהל עדתי". זע אויך דאָרטן, II, 52, 138; III, 68, 77, 93, 100.

2 גרעץ־שפּ"ר, ב' VII, ז' 239.

3 דער בעל „חמדת ימים" ציטירט אָפט ר' האי גאון, דעם רמב"ם, ר' מרדכי, דעם רא"ש, דעם ר"ן, דעם בעל „העיטור", דעם „ארבע טורים" און פילע אַנדערע.

ווייל ס'איז דער חשובסטער מוסר־ספר, וואָס ס'איז געשאַפן געוואָרן אין די קרייזן פון די פּאַלעסטינער מקובלים, און אפילו דער אזוי פּאָפּולערער „ראשית חכמה" קאָן זיך מיט אים ניט גלייכן...

דער בעל „חמדת ימים" איז א התלהבותדיקער מיסטיקער, א הייסער אָנהענגער פון דעם אר"ים קבלה. דער אר"י איז ביי אים — דאָס וווּנדערבאַרע ליכט (האור המופלא) [1], דער „מורנו ורבנו, מורנו הקדוש" [2], דער „האר פון דער ערד" (אדוני הארץ) [3], דער פּאַרדינסטפולער יורש פון ר' שמעון בן יוחאי [4]. א סך תפילות אינם „חמדת ימים" זיינען איבערפולט מיט „צירופי אותיות", מיט ווילד־קלינגענדיקע נעמען און אומפאַרשטענדלעכע השבעות. דאָס פּאַרדריסלעכע געפיל, וואָס די דאָזיקע מיט „שמות" געשפּיגעוועטע תפילות דערוועקן, ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דערמיט, וואָס אין איין מחיצה מיט זיי געפינען זיך אויך זייער שיינע האַרציקע תפילות, ווי, למשל: „יהי רצון מלפניך" (דאָרטן, 65), „רבש"ע מלא משאלותינו" (דאָרטן, 66), „רבונו של עולם בעל הרחמים והסליחות" (199) און פילע אַנדערע. און די פרומע גאָטספּאַרכטיקע מענער, וואָס האָבן איינצקע פון די דאָזיקע תפילות איבערגעדרוקט אין פאַרשיידענע סידורים, האָבן דערמיט באַוויזן מער געשמאַק ווי דוד כהנא, וואָס זעט אין דעם א חילול השם...

אַלס טרייער אָנהענגער פון דעם „אר"י הקדוש" פּריידיקט אויך דער בעל „חמדת ימים" א שטרענג אסקעטיש לעבן. ער אָנערקענט בלויז איין פרייד אין דער וועלט — די פרייד פון מצוות טאָן [5]; זיין גרעסטע זאָרג איז די, וואָס די „בת־מלך", די הימלישע נשמה האַלטן געפאַנגען אזוי פיל וועלך — די זינדיקע תאוות [6]. ער רופט דערפאַר מיט גרויס פּאַטאָס צו תשובה, תעניתים און סיגופים; ער זעט אין דעם דעם זיכערסטן וועג, וואָס פירט צו דער גאולה [7]. אין דעם דאָזיקן מיט מיסטישן גייסט דורכגעדרונגענעם ספר לאָזן זיך אָבער גאַנץ שטאַרק הערן סאָציאַלע טענער פונם רעאַלן ערדישן לעבן. דער טעמפּעראַמענטפולער פּרעדיקער

[1] דאָרטן, 57, 103.

[2] דאָרטן, 142, 252.

[3] דאָרטן, 224.

[4] דאָרטן, 284.

[5] דאָרטן, 225: „אין השכינה שורה לא מתוך עצבות ולא מתוך עצלות ולא מתוך שחוק וקלות ראש ולא מתוך דברים בטלים אלא מתוך דבר שמחה של מצוה".

[6] דאָרטן, 174: „נפשו העלובה והעגומה יחידה בת מלך שבויה בין כמה זאבים".

[7] „חמדת ימים", I, 7, 10—11; דאָרטן, 280, II, 17—18.

און מוכיח איז אַפּט גובר דעם התלהבותדיקן מיסטיקער. ער שטראָפט די תקיפים און די רײַכע ניט בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן אין דער תורה פאַרגעסן, נאָר אויך ווייל זיי זיינען טויב צו די ליידן פונם פאָלק און נעמען ניט קיין אָנטייל אין „צרות ישראל". אין פײַערדיקע שטראָף־רייד גיסט ער אויס זיין צאָרן אויף די גבירים און שררות, וואָס טראַכטן נאָר וועגן בלענדנדיקן לוקסוס, צירן זיך אין די רייכסטע קליידער, און ווען עס באַווייזט זיך אַן אָרעמאַן פאַר דער טיר, פאַרטרייבן זיי אים און מיידן אים אויס „ווי אַ שור מועד בימי ניסן"; אָרעמע בני תורה לאָזן זיי פאַלן, אָבער אויף בלערליי פאַקוסניקעס און קונצנמאַכערס, וואָס טרייבן פיל שפּאַט און ליצנות — זיינען זיי גרויסע נדבנים. „ווי קאָנט איר עס דער־לאָזן, — רופט אויס מיט צאָרן דער פאַרפאַסער, — אַז אין ימי החג, אין די טעג פון פרייד, זאָלן בײַ אייך אָרעמעלייט אויסגיין פון הונגער און ליידן פון עלנט און נויט? ווי קאָנט איר עס וואַגן אויסרופן אויפן הויכן קול אין דער סדר־נאַכט: „כל דכפין ייתי ויכול וכו'", בעת איר פאַר־מאַכט די טירן פאַר אָרעמעלייט און לאָזט זיי איבער די גאַסן בלאָנ־דזשען?" [1] און דער פאַרפאַסער דערציילט דערבײַ אַגב אַ מעשה, „וואָס האָט פּאַסירט אַמאָליקע צייטן אין ירושלים", ווי מען האָט איינעם אַ „איש חסיד וחכם צנוע", וואָס האָט געלעבט אין גרויס דחקות, געלאָזט אָן תמיכה פאַר פּסח. האָט ער נעבעך מיט אַ פאַרביטערט האַרץ געוויינט און תפילה געטאָן פאַר גאָט. „ותעל שועתו אל אלהים" — האָבן זיינע געשרייען דערגרייכט צום שם יתברך, און עס האָט אים, כביכול, שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט געוואָלט באַשטראָפן די גאַנצע שטאָט דערפאַר, וואָס זי לאָזט אַ געמיינעם מאַן, אַן איש חסיד, פאַר הונגער אויסגיין ואין מרחם; נאָר אַדאַנק אליהו הנביא, וואָס האָט מתפלל געווען פאַר גאָט, איז די קהילה פון גאָטס שטראָף ניצול געוואָרן [2].

מעשיות זיינען בכלל אַן אָרגאַנישער טייל אינם געוועב פונם „חמדת ימים". אַלס געניטער בעל־דרשן און פּרעדיקער באַפּוצט ער גאַנץ אָפט זיינע מוסר־רייד מיט פאַרשיידענע מעשיות און לעגענדעס; און ער פאַרשטייט אַזוי קונציק, ווי זיי איבערצוגעבן אין זייער אייגנטימלעכן ריטם און טיפּיש פאָלקסטימלעכן נוסח. זייער אינטערעסאַנט זיינען אין דער הינזיכט די מעשיות וועגן יציאת מצרים [3], די לעגענדע וועגן משה רבנו [4], די מעשה וועגן זיבן זקנים, וואָס זיינען געקומען צו אַ באַרימטן רב אין

1 דאָרטן.
2 דאָרטן, 11.
3 דאָרטן, אין דעם קאַפּיטל וועגן שביעי של פּסח.
4 דאָרטן, 79.

סוכּה [1], די מעשה מיטן יידן און דעם שפּאַנישן מלך [2], די מעשה וועגן יהודית (דאַרטן, III, 78—82) און אסתּר (דאַרטן, 98. 112—115) און פילע אַנדערע.

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט ווי די לעגענדעס זיינען די ראַעלע בילדער פון דעמאָלטיקן שטייגער־לעבן, וואָס זיינען איינגעפלאָכטן אין די שטראָף־ און מוסר־רייד פונם בעל ,,חמדת ימים''. בעת ער ווייזט אַ שטייגער אָן, ווי אַזוי מען דאַרף זיך נוהג זיין אין בית הכּנסת שבּת און יום־כּיפּור, ווענדט זיך דער בעל ,,חמדת ימים'' מיט פּאַטעטישע שטראָף־רייד צו זיין אוידיטאָריום און שילדערט אין לעבעדיקע בולטע פאַרבן, ווי אַזוי דער עולם נעמט זיך צונויף יום־טוב צי שבּת אין שול, פירט שמועסן וועגן פּאָליטיק, הערט פּאַטשטשן, מען דערציילט לשון־הרע, מען ריעדט אָפּ איינער פונם אַנדערן, וואָס אין דער קאָרט. ,,ווויי צו די אויערן, וואָס הערן דאָס, וויי צו די אויגן, וואָס זעען דאָס!'' — רופט אויס מיט פּאַטאָס דער פרומער פאַרפאַסער [3]. פון באַדייטנדיקן עטנאָ־גראַפישן אינטערעס זיינען אויך די שטעלן, ווו דער בעל ,,חמדת ימים'' דערציילט וועגן די מאַסקאַראַדן און פרייליכע שפּילן אין די פּורים־ און חנוכּה־טעג [4].

ניט נאָר אַ שטרענגער מוכיח מיט בייזע שטראָף־רייד איז אָבער דער בעל ,,חמדת ימים'', נייערט אויך אַ ליבער פריינד און נאָענטער חבר. דער לעזער הייסט ביי אים: ,,מיין ברודער'', ,,מיין הייס געליבטער ברו־דער''; דאָס אוידיטאָריום: ,,קינדער מיינע'', ,,פון גאָט געליבטע, גאָל־

[1] דאָרטן, 248: „אגיד לך מעשה רב אשר שמעתי מפי זקנים. מעשה שהיה ברב מופלא שהיה יושב ולומד בסוכתו ותלמידו עמו".

[2] דאָרטן, III, 96—97: „ואדוני אבי ומורי היה אומר: מעשה שהיה בספרד באיש אחד ושמו ן' אפרים, ויער האל את רוחו ללכת בחצר המלך ולגבות המסים וכל עבודת המלך וכו' וכו'".

[3] די באַטרעפנדיקע שטעלע בשלימות, זע בייל‏אַגע נומ' 15.

[4] „חמדת ימים", III, 119, 122: „כי נשמע קול צוחה על היין בראש כל חוצות יתהוללו ותבקע הארץ לקול היוצא מבית בליעתם, וישנו את טעמם ומראיהם לתת על פניהם מסוה עד כי נהפך לאיש אחר ואין בו מכיר כי לכולם יהיה חליפות שמלות היו לנשים, כי על כל גבר יהיו כלי אשה, וכל הנשים יתנו על פניהם כסות עיניהם עד אשר כל רואיהם לא יכירום לא ידעו ולא יבינו מי ומי ההולכים עדרים עדרים פעם ברחוץ פעם ברחובות אצל כל פינה יארובו לחקור איזהו מקומן של זבחים ואיזה מקום יין נסיכם וילכו להם בתופים ובמחולות מפזזים ומכרכרים בכל עוז; ואשה כלי זיינה עליה וחמושים עלו בנות ישראל מזוינים בכל שלטי הגבורים. וכל איש מישראל חרבו על יריכו וחיציו שנונות". זע אויך דאָרטן, 75—76.

דענע קינדער״[1]. און פול מיט האַרציקער פשטות זײַנען זײַנע רייד וועגן אַ ריין־מאָראַלישן לעבן, וועגן פרומער התנהגות, ווי אַזוי מען דאַרף באַטראַכטן גאָטס הויז מיט אַ צעבראָכן געמיט און מיט אַ האַרץ פול מיט הכנעה און תשובה; ווי יעדער בן־אָדם דאַרף קודם־כל טראַכטן וועגן שלום און אחדות. מען דאַרף דערבײַ געדענקען, אַז דאָס דאָזיקע ספר איז געשריבן געוואָרן גראָד אין אַן אויפגערעגטער סביבה, וווּ עס האָבן געוועלטיקט ניט שלום און אחדות, נייערט מחלוקת און שנאה. שבתי־צבי און זײַנע מקורבים האָבן אָקאָרשט אָנגענומען דעם מאַכמעדאַנישן גלויבן און די „שבתי־צביניקעס״ זײַנען ערקלערט געוואָרן פאַר „עוכרי ישראל״. ניט אַלע האָבן אָבער נאָך אָנגעוואָרן זייער גלויבן אין דעם משיח אויס סמירנע, און אויף דעם סמך זײַנען אין פילע קהילות אויסגעבראָכן שאַרפע סיכסוכים, וואָס זײַנען ערטערווײַז איבערגעגאַנגען אין פאַרביטערטן קאַמף. אָט דערפאַר רעדט עס אונזער פאַרפאַסער מיט אַזאַ פאַטאָס וועגן שלום און אחדות און וואָרנט פאַר מחלוקת און קריגערײַ.

„אוי נא לנו שאין שלום במעגלותינו!״ — קלאָגט זיך דער בעל „חמדת ימים״ — ווײ איז צו אונז, וואָס עס איז בײַ אונז קיין שלום ניטאָ! ווײ צו אונז, וואָס אָט פאַר דער גרויסער זינד האָבן מיר מיט אייגענע הענט געבראַכט אַזוי פיל אומגליקן און צרות איבער אונזערע קעפּ, און מיר שמאַכטן נאָך אַלץ אין גלות... הערט־זשע מיך אויס, ברידער מײַנע, איר הייליקע שפּראָצלינגען פון גאָט געבענטשטע אָבות: איך וויל אײַך לערנען אמתע יראת שמים, איך וויל אײַך דערמאָנען ווי גאָטס כבוד ווערט פאַרשוועכט צווישן די פעלקער, זיי טוען פרעפלען אין זײַן הייליקטום, און גאָטס אייגענע קינדער זײַנען פאַרטריבן געוואָרן פון זײַן טיש, דאָס אויסדערווײלטע פאָלק איז אין שרעקלעכער נויט און יעדער ברענגט אים נײַע צרות און פּלאָגן. צי ווייסט איר, פאַרוואָס גאָטס משפט איז אַזוי שטרענג, פאַרוואָס מיר גייען מדחי אל דחי — פאַלן אַלץ נידעריקער און נידעריקער, מיר ווערן דערטרונקען אין דעם ים פון עלנט און נויט, און עס איז ניטאָ דער טאָג, וואָס זאָל ניט ברענגען קיין נײַע פורעניות, פון וועלכע דער פריקער טאָג האָט ניט געוווּסט? עס איז קיין ספק ניט, אַז — צדיק הוא ד׳ ואנחנו הרשענו — מיר זײַנען די שולדיקע, ומידנו היתה כל זאת, ווײַל בײַ אונז געוועלטיקט מחלוקת און פּירוד הלבבות.

---

1 „חמדת ימים״, 114, 137, 173, 204, 205 אאַז״וו: „אחי אתה ותם אזנך, הנה אהובי אשר אהבת עולם אהבתיך; ובכן אחי אתהן ואתם בנים שמעו לין בחורי חמד אהובי עליון״.

,,פאַרוואָס — רופט אויס דער פּראָפעסאָר — איז ביי אייך, הייליקע יעקבס קינדער, קיין אחדות ניטאָ? צי זייט איר דען ניט קינדער פון איין פאָלק, פון איין פאָטער? צי האָט אונז דען ניט איין גאָט באַשאַפן? ומדוע לא נהיה לאחדים בארץ — פאַרוואָס זאָלן מיר ניט לעבן בשלום צווישן זיך, קינדער פון פאָלק ישראל? ווי קאָנען מיר עס פאַרגעסן, אַז מיר געפינען זיך אינם לאַנד פון אונזערע פיינד, ממש ווי אַ שעפעלע צווישן מיליאָנען וועלף (ככבשה אחת בין אלף אלפי רבבות זאבים ממש)? אונז איז נאָך ווייניק, וואָס אַלע פעלקער האָבן אונז פיינט, שטאַרקן מיר נאָך די שנאה צווישן זיך, פאַרגרעסערן מיט אונזער מחלוקת דאָס פייער, וואָס טוט אונז אָן רחמנות פון טאָג צו טאָג פאַרצערן'' [1].

,,מוכרח להיות ולהמציא בישראל האחדות'' — מען מוז שאַפן אחדות צווישן יידן — דעם דאָזיקן כלל חזרט דער פּראָפעסאָר מערערע מאָל איבער, און אים שענקט ער אַ שפּאָרעוודיקע צאָל האַרציקע בלעטער אין זיין דיקן ספר. ,,מחילה — שטרייכט דער בעל ,,חמדת ימים'' אונטער — דאַרף מען בעטן ניט נאָר ביי פריינד, נייערט דווקא ביי די שונאים, און ער גופא פאַרפאַסט אַ תפילה אויף מתפּלל צו זיין פאַר די ,,פּושעי ישראל'', בכדי יענע זאָלן מחזיר בתשובה זיין [2].

אינטערעסאַנט איז אַ̇גב פאָלגנדיקער פּרט. ווי אַלע אַנדערע מיסטיקער, שטרייכט אויך דער בעל ,,חמדת ימים'' אונטער דעם גוואַלטיקן כוח, וואָס שטעקט אין דער תפילה. בכדי אָבער די תפילה זאָל דערהויבן ווערן מיט גרוים כוונה, מוז זי זיין אויף אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך. ,,דערפאַר — ווייזט אָן דער פּראָפעסאָר — ווער עס פאַרשטייט ניט העברעיִש, זאָל ער מתפּלל זיין אויף דער שפּראַך, וואָס ער פאַרשטייט, און זיין תפילה וועט געוויס אָנגענומען ווערן'' [3]. ,,מיר זעען דאָך — איז דער מחבר מוסיף, — אַז תשעה־באָב מאַכט איין קינה, וואָס ווערט פאָרגעלייענט בלע"ז (אויף דער אומגאַנגס־שפּראַך), אַ באַדייטנדיק שטאַרקערן איינדרוק אפילו אויף די, וואָס פאַרשטייען יאָ העברעיִש, ווי צען קינות אויף לשון קודש''. ,,אפילו אַ פּשוטער בן־אָדם פונם גאַנץ פּראָסטן עולם, ווייזט אָן דער פּראָפעסאָר, קאָן מיט זיין האַרציקער תפילה אָנמאַכן אַ גוואַלטיקן רושם אין די עולמות העליונים. און ער דערציילט טאַקע דערביי אַ מעשה וועגן איינער פון די ,,שטומע נשמות'', וואָס ס'האָט אין אונזער דור אַזוי וווּנדערשיין באַזונגען י. ל. פּרץ אין זיינע ,,פאָלקסטימ־

---

[1] דאָרטן, I, 178. זע אויך דאָרטן דעם שער וועגן שבועות, קאַפּיטל צוויי.

[2] דאָרטן, 133—134.

[3] דאָרטן, 105: „כי אף שיתפלל בנוסח שיחו בלשון לעז, בוחן לבבות הוא מבין ועדיף טפי יותר מהתפלל בלשון הקודש באין מבין מה ידבר לפני ד'".

לעבע געשיכטעס". ערגעץ אין אַ שטאָט האָט שטיל און אומבאַמערקט געלעבט אַן אָרעמער פשוטער ייד, וואָס האָט קוים געקאָנט פּאַרטייטשן אַ פּרשה חומש. געשטאָרבן איז ער בשיבה טובה, און באַלד נאָך דער פּטירה האָט ער זיך באַוויזן אין חלום צו אַ בכבודיקן חסיד אין שטאָט, אַנגעטאָן אין תכריכים, און אַ קליין ספרל אין האַנט. פרעגט אים דער חסיד: וואָס האַלטסטו פאַר אַ ספר אין האַנט? ענטפערט אים דער בר־מינן, אַז דאָס האַלט ער אַ תהילימל, און געקומען איז ער צו אים ער זאָל זען וואָרענען די יידישע איינוואוינער פון דער שטאָט, זיי זאָלן וואָס גיכער אַנטלויפן פון דער שטאָט און ראַטעווען זייער׳ע נפשות, וואָרעם כל־זמן ער האָט נאָך געלעבט האָט ער פאַר זיי מגין געווען דערמיט, וואָס ער פלעגט אין משך פון פילע יאָרן יעדע וואָך איבערזאָגן גאַנץ תהילים. אין זכות פון זיין תהילים זאָגן האָט עס די גאַנצע קהילה געלעבט אין שלום. איצט אָבער, אַז ער איז טויט, איז ניטאָ ווער ס׳זאָל זיי באַשיצן, דאַרפן זיי וואָס גיכער פאַרלאָזן די שטאָט. אינדערפרי האָט זיך דער חסיד אויפגעכאַפּט אין גרויס שרעק און האָט גלייך מודיע געווען דער קהילה וועגן דער שטאַרקער סכנה. אַ טייל האָבן גלייך מקיים געווען, וואָס דער בר־מינן האָט באַפוילן, און זיינען טאַקע ניצול געוואָרן, אַנדערע אָבער, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט צוהערן צום חסידס חלום, זיינען זיי טאַקע רחמנא ליצלן אַלע אומגעקומען [1]

דערפאַר אָבער פאַלט דער מחבר זייער שטאַרק אָן אויף „דעם טייל פון די למדנים און ווילקענעווודיקע", וואָס פטרן זייער צייט אויף פּילפּול און שפּיציקע דרושים און פשטלעך [2]. מיט גרויס כעס רעדט ער וועגן די בעלי־דרשנים, וואָס ווילן בלויז באַווייזן זייער גרויס בקיאות און חריפות; זיי זיינען מבלבל דעם עולם מיט ווילדע קלאָץ־קשיות, פירן צונויף אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, באַווייזן כל המיני קונץ־שטיק, ווי די אמתע קונצנמאַכערס און פאָקוסניקעס. און טאַקע, איז דער מחבר מוסיף, זינט דער דרך פון פּילפּול איז געוואָרן אַזוי אָנגענומען אין די אשכנזישע קיבוצים [3], און אָנשטאָט די גלייכע וועגן פון לימוד התורה האָט מען זיך געלאָזט אויף קרומע און פאַרדרייטע וועגן, וואָס פירן צו שקר און פאַרבלענדונג — איז טאַקע שטאָק־פינסטער געוואָרן אין די דאָזיקע מדינות, אַפגעווענדט האָט זיך גאָט פון זיי, אַנגעיאָגט האָט זיי

1 דאָרטן, 111.

2 דאָרטן, 209: „והמכשלה הזאת תחת רבים מרבת בני עמנו יודעי דעת ומביני מדע אשר מאבדים זמנם אחר חריפיות הדרושים ופלפולים ובעיקר ידיעת הבורא לא ידעו".

3 דער פאָרפאַסער מיינט דאָ די דייטש־פּוילישע קהילות.

איין אומגליק נאָכן אַנדערן, אַ בראָך נאָך אַ בראָך האָט זיי געטראָפן; הונדערטער טויזנטער נפשות זיינען אומגעקומען. איבער אַלע גאַסן האָבן זיי זיך געוואַלגערט, און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זיי מקבר זיין [1].

און אָט דער מיסטיקער און מקובל רופט צוריק צום קלאַסישן אור־קוואַל פון פשטות און קלאָרקייט — צו דער ביבל. ער ציטירט די התלהבותדיקע שורות פון פּראָפעסאָר דוראַן [2], ווו יענער איז מיט גרויס התפּעלות מפליא די ווונדערבאַרע שיינקייט פון די כתבי הקודש, און דער בעל „חמדת ימים" שטרייכט דערביי אונטער, אַז אפילו די לומדים און גרויסע בקיאים אין ים התלמוד זיינען דאָך מחוייב יעדן טאָג לייענען תורה נביאים וכתובים, און אין משך פון יאָר וויניקסטנס איין מאָל דורכגיין גאַנץ תנ"ך [3].

צי איז ווירקלעך דער אומבאַקאַנטער מחבר פון דעם דאָזיקן אינ־טערעסאַנטן מוסר־ספר געווען אַ מאמין אין שבתי־צבי דעמאָלט ווען ער האָט זיין ווערק געשריבן [4], ד"ה שוין נאָכדעם ווי שבתי־צבי האָט דעם איסלאַם אָנגענומען און דער „משיח אלהי יעקב" איז מגולגל געוואָרן אין מאַכמעד עפענדי? פילע האַלטן דאָס פאַר אַ בדוק ומנוסה, מיר זיינען אָבער אין דעם מסופק. ווען אפילו אייניקע ניט גאַנץ קלאָרע אויסדריקן קאָנען דערוועקן דעם חשד, אַז דער פאַרפאַסער איז נוטה צו די „שבתי־צביני־קעס", דאַרף מען אָבער דערביי געדענקען, אַז איידער דאָס ווערק איז אין דרוק דערשינען, האָט עס געליטן גילגול מחילות אין משך פון עטלעכע צענדליקער יאָרן, און עס איז איבערגעגאַנגען אין פילע פרעמדע הענט; קאָן מען דעריבער ניט זיכער זיין, אויב אַ פרעמדע האַנט האָט ניט ערטערווייז אויס וועלכע ס'איז טעמים געענדערט דעם טעקסט. עס איז יעדנפאַלס שווער צו גלויבן, אַז אַ „שבתי־צביניק", אַ מענטש, וואָס גלויבט, אַז אין זיין דור לעבט דער גואל, דער פון לאַנג דערוואַרטער משיח, זאָל זיך באַקלאָגן, „אַז אונזער דור איז אַ פאַריתומט דור, מיר אַלע טאַפּן אין

---

1 דאָרטן, 70: „שמיום בא לימוד המבולבל הזה באשכנז בא ערבוביא וחשיכה גדולה לעולם וצרות צרורות, הוה על הוה, שבר על שבר יחדיו ידובקו ונשפך דמים כמים ואין קובר וכמה אלפי אלפים נפשות שנהרגו עד השארם מעט מהרבה ואין זה כי אם שע"י לימוד הזה וכו' וכו'".

2 זע אונזער געשיכטע, ב' III, ז' 249.

3 דאָרטן, 112: „ולפיכך חייב כל אדם אפילו הוא גדול בתורה במשנה ובגמרא להיות עסקן בתנך ולחקור ולעיין בהם שיעבור עליו לפחות פעם א' בשנה וראוי לקובעו חובה בכל יום ויום לתת חלק לכל יום ויום מעט תורה ומעט נביאים ומעט כתובים".

4 דער פאַרפאַסער דערמאָנט גאַנץ אָפט נאָך צוויי זיינע ווערק, וואָס זיינען אָבער ניט אויפגעהיט געוואָרן: „חמדה גנוזה" און „מחמד עין".

דער פינסטער, וואָרעם ס'איז ניטאָ קיין מנהיג, קיין באַשיצער'' (אין אתנו יודע עד מה ואין לנו מנהל ולא מחזיק בידינו להשיב נפש) [1]. ווי יעדער אַנדער מקובל, בפרט נאָך אַזוינער, וואָס איז אויפגעוואַקסן אונטער דער השפעה פון די צפתער מיסטיקער, האָט אויך דער בעל ,,חמדת ימים'' מיט אומגעדולד געוואַרט אויף ביאת המשיח, און ער בעט אין האַרציקע תפילות ביי גאָט, ער זאָל דערנענטערן דעם ,,קץ'', ,,וזכנו לראות פני משיחך הקדוש, מלך ביפיו תחזינה עינינו''... [2] ער וואַרט אָבער אַליין אויף דעם משיח, וואָס דאַרף ערשט קומען, נאָר האָט זיך נאָך אַליין ניט באַוויזן; דאָס וואונדער איז נאָך ניט געשען..

---

1 דאָרטן, 154.
2 דאָרטן, 65, 224, 275 און ווייטער.

# אַכטער קאַפּיטל

די גרויסע אַנטטוישונג — די טעאָסאָפישע אידעען אין די סאַבּאַטיאַנער קרייזן. — נחמיה חייון. — אַברהם מיכאל כאָרדוזו אַלס מיסטיקער. זיין „כּתב בענין סוד האלהות". — די סיבת ראַיזונה און דער גאָט פון ישראל. — די קעמפער קעגן דער שבתי־צבי־באַוועגונג. — די ברידער פּראַנסים און זייער דיכטעריש שאַפן. — זייער „צבי מודח". — יעקב שאַשפורטאַש און זיין „ציצת נובל צבי". — די ירידה פונם ספרדישן קיבוץ.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן אויף די גרויסע צאָל לויבלידער, פּיוטים און פזמונים, וואָס זיינען פול געווען מיט תהילות ותשבחות וועגן דער גרויסקייט פונם „משיח אלקי יעקב", פונם ליכטיקן גואל שבתי־צבי. דאָס מיסטישע התלהבות האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה; אָפּגעווישט זיינען געוואָרן אַלע גרענעצן פון נאָרמאַלן און מעגלעכן. אַלץ פאַרשלענגל־טער, פאַרפּלאָנטערטער און נעפּלדיקער איז געוואָרן דער לאַבּירינט, אין וועלכן עס האָט אַזוי קראַמפּהאַפט געצאַפּלט די קרענקלעך אָנגעשטרענגטע פאַנטאַזיע, די אָנגעווייטאָגטע, דורך אומזיסטע האָפענונגען אויסגעמאַ־טערטע נשמה...

דער קרענקלעך־קראַמפּהאַפטער געפּלאָנטער האָט זיך באַזונדערס געשטאַרקט נאָך דעם, ווי די גרויסע האָפענונג איז ניט דערפילט געוואָרן, און דער, אין וועמען דאָס פאָלק האָט געזען דעם ליכטיקן גואל, דעם „משיח אלהי יעקב" — האָט דעם איסלאַם אָנגענומען.

אין די קרייזן פון שבתי־צביס אָנהענגער איז געשאַפן געוואָרן אַ אייגנאַרטיקע אַפּאָקריפישע ליטעראַטור, אַ גאַנצע מענגע מיסטישע אגדות און מעשי־נפלאות, וואָס זיינען אַלע דורכגעדרונגען מיט איין און דער זעלבער טענדענץ: אַרויסשטעלן דעם אָפּטריניקן משיח, וואָס האָט מאַכמעדס אמונה אָנגענומען—אַלס דעם ל י י ד נ ד י ק ן משיח, משיח דער „קדוש", וואָס נעמט אויף זיך אָן באהבה די גרעסטע יסורים און בזיונות, בכדי מכפּר צו זיין פאַר די זינד פונם גאַנצן פאָלק... [1].

[1] טיפּיש אין דער הינזיכט זיינען די מעמואַרן „זכרון לבני ישראל" פון דעם סאַבּאַטיאַנער ברוך בן גרשון מאריצו („עניני שבתי צבי", 41—69) און אויך דער באַ־קאַנטער „מאורעות צבי".

„זייט וויסן איר אַלע, וואָס זוכט דעם אמת און זייט פול מיט רחמים צום פאָלק ישראל — רופט פּאַטעטיש אויס דער אומבאַקאַנטער פאַרפאַסער פונם פלוג־בלאַט „סהדותא דמהימנותא" — זייט אַלע וויסן, אַז אין דער נאַכט פון שביעי של פּסח האָט גאָט ברוך־הוא איינגעלאַדן אונזער ליכטיקן און הייליקן משיח אין באַגלייטונג פון 12 טויזנט מלאָכים, און האָט אים אויפן קאָפּ אַ קרוין אַרויפגעזעצט. גאָט ברוך־הוא האָט אויך איינגעלאַדן צו דער סעודה די אָבות העולם — די אָבות, וואָס אויף זיי שטיצט זיך די וועלט. בשעת דער סעודה האָט הקב"ה געשטעלט פאָלגנדיקע פראַגע: ווי איז דער דין, אַז דאָס קינד, וואָס געפינט זיך נאָך אין די געדערים פון דער מוטער, איז שוין אַזוי שטאַרק און גרויס געוואָרן, אַז עס בריקעוועט מיט די פיס און שלאָגט דער מוטער אין בויך — וואָס טוט מען מיט אַזאַ קינד? האָבן די אָבות געענטפערט: דאַרף מען דאָס קינד פאַרקלענערן, אָפּשוואַכן זיינע קרעפטן, בכדי ער זאָל ניט זיין בכוח מיט די פיס מער צו שטויסן. פינסטער און אומצופרידן איז דערביי געוואָרן דאָס געזיכט פון אונזער האַר, דער משיח: ער האָט דאָך גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אָנצוהערעניש אויפן פאָלק ישראל, וואָס טוט אים, דעם משיח, אָפּשטויסן און זיין כבוד פאַרשוועכן. האָט אונזער האַר געענטפערט: מען דאַרף פרעגן די מוטער פון דעם קינד, אפשר איז זי מרוצה צו ליידן פונם קינדס שלאָגן און שטויסן, אַבי דאָס קינד זאָל אַרויסקומען שיין און שטאַרק? האָבן ערשט דעמאָלט די אָבות פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעדט זיך וועגן פאָלק ישראל, האָבן זיי געבענטשט אונזער האַר און אַזוי געזאָגט: געבענטשט זאָלסטו זיין, דו פאָלקס־פאַרזאָרגער, געבענטשט זאָלסטו זיין, דו וועכטער דו טרייער!..." [1].

אַפילו דער אַלטער מדרש „זרובבל" [2] איז אין די שבתי־צביִישע קרייזן באַרייכערט געוואָרן מיט נייע וואַריאַנטן, וואָס האָבן געזאָלט עדות־זאָגן, אַז שבתי־צבי איז טאַקע דער אמתער משיח. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אגדה, אַז אין אַן אַלטן פאַרמעטענעם „זרובבל"־מאַנוסקריפּט געפינט זיך פאָלגנדיקע „נבואת זרובבל": זרובבל האָט געפאַסט גאַנצע פערציק טעג און האָט באַשוואָרן דעם מלאך מטטרון, ער זאָל קומען צו אים. האָט מטטרון זיך באַוויזן פאַר אים און געפרעגט: בן־אָדם, וואָס איז דיין פאַרלאַנג? האָט אים זרובבל געענטפערט: „מתי קץ הפלאות — ווען וועט קומען די צייט פון די גרויסע וווּנדער?" האָט אים מטטרון געענטפערט: „פאַרבאָרגן מוז בלייבן דער סוד, דו טאָרסט אים ניט וויסן!" האָט

---

[1] „עניני שבתי צבי", 85, 86.

[2] זע, אונזער געשיכטע באַנד II ז' 208—211.

זרובבל געפאסט נאך פערציק טעג, נאר ער האט אלץ דעם זעלבן ענטפער געקראגן. ערשט נאכן דריטן מאל האט מטטרון פאר אים מגלה געווען, אז אין פינפטן יארהונדערט פונם זעקסטן טויזנט צווישן דעם צוואנציקסטן און דרייסיקסטן יאר — יתגלה המשיח, וועט משיח זיך באווייזן, דאס פאלק ישראל וועט גרוים תשובה טאן, נאר דערנאך וועט ער זיך אפווענדן פונם משיח, ווייל עס וועט פארשפרייט ווערן א קלאנג, אז ער האט זיך געשמדט. דאך איז ער דער אמתער משיח אפילו ווען ער וועט זיך שמדן, ווארעם אזוי דארף עס זיין (כי כן צריך להיות הדבר) [1].

אין די שבתי־צביישע קרייזן זיינען אבער געווען אויך אזוינע, וואס האבן אין שבתי־צבי געזען ניט בלויז משיח בן דוד. מיר האבן שוין פריער געזען [2], ווי שבתי־צבים הויפט־סעקרעטאר שמואל פרימו האט פונאנדערגעשיקט א כרוז צו אלע גרעסערע יידישע קהילות אינם נאמען פון „משיח אלהי יעקב וגואל עמו ישראל" שבתי־צבי, וועלכער הייסט אויך ביי אים „בנו יחידו ובן בכורו של ד' אלהי ישראל". שבתי־צבי איז ניט נאר — חוטר מגזע ישי, משיח בן דוד, ער איז אויך — די געטלעכע אצילות, די קערפערלעכע אנטפלעקונג פון גאטס שכינה...

עס פעלן אונז לײדער די נייטיקע קוועלן, וואס זאלן אונז קאנען געבן א ריכטיק און אביעקטיוו בילד וועגן די אייגנארטיקע רעליגיעז־מיסטישע אנשויונגען, וואס האבן זיך אנטוויקלט אין די סאבאטיאנער קרייזן נאך שבתי־צבים שמד, ווען די פון אים ארויסגערופענע באוועגונג האט אנגעווארן איר ברייטן נאציאנאל־מיסטיש־פאליטישן כאראקטער, און אנגענומען צונויפגעשרומפענע ענג־סעקטאנטישע פארמען. די סעקטאנטן, די „שבתי־צביניקעס", האבן ווי ווייט מעגלעך אויסגעמיטן עפנטלעכע ארויסטרעטונגען, זייערע אנשויונגען פלעגן זיי ארויסזאגן פארשטעלטערהייט, בלויז מיט רמזים און אנצוהערענישן. אין די יארן, ווען עס האבן זיך געשטארקט די רדיפות אויף די „שבתי־צביניקעס", האבן די רבנים און זייערע שמשים מיט גרויס התמדה געבערנט און פארטיליקט אלע די ספרים און כתב־ידן, אויף וועלכע עס איז געפאלן דער חשד, אז זיי זיינען אנגעשמעקט מיט שבתי־צביישער אפיקורסות. איין מיסטיש־פילאזאפיש ווערק, וואס שטאמט בלי־ספק פון שבתי־צבים מקורבים, „רזא דמהימנותא", איז אויפגעהיט געווארן בלויז אין דער טאלאנטלאזער אינטערפרעטאציע פון א זייער פארדעכטיקן אוואנטוריסט און שווינדלער נחמיה חיון. און אויך די דאזיקע אינטערפרעטאציע, „עוז

[1] „עניני שבתי צבי", 98.

[2] אויבן, ז' 430.

לאלהים'', האָבן די קעגנער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג אַזוי פלייסיק אויסגעראַמט, אַז דאָס ווערק איז איצט פון די גרעסטע יקר־המציאותן, און מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך באַנוצן בלויז מיט חיונס ,,רזא דיחודא'', וואָס איז אַ געקירצטער אויסצוג פון ,,עוז לאלהים'' [1]. בלויז איין־איינציקער דאָקומענט, פאַרעפנטלעכט ערשט אין דער צווייטער העלפט פונם פאַריקן יאָרהונדערט, ברענגט אַריין אַ ביסל ליכט אין דעם דאָזיקן טונקעלן, אַזוי נאָך וויניק אויסגעפאָרשטן געביט, אַרום וועלכן עס האָבן נאָך באַדייטנדיק פאַרגרעסערט דעם געפלאַנטער אַזוינע קנאים און סאַבאַטיאַנער־פרעסער, ווי יעקב עמדן, מיט זייערע איינזייטיקע אָנפאַלן און באַשולדיקונגען. גרעץ האָט דער ערשטער אויפגעוויזן, אַז דער דאָזיקער דאָקומענט איז ענג פאַרבונדן מיט אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער פערזענלעכקייט, אַברהם מיכאל (מיגואל) קאַרדוזו.

אַזוינע פאַרביסענע אַנטי־סאַבאַטיאַנער ווי יעקב שאַשפורטאַש און דער פאַרפאַסער [2] פונם פאַמפלעט ,,מריבת קודש'' [3] שילדערן קאַרדוזון ווי אַ ,,נידערטרעכטיקן שווינדלער'' (איש רע טופל שקר) [4] און ,,געפערלעכן מסית ומדיח'' [5]. עס פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, אַז דוד כהנא האָט אויך געפסקנט, אַז קאַרדוזו איז געווען אַ רשע און אַ ,,נוכל'' [6]. מיר זיינען אָבער שטאַרק אין ספק, צי האָט טאַקע פאַרדינט דעם דאָזיקן שטרענגן פסק־דין אַזאַ אייגנאַרטיק־אומרויִקע, שטענדיק זוכנדיקע און פאָרשנדיקע נאַטור ווי קאַרדוזו. אַ קינד פון אַ פּאָרטוגעזישער מאַראַנען־פאַמיליע האָט מיגועל קאַרדושו פאַרבראַכט זיינע יונגע יאָרן אין שפּאַניע, וווּ ער האָט שטודירט מעדיצין. אַ פרייליכער, לעבנסלוסטיקער, מיט שפּרודלדיקן וויץ, פירט קאַרדוזו אַ זאָרגלאָז און לייכטזיניק לעבן ביי נאַכט מיט אַ קאַמפּאַניע נאָך אַזוינע לעב־יונגען אונטער די פענ־

---

[1] חיונס הויפּטווערק „דברי נחמיה", אַ זאַמלונג פון דרושים, האָט קיין שום ליטעראַרישן ווערט ניט, און אין דעם ים פון לאַנגווייליקער פלוידעריי איז אוממעגלעך אַרויסבאַקומען אַ וועלכן ס'איז אָריגינעלן געדאַנק.

[2] ריכטיקער — די פאַרפאַסערס, ווייל דער מחבר, אליהו כהן, ווייזט אַליין אָן, אַז ער האָט אויסגענוצט אַ פּאָלעמיש ווערק פון יצחק רומאן און רעדאַקטירט האָט דעם „מריבת קדש" יום־טוב רומאן.

[3] פאַרעפנטלעכט אין „עניני שבתי צבי", 1—40.

[4] „ציצת נובל צבי", 94.

[5] משה חגיז אין „ספר אלה המצות": „חכם בעיניו ובשם מסית לפי טומאו יתכנה אברהם מיכל קורדוזו".

[6] „אבן התועים", 112.

סטער פון שיינע יונגע דאמען [1]. און פּלוצלונג קומט פאר אין קארדוזוס לעבן א גאנץ אומדערוואַרטער שינוי. צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער פערנאַנדו [2] איז ער אנטלאָפן פון שפּאַניע קיין איטאַליע, ווו ביידע ברי־דער זיינען איבערגעטראָטן צום יידנטום. מיגועל, וואָס הייסט שוין איצט אברהם מיכאל, ווערט א בעל־תשובה, ער זיצט „באהלה של תורה" און לערנט די העברעיִשע שפּראַך און איר ליטעראַטור מיט אזא התמדה, אז דער היסטאָריקער גרעץ, וואָס האָט דער ערשטער געזאַמלט געניוע־ע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן קאָרדוזו, מוז מודה זיין, אז אָט דער לייכט־זיניקער דענדי, וואָס פלעגט זינגען סערענאַדן אונטער די פענסטער פון די מאַדרידער שיינהייטן, איז אין העברעיִשן סטיל געווען פיל מער באַ־האַוונט, ווי א סך רבנים פון זיין צייט. אין ליוואָרנא באַפריינדעט ער זיך מיט איינעם פון שבתי־צבים מקורבים, און יענער באַקענט אים מיט די סודות פון „חכמת הנסתר". די מיסטישע קבלה־וועלט מאַכט אויף קאָרדוזון א געוואַלטיקן רושם. נאָכט אין נאָכט אַנטפּלעקן זיך פאר אים „ליכטיקע זעעניש", און ער זאָגט נביאות, אז דער „קץ" איז שוין נאָענט און באַלד וועט קומען משיח דער גואל [3]. קאָרדוזו האָט גע־לעבט אין טריפּאָלי, ווו ער איז געווען אָנגעשטעלט אלס דאָקטאָר ביים הויף פונם אָרטיקן פּאַשאַ, בעת שבתי־צבי האָט אָפן פאר דער גאַנצער וועלט ערקלערט, אז ער איז דער „משיח אלהי יעקב". קאָרדוזו איז געוואָרן איינער פון די ענערגישסטע אַגיטאַטאָרס אין דער שבתי־צבי־באַוועגונג; דעם שבתי־צבי האָט ער ערקלערט פאר משיח בן דוד און זיך גופא פאר משיח בן אפרים [4]. ער איז געבליבן שבתי־צבים טרייער חסיד אויך נאָכדעם ווי יענער האָט צום איסלאַם איבערגעטראָטן; ער האָט אויך דעמאָלט זיין ברודער געשריבן: „אני מאמין באמונה שלמה בלי שום פקפוק וספק כי המשיח האמיתי הוא שבתי צבי יר"ה". ער ברענגט דערביי ראיות פון ישעיה הנביא, וואָס האָט דאָך נביאות געזאָגט [5], אז משיח, וואָס איז העכער פון די מלאכי עליון, וועט אין דער התחלה

---

[1] „ציצת נובל צבי", 45: „בספרד שהיה.. משולח לרסן התאוה ובכנור ונבל בחוצות עיר מאַדריד בלילות עם משולחים כמוהו".

[2] אָנגענומען שפּעטער דעם יידישן נאָמען יצחק, און אַלס דענקער און דאָקטאָר זיך קונה־שם געווען מיט זיינע ווערק Philosophia libela (ווענעדיק, 1673) און „Las excelencias calumnias de las Hebreas" (אַמסטערדאַם, 1679).

[3] זע קאָרדוזוס אינטערעסאַנטן בריוו צו זיין ברודער („עניני שבתי צבי", 87—92).

[4] באַריכות וועגן דעם זע דעם פריער דערמאָנטן פּאַמפלעט „מריבת קדש" און משה חגיזס „ספר אלה המצות" (זשאָלקיעוו, 1785).

[5] ישעיה, נ"ג, 3—7.

זיין „נבזה וחדל אשים, איש מכאובות וידוע חולי ואנחנו — און מיר קורצזיכטיקע מענטשן, חשבנוהו נגוע מוכה אלהים, מיר האָבן גערעכנט, אַז דאָס איז אַן אויסוואורף פון מענטשן, אַ געשטראָפטער פון גאָט, און מיר טוען ניט באַגרייפן, אַז דאָס טראָגט ער עס אויף זיך אונזער זינד, דאָס נעמט ער עס אויף זיך אונזערע ליידן און וווּנדן, און ווערט געשטראָפט פאַר אונז אַלע, פאַר אונזער נישטיקייט און שלעכטיקייט"... [1]

אַ מענטש מיט פּילזייטיקער בילדונג, אַ טאַלענטפולער רעדנער, האָט קאַרדוזו מיט גרויס ענערגיע אַגיטירט דורך דרשות און כרוזים צווישן די יידישע קהילות אין צפון־אַפריקע; און ווען ס'האָבן זיך גע־שטאַרקט די רדיפות אויף שבתי־צבים אַנהענגער, האָבן די רבנים באַ־זונדערס גערודפט דעם אומדערמידלעכן קאַרדוזו, און האָבן זיינע כתבים און כרוזים עפנטלעך פאַרבּרענט אין סמירנע [2]. וועגן דעם כאַ־ראַקטער און אינהאַלט פון די דאָזיקע כתבים קאָן אונז געבן אַ באַגריף איינס פון זיי, וואָס ס'איז צופעליק אויפגעהיט געוואָרן; דאָס איז אַ לאַנ־גער בריוו „בענין סוד האלהות", וואָס קאַרדוזו האָט געשיקט דעם סאַבּאַטיאַנער שמואל די פּאַעס [3]. די דאָזיקע אַרבעט באַקאַנט אונז ניט נאָר מיט קאַרדוזוס וועלטבאַנעם אַליין, נייערט גיט אונז אויך אַ באַגריף וועגן די נייע מיסטיש־פילאָזאָפישע שטרעמונגען, וואָס האָבן געוועלטיקט אין די שבתי־צביישע קרייזן.

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן [4], ווי אַזוי דער מקובל אירירה, וואָס איז אויפגעצויגן געוואָרן אויף דער קריסטלעך־טעאָלאָגישער ליטעראַטור, האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז די „מעשה בראשית", דאָס באַ־שאַפן פון אַלע וועלטן און עקסיסטענצן, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דורך דעם „אין־סופס" איין און איינציקער אצילה (אויסשטראַלונג), וועלכע טראָגט דעם נאָמען „אדם קדמון", אָדער אויך „שכל הנעלם" — דער געטלעכער געדאַנק [5]. מיר האָבן דאָרט אויך געבראַכט די כאַראַקטעריסטישע שטעלע ביי אירירהן, ווו עס ווערט דורכגעפירט דער פאַרגלייך צווישן דעם הימלשן מענטשן (האדם האלהי) און דעם ערדישן מענטשן. בעת דער ערשטער איז דער טעמפּל פונם „אין־סוף", איז דער צווייטער — דער רו־אָרט פאַר דער שכינה, דאָס געצעלט פאַר דער „מלכות קדישא", וואָס איז דאָך דער „זעיר אנפין" — די געבורט פון די ערשטע צוויי

1 זע דעם אויבן ציטירטן בריוו (דאָרטן, 88—89).
2 זע „תורת הקנאות", 68 (אויסגאַבע, 1870).
3 פאַרעפנטלעכט דורך נ. בריל אין „בית המדרש", ווין, 1865, 63—71, 100—103.
4 זע אויבן, ז' 401.
5 זע אויבן, ז' 405.

,,פרצופין'': דעם ,,אבא'' — דעם פאָטער און אורקוואַל פון דעם אַק־טיוון מענלעכן, און דער ,,אמא'' — דער מוטער און יסוד פונם פּאַסיוון ווייבלעכן. און דער העכסטער פאַרטרעטער, דער פאַרקערפּערטער סימבאָל פון דעם ערדישן מענטשן, דעם געצעלט פון ,,מלכות קדישא'' — איז דער ליכטיקער משיח... עס דאַרף דערפאַר ניט וווּנדערן, אַז ווען דער געהאָפ־טער משיח איז נתגלה געוואָרן, און איבער דער גאַנצער דיאַספּאָראַ האָט זיך צעטראָגן דער נצחנישער אויסרוף: ,,איך, אייער משיח, שבתי־צבי!''— האָבן זיך צווישן זיינע אָנהענגער און מקורבים געפונען אויך אַזוינע, וואָס האָבן אין דעם משיח אוים סמירנע געזען ניט בלויז ,,דעם שפּראָצ־לינג אוים דודס הויז'', נייערט אויך דעם קערפּערלעכן ,,לבוש'' פון דעם הימלישן ,,זעיר אנפין'' און ,,מלכות קדישא'' [1].

קאַרדוזו איז געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון די דאָזיקע אַנשוויונגען; ער איז אָבער מודה, אַז זיי האָבן געפונען הייסע אָנהענגער גראָד צווישן די, וואָס זיינען געשטאַנען אַמנאָענטסטן צו שבתי־צבי. אָט צווישן די דאָזיקע מקורבים איז געווען זייער פּאָפּולער דער מיסטישער געדאַנק, אַז דער משיח שבתי־צבי איז די פאַרקערפּערטע זעקסקאַנטיקע ספירה ,,תפארת'', די מענטשלעכע פאָרם פון דעם דריטן אות אין דעם שם המפורש (וָ דהַויה) [2]. עס האָבן זיך אַפילו געפונען אויך אַזוינע, וואָס האָבן ערקלערט, אַז דער הקב''ה, כביכול, נעמט אָן מענטשלעכע פאָרמען, און זיין קלסתר פּנים איז ענלעך צו משיח שבתי־צבי [3]. ,,דאָס וויל באַטייטן, — רופט קאַרדוזו אוים מיט כעס, — אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן אין גאַנצן גאָט פאַרלאָרן'' (ונשארו בלי אלוה). עס האָט זיך אַפילו געפונען איינער, קאַרדוזו רופט אים ,,דער פאַרשאָלטענער יעקב ישראל דוכאַן'', וואָס איז געגאַנגען נאָך ווייטער: ער האָט פאַר־זיכערט, אַז הקב''ה האָט זיך אָפּגעזונדערט אין זיינע הייכן און רעגירט מער ניט די וועלט; זיין אָרט פאַרנעמט איצט שבתי־צבי. און דוכאַנס דעה, פאַרזיכערט קאַרדוזו, האָט געפונען פילע אָנהענגער [4].

---

1 אירירהם אויסדרוק „מלכות קדישא" איז ביי די דאָזיקע סאַבאַטיאַנישע קרייזן מגולגל געוואָרן אין „מ ל פ א קדישא".

2 לויט דעם אַר"ים מיסטישער סיסטעם, איז דאָס דריטע אות פונם שם המפורש דער סימבאָל פונם „זעיר אנפין" (זע: „רזא דיחודא", 14, 19, 23).

3 זע „בית המדרש", 1865, 65 : „והשאר החכמים הגדולים ישבו עם אמירה * והמלך תוגר שומע ולבסוף אמר להם שהקב"ה הוא בחור אחד מפואר דומה לו".

4 דאָרטן : „ועוד גדולה ממנה שנתפשטה ברבים שהקב"ה נסתלק לעיל וש"ץ עלה במקימו". באַזונדערס פילע אָנהענגער האָט די דאָזיקע דעה געפונען צווישן די מקובלים אין סאַלאָניקע.

* אמיר"ה — ראשי תיבות פון אדוננו מלכנו ירום הודו.

מער פון אַלץ האָט קאַרדוזון אויפגעבראַכט, וואָס אַזעלכע גאָט־לעסטערלעכע געדאַנקען („חזיונות שוא'', ווי עס הייסט ביי אים) ווערן פאַרשפּרייט אין שבתי־צביס נאָמען, און מען האָט אַלעמען פאַרזיכערט, אַז מען האָט דאָס אַלץ געהערט פון זיין אייגן מויל. דאָס איז אָבער, פאַר־זיכערט קאַרדוזו, שקר וכזב, וואָרעם „דער דאָזיקער מאַן איז פון קינדווייז אָן געווען אַ צדיק וחסיד וקדוש, און אַלע זאָגן עדות, אַז ער (שבתי־צבי) פלעגט זיך שטענדיק פאַרהאַלטן מיטן גרעסטן רעספּעקט צום תלמוד און צו די מדרשים, און די תנאים ואמוראים זיינען געווען זיינע אמתע לע־רער און וועגווייזער אין דער חכמת הסוד''.

נאָכדעם ווי קאַרדוזו וואַרפט אָפּ די דאָזיקע „פאַלשע און ליגנע־רישע דעות'' [1], פּרוּווט ער אויך באַקענען אין זיין בריוו צו די פּאָגעסן מיט זיין אייגענעם רעליגיעז־פילאָזאָפישן וועלטבאַנעם. קאַרדוזו שטעלט זיך קודם־כל אויף קורדוואיראָס גרונד־פּרינציפּ וועגן דעם דאָפּלטיקן מהות פון די ספירות. מיר ווייסן שוין [2] ווי אַזוי דער בעל „פּרדס רימונים'' האָט פאַרענטפערט די האַרבע שאלה וועגן דעם אמתן מהות פון די ספירות: צי זיינען זיי באַזונדערע, זעלבשטענדיקע עקסיסטענצן (עצמות), אָדער מען דאַרף זיי בלויז באַטראַכטן אַלס כלים פון דער געטלעכער עמאַנאַציע. קורדואיראָ פּרוּווט מאַכן אַ פּשרה צווישן די צוויי שטאַנדפּונקטן: אַלס גאָטס אויסשטראַלונג (עמאַנאַציע, אצילות) זיינען די ספירות דינאַמישע, שאַפנדיקע קרעפטן, וואָס פאַראייניקן זיך אַלע צוזאַמען אין דער גאָטהייט אין פולשטענדיקער אחדות; זיי, די ספירות, זיינען אָבער אויך די נשמה, די באַוועגנדיקע קראַפט פון זייער אויסערלעכן לבוש, פון אָט די „כלים'', וואָס זיינען די טרעגערס פון די נעמען, מיט וועלכע מיר באַצייכענען יעדע ספירה באַזונדער. און דאָס זיינען טאַקע זיי, די „כלים'' און אויסערלעכע „לבושים'', וואָס אַנטפּלעקן זיך פאַר דעם מענטשנס אויג אין ענדלעכע און קערפּערלעכע פאָרמען. אָט דעם קורדואיראָס געדאַנק וועגן דעם דאָפּלטיקן כאַראַקטער פון די ספירות נוצט קאַרדוזו אויס אויך בנוגע צו דער „סיבה ראשונה'', צו דער גאָטהייט גופא. אויך זי, די סיבה ראשונה, האָט צוויי בחינות. איין בחינה — דאָס איז דער „צינור של אור'' ווי עס הייסט ביים אר''י, די באַוועגנדיקע קראַפט, די נשמה פון אַלע ספירות באַזונדער און פון זייער פולשטענדיקער אחדות, וואָס דורך זיי ווערט אַלץ באַשאַפן און דורכגעדרונגען מיט לעבן. בלויז אין ד ע ר

[1] קאַרדוזו פאַרזיכערט אַפילו, אַז ער האָט פּאָלעמיזירט קעגן די דאָזיקע דעות אין פילע זיינע אַרבעטן.

[2] זע אויבן, ז' 311—312.

בחינה קאָן מען די סיבה ראשונה באַקליידן מיט נעמען און מיט מידות, בלויז צו איר קאָן דער מענטש זיך ווענדן מיט תפילות און בקשות [1]. אויסער דער בחינה איז אָבער פאַראַן נאָך אַ צווייטע; ניט בלויז דער „צינור של אור", די ליכט־אויסשטראַלונג, וואָס איז באַגרענעצט און איינגעשלאָסן אין די „כלים", נאָר אויך דאָס ליכט, וואָס נעמט אַלץ אַרום, וואָס האָט ניט קיין גרענעץ און קיין ברעג; דאָס איז די „סיבה ראשונה" אין איר אמתן מהות, דער ווירקלעכער „אין־סוף", וואָס אים איז אוממעגלעך משיג צו זיין, און מען קאָן אים ניט באַצייכענען מיט קיין שום נאָמען און פעולה [2]. אָט די ערשטע בחינה, דער „צינור של אור" — דאָס איז דער אלהי ישראל, דער „אבא קדישא" [3], דער באַשעפער פון דער וועלט, דער מנהיג העולם, אָבער ניט די „סיבה ראשונה" אין איר אומבאַגרייפלעכן אין־סופישן מהות. בעת מיר זאָגן: „הקדוש ברוך הוא" — איז דאָס נוגע בלויז דעם אלהי ישראל, אָבער ניט די סיבה ראשונה, וואָס איז העכער פון אַלע נעמען און אַלע באַגריפן, און ניט צו אים קאָן מען זיך ווענדן מיט ברכות ותשבחות [4]. אפילו דעם שם המפורש, אויך אים טראָגט ניט די סיבה ראשונה, נאָר דער גאָט פון פאָלק ישראל. ער, דער הקדוש ברוך־הוא, ער איז דער קוואַל, דער מהות פון דעם שם הויה; און דער דאָזיקער נאָמען איז די נשמה, די באַוועגנדיקע קראַפט פון אַלע ספירות און אַלע „פרצופין" [5].

אַדאַנק קאָרדוזוס „כתב" באַקומען מיר אַ מער־ווייניקן באַגריף וועגן די רעליגיעז־מיסטישע דעות און שטרעמונגען, וואָס האָבן זיך באַ־

---

[1] „בית המדרש", 67—68: „וכן יש לסבה ראשונה ב' בחינות, מה שהוא מתלבש בתוך הספירה להחיותם ולהנהיגם ולברוא ולקיים כל הנמצאים נאצלים ונבראים, וזה נקרא שמה וגם הי"ם ביחוד ובמציאות הזה יתכן לעבוד אל הס"ר ולקראתו בשמות ובכנויים ולתת לו תארים ולייחס אליו פעולות".

[2] דאָרטן: „עוד יש בחינה ראשונה שהיא מה שהס"ר לעצמה ואינה מלובשת ואי אפשר לחשיג בה ולעובדה ולקרותה בשם".

[3] „אבא קדישא" איז פאַקטיש דער זעלבער באַגריף וואָס „אָדם קדמון".ביידע שמעלצן זיי צוזאַמען אין זייערע „ראשי תיבות" (א"ק).

[4] דאָרטן, 70: „כנוי הקב"ה... אין השם הזה רומז אל הס"ר כי אם לאלהי ישראל המצוי מכחו. שם כנוי הקב"ה אין ראוי לתת אל הס"ר, כי הוא אינו ברוך... כי לא יאמר עליו ישום כנוי מדבר שיש דבר והפכו כגון אחד ורבים, חכם וטיפוש, אור וחשך, קדוש וטהור... וכנגד קדוש יש קליפה וכנגד ברוך ארור, וכנגד אחד־אחר".

[5] דאָרטן, 70—71: הקב"ה הוא בעל השם ואינו הס"ר, והשם הנובע ממנו הוא הנשמה שכלית ופנימית בתוך כל האצילות ויש לשם הנכבד והנורא הזה נשמת הספירות נגלה ונסתר, והנסתר הוא בא"א (בארוך אנפין) ובאוא"י (ובאבא ואמא) רמוז באותיות י"ה, והנגלה במה שהוא נשמה בז"א (זעיר אנפין) רמוז באות ו'".

וויזן אין די שבתי־צביי̇שע קרייזן און באַזונדערס זיך געשטאַרקט נאָך שבתי־צבים שמד און בפרט נאָך זיין טויט, ווען די גאַנצע טאַבאַטיאַנישע באַוועגונג האָט אָנגענומען אַן ענג־סעקטאַנטישן כאַראַקטער. די לערע וועגן „דו־פרצופין" — וועגן דעם דאָפּלטיקן כאַראַקטער פון דער גאָטהייט, דאָס ערקלערן דעם געשמדטן משיח פאַר אַ מענטשלעכער פאַרקערפערונג פון דעם „מלכא קדישא" — דאָס האָט געמוזט שטאַרק באַאומרויִקן די גאָטספאָרכטיקע רבנים און אָרטאָדאָקסישע מנהיגים פונם פאָלק. זיי האָבן אין די דאָזיקע דעות, וואָס שמעקן מיט קריסטלעכע דאָגמען, דערזען אַ געפערלעכע „מינות", און זיי האָבן איר ערקלערט אַ פאַרביטערטן קאַמף, וועלכער האָט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג אין דער ליטעראַטור. אָבער שוין באַדייטנדיק פריער, ווען שבתי צבי איז אָקאָרשט עפנטלעך אַרויסגעטראָטן אַלס משיח און גואל, די התלהבות פון דער משיחישער באַוועגונג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה און דער גאַנצער יידישער קיבוץ האָט מיט יובל און פרייד אָנערקענט אינם משיח אויס סמירנע דעם „מלך ישראל" — האָבן זיך דאָך געפונען אמת, בלויז איינצלנע, פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן גלייך דערזען אין דער דאָזיקער שטורמישער משיחישער באַוועגונג אַ גרויסע געפאַר, וועלכע קאָן ברענגען אַ גוואַלטיקן שאָדן דעם יידישן פאָלק, און די דאָזיקע יחידים האָבן געהאַט מוט אַרויסצוטרעטן קעגן שטראָם, דערהויבן זייער וואָרענענדיקע שטים צווישן די פריידיקע יובל־געשרייען, כאָטש זיי האָבן געוווּסט, אַז זייער שטים וועט זיין ווי אַ קול קורא במדבר. און מען וועט זיי באַגעגענען מיט צאָרן און שפּאָטישן געלעכטער. עס איז געווען אַ גוואַלטיקע טראַגיק אין דער לאַגע פון די דאָזיקע וואָרענענדיקע און ניט־גלויביקע: זיין די איינציקע ניכטערע אין דעם ים פון פסיכישער מאַסן־שיכּרות, זיצן ווי „אַבלים צווישן חתנים", זיין די איינציקע טרויעריקע און פאַרמרהשחורהטע אין דעם ווילדן קאַראַהאָד פון טאַנצנדיקער יובל־פרייד; פאַרשטיין און באַגרייפן זייער גאַנצע מאַכטלאָזיקייט, און דאָך ניט קאָנען און ניט וועלן בלייבן שווייגנדיקע עדות, מוטיק פּראָטעסטירן, וואָרענען און שרייען וועגן דער קומענדיקער געפאַר אין פולן באַוווּסטזיין, אַז — דאָס שמעקט מיט מסירת־נפש, אַז די עקזאַלטירטע מאַסע קאָן אויף זיי אויסגיסן איר גאַנצן אויפגעבראַכטן צאָרן און זיי פשוט מיט די פיס צעטרעטן. אָט אַזוי זיינען די דאָזיקע יחידים אויסגעוואַקסן אין טראַגישע העלדישע פיגורן, און זייער פּראָטעסטירנדיקע שטים האָט געוויס פאַרדינט זי זאָל פאַרצייכנט ווערן אין דער ליטעראַטור־געשיכטע פונם יידישן פאָלק.

די אינטערעסאַנטסטע פיגורן צווישן די דאָזיקע ערשטע באַקעמפער פון דער שבתי־צביי̇שער באַוועגונג זיינען די צוויי ברידער פּראַנסים

און דער רב יעקב שאשפּורטאַש. יעקב און עמנואל פראַנסיס שטאַמען אויס מאַנטואַ[1], וואָס האָט, ווי מיר האָבן פריער געזען, געשפּילט אין דער רענעסאַנס־תּקופה די ראָלע פון אַ באַדייטנדיקן צענטער פאַר יידישער קולטור. דער עלטערער און מער באַגאַבטער פון די צוויי ברידער, יעקב, איז געבוירן אין 1615 און האָט פאַרבראַכט רוב ימיו אין פלאָרענץ. אַ שטרענגער ראַציאָנאַליסט, האָבן אים מער פון אַלץ אינטערעסירט ריין־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, און מיט ביטול האָט ער זיך פאַרהאַלטן צו אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט מיסטיק און „סודות הנסתר״. „די מקובלים פאַרנעמען זיך מיט נאַרישקייטן״, פלעגט ער שטענדיק זאָגן[2]. ער האָט עפנטלעך ערקלערט, אַז דער זוהר איז געפעלשט און ניט דער תּנאי ר׳ שמעון בן יוחאי און זיינע תּלמידים האָבן אים געשריבן: דער עראָטישער מאָמענט, וואָס לאָזט זיך פילן אין די קבלהשע ספרים, איז אים, דעם ניכטערן ראַציאָנאַליסט, באַזונדערס געוועזן דערווידער. „זאָלן — ערקלערט פראַנסיס — לייענען דעם זוהר די, וועמען עס עקלט ניט פון ניבול פּה״ (יקרא הזהר מי שלא נזהר מנבלות פּה)[3]. ער האָט דערפאַר פאַרפאַסט אַ בייסנדיקע סאַטירע אין פערזן, „אשרי הגוי״, וווּ ער גיסט אויס זיין גאַנצן שפּאָט און צאָרן אויף די מקובלים און אויף זייער תּורה. „איך קאָן ניט שווייגן, — ערקלערט דער דיכטער אין דער פאָררעדע[4] — ווייל ביטער ווי דער טויט זיינע מיינע ליידן; אָבער אויך ווען איך שריי ווערט מיין וויי ניט געלינדערט. מיין מוזע קאָן אָבער אירע לעפצן ניט פאַרשליסן, און אָפן און אומדערשראָקן מוז זי פאַר די מענטשן איר שטים דערהויבן, זיי ווענן גאָטס וועגן באַלערנען!״ „הקבלה תּתז קולה —

---

[1] זע „קול עוגב״, 78.

[2] זע „אמונת חכמים״ (יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע, דף 35): „האיש המקובל הלך אחרי ההבל״.

[3] דאָרטן, דף 35.

[4] די הקדמה צו דער סאַטירע איז איבערגעדרוקט אין מורפּורגוס ווערק „עץ הדעת״ (אַ פּירוש אויף „בחינת עולם״). און ווייל דאָס ווערק איז אַ יקר המציאות, ברענגען מיר דאָ די הקדמה פולשטענדיק: „מלי אם תשכבון בין שפתים לעפר מות תשפתני דאגתי, אם אדברה לא יחשך כאבי, פן יחסרני שומע ויחשדני כי קנאה זולת קנאת ד׳ צבאות תעשה זאת; אמנם מה אעשה אם מליצתי לא נשאה מעולם על שכמה משא דומה ומטבע לשוני להגיד לאדם מה שיחו נגד ד׳ ונגד משיחו. אראה לשונות חרוצות, לדבר עלי נאצות, ולקלל שיר זה קללות נמרצות בראש כל חוצות, יום ולילה עד חצות, ולנשכו בשני זעם רצים ושבים, מזה ומזה הם כדובים. אם תבעיון בעיו, מי אלה עלי יהמיו ומה טיבו של ההמון הזה אשר יריע אף יצריח, וכלפי מעלת מליצתי דברים ישיח, למי דברים למי שיח, למאחרים על יין גאונם, ובלבם יגביהו כנשר ובין כוכבי הקבלה ישימו קנם, הממתיקים סודה ויסודותיה ולא ידעו על מה אדניה הטבעו, ולמה זה הבל ייגעו, על כן דברי לעו״.

רופט אויס דער דיכטער אין זיין סאַטירע, — איבער אַלע גאַסן און מערק טוט זיך דער קבלהס שטים לאָזן הערן. מענטשן אָן וויסן, מענטשן, וואָס זייערע אויגן זעען ניט מער ווי צדקיהו בבית הפקידות *, חקירהן זיך וועגן די אצילות און די סודות פון דער תורה. תינוקות של בית רבן, פּאַרשוינען, וואָס טאַפּן אין דער פינסטער און זיינען לויז פון יעדער חכמה, בורים רקים וזדים — אַלע פּלאַפּלען זיי וועגן די ספירות און וועגן מעשה מרכבה".

יעקב פראַנסיס האָט מיט רעכט פאָרויסגעזען, אַז מען וועט זיין שיר שילטן „קללות נמרצות בראש כל חוצות". ווי נאָר זיין סאַטירע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין מאַנטוא, האָבן די אָרטיקע רבנים גלייך באַפוילן מען זאָל די גאַנצע אויפלאַגע פאַרברענען [1], און ווען שפּעטער מיט צענדליקער יאָרן (אין 1704) האָט דער יונגער שמשון מורפּורגה איבער־געדרוקט פראַנסיסעס סאַטירע אין סוף פון זיין „עץ־הדעת", איז אויף אים שטאַרק אָנגעפאַלן דער מקובל אביעד שר שלום באַזילה, פאַרוואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט דעם דאָזיקן „שמוציקן פּאַמפלעט" (השיר ההוא המזוהם) [2].

עס איז אויך גאַנץ באַגרייפלעך, אַז ווען ס'איז קיין איטאַליע די איבעראַשנדיקע בשורה דערגאַנגען, אַז דער לאַנג געהאָפטער משיח האָט זיך ענדלעך באַוויזן, און באַלד וועט ער זיך אַנטפּלעקן אין זיין גאַנצער פּראַכט — איז פראַנסיס געבליבן דער איינציקער „ניין־זאָגער", דער עקשנותדיקע ניטגלויביקער, וואָס איז מיטן גאַנצן ברען פון זיין קאַמפּ־לוסטיקן טעמפּעראַמענט אַרויסגעטראָטן קעגן דער ענטוזיאַסטישער משיחישער באַוועגונג. מיט גרויס מוט האָט ער געשילדערט אין פּאַמ־פלעט נאָכן אַנדערן קעגן דעם „צבי מודח" — דעם פאַרשטויסענעם הירש (שבתי־צבי). „מען טאָר ניט שווייגן, ווען דאָס גאַנצע פאָלק הייבט אָן זינדיקן!" (לא עת דמי פן עם ד' יחטא). „אַך, וויינען דאַרפט איר אַלע! — רופט דער דיכטער אויס אין איינעם פון זיינע שטראָף־לידער — מיט אַש באַדעקט אייער קאָפּ, זעק גורט אָן אַרום אייערע לענדן! רייסט אַלע קריעה, אָבער ניט אייערע קליידער, נאָר אייערע הערצער טוט רייסן, ווייל גאָטס עדה איז מיט דער גרעסטער פּלאָג באַשטראָפט! טיף די קעפּ גע־בויגן האָבן פּאַר גרויס וויי די הימלשע מלאכים, עס יובלט בלויז די לילית

* דעם מלך צדקיהו האָט מען ביידע אויגן אויסגעשטאָכן און דערנאָך אין תפיסה איינגעזעצט.

1 זע, „מתק שפתים", 74.

2 אין זיין „אמונת חכמים", קאַפּ' 22.

מיט אירע לעגיאָנען — ווייל גאַנץ פאָלק איז פון גרויס ביז קליין אראָפּ פון זינען, געשטראָפט איז עס מיט דער מכה פון שיגעון, וואָס האָט ניט קיין גרענעץ און ניט קיין ברעג'' [1].

און דער דיכטער האָט באַשלאָסן צו קעמפן קעגן דער ,,מכת השטות'', וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק, קעמפן מיטן גע־ווער פון צאָרן, מיטן געווער פון פייערדיקן פּראָטעסט. ,,איז אינם גיהנום דאָס פייער אויסגעלאָשן, וועל איך עס מיטן פלאַם פון מיין צאָרן ווידער צום פלאַקער ברענגען'', רופט אויס מיט שטאָלץ דער דיכטער [2]. ,,איך וועל אַנטבלויזן די שאַנד פון דעם פאַרשטויסענעם הירש (שבתי־צבי), דעם דאָזיקן וואָלף, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ לעמעלע! אויפדעקן וועל איך זיין נידערטראַכט און אַלע וועלן דאַן זען — ניט קיין גאולה ברענגט דער הירש, נאָר פאַרקנעכטונג; ס'אַ הירש אַ פליג ניט קיין לייב'' (צבי שבי ולא פדות — צבי זבוב ולא ארי) [3].

יעקב פראַנסיס האָט געהאַט פיל אויסצושטיין פאַר זיין מוטיקן קאַמף; די אויפגערעגטע מאַסע האָט צעראַבירט זיין וווינונג און אים אַליין מיט שטיינער באַוואָרפן [4]. דאָס האָט אים אָבער ניט איבערגע־שראָקן, און בעת שבתי־צבים אָנהענגער און די מחנות ,,נביאים'', וואָס האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן, האָבן געזונגען שירים ותשבחות פאַרן ,,מלך המשיח'', האָט פראַנסיס אין זיינע פּאַמפלעטן און עפּיגראַמען געמאַכט צו שפּאָט און געלעכטער דעם משיח מיט זיינע נביאים. ,,אָט דער, וואָס איז ווי אַ שטעכיקער דאָרן, וועט עס זיין דער גואל פונם גאַנצן דור? אָט דאָס נישטיקע מענטשעלע, דער שענדלעכער פּיגמיי — איז גאָנס אויס־דערוויילטער, און שטרעקט זיין האַנט נאָך דעם קיניגלעכן מאַנטל?'' [5]

---

1 אין „קבץ על יד", 1885, „צבי מורח", 116:

הוי קוראי זאת, מהרו ודמעו — אפר ושק לשומעים יצעו
קרעו לבבכם על קהל-אל נגעו — אל בגדיכם אך לבכם תקרעו!
מלכי צבאות נדדו ראש מכאב — לילית ולגיונה לבד יורנעו
על עם ד' כי במכת השטות — הכו ונשנו שלישו רובעו...

2 „אם מבלי אש נעדרה שחת, יקוד — תופת ברשפי זעמי דלקו".

3 דאָרטן, 101.

4 דער דיכטער דערמאָנט וועגן דעם אייניקע מאָל אין זיינע לידער. זע דאָרטן, ז' 114: „אשחק לקורותיו בצדקי אחזיק, על זאת אבנים בחרי בססו"; ז' 116: „רבת צררוני בעת זאת אומרה, כמעט ואותי חי אזי בלעו".

5 דאָרטן, 104:

הזה ירפא חלי הדור והנו — לשכים לו ולצנינים בצדו?
הזה זכה לשם ומעיל מלוכה? — קללה אומרו ילבש כמדו...
ואיך יכשר לשר אל עם ד' — פקוד עון לקוי שבט פקידו?
ומנו בין המנויים בזויים — בחיר אל איך יקורא גם יחידו.

מיט גאָליקן געלעכטער רעדט דער דיכטער וועגן די ניסים ונפלאות, וואָס די עקזאַלטירטע מאַסע גלויבט, אַז דער משיח האָט זיי באַוויזן; מיט שפּאָט דערמאָנט ער די אויבן געבראַכטע לעגענדע, אַז דער משיח טוט רייטן אויף אַ לייב און טרייבט אָן מיט אַ זיבן־קעפּיקער שלאַנג. „איך ווייס גאַנץ קלאָר — פּירט אויס דער דיכטער — דעם צבים אונטערגאַנג איז אומפאַרמיידלעך, ער איז דעם אשמדאים זיכערער קרבן"; געלאַכט וואָלט איך איבער זיין הינטישער מפּלה, מיך באַאומרויִקט אָבער דער גורל פון מיין פאָלק. איך האָב מורא, דער דאָזיקער פלאָגיקער הירש וועט ברענגען איבער מיין פאָלק אַ בראָך נאָך אַ בראָך און אַ גלות אויף אַ גלות. אַ טייל וועט ער ברענגען צו מינות, אַ טייל אויך וועט ער פאַרפירן אין שמד. איך קלאָג אויף מיין פאָלק: אָט דער פאַלשער משיח וועט זיין פאַר אים אַן אבן נגף; ניט באַפרייונג וועט ער אים ברענגען, נאָר נאָך שווערער מאַכן זיינע קייטן!"[1]. „איך זע — זאָגט פאַרביטערט דער דיכטער — די חבלי משיח זיינען שוין דאָ, אויף דער גאולה איז אָבער ניטאָ קיין האָפענונג" (חבלי משיחות יש, גאולה נעדרה). און דער אויפגעבראַכטער מאַסע ערקלערט ער מיט שטאָלץ: איר אַלע, וואָס דורשט נאָך נקמה, וואָס טוט איבער מיר שפּאָטן און צאָרענען — מיך וועט איר ניט צום שווייגן ברענגען! זאָל זיך גיסן מיין בלוט — איך וועל אייערע שענדלעכע מעשים פאַרן פאָלק אויפדעקן, איך וועל שטיין אויף דער וואַך און וועל ניט דערלאָזן דער פרייער געדאַנק זאָל אַנטשלאָפן ווערן"[2].

דעם דיכטער שטאַרקט דער געדאַנק, אַז זיין העלדיש טאָן וועט ניט פאַרגעסן ווערן. „איך בין זיכער, — ערקלערט דער דיכטער, — אַז מיין ליד וועט ניט פאַרגעסן ווערן, און מיט דורשט וועט מען קלויבן מיינע פערזן, וואָס ווערן איצט מיט די פיס געטראָטן"[3].

אין גאַנץ איטאַליע האָט יעקב פראַנסים געהאַט איין־איינציקן מיטהעלפער אין זיין עקשנותדיקן קאַמף; דאָס איז געווען זיין ברודער עמנואל. עמנואל פראַנסים איז אַלס דיכטער געווען אַמשטאַרקסטן אין

[1] דאָרטן, 105.

[2] דאָרטן, 115:

עוד עוד לימי שטנה ועשק צמאו — עוד ילעגו עלי והתקלסו...
אעד לעין עמם מבושי פעלם — גם כי עדן במעיל דמי יתכסו...
לא אתנה שינה לעין הרעיון — מתני סעיפי יום וליל שנסו.

[3] דאָרטן: שירי ראוים לחקוק על יהלום — אף כי לזכר על ניר יודפסו
עוד יצאו ללקוט אבל לא ימצאו — מלי אשר היום כטיט רמסו.

זיין האָפענונג, אַז זיינע לידער וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן, איז נאָר טיילווייז מקויים געוואָרן. זיין לידער־זאַמלונג (דער גרעסטער טייל נאָך ביז איצט ניט געדרוקט) געפינט זיך אין אָקספאָרדער ביבליאָטעק (זע „סעראַפּעום", 1840, 27).

עפּיגראַמען און פּאַמפלעטן [1]. נאָכדעם ווי זיין ברודערס פּאָעמע קעגן די מקובלים, איז אויפן באַפעל פון די מאַנטואַנער רבנים פאַרברענט געוואָרן, איז עמנואל אַרויסגעטראָטן מיט אַ צאָרנדיקן פּאַמפלעט ,,וכוח לבני שמעי'', ווו ער באַשולדיקט די דאָזיקע רבנים, אַז זיי זיינען ערגער פון קורח ועדתו, ווייל זיי ,,טרעטן מיט די פיס די שטאָלץ פונם פאָלק און צעשטערן די יסודות פון אמתן גלויבן'':

מה אעריך אלה לסעית קרח?
ה מ ה בני עמרם לבד מאסו
ולשרתך סוף סוף ירוצון אורח;
א ל ה בעזות עמך רמסו
כל עובדך להם יהי לטורח
עד היסוד בה דתך רמסו.

גלייך מיט זיין ברודער האָט אויך עמנואל געשריבן פּאַמפלעטן קעגן שבתי־צבי און זיינע מקורבים, און פאַר די קומענדיקע דורות האָט ער פאַרפאַסט אַ קורצע באַשרייבונג פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג ,,ספור מעשה שבתי צבי ונתן העזתי בקיצור'' [2]. נאָכן טויט פון זיין ברודער [3] האָט עמנואל צונויפגעזאַמלט אַלע פּאַמפלעטן און עפּיגראַמען, וואָס יעקב פראַנסיס האָט געשריבן קעגן דעם שבתי־צבי, צוגעגעבן צו זיי זיינע אייגענע און געמאַכט פון זיי אַ גאַנץ ווערק אונטערן נאָמען ,,צבי מודח'', וואָס איז אין דער נייער צייט פאַרעפנטלעכט געוואָרן [4].

---

1 אַלס מוסטער ברענגען מיר זיין עפּיגראַם קעגן אַ קמצן, וואָס האָט זיין פאַרמעגן אָנגעוואָרן:

נבל שם אל זהב כסלו — כיס זהב עשה פסלו.
אבד הכיס, וברוב כסלו — אין עוד כיסלו כי אין כיס לו („מתק שפתים”, 7).

2 פאַרעפנטלעכט אין „קבץ על יד”, 1885.

3 עמנואל פראַנסיס האָט איבערגעלעבט זיין ברודער אויף צענדליקער יאָרן און איז געשטאָרבן אין אָנפאַנג פונם 8טן י״ה.

4 אין „קבץ על יד”, 1885, 97—128. דאָרט איז אויך אָפּגעדרוקט יעקב פראַנסיס אַ גאַנץ קליינע פּיעסע, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט פאַר דער יידישער מוזיקאַלישער געזעלשאַפט „אַנעלאַנטי”, אין פלאָרענץ. אַלס פּערסאָנאַזשן טרעטן דאָרט אַרויס: אַ קאַפּעלע זינגער, אַ קינד, דער יצר־הרע מיטן יצר־טוב, אַ גרופּע וואָס שמאַכט אין גיהנום און אַ גרופּע, וואָס רוט אין גן־עדן. עמנואל פראַנסיס האָט אויך פאַרפאַסט אַ ווערק וועגן העברעישער מעטריק „מתק שפתים” (פאַרעפנטלעכט דורך ח. בראָדי אין 1892 צוזאַמען מיט עמנואלס אייניקע נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער). אייניקע לידער פון די ברידער פראַנסיס האָט אַברהם פּיפּערנו אָפּגעדרוקט אין דער לידער־זאַמלונג „קול עוגב” (1846).

גאָר פון אַן אַנדער שניט איז געווען דער פריער שוין דערמאָנטער דריטער קעגנער פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג — יעקב בן אהרן שאַשפּור־טאַש. געבאָרן אין אוראַנאַ (בערך 1610), האָט ער געפירט אַ וואַנדער־לעבן; ער איז געווען רב אין פּעץ, סאַלי און טעלעמסען; אין 1646 האָט מען אים גענומען געפאַנגען, נאָר מען האָט אים באַלד אויסגעלייזט און אין 1651 איז ער שוין אין אַמסטערדאַם. אין 1655 האָט ער באַגלייט מנשה בן ישראל אויף זיין רייזע קיין לאָנדאָן, אין פיר יאָר אַרום שיקט אים דער סולטאַן אוים מאַראָקאָ מיט אַ דיפּלאָמאַטישן אויפטראָג צו דעם שפּאַנישן הויף, אין 1664 פאַרנעמט ער דעם פּאָסטן פון אַ חכם בײַ דער פּאָרטוגעזישער קהילה אין לאָנדאָן, און אין אַ יאָר אַרום, ווען די שבתי־צבי־באַוועגונג האָט געהאַלטן אין איר פולן ברען, איז ער שוין רב אין האַמבורג. בלויז די לעצטע 25 יאָר פון זיין לאַנג לעבן[1] האָט ער רויִק פאַרבראַכט אין אַמסטערדאַם.

שאַשפּורטאַש איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון לוריאַס קבלה, און האָט געגלויבט באמונה שלימה אין אַלע ניסים ונפלאות, וואָס ווערן דערציילט אין „שבחי האר״י״. אַלס ערשטער קאָרעקטאָר פון מנשה בן ישראלס „נשמת חיים״ דריקט ער אוים אין אַ ספּעציעלן שלוסוואָרט זיין גרויס התפעלות, וואָס דער פאַרפאַסער פונם ספר האָט אַזוי קונציק אויפ־געדעקט די „תעלומות חכמה בגלגול נפשות״.

און דאָך, אין 1666, ווען אין אַלע קהילות האָט מען געטאַנצט, געיובלט און מיט פרייד באַגריסט דעם „מלך המשיח״, איז שאַשפּור־טאַש געווען דער איינציקער רב אין אייראָפּע, וואָס האָט דעם קאָפּ ניט פאַרלאָרן און מוטיק אַרויסגעטראָטן מיט זיין וואָרענענדיקער שטים. „ואני בעניי ראה ראיתי כי מאשרי העם מתעים״ — און איך, דער אומגליק־לעכער, האָב געזען ווי די פירער פונם פאָלק טוען בלאָנדזשען, דערציילט פאַרביטערט שאַשפּורטאַש[2]. אַליין אַ מיסטיקער און מקובל, האָט ער דאָך געדענקט די טרויעריקע פאַקטן פון דער געשיכטע ווי אַזוי „פילע, וואָס האָבן זיך אויסגעגעבן פאַר משיחים, זיינען צום סוף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מדיחים״. ער האָט אויך אין דעם שבתי־צבי געזען „דעם אבן־נגף פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל״. זיין לאַגע איז אָבער געווען נאָך שווערער ווי פון די ברידער פראַנסים. ער האָט ניט געקאָנט, ווי זיי, ענט־פערן מיט שפּאָט און געלעכטער אויף די אַלע ניסים ונפלאות, וואָס דאָס

---

1 שאַשפּורטאַש איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער אין 1698 (זע די פאָררעדע צו דער ערשטער אויסגאַבע פון זיין „אוהל יעקב״).

2 „ציצת נובל צבי״, דף 4, עמ׳ ב׳ (אויסגאַבע 1867).

פאָלק פלעגט איבערדערציילן וועגן דעם משיח און זיינע נביאים. ער האָט זיי ניט אָפּגעלייקנט, ער האָט זיך בלויז געפליסט צו דערווייזן, אַז דאָס איז מעשה כּישוף, וואָס געשעט מיט דער הילף פון דער סיטרא אחרא [1]. דווקא דערפאַר, וואָס שבתי־צבי און זיינע מיטהעלפער האָבן זיך געשטיצט אויף דער קבלה און אויפן זוהר, האָט שאַשפּורטאַש אין דער משיחישער באַוועגונג דערזען די גרעסטע געפאַר פאַר דער אים אַזוי טייערער „חכמת הנסתר". „די רייד פון דעם זוהר — קלאָגט זיך שאַשפּורטאַש — טוען די דאָזיקע רשעים מיט ליגן באַשמוצן, זייערע פאַרפלעלרישע מעשים טוען זיי מיט ציטאַטן פון הייליקע ספרים באַצירן" [2]. און ער טרעט אַרויס איינער קעגן אַלע; אַליין אַ מיסטיקער — קעמפט ער קעגן דער שיכּרות פון משיחישע אילוזיעס. זיין אייגענע קהילה טוט אים רודפן. מען שפּאָט פון אים אין די שולן, מען צווינגט אים ער זאָל אויפשטיין בשעת מען מאַכט אַ „מי שבּרך" דעם „מלך המשיח", מען פאָדערט פון אים, ער זאָל עפנטלעך אָנערקענען, אַז שבתי־צבי איז דער אמתער גואל און משיח. און דאָך האָט ער דעם מוט ניט פאַרלאָרן. מיט גרויס ענערגיע צעשיקט ער בריוו און כּרוזים צו אַלע באַדייטנדיקע רבנים און ראשי קהילות פון פאַרשיידענע לענדער און מדינות [3]; ער וואָרנט און ווייזט אָן אויף דער גרויסער געפאַר, וואָס שטעקט אין דער שבתי־צבי׳ישער־באַוועגונג פאַרן גאַנצן יידישן קיבוץ. צווישן די רבנים, צו וועלכע ער האָט זיך געווענדט, זיינען אָבער געווען זייער פיל שבתי־צבים הייסע אָנהענגער, האָט שאַשפּורטאַש באַקומען זייער בייזע ענטפערן: מען האָט אים געזידלט, געלאַכט פון אים און געמאַכט טערעס, מען האָט אים געסטראַשעט מיט אַ שטרענגער שטראָף דערפאַר, וואָס ער האָט מיט ווייניק הדרת הכּבוד גערעדט וועגן דעם נביא נתן העזתי [4]. „איך בין ווי אַ קליין פאַרלאָרן קערנדל אין גאַנצן לאַנד" [5], קלאָגט זיך שאַשפּורטאַש. ער זאַמלט מיט גרויס פליס פאַר די קומענדיקע דורות אַלע מאַטעריאַלן און נייטיקע ידיעות בנוגע דעם „עפּידעמישן שיגעון" פון „כּל בית

---

[1] זע „ציצת נובל צבי" אין מערערע ערטער. אַז שבתי־צבים ניסים זיינען געשען דורך מעשה כּישוף און פאַרבלענדעניש, פאַרזיכערט אויך דער פאַרפאַסער פון די מעמוּאַרן, וואָס יעקב עמדן האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין „תורת הקנאות" (זע דאָרטן, 5, 8, 9, 10 א"וו).

[2] „ציצת נובל צבי", 94.

[3] שאַשפּורטאַש דערציילט אַליין: „הרציתי מכתבים לאשכנז ופולין, איטאליא, טורקיא, מצרים, סוריא".

[4] זע, „ציצת נובל צבי": „ובאותה הלילה עצמה דנוני לעובר ומבזה דברי הנביא נתן".

[5] דאָרטן, 30: „גם ראיתי את עצמי גרגיר יחידי בארץ".

ישראל" (דער משיחישער באַוועגונג פון זיין צייט). און אָט דער רייכער מאַטעריאַל, וואָס יעקב שאַשפּורטאַש האָט געזאַמלט און זיין זון האָט פאַרעפנטלעכט (אַמסטערדאַם, 1737), דינט ביז היינטיקן טאָג אַלס איינער פון די וויכטיקסטע מקורים בנוגע דער געשיכטע פון דער שבתי־צבי־באַוועגונג.

נאָך דעם התלהבותדיקן אימפּעט פון די „ימות המשיח", הייבט פאַקטיש זיך אָן די ירידה פון דעם טערקיש־פּאַלעסטינישן קיבוץ, און ער הערט ווייטער אויף צו שפּילן אַ חשובע ראָלע אין דער קולטור־געשיכטע פונם ייִדישן פאָלק. „אחרי רעש קול דממה דקה" — נאָך דעם רעשדיקן געפילדער און שטורמישן עקסטאַז פון די „ימות המשיח" ווערט בית־עולמדיק שטיל אין דעם ייִדישן קיבוץ פונם נאָענטן מזרח. עס פילט זיך די דריקנדיקע אַטמאָספער פון גליוועך און אָפּגעשטאַנענקייט. עס פעלט אויס לעבעדיקער אָטעם; עס איז אָפּגעשטאָרבן דער אידעען־קאַמף; אַלץ איז ווי פאַרשטיינערט אין איין און דער זעלבער אַלטפרענקישער, פון אָבות אבותינו געירשנטער פּאָזע. אַפילו די לעצטע קראַנקהאַפטע נאָכווייען פון דער משיחיש־שבתי־צבייִשער באַוועגונג מאַכן זיך באַמערקבאַר שוין ניט אין דעם מוסלמענישן מזרח, ניט אינם געבורטסלאַנד פון דער לוריאַנער קבלה, נייערט אינם אַנדערן צענטער פון ייִדישער קולטור — אין דעם דייטש־פּוילישן קיבוץ. דאָס ספרדישע ייִדנטום, נאָכדעם ווי עס האָט געבאָרן די צוויי אַנטיפּאָדן: אין מזרח־לאַנד דעם שבתי־צבי, און אין אַ קולטורעלן ווינקעלע פון אייראָפּע — דעם גאונישן באַגרינדער פון דעם נייעם פילאָזאָפישן וועלטבאַנעם, ברוך שפּינאָזען, — טרעט אָפּ אין דעם הינטערגרונד. די העגעמאָניע פון ייִדישער קולטור גייט ענדגילטיק איבער צו די אַשכנזים — צום דייטש־פּוילישן ייִדנטום. וועגן דעם אין די פאָלגנדיקע בענד פון אונזער געשיכטע.

---

# ביילאַגע נומ׳ 1

(זע ז׳ 56 א״וו)

## וועגן יהודה מיסר ליאונס ליטעראַרישער ירושה.

צוויי מאַנוסקריפּטן פון יהודה מיסר ליאונס נאָך ניט פאַרעפנט־לעכטע ווערק האָבן זיך אַ לענגערע צייט געפונען ביי די טראָקער קאַ־ראַימען אין די הענט. וואַרשיינלעך האָט זיי דער באַוווסטער געלערנ־טער יש״ר מקאַנדיאַ געבראַכט מיט זיך אויס איטאַליע קיין ליטע, וווּ ער האָט זיך באַפריינדעט מיט אייניקע וויסנבאַגיריקע קאַראַימען. אויס טראָק האָט די מאַנוסקריפּטן ארויסבאַקומען פירקאָוויטש; איינעם פון זיי האָט ער איבערגעגעבן ש. י. פין, און נאָך פינס טויט האָט דעם כתב־יד אָפּגעקויפט פרידלאַנד און איצט געפינט ער זיך אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד; דער צווייטער מאַנוסקריפּט געפינט זיך אין דער ערשטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע (נומ׳ 442) אין לענינגראַדער מלוכה־ביבליאָטעק.

דער ערשטער מאַנוסקריפּט באַשטייט אויס 134 בלעטער אין 4°. די ערשטע 86 בלעטער פאַרנעמט ליאונס גראַמאַטיק „לבנת הספיר״, וועלכע דער פּאַרפאַסער דערמאָנט אין זיין „נופת צופים״. דאָס ווערק באַשטייט אויס צוויי טייל, וואָס ווערן איינגעטיילט אין שערים, פּרקים און סימנים (ב׳ חלקים, י״א שערים, קכ״ב פרקים, קל״ו סימנים). פילע ענינים הייבן זיך אָן אין דעם ווערק מיט דער פראַזע „אמר החכם ליאון״; ווי עס שיינט האָט דעם מאַנוסקריפּט געשריבן איינער פון מיסר ליאונס תלמידים, וועלכע האָבן ביי אים געלערנט די העברעיִשע שפּראַך. אויף דער לעצטער בלאַט פון „לבנת הספיר״ געפינען זיך פאָלגנדיקע צוויי צושריפטן [1]:

א) ונשלם מה שהגבלנו בזה הספר מזאת המלאכה בי״ח באלול רי״ד (1454) ית׳ וישת׳ שם האל לעד ולנצח נצחים אמן.

---

[1] די ערשטע געהערט דעם פּאַרפאַסער, די צווייטע דעם תלמיד דעם אָפּשרייבער.

ב) ותכל עבודת הקודש מלאכת לבנת הספיר שחברו החכם הכולל הפילוסוף האלהי כבוד מורי הרב ר׳ יהודה המכונה מסי׳ ליאון י״ץ בכה״ר יחיאל הרופא ישר״ו, וכתבתיו אני דניאל ישר״ו בכ״ר משה זלה״ה מפיר (פיראראֿ?) לחביבי מ״כ אברהם בכ״ר יואב פנצי ישר״ו מריקנטי, היום יום ה׳ ג׳ בסיון שנת וכבוד ד׳ עליך זרח (1455), ד׳ יזכהו להגות בו ובשאר ספרי הקודש הוא וזרעו וזרע זרעו ויתקים בו מקר׳ דכתי׳ לא ימוש ספר וכו׳ עד סוף כל הדורות אמן כי״ר.

די ווייטערדיקע 6 בלעטער פונם מאַנוסקריפּט פאַרנעמען ליאונס פּיוטים. דערנאָך גייען דרושים (סערמאָנען), וואָס ליאון האָט געהאַלטן אין אַנקאָנע בשעת דעם צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע ראשי הקהילות. וועגן דעם זאָגט עדות פאָלגנדיקע צושריפט: „אלו הסרמוני שחבר החכם הפילוסופי האלהי כבוד מורנו הרב ר׳ יהודה המכונה מסי׳ ליאון י״ץ לתלמידיו בזמן הקונקלוסיאוני פה באנקונא״.

די בלעטער 100—104 פאַרנעמען הלכות שחיטה, פאַרפאַסט פון מיסר ליאון: „אלו הלכות שחיטות ובדיקות בקיצור, חברם החכם הכולל הפילוסוף האלהי ירא ד׳ וסר מרע כבוד מורנו הרב ר׳ יהודה המכונה מסיר ליאון בכמ״ר יחיאל הרופא״.

די לעצטע דרייסיק בלעטער פונם מאַנוסקריפּט (105—134) פאַרנעמען מיסר ליאונס הערות צום רמב״נס פירוש אויף תורה. די הערות באַגלייט פאָלגנדיקע באַמערקונג: „זה הפירוש שחבר כ״ר הרב ר׳ יהודה המכונה מסיר ליאון יצ״ו על פירוש רמב״ן ומתחיל מואלה המשפטים״.

דער צווייטער מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין דער פירקאָוויטש-קאָלעקציע, באַשטייט אויס 190 בלעטער אין 4°. דאָס איז אַן אָפּשריפט פון מיסר ליאונס אַ צווייט נאָך ניט פאַרעפנטלעכט ווערק „מכלל יופי״ — אַן אריינפיר אין דעם לימוד פון לאָגיק. מיר ברענגען דאָ דעם ערשטן טייל פון דער פאָררעדע, ווייל זי איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאַרפאַסער און זיין וועלטבאַנעם:

חותם תכנית מכלל יופי — קראתי שמך עד עולם
מצרף כסף מאזני צדק — לבוא אל תכלית כל נעלם
הרבה בעם עשו חיל — אתה עלית על כלם.

אמר העבד הקטן האוהב הנאמן יהודה המכונה מיסר ליאון: אנכי את לבבי לבנות בית תהלה והשגת האמתיות לשמו יתברך אם יסכים בידי בענינים יקרים ונכבדים באחרית הימים ולהציב דלתות האמונה ולכונן פנות שבטיה על עמודי הספורים התודיים והצבתם בהררי הנביאים

אבנים שלמות ועשו לי מקדש הדעות הצודקות והיכלות ההשגה יפנו אליהם כל מחקרי מחשבי ואל ישעו בדברי שקר ומתרי שכלי אכונן על פניהם ושכנתי בתוכם.

למה שראיתי קצת הנאחזים במצודת האבדון מאנשי תורתנו המתפלספים כוננו מחשבתם משחית להכחיד ערים בצורות ימהרו חומתם בשקר ובכזב בחזקתם ובגובה לבם ולא ידעו ולא יבינו וחשבו לתת מופתים בשמים ובארץ ובחשכה יתהלכו בדרכי המופתים ומשפטיו ובספורי המדברים ברוח הקדש בחרו ארחות עקלקלות, ולמה ששמעה אזני ג״כ לנביאי מלבם והמטהרים המתקדשים לפי מחשבותם ואביטה במכון אמריהם אשר המה טמאים לנפש אדם ובהשענם על קצת פשטי הדרשות התעיבו עלילה ללכת אחרי ההבל ובשקר נסתרו. ואמרו מצאנו חכמה נפלאה רמוזה לא תסולה בכתם אופיר ואשרי המחכה כי ימשך ערבות הססות (?) בחבת מחשבותיו ויחפאו דברים אשר לא כן על הבורא יתב׳ ויתב׳ כדמיון הסכלים עלוי (?) רב, וכל אשר היה הדבר במדרגת המנע והבטול יותר יערב להם לסכלותם ויאמרו הנה מה טוב ומה נעים, חמת תנינים יינם ובראש הומיות יקראו לגמולי מחלב אשר טח מראות עיניהם: לכו שברו בכסף מלא כי לא יערכנו זהב וזכוכית. וזאת הרשעה היוצאת כתבוה בספרים בעט ברזל ובצפורן שמיר, ימלאו פניהם קלון מהזיות וכפירות בחק האמונה וברשת זו טמנו נלכדה רגל הפתאים יבקשו לשנות בהם טבעים ולחדש אותות ונפלאות, מעשים אשר לא יעשו ומי יתן החרש יחרישון ותהי להם לחכמה...

דאָס גאַנצע ווערק באַשטייט אויס צוויי טייל. דער ערשטער טייל האָט פינף שערים, דער צווייטער בלויז דריי.

דער מאַנוסקריפּט פאַרענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקע דריי צושריפטן:

א) דעם פאַרפאַסערס צושריפט:

„ועד כה עזרני ד׳ להשלים זה החבור נפלא התועלת וההדור וכולל ב׳ חלקים, ח׳ שערים, צ״א סימנים ופ״ג פרקים... והתחלת חבור המחבר היתה ביום ג׳ ששה עשר בטבת רט״ו לפ״ק והשלמתיו ביום ה׳ י״ח בשבט רט״ו (1455), ישתבח ויתרומם שם האל לעד ולנצח נצחים אמן כבודך ד׳״...

ב) צושריפט פונם ערשטן קאָפּיסט, דעם אויבנדערמאָנטן שריפטשטעלער אברהם פאַריצול:

„ואני הצעיר מעיר ממשפחה ומכונה אברהם בכ״ר מרדכי פריצול פראווינצאלי כתבתי זה הספר הנכבד אשר חברו הגדול סוג השונים פאר המדעים יפה אף נעים ה״ה מיסור ליאון ועשיתיו לאחים הנדיבים זרע ברוכי ד׳ עם הלוות צאצאיהם... הלא הם ר׳ ליאון ור׳ יעקב

מנורצי יצ"ו. והשלמתיו מוצא שבועות רל"א (1471) השם ברחמיו יחונם ויזכם להוציא כוונתם לטובה מן הכח אל הפועל וילמדם לקח ובינה ולאין אונים יקים לו צנה וישמרהו בבל פנה. תם ונשלם תהלה לאל עולם"

ג) צושריפט פונם שפעטערדיקן קאָפּיסט:

„ואני זעיר דמן חבריא, מדרך לכפות רגלי חכימיא, רועה רוח שואף ושואב, ולכל טובות עיוניות כוסף ותאב, בראותי פנת יקרת הספר הזה כולל בכל מיני כללי התחבולות המלאכה הארוכה, הנותנת בים התבונות דרך סלולה ודרוכה אשר היא הצעה והנחה אל העיונים העליונים המשיגים ההצלחה באחרית ברוכה, אמרתי זה היום אגילה ואשמחה בחסדו, כי הפיק רצון עבדו, בחשק רב אל חדר תורתי הביאותיו ובתמידות העתקתיו להיותו בנמצא בתיבת ספרי כי ימצא לעת מן העתים ישלם נדרי לא יחסר כל בה כי בה מצא המסובב לא יוכחש מציאות הסבה. ותהי השלמת מלאכתי פה בק"ק דטרוקי יום א' י"ג לאלול שנת שצ"ב והסימן עליו ואכלת ענבים בנפשך שבעך לפ"ק. נאם יאשיהו בן לא"א מוהר"ר יהודה עזרי זצו"ק".

די לעצטע צושריפט זאָגט עדות, אז דער מאַנוסקריפּט איז געשריבן געוואָרן אין טראָק אין 1632.

---

# ביילאַגע נומ׳ 2

(זע זייט 78)

## וועגן דעם פּאָלעמישן ווערק „הויכוח השנים"

(De Meschia Disputatio).

דאָס דאָזיקע, דורך סעבאַסטיאַן מינסטער פאַרעפנטלעכט ווערק איז געשריבן אין א זייער אומבאַהאָלפענעם און גראַמאַטיקאַל שטאַרק פאַרגרייזטן העברעיש. דעם אַרט און סטיל, אין וועלכן עס ווערט געפירט דער רעליגיעזער „וויכוח", כאַראַקטעריזירט אין גענוגנדיקער מאָס פאָלגנדיקער אַריינפיר:

„בספר הזה מדבר הנוצרי עם יהודי החצף על דברים משונים וגם על אמונת היהודים וכי רבות וגדולות טעיות בידיהם, מאחר אלהים גרש אותם מלפניו בעבור חטאותיהם דווקא כי מאנו להאמין במשיח אשר בא אל עולם הזה ויגאול את כל אדם מחטאתו אשר מאמין בו וזולתו אין תשועה ומחסה בשמים ובארץ, אבל שמאמינים בו הם עם קדוש לד' אלהיו אשר בחר השם להיות לו לעם סגולה. והנה מאחר היהודים לא

רצו לקבל ולהאמין במשיחנו באו בגלות עולמית ויפלו בחשך הלבב כיום הזה. ואני אודיע זאת בספר הזה אי״ה. נכתב פה בעיר בזל בשנה מבריאת העולם לפ״ק ר״צ לחדש תשרי״ (1529).

דאָס גאַנצע ווערק איז געדרוקט מיט נקודות.

---

# בײַלאַגע נומ׳ 3

(זע זייט 78)

## וועגן דעם מיסיאָנערישן בוך ,,ספר אמנה״.

אויך דער ,,ספר אמנה״ געהערט צו די גרויסע ביבליאָגראַפישע יקר־המציאותן. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דעם עקזעמפּלאַר, וואָס דער ביבליאָגראַף ש. ווינער האָט געפונען אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי. מיר ברענגען דאָ בשלימות די פאָררעדע פונם באַקאַנטן העברעיִסט פאַגיוס, ווייל די דאָזיקע פאָררעדע מיט איר האַרבער און אומבאַהאָלפענער שפּראַך זאָגט אַמבעסטן עדות, ווי אַזוי די קריסטלעכע העברעיִסטן פונם אַלטן שניט זײַנען בײַ זייער גאַנצן פלײַס און גוטן ווילן דאָך ניט געווען ביכולת אויף אַזוי ווײַט אַרײַנצודרינגען אין דעם גייסט און אייגנאַרט פון דער ביבל־שפּראַך, בכדי צו זײַן אימשטאַנד פרײַ און גראַמאַטיש ריכטיק אויסצודריקן אין איר זייערע געדאַנקען:

,,ספר אמנה, יקר טוב ונעים אשר חבר אותו איש ישראלי חכם ונבון לפני כמה שנים להודות ולהוכיח בו בראיות גמורות שאמונות המשיחים שיש להם בהקב״ה באב ובן ורוח הקודש ובדברים אחרים שלימה ונכונה ובלי ספק היא מושבת על יסוד התורה והנביאים והכתובים. לפיכך קרא שמו ספר אמנה להאיר בו עיני העורים ולהוליך בדרך ישרה התועים. נעתק מלשון עברי אל לשון רומיי על ידי פאולוש באַגיש ונדפס באיזנא הבירה בשנת ש״ב לפ״ק מבריאת עולם תהלה ושבח וכבוד לשם עליון השוכן בשמי מרום״.

דאָס גאַנצע ווערק באַשטייט אויס פאָלגנדיקע צען קאַפּיטלען:

פרק ראשון: דין שלוש שמות אב ובן ורוח קודש.

פרק שני: דין לדתו ובריתו.

פרק שלישי: דין שאלות ותשובות (ספּעציעלע פּאָלעמיק קעגן דעם בעל ,,הנצחון״).

פרק רביעי: דין וחשבון קץ ביאת משיח.

פרק חמישי: דין עינוייו ומיתתו ועלייתו לשמים.

פרק שישי: דין לפתיים היהודים. דער דאָזיקער קאַפּיטל הייבט זיך אָן מיט פאָלגנדיקע ווערטער געווענדט צו די „יידן־נאַראָנים״:

„ועתה ישראל הסכת ושמע והקשיבו לאשר אני מדבר: למה אתם עושים רעה גדולה אל נפשותיכם להכרית לכם איש ואשה עולל ויונק מתוך יהודה ולבלתי הותיר לכם שאירית להכעיס את השם במעשה ידיכם לבלתי להאמין בדברי הנביאים שנבואתם נתקיימו בזה הנשלח לכם בשמו להושיע אתכם ומאנתם להאמין בו ובאותותיו ובנפלאותיו אשר עשה מעשים נפלאים ונוראים אשר לא עשה שום נביא או חזון כמוהו״.

פרק שביעי: דין ט״ו תשובות (פּאָלעמיזירט מיט די יידן, וואָס גלויבן, אַז משיח איז נאָך ניט געקומען).

פרק שמיני: דין תחיית המתים.

פרק תשיעי: מה שמונע היהודים שלא יאמינו במשיח הנשלח.

---

## ביילאַגע נומ׳ 4

(זע זייט 96)

## די מעשה מיטן טייערן פערל.

דער ביבליאָגראַף שטיינשניידער ברענגט („העבר. ביבל.״, IV, 78—79) אויס אברהם אבולפיהם האנטשריפטלעכן „אור השכל״ פאָלגנ־דיקן משל, וואָס קאָן באַטראַכט ווערן אַלס מקור פאַר דער שפּעטערדיקער אַזוי פּאָפּולער געוואָרענער מעשה מיט די דריי רינגען:

„ואם יאמר אומר: אמת היה אבל ראה האומה בלתי ראויה לאותה מעלה והחליפה באומה אחרת והחליף חקיה ומצוותיה ובא ומעטם והמיר מכתבה. הנה האומר דבר זה הוא מודה על מעלתה ועל מעלת לשונה ועל מעלת מכתבה בע״כ... אבל אנו נודה על האמת שהיום שלשת המעלות חסרות ממנו אבל לא על דרך חילוף מהן באחרת רק הדבר דומה למי שהוא אצלו מרגלית נחמדת ובקש להנחילה לבנו, ובתוך הזמן שהיה מורה לבנו דרכי העושר כדי שיכיר מעלת המרגלית ותהיה נחמדת בעיניו כמו שהיא חמודה בעיני אביו, בא הבן והכעיס את אביו. מה עשה האב? לא רצה לתת המרגלית ביד אדם כדי שלא יפסיד בנו ירושתו אם ישוב וירצה את אביו, אבל השליכה בבור כי אמר: אם לא ישוב בני איני רוצה שירשנה ואם ישוב איני רוצה שיפסידנה וכל עוד שלא ישוב תהיה גנוזה בבורי וכשישוב מיד אעלנה לו. וכל עוד שלא שב באים עבדי אביו והיו מכעיסים את הבן בכל יום ויום וכל אחד מהם היה מתפאר שאדונו נתן לו המרגלית, והבן לא היה חושש, כי לא היה בו

דעת. אחר זמן כל כך הכעיסוהו עד ששב ומחל לו אביו והעלה המרגלית מן הבור ונתנה לבנו. כשראו עבדי אביו — מיד נפלו על פניהם ובושו משקריהם לפני הבן והיה להם הרבה לעשות עמו עד שימחול. כן קרה לנו עם האומות האומרים לנו שהשם יתב' החליפנו בם, שאין לנו פה להשיב כל זמן שאין אנחנו מרצים את השם כאשר חטאנו לו, ואולם בשובנו ובשובו את שבותנו יבושו מבישנו מפנינו וכו'. ומפני שאין אנו עדיין היום באותה המדרגה שאנו מצפים לעלות אליה בכל יום, המחלוקת במקומה עומדת למי החמדה והאמת: הלנו אם לצרינו? עד בוא המכריע וידלה המרגלית מהבור וישיבנה לבנו ואז יתברר האמת ותשוב החמדה לבעלה הראוים לה הנקראים עם ד' ותסור הקנאה והקטטה וכו'. ויראה כל איש מאישי המין כאלו הוא חבירו וחבירו כאלו הוא עצמו וכו' ''.

---

# ביילאַגע נומ' 5

(זע זייט 119)

## וועגן וואַריאַנטן צום טעקסט אין די־רוסים ,,מאור עינים".

צונץ גיט איבער אין זיין אַרבעט וועגן בעל ,,מאור עינים'' (,,כרם חמד'', V) אין ש. י. ראַפּאָפּאָרטס נאָמען, אַז אין דער ערשטער אויס־גאַבע פון ,,מאור עינים'' איז איין שטעלע אָפּגעדרוקט אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן, און אין צוויי עקזעמפּלאַרן פון דער דאָזיקער אויסגאַבע האָט ראַפּאָפּאָרט גופא געזען אַ גאַנצן אָבזאַץ, וואָס פעלט אין די אַנדערע עקזעמפּלאַרן. נאָר איידער מען האָט באַוויזן די דאָזיקע שטעלע אָפּצו־שרייבן, זיינען בשעת אַ שריפה ביידע באַטרעפנדיקע עקזעמפּלאַרן פאַר־ברענט געוואָרן. צונץ ווייזט דאָרט אויך אָן, אַז ער גופא האָט געזען אַן עקזעמפּלאַר פון דער ערשטער אויסגאַבע ,,מאור עינים'', ווו דער מחבר פאַרענטפערט זיך אין סוף פונם 20טן קאַפּיטל, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ערלויבט אָנצוווייזן, אַז אייניקע משלים און מימראס פון די חכמי התלמוד דאַרף מען ניט נעמען אין זייער ווערטלעכן זין, ווייל זיי טראָגן גאַנץ בולט אַ גוזמאַדיקן כאַראַקטער. די דאָזיקע התנצלות האָט אָבער, ווי עס שיינט, ווייניק וואָס געהאָלפן, און כלל ניט באַפרידיקט די שטרענג־אָרטאָדאָקסישע ספערן. די־רוסי האָט געמוזט איבעראַנייס איבערדרוקן דעם באַטרעפנדיקן בויגן און אַרויסוואַרפן די גאַנצע שטעלע, ווו ער קריטיקירט געוויסע מאמרי חז''ל. אין 20 יאָר אַרום נאָך צונצס מיט־טיילונג, האָט ציידנער מודיע געווען, אַז אין לאָנדאָנער מוזיי געפינט

זיך אַן עקזעמפּלאַר „מאור עינים", ווו דער 20־סטער קאַפּיטל איז אָפּגע־דרוקט בשלימות לויט דער ערשטער רעדאַקציע. דער דאָזיקער עקזעמ־פּלאַר איז אָבער ניט דער איינציקער; נאָך אַזעלכער געפינט זיך אויך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי (קאָלעקציע כוואָלסאָן), און פון דאָרטן דרוקן מיר איבער אָט די שטעלע, וועלכע די־רוסי האָט געמוזט אַרויס־וואַרפן בכדי צו שטילן דעם צאָרן פון זיינע אָרטאָדאָקסישע קריטיקער. אויף בלאַט 87, עמ' א', שורה 8 פון אונטן, געפינען זיך נאָך די ווער־טער „כפי מה שנזכור עוד בזה הפרק", פאָלגנדיקע שורות:

„וכן אמרם פ' כל כתבי: לא חרבה ירושלים אלא בשביל שלא היתה להם בשת פנים זה מזה. ר' חדקא אומר: בשביל שהשוו קטן לגדול, וטעמים אחרים כאלה אשר אמנם נראה שהם לבדם לא יספיקו אצל רב החסד אלקינו על חרבה כמוהו, וכזה מה שאמרו בירושלמי פ' החליל שהעיר הגדולה ביתר חרבה מפני שהיו משחקים בה בכדור בשבת וכן כמה עירות בהר המשחה במדרש איכה יעיב, ופ"ג דאבות המלבין פני חברו ברבים אע"פ שיש בידו וכו' וכמעט שיצורף לאלה אמרם בזוהר וישב פסוק ויהי ער ופרשת אמור פסוק ולא יחלל זרעו, האי מאן דאשיד... ובזהר ויחי הוסיפו שאין לו תשובה, ובנדה פ' כל היד אמרו חייב מיתה כשופך דמים ועובד אלילים, דומה למה שהפליגו פ' יש בערכין על בעל לשון הרע לומר שהוא גדול מן השלש החמורות... כמו שהפריזו ג"כ על המדה לזרז על תכונה טובה... ופ' כל כתבי המענג את השבת (היינו כדברי הרמב"ם בהלכותיו פ"ל שמתקן תבשיל שמן וכדומה) זוכה לנחלה בלי מצרים"...

---

# ביילאַגע נומ' 6

(זע זייט 158)

## וועגן די גזירות פון דעם פּויפּסט פּוילוס דעם פערטן.

דעם פּויפּסט פּוילוס שווערע גזירות האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער העברעישער ליטעראַטור פון יענער צייט. באַזונדערס אינטערע־סאַנט איז אין דעם פּרט אַ לאַנגער שיר געשריבן אין פאָרם פון אַן אַק־ראָסטיך. דער פאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן שיר איז עמנואל בן יקותיאל אוים בענוועגטאָ, אַ פאַרברענטער מקובל, וואָס האָט אויף זיין חשבון געדעקט דעם באַדייטנדיקסטן טייל פון די הוצאות ביים דרוקן דעם „זוה־ר" מיט די „תקוני זוהר" און דעם חיבור „מערכת אלהות"[1]. ער גופא

[1] זע קונפורטי, „קורא הדורות", דף 40, עמ' א' (מיר ציטירן לויט דער ווע־נעציאַנער אויסגאַבע, 1745).

האָט געשריבן אַ ווערק וועגן העברעישע גראַמאַטיק און פּאָעטיק „לוית חן" (געדרוקט אין 1557). אין דער הקדמה צו דעם דאָזיקן ווערק קלאָגט דער פּאַרפאַסער אויפן גזר צו פאַרברענען דעם תלמוד, און אין אַ ספּעציעלן שיר [1] רעכנט ער אויס די אַלע גזירות, וואָס ס'האָט קענן יידן אַרויסגעגעבן אין זיין „בולע" דער פּויפּסט דער „טעאַטינער". ווייל דאָס דאָזיקע ווערק איז איצט אַ יקר־המציאות, ברענגען מיר דאָ די וויכטיקסטע שטעלן:

...ובלי ספק לא נשרף התלמוד אלא בעון המלעיגים עליו ורבים מעמי הארץ המתיהדים כסו פניהם חרלים בדעות כוזבות ובכונות הפילוסופים אשר הרחיבו פה על בעלי התלמוד האריכו לשון על האנשים הצובאים בדברי צדק ומשפט ומישרים ולא נגזרו עלינו גזרות קשות אלא בעון מנהיגי הדור ובעלי כיסים שרפו ידיהם מרפא את מזבח ד' ההרוס ולא יעמדו על הפרץ לחזק את בדק בית אלהים. ויהי כי באתי מעבר לים באנקונה אל מלוני אני הגבר ראה עני שרפת תלמודי קרעתי את מעילי ואבכה במר נפשי עוד אפפו עלינו רעות לא יכולתי לראות, כלי גולה עשיתי לי, ואשא משלי בשיר קינה מבעי לי:

עָרמת כל תלאותי — יגונותי ואנחותי
עברוני, הממוני — ובא רקב בעצמותי
מָשוש לבי ושמחתי — מצודתי סגולתי
מצאוהו שרפוהו — רפואה אין למכתי
נָמלה אָגרה כורת — ופורש אין במכמרת
נכונים הם דגניה — למחיתה למשמרת
ןָמחמדי מבוערים — ובאיים מפוזרים
והנמצא בתוך עמי — מבוקעים מצוררים
אָמת ארצה ותפארת — ואין דורש מאשרת
אהה לקול אשר יוצאת — ומכריזת ואומרת
לָיסר המענגים — ומלעיבים והמהגים
לרועה נמשך אביר — בדיל מסיר והסיגים
בָכל עמו וארצותיו — בנס וקצף כרזותיו [2]
בחיל קראו מלאו — עשו חקיו ומצותיו
כָמו עופות מצינות — ירקרקות שאת בנות
כנף בגד כמו זרת — ואיש כבעו בכל פנות [3]

[1] דער אַקראָסטיך אין דעם דאָזיקן שיר באַשטייט פון די ווערטער: עמניאל בכ"א מר יקותיאל נ"ע

[2] דעם פּויפּסטס עדיקטן און באַפעלן.

[3] די גזירה, אַז יעדער ייד דאַרף טראָגן אַ ספּעציעל היטל אויפן קאָפּ.

אמונות עכבו להם — כנסיותם ובתיהם
אשר בנו כמו רמים — ביד זרים נתונים הם [1]
ממגורותם באשפתות — ובחרבות ובבתות [2]
מאוסים רופאים להם — כמי מרה אזי לשתות [3]
רשות תרבית שנים עשר [4] — סחר מזון ובר חסר [5]
ראיותם — לשון לעז [6] — וכנות שר וטפסר סר [7]
יניקתם ושרותיהם — צחוק משתה — אסורים הם [8]
יבואו כצר נהר — ללא ישבת בחגיהם [9]
קרובים נעשו נכרים — ורבים הלכו גרים [10]
קצתם עברו ימים — וכצבאים עלי הרים
נצרות הספרדים — נדיבי עם ונחמדים
וענוים הלא נודע — שרפים עומדים עדים [11]
תול באם בתפארתם — ברוב עשרם במשמרתם
תלאום שם ונשרפו — ולא נודע מקום שבתם
יחידם טף ונשים — נטושים חלדו חושים
יבורך צור שהצילם — בלי סוסים ופרשים
אפוני ימי צרות — ומלחמות והתגרות
אזי שבת משוש תפים — ומטפחות והשרות
רוחת איש להשקיט לו — כנשר תש בתרמילו
לעיר מקלט והלך אט — לבל יראה בקלקולו
נפוגתי ונדכיתי — ובכיתי בגלותי
נערי פה סביבותי — בפי סרו ישיבתי
עונותי לכדוני — וצר מצוק מצאוני
עשות למוד כרום זלות — ותלמידי יצאוני.

---

1 די גזירה צו פארמאכן שולן און בתי־מדרשים.

2 וועגן פארשפארן די יידישע באפעלקערונג אין ספעציעלע געטאס.

3 דער פארבאט יידישע דאקטוירים זאלן היילן קריסטן.

4 לויט דעם פייפסטס בולע איז די יידן געווען פארבאטן צו נעמען פאר הלוואות מער פון 12 פראצענט.

5 דער פארבאט יידן זאלן ניט טארן האנדלען מיט עסנווארג.

6 דער באפעל, אז אלע יידישע אקטן און דאקומענטן זאלן זיין געשריבן אויף איטאליעניש.

7 דער פארבאט יידן זאלן ניט טארן פארנעמען קיין רעגירונגס־שטעלע.

8 דער פארבאט צו האלטן קריסטלעכע באדינער און צו פארברענגען אין וויינהייזער צוזאמען מיט קריסטן.

9 דער שטרענגער פארבאט יידן זאלן פירן געשעפטן אין קריסטלעכע חגאות.

10 די רדיפות קעגן מאראנען, פילע פון ווי האבן דערפאר געמוזט פארלאזן דאס לאנד.

11 די קדושים פון אנקאנא.

# ביילאגע נומ׳ 7

(זע זייט 169)

## אברהם יגל און זיין „גיא חזיון״.

אברהם יגל, דער בן־דור פון יהודה מוסקאטו און עזריה מן האדומים, האט פארפאסט זיין „גיא חזיון״ זיצנדיק אין געפענגעניש אין 1578. ער האט געלעבט אין א קליין שטעטעלע לוצירא לעבן מאנטוא און דארט געפירט א געשעפט בשותפות מיט אנדערע אנטיילנעמער. דאס געשעפט איז געגאנגען שלעכט, ס׳האבן זיך אנגעהויבן מחלוקתן צווישן די שותפים, יגלס קעגנער האבן אים געמסרט, און דער סוף איז געווען, אז מען האט יגלן איינגעזעצט אין תפיסה. בכדי די צייט צו פארברענגען האט ער פארפאסט זיין האלב־פאנטאסטישן „חזיון״. יגל באשרייבט, ווי ס׳איז צו אים ביינאכט אין חלום געקומען אין געפענגעניש זיין פארשטארבענער פאטער. דער פון יענער וועלט געקומענער האט איינגעהילט זיין זון אין זיין מאנטל, ביידע האבן זיי זיך אויפגעהויבן אין דער לופטן, ארויס פון דער טורמע און געלאזט זיך אין די ברייטע ווייטן פון דער דרומדיקער נאכט. בעת דער לופט־רייזע, דערציילט דער זון אלץ, וואס ס׳האט מיט אים פאסירט. די דאזיקע לעבנס־דערציילונג ווערט אבער גאנץ אפט איבערגעריסן דורך אלערליי אומדערווארטע באגעגענישן. בעת זיי טראגן זיך אין דער לופטן, באגעגענען זיי נשמות פון פארשטארבענע, וואס בלאנדזשען ארום אויפן „עולם התוהו״; יעדע פון די בלאנדזשענדיקע נשמות דערציילט איר פארגאנגענע לעבן, און פאר וואסערע זינד זי מוז עס ארומגיין אין „עולם התוהו״ איידער זי וועט קאנען קומען צו איר מנוחה. אט אזוי ווערט דעם פארפאסערס רעאלע לעבנס־באשרייבונג צונויפגעפלאכטן מיט לעבנס־שילדערונגען פון געשטארבענע נפשות און מיט א סך מוסר־רייד, אויף וועלכע דעם פארפאסערס פאטער איז גארניט קיין קמצן. פילע נאוועלן און פאסירונגען, וואס זיינען איינגעפלאכטן אין יגלס „גיא חזיון״, זיינען ניט נאר כאראקטעריסטיש פאר דעם דעמאלטיקן לעבנסשטייגער, זיי האבן אויך א געוויסן ליטעראַרישן ווערט: עס שפירט זיך אין זיי דער גייסט פון דער איטאליענישער נאוועלע אוים דעם 16טן י״ה. יגלס ווערק האט זיך לאנג געוואלגערט אין מאנוסקריפט, און ערשט אין 1880 איז דער וויכטיקסטער טייל פון „גיא חזיון״ צום ערשטן פארעפנטלעכט געווארן אין אלעקסאנדריע (נא אמון).

---

# ביילאַגע נומ' 8

(זע זייט 247)

## דער „מלך תוגרמה" פון כורש משפחה.

אין פירקאָוויטשעס ערשטער מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע געפינט זיך אונטערן נומ' 326 א בינטל לויזע בלעטער, מייסטנס פון מיסטיש־קבלישן אינהאַלט. איין בלאַט פון דער קאָלעקציע, לײדער פון דער צייט שטאַרק געשעדיקט, איז א פראַגמענט פון א גרעסערער אָפּהאַנדלונג וועגן די נצחונות פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה איבער די אייראָפּעיִשע לענדער. מיר ברענגען דאָ דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם דאָזיגן דעפעקטן בלאַט:

...ומיד הנה ד' בחוזק יבוא, ראשון לציון הנה הנם. ולפי שהגערה וחתוך הרגל הוא בשנת תם שהיא שנת העטרה. ועל ידי גבריאל אמר במאמר הנכבד דהוי בההיא שעתא אתערותא דמשיח ראשון שהוא מזרע יוסף תלמידו של גבריאל. ובאותה שנה יגער גבריאל בחיה הנזכרת כי יקיים מאמר האל יתע"ה אליו גער חיית קנה (?). ויהי זה לדעתי על ידי המלך שמלך שנת גער (1513) ברומי זעירתא אולי יגער ברומי רבתא. כי כאשר ישמעו למצרים שכבשה יחילו... כמאמר הכתוב כי כאשר שמע למצרים יחילו כשמע צור, כלומר: שישמעו אנשי צור שהיא רומי שנכבשה מצרים — יחילו. וכן אמרו חכמים ז"ל שצור היא רומי, בילמדנו פרשת וארא אמר ר' אלעזר בן פדת כשמע צור — זה רומי, כל צור חסר במקרא במלכות הרשעה הכתוב מדבר... וכן היה כי כאשר שמעו ברומי שנכבשה מצרים רעדה אחזתם שם חיל כיולדה, ועשו אבל גדול וצעקה גדולה לא מאהבו מצריים רק מפחד רומי, ולכן אני אומר שהגערה של רומי תהיה על ידי זה המלך או על ידי בנו היושב על כנו שהוא כמוהו עצמו, אם לא יהיה אז על ידי תלמידו של גבריאל. והשם יתעלה לבדו הוא היודע האמת. ואמנם אמרתי כה, יען כי כפי המובן מכל אלה המלאך ההולך לפני מלכי תוגרמה להלחם מלחמותיהם הוא גבריאל שמכין עצמו לקיים מאמר קונו ולשבר רגל הקו... בשנת הששים... ולא תתמה מזה, כי אפילו לפני אלכסנדרוס מקידון שלא היה מלך הגון היה המלאך להצליחו במלחמותיו כמו שאמרו חז"ל שכשיצא שמעון הצדיק לקראתו לבוש בגדי כהן גדול וחלק לו אלכסנדרוס המלך כבוד גדול ותמהו עבדיו, אמר: דמות דיוקנו של זה אני רואה במלחמותי ונוצח. וכל שכן שמלך לפני מלך תוגרמה אשר הוא ממשפחת כרש משיח השם ונגידו והולך לעשות חרון אפו באדום גם כי מלך תוגרמה ירום הודו ותנשא מלכותו נקרא כרש לפי דעתי להיותו

אהוב לשם יתעלה ככורש הראשון והוא ממשפחתו ודומה לו. ומצאתי כתוב באחד מן הדרושים שאמרו על שמלך פרס העתיד להלחם ברומי שעולה לרומי ג׳ שנים שנה אחר שנה עד שפשט בה י״ב חדש וגו׳ גבורי מלחמה עולים לקראתו מן הים ונמסרה בידו ע״כ. וכל זה מורה כי מן השמים נלחמים עם שונאי תוגרמה ומלאך השם רודפם. גם יש הוכחה לדבר שגבריאל הוא ההולך לפניו מן הכתוב שאמר: ובעת קץ יתנגח עמו מלך הנגב ר״ל שרי מלך מצרים שמצרים היא דרומית לארץ ישראל.

---

## ביילאַגע נומ׳ 9

(זע זייט 250).

### שבתי כהן און זיינע פירושים.

אין פירקאָוויטשעס ערשטער מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע געפינען זיך אונטערן נומ׳ 532 די ערשטע בלעטער פון שבתי בן מלכיאלס פירוש אויף אבן עזראס „ספר השם״. פאַר דער הקדמה צום פירוש גייט פאָלגנדיקער אַקראָסטיך:

אלהים חי מאוד נשגב ונפלא<br>
והודו רם ולו נאוה גדולה.<br>
שבחיו מי אשר יוכל למלל — מרומם על ברכה ותהלה.<br>
בלב כל הנביאים אור כבודו — לאור יקר בלי אומר ומלה<br>
תהלתו בפי כל החכמים — והוא הנעלה על כל וסלה<br>
ידי חסדו פתוחות על חסידיו — ולהם סוד שמו באר וגלה<br>
כמו אברהם אבן עזרא יכונה — אשר עלה עלי זאת המסלה<br>
היות מעיד בסוד השם אמרים — יקרים מפנינים גם סגולה<br>
נבון הלב עלי כל איש בדורו — כאברהם אבי הכל תחלה.

דערנאָך קומט די הקדמה: „ראה ראיתי דברי החכם ן׳ עזרא בספר השם נותנים יד ושם העצם בשמות השלשה תורה צוה לנו מורשה ובמורשי לבבו מפיו הוכח מלים במעלת השכל הנעלה היא (המה?) למעלה עולים, נדבריו קצרים ומחכמות רבות כלילים וכל אמרותיו אמרות טהירות וסלילות במאזני השכל שקולות והרקע השער בשכלו ומי יעמוד על גבילו כי הוא היה כאברהם אבינו בדורו כאשר העיר עליו נר מערבי בהלו נרו נשמתו נר אלהים גבוה מעל גבוה שומר וגבוהים (?) אור יקרות ראתה עינו, כל המפרשים ירעם בקול גאונו כי קול שאונו סואן

ברעש ובדברו כל התגעש, הכן לו הדרך להאיר נתיב ביום קומו להודיע דרכיו ליראי ד׳ ולחושבי שמו. לפניו מיום גלותינו לא היה חכם הרבה כמוהו כי רום נשא ידיהו ואחריו עד יום גאולתינו לא יהיה כן לא אומר כי לא יתכן, כי לא יתכן דרך ד׳ ואליו קורא הגלגל באזנו כי יצא חוטר (?) אחת היא, אשר שמו כשמי כי טבע המקור נמצא במה שיחצב ממנו ואין מכשל למו[1]. וכאשר ראיתי דברי זה האדון נהייתי בתור מחשבותי נדון להיותם סתומים וחתומים וממרבות אנשי זמננו נעלמים, הניעני שתוף השכל והדמיון לפרש דבריו ושכל חביון, כי להיות דברי זה השלם כבר באו בהעלם בחכמה ובתבונה ובדעת כמשפט כל ערום עשה בדעת היה זה סבה להעלם מרבים כונתו כי מי יבוא עד תכונתו, ובזה ארים מכשול מדרך אומתי אף כי יהיה למזכרת אחרי מותי. ובמקומות אשר נראה מדבריו בשאר חבוריו עוזרים אמירי אמריו נביאם במאמרנו להיות ראיה על פירושנו. ומהעוזר האמתי אשאל העזר לבוא אל כונתי כי זאת מנוחתי".

---

## ביילאַגע נומ׳ 10

(זע זייט 253)

### וועגן מרדכי כומטינום ליטעראַרישער ירושה.

פון אַלן כומטינום פילצאַליקע ווערק איז פאַרעפנטלעכט, און דאָס אויך ערשט אין דער נייערער צייט, בלויז זיין פירוש אויף מימונים „מלת ההגיון". אין פירקאָוויטשעס ערשטער קאָלעקציע געפינען זיך אין מאַנוסקריפּט אַכט כומטינום ווערק. מיר ברענגען דאָ פראַגמענטן פון צוויי ווערק, וואָס זיינען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר כומטינום וועלט־באַנעם.

#### א

#### כומטינום פירוש אויף תורה.

דער מאַנוסקריפּט, וואָס איז פאַרצייכנט אונטערן נומ׳ 51, איז אַ דיקער באַנד אין 4° פון 194 בלעטער פּאַפּיר געמישט מיט פּאַרמעט. די דאַטע, ווען דאָס ווערק איז פאַרענדיקט, איז אָנגעוויזן אין סוף מאַנוסקריפּט: „והשלימו המחבר ביום שלשה עשר לירה אב שנת חמשת אלפים ומאתים ועשרים ליצירה (1460) ושם סימן הכ֯ר֯ נא למי החותמת". דעם מאַנוסקריפּט גופא האָט געשריבן מיט אַכצן יאָר שפּעטער (1478),

---

[1] דער גאַנצער זאַץ איז בלי־ספק פאַרגרייזט.

נאָך ביים פאַרפאַסערס לעבן [1], דער סופר שבתי בן משה פונם אינזל קריט, פאַרן קאַראַימישן געלערנטן משה מצורדי, ווי עס איז צו זען פון דער צושריפט, וואָס געפינט זיך אויפן לעצטן בלאַט פונם מאַנוסקריפּט: „ויתם הספר הזה על ידי שבתי בכ״ר משה ז״ל מאי קריטי ביום ארבעה עשר לחודש הרביעי שנת חמשת אלפים ומאתים ושמנה ושלשים וכתבתיו פה בעיר קוסטנדינא לכ״ר מ׳ משה מצורדי וקבלתי הפרעון משלם״.

אַ טייל פון כומטינוס פאָררעדע צום פּירוש התורה האָט ח״י גורלאַנד צוריק מיט אַ יאָר 60 פאַרעפנטלעכט אין זיין מאַגיסטער־דיסערטאַציע [2], אָבער מיט אימהדיקע גרייזן. אינדערמיט לאָזט גורלאַנד דורך אַ גאַנץ גרויסן אָפּזאַץ מיט דער באַמערקונג: „נמחק מאוד״ (שטאַרק אָפּגעמעקט). דעם גרעסטן טייל פון די דאָזיקע „שטאַרק אָפּגעמעקטע״ שורות איז דאָך נאָך מעגלעך צו לייענען: „והיו מדברים כפי חכמתם וכותבים כפי השגתם ואלו ימצא אדם חכם כמוהם, בלי ספק יבין את דבריהם בלתי צורך אל פירושים ובאורי מאמרים הקשים, אכן מפני שלב האחרונים מעט מזער כלו מאדרת שער כ...או דבריהם מהם ונשאו אליהם קצה... ריהם להתקוטט וללחום החלוקה לאמר זה בכה וזה בכה והנה מעוף צוקה ופעם תהיה האמת עם אחד מהחולקים ופעם תעדר מהם ישארו אנשים ריקים, ופעם יהיה האחד יותר קרב אל האמת מחברו ות...תה מארץ ופעם יהיה קרוב.... כי הדבור אחד והשומעים רבים ויתכן שיבינו המדבר להביט לקצתם בין השלבים ולקצתם לא כי לא יכילוהו לחסרון ההצעות ויספרהו בזה האופן ויקבלוהו בעלי הדעות והנשארים בהם ימקו על הארץ יריקו״.

מיר ברענגען דאָ אויך דעם אָריגינאַל פון דער שטעלע, וואָס מיר האָבן ציטירט אויבן אין טעקסט:

„ורבו עליה (על התורה) המפרשים, מהם מבארי התיבות והמאמרים הקשים כפי דרך הדקדוק מבלתי דרך מלאכת ההגיון, ומהם מבארים המאמרים כפי המקובל בחביון, מהם סרו אל דרך הדרש כי הפשט מהם שרש, ומהם חשבו כי כל התורה סודות וסתרים והכתוב כלו נסתר בחדרים, ומהם הרכיבו מאלה בפירושם, ומהם חשבו שכל הכתוב הוא כפשוטו באשר הוא שם, וכל אלה השתתפו בשני הענינים האלה והם

---

[1] ח״י גורלאַנד האָט אַ טעות געהאַט, בעת ער ווייזט אָן די דאַטע 1523. זע זיין Новые материалы для истории евр. литературы.

[2] זע: העבר. ביילאַגע, ז׳ 5—8, צו זיין Новые материалы, ז׳ 39.

אם שקצרו בדבריהם ולא יצאו מכונת הכתוב לפי דעתם ככל אשר מללו ואם שהאריכו ויצאו ממכון הכתוב לפי דעתם כדי לעשות קובץ גדול ואיש ברעהו יהתלו, וכראותי אני מרדכי בן אליעזר כומטינו הקושטנדיני את החלופים אשר בם אנשי חסד נאספים, ולא יכלו לבחור דברי צדיקים מדברי האספסוף וימרו על ים בים סוף, הערתני רוחי לבאר הכתוב בדרך הנכונה האמתית והיה הבאור הזה נשרש על פי מלאכת הדקדוק ומכון על פי מלאכת ההגיון, יושב בסתר עליון, ובמקום אשר לו סוד מהחכמה הטבעית ארמיזנו, וכי ארגיעה אריצנו, וכן במקומות אשר יהיה אליו צרך מחכמות המזלות אבארנו, ובחכמת המספר יסובבנו וחכמת המדות לא תסור ממנו, ובחכמת אלהות אַסד סודותיו, ממני תהיין קרנותיו, וכל אחד במקום הראוי לו יזכר, בהלו נרו על ראש הפסוקים ויהיו בו מוצקים, ומדרך הפשט לא אזיז כי הוא חזק גבור ועזוז, ולא אסיר פעם למי שיהיה, כי ידעתי כי לא יחיה הנושא פנים בתורה, כי מהשם לא ירא. מלבד אם הפירוש אשר יראה שהוא זולת הפשט בא בקבלה אז יהיה לו סגלה, וגם בזה אזכיר דרך הפשט תחלה כי הוא יסוד המעלה, וכן אם היא הפך שקול הדעת אז ידל כחו ויהיה למגרעת, ונבארהו באור אשר יקבלהו השכל והדעה ובו נבין שמועה, ואשים נכח עיני את דברי נבונים אשר קדמוני ופרשו גם הם ואקרא את דבריהם ומכלם לא אביט יותר רק במאמרי החכם ר' אברהם עזרא כי הוא הפותר וראש למפרישים אשר הלכו על דרך הפשט, וצף על ראשם ועל דבריהם שט, וכאשר יסכימו דבריו עם האמת והנכון, יחדיו נמתיק סוד כירח יכון, ובאשר יראה לנו שתפש דרך אחרת, נפנה על ימין או על שמאל ברוח עוברת...''

בכדי צו געבן אַ באַגריף, אויף וואָס פאַר אַ ראַציאָנאַליסטישן אופן כומטינו פלייסט זיך אויסטייטשן דעם ביבלישן טעקסט, ברענגען מיר זיין פירוש אויף די ערשטע פסוקים פון פרשה „וירא'', ווו עס ווערט דערציילט ווי צו אברהם אבינו זיינען געקומען צו גאַסט דריי אומבאַ־קאַנטע: פרשת וירא אליו.

האל ההוה — כי לו נאוה — עת אתחיל — וירא אליו
לכן אוה — תורה צוה — הוא הרוה — תחת שוליו.

אמר החכם ר' אברהם אבן עזרא ז''ל: תועי רוח אמרו שהשם שלשה אנשים והוא אחד והוא שלשה ולא יתפרדו, והנה שכחו: ויבואו שני המלאכים סדומה בערב. ור' משה היוני * תפש עליו ואמר: ימחל לי אבן עזרא כי על דעת תועי רוח אין זה ההפרד מועיל לו מאומה כי אם היו אלו השנים שבסדום השלשה הנראים לאברהם ונראו כשנים אין כאן

* משה קאפוצאטו.

הפרד כלל, ועוד שאין דעת התועים במלת ההפרדות הפרד מלה או הפרד מקום רק ששלשתם דבר אחד ואע"פ שיפרדו במלות או שימצא האחד בשמים והאחרים בארץ או הפך זה הם אומרים שאלו השלשה ואם נפרדו דבר אחד הם כי לא יתפרדו במלות או במקום מצד חלוף ההתבוננות כשנצטרך להיות המעשה למטה בארץ, רק הם בעצמם דבר אחד הם; והנה אבן עזרא לא השיב מאומה, אמנם ידע כל משכיל שכבר התבאר במופת שהשם יתברך הוא הידוע והוא הדעה והוא הידוע ושלשתם דבר אחד ויתחלפו אלו השלשה במלות מצד חלוף ההתבוננות ואינם כמו הלובן והמלבין והמתלבן שהם נפרדים זה מזה, רק שלשתם דבר אחד ולא יפרדו כי אם במלות לבד לא בעצמם, וזה אמת אין עליו שום ספק לא יכחישהו העולם כולו ואם יכחישוהו הוא אמת כמו שלא יכחישוהו וכל שכן אם יודוהו; אמנם ההמון מצד שטותם לא יוכלו להבין אותו כפי מה שהיה ראוי שיובן, כי אין בכח ההמון זה ומפני זה נכשל בה; וזה לא אירע להם בלבד כך אלא בכל אומה ואומה יקרה כזה לחכמים עם ההמון ומפני זה ראו הנביאים להעלים האמת בקצת הדעות במשלים ודעות המוניות ולשתוק בקצתם כמו שראית מתחלת בראשית ובעץ החיים ובעץ הדעת וסוד גן־עדן וסודות הנבואה וסודות סתרי תורה. ואל תחשוב שסודות סתרי תורה וסודות הקבלה הם זולתי אלו הסבות או שיש להם סבה אחרת לעלימם חלילה וחס. עד כאן לשון ר' משה היוני.

וזה החכם לא הבין כונת אבן עזרא וגם לא דעת תועי רוח, וטעה שתי טעיות, כי הנוצרים יפרשו זאת המראה על השלוש, כי ראה אברהם האלהות על דמיון שלשה, והחזיקו דבריהם במצאם: אל נא תעמוד מעל עבדך, לשון יחיד; וכונת הראב"ע ז"ל לבאר שאין זה פירוש זאת המראה כלל כי לא תורה על זה הענין, כי לפי אמונתם לא יתפרדו כלל, והכתוב אומר: ויבואו שני המלאכים וזה ספור מה שהיה, ואף אם נרצה להודות לר' משה היוני שנראו ככה לא יתכן, כי זה אינו ראית עין אך השגת עין ואשר יתחייב בכל אחד לפי דעתם יתחייב בשלשתם מלבד האופן המבדיל מהשאר כי מה שיתחייב על האב יתחייב בבן וברוח מלבד ההולדה וההפחה ומה שיתחייב על הבן יתחייב באב וברוח מלבד ההתילדות, ומה שיתחייב על הרוח יתחייב על האב והבן מלבד ההתנפחות ואין ביאתם סדומה מהאופנים המבדילים אותם ולכן היה ראוי שלא יתפרדו; ועוד שמה שהתנצל בעבורם מענין אמונתם שהיא אמונת הדעת והיודע והידיעה מלבד שההמון נכשלו בה לפי שלא ידעוה כראוי — זה החכם נכשל עמהם כי אין אמונתם זאת אחר שמי שיאמין בזאת האמונה הוא מיחד גמור והם אומרים לא נאמין ייחוד שלא נתיחד וגם לא רבוי שלא נחשב מהאלינש (alliance?), אך נאמין אלוה אחד

בעל שלשה פנים והפנים האלה שומרים ההבדל לעולם ואין כן היודע והדעת והידוע כי אינם שלשה ענינים בהיותם בפועל אבל הם ככה בהיותם בכח ואם כן הם אם אחד או שלשה ואמונת התועים היא אחד ושלשה. והארכתי בדברי באמונה הכוזבת הזאת לבל יכשל הרואה דבריו ויחשב שמאמינים על נכון. והרב אמר במורה הנבוכים שֶׁוירא הוא כלל המראה אחר כן פרש איך היה זה ואמר בשנשא עיניו וראה שלשה אנשים וכן ענין ויאבק איש עמו. ור' משה בן נחמן תפשו ואמר שאם נראו אליו במראה הנבואה אנשים אוכלים אם כן לא נראה אליו השם לא במראה ולא במחשבה וככה לא תמצא בכל הנבואות ולפי דבריו אם כן לא לשה שרה עוגות ולא עשה אברהם בן בקר וגם לא צחקה שרה רק הכל מראה ואיך היה יעקב צולע על ירכו בהקיץ והאריך בזה עד שאמר כי אלה הדברים אסור לשמעם וכל שכן להאמינם. ואין להתרעם מדבריו כי הרב ידוע ידע שיאמר עליו כאלה הדברים וזה לא נעלם ממנו אעפ"כ השתדל להועיל אחד מאלף וכבר התנצל על כדומה לזה בפרקים נפרדים מספרו הנכבד, והמשיב פרקיו זה בזה ימצא המבקש כי לא אוכל לפרש. עוד כתב ר' משה בן נחמן: ובאמת כי בכל מקום שהוזכר בכתוב ראיית מלאך או דבור מלאך הוא במראה או בחלום כי ההרגשים לא ישיגו המלאכים אבל לא מראות נבואה כי המשיג לראיית מלאך איננו נביא שאין הדבר כמו שהרב גוזר כי כל נביא זולתי משה רבנו נביאתו על ידי מלאך וכבר אמרו בדניאל אינהו עדיפי מיניה דאינון נביאי ואיהו לא נביא מפני שהיה ענינו עם גבריאלוני, וכן מענין הגר שאינה נביאה. והנה אין ראיותיו צודקות על תפישתו וזה להעדר ידיעותו בחכמת המבטא כי המחייבת הכוללת לא תשאר צודקת בהפיכה ואעפ"כ היה ראוי לו לעיין בדברי הרב כי הרב בעצמו למדנו שאין הגר נביאה וגם הזכיר שאין דניאל מכלל הנביאים ולשפוט שלא יתכן לומר דבר וסותרו ומזה היה משלים ההעדר ומפרטים אחרים אמרו שהשם נראה אליו במראות הנבואה ואחר כך נשא עיניו וירא שלשה אנשים ובקש רשות מהשכונה כי ויאמר וכבר אמר ואחר רץ לקראתם וחסר מלת ויאמר קודם יקח נא, ולא באו לאברהם כי אם לשרה, כי לא יבוא נביא אל נביא ודבריהם יתפשרו עם דברי השולח, ולפי דעתי שדברי הרב אמת ויציב אמנם הם עמוקים מאוד, ואני אגלה לך מעט ברמז: אם תבין נצבים עליו עם וירץ לקראתם כי אין עליו כמו לפניו וכל שכן מרחוק ואם נא מצאתי חן בעיניך, אל נא תעבר מעל עבדך עם אחר תעברו גם ואמרו אליו עם ויאמר שוב אשוב ואברהם הולך עמם לשלחם עם ואברהם עודנו עומד לפני ד' והשקפת הכל על פני סדום וביאת השנים שם לבד — תבין איכות המראה הזאת ואיך היא פרט וירא אליו כי כן כתוב: ומבשרי

אחזה אלוה. וירא ביאור במראה אליו אתודע והמלה מבנין נפעל באלני ממרא הוא בעל בריתו וטעמו כטעם ואני בתוך הגולה, האהל הידוע כי כן כתוב ויאהל אברהם ויבוא וישב באלני ממרא, כחום... והוא קודם חצי היום בקרוב ולכן היה יושב פתח האהל בעבור האויר ויתכן שהוא כנגד לעת מנחת ערב ואם כתוב ואדני זקן כי קע"ה מת ולכן וירא וירץ לקראתם והמשכיל יבין.

## ב

כומטינוס פירוש אויף „יסוד מורא" געפינט זיך פולשטענדיק אין פירקאָוויטשעס מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע אונטערן נומ׳ 532. עס פעלט בלויז דער שער־בלאַט, ווייל אויף דער ערשטער בלאַט פאַרענדיקט זיך עפּעס אַן אַנדער ווערק. אין דעם מאַנוסקריפּט געפינען זיך פילע אַסטראָנאָמישע און מאַטעמאַטישע צייכענונגען. פאַר דער פאָררעדע געפינט זיך אַן אַק־ראָסטיך מיטן פאַרפאַסערס נאָמען. מיר ברענגען דאָ ביידע בשלימות:

אם חזקה מני חכמת בנו עזרא — אם אבטחה לאל אמצא בפי עזרה
נותן ולא יעצור ההוד וההדרה — גם הוא ברוב חסדו הוא לי ולא אירא
יען אשר אליו אצעק כמבכירה — אומר פתח אלי את שערי אורה
מאסר קשה תעזור ואתירה — דעות אסורות במו זיקים ואעירה
רבים אשר קראו ספר יסוד מורא — כי לא נתנוהו כחץ למטרה
דעת אנוש תבול לבוא במסתורה — כי תש סביבה הוא צינה וסוחרה
כלל וכל מכל חכמה מפוארה — גם קצרה ידו חטה ושם שורה
יסד יסודו על מצוות והתורה — ובמכתבי תלמוד דעתו מאוד גברה
כפלם בעמקה כי בסתם ובקצרה — דבר ולא האריך באור ולא אמרה.
ואני אסיר תקוה בנתי ואחבירה — מלים ואסבה דלת עלי צירה
מכל טעמיה אשים לכל איש רעב גם אנוש רגלי אשא עלי גבוה (?)
מזבח אני אעביר לפני אשר יקרא — ידע לכל תיבה סודה כמו ברה
ימצא כמטומנים ספק אשר זורה — יקבוץ ויקיץ את קושייא אשר סרה
נעלית מאוד כי לאלהים אשר ברא — ארץ ושמים ההוד והמשרה
ויעלה על לב עבדו במוסרה — לפרוש ולאמר בה חכמה מדברה.

אמר מרדכי ב"ר אליעזר ז"ל: בהיותי בשביה בארץ נכריה בעיר אדריאנופולי, אשר נטיתי שם אהלי ראיתי אנשים חכמים ונבונים, אבות על בנים רודפי צדק מבקשי התורה, משיבי מלחמה שערה, חוקרים ודורשים הראיות והפירושים כשאלה כענין, וכתשובה כהלכה, מערכה לקראת מערכה וגם עניני החכמות החיצוניות נתנו להם למנות, זה יאמר לד׳ אני וזה יקרא הנני, הנני מוכן להשיב לכל שואל אשר לא ידרוך קשתו ושריונו יתעל באל. ויהי כי ארכו לי שם הימים ויקראו לפני מספר

החכמים וישאו עיניהם ויראו והנה לפניהם ספר אחד מצאו מחבורי החכם ר' אברהם בן עזרא, ושמו „יסוד מורא" וכראותם אותו מדבר ברמזים בדברי הנביאים והחוזים וגם בענייני החכמות נושא אלומות וקשר לשונו קשה להביא וגלוי מצפוניו עמוק לענינו. בקשו ממני לבאר זה הספר ובפרט התלמיד החשוב ר' יוסף * הנותן אמרי שפר הפצירני מאוד לעשות זה, ולרוב אהבתו נדרשנו ולבקשתו נחזה, ואם הבנתו עמוקה משאול ואיך נשאב ונזה, כרתנו ברית עם מות ואת שאול עשינו חוזה, לשאוב מים בששון ולא יקרני אסון, ובמוצאי דבר אשר כונתו יורה על סוד אסתירנו, ואסבב סיבות להראות פתח השער כדי שיבגנו הראוי לו וידענו, וכל זה אחר בטחוני וסברי להיות אלהי אבי בעזרי והוא יהיה עם פי ויורני את אשר אעשה ככתוב גל אל ד' דרכך ובטח עליו והוא יעשה. ומהנה נתחיל ונאמר להיות שמנהג החכמים המפרשים כשיתחילו לפרש ספר מודיעים בתחלה דברים בשמלה (?) כאשר הזכיר זה החכם בן רשד בביאורו לספר שמע הטבעי לארסטו ואם עלי בן עבא קרא אותם ראשיות והתחלות בספרו הידוע בשלם המלאכה ונתן הסבה לפי שהם יעזרו לקורא להבין מה שבספר עזר בלתי קנין, אבל איננו צודק כי לא תקרא התחלת החכמה כל דבר עוזר בידיעתה והם כונת הספר מדרגתו תועלתו וחלקיו ואופן הלמוד הנעשה בו ויחסו ומה שמו ומי המניח אותו ראוי לנו להודיעם גם כן, ואם היות שרובם יוצאים מתוך דברי הספר הזה אם כונת הספר היא ידועה ממאמר החכם באמרו כי ליסוד מורא אני צריך, והנה הכוונות בכל דבר אפשר שתהיינה יותר מאחת בהיות הנעשה מכוון בעד התכלית ואיננו הוא התכלית ואיני רוצה עתה בתכלית האחרונה כי זאת היא משותפת לכל הדברים רק בתכלית הקריבה המכוונת והראשונה תהיה להכרח השנית ואם אתם שתים בלתי מתיחסות אבל זאת תחת זאת והא' מואחרת בטבע מן האחרת אפשר שיראה המחבר במפורסם תכליתו הכונה הא' וכונתו היתה כדי להגיע האחרת ולפעמים אפשר גם הפך זה ונשאר על המבין. ויש מחבר רודף בעצם על מיני הכונות שהזכרנו והוא מכוין כונה אחרית יוצאת מדבריו כאלו בדרך המקרה ומגיע גם מזה ידיעה אחרת וכאלו אין זאת כונה כלל להיותה בדרך המקרה ואפשר שהיתה היא הכינה הראשונה והגיעה בכזה האופן כדי להשים תפוחי זהב במשכיות כסף ואם מדרגתו היא אחרי שהתעסק האדם בתוריות וקודם שיגיעוהו החכמות העיונית אז ראוי לקרא זה הספר כדי להבין באיזה אופן יתכן שישלם האדם בהתעסקו במצות ואם אי אפשר להיותו ערום בכל מכל

---

* דער באַקאַנטער קאַראַימישער געלערנטער יוסף רביצי.

מהחכמות העיוניות כי יש דברים בזה הספר לא יבינם המתעסק בו מבלתי שקדמה לו ידיעה בחכמות העיוניות אלא במין מהידיעות המקובלות. ואם תועלתו היא להורות את האדם באיזה אופן יגיע אל התועלת האמתית אשר אין אחריה דבר אחר, וזה כי בהיות האדם יודע באיזה אופן ישתמש בכל החכמות אשר נושאיהם הם חלקי הנמצאות ואיזה הוא השער ואיזה הוא הפרוזדור ואיזה הוא הטרקלין והקודם והמתאחר בהשגתו, אז לא יהרס אל ד' לראות אבל יהיה מהכהנים הנגשים אל ד' מפני שיגיע אל החכמה האמתית הראשונה וזה בהשיגו זה האופן ג"כ בכל חלק וחלק מחלקי החכמה כאשר ישיגהו בחכמות בכללם כי אז יהיה הסדר ישר והדרך נכוחה והתועלת מגעת. ואם תאמר: מה תועלת בהגעת זאת הידיעה? נאמר כי כל התועליות כאין בהקש אל זאת התועלת וזאת היא התכלית והכל הן בעבורה כי בה ישאר האדם נצחי ובה יחיה לעולם. אולם חלקיו הנה המחבר חלק הספר הזה לי"ב שערים וכל שער ושער הוא נחלק לעניינים פרטיים אפשר שיכנסו תחת סוג אשר הסוג ההוא תחת סוג השער או שיכנסו תחת סוג השער עצמו. אולם אופן הלמוד הנעשה בו הנה להיות שאין הלמוד הזה מופתי לא נוכל להחליט אומר אם הוא מהמאחרים אל הקודמים או בהפך אבל אי אפשר מבלתי שיהיה לו אופן כולל והאופן הזה יהיה מהדברים המבוארים במופת אל הדברים הנאמרים ברמיזה בדבריו העיוניים כדי שיגיע מובן מאמר נביא או מאמר חכם. ואמרי שאין הלמוד הזה מופתי רצוני שאיננו מבאר במופת מה שמבאר בו אולם רוב מאמריו הם מופתיים נתבארו בספרים אחרים, ואולם יחסו הנה הוא יחס המקיף אל המוקפים בו ויחס הסלם אל המעלות, ואולם מה שמו הנה הוא קראו יסוד מורא כי בו יבאר באיזה אופן תהיה היראה מהאדם אל בוראו ומה מבקש הבורא מהאדם ואיזו היא התכלית המכוונת, ואולם מי המניח אותו הוא החכם ר' אברהם בן עזרא ז"ל אשר חבר חבורים נוראים ועצומים ובאר פי' התורה והמקרא וספרים אחרים רבים בספרי הדקדוק וספרי החכמות והלמודיות. ומהנה אתחיל לפרש דברי הספר.

---

# בײלאַגע נומ׳ 11

(זע זײט 257)

## כָּלב אפּונדופּולוס ליטעראַרישע ירושה.

### א

זײן פּאָעמע „אבי נר בן נר" האָט כלב אפּונדופּולו פאַרענדיקט צו פיר און צוואַנציק יאָר [1], װי עס איז אָנגעװיזן אין דער שלוס־סטראָפע:

ספר אבינר בן נר נשלם — בשנת הרמ"ט נוצר עולם
יום י"ד הוא מירח כסליו — בשנת כ"ד מילידת כלב.

װי עס שײנט, האָט דער פאַרפאַסער אויף דער עלטער אויפסני־איבערגעאַרבעט זײן יוגנט־װערק, װי עס איז צו זען אויס דער צושריפט פונם אָפּשרײבער אין סוף פונם מאַנוסקריפּט:

„חברו כלב אפונדופולו בן אליהו [2] הזקן האדרונופוליטי יעמ"ש (ישכוב על משכבו שלום). נשלם זה על ידי מחברו כלב אב"א כי"ה יעמ"ש נכת זי"א יום ששי בשלושה ועשרים יום לחודש סיון שנת חמשת אלפים ומאתים ושמונים וארבע שנים לבריאת העולם היא שנת ששים ללידת המחבר וכתבו לעצמו להיות לו לזכר טוב לבניו יצ"ו אחרי מותו שבח לו ית' אנ"ס".

### ב

װעגן נאָמען פון אפּונדופּולוס פּאָעטישער אַנטאָלאָגיע איז פאַראַן אַ חלוקי דעות. אויפן איבערבלאַט פונם מאַנוסקריפּט, װאָס געפינט זיך אונטערן נומ׳ 823 אין דער ערשטער פירקאָװיטש־קאָלעקציע, איז אָנגעצײכנט מיט פירקאָװיטשעס האַנט דער טיטל: „מור עובר". דער מאַנוסקריפּט, װאָס אַנטהאַלט 246 לידער, מאַכט אפילו דעם אײנדרוק פון אַ גאַנץ זעלבּ־שטענדיק װערק, דאָך איז זײער מעגלעך, אַז דאָס איז בלויז אײן אָפּטײ־לונג פון אַ גרעסערער אַרבעט, װאָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „גן המלך" [3].

אפּונדופּולוס אַנטאָלאָגיע האָט אַ גאַנץ באַשטימטן קולטורעלן אינטערעס, װײל זי שפּיגלט אין זיך אָפּ דאָס לעבן פון די קאַראַימען אין דער רעזידענץ פון דער יונגער אָטאָמאַנישער מלוכה. אין דער קאַראַימי־שער געזעלשאַפטלעכקײט, װאָס איז אין דער פריערדיקער תקופה געװען

1 ניט צו פיר און דרײסיק, װי עס איז אָנגעװיזן בײ גורלאַנדן.

2 דערפאַר חתמעט זיך אַפּונדופּולו אָפט מיט די ראשי־תיבות: אב"א.

3 זע ח"י גורלאַנד, ציט. װ., 74; „דוד מרדכי", קאַפּ׳ 8.

באַקאַנט מיט איר שטרענגער אַסקעטיק — האָבן זיך איצט באַוויזן מער לעבנסלוסטיקע שטימונגען. אַפּונדופּולו זינגט ניט נאָר לוסטיקע וויין־לידער, און בעט ביי זיינע פריינד זיי „זאָלן אים דעם שוימענדיקן בעכער דערלאַנגען, וואָס זאָל אים גלייך באַרויִשן, און דעם טרויער פון אים פאַרטרייבן"[1]; ער באַזינגט אויך פרייליכע סעודות און רוישיקע וויין־טישן, ביי וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט ניט בלויז יונגוואַרג, נאָר אויך זקנים און מענטשן פון שטאַט. אין זיין זאַמלונג געפינען זיך אויך אַ סך לידער, געשריבן על־פי־רוב אין דועט־פאָרם. מיר ברענגען אַלס אילוסטראַציע פאָלגנדיק ליד:

איומתי, בעת פתח סמדר — חבצלת ושושן העמקים
אז עתך* מאוד נחמד ונעים — יפת עין שפתיך מתוקים
בעת זוכרי יפפיך כבודה — מאוד לבי ומעי הם נמקים
ומי יתן ואשוקך בלחייך — אחבקך בתוך דרכי שוקים
ופי אשים ברקתך יחידה — בשדיך אני אנום ואקים
אצילותיך ושם אישן ואיקץ — בשמחת לב וינוחו עשוקים
ודודיך וריחיך נעימות — חשבתי אז תמור תורות וחוקים
מקום השחויתי (?) משכתיך — וזולתך בעיניהם כשיכים,
תשוקתי! לשירי שים לבבך — שהוא נגלה ונסתר בשחקים
שמי כלב ידידך שר לך שיר — צביית חן ואילת עמקים.

און די געליבטע ענטפערט (תשובת האהובה לאהובה):

בעת אקרא בשיריך ידידי — גביר הדור תהלה כל תהלה
אמרך מה מאוד נמליץ לחכי — ושירך שיר כתרשיש ממולא
מעולפים בחמדת השכיות — ובהם לא זהב אופיר יסולא
הכי קרא לך האל ידידי — שמך כלב אבי שירי סגולה
ידיד נפשי סגילתי הסגילה — ישימך אל תהלה לתהלה.

צוזאַמען מיט רעליגיעזע תפילות און פיוטים געפינען זיך אויך אין דער דאָזיקער זאַמלונג קונדייסישע וויכוחים־לידער און מאַקאַמען, ווו עס ווערן געפירט גאַנץ לייכטזיניקע און ניט באַזונדערס צניעותדיקע וויכוחים: דער מאַן מיט דער פרוי, דער דיכטער מיט זיין געליבטער און דער דיכטער מיטן וויין. אַ היסטאָרישן אינטערעס האָט דעם דיכ־טערס צושריפט צו די עלעגישע לידער זיינע, אין וועלכע ער באַקלאָגט

1 ידידי! תן בידי כוס — אשר ינים יגונות
ואשתהו עדי אשכר — ואסיר את עצבות.

* דאָס וואָרט איז אין מאַנוסקריפּט ניט דייטלעך.

די גרויסע גירושים, וואָס יידישע קיבוצים האָבן איבערגעלעבט אין סוף פונם 15טן י"ה:

ויהי בשנת אלף וארבע מאות ועשרים ושבע שנים לחורבן בית שני היא שנת הרנ"ה לבריאת העולם בחודש תמוז הוא החדש הרביעי חבר כלב אב"א בן יהודה הזקן יעמ"ש שתי אלו הקנות על אשר גורשו נתגרשו עם ד' מארצות הלועזים ומארצות רוסיה וליטווא שגורשו בשנת אתנ"ה לחורבן בית שני.

## ג.

## אפונדופולו וועגן קריסטוס.

אין דער גרויסער פאָררעדע צו זיין ווערק „עשרה מאמרות" גיט אפונדופולו אַ קורצן געשיכטלעכן איבערבליק וועגן סעקטעס און רעלי־גיעזע שפּאַלטונגען ביי יידן. דער דאָזיקער געשיכטלעכער איבערבליק איז פאַרעפנטלעכט אין „דוד מרדכי" (קאַפּ' 8). אויס מניעות מצד דער צענזור פעלט אָבער דאָרט דער גאַנצער אָפּזאַץ, ווו עס האַנדלט זיך וועגן דעם באַגרינדער פונם קריסטנטום און זיינע אַפּאָסטאָלן, און ערשט שטיינשניידער האָט דעם באַטרעפנדיקן פראַגמענט פאַרעפנטלעכט אין די ביילאַגעס צו זיין קאַטאַלאָג פון די ליידענער האַנטשריפטן(Ap. 8). מיר ברענגען דאָ דעם אינטערעסאַנטן פראַגמענט אויס דעם האַנטשריפט־לעכן „עשרת מאמרות", וואָס געפינט זיך אין דער ערשטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע אונטערן נומ' 743:

„וכותבי זכרונות בישראל אומרים שישו הנוצרי בן מרים היה תלמידו של יהושע בן פרחיה והיה בימי ינאי המלך הכהן אשר נזכיר, אע"פ שכותבי זכרונות אומות העולם אומרים שישו הנוצרי נולד בימי הורדוס ובימי ארקילוס בנו נתלה ומחלוקת גדולה יש [1] ביניהם שההפרש בין שניהם ק"י שנה ויותר, ואומרים הגויים כי בשי"ב שנים למנין השטרות נולד ולאחר ל"ג שנים נתלה והוא נולד בשנת א' [2] לאוגוסט מלך רומי בימי הורדוס ונתלה בימי בנו והוא שקר כי טענתם זו היא כדי לאמר שלא עמד הבית ומלכות ישראל אחר שתלוהו אלא מעט, והאמת הוא מה שכתבו היהודים כי יהושע בן פרחיה ברח למצרים בימי ינאי המלך שהוא אלכסנדרוס ועמי ברח גם [3] ישו הנוצרי תלמידו ובשנת ד' לינאי המלך נולד, והיא היתה שנת רס"ג לבית

---

1 ביי שטיינשניידערן פעלט דאָס וואָרט.

2 ביי שטיינשניידערן: ל"ח למלכות. ביידע דאַטן זיינען אָבער ניט ריכטיק, עס דאַרף שטיין: ל"א.

3 דאָס וואָרט פעלט ביי שטיינשניידערן.

שני והיא שנת נ״א למלכות בני חשמונאי אשר נזכיר. ובשנת רצ״ט לבנין הבית נתפש והוא בן ל״ג [1] שנה בשנת ג׳ למלכות בן ינאי המלך הוא אריסטובלוס הכהן. ולדעת אוהבי האמת ישו הנוצרי חכם גדול היה איש צדיק תמים [2] וחסיד ירא אלהים וסר מרע [3] ולא הורה שום חוק ומשפט זולת תורת האלהים הכתובה כ״ש שיגזור הפך מאמר [4] ממה שכתוב בתורת משה ע״ה. אמנם אחרי שמת בתליה קמו חבריו ותלמידיו והיו מתקוטטים עם האנשים השונאים אותו מחכמתו ובעבור שלא היה שומע לדבריהם כי אם מה שכתוב בתורת משה עד שנשלחו אנשים מהם ואמרו שהם שלוחים מישו וקבעו להם חקים והורו להם משפטים לא עָמם הוא בלבו ולא עלו על מחשבתו והרסו פנות התורה ונטו אחריהם עם רב כאשר אתה רואה היום ובזה נהיתה [5] המחלוקת בין עם ד׳ ותלמידי ישו, כי האנשים שנשלחו מעם ד׳ אמרו לתלמידי ישו ולכל מי שנתחבר עמהם שירחקו מן היהודים ריחוק רב ושלא יתחברו עליהם ואסרו להם מאכלם ומשקיהם כמו שכתוב כל זה בספורי ישו הנוצרי, ולא הצרכנו בספור זה המעט להאריך [6] אלא לנו [7] להודיע שהתורה שיש להם היום למאמיני ישו לא נתנה הוא ולא מסר להם דבר הפכי או [8] סותר לתורה שבכתב, אלא כל זה עשו אותם האנשים שקבעו החוקים ההם שהיו מישראל, והראשונים מהם שקבעו הד׳ גליונות: הא׳ מהם [9] הוא אבא שאול הנקרא פולוש, והב׳ ר׳ שמעון הוא הנקרא [10] פיטרו, ור׳ מתתיהו הוא הנודע מתיאוש ויוחנן הרביעי הנקרא יואנוש, וזולת אלו שמונה אחרים כי הם נקראים י״ב אפושטולורום ר״ל שלוחים מישו. ולהיות שהוסיפו על מה שכתוב בתורת משה ונרעו ממנה אמרו עליהם שהם יצאו מכלל ישראל, כ״ש שהפכו דברים רבים מן התורה, ולכן נקראו שהם חדשו דת הפך דת משה ואע״פ שהקודמים מהם יצאו מן הכלל הנה הם אלה הם יותר רעים כי קיימו נביא שלא היה ואמרו שהיה בן אלוה ואלהים הולידו בהכנסו בבטן מרים אמו שזה כלו שקר וכזב״

---

1 ביי שטיינשניידערן: ל׳ ושנה.
2 פעלטביי שטיינשניידערן.
3 פעלט ביי שטיינשניידערן.
4 ביי שטיינשניידערן: הפך או סותר.
5 ביי שטיינשניידערן פארנרייזט, און אנשטאט נהיתה, שטייט: בטלה.
6 פעלט ביי שטיינשניידערן.
7 פעלט ביי שטיינשניידערן.
8 ביי שטיינשניידערן: ולא.
9 פעלט ביי שטיינשניידערן.
10 ביי שטיינשניידערן: הנודע.

## ביילאַגע נומ' 12

(זע זייט 355)

## שלמה בן מזל־טובס לידער.

### נומ' 246.

פתיחה בנגון יקרב במשקל זה לחג הסכות.

שחר לפניך אשיר בשירתי, צורי
והקשיבה שועי ורינתי.
לפני הדר הודך יה אשפכה שיחי
קבל פרי ניבי חלף תשורתי.
מרום וקדוש! לאסירים פקח קוח
ושנת דרור תקרא החש גאולתי
הפק רצון עמך מתחננים נגדך
ופנה ערער, קבל תפלתי.
חושה צמח צמח על הררי ציון
החזק לך מגן קומה לעזרתי
וזכור אסיר תקוה לשוב לבצרון
מחגוי סלע רעיה ויונתי.
קומי וגם אורי התלבשי עזך
התחנני אמרי: הקם לסכתי.
תכון תפלתי במעון קדושתך
בינה הגיגי יה האזן לאמרתי.
אכוף כמו אגמון ראשי ועצמותיו לשיר
ותעננה רוחי ונשמתי.

### נומ' 247

בניגון „שחר אבקשך"

שלמו ימי אבלך — רעיה ויונתי
שובי להיכלך תהגי בתוך ביתי
למה בעברי פי פחת תקנני
ציון עלי ובני קנך איומתי.
מה לך אלי מדבר, יונה, ובישימון —
הסתופפי ארמון מלכך, יחידתי
הן עת זמיר קרב והגיע, רעיה,
וקול התור נשמע באדמתי.

נומ׳ 237

בשנוי נגון ישמעאלי:

שירה אשיר על שושנים — על דוד שפתותיו
ציון שושנים, קול דודי בא אחר נוגנים,
רני שמחי, ציון, כי הנני בא.
לין בין שדי יפתי — יונת אלם ציון את רעיתי,
בואי נא וצאי לקראתי
רני שמחי, ציון, כי הנני בא.
מור עובר נוטפות ידיך, יעלה,
מה יפו ציון דודיך — שובי שובי אל עריך
רני שמחי ציון כי הנני בא
המו מעי על תוריך — איך יהמיון ציון
על הריך שרים ומלכים אומניך
רני שמחי ציון כי הנני בא.
מנאיות קומי יונה — עד אן תלכי, ציון,
בבנות יענה — מה לך בין חוחים שושנה.
רני שמחי ציון כי הנני בא.
זכרתי לך חסד אהבה — לכתך במדבר ציון
וערבה אחרי באלפים ורבבה.
רני שמחי ציון כי הנני בא.
לקראיתי תצאי במחולה — מה יפו דודיך
ציון כלה בגאון יעקב אהב סלה.
רני שמחי ציון כי הנני בא.
מור אודם פטדה אחלמה יאירו ציון
על בגדי רקמה, אמרי נא לי שובה קומה!
רני שמחי ציון כי הנני בא.
זבכן בואי אל המלך, הרימי בכח
ציון קולך — יונתי, שברתי עלך.
רני שמחי ציון כי הנני בא.
בחסן בניך אביא ובנותיך ציון
ארץ צבי למקום אהליך הרחיבי
רני שמחי ציון כי הנני בא.

---

# ביילאַגע נומ׳ 13

(זע זייט 365)

## וועגן ישראל נאַגאַראַס ליטעראַרישער ירושה.

אין 1587 האָט נאַגאַרא פאַרעפנטלעכט אין צפת אַ זאַמלונג פון 108 הימנען און עלעגיעס „זמירות ישראל". אין צוועלף יאָר אַרום האָט דער דיכטער אַרויסגעלאָזן אין איין צייט אין סאַלאָניקע און אין ווענעדיק אַ באַדייטנדיק פאַרגרעסערטע זאַמלונג פון זיינע לידער. די זאַמלונג איז געווען איינגעטיילט אין דריי חלקים: 1) „עולת תמיד" — 225 פיוטים, 2) „עולת שבת" — 54 שבתדיקע זמירות און 3) „עולת חודש" — 67 יום־טובדיקע לידער. אַלס הוספה צו דער ווענעציאַנער אויסגאַבע האָט נאַגאַרא אין 1605 פאַרעפנטלעכט די אינם טעקסט שוין דערמאָנטע זאַמלונג וועלטלעכע לידער „מימי ישראל". אַ נייע אויסגאַבע פון נאַגאַראַס „זמירות ישראל" איז ערשט ערשינען אין 1837 אין בעלגראַד, און דאָס אויך ניט קיין פולשטענדיקע, ווייל אין דער דריטער אָפּטיילונג „עולת חודש" זיינען אַרויסגעלאָזן 17 גאַנץ גרויסע לידער[1]. דער בעל „קורא הדורות", וואָס האָט אין עזה זיך פערזענלעך באַקאַנט מיט נאַגאַראַס זון משה, האָט אָנגעוויזן, אַז פונם דיכטער איז פאַרבליבן אַ גרויסע זאַמלונג נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער „שארית ישראל". אַ ניט פולשטענדיקע האַנטשריפטלעכע קאָפּיע פון דער דאָזיקער זאַמלונג האָט זיך געפונען אין די הענט פון דעם באַקאַנטן שלמה דובנאָ, און נאָך זיין טויט איז דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט איבערגעגאַנגען אין דער ביבליאָטעק, וואָס געפינט זיך אין בית־המדרש „עץ חיים" ביי דער אשכנזישער קהילה אין אַמסטערדאַם. ל. דוקעס האָט פון דער דאָזיקער זאַמלונג פאַרעפנטלעכט[2] דאָס ליד „ילאה נשוא", וואָס איז געבויט לויט דער באַקאַנטער קלאַנג־פאָרם פון „עכאָ־לידער". מיט 15 יאָר שפּעטער (אין 1858) האָט מ. נ. פרידלענדער פאַרעפנטלעכט אונטערן נאָמען „פזמונים" 120 לידער אויס נאַגאַראַס „שארית ישראל" לויט אַ דעפעקטן מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין ווין. דער מאַנוסקריפּט רייסט איבער אין דער מיט פונם הונדערט צוואַנציקסטן פזמון. אויף אַ באַדייטנדיק בעסערן אופן איז אויפגעהיט געוואָרן אַ מאַנוסקריפּט פון נאַגאַראַס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער אין ירושלים. דעם דאָזיקן מאַנוסקריפּט, וואָס באַשטייט פון 260 זייטן, האָט אָפּגעקויפט אין 1883

[1] „קורא הדורות", 37, 49.

[2] „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס", 1843, 526.

דער באַוווּסטער געלערנטער דוד קויפמאַן [1], און באַקאַנט מיט זיין אינהאַלט דעם ברייטערן לעזער־קרייז האָט וו. באַכער [2]. לויט באַכערס מיטטיילונג איז דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט אַ ניט פולשטענדיקע אָפּשריפט פון נאַגאַראַס „שארית ישראל״, געשריבן מיט דעם מחברס אייגענער האַנט. אין דעם מאַנוסקריפּט געפינען זיך 465 לידער [3], און צווישן זיי בלויז 80, וואָס געפינען זיך אויך אין דעם ווינער מאַנוסקריפּט און זיינען אַריין אין פרידלענדערס „פּזמונים״. „מיר זעען אַלזאָ, איז דערביי באַכער מוסיף, אַז די דאָזיקע לידער־זאַמלונג איז באַדייטנד גרעסער לויט איר פאַרנעם פון ביידע נאַגאַראַס שוין פאַרעפנטלעכטע לידער־זאַמלונגען צוזאַמען, ניט נעמענדיק אַפילו אין באַטראַכט, אַז עס זיינען מעגלעך אויף דעם געביט נאָך ווייטערדיקע אַנטדעקונגען, און די צאָל נאַגאַראַס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער קאָן זיך דורך דעם נאָך באַדייטנד פאַרגרעסערן״ [4]

די דאָזיקע השערה, אַז נאַגאַראַס ליטעראַרישע ירושה איז נאָך ניט אינגאַנצן אויפגעדעקט געוואָרן, האָט זיך אויפן גלענצנדסטן אופן באַשטעטיקט. אויספאָרשנדיק אין די יאָרן 1921—1922 די מאַנוסקריפּטן־זאַמלונגען פון פירקאָוויטש, איז דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות געלונגען זיך צו באַקענען מיט זעקס מאַנוסקריפּטן, אין וועלכע עס געפינען זיך גאַנצע אוצרות פון נאַגאַראַס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע לידער און פּאָעמעס. קודם־כּל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דעם מאַנוסקריפּט, וואָס איז פאַרצייכנט אין דער צווייטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע אונטערן נומ' 1—107. דער מאַנוסקריפּט איז אין דער התחלה באַשטאַנען אויס 225 בלעטער אין 8°, ער איז אָבער איצט זייער דעפעקט, אין פילע ערטער זיינען אויסגעריסן גאַנצע בויגנס; ערטערווייז זיינען אַפילו די בלויזן פאַרפולט מיט בלעטער גענומען אויס אַנדערע מאַנוסקריפּטן פון נאַגאַראַס „שארית ישראל״, דאָך באַשטייט איצט דער באַטרעפנדיקער מאַנוסקריפּט בסך־הכּל אויס 137 בלעטער. דערפאַר אָבער איז צום סוף פונם מאַנוסקריפּט אויפגעהיט געוואָרן אַ זוכצעטל מיט אַ פולשטענדיקן רעגיסטער פון אַלע לידער, וואָס האָבן זיך געפונען אינם מאַנוסקריפּט בעת ער איז נאָך געווען בשלימות. ווי אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט, אַזוי זיינען אויך אין אונזער מאַנוסקריפּט די לידער איינגעטיילט אין 13 אָפּטיילונגען,

1 נאָך קויפמאַנס טויט איז דער מאַנוסקריפּט איבערגעגעבן געוואָרן אין דער ביבליאָטעק פון דער אונגאַרישער וויסנ. אַקאַדעמיע.

2 אין „רעווי ד. עטיוד זשוויף״, ב' 58 און 59.

3 באַכער ווייזט אָן על־פּי טעות 469. פון וואַנען באַכערס טעות נעמט זיך, וועט אָנגעוויזן ווערן שפּעטער.

4 דאָרטן, ב' 59, ז' 97.

וואָס טראָגן איןביידע מאַנוסקריפּטן איינע און די זעלבע מוזיקאַלישע נעמען, נאָר וואָס אין אונזער מאַנוסקריפּט איז דער סדר פון די אָפּטיילונגען אַ ביסל אַן אַנדערער, ווי אין קויפמאַנס. אמת, באַבער רעדט אין זיין באַריכט נאָך וועגן אַ פערצנטער אָפּטיילונג אונטער דעם נאָמען פינגיקה (פּענדזיקאַ), וועלכע באַשטייט בלויז אוים פיר לידער. דאָס איז אָבער בלויז אַ טעות מצד באַכערן. באַכער גופא ווייזט אָן אויפן גרויסן פלאָנטער אין דער פּאַגינאַציע פון קויפמאַנס מאַנוסקריפּט; פילע בלעטער געפינען זיך ניט אויפן געהעריקן פּלאַץ. און דאָך האָט ער ניט באַמערקט, אַז דער בלאַט 21 געפינט זיך ניט אויפן פּאַסנדיקן אָרט; מיט אים הויבט זיך פּאַקטיש אָן די 9טע אָפּטיילונג „איבגי" (אייבדזי), און זיין אָרט איז דערפאַר דירעקט פאַר די בלעטער 156—161. דער פלאָנטער נעמט זיך דערפון, וואָס באַכערן, ווי ער גופא איז זיך מודה[1], איז ניט קלאָר געווען דער באַטייט פון די נעמען, וואָס יעדע אָפּטיילונג טראָגט; אויך האָט ער ניט באַמערקט, אַז אייניקע אָפּטיילונגען טראָגן אַ דאָפּלטן נאָמען. דער „זוכצעטל" פון אונזער מאַנוסקריפּט הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „ואלה פתוחי חותם המפתחות של הפזמונים". דערנאָך גייען די אָפּטיילונגען [2] לויט פאָלגנדיקן סדר:

1) ערשטע אָפּטיילונג „ראשט" אַנטהאַלט 85 לידער. דאָס וואָרט „ראשט" באַטייט אין פּערסיש — אַ גלייכע שטימע.

2) צווייטע אָפּטיילונג „מאהר" (מאַהאור) — 25 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין פּערסיש — באַשלייניקן, שנעלער מאַכן דעם טעמפּ.

3) דריטע אָפּטיילונג „הוסייני" — 110 לידער. הוסייני האָט געהייסן דעם כאַליף אַלים זון.

4) פערטע אָפּטיילונג „בוסְליק" — 34 לידער. דער נאָמען נעמט זיך פונם פּערסישן וואָרט „בוס" — אַ לייכטער קוש, ד"ה אַ לייכטער, צאַרטער טאָן.

5) פינפטע אָפּטיילונג „עאַגאַם—ניבוריץ" — 53 לידער. דאָס ערשטע וואָרט איז אַן אַראַביש, דאָס צווייטע — אַ פּערסיש. ביידע באַטייטן זיי בוכשטעבלעך: אַ נייער טאָג, אָדער דער ערשטער טאָג אין יאָר. דאָ דאַרף עס באַטייטן: עפּעס נייס, פּרעמדאַרטיקס.

6) זעקסטע אָפּטיילונג „סאַבּה" — 54 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין אַראַביש — אַ בתולה.

7) זיבעטע אָפּטיילונג „זונבולי" — 23 לידער.

---

[1] ציט. אָרב. 58, 246.

[2] א. צ. אידעלסאָן ווייזט אָן אין זיין אָפּהאַנדלונג „ישראל נגארה ושירתו" („השלוח", 37, I—II), אַז די נעמען פון די אָפּטיילונגען זיינען ביי נאַגאַראַן פאַרבונדן מיט דער מעטריק און מעלאָדיע פון זיינע לידער.

8) אַכטע אָפּטיילונג ,,איךָק׳׳ — 53 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין אַראַביש די מעלאָדיע, וואָס הייבט זיך אָן מיטן טאָן "si".

9) ניינטע אָפּטיילונג ,,שיגיה׳׳ — 38 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין פּערסיש דעם דריטן טאָן פון דער אָקטאַווע (si—ka).

10) צענטע אָפּטיילונג ,,איבגי (עוודזי)׳׳ — 23 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין פּערסיש אַ הויכע שטימע. אייניקע לידער פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג טראָגן אין אַנדערע מאַנוסקריפּטן (צ׳׳ב אין קויפ־מאַנס) * דאָס אונטערקעפּל ,,פינגיאה׳׳ אָדער ,,פינגינה׳׳. דאָס דאָזיקע וואָרט באַטייט אין פּערסיש דעם פינפטן טאָן פון דער אָקטאַווע (sol).

11) עלפטע אָפּטיילונג ,,נאבה׳׳ — 73 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין פּערסיש אַן אָנגענעמע שטימע.

12) צוועלפטע אָפּטיילונג ,,גירייא׳׳ ((דזשירייא) — 16 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין פּערסיש—דעם פערטן טאָן פון דער אָקטאַווע (fa).

13) דרייצנטע אָפּטיילונג ,,אוזאַל׳׳ — 23 לידער. דאָס וואָרט באַטייט אין אַראַביש אַ נידעריקע שטים [1].

צוזאַמען זיינען אינם רייסטער פּאַרצייכנט 160 לידער, צווישן זיי בלויז 90, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט דורך פרידלענדערן אין די ,,פזמונים׳׳, און 190, וואָס געפינען זיך ניט ביי פרידלענדערן, ניט אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט. עס מוז אָבער דערביי אָנגעמערקט ווערן, אַז העבער דרייסיק לידער, וואָס זיינען פאַרצייכנט אין אונזער רייסטער, זיינען נ י ט פון נאַגאַראַן פאַרפאַסט. באַבער האָט שוין בשעתו אָנגעוויזן, אַז אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט, וואָס איז לויט באַבערס מיינונג אַן אייגנהאַנטיקע אָפּשריפט פון נאַגאַראַן גופא, געפינט זיך אַ געוויסע צאָל לידער (41), וואָס ניט נאַגאַראַ האָט זיי פאַרפאַסט, ווייל אין זיי זיינען אין פאָרם פון אַקראָסטיך איינגעפלאָכטן פרעמדע נעמען (משה, לוי, שלמה, מרדכי, יהודה וכדומה). פון די דאָזיקע 41 פרעמדע לידער גע־פינען זיך 28 אויך אין אונזער מאַנוסקריפּט, נאָר חוץ זיי נאָך אייניקע, וואָס זיינען ניטאָ אין קויפמאַנס זאַמלונג. באַבער האָט ניט געקאָנט גע־פינען קיין פאַסיקע ערקלערונג, ווי עס קומען פרעמדע לידער אין נאַגאַראַס לידער־זאַמלונג. אַן אָנווייזונג דערויף פון נאַגאַראַן גופא האָבן מיר געפונען אין אַן אַנדער מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין פירקאָוויטשעס ערשטער קאָלעקציע אונטער דעם נומ׳ 156. דער מאַנוסקריפּט איז זייער דעפעקט, עס זיינען פאַקטיש אויפגעהיט געוואָרן בלויז דריי פראַגמענטן,

* אויך אין אונזער מאַנוסקריפּט טראָגט איין ליד פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג ,,יחלוף עלי ידידי׳׳ דאָס אונטערקעפּל: ,,פזמון נאה שנדי נתגלי טורקי. פינגיאה.

1 די ערקלערונגען פון די נעמען האָבן מיר גענומען ביי אידעלסאָנען.

וואָס באַטרעפן צוזאַמען 18 בלעטער אין $8^{0}$. אויף אַ באַזונדער בלאַט געפינט זיך פאָלגנדיקע נאָטיץ פון פירקאָוויטשן: „לר' ישראל בן משה, איננו נגארי, כתב יד המחבר". פירקאָוויטשעס אָנווייזונג, אַז דער דאָזיקער ישראל בן משה איז ניט נאַגאַראַ — איז אומבאַדינגט פ אַ ל ש. אַלע דריי פראַגמענטן זיינען פון נאַגאַראַס לידער־זאַמלונג „שארית ישראל". דער ערשטער פראַגמענט אַנטהאַלט דעם אַריינפיר און די ערשטע דריי לידער פון דער אָפּטיילונג „זנבולי", דער צווייטער פראַגמענט — דעם אַריינפיר אין 38 לידער פון דער אָפּטיילונג „אירך"; די ערשטע 21 לי־דער גייען אין דעם זעלבן סדר ווי אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט, צווישן די איבעריקע געפינט זיך איין ליד „יוצר הארץ ועושה הוא כוננה נשגב שמו", וואָס פעלט אי אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט אי אין דעם פריער באַשריבענעם רייסטער. דער דריטער פראַגמענט באַשטייט פון 12 נאַ־גאַראַס לידער אויס דער אָפּטיילונג „אוזאל". אין אַלע צוועלף איז איינ־געפלאָכטן דער נאָמען „ישראל". נאַגאַראַס נאָמען טראָגן אויך אַלע לידער פונם ערשטן פראַגמענט און 33 לידער פונם צווייטן. די איבערי־קע זעקס לידער פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג טראָגן אָבער פרעמדע נעמען. נומ' 33 טראָגט דעם אַקראָסטיך — יצחק חזק, נומ' 34 און 35 — דעם נאָמען משה, נומ' 35 — דעם נאָמען מרדכי, נומ' 38 און 39 — דעם נאָמען זרחיה. איבער דעם ליד „מי כד' אלהינו" (נומ' 34) געפינט זיך די אויפשריפט: „וזה להחכם מה"ר משה עבאס נ"י", און דאָס ליד „זכאי השב לבצרון וחבצלת השרון" (נומ' 38) האָט די אויפשריפט: „להחכם השלם מורי כמה"ר זרחיה מליריאס זל"ה". די דאָזיקע אויפ־שריפטן האָט בלי־ספק געמאַכט נאַגאַראַ גופא. פירקאָוויטשעס השערה, אַז דער מאַנוסקריפּט איז „כתב־יד המחבר", ד"ה, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן א ו י ט אָ ג ר אַ פ י ש ע אָפּשריפט — איז גאַנץ באַרעכטיקט. און די דאָזיקע אויפשריפטן גיבן אונז צו וויסן, אַז די אַלע פרעמדע לידער, וואָס געפינען זיך אין נאַגאַראַס לידער־זאַמלונג, האָבן פאַרפאַסט נאַגאַראַס מקורבים און נאָענטע באַקאַנטע, און דער דיכטער גופא האָט זיי פאַר זיך אָפּגעשריבן און געלאָזט לזכרון אין די מאַנוסקריפּטן, ווי ער פלעגט פאַרשרייבן זיינע אייגענע דיכטונגען.

אויך די צוויי ווייטערדיקע מאַנוסקריפּטן פון דער זעלבער קאָלעק־ציע (נומ' 157 און 158) האָבן אויפגעהיט אַ טייל פון נאַגאַראַס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטער ליטעראַרישער ירושה. דער מאַנוסקריפּט נומ' 157 איז אין דער התחלה באַשטאַנען אויס 130 בלאַט אין $8^{0}$. די ערשטע 120 בלעטער האָבן פאַרנומען 138 לידער, כמעט אַלע פון נאַגאַראַן; אויף די בלעטער 121—123 זיינען פאַרצייכנט 4 לידער, וואָס טראָגן אַלע דעם

נאָמען: לוי בר ישראל (אפשר נאגאראס זון?), די לעצטע 7 בלעטער זיינען געווען ליידיק און ערשט אַ שפּעטערדיקע האַנט האָט אויף זיי פאַרצייכנט פאַרשיידענע לידער, קבלישע השבעות און קמיעות. דער מאַנוסקריפּט איז אָבער זייער שלעכט אויפגעהיט געוואָרן. די ערשטע 35 בלעטער פעלן, און דער מאַנוסקריפּט הייבט זיך אָן מיטן ליד, וואָס איז פאַרצייכנט מיט דעם נומ׳ 50, דאַן פעלן די בלעטער 38—40 און 79—81. בסך־הכל זיינען אויפגעהיט געוואָרן 70 לידער, וואָס טראָגן נאגאראַס נאָמען (אַקראָסטיך ישראל און ישראל בן משה), איין ליד מיטן נאָמען אברהם און פיר פון דעם פריער דערמאָנטן לוי בר ישראל. די לידער זיינען ניט איינגעטיילט ווי אין די פריערדיקע מאַנוסקריפּטן אין באַזונדערע גרופּעס, נאָר אויף יעדן ליד באַזונדער איז אָנגעצייכנט מיט וואָסער מעלאָדיע דאָס ליד דאַרף געזונגען ווערן. פאַר איין ליד מיטן אָנהייבפערז: „למה דוד לנצח תמיד ישכחני" געפינט זיך די אויפשריפט: „פזמון נאה רומנסו". אין דער דאָזיקער זאַמלונג געפינען זיך אויך צוויי דידאַקטישע לידער. איינס פון זיי (נומ׳ 134) טראָגט די אויפשריפט „פזמון נאה משובח ומיוסד על שיתא סדרי משנה" און הייבט זיך אָן מיט דער סטראָפע:

שים בדת אל רעיונך
ובמשניותיו הגיונך
ושננתם לבניך.

באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דאָס צווייטע דידאַקטישע ליד (נומ׳ 112) „פזמון נאה מיוסד על השינה", וואָס טראָגט נאגאראַס אַקראָסטיך — אַ מוסר־ליד וועגן דעם שלאָף, וואָס איז דער ברודער פונם טויט. דאָס ליד איז נאָך ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן און מיר ברענגען עס דערפאַר בשלימות:

איש ליל חורף — תישן על עורף
ולא תקום אל משנתך
איש וכו׳

ימים מתנומה נעורים
הם ימים של חיים ברורים
קום התעורר ובחר בחיים
אך זמן שינה תוך חדרים
על מטתך במיתתך
איש וכו׳

שיר נא בן אדם ופקח עינים
שינה — מיתה ותעורה חיים

קום התעורר ובחר בחיים
למען תחיה אתה וביתיך
איש וכו׳

ראה הבט: מלאכי רומה
אין בם שינה ולא תנומה
מהם תלמוד ומהרה קומה
בהם עמוד על משמרתך
איש וכו׳

אם נשמתך היא נקראת חיה
וגוף בלתה מתכלא היה
גוף כנשמה עשה בתחיה
למה תמות בלא עתך
איש וכו׳

לילה ליום תשים ביגיעה
להכין לך צידה לשבעה
ראה כי קרוב יום נסיעה
ומאוד רחקו הליכותיך
איש וכו׳

לך טוב צפון עין לא ראתה
אם שינה מעיניך נדדתה
גם אל יניד מעיניך מותה
ימוד מדה כמדתיך
איש וכו׳

חזק עורה איש מתנומות
ויעוררך אל אחרי מות
תמצא חיים וי״ש עולמות
יהי חלקך ונחלתך
איש וכו׳

חוץ דעם דאָזיקן ליד געפינען זיך אין דער זאַמלונג נאָך אייניקע אַנדערע לידער, וואָס פעלן הן אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט הן אין די פריער דערמאָנטע מאַנוסקריפּטן [1]: נומ׳ 63 „ידיד חמדתי, חושה לעזרתי, קומה״, נומ׳ 86 „יואל אל כביר לבנות דביר״, נומ׳ 129 „צורי

---

1 געפינען זיך איבער די מאַנוסקריפּטן, מיט וועלכע עס האָט זיך באַנוצט י. דאַווידזאָן אין זיין „אוצר השירה והפיוט״ (דאָרטן, II, 279, 328, 360).

גואלי יה, צורי גואלי יה, מהיר והחיש פדות יעלה יפיפיה'', נומ' 132 „ידידי, אזנכם הטו ולכו אלי, הוד אל אענה''.

דער צווייטער מאַנוסקריפּט באַשטייט אוים 90 בלעטער אין 8°; דער שער־בלאַט פעלט, אויף אַ באַזונדער בלאַט געפינט זיך בלויז פיר־קאַוויטשעם אויפצייכענונג: „שירים וזמירות למשוררים ספרדים''. אויפן ערשטן בלאַט זיינען אופגעשריבן עטלעכע פיוטים אויף שביעי של פסח פון אומבאַקאַנטע דיכטער, דער צווייטער בלאַט איז אַ ליידיקער, און דערנאָך גייען גאַנצע פיר אָפּטיילונגען פון נאַגאַראַס פזמונים (צווישן זיי וואַרפן זיך אויך דורך אייניקע לידער פון אַנדערע דיכטער). די ערשטע אָפּטיי־לונג (ראַשט) באַשטייט אוים 79 לידער; דריי פון זיי זיינען געדרוקט אין „זמירות ישראל'' (I, נומ' 6, 10 און 26) און זעקס, וואָס זיינען ניט פאַרצייכנט ניט אין קויפמאַנס מאַנוסקריפּט ניט אין די פריער באַ־שריבענע מאַנוסקריפּטן: 1) שמע לקול אנקת אסיר צור, צועק לך מן המצרים; 2) לך אקרא יה בעבור תחתיה אל נאזר בגבורה; 3) יודך שפרירי יום יום ופי צדקתך יביע; 4) שובה אדוני סכותנו וקבל את כל קהלתינו; 5) אל עמי בוא נא אסורה אל בית אמי; 6) שבע ביום הללתיך כי אתה חי צור עולמים; נאָך דריי ליידיקע בלעטער פאָלגט די צווייטע אָפּטיילונג (מאהר), וואָס באַשטייט אוים 31 לידער; פון זיי גע־פינען זיך 5 אויך אין דער ערשטער אָפּטיילונג, איינס איז שוין געדרוקט אין „זמירות ישראל'' (I, נומ' 2) און צוויי, וואָס געפינען זיך ניט אין קיינער פון די פריער דערמאָנטע זאַמלונגען [1]: 1) יה אל נושא חון ליונה וראה כי צר עליה קם, 2) אני לאל קים אקרא וד' יושיעני. די דריטע אָפּטיילונג (הוסייני) באַשטייט אוים 123 לידער, צווישן זיי 18, וואָס זיינען ניט פאַרצייכנט אין די אויבנדערמאָטע זאַמלונגען [2]; ניט אַלע שטאַמען זיי אָבער פון נאַגאַראַן: 1) זהבי רעי חמולי עלי לבבי הכאוב, 2) ידר נא אל קרבנו כי סבבונו אויבינו הלמונו הממונו, 3) שבת ומילה שם דר מעונה חלק לשבעה וגם לשמונה, 4) ידידי רעי שאלו אָן פנה דוד, 5) ישקני עסים רמוני עילם, 6) יודך רעיוני בקהל אמוני לבי ועיני, 7) אלי מתי עדרי תקרא שוב חונן עם בחרת, 8) ישמח לבנו במשיח צדקנו, 9) עזרי בשם אל שדי, 10) יושב תהלות מלכנו מה אדיר שמך בארץ, 11) יושב תהלות צור נורא עלילות שומע תפלות, 12) לדוד נדד ממשכני אקרא יום יום לא ענני, 13) מלך רם בשמי שמים, 14) מה לך יונתי בין מעון תנים הסירי העבירי מורך, 15) ידידי

1 אויך ניט אין די מאַנוסקריפּטן, מיט וועלכע דאַווידזאָן האָט זיך באַנוצט.

2 בלויז אייניקע פון זיי געפינען זיך אין די מאַנוסקריפּטן, מיט וועלכע דאַ־ווידזאָן האָט זיך באַנוצט.

מה ביני נא בינך נטשת את נוב מעוניך ידידי, 16) מול אל נאדר דר מעלה אשיר בזמרה, 17) אתה אלי מגן בעדי משען מבטחי ומעוזי, 18) אתמא ואף תמהיא.

די פערטע אָפּטיילונג (ניבורץ) באַשטייט אויס 73 לידער, צווישן זיי אייניקע פון אַנדערע דיכטער, זעקס לידער אויס דעם ערשטן טייל „זמירות ישראל'' און 9 ביז איצט נאָך אומבאַקאַנטע: 1) יאסוף לעם נחלתו, המה נחלת עמי צאן מרעיתו, 2) יה שלח רזון לצר מתגבר, 3) יושב שחק חונני מהר חונני [1], 4) אורח חיים תודיעני אור אור אלהים למדני, 5) זמירות ותהלות נהלל בפינו למלך יוצר כל, 6) יתרומם מכל כל הכל תמיד לא ימוש, 7) אל נגלת בסנה, חלץ עמך מיד שונא, 8) יחיש אלי יום נועד לי, 9) אשורר בנועם שירה חדשה.

אין דער זעלבער פירקאָוויטש־קאָלעקציע געפינט זיך אונטערן נומ' 163 אַ כתב־יד אויס 110 בלעטער אין $8^o$. דאָס איז אַ זאַמלונג פון 381 לידער, צווישן זיי בלויז אַ פּאָר צענדליק פון אַנדערע דיכטער, די איבע־ריקע זיינען אַלע פון נאַגאַראַס „שארית ישראל''. די לידער זיינען איינ־געטיילט אין ניין גרופּעס. די ערשטע אָפּטיילונג (אירק) באַשטייט אויס 56 לידער, צווישן זיי פינף, וואָס זיינען ניט פאַרצייכנט אין די אַנדערע מאַנוסקריפּטן [2]: 1) אליך אקרא מרום, הצילני מכל צרה מרום, 2) מזמור שיר והודיה אשיר להודות אל כי גאה גאה, 3) אנא אל גואלי מנת חבלי, 4) חמדת לבבי, רפה כאבי, 5) יפה תשמח עמי בחברה. די צווייטע אָפּטיילונג (אבגי) אַנטהאַלט 36 לידער. ביי אייניקע געפינט זיך די באַ־מערקונג: לחן פינגיגאה (מעלאָדי פענדזשיקאָ) *. ניט פאַרצייכנט אין די אַנדערע זאַמלונגען [2] זיינען די לידער: 1) יה נעלה ממרחק חיש פדני, 2) יקום נא מלכי יפדני. אין דער דריטער אָפּטיילונג (סאבה) געפינען זיך 59 לידער, צווישן זיי 11, וואָס פעלן אין די אַנדערע מאַ־נוסקריפּטן: 1) יגיל ידוץ לבב עולם — רב ריבי אל, 2) יה, דן דינה ליונה יושבת במעונה, 3) אב אתה לאביונים — לעם שומר אמונים, 4) ילבש נקם על צר, 5) אל ששוני ומאור עיני, 6) ימי ושני אעמוד על עמדי, 7) ישלח משיחי אל, 8) אלהי פי יספר צדקתך, 9) בוא יבוא כי יבוא שם נורא, 10) אהובה קומי ונאמי בשיר מזמור, 11) נוה רם שמך סכה עליה. די פערטע אָפּטיילונג (נאוה) אַנטהאַלט 103 לידער. ניט פאַרצייכנט אין די אַנדערע מאַנוסקריפּטן זיינען פאָלגנדיקע לי־

1 דער פאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן ליד איז אפשר יוסף גאַנישו. זע וועגן דעם י. דאַווידזאָן, ציט. וו. II, 367.

2 אויך ניט אין די מאַנוסקריפּטן, מיט וועלכע עס האָט זיך באַנוצט י. דאַווידזאָן.

* זע פריער ז' 496.

דער: 1) אלי רם מתנשא איחד את שמך, 2) יה שוכן שחק חי, 3) אהובי תאות לבי ועיני לך אשיר מזמור, 4) ירעד לבי עת שיר יהגה, 5) יהמה לבי לך דודי, 6) יה מי חטאת עלי הזה 1, 7) יעירוני דוד דופק יקיצתני מהיות ישן, 8) יה חוס דל ירא ונאשם דומם [1], 9) יערב לך ניב שיחי חי, 10) יהמו מעי לך גואלי, 11) יוציא אסירים מבית אסורים, 12) ישמחו באל זרע ישראל, 13) יה שעה קולי ונאומי, 14) אל שלח בן איש אפרתי, 15) יונתי קומתך תמר, 16) יה שוכן בשמי עליה. די פינפטע אָפּטײלונג (בוסליק) באַשטײט אױס 29 לידער; אומבאַקאַנט אױס די פריערדיקע מאַנוסקריפּטן זײנען: 1) אזמר לשמך עליון, 2) ירתח לבי אש בחקו, 3) אתה מאור זהרי, 4) שים לי ראש פנה בעיר עדינה שם אשיר רנה. די זעקסטע אָפּטײלונג (זנבולי) באַשטײט אױס 20 לידער, די זיבעטע (גירנא) אױס 17 לידער, צװישן זײ אײנס (יה פניך, יה פניך), װאָס איז ניט פאַרצײכנט אין די אַנדערע מאַנוסקריפּטן. אין דער אַכטער אָפּטײלונג (אוזאל) זײנען פאַרצײכנט 29 לידער, צװישן זײ אומבאַקאַנטע: 1) אל כם מתנשא, 2) ירצני צור שוכן. די נײנטע אָפּטײלונג (שוגייא) באַשטײט אױס 32 לידער.

אױסער די פינף מאַנוסקריפּטן אין דער ערשטער פירקאָװיטש־קאָלעקציע, געפינט זיך אױך אין דער צװײטער פירקאָװיטש־קאָלעקציע א מאַנוסקריפּט (נומ' 182), װאָס האָט אַ גאַנץ נאָענטע שײכות צו נאַגאַראַס ליטעראַרישער ירושה. דער מאַנוסקריפּט איז אָן אַ שער־בלאַט און מיט אַ סך בלױזן. איצט האַלט דער מאַנוסקריפּט בסך־הכל 90 בלעטער אין 4°. אױף יעדן פון די ערשטע פינף בלעטער איז אױבן אָנגעצײכנט: „שארית ישראל מזמירות ישראל". די אין מאַנוסקריפּט פאַרשריבענע לידער זײנען אַלע נומערירט. דער מאַנוסקריפּט הײבט זיך אָן מיטן נומ' 33. נאָך דעם נומ' 41 פעלן עטלעכע בלעטער, און די װײטערדיקע בלעטער הײבן זיך אָן מיטן נומ' 82 און נאָך נומ' 96 רײסט זיך די נומעראַציע אינגאַנצן איבער. צװישן די נומערירטע לידער געפינען זיך דרײ, װאָס זײנען ניט פאַרצײכנט אין די פריער באַשריבענע מאַנוסקריפּטן: 1) בין כרובים נועד אל אין סוף לגדלו חי וקיים, 2) ידודון ידודון ידודון שנת מעיני לבי יקוץ בעוד לילו, 3) סוכת שלום סביב פורש על עם פדיום ממך דורש. די ערשטע פינף בלעטער זײנען ניט פּאַגינירט, דערנאָך הײבט זיך אָן די פּאַגינאַציע גלײך פון נומ' 19; דער פאָרלעצטער בלאַט איז באַצײכנט מיטן נומ' 164 און דער לעצטער בלאַט מיטן נומ' 194. עס איז אָבער קלאָר, אַז דער לעצטער בלאַט שטאַמט פון אַן אַנדער מאַנוסקריפּט.

---

1 פאַרצײכנט בײַ דאַװידזאָנען.

דער גאנצער מאנוסקריפט איז א געמיש פון פארשיידענע געשריפטן. דאס האבן פארשיידענע הענט פארשריבן אן א שום סדר נאגאראס פזמונים און לידער, און עס פאסירט ניט זעלטן, אז איין און דאס זעלבע ליד חזרט זיך איבער עטלעכע מאל. אין איינציקע ערטער זיינען מיט איין און דער זעלבער האנטשריפט געמאכט געווארן פרווון צו פארשרייבן נאגאראס לידער איינגעטיילט לויט זייער ריטם און מעלאדיע; די דאזיקע פרווון רייסן זיך אבער באלד איבער, די שיינע האנטשריפט פארשווינדט, און א נאכלעסיקע האנט פארשרייבט שוין ווייטער די לידער אן א שום סדר. אויף דער בלאט נומ' 20 איז צונויפגעשטעלט א רייסטער פון נאגאראס ניט פארעפנטלעכטע פזמונים, איינגעטיילט אין 11-גרופעס. אויפן בלאט נומ' 24 געפינען זיך די דריי לידער, מיט וועלכע עס הייבט זיך אן אין מאנוסקריפט נומ' 1[1]—107 די אפטיילונג ,,אבגי'' (איבאדזשי) און באכער האט זיי על־פי טעות אויסגעטיילט אין א באזונדערע אפטיילונג ,,פינגיקה''. אויף יעדן פון די דאזיקע דריי לידער זיינען מיט אן אנדער האנט און אנדערע טינט אנגעצייכנט: פינגיקה מצאק.

## ב

(זע זייט 367)

יה, את פניך אבקש — צורי, רואה כל נסתר.
ראה לבי בתוך מוקש — מרוב תשוקתך יתר,
ישנתי ובך חלמתי — הקיצותי ונפעמתי
עד כי לשחרך באתי — הודך חלומי פתר.
שמך אודך לבקרים — מעמיד צפור בין גורים
ראה צב בתר כפירים — ואת הצפור לא בתר
רצה לה שאר פליטה — אל עם דל ידו מטה
נפשו כצפור נמלטה — בקיר חשוך אור תתר.
אותי ברך אותו ארה — נדחי לעירך ארה
הכרת יסודי ערה — חיש בנה אשר תתר
לעמך בשבטך ראה (רעה?) וחלצם מאפעה
ואת תפלתו שעה — בכל עת לך יעתר [1].

## ג

(זע זייט 369)

אין מאנוסקריפט נומ' 156 הייבט זיך אן איין ליד מיט פאלגנדיקער צארנדיקער סטראפע:

ידך בעורף אויביך — שום צורי להצמיתם

---

1 אין מאנוסקריפט נומ' 701.

ורצה זרע אהובך — בני יעקב איש תם.
צור משגבי, אל לבך — נא שימני כחותם
ארדוף אויב ואשיגם, לא אשוב עד כלותם.

אין דעם זעלבן מאַנוסקריפּט געפינען זיך נאָך פילע לידער, אין וועלכע די טענער פון ליבע און האָפענונג זיינען צונויפגעפלאָכטן מיט צאָרנדיקע אויסגעשרייען פון האַס און נקמה. מיר ברענגען דאָ בלויז אייניקע פון זיי:

I

י סדת עוז על לשוני — כל היום היא שיחתי
שעה מנחת שיר הגיוני — וקח אשכר מלתי
רון פלט תסובבני — תחוש לעזרתי
אל בית אמי תביאני — ואל חדר הורתי
בן גרני וגם מדושתי — שיר חדשתי ארנן
מזבול שמע אמרתי — אל ענוים מחונן
שור מלתי ואחותי — קום כגבור מתרונן
הך עם קוסם גם מעונן — אל סלעי ומצודתי [1].

II.

ישעך לבבי דורש — אל רואה אשר לב חורש,
לבנך תאמר: עלה רש — ואת בן אמה תגרש
שפוך צורי חמתיך — על גויים הרסו ביתיך
אכלו כל צאן עדתיך — לא השאירו בד ושורש
ראה בניך זרוים — בתוך קצוי ים ואיים
לא תשכח צעקת עניים — שכחו עושר ושבעו רש
אמור אומרים מנאצי — ספו תמו ימי קיצי
ידעו עתרת בת פוצי — כי ישראל יורשיו יורש
למען ציון לא אחשה — עד כל עדתך בה תרשה
והוכן בחסד כסא — וישב בה נאה דורש
חזק חזק בריחיה — זכור לגדור פרצותיה

III.

יה זרועי אמצנו — וזרע רמה שבור
ולדל חלש חלצנו — צמתו חייו בבור
ידעו גוים כי צורנו — סוגר צרינו בבור
מידו היתה זאת לנו — אל יתהלל הגבור.

1 דאָס דאָזיקע ליד געפינט זיך אויך אין מאַנוסקריפּט נומ׳ 107.

שמו כזב את מחסיהם — ובשקר נסתרו
בראות נמסרו בידיהם — עד היסוד בנו ערו
יודו על זה את אוניהם — וגבירתם יפטירו
בשפה, לבלי יכירו כי את שת עזר על גבור.
רמה ידינו לי יאמרו — ולא אל פעל כל זאת
בראות שנותי אחרו — יבואו לי להבזות
עלי בפיהם פערו — כי עשיר יענה עזות
ידו בי זיקות נלעזות — כחצים ביד גבור
אל! גוים לא ידעוך — שפוך עליהם חמתך
ועל ממלכות וימרוך — צו עליהם אימתך
כל מלכי ארץ יודוך — כי שמעו אמרתך
יאמרו כי אתה לבדך — עליון עזוז וגבור.

ווי עס שיינט האט דער דיכטער שפעטער איבערגעארבעט דאס דאזיקע ליד אין א צווייטער רעדאקציע, ווארעם איז דעם מאנוסקריפט נומ' $_1$—107 געפינט זיך דאס זעלבע ליד מיט א גאנץ אנדערער, מער שטארקערער שלום־סטראפע:

אלי! תן להם כפעלם — אשר פעלו עמנו
השב להם את גמולם — בראשם ונקום דמינו
זכור והבט מעללם — כי חרבו יסוד עירנו
חרפה היינו לשכנינו — הלך עשיר וגבור.

## ד

(זע זייט 372)

יונה תכסוף אל צירה — שלח מרפא אל צירה
הסב דלתה אל צירה — ובביתך תשיר שירה
שלח עליה דרור — תעוף כצפור דרור
תקטיר לך כאז מר דרור — לה פניה האירה
רעיה כחמה ברה — ראש מפעלות אל ברא
אותה מכל בת ברה — עמה היה לו דירה
אל! פנה דלה ריבה — ואת יריבה ריבה
לך גילתה ריבה — לה פניה האירה [1].

---

1 געפינט זיך אינם מאנוסקריפט נומ' $_1$—107.

# ה

(זע זייט 373)

## I.

לבי לאשים — כליל עד אין סוף
שוב לי שוב לי דוד
יאמרו לי אישים — כי קץ תם וסף
שוב לי שוב לי דוד
שרים ונוגשים — השקם רעל וסף
שוב לי שוב לי דוד
רם אזנך שים — אל דופק על סף
דוד דוד צור מהללי, שוב שוב דוד אל היכלי.
בן ישי חוש כי — לו אני נכסף
שוב לי שוב לי דוד
מאיר את חשכי — בזרוע נחשף
שוב לי שוב לי דוד
שיר יהגה חכי — מזמור לאסף
שוב לי שוב לי דוד
הוד לאל נעלם — כי נדחי אסף
דוד דוד צור מהללי
שוב לי שוב לי דוד [1].

## II.

אפתחה פי ואגידה — תהלת שם אל רב גדלו
אל רב גדלו, אל רב גדלו
אקדם פניו בתודה — ובזמירות נריע לו
נריע לו נריע לו
אשקוד אקוד מול היכלו מול היכלו
כדל אל דל — יחנן קולו, יחנן קולו
כדל אל דל.
יודו שפתי תהלה — לבורא בם ניב ומלה
ניב ומלה, ניב ומלה *

---

[1] נעפינט זיך אין מאַנוסקריפּט נומ׳ 156 און אויך אין נומ׳ $1$—107.

* ביז דער סטראָפע איז דאָס ליד געדרוקט אין פרידלענדערס „פּזמונים". דאָ ענדיקט זיך דער מאַנוסקריפּט, מיט וועלכן פרידלענדער האָט זיך באַנוצט. די ווייטערדיקע סטראָפן פעלן.

ועוד שנית אהללה על חסדיו לאין תכלה
לאין תכלה לאין תכלה
אומר כמר ממצולה ממצולה ממצולה
שמץ רמז ממהללו ממהללו ממהללו.
שם בפי שירה חדשה, לזמר על גאות עשה
גאות עשה, גאות עשה
ונתן לי דת מורשה, כמו אשה מאורשה
מאורשה מאורשה.
רועי ישעי — הוא יחישה
הוא יחישה הוא יחישה
עושי ישי ירים דגלו
ירום דגלו ירום דגלו
אשקוד אקוד כדל אל דל.
רני פלט אז ארנן, ואת חמדת דת אשנן
דת אשנן, דת אשנן
עת עפר ציון יחונן, ומקדשו הוא יכונן.
מקדשו יכונן מקדשו יכונן.
לצמיד לשמיד עם מתלונן
עם מתלונן עם מתלונן
רמס חמס את עם חבלו
את עם חבלו את עם חבלו
אשקוד אקוד כדל אל דל...
אל טובו עמי ינהרו — יתרועעו אף ישירו
אף ישירו אף ישירו
והמשכילים יזהירו, ובגוים אז יאמרו
אז יאמרו אז יאמרו:
אשרי נוצרי עדות ישרו עדות
ישרו עדות ישרו עדות
נועם לעם שככה לו
שככה לו שככה לו
אשקוד אקוד כדל אל דל.

III.

יה גואל אתה לי — חון דל שביו פיו יסלף
חון נודד, חון נודד, חון נודד.
שעה שיר מהללי — נוצר חסד לדור אלף
טוב מודד, טוב מודד, טוב מודד.

רעיה צר גועלי — תמיד נגדי חרב שולף
לי צודד, לי צודד, לי צודד.
אמץ צורי חשלי — שור דמעי טורד דלף
משודד, משודד, משודד.
דבירי והיכלי — שובה אלי בינה אלף
מעודד, מעודד, מעודד.
לענוים חושה לי — הט שלום כנהר חולף
מתנודד מתנודד מתנודד.

IV.

יהגה לך חכי — שיר חדש כי — לך יאתה
אור לילי, עוז חיי
שיר מהללי — לך, כי אין לי — גיל אלא אתה
אור לילי, עוז חיי
רצה מעני — אני עני — כי כחי חתה
אור לילי, עוז חיי
אל חי, ידעתי — תגעל אותי — אך יהי אתה
אור לילי, עוז חיי
בר אני עמך — ומאוד נסמך — באמונתי
אור לילי, עוז חיי
מה אענה צבאות — גוים בראות — אורך גלותי
אור לילי, עוז חיי
שוב לי רפא חיל — ולא תוחיל — זכות צדקתי
אור לילי, עוז חיי
הב לי ברכה — למענך — עוז בצרתי
אור לילי, עוז חיי.

V.

דודון ידודון ידודון שנת מעיני
לבי יקץ בעוד לילו
בראות עוז בראות עוז בראות עוז מאור אישוני
יום ליום מזהיר הלו
עד קמתי עד קמתי עד קמתי — ממלוני
להסתופף באהלו
לחזות לחזות לחזות בנועם אל
ולבקר בהיכלו
שמעה שמעה שמעה אזני ותבן לה

קול עוף כנף למיניהם
נותנים אָל נותנים אל נותנים אל שם אָל
שירות יביעון בפיהם
גם אני גם אני גם אני אעיר תפלה
כי לא נופל אני מהם
שעה קול שעה קול שעה קול דל לבו נוהם
ויערב לך מהללו
רננה רננה רננה אפצח מתוך מצוף
לבי ישמח וירון
בראות כל, בראות כל, בראות כל נברא בו צפצוף
איש אל קונו ישירון
ובאהבת ובאהבת ובאהבת אל לבם רצוף
ישאו עינם לו ישורון
כולם אל, כולם אל, כולם אליו ישברון
כשכיר יקו פעלו
אל חי זן, אל חי זן, אל חי זן לכל ומפרנס
תן לעמך פרנסה
ומהר ומהר ומהר נדרו תכנס
לא בחפזון ומנוסה
רק לעין, רק לעין, רק לעין כל עם תשא נס
צור שוכן עד רם ונישא
ונחהו ונחהו ונחהו אל עיר קדושה
ציון אוה למושב לו.

עס איז לייכט מעגלעך, אַז אָט דאָס גראַציעזע ליד מיטן אייגנאַרטיקן ריטם האָט עס געדינט אַלס מוסטער און פּראָטאָטיפּ פאַר אַ באַשטימטער קאָלעקציע פאָלקסלידער ניט בלויז ביי די ספרדישע יידן, נאָר אויך ביי די אשכנזישע. עס איז כּדאי אָנצוווייזן אויף די עטלעכע וואַריאַנטן פונם ליד „אני ביער הלכתי", וואָס נח פּרילוצקי האָט פאַרעפנטלעכט אין זיינע „יידישע פאָלקסלידער" (באַנד I, נומ' 4—7).

צווישן די נאָך ניט פאַרעפנטלעכטע נאַגאַראַס לידער געפינט זיך איינס, וואָס דערמאָנט לויט זיין אַרכיטעקטאָניק די פּאָפּולערע קינדער־לידער, וווּ אין יעדער פאָלגנדיקער סטראָפע חזרט זיך איבער דער אינ־האַלט פון די פריערדיקע, ווי אַ שטייגער אין די הגדה־לידער „אחד מי יודע" און „חד גדיא". ווייל דאָס דאָזיקע ליד האָט אַ געוויסע שייכות צו אונזער פאָלקלאָר, ברענגען מיר עס דאָ בשלימות:

בין תבינו לקנות בינה — האזינו לקנות חכמה
תחיה בעלה.
בכל קנינכם בינה תקנו — לא תקנו יופי זיו זהב
כי הזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו — לא תקנו שפרירות כסף
כי הכסף יוסף כָּסֹף והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו — לא תקנו רב הוד נחושת
כי הנחשות — לבושת, והכסף יוסיף כסף
והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו — לא תקנו אזור תכלת
כי סוף תכלת לתכלת, והנחושת לבושת
והכסף יוסיף כסף והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו — לא תקנו לבוש ארגמן
כי ארגמן הוא פח נטמן וסוף תכלת לתכלת
והנחושת לבושת והכסף יוסיף כסף
והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו, לא תקנו בגדי תולעת
כי סוף תולעת תולעת וארגמן הוא פח נטמן
וסוף תכלת לתכלת והנחושת לבושת
והכסף יוסיף כסף והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו לא תקנו רפידת שני
כי השני עשיר יעני וסוף תולעת תולעת
וארגמן הוא פח נטמן וסוף תכלת לתכלת
והנחושת לבושת והכסף יוסיף כסף
והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו'
בכל קנינכם בינה תקנו, לא תקנו שמלות עזים
כי סוף בגדי עזים נבזים והשני עשיר יעני
וסוף תולעת תולעת וארגמן הוא פח נטמן
וסוף תכלת לתכלת והנחושת לבושת

והכסף יוסיף כסף והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו׳
בכל קנינכם בינה תקנו, לא תקנו מעטיפות שש
כי אלהיכם שונא שש וסוף בגדי עזים נבזים
והשָני עשיר יעני וסוף תולעת תולעת
וארגמן הוא פח נטמן וסוף תכלת לתכלת
והנחושת לבושת והכסף יוסף כסף
והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו׳
בכל קנינכם בינה תקנו, לא תקנו הדרת משכנות
כי משכנות ממסכנות ואלהים שונא שש וסוף בגדי עזים נבזים
והשני עשיר יעני וסוף תולעת תולעת
וארגמן הוא פח נטמן וסוף תכלת לתכלת
והנחושת לבושת והכסף יוסיף כסף
והזהב נפשות ילהב
בין תבינו וכו׳

## ו

(זע זייט 376)

ינום גבר ישן גבר — על מטתו והוא סובר
כי הוא נח, והוא צל עובר — ובלי כנף חיש יאבר
ידמה איש יחשוב ינוח — כדר תוך אונו בטוח
וידא על כנפי רוח — על אשר פתע ישבר.
שור איש כי אתה בספינה — אין לה מנוחה נכונה
על מים עזים מכונה — הולכת מעבר אל עבר
ראה עולם הוא ים זועף — ואתה בן אדם יעף
משוטט בו סר וזעף — ראה פן יקרך שבר
איך תתאפר ביד גשם — בראות תחתיך מי גשם
הם ימחו כל גוף וגשם — עד לכלה ואין קובר
לכן בהיותך על ארצך — הכן צידה מלא קומצך
עד תגיע למחוז חפצך — וחקך מלאה שבר.

אויף דער זעלבער טעמע געפינט זיך צווישן נאגאראס נאך ניט פארעפנטלעכטע ווערק אויך א צווייט ליד. דער פאעטישער ווערט פון דעם דאזיקן ליד איז אפילו ניט באזונדערס גרויס, עס איז אבער טיפיש פאר די שטימונגען, וואס האבן געוועלטיקט אין די קרייזן פון די צפתער מיסטיקער, מיר ברענגען עס דא דערפאר בשלימות:

יהגה לבבי הגות תבונות — ולשוני ופי ידבר חכמות
על רודפי תבל ברב דמיונות — ביקר בל ילין נמשל כבהמות
שימו לבבכם בונים אוצרים — אנשים עורים הביטו לראות
כי כל עמלכם הוא לאחרים — או לבן או לבת או לרוב מאות
בנו נא לכם לשבת ערים — בעולם קיים למופת ולאות
מה לכם בנות במחראות — לא תתענגו בם אחרי מות
רעיונך לי תן בני הקשיבה — ועשה כדבר נביא וחוזה
דירתך קבע לעולם הבא — ודירת עראי בעולם הזה
כי שמה תגור שנים רבבות — ופה שמונים בגבורות תחזה
הקיצה עורה מה לך הוזה — ועבוד אל נותן עוז ותעצומות
אל דברי זה בן איש תבונות — עולם זה בזה וכל בנייניו
משכנות ומנוחות שאננות — שש מאל כי רבים קנייניו
וראה מה יוכל איש עני לבנות — אם לא יבנה אל שוא עמלו בוניו
ימצא איש חן טוב בעין אדוניו — והוא יבנה לו שם י״ש עולמות.

קליין און נישטיק זיינען אין דעם דיכטערס אויגן די פריידן פון „עולם הזה״, דערפאַר אָבער, און אויך אין דעם פּרט אין פולן הסכם מיט די מקובלים פון צפת, זינגט ער באַגייסטערטע הימנען דעם מענטשנס נשמה און שטרייכט אונטער איר אוניווערסאַלן און קאָסמישן כאַראַקטער. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט איין ליד, וואָס מיר האָבן געפונען אין צוויי פון די אויבן־באַשריבענע מאַנוס־קריפּטן (נומ׳ 156 און $_1$107—), אין וועלכן עס קלינגען די זעלבע מאָטיוון, וואָס אין דעם באַקאַנטן שיר פון איינעם פון די „אבות הקבלה״ אין אייראָפּע — משה בן נחמן [1]. מיר ברענגען דאָס דאָזיקע ביז איצט נאָך ניט פאַרעפנטלעכט ליד:

יה, אראה אור צח כי יהל — וירח יקר הולך
שמיך אראה ואתבהל — בערכם מה אנוש הולך
רקעת אותם כאוהל — על כל מחוז ופלך
אל עולם כולם מנהל — מי לא ייראך מלך
בן איש, יקרתך חשובה — מכל אלה עשתה ידו
מצד נשמתך חצובה — מתחת כסא כבודו
שנאנים תחתיך במסבה — אף כי שחק עם גדודו
השמר * מלה עצובה — כי היא כבודה בת מלך.

[1] זע באַנד דריי, ז׳ 35.

* אין צווייטן מאַנוסקריפּט: השמה. דער אַלף־בית־פערז איז ווי עס שיינט פאַרגרייזט.

# ביילאַגע נומ׳ 14

(זע זייט 380)

## שבתי-צבי'ישע פזמונים.

I.

אשירה ואזמרה — לאל נערץ בגבורה
יחיד על סביביו נורא — ליהודים היתה אורה
בושם ראש מר דרור ארה — קדוש ישראל צר צורת
כענבים דרך פורה — המליך מלך בתפארה
רץ כצבי הגדיל תורה — הפליא עצה מפר עברה
ירום ונשא במהרה — אמתו צנה סחרה
הולם מלכות ועטרה — גבה מאוד בעשרה
נפלא רם בסתרי תורה — ישכלל בית הבחירה
מנשמת אל מהודרה — ראשית קדש היא גזורה
ירש אורו מאל נורא — נפשו בנפשו קשורה
צמח ד׳ לצבי — היתה על שכמו המשרה
צמח צבי
זרח מלך
זרח מלך שה פזורה.

II.

אתה נורא אתה מביא — למעלה אור מצבי
האיר זרח כהן נביא — ועת תשורה להביא
מי כמוך אור לבבי — מלך רב שבתי צבי
אזמר לאלהי אבי — בארץ חיים שם צבי
יוסף תת כחי כלביא. לערוך תהלות ניבי
חי עולמים! משיחי — הוא משגבי
מלך רב כתרי — נזרי שבתי צבי.
ברוב גילה נכון לבי — על פני עבר כל טובי
כי שת לי אלהים — שת בי לערוך תהלות ניבי
חי עולמים! משיחי — הוא משגבי
מלך רב כתרי — נזרי שבתי צבי.
ראה בעניי, רב ריבי — ויכנע לב אויבי
צר ואויב כרוך בעקבי — לא נשאר נשמה בי
חי עולמים! משיחי — הוא משגבי
מלך רב כתרי — נזרי שבתי צבי.

---

# ביילאַגע נומ׳ 15

(זע זייט 440)

דער בעל „חמדת ימים״ אַלס מוכיח:

ובזמן הזה רבת מבני עמנו בליל הקדוש באים לבה״כ ונשארים שמה לחלל קדושת בית אלהינו ולהוסיף על חטאת ופשע והמה טרם ישכבו נועדו יחדיו כבחובות קריה איש לא נעדר אשר לא יעבור תחת שבט לשונם. ובגדולות יחלו בהלכות מלכים ומלחמותיהם איך זה נופל וזה קם וכל איש נותן טעם לפגם הנופל שדוד ולשבח הקם בגבורתו, ואיש עצתו יודיע לעומדים לפניו ואשר אתו סיפורי המלחמות ודברי הימים ישמיע למו ובשמחת האיש במענה פיו יבדה מלבו המצאות כוזבות. ובכלותם לדבר על שרי עם ועם, ידברו על הארץ ועל המזון, על המחיה ועל הכלכלה אם מעט ואם הרבה יאכל כל איש לפי אכלו ויספרו ברע עושק, זה יאמר פלוני הרע לי וקפח פרנסתי וזה יאמר: גם אני כמוך עשוק וגזול מפלוני אלמוני, ויוציאו דבה זה על זה. אוי לאזנים שכך שומעות, אוי לעינים שכך רואות... המעט מכם אשר הכעסתם אותי והוגעתם ד׳ בדבריכם החוצה אל העין בשפת חלקות וגם בחרף איש את עמיתו וכל רע וכל רכיל יהלוך ואיש לא נעדר אשר לא יעבור תחת שבט לשונכם בשבתכם במושב הקרנות או בפתח שערי החצרים כי הוספתם פשע על חטאתכם ותבואו ותטמאו אל מקדשי ברוב דברים והתולים ושחוק וקלות ראש... אנה נוליך את חרפתנו אשר הגויים השומרים הבלי שוא עומדים בבית תפלתם באימה ביראה בחרדה, ואנחנו עבדי ד׳ אל גדול ונורא מרומם על כל ברכה ותהלה לא דיינו את אשר חללנו כבודו בתוך הגויים וחללנו את שמו במעשים אשר לא יעשו ולא יאותו לקהל עדת ישראל אלא גם בתוך היכלו של מלך נהגו קלון בכבודו וכבוד שכינה...״ („חמדת ימים״, 192—193). „והן רבים עתה עם הארץ אשר חיללו תקף חיסנא של שבת בסעודות השמחים אלי גיל ישישו כי ימצאו יין להתהולל בו הלא יאמרו שקדוש היום לאלהינו נקחה יין ונסבאה שכר והיו כבלע את הקודש ביין משתיהם ואת קדוש ישראל נאצו בעסוהו בהבליהם ולא שתו אל לבבם לאמר היש ד׳ בקרבנו אם אין וימירו את כבודם... בשירי עגבים כתות כתות וחבורות וחבורות כת לצים, כת דוברי נבלה ואזני כלם אל דברי עונות אשר ידברו על כל כוס וכוס ועל כל קוץ וקוץ דברי רעתם ונבלותם ימלא שחוק פיהם... ויותר מהמה יש בני אדם מתקבצים בשבתות ובמועדים תחת כל עץ רענן מושבי בצלו באות נפשם שאפו רוח כתות כתות וחבורות חבורות כת לצים כת מספרי לה״ר כת דוברי נבלה ואזני כולם אל דברי עונות אשר ידברו ועל כל קוץ וקוץ דברי רעתם ונבלותם ימלא שחוק פיהם קול גדול ולא יסף״ (דאָרט, II, 128, 131).

# זוך־צעטל.

## רשימה פון נעמען און זאכן אין באַנד III און VI.

# אינהאַלט:

## פינפטער טייל

## דאָס איטאַליענישע יידנטום אין דער רענעסאַנס־תקופה

## דריטער קאַפּיטל



## פערטער קאַפּיטל



## פינפטער קאַפּיטל

זייט.

## זעקסטער קאַפּיטל



# זעקסטער טייל

## דער יידישער קולטורצענטער אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה.

### ערשטער קאַפּיטל



### צווייטער קאַפּיטל



### דריטער קאַפּיטל

## פערטער קאַפּיטל



## פינפטער קאַפּיטל



## זעקסטער קאַפּיטל



## זיבעטער קאַפּיטל



## אכטער קאַפּיטל